DAVID AND SYLVIA STEINER YIZKOR BOOK COLLECTION

STEVEN SPIELBERG DIGITAL YIDDISH LIBRARY
NO. 13896

# *Mława Memorial Book*

Pinḳes Mlaṿe



THE NEW YORK PUBLIC LIBRARY – NATIONAL YIDDISH BOOK CENTER
YIZKOR BOOK PROJECT

NEW YORK, NEW YORK AND AMHERST, MASSACHUSETTS

# אַלטע הײם:

ד״ר יעקב שאַצקי
ד״ר יהודה ראָזענטאַל
ד״ר זאב יוניס
אברהם דוד ווינדיצקי
דוד קרישטאָל
מ. ליבערבערג

# פון „מלאַווער פנקס"
# ביז „פנקס מלאַווע"

**ערב דער צווייטער וועלט-מלחמה איז אין מלאַווע געשאַפן געוואָרן א „פנקס קאָמיטעט" וואָס האָט זיך געשטעלט פאַר אַ ציל „אַרויסצוגעבן די היס־טאָריע פון ידן אין מלאַווע און די מלאַווער לאַנדסמאַנשאַפטן" אונטערן נאָמען : „מלאַווער פנקס".**

**די ערשטע זיצונג איז פאָרגעקומען דעם 21טן אַפּריל 1939.**

**זאָלן דאָ אויך פאַרצייכנט ווערן די נעמען פון די, וואָס זיינען אַריין אין דעם דאָזיקן קאָמיטעט.**

משה אַפּאָטאָווסקי, פּיזול אַפּאָטאָווסקי, ישראל אַלעקסאַנדראָוויטש, פּנחס אוללערט, דוד ביעזשונסקי, מענדל ווישינסקי, מרדכי וואָלאַרסקי, אלתר זעל־וויאַנסקי, ישראל חייקא, משה לאַסקא, גרשון ליכטענשטיין, מ. ליבערבערג, זישע מייזליש, אַדוואָקאַט אברהם סאָלאָמאָן, א. ל. פרייד, שמואל פערעלבערג, שמואל פאָזנער, אביגדור ציטרין, משה ציטרין, אברהם ריבאַק און הרב מגר. י. י. שענקער.

**גלייכצייטיק זיינען געשאַפן געוואָרן צוויי „לאָקאַלע" קאָמיטעטן פון מלאַווער ידן מחוץ מלאַווע. אין וואַרשע האָבן** יקיר וואַרשאַווסקי, ד"ר גרשון פרענקעל, מגר. י. צוקערקאָרן און נח ראָמאַנער — **געשאַפן אַ „פנקס־קאָמיטעט !"**

**דער צווייטער קאָמיטעט איז געשאַפן געוואָרן אין ניו־יאָרק. אין אים זיינען געווען טעטיק :** בעסי טיקולסקי, הערי מינץ, מרדכי קליינבאַרט, ט. וועגדי, סאל אַלטער און בערל קאָהן.

**דער מלאַווער קאָמיטעט איז תיכף צוגעטראָטן צו דער אַרבעט. קודם־כל איז געווען נויטיק אויפצוקלערן די וויכטיקייט פון אַ „פנקס" פון שטאַנדפּונקט פון ידישער געזעלשאַפטלעכער חשיבות. די דאָזיקע אַרבעט האָבן געטאָן** פּיזול אַפּאָטאָווסקי, משה לאַסקא, זישע מייזליש, יוסף ראַדזאַק **און אַנדערע.**

**כמעט אַ גאַנצן נומער פון „אונדזער עכא" (מלאַווער נומער 7־8, 28טן אַפּריל 1939), איז אָפּגעגעבן דער וויכטיקייט פון אַ מלאַווער פנקס.**

**פּיזול אַפּאָטאָווסקי האָט קלאָר פאָרמולירט די דאָזיקע אויפגאַבע. עס איז נישט**

סתם אַן אַקאַדעמישער ענין — האָט ער געשריבן, עס איז אַ פראַגע פון אַ ראַטעווען אונדזערע גייסטיקע אוצרות פון אונטערגאַנג!

עס איז נישט קיין לייכטע אויפגאַבע — האָט ער מיט רעכט צוגעגעבן.

„נישט אַלע מקורים און אַרכיוון זיינען צוטריטלעך צו די זאַמלער — האָט ער געשריבן — די אַרבעט פאַרלאַנגט פיל דורכגעטראַכטקייט און גרויסע פאַראַנטוואָרטלעכקייט". אַן אַנדער מלאַווער טוער האָט דעם גאַנצן ענין אַוועק־געשטעלט אַ סך ברייטער. עס איז אַ ייִדיש־פּוילישער ענין. מען דאַרף זוכן אין עבר, ווייל דאָרטן געפינט מען „גייסטיקע ווערטן", וואָס זיינען נויטיק פאַר דעם איצטיקן דור. פון דעם אַרטיקל פון בערל קאַהן, דעם דעמאָלדיקן סעקרעטאַר פון מלאַווער פּנקס־קאָמיטעט אין ניו־יאָרק, דערוויסט מען זיך זייער אַ אינטערעסאַנטן פרט, וואָס איז וויכטיק פאַר דער געשיכטע פון דער אידעע פון אַ מלאַווער פּנקס. ער שרייבט אַז „קרוב צו צוויי צענדליק יאָר ווערט שוין אין ניו־יאָרק־מלאַווע גערעדט און דעבאַטירט וועגן אַרויסגעבן אַ בשותפותדיקן מלאַווער לאַנדסמאַנשאַפט־פּנקס".

פון דעם פּלאַן איז אָבער גאָר נישט געוואָרן. אין יאָר 1938 איז אָבער דער־געדאַנק אויפסניי אויפגעלעבט געוואָרן. די גרופּע וואָס איז געווען אַרום דעם וואָכנבלאַט „אונדזער עכאָ" האָט זיך געווענדט צו די אַמעריקאַנער לאַנדסלייט מיט דער בקשה העלפן איר רעאַליזירן דעם פּלאַן פון אַ „פּנקס".

עס איז אין ניו־יאָרק געשאַפן געוואָרן אַ קאָמיטעט פון די סאַמע חשובסטע מלאַווער לאַנדסלייט. דער אינטערעס פאַר אַזאַ אויסגאַבע איז בפירוש געווען.

טעאָרעטיש האָט מען אין אַמעריקע דעם גאַנצן ענין גוט תופס געווען און אינטעליגענט פאָרמולירט.

עס האָט אויך נישט געפעלט דער אַרגומענט פון אַ פּסיכאָלאָגישער נויטווענ־דיקייט אין „היינטיקער פינצטערער צייט" — ווי איינער פון די שרייבער באַמערקט (בערל קאַהן) — אַז אַזאַ בוך זאָל געבן מער „באַוואוסטזיין" דעם מלאַווער ייִדן, וואָס איז צעוואָרפן איבער אַלע לענדער פון דער גאָרער וועלט.

אויך דער פּראָגראַם איז אָנגעצייכנט געוואָרן מיט אַ סך קלאָרקייט און פאַר־שטענדעניש פאַר אַזאַ קאָלעקטיוו ווערק.

און אין אַרטיקל איז אַפילו פאַראַן אַ מין פּחד פאַרן ייִדישן מאָרגן און דעריבער ווערט די דאָזיקע שטימונג אַריינגעבראַכט ווי אַ וויכטיקע ראיה פאַר דער נויט־ווענדיקייט וואָס שנעלער צוצוטרעטן צו דער אַרבעט אַרום דעם פּנקס.

שרייבט יעקב ראַדאַק אַזוי:

„שוין צוליב דער אַלגעמיינער שווערער לאַגע איבער דער גאָרער וועלט, וואָס ברענגט טאָג־טעגלעך ידיעות פון נייע גזירות און רדיפות, מוזן מיר דעם פּנקס שאַפן און עטאַבלירן. קיינער פון אונדז ווייס נישט וואָס דער מאָרגנדיקער טאָג וועט חלילה ברענגען".

און דער טאָג איז געקומען און די „חלילה" איז געבליבן הענגען אין... חלל פון אונדזער לעבן.

די אידעע וואָס איז לויט ט. וואַנדיס עדות שוין געווען רייף אין יאָר 1921 און אַרומגערעדט מיט יוסף אַפּאָטאָשו, דעם „אַמבאַסאַדאָר" פון מלאָווע — ווערט אַ יש אין שאָטן פון דעם גרויסן נאַציאָנאַלן בראַך, וואָס קיינער האָט נישט פאָראויס־געזען און וואָס יעדער איינער איז פון אים געטראָפן געוואָרן.

אַנשטאָט אַ צירונג פאַר יענער ייִדישער היים אין מלאָווע וואָס דער „מלאָווער פנקס" האָט געזאָלט זיין, ווערט דער איצטיקער „פנקס מלאָווע", ליידער, אַ מצבה אויף דעם פאַרשטאָרבענעם עבר נישט בלויז פון מלאָווער ייִדן, נאָר פון דעם גאַנצן פוילישן ייִדנטום.

אויך די אומשטענדן אין וועלכע דער „פנקס מלאָווע" איז צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן, זיינען אַנדערע, ווי די, וואָס זיינען געווען אין 1939. קיין היסטאָרישער מאַטעריאַל איז שוין מער נישט בנמצא. עס איז אַ גרויס גליק וואָס ד"ר יהודה ראָזענטאַל האָט געראַטעוועט זיינע פאָראַרבעטן און אַזוי אַרום געקענט אָנשרייבן זיין זאַכלעכע פאָרשונג וועגן דער געשיכטע פון ייִדן אין מלאָווע. צופעליק האָבן זיך אויך אָפּגעהיט איינצלנע דאָקומענטן, וואָס ווערן געדרוקט אין דעם בוך ווי הוספות און וואָס זיינען אַ וואָגיקער, אילוסטראַטיוו־דאָקומענטאַרישער צוגאָב צו ראָזענטאַלס פּיאָנערישער אַרבעט.

על־פּי־רוב זיינען די אַרבעטן, וואָס גייען אַריין אין דעם בוך פון אַ מעמואַריס־טישן כאַראַקטער. אַנדערש האָט נישט געקענט זיין. נאָר די ניצול געוואָרענע ייִדן האָבן געקענט ווערן דער וויכטיקסטער מקור פאַר דער נייעסטער געשיכטע פון ייִדן אין מלאָווע, ווייל די געדרוקטע מקורים זיינען משמעות פאַרשוואונדן צוזאַמען מיט די ייִדן, וואָס וועגן זיי האָט זיך אין די דאָזיקע מקורים גערעדט.

לשבח צו די, וואָס באַטייליקן זיך אין דעם בוך מיט זייערע זכרונות, אַרטיקלען און אַנדערע פאָרמען פון געשריבענער דאָקומענטאַציע, מוז געזאָגט ווערן, אַז אין צענטער פון זייער שרייבן שטייט דער ייִדישער ציבור, דער כלל און נישט דער פּרט, דער יחיד, דער „איך" פון דעם שרייבער אָדער בעל־הזכרונות.

אַזוי אַרום איז געלונגען צו באַקומען אַ בילד פון ייִדישן קאָלעקטיוו אין מלאָווע אין אַלע זיינע אידעאָלאָגישע, סאָציאַלע, פּאָליטישע און אַפילו קולטור־שטייגערישע שאַטירונגען, ניואַנסן און הויפּט־שטריכן. אין דעם פּרט אַ גרויסער יישר־כוח די מלאָווער לאַנדסלייט אין מדינת ישראל, וואָס האָבן מיטן וואָגיקן מאַטעריאַל, וואָס זיי האָבן סיסטעמאַטיש צוגעשיקט אין אַ גרויסער מאָס בייגע־שטייערט צו דעם בוך. אָן זייער מיטהילף וואָלט דאָס דאָזיקע בוך נישט געקענט דערשיינען.

אין איינעם פון די אַרטיקלען, וואָס דער מלאָווער „אונדזער עכאָ" האָט גע־דרוקט אין יענעם טראַגישן יאָר 1939 איז פאַראַן אַן אינטערעסאַנטע באַמערקונג

וועגן דעם, אַז מען דאַרף אויך פֿאַראייביקן די „לאָקאַלע שפּראַכלעכע אייגנאַרטי־קייטן" פֿון מלאַווער ייִדן.

דאָס ווערט געטאָן אין דעם בוך. אין די זאַמלונגען פֿון מלאַווער ווערטער און אידיאָמען — ווערט פֿאַראייביקט די דאָזיקע אייגנאַרטיקייט, וואָס, לײדער, איז דאָס שוין באַשטימט פֿאַר דעם פֿאָרשער פֿון ייִדישער דיאַלעקטאָלאָגיע.

די צענטראַלע אַרבעט פֿון דעם בוך איז בלי־ספק די מאָנאָגראַפֿיע פֿון ד״ר יאַניש וואָס גיט אַ לעבעדיק, אַלזײטיק און אויטענטיש־אומפּאַרטייאיש בילד פֿון ייִדישן לעבן אין מלאַווע ביז דער קאַטאַסטראָפֿע פֿון 1939.

די קלענערע אַרטיקלען פֿאַרקײלעכן דאָס בילד און אַזוי אַרום ברענגען די דאָזיקע פּרט־אַרבעטן אַרויס אַ ביסל אויספֿירלעכער אייניקע געשטאַלטן אָדער געוויסע באַוועגונגען אָדער אינסטיטוציעס וואָס מלאַווע האָט פֿאַרמאָגט.

„פּנקס מלאַווע" איז נישט נאָר אַ יזכור־בוך נאָך די מלאַווער ייִדן, עס איז אויך אַ צושטײער צו דער געשיכטע פֿון ייִדן אין פּוילן. עס איז אַ בוך, אין וועלכן עס ווערט דערציילט וועגן אַ ייִדישן ישוב, וואָס האָט געהאַט אַן אייגנאַרטיק ייִדיש לעבן, זוכה געווען געבן דער ייִדישער וועלט חשובע ייִדן און וואָס האָט אין זיין נאַציאָנאַל־פֿאָקסטימלעכן כאַראַקטער איבערגעלאָזט אונדז בירושה אַ בילד פֿון אַזאַ ייִדיש שטעטל אין פּוילן.

דעריבער קען מען פֿון דעם בוך זיך אַ סך מער דערוויסן וועגן דעם לעבן פֿון דער ייִדישער פֿאָלקס־מאַסע אין פּוילן בכלל און אין די יאָרן צווישן די צוויי וועלט־מלחמות — בפּרט. די דינאַמיק איז מער ניטאָ. אַ בלאַסן אָפּקלאַנג פֿון אָט דער דאָזיקער וועלט, וואָס איז שוין מער ניטאָ — וועט דער לייענער געפֿינען אין דעם בוך. אָבער דעם ניצוץ פֿון קדושה, פֿון מסירת־נפֿש, פֿון דעם טאָג־טעגלעכן קאַמף פֿאַר ברויט און חשיבות, פֿאַר רעכט צו לעבן און פֿאַר רעכט צו זיין ייִדיש — דאָס געפֿינט זיך אויף די בלעטער פֿון דעם דאָזיקן בוך.

אויף אַזאַ אופֿן איז „פּנקס מלאַווע" לאָקאַל־ייִדיש, וואָס שייך דעם תּוכן זיינעם, אָבער אַלגעמיין־ייִדיש, וואָס שייך זיין מהות, זיין גאַנג אין ייִדישן לעבן, זיין היסטאָרישן כאַראַקטער.

זאָל דעריבער „פּנקס מלאַווע" באַטראַכט ווערן ווי אַ צושטײער צו דער גע־שיכטע פֿון ייִדן אין פּוילן, און נישט סתּם ווי אַ יזכור־ספֿר פֿאַר מלאַווער ייִדן. צוזאַמען מיט טרויער וואָס די בלעטלעך וועלן וועקן אין יעדן איינעם, וואָס וועט לייענען דאָס דאָזיקע בוך — וועט עס אָבער אויך וועקן געפֿילן פֿון אינטימער שטאָלץ פֿון דעם דערהויבענעם פֿאַקט, וואָס עס זיינען געווען אַזעלכע גאַנצע, שיינע, קריש־טאָל־ריינע, פֿאָלקסטימלעכע ייִדן, נישט נאָר שבתדיקע, נאָר אויך וואָכעדיקע. זיי האָבן געלעבט, זיינען געשטאָרבן, אומגעקומען. זיי האָבן אָבער זייער לעבן אָנגעפֿילט מיט מער גייסטיקייט, ווי די מלאַווער גויישע „מעשטשאַנעס", וואָס האָבן געהאַט אַזוי פֿיל ביטול פֿאַר דעם ייִדן. אין דעם לעצטן היסטאָרישן פּסק־דין, וואָס די

געשיכטע וועט אַמאָל אַרויסגעבן — וועט דער ייד אין פוילן, און דאָס מיינט אויך אין מלאווע — דערהויבן ווערן צו אַ סימבאָל פון הערהאישן ווידערשטאַנד, וואָס די וואַרשעווער באַריקאַדן פון פסח 1944 — זיינען געוועזן די קרוין, די כתר כהונה, פון פוילישן ייִדנטום.

צום סוף וויל איך אויסדריקן אַ האַרציקן דאַנק חבר יוסף אַפּאַטאַשו, וואָס איז פאַקטיש געוועזן מיט־רעדאַקטאָר און מיט־בויער פון דעם „פנקס מלאווע", אָן זיין הילף, מאַראַלישער און רעדאַקטאַרישער, וואָלט דאָס דאָזיקע בוך נישט צו־שטאַנד געקומען.

י. ש.

דר. יהודה ראָזענטאַל

# אַ געשיכטע פון די יידן אין מלאַווע ביז צום 19טן יאָרהונדערט

דעם ליכטיקן אָנדענק
פון מיין מוטער פייגה רבקה
פון מיין שוועסטער דבורה
פון מיין שוואָגער פייוול
פון זייערע קינדער פעסע און יצחק
און פון מיין שוועסטער שרה־גיטל
ה' ינקום דמם.

די יידישע מקורים וועגן דער געשיכטע פון די יידן אין מלאַווע ביז צום ניינצנטן י"ה זיינען זייער אָרעם. אַלטע פנקסים פון אַלטע צייטן זיינען נישט פאַרבליבן. דער עלטסטער פנקס פון דער מלאַווער חברה קדישא וואָס איז מיר אויסגעקומען צו זען אין זומער 1934 איז געווען פון יאָר תרי"ט (1859). אין דעם דאָזיקן פנקס איז געווען באַמערקט: „ולאשר הפנקס מהחברה אשר שם היו נקובים בשמותם כל בני החברה גם התקנות והנהגות המבוארים שמה נאבד מאתנו"... פון דעם זעען מיר אַז די מלאַווער חברה קדישא האָט געהאַט נאָך אַן עלטערן פנקס, וואָס איז אין יאָר 1859 שוין געווען פאַרלוירן.

אין זומער 1934 איז אַ קאָמיסיע אין וועלכער איך האָב זיך באַטייליקט אַרויס אין אַ זונטיק אויפן אַלטן בית החיים זוכן אַלטע מצבות. פון די צוויי עלטסטע מצבות וואָס מיר האָבן געפונען האָט איינע געהאַט אַ דאַטע תקמ"ח (מעגלעך אויך תקס"ח) ד"ה 1788 אָדער 1808 און די צווייטע די דאַטע תקע"ב ד"ה 1812.

אין מלאַווע פלעגט מען דערציילן אַז דער באַקאַנטער צדיק רבי לוי יצחק פון באַרדיטשעוו האָט אַמאָל פאַרבראַכט אין שטאָט עטלעכע טעג. אין יענער צייט

האָבן יידן נאָך געוואוינט אויסער דער שטאָט, אויף זאַבראַדי, אויפן באָדן פון סטאַראָסטע, וואָס ליגט נאָך ביז היינט אויסער דער שטאָט און איז געווען באַוואוינט אין די לעצטע צייטן נאָר דורך קריסטן. דאָרט האָט זיך ביז דער ערשטער וועלט־מלחמה דערהאַלטן אַ קליין שולעכל וואָס איז געווען זייער פאַרהייליקט ביי די מלאַווער יידן. אין די ימים נוראים פלעגן דאָרט אַ סך יידן אַרויסקומען פון שטאָט דאַוונען, כאָטש עס איז געווען פאַרבונדן מיט סכנות. מלאַווער יידן האָבן געוואָלט דאַוונען דאָרט וואו עס האָט אַמאָל געדאַוונט רבי לוי יצחק.

רבי לוי יצחק האָט געקאָנט זיין אין מלאַווע נאָר אין די יאָרן 1772־1785, ווייל אין יענע יאָרן איז רבי לוי יצחק געווען רב אין זשעליכאָוו (זעליכאָווע) ביי מאָקאָווע ד״ה צווישן זיין רבנות אין פינסק און זיין רבנות אין באַרדיטשעוו. עס איז מעגלעך אַז רבי לוי יצחק האָט זיך אויף זיין רייזע קיין וואַרשע וואו ער האָט געפירט דעם באַקאַנטן וויכוח מיטן בריסקער רב רבי אברהם קאַצענעלנבאָגן אין אַ פּראַגער שול זיך אָפּגעשטעלט אין מלאַווע אויף עטלעכע טעג *).

די מלאַווער יידן האָבן אויך געוואוסט צו דערציילן וועגן צוויי אַלטע בתי קברות פון וועלכע ס'איז שוין נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה קיין זכר נישט געבליבן. אין דאָרף שידלאָווע אויפן וועג פון מלאַווע נאָך טשעכאַנאָווע, אַ 5 קי־לאָמעטער פון מלאַווע געפינט זיך אַ פּלאַץ, וואָס די גויים רופן קירקוט ד״ה אַ יידישער בית־עולם. אַ צווייטער בית־עולם האָט זיך געפונען אַמאָל אויף דער וואַיטוסטווע ד״ה אויף אַ פּלאַץ וואָס האָט אַמאָל געהערט צום וואַיט פון שטאָט. נאָך צום סוף פון 19־טן י״ה איז געווען אַ מנהג אין מלאַווע צו גיין תשעה באָב און עשרת ימי התשובה אויפן דאָזיקן פּלאַץ אַרומרינגלען עס און זאָגן תהלים (1). בפרט האָט מען דאָס געטאָן אין אַן עת צרה. עטלעכע יאָר פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט מען געפונען אויף דער וואַיטוסטווע ביים גראָבן ביינער פון מתים, מען האָט זיי אַריבערגעפירט אויפן נייעם בית־עולם, וואָס מען האָט מחנך געווען אין יאָר תרמ״ב (1882).

פון מיין קרוב יהודה לייביש הײנסדאָרף הי״ד האָב איך אַמאָל געהערט אַז ער האָט געזען אַלטע יידישע דאָקומענטן (מסתמא אַ גט אָדער אַ כתובה) וואו מלאַווע איז געווען באַצייכנט „מלאַווע הסמוכה לשרענסק״. פון דערפון קאָן מען זען אַז מלאַווע איז אַמאָל געווען גאָר אַ קליינע יידישע קהילה.

דאָס איז אַלעס וואָס מיר איז געלונגען צו זאַמלען פון דער מינדלעכער טראַ־דיציע וועגן דער געשיכטע פון די יידן אין מלאַווע אין גאָר אַלטע צייטן. ווי מען זעט איז די דאָזיקע טראַדיציע גאָר אַ יונגע און נישט פון גרויסן באַטייט. פאַר אונדזער אַרבעט האָבן מיר געמוזט צוליב דעם זיך סומך זיין אויף נישט־יידישע מקורים (2).

די שטאָט מלאַווע איז געווען ביזן יאָר 1764 אַ סטאַראָסטווע ד״ה דער זיץ־אָרט פון אַ סטאַראָסטע, אָבער אַן אַ פעסטונג. די פעסטונג גראַד איז געווען

אין פּלאָצק. די שטאָט־ביכער זיינען פאַרבליבן בלויז פון יאָר 1674 אָן און זיי געפינען זיך אין שטאַטישן אַרכיוו אין וואַרשע. נאָר די צעכן־ביכער זיינען געווען אַמאָל אין מלאַווער מוזיי. חוץ זיי איז אין מלאַווע נישט געווען קיין שום אַרכיוו־מאַטעריאַל. די ביכער פון פּלאָצקער גראָד זיינען נאָך נישט באַאַרבעט געוואָרן. אויך דער אַרכיוו־מאַטעריאַל פון די סיימיקעס פון דער פּלאָצקער וואָיעוואָדסטווע איז נאָך נישט גענוג אויסגעפאָרשט געוואָרן. בכלל מוז מען געדענקען, אַז די היסטאָריאָגראַפיע פון מאַזאָוויע איז פאַרנאַכלעסיקט געוואָרן פון דער פּוילישער וויסנשאַפט און ׳ דאָס שטערט אויך דעם יידישן היסטאָריקער, וואָס וויל אַרבעטן איבער דער געשיכטע פון די יידן אין מאַזאָוויע.

די גרעסטע יידישע קהילה אין דער פּלאָצקער וואָיעוואָדסטווע איז געווען פּלאָצק. וועגן יידן אין פּלאָצק הערן מיר שוין אין יאָר 1237 (3). אויסער פּלאָצק זיינען געווען אין דער פּלאָצקער וואָיעוואָדסטווע נאָך צוויי יידישע קהילות: פּלינסק און מלאַווע. דעם ערשטן אָרט נאָך פּלאָצק פאַרנעמט מלאַווע. אין 16־טן י״ה איז שוין מלאַווע געווען אַ וויכטיקער האַנדלס־צענטער, בפרט אין דער צווייטער העלפט פון דעם 16־טן י״ה, אין איר גאָלדענער תקופה.

מלאַווע ליגט ביי דער פּרייסישער גרענעץ. דער האַנדל מיט פּרייסן איז געווען גרויס. דורך מלאַווע פלעגן דורכגיין דער האַנדל מיט בהמות, וואָס מען פלעגט פאַרקויפן נאָך פּרייסן. די מלאַווער ירידים זיינען געווען באַקאַנט אין דער גאַנצער סביבה.

אַלטע האַנדלס־וועגן זיינען דורכגעגאַנגען דורך מלאַווע במשך פון יאָרהונדערטער. דאָס זיינען געווען: 1. דער דרומדיקער וועג, וואָס האָט געפירט איבער טשעכאַנאָווע קיין זאַקראָטשים, ביי דער ווייסל. דער וועג איז אַרויסגעגאַנגען פון דער וואַרשעווער גאַס (אַמאָל די יידישע גאַס). 2. דער מזרחדיקער וועג, אַן אָפּצווייג פון דרומדיקן, האָט געפירט קיין פּראַשניץ, מאַקאָווע, לאָמזשע און ווייטער. דאָס איז זייער אַן אַלטער וועג. אויף אים איז געגאַנגען די עקספּאַנסיע פון מזרח. וויטאָלדס חיילות נאָכן נצחון ביי גרונוואַלד (1414) און די רויטע אַרמיי אין יאָר 1920 האָבן מיט דעם וועג זיך צוריקגעקערט קיין מזרח. 3. דער צפון־וועג, דער וועג וואָס פירט קיין מזרח־פּרייסן, איבער ניידענבורג. 4. דער וועג, וואָס פירט קיין פּלאָצק.

אויסער די דערמאָנטע וועגן האָבן זיך נאָך אַנדערע וועגן געקרייצט אין מלאַווע. די דאַנציקער סוחרים פאַרנדיק קיין פּוילן פלעגן דורכפאָרן מלאַווע. נאָך אין דער צווייטער העלפט פון 17־טן י״ה איז דער וועג פון וואַרשע נאָך דאַנציק געגאַנגען דורך מלאַווע.

אויף דער פראַגע פון וואַנען און ווען זיינען יידן געקומען קיין מלאַווע, קאָן מען קיין קלאָרע תשובה נישט געבן. דערפון וואָס אין פּלאָצק האָבן שוין געלעבט יידן אין 13־טן י״ה קען מען נישט אַרויסדרינגען אַז אויך אין מלאַווע האָבן זיך

שוין יידן באַזעצט אַזוי פרי. אין פלאַצק האָבן געוואוינט פירשטן, פלאַצק איז געווען דער זיץ־אָרט פון אַרציבישאָף איז דאָרט אויך געווען פלאַץ פאַר יידישע פראַצענטניקעס און סוחרים. אָבער מלאַווע וואָס אירע פריווילעגיעס האָט זי באַקומען ערשט אין יאָר 1429 און וועגן איר פונאַנדערוואַקסן הערן מיר ערשט אין 16־טן י״ה איז שווער צו גלויבן אַז יידן זאָלן זיך האָבן דאָרט באַזעצט אַזוי פרי ווי אין פלאַצק.

אמת, אין נאָנטן טשעכאַנאָווע הערן מיר וועגן יידן שוין אין יאָר 1486, אָבער אין טשעכאַנאָווע איז געווען אַ פעסטונג און פון צייט צו צייט פלעגט דאָרט וואוי־נען אַ פירשט. און חוץ דעם הערן מיר נאָר וועגן יחידים וואָס זיינען אַנטלאָפן פון וואַרשע נאָכן גירוש פון יאָר 1454 און האָבן געפונען שוץ אין טשעכאַנאָווע.

אומדירעקט הערן מיר וועגן יידן אין מלאַווע אין ערשטן דריטל פון 16־טן י״ה, פון די באַשולדיקונגס אַקטן קעגן דעם קריסטלעכן דאָקטאָר בראַזיוס אין יאָר 1515. דער דאָזיקער דאָקטאָר איז באַשולדיקט געוואָרן אין „יודאַאיזירן״ ד״ה אין נייגונגען צום יידנטום. ער האָט אָפּגעהיטן די יידישע ימים טובים און אַנדערע יידישע מנהגים. מען מוז אָננעמען אַז ער איז געשטאַנען אונטערן יידישן איינ־פלוס. לכן, יידן האָבן שוין דעמאָלט געוואוינט אין מלאַווע (3א).

דירעקט הערן מיר וועגן יידן אין מלאַווע אין יאָר 1543. אין דאָזיקן יאָר האָט דער פרנס פון דער יידישער קהילה אין מלאַווע מיטן נאָמען ברכיה אָדער ברוך (אין פויליש באַגוסלאַוו) צוזאַמען מיט דעם פרנס פון דער פלאַצקער קהילה, דעם דאָקטאָר לעוועק, געלאַזט אַריינשרייבן אין די פלאַצקער גראַד־אַקטן דעם דעקרעט פון פוילישן מלך זיגמונט דעם ערשטן פון ערשטן אויגוסט 1541 וועגן ריטועלע פראַצעסן קעגן יידן (4). פון דערפון קאָן מען זען אַז אין יאָר 1543 האָט שוין מלאַווע געהאַט אַ יידישן ישוב און אַ פרנס וואָס האָט זיך געזאָרגט וועגן כלל ענינים.

אין יאָר 1562 האָט דער יידישער אַרענדאַר פון מלוכהשע שטייערן, יצחק בראַדאַווקאַ, איינער פון די רייכסטע יידן פון יענער צייט, וואָס האָט אַרענדירט די עפנטלעכע שטייערן אין ליטע, פוילישע פרייסן, מאַזאָוויע און קויאַווע געלאַזט אַריינשרייבן אין די פלאַצקער גראַדאַקטן אַן אייזערנעם בריוו (סאַלוואוס קאַנדוקטוס) פאַר זיך און זיינע מענטשן, וואָס איינער פון זיי איז געווען יונה פון מלאַווע (5).

אין יאָר 1564 געפינען די באַאַמטע פון מלוכה־אוצר, די לוסטראַטאָרן אין מלאַווע 5 יידישע הייזער און אויסער דעם 3 יידישע לאָקאַטאָרן (קאָמאָרניצי) (6) אויב מיר זאָלן אָננעמען דר. שיפּערס מאַסשטאַב וועגן דער צאָל פון יידן אין יענער תקופה האָבן זיך דעמאָלט געפונען אין מלאַווע 23 יידישע משפחות (7). זיי האָבן געצאָלט שטייערן צו איין פונט פעפער פון יעדער משפחה און חוץ דעם די גאַנצע קהילה 10 גילדן און 15 גראָשן. לויטן געזעץ האָבן זיי דעמאָלט געדאַרפט צאָלן שטייערן 1 גילדן פון אַ קאָפּ אַריינרעכענענדיק קינדער אָן אונטערשייד פון

געשלעכט. אָבער פאַקטיש איז נישט געווען קלאָר אויב מען ברויכט צאָלן אין גילדן פון אַ משפחה אָדער פון קאָפּ (8).

אין יאָר 1569 האָט דער מלך זיגמונד אויגוסט געגעבן אַ מתנה זיין פריינד סטאַניסלאַוו אָלשעווסקי 50 גילדן פון די יידישע שטייערן פון 23 שטעט אין גרויס־פוילן און מאַזאָוויע. צווישן די שטעט ווערט אויך אויפגעציילט מלאַווע (9).

אין יאָר 1578 האָט די יידישע קהילה אין מלאַווע באַצאָלט שטייערן 34 דוקאַטן (גאָלדענע גילדן) כמעט 3 מאָל אַזוי פיל ווי אין יאָר 1569 (10). וואָס פאַר אַ סיבות עס האָבן גורם געווען דעם וואוקס פון די שטייערן, צי דער יידישער ישוב איז גרעסער געוואָרן במשך פון די 9 יאָר אָדער מען האָט די יידן געהעכערט די שטייערן איז שווער פעסטצושטעלן.

עס איז אינטערעסאַנט צו פאַרגלייכן די שטייערן פון די מלאַווער יידן מיט די שטייערן פון די שכנותדיקע שטעט. די פּלאָצקער יידן האָבן געצאָלט אין 1578: 124 דוקאַטן; פּלאָנסקער יידן — 24; טשעכאַנאָווער — 11. פון פּראַשניץ זיינען די יידן דעמאָלט אַרויסגעטריבן געוואָרן. די דאָמיניקאַנער האָבן אויף דעם יידישן פּלאַץ אויפגעבויט אַ קלויסטער.

פון דעם פאַקט וואָס די גאַנצע פּלאָצקער וואָיעוואָדסטווע האָט אַריינגעבראַכט 314 דוקאַטן שטייערן פון יידן קאָן מען זען אַז אויסער פּלאָצק, מלאַווע, פּלינסק און טשעכאַנאָווע האָבן יידן שוין געוואוינט אויך אין אַנדערע קלענערע שטעטלעך און דערפער. עס האָט זיך שוין אָנגעהויבן דער פּראָצעס פון וואַנדערן פון די מלוכהשע שטעט אין די פּריוואַטע שטעט און דערפער. מלאַווע הויבט אָן דעמאָלט צו פאַלן. אין יאָר 1569 האָבן די לוסטראַטאָרן געפונען אין מלאַווע 424 הייזער און 22 ליידיקע פּלעצער. אָבער אין יאָר 1616 געפינען זיי שוין נאָר 316 הייזער און 85 ליידיקע פּלעצער. (11). אויך די צאָל פון די יידן הויבט אָן צו פאַלן. אין יאָר 1616 געפינען די לוסטראַטאָרן אין מלאַווע נאָר צוויי יידישע הייזער און צוויי יידישע לאָקאַטאָרן. נאָך שיפּערס ציילונגס־מעטאָד אומגעפער 10 משפחות (12). דאָס איז אָבער נישט קיין באַוויז אַז די צאָל יידן איז באמת קלענער געוואָרן. אַ סך יידן האָבן זיך מסתמא אַרויסגעצויגן פון שטאָט און זיך באַזעצט אין די דערפער. חוץ דעם ווילן אַ סך יידן אויסמיידן די שטאָטישע יוריסדיקציע איבער זיי און באַזעצן זיך הינטער דער שטאָט אויפן באָדן פון סטאַראָסטעס. זיי קאָנצענטרירן זיך אויף זאַבראָדי, נישט ווייט פון סטאַראָסטעס וואוין אָרט.

צו דער עלטסטער תקופה פון יידישן ישוב אין מלאַווע געהערט מסתמא דער בית־הקברות פון דער וואָיטוסטווע, וואָס האָט זיך געפונען אויף שטאָטישן באָדן.

כאָטש דער ישוב אין מלאַווע גופא ווערט קלענער, האָבן די יידן די שטאָט נישט פאַרלאָזן. עס דערגייען צו אונדז קלאַנגען וועגן זיי אין משך פון גאַנצן י״ה. אין יאָר 1661 פאַרצייכענען די לוסטראַטאָרן די יידישע שטייערן. יעדער ייד האָט דעמאָלט געצאָלט אַ פונט פעפער און 15 גראָשן שטייערן (12). עס איז

אינטערעסאַנט צו פאַרגלייכן די יידישע שטייערן מיט שטייערן וואָס די קריסט־לעכע באַפעלקערונג האָט געצאָלט. אַ קריסטלעכער בעל מלאכה האָט געצאָלט נאָר 9 גראָשן אַ יאָר שטייערן (13).

עס איז געווען נאָך די גזירות ת״ח ות״ט און נאָך דער צווייטער פויליש־שוועדישער מלחמה. די שטאָט איז אין יאָר 1659 פאַרברענט געוואָרן. די מלאַווער יידן האָבן דעמאָלט געליטן צוזאַמען מיט אַלע אַנדערע פוילישע יידן. אין ליפּנע און אין טשעכאַנאָווע האָבן טשאַרנעצקיס באַנדעס אויסגעמאָרדעט כמעט די גאַנצע קהילה (14). נאָך די מלחמות האָבן זיך פאַרמערט די רדיפות קעגן יידן. מ׳האָט זיי חושד געווען אין פאַרראַט קעגן פוילן. אין דאָברזשין האָט מען געמאַכט אויף יידן אַ בלבול אַז זיי האָבן אונטערגעצונדן דעם קאָשטשיאָל. בכלל האָבן זיך דעמאָלט געמערט פאַרשיידענע בלבולים קעגן יידן (15).

אויך אין מלאַווע האָט מען אין יאָר 1670 *) געמאַכט אַ בלבול אויף די יידן אַז זיי האָבן אַנגערעדט אַ קריסטין זי זאָל אַרויסגנבענען די האָסטיע פון קאָשטשאָל. די יידן האָבן זי דורכגעשטאָכן און באַשמוצט. עס איז אינטערעסאַנט, אַז די מלאַווער יידישע ווי אויך די קריסטלעכע טראַדיציע ווייס וועגן דעם דאָזיקן בלבול גאָר־נישט. סטאַשעווסקי און אָסטאַשעווסקי, די צוויי היסטאָריקער פון מלאַווע וויסן גאָרנישט וועגן דעם. דער בלבול איז פאַרצייכנט אין באַקאַנטן בוך פון גלח סטעפאַן זשוכאָווסקי, וואָס האָט געשפּילט אַ טרויעריקע ראָלע אין דעם צויזמירער פּראָצעס פון יאָר 1698. זשוכאָווסקי האָט פאַרצייכנט אין זיין בוך 70 בלבולים קעגן יידן און צווישן זיי אויך דעם מלאַווער בלבול. ער ווייס אויך צו דערציילן וועגן פאַרשיידענע ניסים, וואָס די האָסטיע האָט באַוויזן (16).

אין יאָר 1692 איז מלאַווע פאַרברענט געוואָרן צום צווייטן מאָל און איר מצב איז נאָך מער געפאַלן. די שיקאַנעס קעגן יידן מערן זיך. זייערע רעכט ווערן באַשרענקט. פון יענער צייט איז די פאַראָרדענונג פון פלאָצקער וואָיעוואָדע, אַז יידן טאָרן מער נישט פאַרדינען ווי דריי פּראָצענט פון די פאַרקויפטע סחורות. קריסטן אָבער מעגן פאַרדינען זיבן פּראָצענט.

וועגן דעם געפאַלענעם קולטורעלן מצב פון דער שטאָט זאָגן אויך עדות די פּראָצעסן קעגן מכשפות אין סוף פון 17־טן י״ה. דער באַרימטסטער פּראָצעס איז פון יאָר 1689. עס זיינען דעמאָלט פאַרמשפּט געוואָרן צום פאַרברענען 10 מכשפות. בכלל האָבן דעמאָלט די שטאָט־ריכטער אַרויסגעגעבן אָפט טויט־שטראָפן.

דער צענטער פון יידישן ישוב האָט זיך דעמאָלט געפונען אויסער דער שטאָט. אַ סך יידן האָבן געוואוינט אין די שכנותדיקע דערפער. דער בית הקברות אין שידלאָווע איז מסתמא פון יענע צייטן. אין מלאַווע גופא האָט געלעבט אַ קליינער ישוב אויף דעם באָדן פון סטאַראָסטע, וואָס האָט געהייסן זאַבראָדי.

ביז צו דער מיט פון 18־טן י״ה פלעגן מלאַווער יידן צוזאַמען מיט די יידן

פון די אַרומיקע שטעטלעך געהערן אין אַלע פראַגן פון יידישער זעלבסטפאַרוואַלטונג צו טשעכאַנאָווע. אין טשעכאַנאָווע האָבן זיי באַצאָלט זייערע שטייערן. די יוריסדיקציע איבער אַלע יידן איז אויך געלעגן אין די הענט פון טשעכאַנאָווער קהל. טשעכאַנאָוו פלעגט שיקן שליחים צום ועד אַרבע ארצות אויף די ירידים אין לובלין און יאַראָסלאַוו. אין יאָר 1753 באַקלאָגט זיך אברהם לייזעראָוויטש פון טשעכאַנאָווע פאַר די מלוכהשע שטייער־באַאַמטע אויפן יאַריד אין יאַראָסלאַוו אַז די מאַקאָווער, מלאַווער, פלינסקער און נאָשיצער (?) יידן האָבן זיך אָן שום סיבה אָפּגעזונדערט פון טשעכאַנאָווער קהילה און חוץ דעם האָבן זיי נאָך פאַרכאַפּט אַנדערע קלענערע ישובים, וואָס האָבן אַמאָל געהערט צו טשעכאַנאָווע (17).

ביז צו די 70־קער יאָרן פון 18־טן י״ה הערן מיר וויניק וועגן די מלאַווער יידן. מלאַווע איז דעמאָלט געווען אַ קליין אָרעם שטעטל און האָט נישט געשפילט קיין שום ראָלע.

אין יאָר 1710 האָט די שטאָט איינגענומען אַ געוויסער קראַיעווסקי, אַן אָנהענגער פון מלך לעשטשינסקי. דער מלאַווער סטאַראָסטע האָט געשטיצט דעם מלך אויגוסט דעם צווייטן. קראַיעווסקי האָט פאַריאָגט דעם סטאַראָסטע און דאָס אָרעמע שטעטל האָט געמוזט באַצאָלן צען טויזנט גילדן קאָנטריבוציע.

אין די 70־קער יאָרן איז פריש אויסגעבראָכן דער סכסוך צווישן די שטאָט־איינוואוינער און דעם סטאַראָסטע. דער סטאַראָסטע האָט באַלאַגערט די שטאָט. די שטאָט־בעלי־בתים האָבן געשיקט אַ דעלעגאַציע צום מלך און אין יאָר 1775 איז קיין מלאַווע געקומען אַ ספּעציעלע קאָמיסיע כדי אויסצוהערן די אָנקלאַגעס פון די שטאָט־בעלי־בתים קעגן סטאַראָסטע. די קאָמיסיע האָט זיך געשטעלט אויף דער זייט פון דער שטאָט. מיט דער דאָזיקער געלעגנהייט האָבן זיך געוואָלט באַנוצן די שטאָט־בעלי־בתים כדי פּטור צו ווערן פון די יידן. די שטאָט־פירער האָבן דערקלערט אַז לויט די אַלטע מאַזאָווער פּריווילעגיעס Exceptae ducatu Masoviae טאָרן יידן נישט וואוינען אין מאַזאָוויע. אויך די סינאָדן פון דעם קאַטוילישן קלער האָבן אָנגענומען באַשלוסן אַז מ׳זאָל יידן נישט דערלויבן צו וואוינען אין מאַזאָוויע (18). דעריבער פאַרלאַנגען די שטאָט־פירער אַז מ׳זאָל יידן אַרויסטרייבן פון מלאַווע. די קאָמיסיע האָט מסכים געווען מיט די פאָדערונגען פון דער שטאָט און האָט באַפוילן די יידן פאַרלאָזן די שטאָט.

דער באַפעל פון דער קאָמיסיע איז אין אָנהייב געבליבן אויפן פּאַפּיר. נאָך אין אַ יאָר אַרום, אין יאָר 1776 ווען עס איז אויסגעבראָכן אַ שרפה אויף דער יידישער גאַס (היינט וואַרשעווער גאַס) און די גאַנצע שטאָט איז פאַרברענט געוואָרן האָבן די לעצטע יידן פאַרלאָזט די שטאָט. אַ טייל האָט זיך באַזעצט אין שידלאָווע און אַ טייל אויפן באָדן פון סטאַראָסטע אויף זאַבראָדי.

לויט דער לוסטראַציע פון יאָר 1765 האָבן זיך אין מלאַווע געפונען 15 יידישע

הייזער און 7 לאָקאַטאָרן ד״ה לויט שיפּערס רעכענונגס־מעטאָד אַ 70 פאַמיליעס. אין מלאווע צוזאַמען מיט דער גאַנצער אומגעבונג האָבן זיך דעמאָלט געפונען 487 יידן (19).

די שטאָט גופא איז געווען דעמאָלט זייער אָרעם און אַראָפּגעקומען. אין יאָר 1781 האָבן די לוסטראַטאָרן געפונען אין מלאווע נאָר 83 הייזער און 718 איינוואוינער (20).

דעם 15־טן יאַנואַר 1785 האָט מען אין מאַרק פאַרן ראַטהויז געקעפּט אַ קריסט פאַר הרגענען אַ ייד. די פּוילישע געשיכטע־שרייבער פון מלאווע קענען דעם לעצטן סטאַראָסטע פון מלאווע וואָס האָט אונטערגעשריבן דעם טויטאורטייל (זיין נאָמען איז געווען אַדאַם פּיאָטראָוויטש) נישט מוחל זיין דעם חטא פון פאַראורטיילן צום טויט אַ מערדער פון אַ ייד.

אין יאָר 1793 אין דער צייט ווען מלאווע איז איינגענומען געוואָרן נאָך דער צווייטער צעטיילונג פון פוילן פון די פּרייסן, פיגורירט זי ווי אַ שטאָט וואָס האָט די פּריווילעגיע de non tolerandis Judaeis און ווי אַ שטאָט אָן יידן (21). אָבער באמת האָט אין מלאווע אויף זאַבראַדי דעמאָלט געלעבט אַ היפּשע יידישע קהילה.

אויף דער פראַגע פון די אַלטע מאַזאָווער פּריווילעגיעס, וואָס אויף זיי האָט זיך געשטיצט דער פּריווילעג פון מלאווע de non tolerandis Judaeis מוזן מיר זיך באריכות אָפּשטעלן.

אין מאַזאָוויע באַזעצן זיך די יידן שפּעטער ווי אין די אַנדערע טיילן פון פוילן. דאָס איז געשען צוליב פאַרשיידענע סיבות. די וויכטיקסטע זיינען: די פּאָליטישע זעלבסטשטענדיקייט מיט אַן אייגנאַרטיקער פּאָליטישער טראַדיציע פון מאַזאָוויע, ווירטשאַפטלעכע אָפּגעשטאַנענקייט און האַרטנעקיקער ווידערשטאַנד פון דער קאַטוילישער קירך.

ביזן יאָר 1526 איז מאַזאָוויע געווען אַן אומאָפּהענגיק פירשטנטום. דער צוזאַמענבונד מיט דער קרוין (קאָראָנע) איז געווען אַ שוואַכער. די מאַזאָווער פירשטן האָבן אָנערקענט די העכערע מאַכט פון די פּוילישע מלכים איבער זייער לאַנד און פון דער העלפט פון 14־טן י״ה אָן האָבן זיי געשוואוירן טריִהייט צו די מלכים, אָבער ביז צום יאָר 1526 האָבן זיך די פּוילישע מלכים נישט גערופן מלכים פון מאַזאָוויע.

די פּוילישע מלכים האָבן געוואַרט אויף אַ גינציקן מאָמענט בכדי איינצוגלידערן מאַזאָוויע אין דער קרוין. דער פּראָצעס האָט זיך נאָך אָנגעהויבן אין 15־טן י״ה. יעדעס מאָל ווען עס איז געשטאָרבן אַ מאַזאָווער פירשט אָן קינדער, גלידערן די מלכים איין זיין לאַנד אין דער קרוין. אַזוי זיינען אין יאָר 1462 איינגעגלידערט געוואָרן די קרייזן ראַוואַ און גאָסטינין. אין יאָר 1464 סאָכאַטשעוו, אין יאָר 1495 פּלאָצק.

די שליאַכטע פון די דאָזיקע מאַזאָוויער וואָיעוואָדסטוועס איז מיט אירע פּריווילעגיעס אויסגעגליכן געוואָרן מיט דער איבעריקער שליאַכטע פון גאַנץ פּוילן. עס זיינען אין מאַזאָוויע איינגעפירט געוואָרן די פאָרמעס פון מלוכהשער אַדמיניסטראַציע און יוריסדיקציע פון גאַנץ פּוילן. אָבער דער גרעסטער טייל פון מאַזאָוויער פירשטנטום איז איינגעגלידערט געוואָרן אין דער קרוין נאָכן טויט פון די לעצטע צוויי פירשטן פון דער אַלטער פּיאַסט דינאַסטיע, וואָס זיינען געשטאָרבן אָן קינדער. דאָס האָט פּאַסירט אין יאָר 1526. דער טייל וואָס איז איינגעגלידערט געוואָרן אין דער קרוין אין יאָר 1526 האָט באַקומען גאָר אַ ברייטע אויטאָנאָמיע ספּעציעל אויפן געביט פון יוריסדיקציע.

נאָכן יאָר 1526 איז דאָס גאַנצע מאַזאָוויער פירשטנטום איינגעטיילט געוואָרן אין דריי וואָיעוואָדסטוועס: ראַווא, פּלאָצק און טשערסק (מאַזאָוויע) (22).

דער מאַזאָוויער פירשטנטום איז איינגעגלידערט געוואָרן אין דער קרוין אין דער צייט ווען די פּוילישע שליאַכטע האָט שוין אָנגעהויבן אונטערצוגראָבן די מאַכט פון מלך, אין דער צייט ווען זי האָט זיך געגרייט צו ווערן דער דעציזירנדיקער פּאָליטישער פאַקטאָר אין לאַנד. אויך די מאַזאָוויער שליאַכטע, וואָס פאַר איר איינגלידערונג אין דער קרוין איז זי געווען באַשרענקט אין אירע פּריווילעגיעס דערשיינט נאָך דער איינלאַדונג ווי אַן אָרגאַניזירטער כוח און קעמפט פאַר אירע באַזונדערע פּריווילעגיעס. די פּוילישע מלכים שטרעבנדיק צו פאַראייניקן אַלע טיילן פון פּוילן האָבן נישט געלייגט צופיל אַכט אויף די אונטערשיידן אין דער אינערלעכער אָרדענונג פון די פאַרשיידענע טיילן פון לאַנד און האָבן דערפילט די פאָדערונגען פון דער מאַזאָוויער שליאַכטע.

אין דער ערשטער זאַמלונג פון די געזעצן פון יאָר 1532 און אין דער צווייטער זאַמלונג פון די געזעצן פון יאָר 1540 זיינען צוזאַמענגענומען געוואָרן אַלע געזעצן און מנהגים פון מאַזאָוויע, וואָס זיינען געבליבן גילטיק נאָך דער איינגלידערונג פון מאַזאָוויע אין דער קרוין און זיינען באַשטעטיקט געוואָרן פון די מלכים (23).

אין יאָר 1576 האָט דער מלך סטעפאַן באַטאָרי באַגרענעצט די מאַזאָוויער אויטאָנאָמיע. אין אַלע טיילן פון מאַזאָוויע איז איינגעפירט געוואָרן דאָס פּוילישע געריכטסוועזן. די שליאַכטע האָט רעזיגנירט פון דער פּאָליטישער אומאָפּהענגיקייט. עס זיינען אָבער דאָך פאַרבליבן געזעצן־מנהגים פון וועלכע די מאַזאָוויער שליאַכטע האָט נישט געוואָלט אויפגעבן. דאָס זיינען די באַקאַנטע Exceptae ducatu Masoviae וואָס שטיצנדיק זיך אויף זיי האָבן די פאָרשטייער פון דער שליאַכטע אויף די סיימיקעס און אויך די שטאָטישע איינוואוינער געפּאָדערט אין משך פון 200 יאָר אַז מ׳זאָל אַרויסטרייבן די יידן פון מאַזאָוויע.

כאָטש די דאָזיקע געזעצן זיינען אַרויסגעגעבן געוואָרן נאָר פאַר דער שליאַכטע פון דער טשערסקער וואָיעוואָדסטווע באַנוצן זיך דערמיט מיט זיי ווי אַ געווער קעגן יידן די שליאַכטע און בעיקר די שטעט פון אַלע דריי מאַזאָוויער וואָיעוואָדסט־

וועס. אַפילו די שליאַכטע פון קרייזן וואָס האָבן קיין מאָל נישט געהערט צו מאַ־זאָוויע פאָדערן אין 17טן און אין 18טן י״ה אַרויסצוטרייבן די יידן אויפן סמך פון די Exceptae (24). אינטערעסאַנט איז דער פאַקט וואָס אין די דערמאָנטע זאַמ־לונגען פון געזעצן פון די יאָרן 1532 און 1540 און אויך אין די Exceptae איז נישט דערמאָנט קיין פאַרבאָט פאַר די יידן צו באַזעצן זיך אין מאַזאָוויע. די Exceptae ducatu Masoviae האָבן נאָר געזאָגט אַז די מנהגים פון דעם מאַזאָוויער לאַנד זאָלן נישט בטל ווערן דורכן איינפירן דאָס פוילישע געריכטסוועזן, ווייל אין מאַ־זאָוויע איז דער מנהג וויכטיקער פאַרן געשריבענעם געזעץ (25).

מיר מוזן דעריבער נאָכפאָרשן צי די מינדלעכע מנהגים פון מאַזאָוויע האָבן געוואוסט פון אַן איסור פאַר יידן צו וואוינען אין מאַזאָוויע.

אויף דער דאָזיקער פראַגע איז נאָר דאָ איין ענטפער און דאָס איז אַ נעגאַ־טיווער. די מאַזאָוויע מנהגים האָבן וועגן אַזאַ פאַרבאָט נישט געוואוסט. וועגן יידן אין מאַזאָוויע הערן מיר שוין אין 13־טן י״ה (26). אין 15־טן י״ה האָבן יידן שוין געוואוינט אין אַלע גרעסערע שטעט פון מאַזאָוויע. וועגן אַרויסטרייבן יידן פון מאַזאָוויע אין דער צייט פון די פירשטן הערן מיר נישט. אמת, דער פירשט באָלעסלאַוו דער צווייטער פון טשערסק האָט אַרויסגעגעבן אין יאָר 1461 אַ באַפעל אַרויסצוטרייבן די יידן פון זיין פירשטנטום אָבער דער באַפעל איז געבליבן אויפן פאַפיר (27). אויך נאָך דעם ווי מאַזאָוויע איז געוואָרן איינגעגלידערט אין די קרוין הערן מיר נישט וועגן דעם אַז מען זאָל זיך באַרופן אויף אַ פאַרבאָט אַז יידן טאָרן נישט וואוינען אין מאַזאָוויע. ערשט אין דער צווייטער העלפט פון 17־טן י״ה נאָך די גזירות ת״ח ות״ט און נאָך די פויליש־שוועדישע מלחמות ווען פוילן ליגט אַ פאַרוויסטע אין חורבות, הייבן די שטעט און די שליאַכטע צו פאַרלאַנגען אין נאָמען פון די Exceptae ducatu Masoviae און די consuetudines אַז מ׳זאָל די יידן פאַרטרייבן פון מאַזאָוויע.

אין יאָר 1668 האָט דער סיימיק פון דער שליאַכטע אין דער דאָברזינער געגנט פאַרלאַנגט פון זיינע שליחים צום סיים צו פאָדערן אַז מ׳זאָל אַרויסטרייבן די יידן פון מאַזאָוויע (28). דעם ועד ארבע ארצות איז געלונגען דורך געלט מבטל צו מאַכן דעם גירוש וואָס האָט געדראָט אַלע יידן פון מאַזאָוויע (29).

פאָדערונגען אַרויסצוטרייבן יידן פון מאַזאָוויע הערן מיר פון אַלע זייטן ביז צום סוף פון 18־טן י״ה. אויך דער ועד ארבע ארצות לאָזט אַרויס כרוזים אַז מ׳זאָל זיך נישט באַזעצן אין מאַזאָוויע.

אין יאָר 1669 (צום גדליה ת״ל) האָט מען אין דער שול אין טיקטין פאַרגעלייענט דעם וויטערדיקן כרוז פון ועד ארבע ארצות:

הערט צו כל קהל הקודש דאָ לאָזין האלופים ראשים ומנהיגים יצ״ו מכריז ומודיע זיין... מאחר עס איז ידוע לכל דז איז איין תקנת קדמונים דז קיין בר ישראל זאָל ניט וואוינען במדינת מאזי׳ וחדשים מקרוב באו כמה אנשים האָבן זיך

ביזעצט און קובע דירתם גיוועזין ומאחר אַז עס איז כיפשוטה צוגיגנגן היינו כמחריש און האָבן לאָזין שטין כדקאי קמי׳ ועכשיו דז גלות החל המר איז זיך בעו״ה מתגבר הרשעה ובכל יום חורקים שניהם שני רשעים עלינו בכן זענין מחזיק בתקנות קדמונינו הטיבו אשר דברו און דער איסור איז במקומו עומד און איז מען מכריז מזהיר ומודיע דז מהיום והלאה זאָל זיך קיינער אשר בשם ישראל יכונה איז ניט דערוועגין אין צו פארן קובע דירה צו זיין במדינת מאזי׳ און אויב זיך וועלכער מענש זאל דר וועגין שלא מרצוננו צו וואנין במדינה ההיא פשיטא דעת חכמים אין נוחה ונקרא עבריין, אַזוי איז מתרה בכרוז הזה דז ער האט זיך פורש גיוועזין מעדת ישראל ומפרישין אותו. אויב זעלט זיך טרעפ׳ן אויף אים איין סיבה או ע״ש (עלילת שוא) במקום דשכיח הזיקא פשיטא דז מען וועט קיין פרוטה אויף ליגין, אפילו קיין השתדלות בעלמא ניט טון. ודמו בראשו כי מותרה ועומד הוא בכרוז הזה ואיהו דמתחייב בנפשיה ואנחנו וכל בני ישראל נקיים, זולת וואש מען ווערט רודף זיין די לייט בדין ישראל בכל הכפיות אשר עמנו... *עלה במוסכם באסיפת* האלופים רוזנים כל הקהל יצ״ו וקבלו עליהם להחזיק איסור לכל בני ישראל לדור *במדינת מאזיה כפי התקנה הקדומה (30).*

ווי מיר האָבן אָבער געזען האָבן די אַלע דאָזיקע פאָדערונגען הן די גוישע און הן די יידישע קיין פעולה נישט געהאַט און די יידן האָבן ווייטער געוואוינט אין מאַזאָוויע און זיך אויסגעשפרייט איבער אַלע שטעט און שטעטלעך. און דאָס זעלבע האָט אויך פאָסירט מיטן יידישן ישוב אין מלאַווע.

*פון יאָר 1793 ווען עס איז פאָרגעקומען די צווייטע פאָרטיילונג פון פוילן* ביז צום יאָר 1806 ווען עס איז אַנטשטאַנען דאָס פירשטנטום וואַרשע, האָט מלאַווע געהערט צו פרייסן. *פון 1793־1796 איז מלאַווע* געווען אַ טייל פון דער פראָווינץ Süd-Preussen און זייט 1796 פון דער פראָווינץ Neu-Ostpreussen (31). פון יענער צייט איז געבליבן אַ סך מאַטעריאַל פון פרייסישע באַאַמטע וועגן דער לאַגע פון די יידן דעמאָלט אין פוילן. כאָטש עס איז מיר נישט געלונגען צו געפינען ספּעציעל מאַטעריאַל וועגן מלאַווע. אָבער דאָס אַלגעמיינע מאַטעריאַל שפּיגלט אָפּ די לאַגע אין מלאַווע.

די פרייסישע באַאַמטע באַריכטן אַז מסחר און מלאכה איז מייסטנס אין יידישע הענט (32). אַ דייטשער דיכטער באַצייכנט די יידן פאַר דעם קולטורעלסטן עלעמענט פון פוילן (33).

דעם 17־טן אַפּריל 1797 האָט די פרייסישע רעגירונג אַרויסגעגעבן אַן אַלגעמיינעם יודען רעגלעמענט פאַר די יידן (General Juden-Reglement) פון די נייע פראָווינצן. דער צוועק פון דער רעגלעמענט איז געווען אַ דאָפּלטער. דער ערשטער און דער עיקרדיקער איז געווען צו רעגלעמענטירן דאָס יידישע לעבן. אין די אויגן פון די פרייסן האָבן די יידן געהאַט צופיל פרייהייט. זיי האָבן איינגעפירט פעסער, געהעכערט די שטייערן און פאַרבאָטן חתונה צו האָבן פאַר

25 יאר. און ווער עס האט געוואלט פריער חתונה האבן האט געמוזט באצאלן געוואלטיקע שטייערן. דער צווייטער צוועק איז געווען צו פראדוקטיוויזירן די יידן (34).

אין יוני 1802 האט דער מיניסטער פאר Neu-Ostpreussen פארעפנטלעכט א גענויעם פלאן פון פרעמיעס פאר קריסטלעכע מייסטערס וואס וועלן אויסלערנען יידישע לערניינגלעך מלאכות, פאר יידן וואס וועלן זיך אויסלערנען מלאכות אדער ערד־ארבעט (35).

וואס פאר א ווירקונג דער דאזיקער פלאן האט געהאט אויף דער יידישער באפעלקערונג איז שווער פעסטצושטעלן.

לויט די פרייסישע סטאטיסטיקעס האבן סוף 18־טן י״ה געלעבט אין מלאווער קרייז 3164 יידן און זיי האבן אויסגעמאכט אומגעפער 10 פראצענט פון דער באפעלקערונג (36).

ווי דערמאנט גילט אבער מלאווע סוף 18־טן י״ה ווי א שטאט אן יידן, ווייל יידן האבן זיך אין שטאט גופא נישט געטארט באזעצן.

ערשט אין דער מיט פון 19־טן י״ה קומען די יידן צוריק נאך מלאווע גופא און באזעצן זיך צוריק אין דער ווארשעווער גאס, וואו זיי האבן אמאל געוואוינט *).

די גרעסטע אנטוויקלונג פון מלאווע הויבט זיך ערשט אן אין די 80־קער יארן פון 19־טן י״ה, ווען מען האט אנגעהויבן בויען די דאנציקער באן און מלאווע איז געווארן א וויכטיקער טראנזיט־פונקט פון תבואה־האנדל.

## דער יידישער ישוב אין מלאווע אין ציפערן פון 1564 ביז 1933

| | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|
| 1564 | — | 23 | יידישע | משפחות | (?) |
| 1578 | — | 34 | „ | „ | (?) |
| 1616 | — | 10 | „ | „ | (?) |
| 1765 | — | 70 | „ | „ | (?) |

| | | | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|
| 1828 | — | 593 | יידן | אויף א | באפעלקערונג | פון | 2230 |
| 1834 | — | 670 | „ | „ | „ | „ | 2628 |
| 1860 | — | 1720 | „ | „ | „ | „ | 3838 |
| 1897 | — | 5123 | „ | „ | „ | „ | 11211 |
| 1906 | — | 7343* | „ | „ | „ | „ | 15918 |
| 1921 | — | 5923 | „ | „ | „ | „ | 17003 |
| 1927 | — | 6301 | „ | „ | „ | „ | 19640 |
| 1933 | — | 6172 | „ | „ | „ | „ | 19796 |

* מלאווע און אומגעבונג.

*) דער וכות צווישן רבי לוי יצחק און דעם בריסקער רב אין פראגע איז פארגעקומען פאר חודש אלול תקס"א (זומער 1781).

פון דעם באזוך פון רבי לוי יצחק אין מלאווע קאן מען דרינגען אז עס האבן זיך שוין אין יענע יארן געפונען חסידים אין מלאווע. ווי באקאנט האט זיך חסידות אין צפון פוילן זיך שפעטער אנגעהויבן אויסצושפרייטן ווי אין דרום מזרח פוילן. אין א שטעטל נישט ווייט פון מלאווע, אין מאקאווע האט דעמאלט געלעבט דער באקאנטער באקעמפער פון חסידות, דער מגיד ר' דוד ממאקוב, א תלמיד פון ווילנער גאון. ר' דוד האט זיך געשטעלט פאר א לעבנס-אויפגאבע צו באקעמפן חסידות. עס איז אים אבער נישט געלונגען איינצוהאלטן דעם שטראם. אפילו אין די שטעטלעך לעבן מאקאווע האט זיך חסידות פארשפרייט. פון די בריוו פון דוד ממאקוב ווערן מיר געוואויר פון חסידים-שטיבל אין טשעכאנאווע און פון א חסידישן רבין, ר' מאיר פון שעפס. דאס איז געווען סוף 18-טן י"ח (זע: דובנוב, תולדות החסידות, זז' 458, 460: המשוגע איש הרוח דק' שעפס. דארט ז' 462: ואחד מהכת הזה נסע לשעכאנאווע ובדברי מינות המושכים לב הפראים קבע שם מנין חסידים).

*) פון די יארן 1670—1672 האבן מיר די זכרונות פון דעם דייטש **Ulryk Werdum**, וואס דערציילט וועגן מלאווע, אז דארטן מאכט מען גוט ביר. וועגן יידן דערמאנט ער נים, הגם אין זיינע טאגביכער ווערן יידן זייער אויספירלעך באשריבן באריכות אין:
Przewodnik naukowy i literacki, 1876, IV, 431.
די רעדאקציע.

*) יידן פון מלאווע האבן עמיגרירט קיין אמעריקע אין די זעכציקער יארן פון 19 י"ח. אין יאר 1864 איז אין רוסלאנד ארעסטירט געווארן א מלאווער ייד, אן אמעריקאנער בירגער (זע: געשיכטע פון דער יידישער ארבעטער באוועגונג, ייווא, I, 1943, 67). אין די יארן 1845—1863 זיינען ארום מלאווע געווען יידישע לאנדווירטשאפטן. אין 1855 — 3 (15 נפשות), 1857 — 6 (26 נפשות), און אין 1863 איז די צאל געפאלן צוריק אויף 3 (13 נפשות). זע:
*S. B. Weinryb*: Neueste Wirtschaftsgeschichte der Juden in Russland und Polen, 1934, 188 ff.
די רעדאקציע.

# הערות

(1) געהערט פון מענדיל ווישינסקי הי"ד.

(2) אין דער געשיכטע פון דער שטאט מלאווע האב איך מיך געשטיצט אויף די וויטער-דיקע צוויי ביכער:
Staszewski, Mlawa, Warszawa, 1907; J. Ostaszewski: Z dziejów mlawskiego Mazowsza, Mlawa, 1937.

דער לעצטער מחבר פארנעמט זיך בעיקר מיט דער געשיכטע פון דער שליאכטע אין מלאווער קרייז און אויף דעם דאזיקן געביט ליגן זיינע חידושים. וואס איז נוגע דער געשיכטע פון דער שטאט חזרט ער איבער דאס וואס סטאשעווסקי האט גע-שריבן.ביידע מחברים האבן קיין ארכיוו-מאטעריאל נישט באארבעט. זיי האבן פלאגיאזירט דעם מקורדיקן ארטיקל וועגן מלאווע וואס איז דערשינען אין:
Biblioteka Warszawska, 1856, 18osq. Rozmaitości: Notatki historyczne o starostach, a mianowicie mlawskich.

(3) זע: ישעיה טרונק: געשיכטע פון יידן אין פלאצק (ווארשע, 1939, ז' 13).

(3a) M. Balaban: Historja Zydów w Krakowie, 1931, 522.

(4) טרונק. דצ"ו, זז' 62, 65.

(5) טרונק, דצ"ו, ז' 59.

(6) Baliński-Lipiński: Starożytna Polska (Warszawa, 1885), I, 422.

(7) История еврейского народа, Мир, Москва, 1914, p. 109.
דר. שיפער רעכנט פיר משפחות אין אַ הויז און זיבן נפשות און אַ משפחה.
פג"ל טרונק, דצ"ו, ז' 19.

(8) שיפער, דצ"ש. פון פאַרשיידענע אָנקלאַגעס איז צו זען אַז אין דער ווירקלעכקייט האָבן יידן געצאָלט איין גילדן פון אַ משפחה.

(9) Mathias Bersohn: Dyplomataryusz dotyczący Zydow w dawnej Polsce (Warszawa, 1910), Nr. 118.

(10) Adolf Pawiński: Żródła dziejowe, tom XVI

(11) Baliński-Lipiński, *loc. cit.*

(12) *ibid.*

(13) *ibid.*

(14) גורלאנד: לקורות הגזירות, מחברת חמישית, 18: ומשם הלכו לפיון ושם ארבעים ב"ב ונהרגו כולם ומשם הלכו לשחנוב ובה ארבעים ב"ב (בעלי בתים) ונהרגו כמעט כולם.

(15) Kluczycki: Lauda sejmików ziemi dobrzyńskiej, Kraków, 1887.

(16) Stefan Żuchowski: Odgłos processów krimynalnych na Zydów, 1700
ציטירט לויט: גראַטץ-שפר, דברי ימי ישראל, באַנד 8, ז' 421.

(17) זע פנקס וועד ארבע ארצות ירושלים תש"ה, ז' 384 (אין אינדעקס דאָרט ז' 62 איז אַריינגעפאַלן אַ דרוק פעלער: אנשטאָט מלאווי (Mlawa) דאַרף זיין: מלאַווע

(18) L. Gumplowicz: Prawodawstwo polskie względem Zydów, Kraków, 1867, 105.

(19) Baliński-Lopiński: Starożytna Polska, I, 422 ff.
Collectanea ex Archivo Celegii Historici, Tomus VII, Cracoviae, 1898.

(20) Ostaszewski, *op. cit.*

(21) A. G. v. Hoelsche: Geographie und Statistik von West-Süd und Neu-Ostpreussen, Berlin, 1800, 497: Mlawa, eine königliche Stadt indem hier kein Jude wohnen darf.

(22) S. Kutrzeba, Historja Polski, 1, 104 ff

(23) Kutrzeba, *loc. cit.* Joannes V. Brandtkie, Jus Polonicum, Warszawa, 1831, 431, 465.

(24) Adolf Pawiński: Dzieje ziemi kujawskiej, I, 99 ff; Kluczycki: Lauda sejmików ziemi dobrzyńskiej, 127, 176.
קלוטשיצקי פאַרעפנטלעכט צוויי אינסטרוקציעס וואָס דער ליפנער סיימיק האָט געגעבן זיינע דעפוטאַטן צו די סיימען אין די יאָרן 1678 און 1699 אין וועלכע דער סיימיק פאָדערט אַרויסצוטרייבן די יידן פון מאַזאָוויע אויפן סמך פון די אַלטע מאַזאָווער געזעצן.

(25) E. Ringelblum: Zydzi w Warszawie do 1527 r., p. 44: Na Mazowszu zacofanym w stosunku do Korony i na polu prawodawczym prawo zwyczajowe odgrywało decydującą rolę...

(26) זע: טרונק, דצ"ו.

(27) A. Kraushar: Historja Zydów w Polsce, II, 94.

(28) Kluczycki, *lòc. cit.*

(29) פנקס וועד ארבע ארצות, 162 : הן מחמת גירוש מאזי' שהוציא ד"א הוצאות מרובות; דאָרט ז' 171 : ענין הוצאות בטול גירוש מאזי, זע אויך זז' 182—184.

(30) פנקס טיקטין, Еврейская старина, 1912, 80 ff.

Jacob Jacobson: Die Stellung der Juden in den von 1793 und 1795 von (31)
Preussen eroberten polnischen Provinzen, Monatschrift, 1920–1921.

Robert Schmidt: Städtewesen und Bürgertum in Neu-Ostpreussen, (32)
Königsberg, 1913, p. 28.

(33) דעם דיכטערס נאָמען איז געווען : Leopold F. G. v. Goeckingk.
זע : שמיט דצ"ש.

(34) שמיט, דצ"ו. זע אויך דובנאָוו : דברי ימי עם עולם, באנד 8, 129.

Beschreibungen von Südpreussen, Berlin, 1803: Prämien Plan für die Provinz (35)
Neu-ostpreussen vom 1 Juni 1802 bis dahin 1808.

(36) Holsche ז' 495 : 3,164 יידן פון אַ באַפעלקערונג פון 33,372.

דר. זאב יוניס (תל־אביב)

# די אַלטע היים

צום הייליקן אָנדענק
פון מיין פאָטער אברהם יעקב
בר׳ צבי טוביה ז״ל—גשווידמעט.

## 1. די שטאָט

וואַנדערנדיק איבער מאַזאָווּשע, דעם צפונדיקן טייל פון פוילן, מיט דער באַן, וואָס גייט פון וואַרשע קיין דאַנציק, אָדער מיט די וועגן, וואָס פירן צום לאַנד פון די קאַשובן — צום באַלטישן ים, קען מען דערגיין צו אַ ווישין, קאַנאַפּעק אָדער שידלאָווע — דערפער אַזעלכע אינמיטן וועג.

פון די אומענדלעכע פלאַכקייטן שניידן זיך געווינלעך אויף דעם הימל אַ טונקעלער וואַלד, אַ פּאָר הייזלעך, איינצלנעביימער, וואָס שטאַרן אַרויס פון פייכטע פעלדער, טיפע גראָזן, איבערגעצויגענע מיט מילכיק־גראָע נעפּלען, ווי דינע וואָלקנדלעך רויך.

ווען נישט די וועלדער דאָ, וואָלט דאָס אויג געקענט אַדורכבליקן דאָס לאַנד וויאַרסטן ווייט.

פון דעם פלאַכן לאַנד אַרויס באַווייזן זיך מיט איינמאָל טורעמלעך, דעכער צעוואָרפענע איבער בערגלעך — אַ זעלטנהייט אין דער געגנט.

פונדערווייטנס דאַכט זיך אויס, אַז מען איז דערגאַנגען צו די טויערן פון אַן אַלטער צלם־ריטער פעסטונג, וואָס וואַכט איבער דער גאַנצער סביבה, אָדער צו אַ גרויסער שטאָט.

קומענדיק נענטער פאַרשווינדט, וואָס אַמאָל מער, דאָס שיינע בילד פון דערווייטנס. עס באַווייזט זיך אַ קליין שטעטל, ענלעך צו אַ סך אַזעלכענע שטעטלעך

אין פוילן, וואָס ליגן לענג־אויס דער דייטשישער גרענעץ, געבויטע אין דער זעל־ביקער פאָרם דורך קאָלאָניסטן פון דאָרט.

אויף די בערגלעך ליגט די הויפט־שטאָט פון דעם לאַנד, וואָס פון יענער זייט טייך ווקרא־מלאָווע.

די שטאָט פאַרשווינדט אָפט פון דער אויבערפלאַך אין די פרימאָרגנס, אין די אָוונטן, פאַרשווינדט אין דיקע גראָע נעפּלען אַריין, צעשווימט זיך ווי אַ נישט רעאַלע ווירקלעכקייט, גלייך ווי עס וואָלט דאָ קיינמאָל גאָרנישט געווען.

אינמיטן שטאָט ליגט דער אַלטער מאַרק. אינדערמיט פון אַלטן מאַרק זיצט פעסט אויף ברייטע שטיינערנע פונדאַמענטן, וואָס שטאַמען נאָך פון 16־טן יאָר־הונדערט, אַ ווייסער־ווייסער בנין, צוגעדעקט מיט אַ געבראָכענעם דאַך פון רויטע דאַכואוקעס.

איבער אַלע פיר ווענט אַרום ציט זיך ווי אַ שוואַרצער גאַרטל אַן אויפשריפט אין דער לאַטיינישער שפּראַך: „... און זאָל זיין די זעלביקע גערעכטיקייט פאַר אָרעם און רייך, אַלטגעזעסענע און ניי־געקומענע איינוואוינער אין יאָר פונעם האר 1789“.

פון דאַך אַרויס אין דער לופטן ציט זיך אַ זעקס־קאַנטיקער גראָער טורעם, וואָס קוקט אויף אַלע פיר זייטן פון דער וועלט דורך פיר קיילעכדיקע לעכער. דאָ געפינט זיך דער שטאָט־זייגער. יעדעס פערטל שעה טראָגט זיך וועלנאַרטיק פונאַנדער איבער דער שטאָט, דער הייזעריקער היימישער געקלאַנג פון דער צייט.

קינדער שטייען לאַנג אינמיטן מאַרק קוקן זיך איין אין די גרויסע שוואַרצע ווייזערס, וואָס דרייען זיך לאַנגזאַם איבער ווייסע ציפערבלעטער, וואַרטן ביז דער שטאָט־זייגער וועט ווידער אַמאָל נעמען קלינגען.

גאַנץ אָפט טרעפט, אַז ווייזערס דרייען זיך נישט, דער זייגער קלינגט נישט. די צייט אין שטאָט איז ווי שטיין געבליבן, אַ שטומע טרויעריקייט נעמט נאָגן ביים האַרצן. וואַרטן אַלע אומגעדולדיק משה ווילנער זאָל שוין אויפשטיין, זיך באַ־מיען און אַרויפקלעטערן אויפן טורעם אַרויף, אַנדרייען דעם זייגער. די צייט פון דער שטאָט ליגט אין זיינע הענט. טייל מאָל פאַלט אים איין און ער נעמט מיט זיך מיט אינדערהייך אַרויף איינעם פון די יינגלעך, וואָס ער טרעפט צופעליק אין מאַרק.

נישט נאָר דער שטאָט־זייגער, אויך די שליסלען פון שטאָט געפינען זיך דאָ אין דעם ווייסן בנין. דאָ איז דאָס ראַטהויז, דאָ זיצט דער „רישערך“, וואָס פירט אָן מיט דער שטאָט.

אַמאָליקע צייטן האָבן ייִדן ווייניק וואָס געהאַט צו טאָן מיטן מאַגיסטראַט. קיינער האָט זיך ביי זיי נישט געפרעגט, וואָס מען דאַרף טאָן. זייער איינציקע פליכט איז געווען צו צאָלן שטייערן. אין שפּעטערדיקע צייטן האָבן ייִדן שוין געהאַט רעכט צו זאָגן אַ דעה אין דער אָנפירונג פון דער שטאָט אויך. איניקע יאָר איז אַפילו

פאַרגעקומען, אַז מענדל מערקער, איז געזעסן אויף דער שטול פון בירגערמייסטער אין דער שטאָט פון היילקן וואויטשעך.

אין די צייטן פון דער רוסישער הערשאַפט זיינען דאָ געווען אַפטע איינגייערס די שמשים זאַנוועל לאַנגלעבן, דעם רבס שמש, און מאַשקע שמש גערופן, „מאַשקע מיט די שטיקלעך״. זאַנוולען האָבן אַ סך יידן פון שטאָט צו פאַרדאַנקען זייערע צעדרייטע נעמען, משה איז געוואָרן מאַשעק, יצחק — איציק, שרה — מאַלטשע אאַז״וו. ער פלעגט דאָס זיין דער פאַרשרייבער פון די ניי־געבוירענע יידישע קינדער אין די שטאָטישע ביכער, עלטערן אַליין פלעגן דאָס נישט מאַכן. כדי נישט מטריח צו זיין חשובע בעלי־בתים אין מאַגיסטראַט אַריין אונטערצושרייבן, האָט ער זיי אַנגעגעבן אַלס „ניעגראַמאָטנע״. טראָגן טאַקע אַ סך מלאַווער צעדרייטע יידישע נעמען, טעג פון געבוירן, וואָס זיינען נישט געשטימט, נישט געפלויגן, אָן אייגענע דערפינדונג פון זיינוועל לאַנגלעבן לויט זיין אויסרעכענונג, ווי אַזוי עס וועט זיין בעסער איינצומעלדן אַ קינד צוליבן פריזיוו, וואָס ער וועט דאַרפן ביישטיין ווען ער וועט אויפוואַקסן און ווערן גרויס. אויסער דעם פלעגט נאָך זאַנוועל פאַרשרייבן אין די שטאָטישע ביכער יידישע חתונות, האָט ער טאַקע שטענדיק אויסגעזען אַ ביסל בגילופין ווי איינער וואָס גייט פון אַ סעודהלע.

אַנדערש איז געווען מאַשקע שמש, אַן אַלטער גראָען ייד, דאַר און בלאַס. וואו נאָר אַ טויטער האָט ער זיך באַוויזן מיט אַ בלעכערנער לאַמטער אין האַנט, גלייך דער מלאך המות אַליין וואָלט אים דאָ אַהערגעשיקט צו באַלייכטן מיט זיין בלאַס ליכטל דעם לעצטן וועג פון נאָר וואָס פאַרשטאָרבענעם. מאַשקע פלעגט קומען אין מאַגיסטראַט בעטן אַ טזיטן־שיין, אויסשטרייכן אַ ייד פון די שטאָטישע ביכער.

ביידע טיילן פון דער באַפעלקערונג שפּאַרן זיך אָן אויפן מאַגיסטראַט יעדער אויף זיין שטייגער. יידן האָבן צוגעקלעפּט צום בנין פון ראַטהויז אין מיטן מאַרק ניין געוועלבער איינס לעבן ס׳אַנדערע אין איין לאַנגער ריי — די „תשע חנויות״. פון דער אַנדערער זייט פון מאַגיסטראַט ווידער ציט זיך, ווי אַ גרינער גאַרטן, דער הויף און די בנינים פון דער גויישער תפלה.

ווער ווייסט ווי ווייט דער מאַרק וואָלט זיך אַזוי געקענט ציען, ווען נישט די הייזער מיט די געוועלבער, וואָס האָבן זיך דאָ אַוועקגעשטעלט פון אַלע פיר זייטן ווי פיר ווענט, ווי אַ צוים. די לאַנדעס, פּערלאַ, אייכלער, קאַנעצקי עט פראַנק, די „סלאַדקע רבקה״, בעריש צייטאַג, חיים זשעלאַסקע, משה אַפּאַטאָווסקי זיינען געזעסן פון איין זייט מיט זייערע הייזער, זייערע געוועלבער. אַנטקעגנאיבער האָבן זיך באַזעצט: הענעך זילבערבערג, וויסמאַן־„פּאַניטש״, אברהם אייזיק ביעזשונסקי, יצחק ראָזן, שמעון ליפּסקער, קאָופמאַן, ברוך אייזנבערג. אויף די איבעריקע צוויי זייטן האָבן געוואוינט און געהאַנדלט וואָלף בראַכפעלד, לייב ליפשיץ, יאָסל פּערלמוטער, יהודה מאיר לידזבאַרסקי, דוד הערש מאַקאָווסקי, פּיִוויש שפּירא, משה ביאַלעק און נאָך און נאָך יידן.

אַלע געוועלבער אויף דעם אַלטן מאַרק, אויסער די צוויי אַפּטייקן, די צוקערניע, זיינען געוועזן יידישע. לאַנגע רייען געוועלבער איינס לעבן אַנדערן האָבן זיך גע־בראָכן פון סחורות, פאַרזאָרגט מיט קאָלאָניאַל, אייזן, לעדער, שניט, גאַלאַנטעריע— די שטאָט, שטעטלעך און דערפער אַרום, סיי אין איינצל־פאַרקויף סיי אין הורט. יאָרן לאַנג האָט זיך דאָס אַזוי געפירט.

אין די לעצטע יאָרן פאַר פוילנס באַפרייאונג האָבן זיך אין שטאָט גענומען עפענען פוילישע געשעפטן. אין מאַרק באַזעצט זיך די „ספּוינִיאַ", עס הייבט זיך אָן דער באָיקאָט קעגן יידן און יידישן האַנדל.

דער אַלטער מאַרק איז געווען דער באַלעבטסטער טייל פון שטאָט.

פון אַלע פיר זייטן לויפן אַרויס זאַלבעצוויט לאַנגע גאַסן ווי פליגל פון אַ ווינטמיל, גאַסן און מענטשן, דאָס גאַנצע לעבן אין שטאָט, דרייט זיך אַרום מאַרק.

דאָ לויפט די וואַרשעווער און כאָרזשעלער, פון דאָרט די פּלאָצקער און שפּייכ־לער־גאַס. פון אַן אַנדער עק די ניבאָרגער מיט דער שקאָלנער און גאָר פון אַן אַנדער ווינקל די זאַלדאָווער מיט דעם נייעם מאַרק.

גאַסן לויפן צווישן קליינע, אַ סך האַלצערנע, ווייניק באַמויערטע הייזלעך, באַרג אַרויף, באַרג אַראָפּ, גלייכערהייט און פאַרקרומטערהייט, לענג אויס דער גאַנצער שטאָט ביז זיי לאָזן זיך אויס ערגעץ וואו הינטער דער שטאָט, צווישן פעלדער און וועלדער, אויף די פאַרשיידענע שאָסייען, וואָס פאַרבינדן די שטאָט מיט אַנדערע שטעט און שטעטלעך.

דאָרט וואו עס ענדיקט זיך אַ גאַס, הייבט זיך אָן אַ שאָסיי. פון דער וואַרשעווער גאַס גייט דער וואַרשעווער שאָסיי וואָס פירט קיין טשעכאַנאָוו, מאָדלין, נאָ־שעלסק, קיין פּראַשניץ, מאַקאָווע, פּולטוסק ביז וואַרשע. פון דער פּלאָצקער פירט דער שאָסיי קיין סטזשעגאָווע, ראַטשונז, שעפּס, פּלאָצק, אָדער גאָר קיין ראַדזאַנאָווע, שרענסק, בעזוין, זשעלין. די ניבאָרגער גאַס פירט צו דער גרענעץ, דורכן וואַלד, אַזש ביז ניידענבורג. מיט דער זאַלדאָווער גאַס קען מען פאָרן קיין וואָלקע, צו דער באַן, אָדער גאָר צו דער גרענעץ דורך מלאַווע, קיין אילאָווע.

לאַנגע גאַסן פאַרבינדן די שטאָט מיט דער אויסנוועלט. קליינע געסלעך, הינ־טערגעסלעך פאַרבינדן גאַס מיט גאַס אין שטאָט גופא. ריין יידישע גאַסן זיינען גע־ווען די וואַרשעווער, פּלאָצקער און די שכונותדיקע געסלעך: דאָס שול־געסל, שוסטער־געסל, טעפּער גאַס. די איבעריקע גאַסן און געסלעך זיינען געווען געמישטע, ריין יידיש און נענטער צום מאַרק צו, געמישט אָדער ריין גוייש, וואָס נענטער צום עק שטאָט.

וואו־נישט־וואו שטייט אַן אייזערנע פּלומפּ, ווי אַ שטומער עדות אין מיטן גאַס, „וויאַזדן" זיינען צעוואָרפן איבער פאַרשיידענע ווינקעלעך, קאָכן זיך און רוישן אין טאָרג־טעג פון מענטשן און בהמות.

תבואה־שפּייכלערס, האַלצערנע און געמויערטע, אַן אַ צאָל געפינען זיך אין

אַלע עקן שטאָט וואו מען טוט זיך נאָר אַ קער — אַ תבואה שפּייכלער מיט אַן איבער־דעכל, מיט טירן פון הינטן, פון אויבן, פון אַלע זייטן, ווי אָפענע מיילער פאַר דער שפע תבואה וואָס קומט פון די פרוכטבאַרע מאַזאָווישער פעלדער. ייִדישע מעקלערס, פאַרקויפער, איבערקויפער, סוחרים, טרעגער, בעלי־עגלות און בעלי־מלאכות, אַ גרויסער טייל שטאָט, האָט געלעבט פון האַנדל מיט תבואה.

גאַסן זיינען אויסגעזעצט מיט קיילעכדיקע פעלד־שטיינער. אינדערמיט זיצט אַ ריי גרויסע שטיינער ווי אַ רוקנביין פון אַ שטאַרקער פּלייצע גרייט צו טראָגן משא, פון בײדע זייטן זיינען צוזאַמענגעדריקט קלענערע שטיינער, וואָס זיצן ווי איינגערעמט אין ווילד וואַקסנדיקע גראָז.

נישט זעלטן צעקרישלען זיך שטיינער, פאַלן אַרויס ווי אַלטע ציין. ווערט אַ שטיק גאַס גאַל, ווי אַן אויסגעקראַכענע פעל פון אַן אַלטער בהמה, וואָס איז מיד געוואָרן פון שלעפּן משאות, זאַמלען זיך דאָ אין די גריבער וואַסערלעך, ווערט אַ שטיק גאַס צעיוירן אין אַ גרויסער בלאָטע, וואָס שטייט טעג לאַנג, בלעזלט זיך, גייט אויף, ווי שוואַרץ טייג.

ביימער זעט מען נאָר אין מאַרק, אויף די פּוילישע גאַסן. אין די ייִדישע גאַסן זעט מען נישט קיין בוים. פון איין זייט גאַס ציט זיך געוויינלעך אַ טראָטואַר. אין גאָר קליינע געסלעך איז דאָס אויך נישטאָ, נאָר אַ טיפער רינשטאָק טיילט אָפּ, ווי אַ שרונט, אין צווייען, די שפּיציקע שטיינער פון גאַס. אין אַ קליין געסל איז פאַראַן איין רינשטאָק. אין לאַנגע גאַסן ציען זיך — צוויי פון יעדער זייט גאַס. רעגן וואַסער „שערגעט", חדר־ייִנגלעך טוען אויס שיך און זאָקן, לאָזן זיך באָרוועסערהייט לויפן מיטן שטראָם, כאַפּן אויף געשליפענע שטיינדלעך, לאָזן שיפלעך פון פּאַפּיר איבער די פולע רינשטאָקן, וואָס רייסן זיך, מיט שום גלייך אין דער „זשיקע" אַריין, אַ באַשיידענער, קליינער אָפּצווייג פון דעם טייך ווקרא, וואָס פאַלט אין דער זשאַל־דאָווקע אַריין.

שמוציקע וואַסערן פון דעם טייכל, גערופן „סעראַטש", ציען זיך פויל איבער אַ סך גאַסן, נעמען אַרום די גאַנצע שטאָט מיט צוויי לאַנגע מאָגערע אָרעמס.

## 2. איבער ווינקעלעך היימישע

אוויסערלעך איז געווען אַ סך ענלעכקייט אין פאַרשיידענע גאַסן, אומעטום אַ סך האַלצערנע און ווייניק געמויערטע הייזלעך, שמאַלע געסעלעך, ברייטע הייף, וואו מען האָט געקענט גיין ווי אין אַ רשות הרבים פון גאַס צו גאַס. שמאַלע „שטשאַנ־קעס", הינטערהייף האָבן דערציילט וועגן אַ באַשיידן, בכבודיק לעבן, אַ גרויס שותפות צווישן הויז און הויז, הויף און הויף. אָבער אַחוץ דער אויסערלעכער

ענלעכקייט, האָט זיך יעדע גאַס געהאַט איר לעבנס־שטייגער, איר פאַרב און אַפילו איר געשיכטע.

שטייט זיך אַזוי אויף דער פלאַצקער גאַס „וויז־אַ־ווי" דער עוואַנגעלישער קירכע, אַ פּלומפּ, „וויז־אַ־ווי" דער פּלומפּ אַ ווייס געמויערטע הויז. אין דעם הויז האָט דער לערער יאַנע ווישינסקי געהאַט זיין שקאָלע. הינטער אַט־דעם ווייסן הויז ציען זיך „די בערגער". וואָס אַזוינס זיינען דאָס „די בערגער?" וואָסערן סוד באַהאַלטן זיי?

אַמאָל מיט אַ סך יאָרן צוריק, דערציילט מען, זיינען גאָר אויף דעם אָרט קיין בערג נישט געווען, דאָ איז געשטאַנען אַ גרויסע תפלה. מאַכט זיך אַמאָל און פאָר דער תפלה גייט פאַרביי אַ לוויה פון אַ גרויסן יידישן רב. גויים האָבן גענומען אַפּלאַכן פון דער יידישער לוויה. טוט זיך דער רב אין אָרון אַ זעץ אויף און... די תפלה הייבט אָן איינזינקען אין דער ערד אריין ביז זי ווערט אינגאַנצן פאַר־שוואונדן. אויף דעם אָרט, וואו די ערד האָט אַלץ צוגעדעקט זיינען געבליבן די „בערגער", וואָס בומען און ברומען אָן אויפהער. יעדעס חדר־יינגל, וואָס האָט נאָר געוואָלט און נישט מורא געהאַט, האָט געקענט צולייגן דאָס אויער צו דער ערד, הערן דייטלעך דאָס ברומען פון די גויים אין זייער איינגעזונקענער תפלה. זונטיק, אָדער אין טעג פון גויישע „חאַגעס", איז דאָס ברומען פון דער טיפעניש פון די בערג געווען נאָך שטאַרקער.

***

צווישן דער „וואַויטוסטוואָ" און די „ווימישלינעס", אין דער ריכטונג צום וואַלד צו, אַ געגנט זייער שיטער באַוואוינט דורך יידן, געפינט זיך אַן אומהיימלעך שטיק לאַנד, צעריסן דורך טאָלן און גריבער: „דער ראָזגאַרד". דאָ אויף דעם אָרט פלעגט די מאַכט, אין נאָמען פון דער געטין פון גערעכטיקייט, אויספירן טויט־אורטיילן דורך הענגען, פאַרברענען, אָדער גאָר אָפּהאַקן אַ זינדיקן קאָפּ מיט אַ שווערד, ווי עס ווערט דערציילט אין די קראָניקעס פון דער שטאָט, זיינען אויף דעם אָרט פאַרברענט געוואָרן די כישופמאַכערינס. אין שכנות פון טרויעריקן „ראָזגאַרד" געפינען זיך איינזאַמע פאַרלאָזענע קברים פון געפאַלענע אין די פוילישע אויפשטאַנדן. גויים און יידן האָבן מורא געהאַט פאַרן ראָזגאַרד. „עס שרעקט" — האָט דאָס פאָלק געזאָגט און געגלייבט, אַז דאָרט פליען אַרום זינדיקע נשמות אין געשטאַלט פון מזיקים און „נישט גוטע". בעסער איז אויסצומיידן דעם ראָזגאַרד אַפילו בייטאָג, ביינאַכט איז שוין אָפּגערעדט. „יידישקייט" אויפן ראָזגאַרד איז געלעגן אין אַ פּאָר פאַרגעסענע טרויעריקע קברים פון יידן, וואָס זיינען אומגעקומען פון דער כאָלערע אין שטאָט.

***

פון דאַנען, אַדורכשניידנדיק דעם ניבאַרגער שאָסיי, איבער פעלדער, האָסטו געקענט דערגיין ביזן „קאַזיעלסק". דער גלייכער וועג אַהינצו האָט אָבער געפירט פונעם אַלטן מאַרק דורך דער שקאָלנער גאַס (די קאַזע גאַס) פאַרביי לעדערס גרויסער מיל. דער „קאַזיעלסק" איז געלעגן ווייט הינטער דער שטאָט, אַ יידיש אינדזעלע צווישן גוייִשע פעלדער. געזאָלט האָט דאָ זיין אַ יידישע ערד־אַרבעטער־קאָלאָניע פון ייק"אַ, דאָס איז געווען דער פּלאַן. אין דער ווירקלעכקייט האָבן אויפן קאַזיעלסק געוואוינט נאָר איינצלנע יידישע משפחות, וואָס זייער הויפּט־חיונה האָבן זיי אויך נישט געצויגן נאָר פון דער ערד. אָבער די יידישע ערד־אַרבעטער־קאָלאָניע, און זאָל זי זיין גרויס ווי טל־ומטר אין אַ קליין סדורל, איז געווען פאַר די יעניקע, וואָס האָבן געשטרעבט קיין ארץ־ישראל, אַ דערלעבעניש וואָס האָט גענאָגט דאָס האַרץ, געררייצט פאַנטאַזיע, געוועקט חלומות. אַ ייד שנידט תבואה מיט אַ קאָסע, האָבן אַ סך מלאַוועער צום ערשטן מאָל אין זייער לעבן געזען נאָר דאָ. יידן מעלקן קי, פירן מיסט — אויך נאָר דאָ. מען האָט צום ערשטן מאָל געזען אַ ייד אַ גבר, וואָס האָט נישט מורא. מיט שטאָלץ פלעגט מען זיך דער־ציילן די גבורות פון חיים הערש מיעדזיאַק, וואָס האָט מיט איין פאַטש אַוועקגעלייגט אַ גוי. אין די שפּעטערדיקע יאָרן האָבן דאָ געאַרבעט חלוצים פון די הכשרה־קבוצים אין שטאָט. היינט געפינען זיך די בחורים און מיידלעך, וואָס האָבן אָנגע־הויבן זייער אַרבעט אויף די פעלדער פון „קאַזיעלסק" לעבן מלאַווע — אין די דערפער כפר פנחם און גל־און, וואָס זיי האָבן געגרינדעט דאָ, אין ארץ־ישראל.

אויפן „קאַזיעלסק" האָט נאָך געלעבט דער בעקער זרח פּראַשניצקי מיט זיין משפחה און די גרויסע משפחה גלוזמאַן. די אַלטע גלוזמאַנס האָבן פאַרענדיקט זייער לעבן אין א"י, און זייער זון רפאל־פּולע פון „קאַזיעלסק" זייט יעצט תבואה אויף די פעלדער פון עין־החורש.

***

אַ ליב ווינקעלע איז געווען „הינטער דער צערקווע". דער טרעף־פּונקט פון די ערשטע שוואַלבן, וואָס האָבן זיך אָנגעהויבן אַרויסרייסן פון דער פּאַטריאַר־כאַלישער היים. אין די זומער־פאַרנאַכטן, שבתים־נאָכמיטאָגס פלעגן זיך דאָ צו־זאַמענקומען יינגע לייט „געכאַפּטע" דורך די נייע אידעען פון סאָציאַליזם און חיבת־ציון, חלומען, דעבאַטירן וועגן די נייע צייטן, וואָס קומען אָן. אין דער לופט האָבן געקלונגען: „אין דער סאָכע", „דאָרט וואו די צעדער", „די זון פאַרגייט אין פלאַמען"... — נייע לידער.

צעהיצטע נאַאיווע יינגעלייט האָבן דערזען די וועלט מיט אויגן פול ליבשאַפט

און גלויבן. אַ נייער פרימאָרגן שטייט אויף, אַ נייער טאָג פול זון און מענטשלעכע ווערט געבוירן. דאָס ליכט פון פּראָגרעס וועט עפענען די אויגן, קומען וועט אַ נייע שיינע וועלט... אַזוי האָט מען דאַן געגלויבט. הינטער דער צערקווע פלעגן זיך אויך טרעפן יינגלעך מיט מיידלעך צו „פירן אַ ליבע", אין יענע צייטן ווען אַ באַלעבאַטיש קינד האָט מורא געהאַט זיך צו באַווייזן איבער שטאָטישע גאַסן אין געזעלשאַפט פון אַ מיידל. גיין „הינטער דער צערקווע" אַליין איז אין יענע צייטן שוין געווען אַפּיקורסות.

„הינטער דער צערקווע" האָט זיך געפונען אַן אַלטער „סאַד", גרויסע אַלטע ביימער האָבן געוואָרפן שאָטן, קליינע ביימעלעך און הויכע — ווילד־וואַקסנדיקע־גראָזן האָבן געשאַפן געהיימע ווינקעלעך, האַלב שאָטנדיקע, באַהעלטעניש, וואָס האָבן געצויגן, געלאָקט שעמעוודיקע יידישע יינגלעך און מיידלעך. דאָס איז געווען אין דער צייט פון „שיין איז רייזעלע דעם שוחטס" פון די „מאַרגאַריטקעלעך" פון „נישט זוך מיך דאָרט" אאַז"וו.

***

זיינען געקומען נייע צייטן, די פּאָליאַקן האָבן די צערקווע פונאַנדערגענומען. דעם גאַנצן שטח פאַרוואַנדלט אין אַ גרויסן גאָרטן מיט קולטיווירטע ביימער און גראָז־דיוואַנען. האָט יוגנט פאַרלאָזט „הינטער דער צערקווע" און אויסגעפונען אַ ניי ווינקעלע — די „דאָלינאַ שוואַיצאַרסקאַ". געהיימע האַלב־שאָטנדיקע ווינקעלעך זיינען אין דער „דאָלינאַ שוואַיצאַרסקאַ" נישט געווען, אָבער פאַרנעם, ווייטקייטן זיינען דאָרט געווען.

די פּאָפּולערע „דאָלינאַ שוואַיצאַרסקאַ" האָט זיך געפונען הינטער דער שטאָט נישט ווייט פון אַ „דרוזשניקס" בודקע אויפן שרענסקער שאָסיי. פון בידע זייטן פון דער באַן־ליניע האָבן זיך געצויגן פעלדער גרינע, פרישע, קליינע בערגלעך און פאָלן, אַ וואָרעמע ברייטע לאַנדשאַפט באַדעקט מיט תבואה און אַ שפע פעלד־בלימעלעך, בלויע כאַברעס, ראָזע קאָנקאָלעס און געלע מילך־בלימעלעך. צווישן די פעלדער האָט זיך געפונען אַ טיפער, מיט הויכע גראָזן פאַרוואַקסענער טאָל, די אַ"ג „דדאָלינאַ שוואַיצאַרסקאַ".

עס איז שווער צו דערקלערן פאַרוואָס האָט דווקא די געגנט זוכה געווען צו ירשענען דאָס אינטימע ווינקעלע פון „הינטער דער צערקווע". אפשר גאָר האָט אַהער געצויגן די ליניע, די אַדורכלויפנדיקע באַנען אַהין און צוריק האָבן געוועקט און געשטילט אומרואיקע בענקעניש נאָך ווייטקייטן? „וואָס גיכער אַוועק פון דאַנען". אַזעלכע און ענלעכע געדאַנקען האָבן שוין דאַן געהאַט פאַרכאַפּט דעם בעסטן טייל פון דער יידישער יוגנט.

באַנען פלעגן קומען, באַנען פלעגן לויפן ערגעץ וואו ווייט אַוועק, געוועקט

האָפענונג און גלויבן, אַז סוף־כל־סוף וועט קומען די צייט און מען וועט אַרויס פון שטעטל אין די ברייטע וועלט אַריין.

עס לעבן ווידער אויף אין זכרון יענע ווייטע טעג פון פוילישן זוניקן האַרבסט ווען מען פלעגט אין אַ נאָכמיטאָג־צייט זיך לאָזן איבער די פעלדער צו זעטיקן דאָס אויג מיט די רויט־וועלקנדיקע בלעטער פון ווייסע בזשאָזעס. קאַשטאַן־ביימער אין די אַלעען, פלעגן דאַן וועלקן אויף גאָלד.

⁂

נישט נאָר יוגנט, אויך ערנסטע חסידישע ייִדן איז טיילמאָל באַפאַלן אַ דראַנג צום וואַנדערן וויאַרסטן ווייט אַוועק פון שטאָט, פאַרשטייט זיך לשם מצווה. פלעגן זיך אַ נעם טאָן חסידים שבת נאָך הבדלה אַוועק קיין מאַריאַנאָווע אין יאָסל גאָלד־שטיינס „גוט", איינגעמען מיט שטורעם דעם הויף און דאָס הויז.

אין דרויסן שעכט דער שוחט גענדז; אין גרויסן סאַלאָן אינעווייניק זעצן זיך אויס חסידים אויף דער פאָדלאָגע אַרום האָלצערנע באַליעס, שאָבן קאַרטאָפלעס פאַר דער גריץ אויף מלוה מלכה. פאַרהאַנגען ווערן אַראָפגעריסן פון די פענצטער, פאַרוואַנדלט אין שערצן (פאַרטוכער) פאַר די נייע בעלי־בתים אין שטוב און אין קיך. חסידים טראָגן פון שענק, פון קעלער, מיען זיך אין קיך ביז האַלבער נאַכט. דאַן זעצט מען זיך צו מלוה־מלכה מיט התלהבות און דבקות אויסצוגיין... ביזן גרויען מאָרגן פון זונטיק אינדערפרי.

יחידי סגולה פלעגן זיך טיילמאָל אַרויסכאַפּן אין יעקב שלמה מאַנדזשאַקס גוט, אין די וועלדער פון וורובלעוואַ, צו די סורגאַלס קיין ניעגאָטשין. מיט דער צייט האָט דער שטאָטישער וואַלד אויך גענומען ציען. ייִדן בלייכע, ייִדן הוסטערס, פלעגן דאָרטן פראַווען „דאַטשע" אַ פּאָר שעה אין טאָג. דער רב אַליין פלעגט זיך אַרויספאָרן אין אַ דראָזשקע אויף אַ פּאָר שעה הנאה האָבן פון וואַלד, ווי פון אַ רפואה, אַזוי ווי דאָקטוירים האָבן געהייסן.

⁂

אַ שיין ווינקעלע לעבן דער שטאָט איז געווען רודאַ. לעבן מלאַווקער וואַלד איז געשטאַנען אַ האָלצערנע וואַסער־מיל. די וואַסערן פון דער מלאַווקע האָבן זיך געגאָסן אויף די ציין פון אַ גרויס האָלצערן ראָד. באַוועגן די מיל־שטיינער. דורך אַ שמאָל האָלצערן בריקעלע האָט געפירט דער וועג אין מלאַווקער וואַלד אַריין, וואָס האָט זיך געצויגן מיילן־ווייט ביז איבער דער גרענעץ און נאָך ווייטער. דאָמבעס פאַר דער מיל האָבן פאַרהאַלטן וואַסערן, וואָס זיינען געווען באַדעקט מיט אַזויפיל ליליען, אַז דער וואַסערפאַל (גערופן „ניאַגאַראַ") פון יענער זייט

בריקל האָט אויסגעזען, ווי ער וואָלט זיך געווען אַרויסגעריסן פון טיפע בעכערס פון ווייסע וואַסער־ליליען. די בעליהבתים פון דער מיל זיינען געווען פריער די מאלעוויאַקס, דערנאָך די ווינבערגס — די מילנערס, די אַרבעטער, ווי אומע־טום — גויים.

⁂

פון צווישן דער וואַרשעווער גאַס אין דער סמאָליאַרנע ציען זיך העט ווייט אַוועק ביז צו די „זאַבראַדעס" פעלדער און סעדער פון דער „סטאַראַסטווע" *), איינע פון די שענסטע געגנטן אין שטאָט. שעהן לאַנג האָט מען געקענט וואַנדערן צווישן די הויכע ווילד־וואַקסנדיקע גראָזן, פעלד־בלומען, גערטנער, באַדעקטע מיט רעזעדע, בעז, נאַסטורציעס, לעווקאָניע, אַסטערס, געאָרגיניעס, רויזן, אַלעאַנדרעס, טאַבעק־בלומען (סלאָנעטשניקעס) און די גרויסע שטחים סעדער און נישט זען קיין גרענעץ. נישט ווייט פון דאַנען איז געלאָפן אַ רוישיק קליין טייכל. דאָס איז געווען אַ וועלט אַ פרעמדע אין מיטן פון דער וואַרשעווער גאַס. דאָ האָט געשרעקט (אַ יידיש הארץ) מיט גוישער שטילקייט, מיט שאַרפע פרעמדע ריחות. זיך לאָזן גיין איבער דער אומבאַקאַנטער גויישער געגנט פון דער סטאַראַסטווע איז געווען אַזוי ווי אַריינלאָזן זיך אין גאַרטן פון גלח, אָדער גאָר אַריינגיין צום גלח אין הויז. זייער פרעמד און פול מיט מורא איז די גאַנצע געגנט געווען פאַר אַ ייד. שוין דער בנין מיט דעם געבראָכענעם שטרויענעם איבערדאָך אויפן בערגל פון דער סטאַראַסטווע האָט אָנגעוואָרפן אַן אימה. קיין איין יידיש יינגל וואָלט נישט געקענט גלויבן, אַז דער מאַלערישער אַלטער בנין איז גאָר אַן איינפאַכער תבואה־שפייכלער און נישט קיין נעסט פון נישט־גוטע אָדער כישופמאַכערינס.

⁂

פון יענער זייט, פון אַט דער גויישער מיסטעריע אויף די „זאַכאַדעס", האָט זיך געפונען דאָס „שטעטל", דאָס אַמאָליקע וואוינאָרט פון יידן, איידער מען האָט זיי דערלויבט זיך צו באַזעצן אין דער שטאָט מלאַווע גופא. פון דעם אַמאָליקן יידישן ישוב אויפן שטעטל זיינען אין אונזערע צייטן פאַרבליבן נאָר איניקע פאַלקס־מעשהלעך, דאָס אַלטע בית־עלמין מיט איינגעפאַלענע קברים, איינצלנע אַלטע מצבות פון איבער צוויי הונדערט יאָר און... די שטעטל־שול, אַן אַלטער האָלצערנער בנין געבויט אין דער אָנגענומענער פאָרעם פון ענלעכע האָלצערנע שולן אין פוילן.

נאָכן פאַרלאָזן פונעם שטעטל, האָבן מלאַוועער יידן יאָרן־לאַנג, און אפשר גאָר

*) די „סטאַראַסטווע" האָט געהערט צו די לעלעוועלס.

דורות גאַנצע געגליִיבט, אַז די שול אויפֿן שטעטל וועט אייביק בלייבן שטיין. עלטערן האָבן מיט שטאָלץ דערציילט זייערע קינדער אַז דער קדושת לוי, (ר׳ לוי יצחק פֿון באַרדיטשעוו) בכבודו ובעצמו האָט אַמאָל דאָ געדאַוונט, און לעבן דער מזוזה קען מען נאָך זען דעם אָפּדרוק פֿון זיין הייליקער האַנט. אין דעם זכות טאָקע שטייט די באַשיידענע האָלצערנע שטעטל־שול פֿעלדזן־פֿעסט, איינע אַליין, אינמיטן פֿון דעם גוישן ישוב. אַ סך שׂרפֿות זיינען אין דער צייט אויסגעבראָכן אויף די זאַבראַדעס, אָבער די שול נישט אָנגערירט. שבת און יום־טוב פֿלעגן זיך ייִדן פֿון שטאָט אָוועקלאָזן מיט וואָלף בראַנדלס *) אין דער שפּיץ אין שטעטל־שול אַריין דאַוונען.

פֿון גאַנצן אַמאָליקן ייִדישן ישוב איז נאָר איין ייִד געבליבן וואוינען אויפֿן שטעטל, איין איינציקער ייִד צווישן גויים. גערופֿן האָט מען אים דאָס „רבי׳יע״ און געווען איז ער אַן איינפֿאַך ירא־שמימדיק שניידערל. זומער און ווינטער פֿלעגט ער איילן מיט שטילע, שנעלע טריט איבער דער וואַרשעווער גאַס אַ מיטל־וואוקסיק, רויט־פּנימדיק ייִדל, דריי מאָל אַ טאָג צום מנין פֿון שטעטל אין שטאָט אַריין. ייִנגלעך האָבן צווישן זיך דערציילט מיט זיכערקייט, אַז דאָס שניידערל פֿון שטעטל איז... איינער פֿון די למד־וואָוניקעס.

יאָרן־לאַנג האָט זיך אַזוי געצויגן די טראַדיציע פֿון גיין דאַוונען אויפֿן שטעטל ביז... געקומען איז די ערשטע וועלט־מלחמה. אין די שטורעם־יאָרן פֿון 1914־1918 איז פֿאַרניכטעט געוואָרן דער לעצטער צייכן פֿון אַמאָליקן ייִדישן ישוב אויפֿן „שעטטעל״, אויף אַ גאַנץ פּראָזאַאישן אופֿן. מלאַווער ייִדן האָבן פּלוצלונג דערזען, אַז זייער באַליבט פֿאַרהייליקט האָלצערן שולעכל איז פֿאַרשוואונדן פֿון גאָטס ערד. די אַרומיקע גויים האָבן פּשוט פֿונאַנדערגענומען דאָס שולעכל און דאָס האָלץ פֿאַרברענט. געבליבן זיינען נאָר מעשׂהלעך און לעגענדעס פֿון קדושת לוי, פֿון דעם הייליקן שולעכל און דעם סודותפֿולן „רבי׳יע״, וואָס לעבט אין זכרון, ווי איינער פֿון די ל״ו צדיקים.

## 3. דער אַלטער מאַרק

לויטן אויסזען פֿון מאַרק האָט מען לייכט געקענט וויסן, וואָס פֿאַר אַ טאָג עס האָט זיך היינט געשטעלט אויף גאָטס וועלט. יעדער טאָג אין דער וואָך האָט זיך אויסגעלייגט אַנדערש אויפֿן אַלטן מאַרק.

אין אַ שבת, אַ ייִדישן יום־טוב, רוט דער מאַרק. געשעפֿטן זיינען געשלאָסן אויפֿן ריגל און קייט, מענטשן זעט מען ווייניק. די איינציקע דורכגייער זיינען

*) ר׳ אברהמל משעכאַנאָווערס אַן אייניקל.

יידן און יידענעס אָנגעטוענע אין סאַמעט און זיידנס, שוואַרצע קאַפּאָטעס, סאַמעטענע היטלעך, פּרויען אין לאַנגע קליידער, טערקישע שאַלן, באַהאַנגען מיט שווערע גאָלדענע קייטן, טייערע שטיינער, באַוועגן זיך מיט שטילע טריט, ליכטיקע פּנימער, אין דער ריכטונג צו די הינטערגעסלעך צו דער שול, בתי־מדרשים און שטיבלעך.

דער מאַרק איז ליידיק. אויס האַנדל, אויס געשעפטן, שבת. אין דער לופטן שוועבט אַ זילבערדיקער שטויב פון הייליקייט און רו, וואָס פאַרדעקט מיט ליכטיקייט און פרייד אַלע טעג פון דער גאַנצער וואָך.

זונטיק, אין טעג פון קריסטלעכע חגאות, איז דער מאַרק פול מיט גויים פון גאַנץ פרי אָן. זיי וואַרטן פאַר דער תיפלה אויפן גלח.

פאַרן דאַוונען זיצן פויערים פון דערפער אין רינשטאָקן אַרום דער תפלה עסן געשמאַק לאַנגע קישקעס אָנגעפילטע מיט קאַשע, זויער קרויט, טונקען ברויט אין קוואַס אָדער בראַנפן.

יידישע געוועלבער זיינען האַלב אָפן, האַלב צוגעלענט, יידן דרייען זיך נישט אין מאַרק, שטייען אויסגעשטעלטע פאַר די הייזער, פאַר די געשעפטן, צוליב זיכערקייט.

קירכע־גלאָקן וועקן אויף טרויעריקע געדאַנקען, אומהיימלעכע דערינערונגען, שרעק. יידן ווייסן, אַלע צרות, אַלע רדיפות הייבן זיך שטענדיק אָן אין אַ זונטיק אין אַ טאָג פון אַ גויישער חגא.

מאַנטיקס, מיטוואָכס זיינען גרויע טעג, געשעפטן שטייען אָפן פון געוואוינהייט, דער פדיון איז קליין. מענטשן מידע באַוועגן זיך ווי שאָטנס אָן ווילן, אָן אַ ציל, שטעלן זיך אויס אין קופּקעלעך, שטייען, שוויגן, קוקן מיט גלעזערנע אויגן אי־בערן האַלב־ליידיקן מאַרק, וואָס ציט זיך ווי אַ גענעץ. פאַלט שוין אַמאָל אַ וואָרט, קלעפּט עס זיך אויך נישט, צעפאַלן זיך קופּקעלעך, מענטשן גייען זיך פונאַנדער, שלעפּן ווייטער שווערע, מידע פיס.

אין אַזעלכענע טעג איז דער מאַרק ווי אָנגעפילט מיט אַ קלעפּעדיקע גרויקייט, וואָס מאַכט שווער יעדן געדאַנק, יעדע באַוועגונג, גלייך דער מענטש און דאָס גאַנצע לעבן האָבן פלוצלונג גענומען זינקען אין אַן אומענדלעכן זומפּ.

מיטוואָכס און מאַנטיקס זיינען שווערע לאַנגווייליקע טעג אויפן אַלטן מאַרק.

אין אַ ליכטיק מזל קומען אויף די וועלט דינסטיקס און פרייטיקס, גייען אויף און שטעלן זיך אַוועק די טאָרג טעג. פון אַלע זייטן ציען מענטשן און בהמות צום אַלטן מאַרק. באַלד אין דער פרי ווערט שוין דאָ ענג פאַר אַלע געקומענע, דער מאַרק איז איבערפול, גיסט זיך איבער אין חזיר־מאַרק אַריין, אין גרינעם מאַרק, אין נייעם מאַרק, וואָס געוויינלעך זיינען זיי גאָר קיין מערק נישט. אויפן גרינעם מאַרק געפינט זיך דער ליסט־גאָרטן און אויפן נייעם מאַרק קומען פאַר גאַלאַוועקעס, מאַרשירן סאָלדאַטן.

דינסטיקס און פרייטיקס לעבן אַלע גאַסן מיטן דופק פון טאָרג.

טערגער, ירידים פאַרכאַפּן אַלץ, יעדעס פרייע ווינקעלע אין שטאָט. עס לעבט אויף דער מאַרק, עס לעבן אויף אַלע גאַסן.

פון גאַנץ פרי אָן פאָרן פויערים און פויערטעס אין איין אָדער צווי פערדיקע פורלעך פול אָנגעלאָדנטע מיט תבואה, טינדלעך אויבסט, קאַטשקעס, געגנדז, הינער, און אינדיקעס. וואו־נישט־וואו ליגט אַ חזיר, ליגט אַ קאַלב אויפן וואָגן און פון הינטן זיינען צוגעבונדן אַ יינג פערדל, אַ קו...

דאָרפישע פוס־גייער און גייערקעס טראָגן אין שטרויענע קוישן „אַסלעס״ פוטער, קעזן, שמאַנט אין ערדענע קריגן, קערשן, טרושקאַווקעס אָדער גאָר אַן עוף. ווער עס פירט אַ בהמה און ווער עס טרייבט אַ סטאָדע געגנדז.

דאָס אַלץ ציט צום מאַרק מיט גערויש אָן אויפהער, פון אַלע וועגן, גלייך רוישנדיקע טייכלעך לויפן אין אַ גרעסער וואַסער אַריין.

דאָס געפּילדער און לויפעניש איז גרויס. רואיקע ידן און ידענעס, שטילע מענטשן פאַרענדערן זיך אין טאַרג־טעג אויף נישט צו דערקענען. מען פאַר־געסט זיך אין גאַנצן, מען קריכט פון דער אייגענער הויט אַרויס. ידן און ידענעס לויפן נאָך איינצלנע דאָרפס־גייער, פויערישע וועגעלעך; ווער עס טאַפּט אַ זאַק קאָרן, ווער עס כאַפּט אַן עוף פון וואָגן אַראָפּ, בלאָזט אויפן הינטערשטן חלק וויל דערגיין צי עס איז געגוג פעט. אַן אַנדערער ווידער לאָזט זיך גאָר פירן אַ קאַלב, זאַלבעצווייט, אָדער זאַלבעדריט. איינער שלעפּט דאָס קאַלב פאָרן קאָפּ, אַ צווייטער דרייט פאַרן וויידל עס זאָל שנעלער גיין. צולייגן אַ האַנט אויף אַ זעקל תבואה, אַ בהמה, אַן עוף איז אַ סגולה צו ווערן אַ שותף צום, אַזוי אויך מאַגערן ריווח. מעקלערס, פאַרקויפערס, איבערקויפערס און סתם ידענעס, באַלעבאַסטעס שטופּן זיך אַרום וועגענער אויפגערעגטע, דערגיזלטע. מיט קול־קולות וויל מען אַרויסרייסן מיט מי און מאַטערניש דעם גראָשן פרנסה. צייטן ווערן שווערער, מיילער ווערן מערער.

דער הויפּט־האַנדל איז תבואה. מען כאַפּט אַ פורל תבואה, לויפט אַוועק מיטן פויער אין אַ שפּייכלער אַריין פון אַ גרעסערן תבואה־סוחר, אַ מרדכי לייב ראַק, אַ ברוך אייזנבערג, משה ציטרין, משה דוד זלאַטניק, מאיר ריינגעווירץ, אברהם ריבאַק, פישל פרענקעל אאַז״וו, אאַז״וו. באַקומען „פון זאַק״ לויפט מען ווייטער זוכן אַן אַנדער פורל.

שטייט מען שלעכט מיטן שפּייכלער, פירט מען דאָס ביסל תבואה גלייך אין מיל אַריין.

מילן אין שטאָט זיינען ידישע. תבואה און מעל גייט פון מלאַווע אין אַ סך שטעט און שטעטלעך אין דער מדינה און קיין אויסלאַנד.

די גרויסע דאַמף־מילן פון משה־יוסף טשאַרקע, פון לעדער און מונדלאַק, פון מאַנדזשאַק און פערלמוטער זיינען באַקאַנט איבער גאַנץ פוילן. אויסער דעם זיינען אין שטאָט נאָך פאַראַן קלענערע מילן. גרינבערגס, דעם פעטערקוזערס,

בערלינקעס, דעם קאַשעמאַכערס מיל. דאָס קלאַפּן פון מילן פילט אָן דאָס האַרץ מיט היימלעכקייט, פאַריאָגט שרעק און מורא פון מענטשן וואָס גייען אַליין ביינאַכט. מילנער זיינען ווייסע מענטשן, וואָס פאַר זיי האָט מען נישט מורא ביינאַכט, זיי פאַרשפּרייטן אַרום זיך אַ געפיל פון וואַרעמקייט און זעט.

יידישע מילנער קויפן תבואה דורך מעקלערס, באַצאָלן שכר טרחה, ווי דער שטייגער איז פון „זאַק". נאָר איין גרויסע יידישע מיל האָט געבראָכן דעם מנהג, געוואָלט אַראָפּרוימען פון מאַרק דעם יידישן מעקלער. די מיל האָט געצאָלט טייערער פאַר תבואה, ווען דער פויער איז געקומען אַליין אָן אַ מעקלער. דער לעבנס־קאַמף צווישן פאַרשיידענע קלאַסן טוט זיך ביסלעכוויז אויס פון די פּאַטריאַר־כאַלישע מלבושים, וואָס האָבן אים געהאַט פאַרשלייערט דורות לאַנגע, נעמט זיך באַווייזן, ווי אומעטום אויף דער וועלט, נאַקעט.

אין דער צייט, ווען דער האַנדל גייט אָן אין די גאַסן, פילט זיך אָן דער מאַרק מיט הונדערטער דאָרפישע פערד און וועגעלעך, וואָס שטעלן זיך אויס ענג איינס לעבן ס'אַנדערע פון ביידע זייטן תפלה. אויף דעם איבערגעבליבענעם שטח צע־שטעלן זיך יידישע און גוישע בעלי מלאכות מיט זייערע האָלצערנע „שטעלן", ביידלעך און טישן פול סחורות און געבעקס. יעדער בראַנזשע האָט איר אייגן אויסזען. ביידלעך פון שניידערס זעען אויס ווי שטובן מיט לייוונטענע ווענט באַ־האַנגען פון אַלע זייטן מיט ברייטע אָנצוגער. יאָרן־לאַנג ציען דאָ חיונה די „טאַנדעטניקעס" בנימין סאלדאנסקי מיט זיינע זין, משה גזשעביעניאַזש, וויעלגאַ־לאַרסקי שניידער, קורטא און נאָך פיל אַנדערע משפחות.

לעבן די שניידערס שטייען אין זעלביקן סדר זייט יאָרן אויף דעם זעלביקן פּלאַץ די היטל־מאַכער מענדל יוחננס, מאָטע גרינבערג, אאַז"וו. זייערע שטעלן זיינען קלענערע, פיל געפּאַקט מיט גוישע היטלעך מיט לאַקירענע דאַשקעס מכל המינים.

ווייטער שטייען „קאַזלעס" באַהאַנגען מיט שיך און שטיוול, דער לאַמער שמחה מיט די בנים, דער לאַמער לייבטשע, לאַפּעטשאַק.

אויפן טיש זיינען אויסגעלייגט לאַבנס ברויט, ווייסע זעמל, צוקערוואַרג, קוואַס און קיבלעס פלאַשן, סאָדע וואַסער מיט סאָק, זויערע אוגערקעס, הערינג. גאָר אויף דער ערד לייגן זיך פונאַנדער סוחרים פון בלוי געפעס און גלאַזוואַרג.

אַלע יידישע געשעפטן אין מאַרק, אַלע „שטעלן" זיינען פול געפּאַקט מיט פויערים און פויערטעס, וואָס זיינען אַהער געקומען אין שטאָט אַריין איינקויפן. דער פּרובירט אַ קאָסע און דער האַנדלט איין אַ פּאָר שטיוול, אָן אַנצוג, אַ היטל, גויעס שלעפּן נאַפט, זאַלץ, הערינג, געבלימטע קאָפּ־טיכלעך, ווייסע לייוונט, קרעלן, קאַטאַרינקעס שפּילן, קונצנמאַכער „ברעכן זיך", שלינגען פייער, עסן מעסערס.

ווען דער גוי דערפילט דעם גראָשן, פאַרגלוסט זיך אים אַ טרונק בראָנפן. נאָכן ערשטן זופּ קומט נאָך איינער און נאָך איינער. געמיטער היצן זיך פונאַנדער,

מען הויבט אָן רעדן העכער, הויבן הענט. באַלד גיסט זיך בלוט פון קעפּ, פון נעז. געשרייען, קללות פליען אין דער לופטן. עס איז נישט געווען קיין איין טאָרג־טאָג אָן קלעפּ און אָן בלוט.

אין דעם געווימל פירט זיך דער האַנדל ביז די שפּעטע נאָך מיטיק־שעהן. גויים נעמען זיך פונאַנדערפאָרן, בעלי מלאכות צענעמען „שטעלן", מידע שלעפּן זיי שווערע פיס אַהיים ביזן קינפטיקן טאָרג. דער מאַרק ווערט לידיק, בלייבן בלייבט נאָר דאָס מיסט פון מענטשן און בהמות.

אין טעג פון ירידים איז דאָס גערויש און געפּילדער נאָך גרעסער, מער גויים פון דערפער, מער יידישע הענדלער, אַזש פון וואַרשע קומט מען צום מלאַוועער חודש־יאַריד.

אין וואָכעדיקע טעג רוט מען נאָכן טאָרג. מען האָט זיך געקענט אָוועקזעצן, לייגן שלאָפן אין מיטן מאַרק און קיינעם וואָלט דאָס נישט געווען שטערן. דער גרויסער שטח איז האַלב לידיק, ווי פאַרשלאָפן. לאַנגווייליק דרייען זיך יידן מיטן שטעקעלע אין האַנט, מיטן שטעקעלע אויפן אַקסל, אַ שטרוי אין מויל. דער שיינער יהונתן סעגאַל, דער קליינער מאַטעלע זילבערשטיין מיט אַ ציגאַר אין מויל, וואָס רעדט האַלב־דייטשמעריש. דער הויכער זלמן לידזבאַרסקי מיטן שירעם, מאַרדאַוויטש, מאַטעס (מתתיהו) כץ, משה ציקערקאָרן, פּנחס לובלינער, אריה לייב פריד, העניך סקורקאַ, און נאָך און נאָך יידן. צו טאָן איז נישטאָ, האָבן יידן ליב זיך אַרומצודרייען אין מאַרק, טרעפן אַ מענטש, הערן אַ וואָרט, כאַפּן אַ שמועס. אין וואָכעדיקע טעג איז דער מאַרק אַזאַ מין גרויסער קלוב מיט אַ סך ווינקעלעך. אין יעדן ווינקעלע טרעפן זיך אַנדערע מענטשן, צעשפּילט זיך דאָס לעבן אויף אַן אַנדער אופן.

יידן סוחרים זיצן אין אָפענע קראָמען, גענעצן מיט אַ פולן מויל, מיט גרויס הנאה גלייך אין מאַרק אַריין, ווער עס קוקט אַריין אין אַ ספר, ווער עס היצט זיך אין אַ שמועס וועגן פּאָליטיק, יידישקייט און ווער אַזוי, ווי סאנע אייכלער, כאַפּט גאָר אַריין אַ פּאַרטיע שאַך אין געוועלב אין מיטן העלן טאָג.

פון משה ווילנערס פּענצטער טראָגן זיך קלאַנגען פון אַ „שטיקל" חזנות, עס שפּילט דער גראַמאָפאָן אָדער ווילנער אַליין שאַרפט זיך דעם האַלדז ביים אַריינטיפן זיך בשעת מעשה אין אַ זייגער, וואָס איז שטיין געבליבן — „מאי קא משמע לן דער זייגער?..."

זיין שכן יוסף ראַדאַק, דער גבאי פון שול, שטענדיק אָנגעטאָן אין אַ ריינער שוואַרצער טוכענער קאַפּאָטע שמייכלט גוטמוטיק אין זיין קליין גרוי בערדל אַריין. אַ געדאַנק, אַ נייער געדאַנק איז אים אַריין אין קאָפּ, אַ נייע רפואה. ער רעדט זייער שטיל, אידל, ווי עס פּאַסט פאַר אַ ייד אַ חלוש, אַ רופא אין שטאָט, גייט לאַנגזאַם, טריט ביי טריט, נישט געאיילט זיך. דער וואָס ברויך, וועט קומען צו אים. רעדנדיק צו זיך לויפט שנעל מיט קליינע טריטעלעך דער גראַב־בייכיקער

איטשעלע זעלצאַק. ער לויפט כאַפּן עפּעס אַ שררה אין דער גוישער צוקערניע, רעדן רעדט ער צו זיך אַן אויפהער, שווער צו פאַרשטיין, וואָס ער זאָגט. ער שלינגט די ווערטער. אָבער נישט פון ווערטער איז ביי אים געוואַקסן דער בויך. איטשעלע האָט ליב צו כאַפּן אַ טרונק בראַנפן מיט אַ פאַרבייס, וואו עס לאָזט זיך נאָר. ער לאַכט פון זיין גראָבן בויך: — „וויפיל ער קאָסט דער פוענץ, זאָל איך פאַרמאָגן, וויפיל ער איז ווערט, זאָל ווישניעווסקי משומד האָבן".

ווי אַ קאַלב נאָך די קו לויפט אים נאָך אַן אויסגעדאַרט מענטשל מיט אַ רויט פנים, ציטערנדיק שטענדיק פון קעלט, אַפילו אין הייסע זומער־טעג — דאָס איז זיין ברודער „לוזער", דער איין און איינציקער יידישער שיכור אין שטאָט. מיט איטשעלעס בויך האָט זיך געקענט פאַרגלייכן נאָר איינער, דער קליינער גלעזער לייבעלע „פּולטאַראַק", וועמען מען האָט חתונה געמאַכט אויפן בית עולם מיט אַ קאַליקע די כאַלערע זאָל אויפהערן אין שטאָט. ער איז געווען אַ ציוני. פאַר־מאָגט אַן אַקציע פון דער יידישער קאָלאָניאַל באַנק און „גערעדט" עבריס (עברית) אַפילו אין דער וואָכנס.

לעבן וואָלף בראַכפעלד שטייען די טרעגער, אָנגעגאַרטלט מיט גראָבע שטריק. זיי קוקן אויס אַ שטיקל אַרבעט. פונדערווייטנס גלאַנצן קעפּ פון „לאַדנעס". דער אַלטער מרדכי לאַדנע מיט דער לאַנגער געלער באָרד ווערט שוין יאָרן־לאַנג אויסגעריסן אין טרעגער־פאַך, יעצט זיינען צוגעקומען זיינע זין יצחק, איסר און שיע. לעבן זיי שטייט אַ ייד אַ גברן דער „רויטער טל־ומטר". דער טרעגער „מה־טובו", וואָס האָט גערנוויליק אַליין זיך צוגעקלעפּט אויפן גאַנצן לעבן דעם צונאָמען. ווען די טרעגערס האָבן אים חתונה געמאַכט, אַריינגעפירט נאָך דער חופּה אויף „יחוד" מיט זיין יינג ווייבל האָט ער נישט פאַרשטאַנען, וואָס מען וויל פון אים. אויפגערעגט זיך געלאָזט לויפן איבערן צימער אַהין און צוריק, הין און צוריק. חברה טרעגער, זעענדיק דורכן פענצטער זיין פאַרלעגנהייט, האָבן אָנ־געהויבן שרייען: — „נו הייב שוין אָן!" — „פון וואַנען?" — „פון פאַרנט!" — און... ער האָט זיך אָוועקגעשטעלט זאָגן „מה טובו".

קעגן מיטאָג צייט דאַרף אָנקומען די באַן פון וואַרשע. אין מאַרק ווערט היימלעכער. יידן און יינגוואַרג זאַמלען זיך לעבן מענדל ווישינסקיס הויז. מען וואַרט אויף די צייטונגען, וואָס מענדל באַשקעס אַליין, זיין זון מאָטל, אָדער די טאָכטער, מרים, דאַרפן יעדער מינוט ברענגען פון דער באַן. אַלע וואַרטן אומגע־דולדיק, גלייך ווי דער בלאַט וואָלט געווען אימשטאַנד צו ענדערן זייער גאַנץ לעבן. אַלע וואַרטן אויף נסים, ישועות און נחמות, גוטע בשורות יעדן טאָג.

ווי נאָר מען דערזעט דאָס פּעקל צייטונגען טוט מען זיך אַ וואָרף אויף מענדלען, ווי בינען, ווי הונגעריקע היישעריקן. מענדל שרייט, געוואַלדעוועט, זידלט דעם עולם מיט בלאָטע צוגלייך. יעדערער וואונדערט זיך פון וואַנען נעמט זיך דאָס צו אַזאַ אויסגעדאַרט יידל אַזוי פיל כוח צום שרייען.

געכאַפּט דעם בלאַט, צעפּאַלט זיך דער עולם. איבערן מאַרק שטעלן זיך אַוועק יידן לייענען די צייטונג, טייל בלייבן אַליין, וואו נאָר זיי געפינען זיך אַ פּלאַץ, אַנדערע רוקן זיך צו צו אַ רעדל יידן, וואו מען לייענט די צייטונג אויפן קול, צוזאַמען מיט טייטש. בעלי־חזקה קומען לייענען דעם בלאַט צו אַ שכן, אַ ידיד, אין גע־וועלב, אין דער היים.

חזקה־לייענער ביי חיים אליהו פּערלאַ אין אייזן־געשעפט זיינען די חברים פון מזרחי, משה צוקערקאָרן, אריה לייב פריד, שלמה פישער, פנחס לובלינער, לייבוש לובלינער און דער „קאָנסול" פון די ציוניסטן, אברהם בנימין מאַגנישעווסקי. קומט אָבער משה ביאַלעק, איז אויס צייטונג. ער כאַפּט זיך צו צום בלאַט, ווי אַ קאַץ צו פּוטער. ער לייגט זיך אויס מיט דעם בלאַט איבערן טיש, אַטעמט שנעל, ברומט משונהדיק פון זיין קורצן האַלדז אַרויס ווי פון אַ גרעגער, און שלינגט די צייטונג מיט אַרויסשטאַרנדיקע אויגן. פון קעפּל ביז דעם אונטערשריפט פון רעדאַקטאָר. דאַן ערשט לאָזט ער די צייטונג אַרויס פון האַנט, שטייט אויף און זאָגט:—„אַ גרויסע צאַטונג, פול צום לעזן — נישטאָ וואָס צו לעזן". דער וויזיט ביי חיים אליהן איז פאַרענדיקט. אַזוי זעט דאָס אויס יעדן טאָג.

ציוניסטן, קורץ געקליידעטע, זאַמלען זיך אין שניט־געשעפט פון אברהם אייזיק ביעזשונסקי. דאָרט פירט דאָס רעדל חיימוש, וואָס מיינט, אַז ער ווייסט אַלץ.

אַ גאָר אַנדער עולם זאַמלט זיך לעבן וואָלף בראַכפעלד, לעבן אָראַנאָוויטשעס טיי־געוועלבל. דאָ מאַכט מען חוזק פון דער גאַנצער וועלט מיט דער פּאָליטיק צוזאַמען. דאָ גלויבט מען שוין אין גאָרנישט נישט, עס פליען וויצן, חכמות, מעשה קונדס אָן אַ סוף.

דאָס רעדל פירט לייבל בראַכפעלד צוזאַמען מיט אליעזר ווישינסקי, דער געשוואוירענעם סופלאָר פון אַלע טעאַטער־שפּילן אין שטאָט. אַרעק גרינבערג, דער רעזשיסאָר פונעם דראַמאַטישן קרייז, דער טעאַטער־שפּילער, וואָס איז נאָר־וואָס אַרויסגעקראָכן פון בעט בלייבט אויך נישט שולדיק קיין ענטפער. מאיר קאַנאַרעק, זיגמונט ליפשיץ, שיע קשעסלאַ, חיים יוסף אייכלער הערן, האָבן הנאה. פייוול אַפּאַטאָווסקי וואָס גייט פונקט פון תלמוד תורה לייגט צו אַן אויער, שמייכלט און שווייגט.

חאסקל בערמאַן, וואָס איז שוין אויסגעוועזן אַ וועלט, צוריקגעקומען קיין מלאַווע פון לאָנדאָן, ניו־יאָרק קוקט זיך צו צו דעם אַלעם מיט אויגן פול ביטול און גרינגשעצונג. ער שטייט לעבן בוטשע אײדלשטיין, די הענט פאַרלייגט אין די אַרבל און רעדט ווי צו זיך: — „גאָלדענע שטיינער דאָ אין פּוילן, וואו נאָך אין דער וועלט קען מען אַזוי ווייניק אַרבעטן און אַזוי לייכט לעבן?"

פון ווינקל צו דער פּלאַצקער גאַס באַווייזט זיך אין מאַרק אַ דין שוואַרץ מענטשל הויך ווי אַ גאָטישער טורעם. אויף זיינע לאַנגע האָר זיצט אַ קליין שוואַרץ קאַ־פּעלושל, פּעלערינעס שוואַרצע, איינע לענגער פון דער אַנדערער פאַלן וועלנאַרטיק

אַראָפּ פון הויכן האַלדז ביז צו דער ערד. דער מענטש האַלט אַ געבעט־בוך אין האַנט, לויפט אַ פּאָר קליינע טריט אין איילעניש פאַראויס, ציט זיך באַלד צוריק אַ צוויי דריי שריט. זיין ווייך מויל מורמלט אומפאַרשטענדלעכע ווערטער: — „פוידע גיע פוידע", זאָל איך גיין? — ניין, כ'וועל נישט גיין! און אַזוי לויפט ער אַהין און צוריק איבערחזרנדיק די זעלביקע ווערטער: — זאָל איך גיין? — ניין, כ'וועל נישט גיין! — דאָס איז קרולעוויצקי, דער גוי, וואָס דאַוונט צו דער לבנה. ער לויפט אַזוי יעדן טאָג אַ פּאָר מאָל איבערן וועג פון דער עוואַנגעלישער קירכע אין דער פּלאַצקער גאַס צו דער רוימיש־קאַטוילישער תפלה אין מאַרק אַריין, גלייך ווי ער וואָלט דאָ אויף דעם וועג פאַרלוירן געהאַט זיין גאַנץ לעבן.

ביימער אַרום מאַרק נעמען זיך אויסציען, שאָטנס ווערן לענגער, עס ווערט שפּעט. מענטשן נעמען זיך לאַנגזאַם פונאַנדערגיין. נאָכמיטאָג רוט דער מאַרק.

אין די פאַרנאַכטן ווערט דער מאַרק ווידער לעבעדיקער. די תלמידים פון מאיר שלמהס חדר פירן מלחמה מיט די ייִנגלעך פון חדר מתוקן. ביז די נאַכט פאַלט צו און מידע קינדער נעמען זיך פונאַנדערלויפן אַהיים, יעטוועדער אין זיין געסל אַריין.

יעצט שטערט שוין מער קיינער נישט די רו פון מאַרק, וואָס פאַרפאַלט אַלץ טיפער אין אַ פאַרשלאָפענער לייִדיקייט פון אָן אָוונט אין דער וואָכנס.

## 4. איינוואוינער פון אַלטן מאַרק

אַרום און אַרום מאַרק האָבן זיך געפונען אַנגעשפּאַרט איינס אויף דאָס אַנדערע יידישע קראָמען, געוועלבער און גאָר גרויסע געשעפטן. מיט שניט־סחורה האָבן פאַרזאָרגט מלאַווע און די אומגעגנט די געשעפטן פון אברהם אייזיק ביעזשונסקי, וואָלף בראָכפעלד, שמחה וויערניק, אלתר כהן און די קלענערע גע־וועלבלעך פון די לאַנדעס. גרויסע אייזן־געשעפטן האָבן געהאַלטן חיים אליה פּערלאַ, פּנחס מאַנדרי, יצחק ראָזן, שמעון ליפּסקער. לעדער האָבן געפירט יוסף פּילאַר, בוטשע עדעלשטיין, זילבערמאַן. דאָ האָבן זיך געפונען גרויסע גאַלאַנ־טעריע־געשעפטן פון די אייכלערס, קאָופמאַן, בעריש צייטאַג, בלומענקראַנץ און מייזליק. יואוועליר־ און זייגערמאַכער־געשעפטן פון משה ווילנער, פייבוש שפּירא, משה אַפּאַטאָווסקי, די ווײַן־געשעפטן פון דוד־הערש מאָקאָווסקי, יהודה מאיר לידזבארסקי ביז דעם אָריגינעלן ווײַן־האַנדל פון בונעם עסטרייכער. די גרויסע קאָלאָניאַל־געשעפטן פון לייב ליפּשיץ, פראַנק און קאַנעצקי ביז דעם קליינעם בשמים־געוועלבל פון משה גבאי. געשעפטן זיינען געווען „אַנגעזיקעוועט" מיט סחורות, האָבן געהאַנדלט הורט מיט די אַרומיקע שטעטלעך און דערפער. פּרנסה

איז דאָ געווען מער בריוח ווי ביי יידן פון אַנדערע גאַסן. האָבן מענטשן טאָקע צייט געהאַט ווער אַריינצוכאַפּן אַ בלאַט גמרא, ווער אַריינצוקוקן אין אַ ספר, „פירן פּאָליטיק", פאַרנעמען זיך מיט כלל זאַכן, מיט פּאַרטייען, שטאָטישע ענינים אָדער גאָר שפּילן שאָך אין מיטן העלן טאָג. געשעפטן האָבן זיך שוין געפירט אַליין, „פּרנסה איז ביי גאָט", טאָ צו וואָס איינרייסן? סוחרים איינרייסערס, מענטשן מיט איניציאַטיוו, קאָמבינאַציעס און קאַלקולאַציעס, וואָס פאָרן, לויפן און גלויבן, אַז אַלץ ווענדט זיך נאָר אָן זיי, פּרנסה אויך — זיינען אויפן מלאַווער מאַרק געווען אויף די פינגער צו ציילן. די מיינסטע זיינען געוואָרן סוחרים צוליב אַ צופאַל, אַ שידוך, אַ ירושה. מסחר איז ביי זיי נישט געווען דער עיקר. דאָרט וואו מען האָט נאָר געקענט, האָט מען דאָס געשעפט געלאָזט פאַרן וויב, פאַר אַן אונטערוואַקסנדיק יינגל. קען דאָך נישט אַ ייד זיין גאַנץ לעבן־לאַנג פאַרברענגען אין פאַרקויפן טשוועקעס, מיטן מעסטן סחורות אויף דער אייל. אין רואיקע צייטן האָט די ווירק־לעכקייט באַרעכטיקט אַזאַ לעבנס־פילאָזאָפיע, וואָס האָט זיך אויסגעדריקט אין די ווערטער „פּרנסה איז ביי גאָט". שווערער איז געוואָרן, אַפילו גאָר שווער, ווען צייטן האָבן אָנגעהויבן ווערן אומרואיקער און ערגער. אַפילו אין מאַרק האָבן זיך אָנגעהויבן באַוויזן פּוילישע געשעפטן. „פּיקעטניקעס" פאַר די טירן פון יידישע געשעפטן, לאָזן קיין גוי נישט אַריין קויפן ביים ייד. האַנדלס־טראַדיציעס פון דורות, מנהגים נעמען זיך טרייסלען צוזאַמען מיט די פאַרוואָרצלטע, ווי עס האָט זיך געדאַכט, דורך יאָרן יידישן עקזיסטענצן.

אויף דעם פיר־ווינקלדיקן פּלאַץ, וואָס האָט געהייסן „אַלטער מאַרק" האָבן געלעבט יידן אויסערלעך ענלעך אין זייער אָנטאָן, זייער אויסזען, גערעדט מיט דער זעלביקער שפּראַך, געצויגן חיונה הויפּטזעכלעך פון מסחר, „געהאַלטן" פון די זעלביקע שבתים, ימים־טובים און דאָך געווען אַזוי אַנדערש.

דאָס אייזן־געשעפט פון ר' חיים אליהו פּערלאַ געפינט זיך אין מיטן מאַרק, אַנטקעגן דעם מאַגיסטראַט. גייט אַ ייד אין מאַגיסטראַט אַריין דערליידיקן אַן ענין כאַפּט ער זיך דערווייל אַריין אַהער „הערן אַ וואָרט" אָדער גאָר זיך אַליין לאָזן הערן. גייט אַ ייד סתם זיך אַזוי אין מאַרק און האָט נישט, וואָס צו טאָן, פאַרווילט זיך אים זען, וואָס עס הערט זיך ביי פּערלאַן. אויסער דעם געפינט זיך דאָ די „צענטראַלע" פון „מזרחי" אין שטאָט. די קאָמיטעט־חברים קען מען דאָ זען יעדן טאָג, צווישן זיי משה צוקערקאָרן — דעם גבאי פון מזרחי, דעם ייד מיטן „ברען" מיט תקיפות, מיט אַ וואַרעם יידיש האַרץ, וואָס איז פול מיט צער און ליבע פאַר אַ ייד. חיות ציט ער מער פון אַ גוטער ידיעה פון ארץ־ישראל, ווי פון זיין האַלץ־האַנדל. מיט פייער פון אַ געוועזענעם גערער חסיד רעדט משה צוקערקאָרן מיט פאַרבי־טערונג קעגן די חסידישע רביים, וואָס זיינען קעגנער פון ארץ־ישראל. לויט זיין מיינונג האָבן דאָך די רביים זיך געדאַרפט שטעלן אין דער שפּיץ, צוזאַמען מיט זייערע חסידים זיין די ערשטע צו גיין קיין ארץ־ישראל, אָבער אַפילו אין זיין כעס

דערקענט מען דעם „יידישן גזלן", וואָס האָט ליב יידן עד כלות הנפש. זיין אויפ־רעגונג און כעס קעגן רביים שטערט אים נישט גלייך נאָך אַזאַ העפטיקן אויסברוך גוטמוטיק צו דערציילן אַ תורה, אַ גוט וואָרט פון אַ רבין. משה צוקערקאָרן איז געווען אַ ייד מיט אַ סך חן, אַ סך תמימות, וואָס האָט געברענט מיט שטאַרקער ליבע פאַר ארץ־ישראל.

אַן אַפטער גאַסט איז דאָ אויך געווען דער יונגער קאָמיטעט־מיטגליד פון „מזרחי" דער „געכאַפּטער" אריה לייב פריד. אַ בלאָסער ייגגערמאַן, אַ בעל מנגן, האָט ער ליב געהאַט זיך וואַרעמען ביים פייער פון זיינע עלטערע חברים. זיין יינג לעבן האָבן די דייטשישע בעסטיעס אָפּגעשניטן. אין מיטן מאַרק, וואו ער האָט אַ גרויסן טייל פון זיין לעבן פאַרבראַכט, האָבן אים די נאַציס אויפגעהאַנגען.

אין זייער געזעלשאַפט האָט מען פון צייט צו צייט געקענט זען דעם אַלטן לערער און בעלדקדוק, דעם לייטער פון אַ מאָדערנעם חדר ר' שלמה פישער. פישער פלעגט צולעגן אַן אויער, אויסהערן, וואָס מען רעדט, טיילמאָל אַריינוואַרפן אַ וואָרט, אַהיימגיין פאַרטיפט אין סקעפּטישע געדאַנקען — פאַרוואָס רעדן זיי נאָר וועגן דעם אַלעמען, אַנשטאָט צו טאָן. זיינס אַ באַליבט וואָרט איז געווען: „לא ממדבר הרים" פון „זאָגן ווערט מען נישט טראָגן".

אויב עס האָט פּאַסירט, אַז אַ יידישער בעל־מלאכה, אָדער איינער פון די שלוסאָזשעס, אָדער קאַוואַלעס, אַ קונה פון דאָרף, — אַז זיי זיינען געקומען קויפן אַ קאָסע, אַ האַק, אַ זעג איז דאָס געוועלב געוואָרן אַזוי געפּאַקט, אַז מען האָט געמוזט בלייבן שטיין אויף די טרעפּלעך. דעם אמת געזאָגט אינטערעסירט דאָס גאַנצע געשעפט דעם בעל־הבית זייער ווייניק. דער הויפּט־סוחר איז סיי־ווי־סיי איטשע. חיים אליהון האָט מען געהאַלטן אין שטאָט פאַר אַ ייד אַ שטיקל בעל־גאווה און נישט קיין צו זייער פריינדלעכן מענטשן. דער ריינער אמת איז געווען, אַז מען שטערט אים. מען שטערט אים שטאַרק. וואָס ווילן פון אים די אַלע לײדיקגייער, פּאָליטיקער, קונים, אין דער צייט, ווען ער איז גאַר מיט לייב און לעבן, מיטן קאָפּ און אַלע חושים זיינע פאַרטיפט אין אַ וואונדערבאַר אינטערעסאַנט ספרל. און וואָסערער ספר איז נישט אינטערעסאַנט? — אינטערעסאַנטער און וויכטיקער ווי אַלץ אַרום און אַרום, מיט די מענטשן און דעם אייזן צוזאַמען. זי־כער זאָגט מען אויף אַזעלכע מענטשן ווי חיים אליהו וואָס מען וויל.

די ליבע צום ספר האָט חיים אליהו, ווי עס ווייזט אויס, געירשנט פון זיין פאָטער ר' ירוחם פישל, דעם מחבר פון „ספר המצוות". אַ טיפער דורשט צו וויסן האָט אויסגעפילט דאָס גאַנצע וועזן, דאָס לעבן פון ר' חיים אליהו פערלא. אָבער צייטן זיינען געווען אַנדערע. איז ער פאַרוואַנדלט געוואָרן, על־פּי צופאַל, אין אַן אייזן־סוחר, אין אַ פאַמיליען־פאָטער, אין אַ געזעלשאַפטלעכן טוער, וואָס מוז צוזאַ־מענקומען מיט מענטשן אין דער צייט, וואָס ער וואָלט געוואָלט זיצן איינער אַליין אין אַ חדר מיוחד מיט אַ באַרג ספרים. ווען חיים אליהו האָט גערעדט וועגן ספרים

בכלל אָדער איבער רמב״ם, די גאונים, שפּינאָזע, איז די אויבנאויפיקע קאַלטקייט, שטאָלץ, די אומגעדולדיקייט, דאָס וואָס פלעגט אָפּשטויסן מענטשן, אין גאַנצן צערונען געוואָרן. עס איז געבליבן אַ מענטש פול ליבע און פּיעטעט פאַר דעם גע־דרוקטן וואָרט, פאַר דעם ריינעם מענטשלעכן גייסט.

דער נאָענטסטער באַגלייטער פון דעם ייִדן איז שטענדיק געווען אַ ספרל, אין געוועלב, אין שטוב און אַפילו אין „מזרחי״ ביים „לייענען״ איז ער געזעסן און מיט די קורצזיכטיקע באַברילטע אויגן, אַריינגעקוקט אין אַ ספרל. תמיד ריין גע־קליידט, האָט פון זיין שיין פּנים געשטראַלט מיט חכמה פון אַן אמתדיקן תלמיד חכם.

נאָר איין זאַך איז מסוגל געווען אָפּצורייסן אים פון טאָג־טעגלעכן לעבן. דאָס איז געווען די גרויסע ליבע און בענקשאַפט פאַר ארץ־ישראל.

דעם ערשטן טעם פון ארץ־ישראל האָבן אַ סך מלאַווער ייִדן, נאָך פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה געהאַט פאַרזוכט ביי ר׳ חיים אליהון אין שטוב, אין די יום־טוב נאָכמיטאָגן. דער כיבוד פאַר די טיש־זיצערס איז געווען „כרמל״־ווין. דאָ זיינען געמאַכט געוואָרן די ערשטע אומזיכערע טריט צו אַ ממשותדיקערע, רעאַלע אויספּאַסונג פון ארץ־ישראל, וואָס איז צו יענער צייט געווען מער „חלום״, ווי ווירקלעכקייט.

חיים אליהו האָט זוכה געווען צו זיין אין ארץ־ישראל איין איניקע מאָל, ער האָט דאָרט געקויפט לאַנד, איבערגעלאָזט פיר קינדער, און ער איז צוריקגעפאָרן קיין מלאַווע ליקווידירן זיינע געשעפטן, אָבער צוריק האָט ער שוין נישט זוכה געווען צו קומען. דער שטורעם אין פּוילן האָט אויך אים פאַר דער צייט טראַגיש אַרויס־געריסן פון לעבן.

חיים אליהוס שותף איז געווען זיין שוואָגער געצל גלאַווינסקי. אויך אים האָבן געשעפטן זייער ווייניק אינטערעסירט. אַ ייִד אַ חלוש, אַ געררער חסיד, אַ בן־תורה, פלעגט ער ווייניק זיך צונויפקומען מיט מענטשן. די קינדער זיינע האָבן באַקומען אַ וועלטלעכע בילדונג. זיין פרוי איז צו יענער צייט געווען פון די גע־ציילטע וואָס האָבן געהאַט וועלטלעכע בילדונג.

ווי אַ געשטאַלט נישט פון דער וועלט האָט אויסגעזען וואָלף ברײַנדלס, דער פאַרטרעטער פון מלאך־המות אין שטאָט. וואָלף ברײַנדלס איז תמיד געווען אַן אַלטער ייִד. ער האָט געשטאַמט פון גרויס יחוס, פון ר׳ אברהמעלע, דעם אַלטן טשעכאַנאָווער הויף. מענטשן האָבן פאַר אים מורא געהאַט. ער איז געווען דער שטרענגער גבאי פון חברה־קדישא. אַ הויכער דאַרער ייִד מיט אַ רויט פּנים און אַ שיטערער ווייסער באָרד, האָט ער אויסגעזען ווילד ווי איינער פון די כוהנים, וואָס האָבן געבלאָזן שופר פאַר די טויערן פון יריחו. טיילמאָל איז זיין פּנים געווען בלייך און געל אַן אַ טראָפּן בלוט, האָט אויסגעזען ווי געלער פּאַרמעט וואָס איז אָנגעצויגן איבער דאַרע ביינער פון אַן אַלט פּנים, ווי ביי אַ שומרישן כהן.

ביי וואָלף ברײַנדלס האָט מען געקענט קריגן טערקישע מאַרקן, זעקלעך ארץ־ישראלדיקע ערד, תכריכים. אַלץ וואָס האָט געהאַט אַ שייכות מיט טויט. זומער האָט ער געטראָגן אַ הויכן שוואַרצן הוט מיט אַ לאַנגער ריפּסענער קאַפּאָטע, ווינטער אַ פוטערן היטל מיט אַ גרויסן לאַנגן פוקסענעם פּעלץ.

האָבן צו טאָן מיט וואָלף ברײַנדלס איז נישט געווען קיין גרויס פאַרגעניגן. ער האָט געוועלטיקט איבער דער שטאָט מיט אַ שטאַרקער האַנט. פלעגט נעבעך אָפּשטאַרבן ביי עמיצן אַ יינג יינגל אָדער יינג מיידל האָט דער שטרענגער גבאי פון דער חברה קדישא נישט געוואָלט הערן קיין שום טענות, וואָס מענטשן האָבן געבראַכט כדי ווייך מאַכן זיין האַרץ — „צופּיל געלט?" — זאָגסטו — פאַרלאַנגט די חברא קדישא, און ווען דער טאַטע וואָלט דאַרפן געבן נדן, וואָלט דאָס אים ווייניקער געקאָסט? — עס איז דאָך שוין אַ כלה־מויד!" — פלעגט ער פאַרענדיקן מיט אַ הייזעריקן קוויטש.

ראש השנה צו מנחה פירט וואָלף ברײַנדלס אָן עולם יידן דאַוונען אויפן „שטעטל" אין דער שול אַריין. יעדן פריייטיק צונאַכטס גלאַנצן פּאַדלאָגעס פון געלן זאַמד. וואָלף ברײַנדלס פּראַוועט „שלום זכורס" מיט אַרבעס און ביר פאַר זיינע שכנים: חיים אליהו פּערלא, געצל גלאַווינסקי און פאַר זייערע קינדער. ער אַליין האָט קיין קינדער נישט געהאַט. בשעת די „שלום זכורס" באַווייזט זיך וואָלף ברײַנדלס מיט זיין גרויס בקיאות אין חישוב הקץ. זיין גאַנץ לעבן לאַנג באַשעפטיקט ער זיך מיטן אויסרעכענען, די צייט ווען משיח דאַרף קומען. ער ווערט גאַרנישט מיד אָפּצולייגן דאָס קומען פון משיחן פון יאָר צו יאָר און איז זיך מודה, אַז ער האָט ווידער אַמאָל אַ טעות געהאַט אין חשבון.

נאָך זיין טויט האָט מען געפונען אַ גרויסן כתב־יד פול מיט חשבונות, גימטראָות און נוטריקון, ווען עס דאַרף פּאַרט קומען משיח און ווען עס וועט שוין סוף־כל־סוף זיין תחית המתים. דער כתב־יד איז געבליבן ביי ר' איטשקען.

אין אַ קליין ווייס האָלצערן הייזל, אין מיטן מאַרק, האָט געוואוינט ר' איטשקע לאַנדוי דעם ביאַלער רבינס ברודער. אַ געזונטער ברייטער ייד מיט אַ הדרת־פּנים, לאַנגע געקרייזלטע פּאות, אָנגעטאָן אין שיך מיט ווייסע זאָקן, אין סאַמעט, זיידנס און אַטלאַס. אויפגעפירט האָט ער זיך, ווי אַ רבי, און געפּראַוועט טיש, ווי אַ רבי.

זיין שנור, באַקאַנט אין שטאָט אַלס מאַטל ר' איטשקעס, אַ שוואַרצע קופּקע באַפּוצט מיט קרעלן און פעדערן וואָס האָבן צוגעדעקט איר קלוגן קאָפּ, איז געווען זייער פּאָפּולער. זי האָט גערעדט פראַנצויזיש, רוסיש, פּויליש, אויסגערעדט אַל־דאָס בייז אויף די רביים און רבישע הויפן. איבעראַל איז געקומען צום אויסדרוק איר בונט, איר קעגנשאַפט צו די חסידישע אָפּגעשטאַנענקייט. פון איר חסידיש־נגידישער היים האָט זי מיטגעבראַכט שטאָלץ, זיכערקייט, ליבע צו פרייהייט.

איר טאָכטער חוה־איטע, די שפּעטערדיקע פרוי פונעם שריפטשטעלער סטופּ־

ניצקי איז געגאַנגען נאָך ווייטער. אַ מוטער פון דערוואַקסענע קינדער וואַרפט זי אַראָפּ דאָס שייטל, לאָזט איבער איר חסידישן מאַן דעם בטלן יענקל סאַניק און גייט אַוועק אויף נייע וועגן. נאָך ווייטער איז דערגאַנגען אהרן ר׳ איטשקעס איניקל. אַ בחורל אַ לערנער, אַ יינגל מיט געקרייזלטע פּיאות ביז די אַקסלען, אַן אָפענער קאָפּ, האָט ער זיך אין איין שיינעם טאָג געוואָנדן אין זיין אייגענעם נאָמען ווי אויך אין נאָמען פון זיינע שטיבל־חברים, צו אייניקע שילער פון דער יידישער גימנאַזיע זיי זאָלן זיי העלפן באַקומען וועלטלעכע בילדונג. אין הויז פון ר׳איטשקען איז געשאַפן געוואָרן אַ קרייזל פון אַפּיקורסים, געוועזענע חסידישע בחורים, אין אַפּיקורסות האָבן די דאָזיקע בחורים איבערגעשטיגן זייערע לערער.

אין שכנות מיט דעם קרייז פון פּורצי־גדר האָט געוואוינט אַ שטילער חסידישער ייד מיט אַ האַרץ פול אהבת ישראל. דאָס איז געווען מענדל מאַטקעס (סאַפּיר־שטיין) יוסף שוחטס ברודער. אויף אַ קליינגעוויקסיקן קורצן קערפּער האָט נאָך בולטער אויסגעזען זיין גרויסער קאָפּ, וואָס איז געווען באַדעקט מיט אַ הויך שוואַרץ יידיש היטל, וואָס האָט אים געמאַכט העכער ווי ער איז אין דער אמתן געווען, פון זיין שמייכלענדיקן פּנים האָבן אַראָפּגעהאַנגען לאַנגע, שטייפע, האַרטע האָר. יעדע האָר איז זיך געוואַקסן ווי „פאַר זיך" און פון אַלע צוזאַמען איז אַרויס מענדלס לאַנגע באָרד. דער קליינער גוף, די רירעוודיקע באַוועגונגען האָבן אים צוגעגעבן דעם שטיפערישן חן פון אַ יינגל. אין טאָג־טעגלעכן לעבן האָט ער מקיים געווען דעם כלל פון „הוה מקבל כל אדם בסבר פּנים־יפות", שטענדיק מיט אַ שמייכל, מיט אַ גוט וואָרט. ווען ער האָט געכאַפּט אַ יינגל האָט ער אים מכבד געווען קודם־כל מיט אַ חסידישן „קניפּ אין באַק" און געפרעגט וואָס ער לערנט. דאָס יינגל טאַנצט אונטער פון ווייטיק, מענדל לאָזט נישט אָפּ ביז ער פירט אויס זיינס. ער מוז באַקומען די ריכטיקע תשובה אויף דער שאלה, וואָס איז על־פּי־רוב געווען אָדער דקדוק, אָדער תנ״ך. כידוע זיינען תנ״ך און דקדוק נישט געווען קיין גאַנגבאַרע סחורה צווישן חסידים. מענדל מאַטקעס און זיין ברודער דער שוחט יוסף מאַטקעס האָבן ליב געהאַט צו באַווייזן זיך דווקא מיט זייער בקיאות אין תנ״ך און אין דקדוק. ביידע ברידער האָבן ליב געהאַט קינדער און ביי יעדער געלעגנהייט זיי „פאַרהערט". די נייגונג איז ביי אים פאַרבליבן אַלע יאָרן. ווען קינדער זיינען אויסגעוואַקסן, אַוועק אויף אַנדערע וועגן, איז מענדל נאָך אַלץ גע־בליבן דער אַלטער, גוטער פריינד.

מיט איינמאָל איז מענדל מאַטקעס פאַרשוואונדן פון מאַרק, וואו מען פלעגט אים זען יעדן טאָג. מענדל איז שלאָף געוואָרן אויפן האַרצן. אין דער קרענק האָט ער געהאַלטן אין איין בעטן מען זאָל אים דערציילן וועגן ארץ־ישראל, וועגן יידן, וועגן הייליקע מקומות. קומט אַריין הערש בער לאַנדויס זון, איינער מאַנשי שלומינו פון אַלעקסאַנדער שטיבל, מבקר חולה זיין זיין חבר מענדל.

הערש בער איז געווען אַ חסידישער ייד, אַ לערנער. זיין געל־בלאָס פּנים

וואָס איז געווען באַוואַקסן מיט אַ שיטער שוואַרץ בערדל האָט נישט דערציילט פון אַ לעבן אין וואוילטאָג און רייכטום. פרנסה בצמצום, האָט הערש בער גע־צויגן פון טיטנמאַכעריי, און פון „ווערן אויסגעריסן" אויף ירידים אין פּאָמערן. ירידים אין פּאָמערן זיינען פאַר אַ יידן נישט געווען פון די לייכטע פּרנסות. פּוילישע כוליגאַנעס, פּיקעטניקעס, שליחים פון באָיקאָט קעגן יידן פלעגן פון צייט צו צייט באַפאַלן די אָרעמע יידישע הענדלער און צוגנבענען זייער סחורה. נישט לייכט איז אָנגעקומען אַזאַ ייד צו פאַרדינען אויפן שטיקל ברויט, גאָרנישט לייכט. יעצט איז הערש בער געקומען מבקר חולה זיין מענדלען — קיין בלומען האָט ער זיין חבר נישט געבראַכט, קיין פלעשל רויט וויין אָדער אַ פּאָמעראַנץ אויך נישט. ער האָט זיך אָוועקגעזעצט און געזאָגט: — מענדל, כ'האָב דיר געבראַכט „אַ וואָרט פון רבין" — בעת מעשה שלעפּט ער אַרויס פון קעשענע אַ ספרל פון אַלטן אַלכסנדער רבין „ישמח ישראל". — מענדלס בלייכע ליפּן האָבן זיך אָנגעהויבן באַוועגן, טיפע קנייטשן באַווייזן זיך אויף זיין פּנים, די אויגן האָבן ליכטיק אויפגעבליט. מען האָט געקענט זען ווי דאָס האַרץ פון קראַנקן צעגייט פון פרייד. בעת ער האָט גענומען דאָס ספרל האָט ער דערפילט, אַז דער רבי בכבודו ובעצמו איז דאָ אַהער געקומען און אים אויסגעשטרעקט זיין גוטע וואַרעמע האַנט.

אין דעם זעלבן הויז צוזאַמען מיט מענדלען האָט געוואוינט זלמן לידזבאַרסקי, אַ הויכער דאַרער ייד, אַן אַלכסנדער חסיד, געטראָגן שטענדיק אַ שוואַרצן רעגן־שירעם, געהאַנדלט מיט שניט, און צוביסלעך אויך הנאה געהאַט פון „פּראַצענט".

פאַרנט האָט זיך געפונען דאָס געוועלב פון גלאָז און בלוי־געשיר פון דער „סלאָדקע רבקה", מענדל לאַסקאַס ווייב. די פירמע איז געגאַנגען אויף איר נאָמען.

אין שכנות פון זיי האָט געוואוינט בונים וויינמאַכער, באַקאַנט אין שטאָט ביי יידן אַלס בונים שיעס, „עוד בי נשמתי". ביי גויים — בונים עסטרייך. אַן אויסגעדאַרטער ייד מיט אַ שיטער בלאָנד בערדעלע, וואָס רעדט מיט אַ קול פון אַ סריס און קוקט מיט פּחד דורך צוויי רויטע קראַנקע אויגן אויף גאָטס וועלט. זיינע מלבושים זיינען געווען ווי צוגעקלעפּט צום גוף, און איין מלבוש איז געווען לענגער פון צווייטן, ווי מען פלעגט זאָגן: „דער מיטוואָך איז לענגער פון דעם דינסטיק". פון אָפענעם העמד מיטן פאַרלייגטן קאָלנער איבער דער קאַפּאָטע האָט אַרויסגעקוקט אַ מאָגערער לאַנגער האַלדז מיט אַ גערגעלע וואָס לויפט אַרויף און אַראָפּ. אַפילו אין דער וואָכנס האָט ער געטראָגן אַ סאַמעטן היטל אויפן קאָפּל, שבתים — אַן אויסגעקראָכענעם פוטערנעם שטריימל, וואָס פלעגט אַ גאַנצע וואָך ליגן הינטערן בעט באַהאַלטן פאַר די מילבן. בונים איז געווען אַ געוואַלטיקער שלימזל. ער איז געווען אַ פאַרברענטער אַלכסנדערער חסיד. חסידים ליצנים דערציילן אַז ווען בונים קריגט געשלאָגן פון ווייב מיטן בעזים, באַהאַלט ער זיך הינטערן בעט און שריט אַרויס פון דאָרטן מיט זיין פייפנדיקער שטימע: „חצופה,

והוא ימשול בה", אַז בשעת אַ מלוה מלכה ביי אים אין שטוב איז די שמאַטע פון דער פאַדלאָגע אַרויסגעפאַלן פון טאָפּ גריץ.

אָפּגעזען פון די אַלע מעשיות, ריכטיקע, צו איבערגעטריבענע, האָט בונים שיעס זיך באַצויגן בדחילו ורחימו צו זיין ווייןהאַנדל און כדי ידן זאָלן נישט נכשל ווערן מיט „יין נסך" פלעגט ער שלעפן זיך וואָכן־לאַנג מיט זיין וויין אין טאַווראַווע וואַגאָנעס אַזש פון בעסאַראַביע און נישט קענענדיק קיין איין וואָרט פויליש אָדער רוסיש איז אים געלונגען אָפּצוהיטן דעם וויין פון אַ גוישער האַנט און אַ גוייש אויג.

גאָר אַנדערע מנהגים, אַן אַנדער אַטמאָספערע האָבן געהערשט אין דעם שכנותדיקן גרויסן הורט־געשעפט פון קאָלאָניאַל סחורות, וואָס האָט געהערט צו די שותפים די גבירים קאָנעצקי עט פראַנק. דאָ האָט מען געשעפטן געפירט אויף אַ מאָדערנערן אופן, עס איז געווען אַ קאַנטאָר, אַ טעלעפאָן, מען האָט פאַרשריבן אין ביכער. דער אַלטער קאָנעצקי איז שוין געגאַנגען קורץ געקליידט, אין אַ האַרטן שטייפן קאַפעלוש, דאָס בערדל געשוירן קורץ, גערעדט דייטשמעריש, הכלל אַ האַלב אַסימילירטער מענטש. זיינע קינדער האָבן באַקומען אַ דערציאונג, וואָס האָט זיי דערווייטערט פון ידן, אָבער נאָך יאָרן פון וואַקלענישן האָבן זיי צוריקגעפונען זייער וועג. העלעק האָט זיך דערמאַנט, אַז זיין ריכטיקער נאָמען איז הלל, צוריקגעקומען פון דעם אַסימילאַטאָרישן סקויטן־פאַרבאַנד א. מ. פון „בערעק יאָסעלעוויטש" און ביזן פאַרלאָזן פוילן געווען טעטיק אין „השומר־הצעיר". זיין שוועסטער באַרקאַ איז אויך צוריקגעקומען און יאָרן לאַנג געווען אַ חברה אין „השומר־הצעיר". זי האָט פאַרענדיקט איר יינג לעבן אין אַשוויענטשים.

אין איינעם פון די ווינקלען פון מאַרק לעבן דער פלאַצקער גאַס האָט זיך געפונען דאָס שניט־סחורה געשעפט פון וואָלף בראַכפעלד. אַ הויכער ייד מיט אַ געלער באָרד, אָפּיציעל אַן אַלכסנדער חסיד, איז וואָלף בראַכפעלד געווען נענטער צו די ענינים פון דער וועלט ווי צו חסידות.

פון וואָלף בראַכפעלדס גאַנצער פאַמיליע איז לעבן געבליבן נאָר איין זון אין ארץ־ישראל.

די שטאָט האָט אויך פאַרמאָגט אַ יידישע דרוקעריי. יידן האָבן געפירט געשעפטן, באַדאַרפט בריוו־פּאַפּיר מיט געדרוקטע פירמעס, חתונה־קאַרטן, לשנה־טובות, טעאַטער־אַפישן. אין די שפּעטערדיקע יאָרן האָט אויך אָנגעהויבן דער־שיינען אַ צייטונג אויף יידיש: „דאָס מלאַוער לעבן". דאָס גאַנצע מאַטעריאַל פאַר שטאָט און אומגעגנד איז געדרוקט געוואָרן אין דער דרוקעריי פון ר׳ לייבוש היינסדאָרף. אַ יידישער מענטש, וואָס האָט נאָך געדאַוונט אין שטיבל, ליב געהאַט צו וואַנדערן איבער דער דייטשישער, רוסישער, פּוילישער, יידישער אַלטער און נייער העברעאישער ליטעראַטור. אַ ייד וואָס האָט אין זיין טאָג־טעגלעך לעבן, ביי יעדן געשפּרעך אין יעדער געזעלשאַפט זיך אויפגעפירט לויטן כלל פון „דברי

חכמים בנחת נשמעים״. אַ חסיד, אַן אַריסטאָקראַט, וואָס האָט געהאַלטן אַז „דרך־ארץ קדמה לתורה״. יעדער נעטערער קאָנטאַקט מיט ר׳ לייבוש היינסדאָרף האָט אַרויסגערופן דעם איינדרוק, אַז מען שטייט פאַר אַ מענטש, וואָס לעבט ווי אַ געפאַנגענער אין אַ פרעמדער וועלט, כאָטש אויסערלעך איז ער שטענדיק רואיק און געלאַסן.

ר׳ לייבוש היינסדאָרף איז געווען טריי עפּעס אַ געמישטער לעבנס־פילאָזאָפיע וואו גלויבן, לעבנס־חכמה און טיפע רעזיגנאַציע האָבן געוואוינט אונטער איין דאַך. שטענדיק זיינען זיינע קורצזיכטיקע אויגן פול מיט וואַרעמקייט און ליבשאַפט געווען איינגעבויגן איבער אַ ספרל. אַלע האָבן זיך באַצויגן צו אים מיט דרך־ארץ, און באַוואונדערט דעם מערקווירדיקן מענטש, וואָס האָט באַוויזן צו לעבן בשלום סיי מיט פּראָגרעסיווע מענטשן, און סיי מיט די חסידים פון גערער שטיבל.

אין דער וואָכנס האָט ער זיך אָנגעטאָן קורץ. אין די שבתים איז ער געבליבן ביי דער זיידענער קאַפּאָטע מיט זיין קליין סאַמעטן היטל.

לייבוש היינסדאָרף איז געווען פון די רואיקסטע און באַשיידנסטע מענטשן אין שטאָט, וואָס גייען שטענדיק זייער וועג ביי דער זייט פון דער גאַס, כדי נישט צו שטערן אַנדערע דורכגייער.

אויפן אַלטן מאַרק זיינען נאָך געווען צענדליקער „הייזער״ און הונדערטער איינוואוינער: חסידישע, מתנגדישע, „פרייע״ און פרומע, ציוניסטן, בונדיסטן, פּאַלקיסטן און סתם יידן, תהילים־זאָגער, וואָס זיינען דאָ גאָרנישט דערמאָנט געוואָרן.

די הייזער פון דוד פּיזשיץ, לעדערבערג, לובלינער, מייזליץ, שמעון ליפּסקער, הענעך זילבערבערג, הערמאַן קלעניעץ און אַנדערע האָבן געשפּילט אַ ראָלע אין שטאָט, אויף פאַרשיידענע געביטן פון יידישן לעבן. ענלעך צי אַנדערש, פריי צי פרום, חסידים צי מתנגדים, האָט זיי אַ געמיינזאַמער גורל פאַרבונדן צו איין גרויסע נאָנטע משפחה.

נאָך איין בירגער וואָס איז ווייט געווען פון מסחר און וועלטלעכע ענינים האָט געלעבט דאָ אויפן אַלטן מאַרק. דאָס איז געווען דער מרא דאתרא ר׳ יחיאל משה סאַגאַלאָוויטש זצ״ל. ווי יעדער רב אין אַ יידיש שטעטל האָט אויך דער מלאַווער רב געהאַט זיינע אַנהענגער און קעגנער. דער האָט געטענהט אַז דער רב „האַלט״ מיט די ציוניסטן און אַן אַנדערער ווידער, — אַז ער האַלט מיט דער „אַגודה״. דעם איז ווידער נישט געפעלן געוואָרן דער אופן פון דרשענען. דער רב איז, וואָס אַן אמת, טאַקע נישט געווען קיין גרויסער רעדנער, שוין די ליטווישע אויסשפּראַך זיינע איז געווען פרעמד דעם עולם, אָבער יידן האָבן זיך באַצויגן, ניט געקוקט אויף אַלעמען, מיט דרך־ארץ צו זייער רב, און אים געהאַלטן פאַר אַ גרויסן למדן.

די גרויסקייט פון רב האָט זיך באַוויזן אין די יאָרן פון דער ערשטער וועלט־

מלחמה. בעת די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג פאַרלאָזט די שווער־געפּרואווטע שטאָט אין דעם פייער פון די פראָנטן, געבליבן זיינען נאָר איינצלנע יידן און מיט זיי דער רב. אַזוי לאַנג, ווי עס בלייבט נאָר נאָך איין ייד אין שטאָט, וועט ער אויך בלייבן, אַזוי האָט ער געזאָגט און געטאָן. מיט דער שטעלונג האָט דער רב זיך דערוואָרבן אַ סך ליבשאַפט און פאַרטרויען פון אַלע שיכטן פון דער באַפעלקערונג. נאָך מער האָט זיך אַרויסגעוויזן זיין גרויסקייט און ווערט, זיין צוגעבונדנקייט און ליבע פאַר זיין עדה בשעת דער לעצטער אויסראָטונגס־מלחמה. ווען מען האָט יידן דאָס ערשטע מאָל אַרויסגעטריבן פון שטאָט, האָבן זיי געוואָלט אָפּראַטעווען דאָס לעבן פון רב. דער אַלטער מלאַווער רב האָט אָבער נישט געזוכט קיין וועגן, ווי אַזוי צו ראַטעווען זיין לעבן אין דער צייט, ווען די גאַנצע עדה יידן איז אין סכנה. צוזאַמען מיט זיינע יידן איז ער אַרויסגעטריבן געוואָרן פון שטאָט און אויסגעהויכט זיין הייליקע נשמה אין גלות לובלין. ער איז געזעסן 49 יאָר אויף דעם כסא הרבנות אין מלאַווע.

## 5. הינטערגעסלעך

צוריק פונעם געיעג נאָך פּרנסה, פונעם אַרומלויפן איבערן מאַרק און לאַנגע האַנדלס־גאַסן, מיד פון דעם אַלעמען, ציט מען זיך צוריק אין די הינטערגעסלעך אַריין.

אויף דעם שטח, וואָס איז אָפּגעגרענעצט דורכן מאַרק, די וואַרשעווער און פּלאָצקער גאַסן, געפינען זיך די שול, בתי מדרשים, חסידים־שטיבלעך, חדרים, תלמוד תורה און די מקווה. דאָס גאַנצע יידישקייט האָט זיך צוזאַמענגענומען אין די הינטערגעסלעך, אָפּגעשלאָסן זיך פון דער שטאָט ווי מיט אַ קייט.

דאָ קומט אַ ייד דאַווענען, לערנען אַ בלאַט גמרא, אַ פּרק משניות, עין יעקב, הערן אַ מגיד, אויסגיסן ס׳האַרץ אין אַ קאַפּיטל תהילים.

דאָ ווערט יעדער פּרט אויפסניי פאַרוואַנדלט אין אַן אבר פון כלל. האַנדלען, באַשעפטיקן זיך מיט מלאכה קען מען איינער אַליין, אָדער בשותפות. דאַווענען, לערנען, תהילים זאָגן איז זיכערער, שטאַרקער צוזאַמען מיט נאָך יידן. יידן פון מאַרק פון געוועלבלעך און וואַרשטאַטן קומען דאָ אַהער אַנוואַרעמען זיך, שעפּן טרייסט, זוכן שוץ, זיין צוזאַמען.

אין שול־גאַס שטייט געמויערט די גרויסע שול. די אויסערלעכע ווענט זיינען געפאַרבט רויט און העל־בלוי, די הויכע האָלצערנע טירן — ברוין. דער דאַך רויט אויף הויכע ווייס־גרויע זאַלן. דורך הויכע וויטראַזשן גיסט זיך אין שול־אַריין די זון אין אַלע פאַרבן פון רעגנבויגן. פייגל, חיות און עופות, מלאכים — מיט כלי־זמר אויסגעמאָלענע דורך אַ נאַאיווער האַנט קוקן ווי דורך אַ בלויען נעפּל

פון הויכן באַלקן אַראָפּ. האַלצערנע טרעפּן פירן אַראָפּ אינעווייניק אין שול אַריין, וואָס שטייט נידעריקער פון דער גאַס.

אינדערוואָכנס ווערט אין שול נישט געדאַוונט, סיידן עס קומט פאָר אַ יידישער אָדער גויישער נאַציאָנאַלער יום־טוב, פאַרזאַמלען זיך יידן אין שול אַריין צו דער דרשה פון רב, וואָס ער האַלט געוויינלעך אין דער אַנוועזנהייט פון רעגירונגס־פאָרשטייער. חיים חייקל חזן מאַכט אַ „מי שברך" און ייִנגלעך זינגען דעם הימן לשלומה של מלכות.

אין די יאָרן נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה פלעגן זיך אויך עפענען די טירן פון דער שול פאַר אָנגעזעענע ציוניסטישע פאָרשטייער, פאַר יידישע סיים־דע־פּוטאַטן, אין די טעג פון הערצלס יאָרצייט, אין טאָג פון אָנצינדן דאָס ערשטע חנוכה־ליכטל. די איינציקע טעג ווען עס ווערט אין שול געדאַוונט זיינען שבתים און יום־טובים. אויסער די שטענדיקע דאַוונערס קומען אין די טעג חסידים און מתנגדים צוגלייך הנאה האָבן פון חיים חייקלען דעם חזן. אין די טעג איז די שול, און דאָס שול־געסל פול מיט יידן, מענער און פרויען אָנגעטאָן אין די בעסטע און שענסטע שבת־יום־טובדיקע קליידער.

אויסער דעם קומען פאַר שבתים, וואָס צייכענען זיך אויס מיט אַ ספּעציעלער שמחה, אויפרופן אַ ייִנגל, אַ בר־מצוה, דאָס ערשטע מאָל צום ספר, אויפרופן אַ חתן אין שבת „פון באַשיטן", פירן אין שול אַריין אַ יינג ווייבל דעם ערשטן שבת נאָך דער חתונה.

אין אַזאַ שבת קומען אין שול־אַריין מיט די בעלי־שמחה־משפחה, מחותנים און פריינד, גלייך מען וואָלט זיך ווען טיילן מיט דער גאַנצער שטאָט.

נישט נאָר אויף שמחות פירט מען אין שול אַריין. דער לעצטער וועג פון אַ ייד פירט אויך אַדורך די שול.

ווי מחותנים פון ביידע זייטן שול שטייען די בתי־מדרשים. דאָס אַלטע וואַרעמע בית־המדרש איז פול מיט דאַוונער, תהילים־זאָגער, מגידים, בעלי־דרשות גאַנצע טעג און מיט לערנער גאַנצע נעכט.

בעלי־מלאכות הויבן אָן דעם טאָג באַלד אין דער פרי מיטן דאַוונען ביי דער השכמה, ווען עס הויבט נאָר אָן צו טאָגן. נאָכהער דאַוונען מנינים איינס נאָך ס'אַנדערע ביזן שפּעטן טאָג אַריין.

ביי לאַנגע טישן זיצן אויסגעזעצט בחורים ביי אָפענע גמרות און לערנען.

אורחים און אָרעמע־לייט וואַרמען זיך „הינטערן אויוון", נעכטיקן דאָ.

ביים אַריינגאַנג לייגט זיך אויס אויף טישן און בענק מיט זיין סחורה דער „געפּרוּווירענער צאָן", ווי מען האָט גערופן דעם ווענגראָווער בתניק. אַ פּאָר מאָל אין יאָר קומט דאָ אָהער דאָס פריילעכע יידל מיט פּעק סדורים, מחזורים, טליתים, ציצית, תפילין, מזוזות און מעשיות, אַנעקדאָטן, רכילות וואָס ער זאַמלט איבער גאַנץ פוילן.

אין אַלטן בית־המדרש זיצט מען גאַנצע טעג. בייטאָג לערנט דאָ מיט בחורים דער וואָלקער מורה הוראה. נאָכמיטיק און פאַרנאַכט זיצן בעלי מלאכות און סתם פשוטע יידן, וואָס קענען אַליין נישט לערנען און הערן זיך צו צום שיעור פון רב פון ר׳ חיים שמעיה דיין. צווישן מנחה און מעריב דרשנט אַ וואַנדערנדיקער מגיד. נאָך מעריב ווען דאָס בית המדרש ווערט לײדיק בלייבן דאָ בחורים לערנען אַ גאַנצע נאַכט.

אַרום בית המדרש געפינט זיך אַ גרויסער הויף, דער בית־המדרש־הויף. ווען עס ווערט אינעווייניק צו ענג, צו הייס, דאַוונט מען אויך אין הויף.

ערגעץ ביים אַריינגאַנג געפינט זיך אַן אָפּגעצוימט ווינקעלע, אַהין קוקט מען נישט גערן. דאָרט שטייט דאָס טהרה־ברעט, די שוואַרצע עגלה.

פון דער צווייטער זייט שול שטייט דאָס נייע „קאַלטע״ ציוניסטישע בית־המדרש. דאָ ווערט געדאַוונט נאָר דריי מאָל אין טאָג. אויך דאָס לערנען האָט דאָ נישט דעם זעלביקן טעם ווי אין אַלטן, וואַרעמען בית־מדרש.

אַ געוויסע צייט איז דאָ געווען די מלאַווער ישיבה.

גאָר אַנדערש איז עס ביי חסידים. אין שטיבל ווערט געדאַוונט, געלערנט, גערעדט וועגן אַלע ענינים. דאָרט איז מען זיך שואל־עצה ביי ר׳ טוביה, ר׳ איטשקע, מען איז זיך מתודה. אברהם שמש מיט די טריפּנדיקע רויטע אויגן קאָכט טיי צום טרינקען פאַרן דאַוונען, דער קליינער עובדיה, פּאַרקויפט אייערקיכ־לעך, לעקעך, הערינג און בראָנפן.

אין טאָג פון יאָרצייטן טרינקט מען נאָכן דאַוונען לעקעך מיט בראָנפן, מען ווינטשט זיך „מזל־טוב״. שבת פאַרנאָכטן צו שלש סעודות זיצט מען אין שטיבל צוזאַמען ביי דעם אָרעמען טיש פון חלה מיט הערינג. טרויעריקע נגינה, פּילט אַן מיט בענקשאַפט, מיט דבקות ביזן פאַרכאַפּן פון אָטעם. ווייכע שאָטנס פאַר־ווישן די גרענעץ פון מענטש צו מענטש, אַלע טיש־זיצער, דאָס שטיבל ווערט איינס. אַן עדה יידן האָט זיך אָפּגעריסן פון דער גאַנצער וועלט, אויסגעטאָן פון אַלע זאָרגן, אַנטלאָפן פון דער אייגענער היים אין שטיבל אַריין, ביי דעם אָרעמען טיש, וואָס זעט אויס ווי אַ הייליקער מזבח, אויסגיסן דאָס האַרץ אין בענקשאַפט און טרויער נאָך די שבת מלכתא, וואָס פאַרשווינדט. חסידים ווילן זיך נישט שיידן מיטן שבתדיקן טאָג. עס איז שוין שטאַרק פינצטער אין דרויסן, די שטאָט זינקט שוין אין דער וואָכנס, ווען חסידים גייען מאַכן הבדלה. נאָך הבדלה נעמט מען זיך ערשט גרייטן צו מלוה מלכה.

דאָס שטיבל איז פאַרן חסיד אַ היים.

אין שטאָט זיינען געווען אַ סך חסידים־שטיבלעך, אַ טשעכאַנאָווער, אַ ניי־שטעטער, אַ ראַדזימיניער, אַ סטריקעווער, אַ נאָוואָמינסקער, די גרעסטע שטיבלעך זיינען געווען דאָס אַלכסנדער און דאָס גערער. חסידים פוןביידע שטיבלעך — פּייער און וואַסער. דאָס גערער שטיבל האָט זיך געפונען אויפן מקווה־פּלאַץ

שפּעטער אין שוסטער־געסל, דאָס אַלכסנדער אין קליינעם געסעלע, וואָס איז געלאָפן פּאַראַלעל צו דער שול־גאַס. אין ביידע שטיבלעך האָט מען געדאַוונט, ווען מען האָט געוואָלט. חסידים, יינג און אַלט, האָבן זיך געזאָגט „דו" און קיין עזרת נשים, ווי אין שול און בתי־מדרשים, איז אין די שטעבלעך נישט געווען. די חברותא איז געווען גרויס אין אַלע שטיבלעך. שטעלן אויף די פיס אַ געפאַלענעם חסיד איז געווען אַ נאַטירלעכע דערשיינונג.

דאָס אַלכסנדער שטיבל האָט זיך געפונען אין אַ גרויסן האָלצערנעם בנין, וואָס איז געווען איינגעטיילט אין אַ בית־ראשון און בית־שני. די טירן זיינען דאָ שטענדיק געווען אָפן. אין פאָדערהויז איז געשטאַנען אַ גרויסע טין וואַסער מיט אַ קופּערנער נטלא, וואָס איז געהאַנגען פאַר אַן אויער אויף אַ קייט. חסידים האָבן זיך וויניק וואָס באַנוצט מיט דעם אַלעמען. מען האָט איינפאַך איינגעטונקען די הענט אין דער טין און אַרויסגעשפּריצט דאָס וואַסער אויף דער וואַנט פון פאָדערהויז.

לעבן אלכסנדער שטיבל האָט געוואוינט משה סופר. די הייליקייט פון שרייבן ספרי תורה, תפילין און מזוזות האָט גערוט אויף זיין פּנים. אַפילו אין דער וואָכנס איז ער געווען אָנגעטאָן אין אַ זיידענער קאַפאָטע מיט אַ סאַמעטענעם היטל. אַ פאַר מאָל אין טאָג פלעגט ער זיך טובלען, אין די נעכט — אָפּריכטן תיקון־חצות. זיין הויז איז שטענדיק געווען פול מיט אָרעמע אורחים.

אין גערער שטיבל ווערט מער געלערנט. יעדן טאָג אין מיטן דאַוונען לערנט מיטן עולם חיים־שמעיה דיין אָדער מענדל־וואָלף קאַפּע. תקיפות פירן אהרן פאָדקראַיעווער און פנחס מאָנדרי, גבירישקייט — שעיה מאָנדרי.

די גערער זיינען געווען גרעסערע פאַנאַטיקער און קאָמפּסלוסטיקער ווי די אַלכסנדער. די שטאָט געדענקט זיי נאָך די גרויסע מחלוקה ביים אויפנעמען אַ רב, וואָס האָט זיך געצויגן יאָרן־לאַנג. אין שפּעטערדיקע יאָרן האָבן די גערער איינגענומען אין שטורעם דעם בנין פון דער יידישער גימנאַזיע פאַר דער תלמוד־תורה. גערער חסידים זיינען געגאַנגען מאַסנווייז איינגעמען דעם בנין אָן מורא, אויף סכנות־נפשות. זייער ציל איז געווען צו דעראָבערן אַלע קהלישע אינסטיטוציעס און געוועלטיקן איבער דער שטאָט מיט אַ שטאַרקער האַנט.

אַ געוויסע צייט האָט אין שטאָט גופא געלעבט אַ רבי. בעלי־מלאכות, מיט איסר שוסטער אין דער שפּיץ, פלעגן זיך וואַרעמען ביי זיין ליכט. די שטאָט האָט וויייניק־וואָס געהאַלטן פון דעם בעל־מלאכהשן רבין, וואָס איז מיט יאָרן שפּעטער באַקאַנט געוואָרן איבער דער גאַנצער יידישער וועלט אַלס פלאָצקער רבי (שאַפּירע).

אין די ערשטע יאָרן פון פוילנס באַפרייאונג האָט אַ מיליטעריש פעלד־געריכט פאַראורטיילט צום טויט דעם אומשולדיקן נאַאיוון בעל־מלאכהשן רבין פאַר שפּיאָנאַזש לטובת דער רויטער אַרמיי.

דער יוסטיץ־מאָרד האָט דערשיטערט די גאַנצע ידישע וועלט. רואיק איז געבליבן איינער, דער פאַראורטיילטער אַליין. איינגעהילט אין טלית איז דער רבי געגאַנגען צום טויט. זיינע לעצטע ווערטער זיינען געווען: „כ׳זאָל זיין אַ כפרה פאַר כלל ישראל“.

## 6. דער מקוה־פּלאַץ

אינמיטן פון די יידישע הינטערגעסלעך געפינט זיך אַ שטיק נישט באַוואוינט לאַנד, וואָס ציט זיך פון שול־געסל ביז צו דעם טייכל און פון טייכל ביז דער סמאָליאַרניע. נישט־באַוואוינטע גרויסע שטחים אין שכנות פון ענג־פאַרבויטע געסלעך, וואו איינוואוינער זיצן געדיכט לעבנאַנאַנדער, זעען אויס ווי באַלידיקט, פאַרשעמט און נאָך מער פאַרוואָרלאָזט, ווי זיי זיינען אין דערווירקלעכקייט. אומהיימלעכקייט און טרויער יאָגט פון אַזעלכענע פלעצער. גלייך צו אַ יתום וואָלגערט זיך עפּעס אַ פּלאַץ אינמיטן שטאָט אָן אַ טאַטן, אָן אַ מאַמען — אַ קהלישער פּלאַץ. דער גרויסער שטח, איז געווען באַקאַנט אין שטאָט, אַלס דער מקוה־פּלאַץ, וואָס האָט נישט געהערט צו קיינעם און גלייכצייטיק געהערט צו אַלע אין שטאָט — אַ קהלישער פּלאַץ.

צום שוסטער־געסל־צו, איבער דער ערד, האָט זיך אויפגעהויבן אַ געבראָכן נידעריק איבערדעכל, וואָס האָט צוגעדעקט דעם אַריינגאַנג אין אַ טיפער פינצטערער הייל אַליין. דאָ האָט שמחה ניצקין געהאַלטן אייז פאַר יידן אויף זומערדיקע שבתים און פאַר אַ רפואה.

אַ ביסל ווייטער אין מיטן פּלאַץ איז געשטאַנען איינזאַם אַליין אַ ווייס הייזל. דאָ האָט זיך אַ געוויסע צייט געפונען די שטאָטישע תלמוד־תורה. אַ געוויסע צייט — דאָס גערער שטיבל. נאָך ווייטער, שוין כמעט לעבן טייכל, איז פּלוצלונג אויסגעוואַקסן אַ בנין פון רויטע ציגל מיט אַ לאַנגן הויכן קוימען. דאָס איז געווען די נייע מקוה. אַמאָל איז אויף דעם פּלאַץ געשטאַנען די אַלטע מקוה, אַן אַלטער האָלצערנער בנין באַוואַקסן מיט מעך און שימל. די שטאָט האָט זיך געגרויסט מיט דער נייער געמויערטער מקוה. אינעווייניק זיינען די פּאָדלאָגעס, ווענט, וואָסערבאַסענען, וואַנעס געווען באַדעקט מיט קאַכלעס פון פּאָרצעלאַן, וואָס האָבן פאַרוואַנדלט די אַמאָליקע שמוציקע מקוה אין אַ היגיענישן מאָדערנעם באָד־אַנשטאַלט. איין חסרון האָט די נייע מקוה געהאַט: ווען מען האָט באַדאַרפט, האָט אויסגעפעלט וואַסער. ערב שבתים, יום־טובים האָט נישט געהאָלפן די מי פון שמואל מאיר קערשנבוים, זיין ווייב חיה שרה, און פון זיינע זין איטשע און הערשל, וואָס פלעגן אַלע וואַרטן אויף דעם פרייטיק, ערב יום־טוב. גראָד דעמאָלט איז נישט געווען

גענוג וואַסער, אַזוי ווי אַלע קוואַלן זיינען אויסגעטריקנט געוואָרן. נישט איין בעל־הבית איז אויסגעקומען צו בלייבן שטיין אויסגעטועגערהייט און וואַרטן ביז עס וועט אָנקומען אַ ביסל וואַסער.

לעבן דער מקוה פון איין זייט זיינען געשטאַנען שוחטים מיט קליינע גלאַנצנ־דיקע חלפים, געשניטן העלדזלעך פון הינדלעך, קאַטשקעס, גענדז, אינדיקעס און קורטשאַקעס פאַר יידנס־ווענן, אין דער וואָכנס צענדליקער עופות, אויף שבתים, יום־טובים — הונדערטער. בלוט, פעדערן, געוואַלדן פון ווייבער, וואָס שטופּן זיך איינע אויף די אַנדערע, שטייען קאָפּ אויף קאָפּ, מישן זיך אויס מיט שטילע ברכות פון שוחטים, מיטן לעצטן כאַרכלענדיקן קריי פון עופות, מיטן לעצטן פלי פון פליגל, וואָס ווערן באַלד פאַרשוויגן, ווי אונטערגעהאַקטע, אויף אייביק.

— „קאַטשיני, קוזשיני, גענשיני, לאָקשן מיט „קאָנקלעטן" — וואַרפט אין אויפרעגונג חאַסקל שניידער. — „גאָלדענע שטיינער דאָ, און נאָך ערגעץ אין דער וועלט אַרבעט מען אַזוי ווייניק און עסט אַזוי פיל עופות אין דער וואָכנס. אַוואו נאָך אין דער וועלט יום־טובן מענטשן אַ גאַנצן חודש לאַנג?"

נישט ווייט פון דעם קליינעם שחיטה־פּלאַץ פאַר עופות, וואָס לעבן דער מקוה, האָט געוואוינט טאָבע קאַשעס מיט איר מאַן, מענדל, וואָס גייט אין די הייזער, און מיט איר געזונטער, האַלב־משוגענער, מויד וואָס מען האָט גערופן ביילע־טאָבע־קאַשעס. דער נאָמען קאַשעס שטאַמט פון די צוויי שטרויענע קוישן, וואָס טאָבע פלעגט אַרומטראָגן איבער דער שטאָט אויף אירע פעסטע אָרעמס. טיילמאָל זיינען אין די קוישן געווען עופות, טיילמאָל — געבעקס. צוויי בינטלעך געל־גרויע האָר זיינען אַרויסגעפאַלן פון הינטערן קאָפּ־טיכל אויף איר ברייט פּנים, וואָס איז געווען צעאָקערט פון מידקייט און געל ווי וואַקס. קאַלטע פייערלעך פון אומרואיקע אויגן האָבן אַדורכגעשטאָכן, ווי מיט שפּיזן, די באַלעבאָסטעס, אירע פּרנסה־געבערינס, ביז די געדערים צוואוינטשנדיק זיי פון אַלע אירע צרות צוביסלעך — און דאָס וואָלט אויך גענוג געווען. האָט זיך נאָך צו דעם אַלעמען אַן עפּן געטאָן איר ברייט פאַרטריקנט מויל, וואָס האָט שוין מער נישט געהאַט קיין ציין, האָט עס אויסגעזען, ווי די מכשפה אַליין אין געשטאַלט פון טאָבע קאַשעס האָט זיך פּלוצלונג באַוויזן. פלעגט פאַרקומען, אַז פון צייט צו צייט פאַלט איין ביילע טאָבע קאַשעס און זי טוט זיך אויס אין גאַנצן נאַקעט און נעמט אַזוי, נאַקעטערהייט אַרומ־לויפן אַרום דער מקוה. און דעם מאַן מענדל, דער וואָס גייט אין די הייזער, אים ווערט מיט איין מאָל אַלץ מיאוס, נעמט ער, און שניידט זיך איבער זיין אייגענעם האַלדז אָן אַ ברכה, נישט מיט קיין חלף, נאָר מיט אַ פּשוט קעכן־מעסער.

טאָבע קאַשעס מיט איר משפחה זיינען געווען די איינציקע איינוואוינער פון דעם גרויסן פאַרלאָזענעם, נישט באַוואוינטן מקוה־פּלאַץ.

אין מקוה־בנין האָט זיך געפונען דער „בקור חולים ולינת הצדק". פאַר די הערשאַפט איבער דער חברה האָבן יאָרן לאַנג פאַרביסן געקעמפט מענדל ווישינסקי און אַרטשע עובדס (שערפסקי). מענדל ווישינסקי איז געווען דער נישט געוויילטער נאָר געבוירענער כלל־טוער פון שטאָט. ער האָט געלעבט מיטן אימפעט פון פרעמדע עוולות, פון אייגענע און פרעמדע צרות, פון די נישט־אויס־געשעפטע קוואַלן פון מענטשלעכן דלות, וואָס האָט נישט געפעלט אין שטאָט. אַלץ האָט ער געוואוסט, אַלץ געזען און געהערט, קיין שום סוד איז פאַר אים אין שטאָט נישט געווען. וואו מען האָט אים נישט געזייט, דאָרט איז ער געוואַקסן. אין אַלע פריוואַטע און געזעלשאַפטלעכע ענינים פון שטאָט געמוזט אַריינזאָגן זיין וואָרט, כאָטש קיינער האָט אים נישט געפרעגט. זיין צונג איז געווען אש להבה. מענדל איז געווען אַ תקיף לטובת הכלל, וואָס האָט פאַר קיינעם נישט מורא געהאַט. מיט קיינעם זיך נישט גערעכנט. ער האָט זיך אויפגעפירט גלייך ווי אַלע אינס־טיטוציעס, די גאַנצע שטאָט וואָלטן געווען זיינע. עס איז געווען צו באַוואונדערן פון וואַנען נעמט זיך אַזוי פיל כוח אין אַזאַ פאַרדאַרטן גוף צו שלעפן אויף זיך דעם עול פון אַלע עוולות, פון אַלע צרות אין שטאָט. דאָ קלאַפּט ער אין טיש אין שול, אין אַ שטיבל. ער וועט נישט לאָזן דאַוונען ביז מען וועט אים נישט נאָכגעבן און פאַרגיטיקן מיט דעם באַוועלהטן, דאָרט רייסט ער איבער פאַרזאַמלונגען, פאַרשטעלונגען, אַלץ נאָר פאַר יענעם. מען מוז אים פאַרזיכערן, אַז זיין פאַר־לאַנג לטובת הכלל וועט דערפילט ווערן. דאָ ווידער שרייט ער מיט קולי־קולות אין מיטן מאַרק קעגן אַ שטאָט־תקיף אָדער קריגט זיך מיט אַן עולם יידן צוליב אַן עוולה, וואָס איז געשען. מענדל ווישינסקי, גערופן אויך מענדל־באַשקעס איז געווען דער פאָפולערסטער און אומרואיקסטער מענטש אין שטאָט. דער גאַנצער ייד, דער גאַנצער כלל־טוער, וואָס קען קיין עוולה נישט פאַרליידן, איז אַ קליין בינטל אויסגעטריקנטע ביינער וואָס זיינען איבערגעצויגן מיט אַ צע־קנייטשטער געלער הויט, טו אַ בלאָז און ער פליט אַוועק. אַפילו ווען ער שווייגט, שוימען זיך זיינע ליפּן. אַלס באַווייז, אַז שטענדיק קאָכט זיך אין אים. זיינע גרינע אויגן האָבן געשפּריצט אַרום זיך פונקען פייער, און פאַריאָגט פון אים. מענטשן האָבן מורא געהאַט אַנצוהייבן מיט מענדל באַשקעס, געהאַלטן אים פאַרן שטאָט־שייגעץ. זיי האָבן געוואוסט, אַז מיט כבוד וועלן זיי נישט אַפּשניידן.

דער עלטערער דור האָט זיך באַצויגן צו מענדלען ווי צום קהלישן באָק, וואָס מעג אַלץ אַפּטאָן, אָבער אים אַליין דאַרף מען זיך נישט שטעלן אין וועג. מענדלען האָט מען מוחל געווען מער ווי יעדן אין שטאָט. מען האָט געוואוסט אַז ער האָט אַ וואָרעם יידיש האַרץ. ער איז אַ מטופל מיט קינדער, ווייט פון גבירישקייט, און אַלץ וואָס ער טוט, טוט ער נישט צוליב כבוד אָדער אייגננוצן.

די שטאָט האָט אָבער געמוזט אָנקומען צו מענדלען — ער איז געווען דער

איינציקער צייטונגס־אַגענט. אַ סך יידן האָבן טאַקע אויסגעשריבן דאָס בלאַט אויף דער פּאָסט כדי מיט מענדלען נישט צו האָבן צו טאָן.

נישט אַלע מעשים זיינע האָט אַ מיושבדיקער באַלעבאַטישער ייד געקענט באַגרייפן. אַט נעמט מענדל, אַ ייד מיט אַ באָרד, גייט און ווערט גאָר אַ פּאָליציאַנט אין שטאָט, אָדער ער טוט זיך אָן אַ מעשענעם הוט מיט צוויי דאַשקעס, אַ גרוי קורץ רעקל מיט אַ פּאַסעק אַזוי ווי אַלע גויים און ווערט אַ מיטגליד פון דער פייער־לעשער־קאָמאַנדע. מענדל באַשקעס איז געווען דער ערשטער ייד אין דער „סטראַזש־אָגניאָווע״. פאַר אים האָבן גויים געמאַכט אַ פּאַראַד, באַשאַנקען מיט אַ מעדאַל, נאָך דעם ווי ער האָט אויסגעהאַלטן 25 יאָר אַלס סטראַזשאַק. אויסער אַ קורצער צייט, זיינען נאָר איינצלנע יידן געווען מיטגלידער ביי די פייערלעשער, אַ סך יאָרן איז מענדל דאָרט געווען דער איינציקער ייד.

ווען מען וועט נאָך צוגעבן די „טובות״, וואָס מענדל פלעגט טאָן אַלס שמש פון דער יידישער פאָלקס־באַנק פאַר די אָרעמערע מיטגלידער ביים אָפּצאָלן אַ חוב, אַ וועקסל, וואָס האָבן אָפט גורם געווען אַ סך קאָפּ־ווייטיק דער לייטונג, וועט מענדל־טעטיקייט נאָך אויך נישט זיין אויסגעשעפּט. פאַר וואַלן צו דער קהילה, צום שטאָט־ראַט פלעגט געוויינטלעך מענדל, האַלטן פאַר זיין פליכט צו זאָגן זיין וואָרט אויף אַלע פאַרזאַמלונגען פון אַלע פּאַרטייען, אַלע שאַטירונגען. ער פלעגט רופן יידן צו „ווערן איינס״.

מענדל האָט געגרינדעט די ערשטע ביבליאָטעק אין שטאָט. אומלעגאַלע פאַרזאַמלונגען, רעפּעטיציעס פון טעאַטער־שפּיל פלעגן פאָרקומען אין זיין לעזע־זאַל.

דער מענדל באַשקעס, האָט פּלוצלונג פאַרשפּילט איינע פון זיינע אינסטיטוציעס, דעם „ביקור חולים״, פאַר אַ נייעם שטערן וואָס איז אויפגעגאַנגען אויפן הימל פון מלאַווער כלל־טוערײ — אַרטשע עובדס, וואָס איז מיט דער צייט אַליין געוואָרן אַ גרויסער מבין אויף אַ קרענק. מענדל פאַרלירט אָבער נישט אַזוי לייכט — אַנשטאָט איין חברה גרינדעט ער באַלד צוויי נייע חברות: אָן „עזרת חולים״ און אַ „בית לחם״. יעדן פרייטיק פלעגן שטאָטישע באַלעבאָסטעס שיקן צו מענדלען חלות, פיש, פלייש און ער פלעגט עס שוין אַליין און מיט דער הילף פון זיינע קינדער צעטיילן פאַר אָרעמע בכבודיקע משפחות אויף שבת.

דער לעצטער קאַמף לטובת הכלל איז געוואָרן פאַראייביקט מיט אַלע פּרטים אויף די זייטן פון „מלאַווער לעבן״ ביידע אומדערמידלעכע כלל־טוער געפינען זיך שוין לאַנג אויפן עולם האמת און קיינער וויס אָפּילו נישט, וואו זייער געביין איז אַהינגעקומען, אַזוי ווי מען ווייסט נישט, וואו עס זיינען אַהינגעקומען די ביינער פון אַלע יידן פאַר וועלכע אַרטשע עזבדס „בקור חולים״ און מענדל ווישינסקיס „עזרת חולים״ האָבן אַזוי אָפּגערוויליק געזאָרגט.

## 7. די טעפּער גאַס

אין שכנות מיט די הינטערגעסלעך, וואָס האָבן צוגעצויגן צו זיך יידן פון דער גאַנצער שטאָט אין שול אריין, אין בית־המדרש, אין אַ חסידים־שטיבל, אין דער מקוה אַריין, יינגלעך אין חדרים — האָט זיך אָנגעהויבן די טעפּער־גאַס. אָנגעהויבן האָט זי זיך פון שמשון טאכנעס הויז מיט אַן אַלטן האַלצערנעם שפּייכלער געצויגן זיך צווישן אַלטע האָלצערנע הייזלעך, ליידיקע, נישט פאַרבויטע פעלדער ביז דער דייטשישער תפלה — אין די פלאַצקער גאַס אַריין, אַ פּשוט וואָכעדיק געסל מיט אַן איינאונאיינציק געמויערט הויז פון רויטע ציגל, וואָס האָט זיך גאָר דאָ אַהער נישט אַריינגעפּאַסט, סיידן קלענער און נידעריקער צו מאַכן אַלע אַלטע האָלצערנע הייזלעך פון אַרום.

שפּעטער צום סוף שוין האָט זיך יידיש בלוט דאָ געגאָסן איבער די נישט־פאַרמויערטע פעלדער. פּופּציק תליות האָבן אַרויסגעשטאַרט פון דער ערד אין דער לופטן.

ווען שטאָט איז נאָך געווען שטאָט, האָט דאָס נידעריקע טעפּער געסל לעבן דער „זשיקע" געצויגן חיונה פון לעדער. אָנהויב גאַס איז געווען מתנגדיש, דאָרט האָבן געוואוינט און געאַרבעט די גאַרבער שמשון טאכנע, נחמן פיגאַט, קאזיע־בראָדסקי, גערשטאָווסקי און צום סוף, ביי דער דייטשישער תפלה איז דאָס געסל געווען ריין חסידיש. דאָרט האָבן געלעבט און געאַרבעט די חסידישע גאַרבער אליהו שאפּט, יענקל נאכטשטערן, יאָסל ציטרין און דער „גרינער מענדל" (קאָ־סאבודסקי) אַ וואלקער. דאָס איז געווען פון דער רעכטער זייט פון דער מקוה, פון דער לינקער זייט — האָבן זיך דאָ ביים טייכל געפונען די גרויסע גאַרבערייען פון חיים לייזער נארזשעמסקי.

אַלע גאַרבער, חסידים צי מתנגדים, האָבן געלעבט אין זכות פון אַרבעט אַלע וואָכעדיקע טעג. שבתים, יום־טובים דאַוונען חסידישע גאַרבער אין זייערע שטיבלעך אָנגעטאָן אין אַטלאַסענע צי זיידענע קאַפּאָטעס, סאַמעטענע היטלעך. די מתנגדישע — דאַוונען אין אַלטן צי נייעם בית־המדרש, ווער ביי דער השכמה, ווער ביים צווייטן מנין, אָנגעטאָן אין שוואַרצע טוכענע היטלעך מיט שוואַרצע טוכענע קאַפּאָטעס, אָן אַ גאַרטל.

לאַנגע הייף זיינען אויסגעזעצט מיט טיפע האָלצערנע פעסער, רויע לעדער ווייקן זיך וואָכנלאַנג אין דאַמב אין געלאָשענעם קאַלך אין כעמישע מישונגען. שאַרפע ריחות קרעלן דעם האַלדז, שטעכן נאָז און אויגן.

בערדיקע יידן אָנגעטאָן אין אויסגעשמירטע לעדערנע פאַרטוכער שטייען דאָ יעדן טאָג, זיי אַליין מיט זייערע אונטערוואַקסנדיקע יינגלעך און מישן מיט

לאַנגע דרענגער לעדער אין פעסער, שאָבן האָר מיט שאַרפע אָלשאַקעס אָנגעלענט אויף האַלצערנע קאָזלעס, אָדער פאַרטיקן אויס לעדער אין האָלצערנע שאַפעס, וואָס שטייען אויסגעשטעלט אין די הייף. זעלטן זעט מען אַ גאַרבער אין מיטן טאָג ערגעץ וואו אין שטאָט, און זעט מען דאָך איינעם פון זיי, איז אים לייכט צו דערקענען אין דעם אויסגעשמירטן כאַלאַטל וואָס ער טראָגט, גלאַנצנדיקן פעטן פנים, ברוינע נעגל.

דאָס גאַרבעריי־פאַך אין שטאָט ליגט אין יידישע הענט. יידן האַלטן דאָס פאַך פעסט און מיט גרויס כבוד. זעלטן־ווען גייט אַן אַנדער פאַך איבער אַזוי זעלבסטפאַרשטענדלעך פון טאַטעס צו קינדער ווי גאַרבעריי. די באַציאונג פון דער שטאָט צו די גאַרבער איז נישט געווען ענלעך ווי צו אַנדערע בעלי־מלאכות, צו זיי האָט מען זיך באַצויגן מיט כבוד ווי צו גלייכע. משדך זיין זיך מיט אַ גאַרבער איז נישט געווען דאָס זעלבע, ווי משדך זיין זיך מיט אַן אַנדער בעל־מלאכה. אַ סך חסידישע משפחות אין שטאָט האָבן זיך משדך געווען מיט גאַרבערס.

די גאַרבערס פון דער חסידישער זייט גאַס זיינען געווען שטילע באַשיידענע מענטשן. אין שטאָט האָט מען זיי נישט געהערט און נישט געזען. גאַנצע טעג האָבן זיי פאַרבראַכט ביי דער שווערער אַרבעט, אין די אָוונטן און פרייע צייט — געזעסן און געלערנט.

אַנדערש זיינען געווען די גאַרבערס פון דער אַנדערער זייט גאַס — די מתנגדישע. זיי האָבן זיך דווקא יאָ געלאָזט הערן און זען. שטאַרקע יידן, רירעווודיקע מיט אַ געזונטן יצר־הרע פאַרן לעבן. גלייכווערטלעך און חכמות האָבן דורכגעפלאָכטן דאָס שעהנלאַנגע שטיין ביי דער אַרבעט, דאָס פירן אַ שמועס, דאָס טרעפן זיך מיט מענטשן, דער עול פון עולם הזה האָט נישט געדריקט אַזוי שטאַרק, נישט טרויעריק געמאַכט, נישט נחמן פיגאַטן, נישט קאָזיעבראָדסקין און שוין אוודאי און אָוודאי נישט שמשון טאַכנע. ווען מען האָט זיך אַזוי גוט איינגעקוקט אין ברייטן פנים פון אַ נחמן פיגאָט, וואָס האָט געגלאַנצט פון פעטס פון די לעדער, האָט מען געקענט זען נישט קיין שטיפעריש געלעכטערל פון אַ פורק־עול, נאָר אַ חוזק־שמייכעלע דערוואָרבן דורך לעבנס־דערפאַרונג און לעבנס־חכמה.

פיגאָטס הויף איז געווען גרויס ווי אַ האַלבע טעפער גאַס, פאַרמאָגט צענדליקער איינוואוינער. ווער האָט אויף דעם הויף אַלץ נישט געוואוינט? — די פורמאַנעס צלאל און פישל דזגאַ, דער אַלטער שמאַטשאַזש אַבראַכאַם מיט די זין, איידעמס, שנירן, אייניקלעך און אוראייניקלעך. דער גאַרבער קאָזיעבראָדסקי, שוסטערס און שניידערס — אַ גאַנצע מדינה פון בעלי־מלאכות און פאָלקס־מענטשן און לעבן דער מדינה נאָך אַ מדינה אַ גאַנץ אַנדערע, די דאַמף־מיל פון פעטרקוזער, וואָס האָט באַדאַרפט דאָס טייכל. דער „פעטרקוזער“, אָדער ווי זיין יידישער נאָמען איז געווען משה הערש גרינבערג, איז געווען אַ ליטוואַק, אַ ייד אַן עקשן, אַ גרויסער

תלמיד־חכם. זיין חכמה און זיין מאַיעסטעטיש אויסזען האָבן אַרויסגערופן דרך־ארץ. אַלס נאָנטער שכן און ידיד פון ר׳ הערש טוביהן פלעגן זיך די ביידע לומדים כסדר אַמפּערן, ווען איבערשטייגן זיך איינער דעם צווייטן אין אויסגע־פאַלענע, זעלטענע פּראָבלעמען פון לערנען און יידישקייט. ביידע שכנים זיינען גלייכצייטיק געווען די געשוואוירענע קעגנער ביי פאַרוויקלטע בוררותן אין שטאָט און אומגעגנט. האָט איין בעל־דין זיך געוואָנדן צו הערש טוביהן, האָט דער צווייטער געוויינטלעך געמוזט זיך ווענדן צום פּעטערקוזער. ביידע יידן האָבן שטאַרק געהאַלטן פון זייער חכמה און ביידע האָבן אויך זייער שטאַרק דרך־ארץ געהאַט איינער פאַרן צווייטן. דער פּעטערקוזער איז געווען אַ פאַרביסענער מתנגד, גענומען אַלץ אויפן שאַרף פון שכל, ביי זיין ידיד הערש טוביהן האָבן קוואַלן פון געפיל פון חסידות אָנגעוואַרעמט די קאַלטקייט פון טרוקענעם שכל. זייער אָפט זיינען ביידע שכנים געזעסן צוזאַמען אויף נחמן פיגאַטס הויף, געטרונקען טיי, געררויכערט ציגאַרן פאַרטיפט זיך אין סוד, אין תכלית פון לעבן פון דער וועלט, מענטש און יידישקייט. דעם פּעטערקוזערס הויף איז געווען אַ טייל פון נחמן פיגאַטס הויף, דער גייסטיקער טייל.

ביים אַריינגאַנג און טיף אין הויף אַריין האָבן געוואוינט די שמאַטעס־הענדלער, זיי מיט זייערע פרויען, קינדער, פערד און וועגעלעך. ווען דער פויער איז געווען פריי פון פעלד האָט זיך אָנגעהויבן די צייט פון „שיער“. אברהם הערש, דער אַלטער שמאַטשאַזש מיט זיינע זין שמואל מאיר נאָסאַל, מעכל, ירחמיאל, איידעמס אהרן און מנשה, אליה שמאַטשאַזש האָבן זיך אַ לאָז געטאָן איבער אַלע וועגן מיט וועגעלעך באַלאָדנטע מיט כל־טוב. פאַרצעלאָנען געפעס, געבלימטע טעלערס, טעפּלעך און שיסעלעך. גלעזערנע קרעלן אין אַלע פאַרבן, בלעכענע בראָשקעס ווי גאָלד, קנעפּלעך, נאָדלען־פאָדים און נאַגראַפּקעס און נאָך און נאָך אַזעלכענע פיינע זאַכן וואָס זיינען געווען בכוח אויפצואוועקן גויים און גויעס צו ווען זוכן ביי זיך אין יעדן ווינקל אַלט אייזן, שמאַטעס,ביינער„ מעש און קופּער. דער האַנדל מיטן דאָרף האָט זיך געפירט אויף אויסטויש. די שמאַטע־הענדלער האָבן באַצאָלט מיט די אַלע שיינע זאַכן, וואָס זיי האָבן מיטגעבראַכט פון שטאָט.

יאָרן־לאַנג זיינען שטעלער ביי נחמן פיגאַט אויפן הויף געווען פול מיט אַלטע שמאַטעס, אייזן, ביינער און מעטאַל. פרויען און קינדער, וואָס האָבן פונאַנדערגע־קליבן די סחורה, זיינען אַרומגעלאָפן איבערן הויף מיט טריפנדיקע רויטע אויגן, קרעציקע הויט און גרויסע בייכער.

פיגאַטס הויף האָט נישט גערוט, תמיד געווען פול מיט מענטשן, פערד און וועגענער, תבואה, מעל, שמאַטעס און לעדער.

נחמן פיגאַטס נאָנטסטער שכן איז געווען שמשון טאַכנע, גאָר אַן אַנדער סאָרט מענטש. אַ דאַר געזונט יידל מיט אַ גרוי בערדל, מיט אַ רויט אָפּגעברענט פנים, וואָס האָט געשפּראָצט מיט כוח און חוצפה, ער האָט גערעדט מיט באַטאָנונג,

נישט שולדיק געבליבן קיין ענטפער. ער איז געווען איינער פון די זיילן פון אַפּיקורסות אין שטאָט. צוזאַמען מיט לייבל וואַלארסקי און שמחה ניצקין האָט מען גערעדט אויף גאָט און נגתקה. מען האָט חלילה קיין איינעם פון די אַפּיקורסים נישט געקענט חושד זיין, אַז זיי פאַרפעלן אַפילו אַ מנחה דאַוונען — דאָס נישט. אָבער אין שטאָט האָט מען געוואוסט, אַז שמשון טאכנע, לייבל וואַלארסקי און שמחה ניצקין זיינען די „זיילן" פון אַפּיקורסות און דאָס איז שוין געווען גענוג.

דער צווייטער חבר, לייבל וואַלארסקי איז געווען אַ גריבלער, אַ פאַרביטער־טער מענטש, תמיד פאַרטיפט אין זיך, צעטראַגן, פול תרעומות אויפן סדר־העולם, בייז. זיין צעשויבערט, אויסגעקראַכן בערדל, וואָס איז געוואַקסן ווילד איבערן ברייטן פנים, איז געווען, ווי אַן אָפּשפּיגלונג פון זיין אינערלעכער אומאָרדענונג, פון זיין געמיט, פון זיין לעבן, וואָס איז פול מיט געראַנגלעניש, ווייט פון רו און האַרמאָניע.

אַ קרומע העכערע פּלייצע האָט ווי פאַרשטעלט זיין גרויסן קאָפּ, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ שווערער עול וואָלט אויף אים געלעגן און געדרוקט ער זאָל זיך אָנבויגן אַלס נידעריקער און טיפער. שמשון טאכנע איז געווען אַ לייכט, רירעוו־דיק, שמאָל יידל. לייבל וואַלאַרסקי איז געווען אַ ברייטביינערדיקער ייד, שטענדיק גרייט צום קאַמף. זיין דרך אין יידישקייט, וואָס ער האָט דערוואָרבן מיט לערנען און גריבלען זיך אין אַלטע ספרים, יאָרנלאַנג, איז געווען שווער און פאַרוויקלט, ווי ער אַליין. זיינע וויכוחים אין הלכות לערנען, השגחה, גזירה און בחירה, יידיש־קייט זיינען שטענדיק געווען שטורמישע און געוויינטלעך זיך פאַרענדיקט ברוגזער־הייט מיט די ווערטער — „ביזט אַ קרומער", „ביזט אַ קרומער" ווערטער, וואָס ער פלעגט צום סוף פון וויכוח וואַרפן זיין קעגנער גלייך אין פנים אַריין און אַוועק פון אים אַן אַ „זיי געזונט". זיין הייזעריקע שטים האָט צוגעגעבן וואַגיקייט זיינע רייד, און באַוויזן, אַז עס גייט אין זיין גאַנץ לעבן, אַז עס שטערט זיין רו, וואָס מענטשן ווילן נישט זען, ווילן נישט פאַרשטיין, ווי ער זעט און וואָס ער פאַר־שטייט.

דער רואיקסטער פון די דריי, דער מיושבדיקסטער, ווי ס'וויזט אויס אויך דער קליגסטער, איז געווען ר' שמחה ניצקין. וועגן אים פלעגט מען זיך דער־ציילן נישט מער און נישט ווייניקער נאָר, אַז ער זיצט אום שבת ביי דער אָפענער גמרא אין בלויזן קאָפּ מיט אַ ציגאַר אין מויל. אַפילו דאָס, וואָס שמחה ניצקין האָט בכלל נישט גערויכערט, אינדערוואָכנס אויך נישט, האָט נישט געשטערט אַז מענטשן זאָלן דאָך גלויבן אין דעם אַלעמען, וואָס מען דערציילט וועגן אים.

אויסער לייבל וואַלארסקי, פלעגן זיי אַלע לעבן ווי אין אַן אָפּגעזונדערטער וועלט. וועגן וואָס זיי האָבן גערעדט, מיט וואָס זיי האָבן זיך באַשעפטיקט האָט קיינער אין שטאָט נישט געוואוסט. מען האָט די דריי יידן געהאַלטן פאַר אַפּיקורסים און דאָס איז געווען גענוג. זאָל אימיצער וועלן וויסן פאַרוואָס, וואָלט מען אים

געווען פאַרשיטן מיט מעשיות, וואָס קיינער האָט זיי נישט קאָנטראָלירט, דערציילן וועגן מעשים וואָס קיינער האָט זיי נישט געזען — און וואָס אַלע האָבן אָבער געדאַרפט גלויבן. כדי איבערצוצייגן אימיצן, וואָס צווייפלט, האָט מען אים גע־קענט דערציילן אַזאַ מעשה, אַז ווען די דריי קומען זיך צוזאַמען אום שבת, צינדט איינער פון זיי אָן אַ זאַפּאַלקע — „אַפּיקורוס!" — רופט אויס אַ צווייטער און לעשט זי אויס. אַפּיקורסים, להכעיסניקעס.

אויף דער פּעריפעריע פון די הינטערגעסלעך האָבן זיך געוואוינט דריי יידן, גוטע איבערגעגעבענע פריינד, מעגלעך זיי האָבן אין זיך געטראָגן אַ סך געדאַנקען פרעמדע דער סביבה, מעגלעך דאָס אַרומיקע לעבן האָט אין זיי אויפגעוועקט פאַרצווייפלונג, ווידערשטאַנד, רעזיגנאַציע וואָס האָט פאַראורזאַכט זיי זאָלן זיך אָפּזונדערן פון אַלע אין אַן אייגן ענג ווינקעלע. זייער אַפּיקורסות, זייער בונט זיינען דעריבער אויך געבליבן נאָר אין די ראַמען פון אַן ענגן קרייז. אויפן לעבן פון שטאָט האָבן זיי קיין שום השפּעה נישט געהאָט.

איינער איז געווען אַ גאַרבער, דער צווייטער האָט געהאַנדלט מיט פיש און שמחה ניצקין האָט געמאַכט סאָדע־וואַסער, סאָק און קוואַס. ווינטער האָט ער געלאָזט האַקן אייז פון די אַרומיקע וואַסערן, פאַר יידנסוועגן אויף הייסע זומערדיקע שבתים.

אין דעם איינציקן געמויערטן הויז פון רויטע ציגל האָט אין דער גאַס געוואוינט שוין יאָרן־לאַנג דער „גראָבער ברוך", באַקאַנט מיטן נאָמען ברוך ווראָבלעווער, דער איינציקער מלאַווער ייד, וואָס האָט אָנטיילגענומען אין צווייטן פּוילישן אויפשטאַנד אין די זעכציקער יאָרן פון פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט.

צוליב יידישקייט איז זיין פּנים, וואָס איז אָפּגעברענט פון דער זון, צעשמיסן פון רעגנס און ווינטן, געווען איינגערעמט אין אַ באָרד, וואָס איז געוואַקסן אין שפּיצן. פון פאַרהאַרטעוועטן פּנים מיטן נישט יידישן אויסזען איז אַראָפּגע־האַנגען אַ באָרד, וואָס האָט זיך דאָ אַהער אַזוי געפּאַסט ווי פאַר אַ הונט אַ ציצה־כנפות.

צוליב די זעלביקע טעמים פון יידישקייט איז אויף זיין האַרטן גרויסן קאָפּ געזעסן, אין זומערדיקע טעג, אַ הויך יידיש היטל מיט אַ גרויסן דאַשעק. דער פוטערנער ווינטער־הוט איז יעדנפאַלס געווען מער צוגעפּאַסט צו זיין דאָרפישן אויסזען. דער אויבער־מלבוש, ספק קאַפּאָטע, ספק גויישע בעקעשע, האָט מיט רחבות נישט געשפּאָרטערהייט איינגעהילט דעם ברייטן גוף פון דעם ייד פון וואַלד.

ווען ער וואָלט געווען דער בורא־עולם, טענהט ער, וואָלט אַ מענטש ביי אים געווען לעבן אַ פינף, צען טויזנט יאָר. יעדן טאָג וואָלט ער געוואָרן יינגער ביז ער וואָלט זיך אויסגעלאָזט אין גאַנצן, צעגאַנגען זיך ווי רויך...

און ווייל ער איז נישט דער בורא־עולם און די וועלט לויפט שוין אַזוי איר אייגענעם וועג, אָן זיין הסכמה אויך, קומט אויס, לויט זיין חשבון, אַז ער דער

ייד איבער אַכציק איז ייִנגער פון אַ בר־מצוה־ייִנגל. ביי אים ייִנגער הייסט וואָס נענטער צום טויט.

ברוך האָט ליב געהאַט דאָס לעבן, ער האָט הנאה געהאַט פון לעבן ווי פון אַ גוטן עסן, אַ ריכטיקן טרונק, אַ ייִנג פערדל, ווי פון אַלעם, וואָס איז באַשאַפן געוואָרן פאַרן מענטש.

אויף דער עלטער, ווען אין זיין מויל זיינען שוין קיין סך ציין נישט געבליבן, האָט ער נאָך ליב געהאַט צו דערציילן ווי ער פלעגט דאָס אַלס ייִנג בחורל אַרויף־קלעטערן יעדן אין דער פרי אויפן בוידעם, צולאָזן זיך צום גערויכערטן פלייש, צום קויש בראָנפן, הנאה האָבן פון לעבן. אין וואַלד האָט מען נישט געגעסן אין דער פרי אַ זעמעלע מיט פוטער, אַ גלעזעלע קאַווע. פולע דוישקעס חיער מילך, שמאַנט, צוואָרעך זיינען שטענדיק געווען אָנגעשטעלט, קאַרטאָפלעס האָבן נישט געפעלט — אַז מען וויל פאָרן אַ שעה, מוז מען שמירן צוויי.

אויף דער עלטער האָט אָנגעהויבן ווערן שווערער, דורכן קאָפּ האָבן אָנ־געהויבן צו גיין געדאַנקען, וואָס זיינען געווען ווי גרויע וואָלקנס, אָנגעיאָגטע דורך קאַלטע ווינטן פון שפּעטן הארבסט. ברוך האָט מורא געקריגן, שאָטנס האָבן זיך באַוויזן איבער זיינע זאַטע לאַנגע יאָרן, פול מיט זון. ער וואָלט וועלן זיי זאָלן זיך אַזוי ציען אָן אַ סוף, אָן אַן עק. ברוך וויל נישט וויסן, אַז די ברכה פון אַריכות־ימים ווערט גלייכצייטיק פאַרוואַנדלט אין אַ קללה פון בלייבן איינער אַליין, ווען אַלץ צו וועלכן מען איז שוין געוואוינט געווען, ווי צו אַ באַקוועם מלבוש, הויבט אָן פאַרשווינדן. דעם מענטשן באַפאַלט מיט איין מאָל אַן אימה, ווי אַמאָל אין די קינדער־יאָרן די מאַמע זאָל פּלוצלונג נישט פאַרשווינדן, נישט איבערלאָזן איינעם אַליין אין אַ פרעמד הויז, אין אַן אומבאַקאַנטער גאַס, אין אַ פרעמדער שטאָט. נישט נאָר די מענטשן, אַפילו די פערד פון אַמאָל זיינען שוין מער נישטאָ. זיצט איצט ברוך ביי יעקב שלמהן אין קאַנטאָר און טוט שוין מער גאָרנישט, לעבט פון חסד פון זיין אַמאָליקן בעל־הבית. געדאַנקען, אַז ער ווערט יעדן טאָג ייִנגער פאַלן ווי שטויב אויף זיין אויסגעטריקנטן מוח.

מיט איין מאָל דערגייען קלאַנגען פון טראָמפּייטן, עס שפּילט אַ מיליטערישער מאַרש. ברוך כאַפּט זיך אויף, ווי אַן אַלט מלחמה־פערד, שטעלט אָן אויערן, פאַרשטייפט די גלידער, דערוואָרעמט זיך. ער שטייט אויף, גייט זען ווי עס ווערט געפייערט דער פוילישער נאַציאָנאַלער יום־טוב.

איבערן מאַרק פירט מען אין דראָזשקעס די געציילטע פוילישע „פּאָוו־סטאַנצעס“, וואָס זיינען לעבן געבליבן. אָן ברזכן, דעם אַלטן פּאָוסטאַניעץ, האָבן די היינטיקע גויים אין גאַנצן פאַרגעסן, אים דעם ייד פירט מען נישט אין אַ דראָזשקע איבערן מאַרק, ער שטייט אָן אַ זייט און קוקט זיך צו צו דעם אַלעמען ווי אַ פרעמדער.

אין יענע צייטן, דערמאָנט ער זיך, האָט אַ פּוילישער פּאָווסטאַניעץ באַליידיקט זיין ידישע אמונה. — „שמיץ!" האָבן די אָפיצירן פון פעלד־געריכט געפּסקנט. ברוך איז נישט מסכים מען זאָל שמייסן דעם גוי. ער בעט באַגנעדיקונג, די אָפּיצירן פאַרשטייען נישט, וואָס דאָ קומט פאָר, אָבער ברוך ווייסט — דער גוי האָט באַליידיקט די ידישע אמונה, זאָל אים גאָט משפּטן און נישט זיי.

*
**

אַנדערע ידן וואָס האָבן געהאַט צו טאָן מיט זעלנעריי, מיט מלחמות זיינען געווען אין דער גאַנצער שטאָט, אויף די פינגער צו ציילן. פון די אויסגעדינטע סאָלדאָטן איז געווען עזריאל קאָוואַל, וואָס די פינף יאָר דינסט האָבן אים צוגעקלעפּט פּאָנישע מנהגים און שטיפעריייען. דוד קערשנבוים, נחום דער סאַכאַרמאַראַזשניק. דער אַלטער אברהם הערש שמאָטשאַזש פון נחמן פיגאַטס הויף האָט זיך גאָר זאָט נישט געקענט אָנדערציילן וועגן זיינע יאָרן ביי פּאָניען. וועגן דער טערקישער מלחמה, אין וועלכער ער האָט אָנטייל גענומען. זיינע צוויי איידעמס, אהרן און מנשה און אַ זון זיינען געגאַנגען אין די ערשטע וועלט־מלחמה אַריין און זיינען מער נישט צוריקגעקומען. פון דער רוסיש־פּוילישער מלחמה אין 1920 זיינען נישט צוריקגעקומען: חיים גזשעביעניאַזש, ראובן דאָמבקעוויטש, משה וואַרשאַווסקי א"אַנד. אַממייסטן ידן האָבן אויסגעהאַלטן די פּאָר יאָר מיליטערדינסט, צוריקגעקומען, זיך ווידער איינגעגלידערט אין לעבן, אויפגעבויט זיך אַ היים, געשאַפן אַ פּרנסה.

נאָר איינער איז געבליבן אויף תמיד אַ שברי־כלי, קיין אָרט זיך נישט געקענט געפינען, דאָס איז געווען פישל דער קאָנטאָניסט. פישל איז געווען אַ שטאָטישער שליח, אַ וואַסער־טרעגער, אַן אָרעמאַן, וואָס גייט אין די הייזער. פון אָנפאַנג נאָר יעדן ראש־חודש, נאָכהער שוין ווי אַלע אַנדערע אָרעמעלייט יעדן טאָג. קיינער אין שטאָט האָט נישט געוואוסט, וואו פישל וואוינט, וואָס ער טוט, צי האָט ער אַ ווייב, אַן אַלטער עובר־בטל, וואָס עסט טעג, אין באַשטימטע ידישע הייזער. שבתים האָט מען געוואוסט עסט ער ביי יאָסל פּערלמוטער, מאָנטיק ביי יהונתן סעגאַל אאַז"וו, ווען מען דאַרף, טראָגט ער וואַסער. מאַכט זיך צו נאָר פון צייט צו צייט, ווען מען באַדאַרף יאָ צי מען באַדאַרף נישט, און ער נעמט זיך שפּילן אויפן שטעקן. מענטשן האָבן געקענט זען ווי עס שטייט אַ הויכער אַלטער ייד מיט אַ פּנים פון אַ גוי אינדערמיט פון קינדער און שפּילט אויף אַ גראָבן שטעקן מיט אַ קיילעכדיקן קאָפּ. ער בלאָזט אָן די באַקן, לאָזט אַרויס משונהדיקע טענער פון צווישן זיינע ליפּן. שווערע פינגער גליטשן זיך איבער דעם שטעקן אַרויף און אַראָפּ.

גלייך פישל וואָלט געהאַלטן אַ טראָמפּייט. הויכע פּיס הויבן זיך, קרימען אויס דעם קערפּער אין אומגעלומפּערטע באַוועגונגען, אין אַ זינלאָזן טאַנץ.

אויב ווי געוויינלעך איז שווער געווען אויפּצוכאַפּן פישלס בליק, אַריינצו־קוקן אין זיינע פאַרטראָגענע אויגן, האָט זיך בשעתן „שפּילן אויפן שטעקן" אויס־געדאַכט, אַז פישלס אויגן זיינען גאָר אין גאַנצן אויסגערונען, געבליבן זיינען נאָר צוויי לידיקע טיפע אויגן־לעכער, פון וועלכע עס גיסט זיך צער, פּיין און שרעק איבער דעם בלייכן אויסגעקרימטן פּנים. פינף און צוואַנציק יאָר ביי פּאַניען ערגעץ וואו לעבן סיביר, אָן אַ קינדהייט, אָן אַ יוגנט, ווייט פון יידן, האָט פישל אויס־געפונען כל מיני המצאות, ווי אַזוי זיך אָפּצוראַטעווען פון שמד. יעדעס מאָל, ווען מען פלעגט אים ברענגען אין צערקווע אַריין אָפּצושמדן, האָט ער אָפּגעטאָן עפּעס אַן אַנדער שטיפעריי, כדי זיך אָפּצוראַטעווען. יעדעס מאָל האָט ער זיך משוגע געמאַכט אויף אַן אַנדער אופן. איינמאָל, ווען דער פּאָפּ מיט אַלע אונטער־פירער זיינען שוין געווען אין גאַנצן פאַרטיק אויפּצוכאַפּן די זינדיקע נשמה פון דעם יידישן יינגל, האָט זיך פישל פונאַנדערגעטאַנצט און אָנגעהויבן שפּילן אויפן שטעקן. דער פּאָפּ מיט די אונטערפירער האָבן אים אָנשטענדיק צעשלאָגן און אַרויסגעוואָרפן פון דער צערקווע. אַן אַנדערש מאָל האָט ער זיך סתם משוגע געמאַכט זיך אויסגעטאָן נאַקעט, אָנגעהויבן שפּילן אויף זיין פּאַסטוכשן שטעקן, טאַנצן ווי אַ ווילדער מענטש פאַר די הייליקע איקאָנעס אין צערקווע. אַזוי דער־ציילט פישל, ווי ער איז ניצול געוואָרן פון שמד אין זכות פון משוגעת. צום סוף איז פישל צוריקגעקומען פון דער לאַנגער מיליטער־דינסט אַלס ייד. פון גע־וואוינהייט פלעגט ער זיך נאָך פון צייט צו צייט אַ ביסל משוגע מאַכן, שפּילן אויפן שטעקן, טאַנצן, פריילעך מאַכן קינדער פון שטאָט.

***

לעבעדיקע יידישע איינוואוינער זיינען אויך אין דער טעפּער גאַס נישט גע־בליבן. אפשר געפינען זיך נאָך דאָרט גריבער פון פעסער פון די יידישע גאַרבערס, אפשר שטייט נאָך ערגעץ וואו אויף אַ הויף אַ האַלצערנע שאַפע. יידן זיצן נישט מער אין וואַרעמע שבת־נאָכמיטאָגן אויף האַלצערנע טרעפּלעך פאַר די באַשיידענע הייזלעך אויף ווילד־וואַקסנדיקע גראָזן אין דער זייט פון גאַס, קנאַקן באַניעקערן, רעדן מיט גרויס הנאה, קוועלן פון דער מנוחה פון שבת.

אַפילו דער זכות פון טעוול בעקער פון דער טעפּער גאַס, וואָס האָט אָנגעהויבן וואַנדערן איבער דער מדינה אַלס „מלאַווער רבי", איז נישט בייגעשטאַנען. די גאַס איז פאַרשוואונדן אַזוי שנעל און אַזוי גרויזאַם, פּונקט ווי זי וואָלט גאָר קיינ־מאָל דאָ נישט געווען.

## 8. אָבערגלויבן, סגולות און רפואות

צווישן טאָג און נאַכט איז פאַראַן אַ צייט, איז פאַראַן אַן אָרט, ווען עס איז שוין נישט מער טאָג און נאָך נישט נאַכט. זאַכן, געגנשטאַנדן צעשווימען זיך. פאַרלירן זייער שאַרפקייט, געשטאַלטן ווערן פאַרווישט אין ווייכקייטן פון שאָטנס, פאַרשווינדן ווי רויך.

אויף דער גרענעץ צווישן דער וועלט און יענער וועלט דערגייט דאָס לעבן אין שטעטל צו אַ לאַנד פון פאַנטאַזיע און טרוים, אומנאַטירלעכע געשטאַלטן און זעאונגען.

אויף דער גרענעץ צווישן דער וועלט און יענער — פליען אַרום זינדיקע נשמות, וואָס קענען זיך קיין רו נישט געפינען, ווערן מגולגל אין הינט, קעץ, זשאַבעס און אַנדערע באַשעפענישן, וואָס וואַנדערן אַרום איבער וויסטע מדבריות, פעלדער און וועלדער אַזוי לאַנג, ביז זיי דרינגען אַריין אין אַ מענטשלעכן גוף אַלס דבוק.

יעדע נאַכט קומען טויטע זיך טובלען אין דער מקוה, דאַווענען אין שול. נשמות פון געהאַנגענע לאָזן נישט רוען, וויינען אין די נעכט, וועקן אויף שטורעמ־ווינטן, וואָס רייסן ביימער מיט די וואָרצלען, דעכער פון הייזלעך. נאָכן טויט פון אַ גזיישן שכן קען מען הערן ווי מענטשן זאָגן: „זאָל ער דאָרט אַרומפליען איבער פעלדער און וועלדער, איבער וויסטע מדבריות אָן ידישן שאָדן". ציילט מען אָפּט ציצית, ווייבער וואָס זיינען פטור פון ציצית גייען אָן אַ פאַרטוך פון שטוב נישט אַרויס.

דאָס לאַנד פון בית השמשות, פון חלומות, אָבערגלויבנס, שדים, רוחות און מזיקים ליגט אין מיטן שטעטל גופא, די גרענעצן לויפן צווישן הייזער און מענטשן. אין מיטן העלן טאָג קען טרעפן, אַ מענטש זאָל אַראָפּ פון גלייכן וועג איבער דער גרענעץ אין יענעם געהיימען לאַנד אַריין.

ווער פון די איינוואוינער פון שטעטל איז שוין דאָרט אַמאָל נישט געווען, ווער אַ קורצע, ווער אַ לענגערע צייט ? —

אין די קראָניקעס פון שטאָט ווערט דערציילט וועגן צוויי כישופמאַכערנס, וואָס פלעגן פליען אויף הינערשע לעבערלעך קיין שידלאָווע, צו וואַרפן תבואה־קערנדלעך אויף די פעלדער, אויף די שאָף פון שידלאָווער שררה מיט דער כונה די פעלדער זאָלן איינגעטריקנט ווערן, שאָף זאָלן פאַלן.

ביידע כישופמאַכערנס האָבן זיך מודה געווען אין דעם אַלעמען, גלייך ווי זיי האָבן זיך אויך מודה געווען, אַז דער טייוול, אָנגעטאָן אין קליידער פון אַ דייטשישן יעגער, קומט צו זיי אויף באַזוך.

ווען די שטאָטישע שופטים האָבן דאָס אַלץ אויסגעהערט, האָבן זיי די כישופמאַכערנס פאַרמשפּעט צום טויט דורך פאַרברענען. דער אורטייל איז אויס־געפירט געוואָרן אויפן ראַזגאַרד.

באַשעפעניש זיינען פאַראַן, וואָס זאָגן אָן גוטס דעם מענטשן און אַנדערע ווידער, וואָס מען דאַרף אויסמיידן. אַ שפּין איז אַ מצווה צו הרגענען, שפּינען האָבן געבראַכט פייער אין די מיילער צו פאַרברענען דאָס בית־המקדש.

שוואַלבן זיינען ליבע פייגל, שוואַלבן האָבן געבראַכט וואַסער — צו לעשן דאָס פייער פון בית־המקדש. ביזן היינטיקן טאָג זאָגן אָן שוואַלבן, וואָס פליען נידעריק, אַז עס וועט זיין רעגן. וואו מען דערזעט ערגעץ אַ שפּין צערייסט מען איר נעץ, טרעט מען זי מיט די פיס. שוואַלבן לאָזט מען קלעפּן נעסטן איבער פענצטער, וואו זיי ווילן, ווייל שוואַלבן ברענגען מזל.

קלאַפּט אָן אַ פייגעלע מיט איר שנעבעלע אין אַ פענצטער, וועלן אָנקומען גוטע בשורות, גייט אַ גוטער בריוו אין וועג. קראַקעט אַ שוואַרצע גאַפּע אויף אַ דאַך, ברענגט זי אומגליק דעם הויז. וואַשט זיך די קאַץ פאַר דער טיר, וועלן קומען געסט. שטעלט זיך אַוועק דער האָן בייטאָג אין מיטן הויף, אויפן פלויט, קלאַפּט מיט זיינע פליגל, קרייט זיך פונאַנדער, איז עס אַ סימן אויף אַ שיין וועטער.

באַווייזט זיך פּלוצלונג פאַר דער טיר אַ זשאַבע — איז עס אַ קללה, מען זעט באַשיימפּערלעך ווי איר האַלדז באַוועגט זיך, ווי זי שעלט, דאַרף מען זאָגן: „זאַלץ דיר אין די אויגן, פעפער אין די נאָז". ווייַנען הינט ביינאַכט, איז דער מלאך המות דאָ אין שטאָט.

בייסט די רעכטע האַנט, וועט מען ציילן געלט. ברענט אַן אויער — דערמאָנט אימיצער. קלינגט אין די אויערן — רעדט מען פון דיר, אין רעכטן אויער — גוטס אין לינקן — שלעכטס. רעדט זיך פונאַנדער דאָס פייער אין קיך — רעדט מען פון דיר אין הימל. „רעדן זאָל מען גוטס" — זאָגט מען. ניסט מען — איז — צום געזונט! — דאַרף מען זיך טאָן אַ צי פאַרן רעכטן אויער און זאָגן דריי מאָל: „לישועתך קויתי ה'" אָנהויבנדיק יעדעס מאָל מיט אַן אַנדער וואָרט. געגעצט אַ מענטש איז אַ סימן, אַז אַ „בייז אויג" האָט אים געטראָפן.

ווען אַ מענטש פאַלט פּלוצלונג אַוועק, פילט זיך שלעכט, איז דער ערשטער געדאַנק: אַ „שלעכט אויג". לויפט מען אים „אָפּטאָן אַנגעהאַרע" (עין הרע). „אָפּטאָן אַן עין־הרע" איז די ערשטע הילף. האָט זיך דער „נעהאַרע אָפּטוער", געוויינטלעך אַ בכור, בעסער אַ בכור בן־בכור, פונאַנדערגעגענעצט איז עס אַן „עין הרע" און דאָס „אָפּטאָן" האָט געהאָלפן. וואָס שטאַרקער און וואָס מער, דער נעהאַרע־אָפּטוער האָט זיך פאַנאַנדערגעגענעצט, אַלץ שטאַרקער איז די נעהאַרע געווען און אַלץ זיכערער איז אַז עס האָט געהאָלפן. קליינע קינדער האָט מען אָנ־געטאָן רויטע בענדלעך אויף יעדן הענטל אָפּצוהיטן פאַר אַ שלעכט אויג.

באַפאַלט אַ קינד אַן „עין הרע", דערשרעקט זיך אַ קינד, לעקט אים די מאַמע אויס די אייגעלעך מיט איר צונג, „הוסט" אים אָפּ, שפּייט אויס דריי מאָל אויף יעדער זייט, לויפט מען לאָזן אָפּטאָן אַן „עין הרע". העלפט דאָס אַלעס נישט, לאָזן טייל מענטשן גיסן הייסן וואַקס דורך אַ געפלעכט פון ריטלעך איבער אַ שיסל קאַלט וואַסער. די געשטאַלט פון וואַקס, וואָס בילדעט זיך אויפן וואַסער, איז די סיבה פון דער שרעק.

ווען אַ פרוי גייט שווער צום קינד איז אַ סגולה אַראָפּצונעמען אַלע פינגערלעך פון אירע פינגער, קייטעלעך, בראַנזאַלעטן, עפענען טירן און שופלאָדן, וואָס געפינען זיך נאָר אין שטוב. העלפט דאָס אויך נישט, לייגט מען דער קימפּעטאָרין הינטערן קישן אַ ספרל מיט אַ מעסער.

ווערט שוין דאָס קינד מיט מזל געבוירן, איז עס אַ ייִנגל קומען אַלע פאַרנאַכט, ביזן ברית, חדר ייִנגלעך קרישמע (קריאת שמע) לייענען. איז עס אַ מיידל, הענגט מען פונאַנדער איבער טירן פענצטער „שיר המעלותן" אָפּצוהיטן דאָס ניי־געבוירענע. כדי דאָס קריאת שמע לייענען מיט די „שיר המעלותן" זאָלן זיין שטאַרקער, היט מען די קימפּעטאָרין, נישט צו לאָזן זי אַליין ביזן ברית, גלייך ווי מען פלעגט אָפּהיטן חתן־כלה אין חתונה־חודש.

אין שטאָט זיינען געווען ווייבער־מבינות, וואָס האָבן פון פריער אויס געוואוסט, צי עס דאַרף געבוירן ווערן אַ ייִנגל צי אַ מיידל. וויבאַלד די שוואַנגערדיקע פרוי האָט זיך גענומען באַקלאָגן אויף „האַרץ ברענען", וועט זיין אַ מיידל. די הערעלעך אויפן קעפּעלע פון קליינעם באַשעפעניש אין דער מאַמעס בויך ברענען. לאַנגע האָר פון אַ מיידעלע דערגרייכן ביזן האַרץ פון דער מוטער.

אַ קליין קינד, וואָס עסט אַ סך און שרייט, פלעגט מען אַריינלייגן אין אַ שאַנק פול מיט עסנוואַרג. וויל אַ קליינס נישט אָנכאַפּן די ברוסט פאַרשט מען, די ייִנגע מאַמע, וואָס אַזוינס האָט זיך איר פאַרגלוסט אין דער צייט פון איר שוואַנגער־שאַפט. דערמאָנט זיך די ייִנגע מאַמע, אַז עס האָט זיך איר אַמאָל פאַרגלוסט אַ פריש שטיקל שוואַרץ ראַזעווע ברויט, ווען זי איז פאַרבייגעגאַנגען לעבן מינדל דער בעקערין. לאָזן זיך באַלד צוויי מענער גיין, ווי ייִנגע לייבן גלייך אין קאָזאַצקן פולק אַריין, ברענגען אַ פריש שטיקל פּאַניש שוואַרץ ברויט, צולייגן צו דער מאַמעס ברוסט, דער קליינער זאָל אָנשמעקן זיך און נעמען זויגן, דאָס זעלבע קען פאַרקומען מיט אַ ציבעלע, אַ הערינג, אַ זויערע אוגערקע אאַז"וו.

ביז דריי יאָר פלעגן ייִנגלעך גיין אָנגעטאָן אין קליידלעך, שערצלעך אַזוי ווי מיידלעך. אויך די האָר פלעגט מען זיי ביז דריי יאָר נישט שערן.

יחיאל גאַלאַנט, מאָטל דאַמבּס איין אייניקל און יעקב הערצלס אַ ייִנגל זיינען ביז בר־מצוה געגאַנגען אָנגעטאָן אין ווייסן. אַפילו שיכעלעך האָבן זיי געטראָגן ווייסע. אין די משפּחות האָבן זיך נישט געהאַלטן קיין ייִנגלעך, האָט מען אָפּגענאַרט דעם מלאך המות, אָנגעטאָן קינדער אין ווייסן.

נישט אַלע מענטשן אין שטאָט האָבן געהאַלטן פון אַט די אַלע מנהגים, עס זיינען שוין אַפילו געווען יידן, וואָס האָבן געהאַלטן פון יידישקייט און געוואָגט אַפילו נישט צו שלאָגן כפרות, האַלטנדיק דעם מנהג פאַר אַן אומזין. זעלטן אָבער וואָלט אַ יידישע מאַמע אין שטאָט געוואָגט אַנצונייען אַ קנעפּל אין אַ מלבוש פון איר קינד, זי זאָל אים נישט געבן צום קייען אַ דרים פאָדים, זי זאָל אים מיט די אייגענע הענט נישט פאַרנייען דעם שכל.

גרויסע טייכן זיינען אין שטאָט נישט געווען. דאָס איינציקע טייכל איז געווען שמאָל און פלאַך, אין אַ סך ערטער, האָט מען עס געקענט אַדורכגיין מיט אַ ברייטערן שפּרייז. אין צייטן פון שטאַרקע רעגנס פלעגט דאָס טייכל פאַרגיסן דעם נידעריקן טייל פון דער וואַרשעווער גאַס, די טעפּער גאַס ביז נחמן פיגאַטס הויף. אַ קרבן יעדעס יאָר, ווי אַנדערע וואַסערן, האָט דאָס טייכל נישט פאַרלאַנגט, געפערלעך איז געווען מילאַבענסקיס וואַסער, דאָס וואַסער ביי יאַכעטן און די ליימיקע וואַסערן ביי דער צעגעלניע, וואָס האָבן יעדעס יאָר פאַרלאַנגט אַ קרבן. פלעגט אימיצער ביים באָדן זיך טרינקען, קומען מענטשן מיט לאַנגע דרענגער, מיט אייזערנע „קעץ" זוכן דעם דערטרונקענעם. ביי דער ציגעלניע לאָזט מען אַ ברויט מיט אַ ברענענדיק ליכט איבער די וואַסערן — זוכן דעם דערטרונקענעם.

די באַציאונג פון מענטשן צו מנהגים און אַבערגלויבנס, קען אַמבעסטן אי־לוסטרירן די מעשה מיט דער אַלטער פרומער יידענע, וואָס האָט גייענדיק צו סליחות געחלשט. ביים אָפּמינטערן האָט מען ביי איר געפונען הענגען אויפן האַלדז אַ גרויסן צלם. ווען די פרומע יידענע איז צו זיך געקומען, געזען מענטשן וואונדערן זיך ווי קומט דאָס צו איר אַ צלם — האָט זי זיך גאַנץ רואיק געזאָגט — אַזוי פיל מענטשן גלויבן אין דעם, אפשר איז דאָס אויך אַ גאָט.

אַן ענלעכע באַציאונג איז געווען צו רפואות. אין אַ קרענק איז מען געווען גרייט אָנצונעמען יעדע עצה, יעדע „באָבסקע" רפואה. פון צייט צו צייט האָט זיך ערגעץ וואו אין אַ וויַיטן וואַלד, אין אַ פאַרוואָרפן דאָרף באַוויזן אַן אוטשאַרזש — אַ פּאַסטוך אַ גוי, וואָס האָט געגומען וויַיזן וואונדער, היילן קראַנקע דורך קוקן אין די אויגן, באַרירן אַ האַנט. יידן און יידענעס פון אַלע קלאַסן האָבן זיך אַ לאָז געטאָן עולה רגל זיין פון שטאָט צום נייעם בעל־מופת, זוכן אַ הילף פאַר אַלטע מיחושים.

אַן אויסגעפּרואווט מיטל איז געווען זאָגן תהילים. דער גרעסטער דאָקטאָר מיט זיין גאַנץ קענטעניש איז נישט אימשטאַנד געווען צו דערוועקן אַזוי פיל האָפענונג, אַזוי פיל גלויבן אין אַ „גיכער הילף", ווי דאָס תהילימל.

ווערט דעם קראַנקן ערגער, לאָזט מען זאָגן תהילים. אין חדרים, שטיבלעך, בתי־מדרשים, שטעלט מען אויס קוויטלעך פאַרן עמוד מיטן נאָמען פון קראַנקן, און פון זיין מאַמען, מאַכט מען „מי שברכס", בעט מען ר' טוביהן, ר' איטשקן, ר' חיים שמעיהן אים מזכיר זיין. תהילים איז געווען אַ רפואה פאַר אַ סך יידישע

צרות, צרות־הכלל און צרות־הפרט, האָט מען זיך דערמיט באַנוצט ביי אַ קרענק אויך. „אי תהילים ניע פּאָמאָזשע" — (תהילים וועט אויך נישט העלפן) האָט געהייסן: עס האַלט שלעכט, זוכט מען נייע מיטלען, לייגט מען צו דעם קראַנקן אַ נאָמען, געוויינלעך אַלתר, חיים, נתן, מעסט מען קברים, זאַמלט מען טעג. „טיי און תהילים קענען נישט שאַדן" האָבן געטענהט מער אויפגעקלערטע, „תהילים זאָגן, אויב עס וועט נישט העלפן, שאַדן וועט דאָס זיכער נישט". די מייסטע יידן האָבן געהאַלטן, אַז תהילים זאָגן העלפט.

דער לעבנס־פּרינציפּ פון „אויב עס וועט נישט העלפן, שאַדן קען עס נישט" האָט געשאַפן מעגלעכקייטן פאַר „מבינים", „עצה־זאָגערס" און „רופאים" צו באַ־ווייזן זיך. ערשט ווען זיי אַלע האָבן נישט „צוגעטראָפן" האָט מען גערופן דעם פעלטשער, אַ דאָקטאָר. אַלע האָבן געוואוסט: אַ צעשניטענעם פינגער, אַ בלו־טיקע וואונד היילט מען מיט שפּינוועבס, פאַרקלעפּט מען מיט ווייך ברויט. צו אַ געשווילעכץ לייגט מען „ציבולאק", וואָס איז געווען פון די וויניקע „זשעלעס" (בלומען־טעפּ) אין אַ ידישע שטוב. אַ ראַדיקאַלער מיטל איז געווען פסלן, פאַר־מיאוסן אַ מכה — צולייגן אורין, מיסט פון אַ מענטש, אַ בהמה. שלאָסערס האָבן זיך אַליין געהיילט וואונדן מיט אייזן שפּליטערס, סטאָלאַרעס און סטאָלמאַכעס — מיט זעגאַכץ, קאָוואַלעס האָבן צוגעלעגט אַן אָנגעגליט אייזן, שמיראַכץ פון וועגן.

אַ קאַטאַר היילט מען מיט אַנגעזענגטע פעדערן, אַריינאָטעמען אין זיך דעם רויך פון פאַרברענטן האָרן, קאָפּיטעס פון בהמות. רפואות פאַר וואָרצלען (בראָ־דאַווקעס) זיינען: איבערגיסן יעדן וואָרצל מיט וואָרעם טויבן־בלוט, אַוועקלייגן אַרבעס הינטער אַ שטיין, פאַר יעדער איינער אַריינוואַרפן אַן אַרבעס אין אַ טיפער ברונע.

יוסף ראדאק האָט צוזאַמענגעשטעלט מאַשטשן (זאַלבן) פאַר אַלע מינים מכות, בלינדע און אָפענע, מאַשטשן „פונאַנדערצוטרייבן" „אָנצוציען" צום פּלאַצן, צוצולייגן אויף אַ קאַרבונקל, צו געשוואָלענע ברוסטן, געשווירן ביי מענער און ביי פרויען, וואָס זייגן.

שרה, הערש טוביהס, האָט געמישט מאַשטשן, געקאָכט פאַרשיידענע טייען פון וואָרצלען, גראָזן, בלעטער, באַזוכט קראַנקע אין דער היים, געטרייסט, גע־שטאַרקט מיט אַ גוט וואָרט, אַ ביסל רויט־ווייַן, אַ פּאָמעראַנץ.

רבקה רחל, וואָלף ברײנדלס וויב, האָט געפּרעגלט איינגעמאַכץ, אָנגעשטעלט זאַפטן פון מאַלינעס, ווישניאַק, באַרוואוקעס קעגן בויך־ווייטיק, צום שוויצן, פאַר יעדן איינעם פון דער גאַנצער שטאָט.

יוסף זאַראָמינער און נאָך אַנדערע יידן האָבן געהאָלפן ביים פּריזיוו. אָפּהאַקן פינגער, אַרויסרייסן ציין, מאַכע אַ קילע, געבן שמירעכצער דער גאַנצער גוף זאָל ווערן פאַרכעוואַטע, צו שמעקן פולווער, וואָס מאַכט היץ, רייצט צום הוסט.

היילן אַ קראַנקן האָט זיך אָנגעהויבן מיט צענעס — טיי אָפּצופּירן, מאַכן

אַ קאָנע, געבן צו שוויצן, שטעלן פּיאַווקעס, באַנקעס, טיילמאָל אויך לאָזן בלוט. ווען די אַלע מיטלען האָבן נישט געהאָלפן, האָט מען גערופן דעם פעלטשער, וואָס איז געווען אַ פּאָפּולערע געשטאַלט אין שטאָט. מיט אים האָט מען זיך געקענט אויסטענהן אויף אַ פּראָסט־יידיש, דערציילן אין דער לענג און אין דער ברייט, וואו עס טוט ווי און וואָס עס טוט ווי. שכנים, משפחה און דער קראַנקער אַליין האָבן זיך באַמיט אויפצוקלערן, צו ראָטן אים וואָס ער האָט צו טאָן. דער הימישער פעלטשער האָט געדולדיק אויסגעהערט אַלע עצות, זיין כבוד האָט דאָס נישט אָנגערירט. ער האָט געהאָט צו זאָגן, צי מען זאָל רופן אַ דאָקטאָר, ווען מען האָט צו רופן און נאָך דעם אַלעמען ערשט, האָט מען פון אים פאַרלאַנגט, ער זאָל זאָגן צי מען דאַרף טאָן, וואָס דער דאָקטאָר הייסט.

דער עלטסטער פעלטשער אין שטאָט איז געווען לייזער (פריד), וואָס האָט „געהיילט פון ביכל", וואו עס זיינען געווען פאַרשריבן אַלע סגולות און רפואות. לייזערס זון איז געווען קאַפּעלמייסטער אין קאָזאַקישן פּאָלק, וואָס איז געשטאַנען אין מלאַווע. דער איינציקער ייד אין קאָזאַקישע הויזן, וואָס האָט זיך אויסגעצייכנט מיט נאָך אַ מעלה, קינדער פלעגן ביי אים געבוירן ווערן צווייוויז אָדער דריי־וויז. איינציקוויז זיינען זיי נישט געקומען. דאָס דריילינג איז, אין שפּעטערדיקע יאָרן, אַרויסגעטראָטן אויף קאָנצערטן אין דער וואַרשעווער פילהאַרמאָניע.

דער פּאָפּולערסטער איז געווען צדוק פעלטשער, אָדער סתם צדוק. „מען דאַרף רופן צדוקן" — „וואו וואוינט צדוק?" — האָט יעדער אין שטאָט שוין גע־וואוסט וועמען מען מיינט. דער נאָמען צדוק איז אַזוי שטאַרק געווען צוגעבונדן צום פאַך, אַז אַ סך מלאַווער האָבן געמיינט, אַז אַ פעלטשער הייסט אויף יידיש — צדוק.

קעגנאיבער חוה וועלוולס אין דער וואַרשעווער גאַס, שפּעטער אויף אַ הויז אין דער פּלאַצקער, זיינען געהאַנגען דריי מעשענע טעלערס, אַ צייכן אַז דאָ וואוינט צדוק. אַ קליין יידל מיט אַ בלאָנד אויסגעקעמט בערדל, וואָס איז זיך שיטערלעך געוואָקסן און נאָר קאַרג באַדעקט די ריינע הויט פון זיין דורכזיכטיקן פּנים. קורץ געקליידעט, שטענדיק אין אַ שטייפן שוואַרצן קאַפּעלוש, מיט אַ קעסטעלע באַנקעס אונטערן אָרעם, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ גמרא, מיט אַ לעדערן רענצעלע, ווי ביי דער שאָדלערן אין איין האַנט, ווי ביים דאָקטאָר מאַקאָווסקי, אין דער אַנדערער האַנט. איז דער גוטער שליח פון מלאך רפאל געגאַנגען מיט קליינע טריטעלעך איבער גאַסן און געסלעך באַזוכן קראַנקע. ווי גרויס עס זאָל נישט זיין די שרעק פאַר אַ קרענק האָט צדוק מיט זיין קליינער וואַרעמער האַנט, מיט זיינע שטילע רייד, מיט זיין פשטות גרינגער געמאַכט דאָס געמיט פון דער סביבה, געבראַכט מיט זיך באַרואי־קונג און טרייסט. סיי יידן סיי גויים האָבן געהאַלטן פון צדוקן. אין אַלע אַפּ־טייקן האָט מען אָנגענומען זיינע רעצעפּטן. ער פלעגט שטעלן פּיאַווקעס, באַנ־קעס, פּשוטע, געהאַקטע, רייסן אַ צאָן, לאָזן בלוט, מאַכן איינשפּריצונגען, אויס־

שמירן אַ האַלדז, אונטערזוכן אַ קראַנקן מיט אַ טרייבל פונקט ווי אַ דאָקטאָר. אין שטאָט האָט מען געהאַלטן פון צדוקס מבינות, געוואוסט, אַז ער שטעלט נישט צופיל אויף זיך, אַז עס וועט זיין נייטיק, וועט ער אַליין הייסן רופן דעם דאָקטאָר.

צדוק איז געבענטשט געוואָרן מיט לאַנגע יאָרן. מענטשן האָבן זיך צו אים געהאַט צוגעוואוינט ווי צו אַ היימישער לאַנדשאַפט, ווי צום שטאָט־זייגער, צו דער פלומפ אויף דער וואַרשעווער גאַס, צום בריקל, וואָס האָבן יאָרן־לאַנג באַשיינט די שטאָט. דאָס בריקל אויף דער וואַרשעווער גאַס איז געקרוינט געוואָרן מיטן נאָמען „צדוקס בריקל", אַריין אין מענה־לשון פון מלאַווער יידיש צוזאַמען מיט „פרימיסיאָן", „צדוקס ביינדל".

נאָךביים לעבן האָט צדוקן געירשנט זיין זון נתן. אין שטאָט האָט מען גע־האַלטן פון אים, כאָטש מען האָט אים גערופן „פראָפעסאָר".

אַ געוויסע צייט איז אין מלאַווע געווען נאָך אַ יידישער פעלטשער — פראַנ־קענשטיין, שמחה ניצקינס אַן אידעם. ווען ער איז אַוועק, האָט זיך אין שטאָט באַוויזן אַן אויסגעדאַרט מענטשל, וואָס איז געווען רירעוודיק און פלינק, אויס־געזען האָט ער ווי אַ גוי, אַ באָרד געהאַט האָט ער אַ „געגאָלטע", וואָנצעס צוויי גרויסע, גויישע. גערעדט האָט ער נאָר פויליש, געווען איז ער אַ ייד, געהייסן האָט ער טיסאבאָוו — דער נייער, נאָר־וואָס געקומענער פעלטשער פון וואַרשע.

יידן פון שטאָט האָבן אים גערופן נישט טיסאבאָוו נאָר פשוט תשעה־באב.

אויפן שפּיץ פון דעם לייטער איז געשטאַנען אַ מלאַווער געבוירענער, אַ ריכ־טיקער דאָקטאָר, יוסף מאַקאָווסקי, וואָס האָט זוכה געווען עס זאָל ביי אים נישט מקוים ווערן דער שפּרוך, אַז „קיינער איז נישט קיין נביא אין זיין אייגענער שטאָט."

## 9. געצעלטן פון תורה

קינדער קליינטשינקע הייבן אָן זייער וועג אין יידישקייט פון ברוך מלמדס חדר. עלטערע גייען נאָך אַ זמן־צוויי צו פסחן. ביידע חדרים געפינען זיך אַנטקעגנאיבער דער שול. גרויסע טאָוולנע „אלף־ביתן" ליגן אויף טישן. דער דאָרפישער מלמד „ברוך סאביעסראל" פאָרט מיט אַ פישביינערנעם „טאָטל" איבער די טאָוולען. ביי יעדן אות דערשיינט אַ ניי געשטאַלט. „אלף" — טראָגט אַ מענטש אַ משא אויף די פּלייצעס, גייט ער איינגעבויגן, „גימל" — אַ בייטל געלט. — לערנט, לערנט, קינדערלעך, וועלן בייטלען פולע פאַלן אייך פון הימל — זאָגט דער רבי. אייגעלעך גלאַנצן, פאַר אַ גראָשן קריגט מען אין געוועלבל ביי חיה שרהן אַ מאַנדל, אייער־בייגעלעך, ביי דער אַלטער באַבסערטשינע מיטן האָרן אויף

דער נאָז — אַ הילצערן מעסטעלע פול געקאַכטע אַרבעס. „דלת“ איז דער דעגן (דגל) פון שמחת תורה. אַרום דער „ה“ טאַנצט דער לאָמער שמחה, יעקב משה מיטן קורצן פוס. „חית“ — איז דער אַריינגאַנג אין חדר. דאָס „יידעלע“ איז אַזוי קליין, אַזאַ פּיצעלע, אַז עס קריכט אַליין אין האָרצן. לאַנגע „כפן“, „פייען“ זיינען יענקל צייטאגס הויכע גאַסן־לאַמטערן. „למד“ איז דאָס הויקערל, משה — סופרס ווייב. „סמך“ — אַ פּעסל ביר, וואָס שטייט ביים קליינעם „פּאָטערל“ אין פענצטער. „עין“ אַ נאָז מיט אויגן. לייכט איז די „שין“. דראָזשקאַרסקע פערד טראָגן לע־דערנע ברילן, טראָגן „שינען“ זילבערנע, פון ביידע זייטן אויגן.

די ערשטע טעג אין חדר ביים מילדן רבין מיט דעם שפּילן זיך אין „אלף בית“, זיינען פריילעכע, גוטע טעג, מיט דעם וואַקסן פון עול פון תורה, ווערן זיי וואָס אַמאָל שווערער.

אותיות שטעלן זיך צוזאַמען אין ווערטער, באַלד לערנט מען ברכות, מען קריכט אַריין אין עול פון דאַווענען. מען פילט גאָרנישט ווי אַזוי מען איז מיט איין מאָל געוואָרן אַ ייד מיט פליכטן, וואָס טאָר נישט, איבערהיפּערן אַ וואָרט, עסן פאַרן דאַווענען, פאַרגעסן דאָס ציצת־כנפות. מיט איין מאָל לייגט זיך אויף ייִנגע פּלייצעלעך אַ שווערער עול פון מצוות און עבֿרות, אַ לעבן פול מיט פּחד, כמעט ווי ביי דערוואַקסענע.

דער וועג פון ברוכס חדר פירט שוין זייט צענדליקער יאָרן צו „פּסח קאָזשע־באָרד“. חומש הייבט מען אָן פון „ויקרא“ מיטן טייטש און „אויסרעדן“. דאָ ווערט דער עול נאָך שווערער. ביים לערנען אלף־בית איז אַלץ געווען נאָנט און לייכט. אותיות האָבן זיך פאַרוואַנדלט אין באַקאַנטע מענטשן, היימישע זאַכן פון דער אייגענער גאַס, פון אייגענעם הויף.

ביים חומש לערנען האָבן געדאַנקען געטראָגן ווייט אַוועק פון שטעטל אַזש קיין חרן, פּדן־ארם, אין די וועלדער פון ממרא, קיין חברון וואו אברהם אבינו האָט זיך געטראָפן מיט די קינדער פון חת. וויגנדיק זיך אויף קלינגענדיקע וועלן פון אַ געדיכטן ניגון, וואָס שלאָגט וואָרעמלעך אין קאָפּ, שליסט די אויגן צום שלאָפן, האָט מען אַזוי אַדורכגעוואַנדערט פון אור־כשדים ביז קיין מצרים איבער אַ ברענענדיקן הייסן מדבר. מיט מורא האָט מען איבערגעלעבט דעם שווערן חלום פון די צעשניטענע שטיקער פלייש, די פינצטערע אימה, וואָס איז אַראָפּ אויף אברהם אבינו און דעם צוזאָג צו ווערן אַ גרויס פאָלק, פון וואָס יידן ליידן נאָך ביזן היינטיקן טאָג.

מיט איין מאָל איז די וועלט געוואָרן פול מיט מזיקים און נישט־גוטע. אין די פאַרנאַכטן, צווישן מנחה און מעריב האָבן נישט פלאַמען פון אַן אונטערגייענדיקער זון אָנגעצונדן הימלען פון שטעטל, געווען זיינען דאָס העלישע פייער צונגען פון גיהינום, וואו עס ברענען און בראָטן זיך די רשעים.

די שול גאַס האָט אויפגעהערט צו זיין אַ רואיק געסל, וואו מען פלעגט זען

מאַמעס, באָבעס און מומעס אין שוואַרצע זיידענע קליידער, מיט טערקישע פאַטשיילעס מיט קופּקעס שייטלען פול מיט קרעלן און קעם, וואו יידן ציען זיך לאַנגזאַם פון שול און בתי־מדרשים. אַלץ האָט ביסלעכווייז באַקומען אַן אַנדער פּנים. שטעלט זיך אַ ווייסע טויב אויפן שול־דאַך איז אַ סימן אַז אַ מלאך איז געקומען אָנזאָגן אַ בשורה. פינקלט אַ שטערן ווייט ווייט אין טונקעלן הימל, איז דאָס אַ נשמה אַ ריינע, וואָס דאַרף צו אונדז באַלד אַראָפּקומען, אָדער וואָס איז פון אונדז אַוועק. שטערן זיינען נשמות פון קליינע ברידערלעך און שוועסטערלעך, וואָס האָבן אונדז יונגערהייט פאַרלאָזן. ריינע שוועסטערלעך און ברידערלעך זיינען דאָן פון יעדער משפּחה אַוועקגעפלויגן אין הימל אַריין. מען הייבט אָן מורא האָבן איינצוקוקן זיך אין בנין פון דער שול. אַ יינגל ביי פּסחן ווייסט שוין, אַז יעדער נאַכט קומען דאָרט טויטע דאַווענען. עס געפינען זיך קינדער, וואָס האָבן דאָס אַליין געזען. אין דער פרי באַווייזן יינגלעך איבערגעשראָקענע בלויע פלעקן אויף די אָרעמס „טויטע קניפּן". האַנטקעסקאַפּן (תקיעת כף) מיט „איבערהאַקן" מיט אַ ציצה און אַן ציצה, זיינען אַלץ נייערע מדרגות אויף דער לאַנגער לייטער פון גוטע מדות, מצוות און מעשים טובים. אַ יינגל ביים שפּילן אין קנעפּ, אין ניס, מוז שטענדיק געדענקען, וואָס ער איז. אַ ייד טאָר נישט אָפּנאַרן, נישט זאָגן קיין ליגנס, נישט „מאַכן שקרות" (שאַקרעס), נישט שווערן פאַלש. זיין נידעריקער פון גראָז און שטילער פון וואַסער, אויפנעמען מיט ליבשאַפט די לעדערנע שמיץ פון קאַנטשיק.

אַ „די וועלט" און אַ „יענער וועלט" צומישן שוין אין גאַנצן די קעפּלעך פון יונגע קינדער. זייערע פּנימער ווערן אַלץ בלייכער און בלאַסער אויף די טרויעריקע וועגן, וואָס פירן צו מאַכן פון זיי גוטע יידן. אין אַ פּאָר זמן איז אַזאַ יינגל נישט מער צו דערקענען. ביי ברוכן האָט מען זיך נאָך געשפּילט, ביי פּסחן ווייסט שוין אַ יינגל אַלץ, פון וואָס אַ ייד טאָר קיין הנאה נישט האָבן. שדים לויערן אויף יעדן טריט, מען טאָר נישט אַרומגיין באַלד אין דער פרי אָן „נעגל־וואַסער", מען טאָר נישט עסן פאַרן דאַווענען, מען טאָר נישט פאַרלירן צייט אויף סתם שפּילעריי, מען טאָר נישט איינשלאָפן אָן „המפּיל", עס איז דאָ אַן „אויג, וואָס זעט און אַ האַנט, וואָס שרייבט".—זיצן קינדערלעך ביי פּסחן און אין די אַנדערע חדרים לאַנגע זומער־טעג, ביז עס ווערט גוט פינצטער. ווינטער—גאַנצע אָוונטן אויך. דאָס חדר איז ס׳גאַנצע לעבן, עס איז גוט צוזאַמען מיט אַזוי פיל יינגלעך, מען הויבט אָן ליב צו האָבן דעם רבין, אַממייסטן האָט מען ליב די מעשיות, וואָס יינגלעך דערציילן זיך צווישן מנחה און מעריב.

אויפן שטיין, לעבן שמחה ניצקין, טאָר מען נישט זיצן—עס קען אַריין אַ דבוק. אין ברונעם וואוינען „יענע לייט". מוטיקערע יינגלעך טוען אַ געשריי אין אַ ברונעם אַריין און אַנטלויפן, ביז מען הערט שוין נישט מער דאָס ווידערקול. פעלטע שרהס האָט אַליין מיט זיינע אייגענע אויגן געזען, פאַרנדיק פון כאַרזשל קיין מלאַווע, ליגט זיך אַזוי אַ קאַלב אין מיטן וועג. דער טאַטע זיינער לייגט אַרויף

ס׳קאַלב אויפן וואָגן און... פּלוצלונג דערהערט מען אַ געלעכטער. ס׳קאַלב שטייט אין מיטן שאָסע און שטעקט אַרויס אַ רויטע לאַנגע צונג און לאַכט און לאַכט. אַן אַנדערש מאָל איז אַ שעפּס געלעגן אין מיטן וועג, פּעלטעס טאַטע צו־זאַמען מיט אַלע, וואָס אויפן וואָגן, האָבן געוואָלט אויפהויבן דעם שעפּס און נישט געקענט.

ביינאַכט האָבן יינגלעך מורא צו גיין אַליין, צו בלייבן אין דער פינצטער. גייט מען פון חדר אַלע צוזאַמען מיט לאַמטערנדלעך בלעכענע, מיט נאַפּט, פּאַפּירענע, געקרייזלטע מיט ליכטעלעך אויפן באָדעם, צוליב היימלעכקייט רופן יינגלעך כסדר — „חיים, שוין? וואו ביסטו; אויף די טרעפּן? ביי דער טיר?" — „שוין" ענט־פערט חיים, און די באַגלייטער גייען ווייטער אָפּפירן איינער דעם צווייטן. קינדער האָבן מורא פאַר דער „באַבעלאַקע".

אין ווינטערדיקע אָוונטן, ווערן הינטערגעסלעך און גאַסן באַשיט מיט ליכ־טעלעך, לאַמפּיאַנען. יעדעס בלייכע פלעמעלע באַגלייט אַ קליין יידעלע אויפן וועג אַהיים פון חדר, וואו מען פירט אים אריין, טאָג איין טאָג אויס, אין דער וועלט פון יידישקייט.

חדרים גרייטן צו יידישע קינדער צו ווערן געדולדיקע יידן, קענען קריגן קלעפּ, שלעפּן דעם עול און גלויבן, אַז אַזוי דאַרף זיין. פון פסחן גייט מען צום טשעכאַנאָווער מלמד. צום אָסטראָווער, ביים מיכאלן, צו משה אהרנען, צו יעקב ווינעווער, איטשעלע טשיזשעווער. רייכערע קינדער לערנען ביי מאיר שלמהן, ביים וואָלקער מורה הוראה. אָרעמערע גייען אין תלמוד תורה, מלמדים זיינען פאַראַן פאַרשיידענע, איינער ציט פאַר אַן אויער, דער אַנדערער קנייפּט, שלאָגט מיט אַ קאַנטשיק, מיט אַ לעדערנעם פּאַסיק, דער ווידער שטעלט אין ווינקל מיט אַ בעזים, אַן אַנדערער — אַן אַ בעזים מיט אַ ראַנדל אויפן קאָפּ, טייל מאָל אויך מיט אַראָפּגעלאָזטע הויזן.

מלמדים האָבן אַ גאַנצע וואָך שווער געאַרבעט, געלעבט אין אָרעמקייט. שבתים פלעגן זיי גיין אין די שטובן „פאַרהערן" זייערע תלמידים. ביים פאַרהערן האָט נישט ווייניקער געקלאַפּט דאָס האַרץ פון רבין, ווי פון זיין תלמיד, קען נישט דער תלמיד, איז שולדיק דער רבי, וואָס דאַרף געוויינלעך זיך נישט מער איינ־ריידן, אַז דער באַליידיקטער בעל־הבית זאָל אים שיקן זיין יינגל אויף נאָך אַ זמן. באַמיען זיך טאַקע מלמדים אַלע טעג פון דער וואָך צו עפּענען די קעפּ פון זייערע תלמידים מיט גוטן און מיט בייזן, די תורה זאָל לייכטער אריין.

צווישן דער יעדנעראַלסקער און פלאַצקער גאַס אין אַ הינטערגעסעלע (דאָס „קרומע") לעבן משה יוסף טשאַרקעס מיל און יעקב שלמה מאַנדזשאַקס באַלעבטן הויף, אין שכנות מיט אברהם טערזשערס וויאַזד און אַ סך תבואה־שפּייכלערס האָט ר׳ דוד גאָרדאָן זיך געגומען דערציען יידישע קינדער לויט אַ נייער שיטה. זיינע תלמידים זיינען געווען געציילטע קינדער פון פאַרמעגלעכערע היימען. גאָרדאָן איז געווען

אַ רבי אָן אַ קאַנטשיק. האָט נישט געשלאָגן, נישט פאַרשעמט קיין קינד מיט אַן עפנטלעכער שטראָף, ער האָט געוואונען דאָס האַרץ פון די תלמידים מיט זיין רו־איקייט און אויטאָריטעט. עלטערן האָבן זיך באַציגן מיט פאַרטרויען און רעספעקט צו דעם דערציער פון זייערע קינדער. עלטערן און גאָרדאָן האָבן געהאַט אויס־צושטיין אַ סך פאַרפאָלגונגען פון דער זייט פון חסידים, וואָס האָבן נאָך דאַן געהאַט די שליטה אין שטאָט. עס האָט גאָרנישט נישט געהאָלפן. דער חדר איז שטיין געבליבן. שוין דאָס אויסערלעכע אויסזען פונעם רבין און פון זיין חדר זיינען געווען אַ נייעס. גאָרדאָן איז געווען אַ הויכער, רואיקער מענטש, מיט אַ גרוילעכער באָרד, אָנגעטאָן ריין און שיין. יעדעס וואָרט געוואויגן און געמאָסטן. ער האָט געמאַכט אַן איינדרוק פון אַ מענטש מיט שטאָלץ, מיט אינערלעכער זיכערקייט. גאָרדאָן האָט אַרויסגערופן פאַרטרויען און דרך־ארץ. מען האָט אים נישט געקענט פאַרגלייכן צו די מלמדים אין שטאָט, נישט מיט זייערע ידיעות און נישט מיט זייער אויסערלעכן אויסזען, וואָס האָבן געלעבט אין דחקות אין אַן אַטמאָספערע פון גרינגשעצונג. גאָרדאָנס חדר איז געווען ריין, אָפּגעטיילט פון זיין וואוינונג, נישט אַזוי ווי אין אַנדערע חדרים, וואָס האָבן זיך געפונען צוזאַמען מיט דער וואוינונג, אָפּט — מיט דער קיך פון דער רביצין.

די לימודים זיינען געווען איינגעטיילט לויט אַ פּלאַן. צווישן די לימודים זיינען געווען פויזעס. ביי גאָרדאָנען איז מען נישט געזעסן אַזוי פיל שעה ווי אין חדר. געלערנט האָט מען תנ״ך, עברית, יידישע היסטאָריע און וועלטלעכע געגנ־שטאַנדן. גאָרדאָן האָט צו ביסלעך גענומען איינפלאַנצן אין די הערצער פון זיינע תלמידים די ליבע פאַר ארץ־ישראל, פאַר דער העברעאישער שפּראַך, נאַציאָנאַלע יום־טובים. פאַרן יידישן קינד אין שטאָט האָט זיך אָנגעהויבן אַ פרייער, שיינער לעבן. גאָרדאָנס טעטיקייט איז פריצייטיק און גרויזאַם געוואָרן פאַרענדיקט.

אין אַ פינצטערער נאַכט פון חנוכה ה. תרע״ה האָבן זיך ווילדע קאָזאַקן אַריינ־געריסן אין גאָרדאָנס הויז און אים דערשאָסן צוזאַמען מיט זיין איינציקן זון אַנשל און דעם לערער בלומקין, וואָס איז מיט זיי צוזאַמען געווען האָבן די קאָזאַקן גע־ראַנעוועט.

אין דערזעלביקער צייט, וואָס גאָרדאָן איז געווען טעטיק, האָט זיך אין שטאָט באַזעצט דער לערער רפאל גוטמאַן, וואָס איז שפּעטער באַקאַנט געוואָרן איבער גאַנץ פוילן אַלס פּעדאַגאָג, לייטער פון אַ לערער־סעמינאַר, אינספּעקטאָר פון אַלע יידישע קהילה־שולן אין וואַרשע און מחבר פון אַ ריי לערן־ביכער.

רפאל גוטמאַן איז נישט שטיין געבליבן ביי אַן איינצימערדיקן חדר. ער איז צוגעטרעטן צו זיין ווערק מיט ליטווישער עקשנות, געגרינדעט אין שטאָט אַ חדר פאַר איבער הונדערט קינדער. גוטמאַן איז געווען אַ רבי מיט אַ גאַנץ אַנדער פּנים, וואָס מלאַווע האָט ביז יענער צייט נאָך נישט געהאַט געזען. קיין זכר פון אַ קאַ־פּאָטע, קיין זכר פון אַ באָרד. אַ הויכער רירעוודיקער ייד מיט אַ שוואַרצן שטייפן

קאַפּעלוש, קורץ געקלײדט מיט אַ קלײן קמצל אַלס זכר לבאָרד אויף זײן לאַכנדיקן, קלוגן פּנים. דווקא בײ דוד העניך פּרענקעל, אין אַ הויז פון אַ גערער חסיד, וואָס אויף דער ניבאַרגער גאַס, האָט ער געעפנט זײן א״ג „חדר מתוקן״, וואָס חסידים פלעגן רופן „מסוכן״.

לויטן סדר פון די לימודים און לויט אויסערלעכן אויסזען איז גוטמאַנס חדר געווען אַ מאָדערנע שול. געווען זײנען קלאַסן, תלמידים זײנען געזעסן אויף בענק צווײיוויײז, ווי אין אַ ריכטיקער שול. חוץ די וועלטלעכע לימודים האָט מען אַלץ געלערנט אין העברעאיש אָן אַ היטל. תנ״ך און תלמוד, האָט מען געלערנט אין אַ היטל. בײם גרעסטן טײל ייִדן אין שטאָט האָט עס געהײסן: „שמד״ — „צו וואָס שיקן דעם זון צו גוטמאַנען, בעסער שמד אים גלײך אָפּ״ — האָט מען גערעדט צו די לערער, תלמידים און אויך צו די עלטערן, וואָס האָבן געוואָגט צו שיקן זײערע קינדער אין דעם חדר. מען האָט זײ געוואָרפן פון די שטיבלעך, מחוץ למחנה, זײ האָבן פאַרלוירן חברים און ידידים, מען האָט זײ פאַרביטערט דאָס לעבן.

העברעאיש האָט מען געלערנט עברית בעברית. אין די העכערע קלאַסן האָבן קינדער גערעדט צווישן זיך עברית. נאָך יעדער לעקציע איז געווען אַ פּויזע, דער גלאָק האָט אָנגעזאָגט דעם אָנהויב און סוף פון די לימודים לויט אַ צײט־פּלאַן. אין יעדן קלאַס זײנען ייִנגלעך געווען אויפזעער (דיזשורנעס) אויף רײנקײט און אָרדענונג. עס זײנען פאָרגעקומען לעקציעס פון געזאַנג און גימנאַסטיק, דאָן אַ נײס פאַר ייִדישע קינדער. קינדער האָבן זיך באַטײליקט אין אויספלוגן, געהאַט וואַקאַציעס (פעריעס בכלל), ווי אין אַ מאָדערנער שולע. חנוכה און פּורים זײנען פאָרגעקומען קינדער־פאָרשטעלונגען פאַר די עלטערן. אין דער שולע איז געווען אַ ביבליאָטעק. קינדער האָבן זיך צוגעוואוינט צו לײענען ביכער. די פּאָפּולערע אין יענער צײט ביכלעך: „פּרחים״, „נצנים״, „בכורים״, „השחר״, „בן־שחר״ האָבן געוואַנדערט פון קינד צו קינד. אין גוטמאַנס חדר האָט מען צום ערשטן מאָל געהערט און געזונגען די „התקוה״.

שפּעטער איז געקומען נח לעווין, אַ ייִד אַ ליטוואַק, אַ גרויסער למדן, אַ ייִד — וואָס האָט געוואַנדערט איבער אַ סך ישיבות. ער האָט שוין אין גאַנצן קײן באָרד נישט געטראָגן. חכמה און לומדות האָבן גוטמאַנען און לעווינען געעפנט די טירן פון אַ סך פרומע ייִדישע הײזער. ייִדן האָבן הנאה געהאַט צו כאַפּן אַ וואָרט תורה מיט די ליטווישע צלם־קעפּ. גוטמאַן און לעווין האָבן אײנגענומען די שטאָט מיט זײער חכמה, עקשנות און לומדות. מען האָט זײ געמוזט שעצן, פרײנד האָבן זיך באַצויגן מיט ליבע, קעגנער האָבן געמוזט באַציִען זיך מיט דרך־ארץ.

דער חדר־מתוקן האָט אָפּגעשוואַכט די חשיבות פון אַלטן חדר, און ממילא צוגעאײלט זײן אונטערגאַנג. חדרים האָבן זיך געוואָלט אָפּראַטעווען, אײנגעפירט אַ שעה צווײ וועלטלעכע לימודים, חסידים גרינדן אַ רעליגיעזע שולע פאַר מײדלעך, „בית יעקב״, דאָס אַלץ האָט אָבער מער נישט געהאָלפן. נײע לעבנס־פאָרמען, נײע

אידעאַלן האָבן גענומען דעראָבערן די ידישע גאַס. צוזאַמען מיטן אַלטן האָט אויך דאָס חדר גענומען אונטערגיין.

דער המשך פון די מאָדערנע חדרים, חדרים־מתוקנים, זיינען אין פוילן געווען די וועלטלעכע העברעאישע און יידישיסטישע פאָלקס־ און מיטל־שולן, אָבער די אַלע יידישע שולן, פון חדר ביז דער וועלטלעכער שולע, זיינען געווען יידישע פעסטונגען, געוואָרן אויסגעהאַלטן דורך יידן, זייער פראָגראַם פון לימודים איז באַשטימט געוואָרן דורך יידן. די גויישע מאַכט האָט מיט דעם שול־וועזן פון יידן גאָרנישט געהאַט צו טאָן. שולן, וואָס די רעגירונג האָט געגרינדעט פאַר יידישע קינדער זיינען געווען נישט יידיש אין זייער אינהאַלט און לער־פּראָגראַם. אין מלאַווע האָבן יאָרן לאַנג עקזיסטירט צוויי רעגירונגס פאָלקסשולן פאַר קינדער פון „משהס גלויבן" אונטער דער לייטונג פון משה גאָלאַמב, שפּעטער פון משה לאַסקאַ. פון אָנפאַנג זיינען נאָר יידן געווען לערער, שפּעטער — אויך קריסטן. די שפּראַך פון לימודים איז געווען פויליש.

אין חדר האָט מען געלערנט זיך יידיש, ביי גאָרדאָנען יידיש און העברעאיש. אין חדר־מתוקן — אויסער די וועלטלעכע געגנשטאַנדן, נאָר העברעאיש. אין אַלע איבעריקע שולן — אויסער די יודאַאיסטישע געגנשטאַנדן — פויליש.

אין יאָר 1917 האָבן מלאַווער יידן זוכה געווען צו האָבן אַן אייגענע גימנאַזיע, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן דורך די ציוניסטישע טוער בעריש פּערלמוטער, חיים אליהו פּערלא, מאָטע גרינבערג, מענדל אָקס און קאָפּל פּיז׳שיץ.

פון אַלגעמיין־קולטורעלן שטאַנדפּונקט איז אַ גימנאַזיע פאַר דער יידישער יוגנט אין שטאָט און פון דער אומגעגנט געווען אַ גרויסע דערגרייכונג. יידן האָבן זיך געשפּיגלט אין דער אינסטיטוציע, אָבער גלייכצייטיק האָט אָבער נישט געפעלט קיין קריטיק, אַ טייל יידן וואָלטן בעסער געוואָלט זען אין שטאָט אַ האַנטווערקער־שול, מער תכלית פאַר דער יוגנט, האָט די גימנאַזיע טאַקע מיט דער צייט איינגעפירט אַרבעטס־וואַרשטאַטן. נאָך אַנדערע האָבן נישט געקענט מסכים זיין מיט דער פּראָ־גראַם, מיט דעם פויליש רעדן, מיט דעם פאַרקויפן זיך דער רעגירונג, כדי צו באַקומען מלוכה־רעכט. „אַ פאַבריקל פון מאַטורעס" — האָבן זיי גערופן די גימנאַזיע. פּוילישע אוניווערזיטעטן זיינען פאַר יידן סיי־ווי־סיי פאַרמאַכט. פאַרן קיין אויסלאַנד שטודירן וועט נאָר קענען אַ קליינער טייל" — האָבן זיי געטענהט. נאָך דער גימנאַזיע וועט די מערהייט פון דער יוגנט ווייטער בלייבן אויף אַ שייד־וועג, אָן אויסזיכטן אויף אַ צו־קונפט. אין ריינער וויסנשאַפט איז יעדנפאַלס די מערהייט נישט פאַראינטערעסירט, אַזוי האָבן געטענהט די קריטיקער.

נישט געקוקט אויף די אַלע טענות האָט די גימנאַזיע זיך וואָס אַמאָל מער אַנט־וויקלט. קינדער פון אַלע שיכטן פון דער באַפעלקערונג פון שטאָט און אומגעגנט האָבן גענומען ציען אין דעם לער־אַנשטאַלט.

די ערשטע טריט האָט די גימנאַזיע געשטעלט אויף דער סמאָלאַרניע, נישט

ווייט פון דער מקוה און פון דער זשיקע, אויפן ראַנד פון ידישקייט, וואָס האָט זיך געצויגן ווי אַ קייט פון דעם שול־געסל איבער חדרים, שטיבלעך און מקוה. דער רויטער בנין אויף דעם אָרט האָט אויפגעריצט געווער חסידים, וואָס זיינען איין מאָל געקומען מאַסנוויז און דעראָבערט דעם בנין פאַר דער שטאָטישער תלמוד־תורה. פון דאַן אָן האָט זיך דער רינג פון „ידישקייט" ווידער פאַרמאַכט. וואָס אָן אמת איז די שטאָטישע תלמוד־תורה שוין אויך נישט געווען, וואָס אַמאָל. מען לערנט שוין אויך דאָ אַ ביסל לימודי־חול, מלמדים וואָגן שוין אַפילו צו סטרייקן, אָבער תלמוד־תורה איז נאָך אַלץ אָן אינסטיטוציע, וואו מלמדים מוזן נאָך כסדר ליידן פון תקיפישע גבאים.

די לעצטע יאָרן, ביזן סוף האָט זיך די גימנאַזיע געפונען אין פּיזשיצעס בנין, אין אַ גויישער געגנט, אין שכנות מיט די אַנדערע צוויי פּוילישע גימנאַזיעס. באַזוכט האָבן זי יינגלעך מיט מיידלעך צוזאַמען.

די ערשטע לעבנס־יאָרן פון דער גימנאַזיע זיינען געווען די „האָניק יאָרן". אונטער דער לייטונג פון חיים מילענבאַנד און די לערער גאָלדבערג, מערקער, וואָלפראַסט, טשערסקי אַאַז"וו האָבן זיך שילער, לערער און עלטערן פאַרוואַנדלט אין איין גאַנצע משפּחה. מיט יאָרן זיינען געקומען אַנדערע לערער, די אינסטיטוציע האָט זיך פאַנאַנדערגעוואַקסן, געשטרעבט צו דערוועררבן און אויך דערוואָרבן עפנטלעכע מלוכהשע רעכט. האָט זיך די גאַנצע אַטמאָספערע לאַנגזאַם פאַרענדערט. פון אַן אַלגעמיין קולטורעלן שטאַנדפּונקט איז די גימנאַזיע אָן ספק געווען אַ דערגרייכונג. ידישע קינדער פון אַלע שיכטן פון די איינוואוינער האָבן דערוואָרבן אַלגעמיינע מיטל־בילדונג, ווי אויך אין אַ געוויסער מאָס ידיש וויסן, אַ זאַך, וואָס וואָלט אָן דער גימנאַזיע געווען אוממעגלעך. אַ געוויסער טייל יוגנט האָט פאַרטגעזעצט זיין אויסבילדונג אין אוניווערזיטעטן אין פּוילן און אין אויסלאַנד. דאָס גאַנצע לעבן פון דער יוגנט און פון דער שטאָט האָט זיך אין די צוויי און צוואַנציק יאָר וואָס די גימנאַזיע האָט עקזיסטירט, אַזוי שטאַרק פאַרענדערט, אַז עס וועט שווער זיין פאַר אַ סך תלמידים זיך צו דערמאָנען דעם וועג, וואָס זיי אַליין האָבן דורכגעמאַכט פון חדר אָן ביז דעם אוניווערזיטעט.

אָפיציעל איז די גימנאַזיע געווען אונטערן אויפזיכט פון פּוילישן בילדונגס־מיניסטעריום, פאַקטיש איז זי געווען די צענטראַלע פון ידישע קולטורעלע און געזעלשאַפטלעכע אונטערנעמונגען. דער „השומר הצעיר" האָט זיך געפונען אין לאָקאַל פון דער גימנאַזיע, די ידישע פרויען־אָרגאַניזאַציע „וויצא", דער דראַמאַטישער קרייז. אַלע ידישע פאַרשטעלונגען, פאַרלעזונגען, פאַרזאַמלונגען פון אַלע פּאָליטישע פּאַרטייען, פאַרוויילונגס־אָוונטן, באַזאַרן פון קרן קימת אאַז"וו זיינען פאַרגעקומען אין אירע זאַלן.

ביי דער גימנאַזיע איז געווען אַ היים פאַר שילער פון דער פרעמד. לעבנס־־

באַגריפן, לעבנס־שטייגער פון דער גאַנצער שטאָט האָבן זיך אַזוי שטאַרק פאַרענ־דערט, אַז עס האָט אויסגעזען ווי אַ נאַטירלעכע דערשיינונג, וואָס אַפילו קינדער פון צדיקגעשטאַנענע פרומע משפחות, פאַר וועלכע די גימנאַזיע איז פון אָנפאַנג געווען טריפה, האָבן גלייך מיט אַלע באַזוכט די שולע.

## 10. פלאָצקער גאַס

דר דישע הינטערגעסלעך מיט דעם מקוה־פּלאַץ זיינען געלעגן ווי אַרומ־גענומען דורך צוויי לאַנגע אָרעמס, פון דער וואַרשעווער און פון דער פלאָצקער גאַס. די דייטשישע מערדער האָבן אָפּגעשלאָסן אַלע יידן פון שטאָט און אַרומיקע שטעט־לעך אין אַ געטאָ, וואָס האָט זיך געפונען אויף דעם באַגרענעצטן שטח.

ביידע אָרעמס צוזאַמען מיט די געסלעך האָבן פאָרגעשטעלט דאָס בילד פון יידישן לעבן אין שטאָט. יעדער הויף, יעדעס הויז יעדער מענטש האָבן צוגעגעבן פאַרב, ליכט צו דעם אייגנאַרטיקן היימישן לעבנס־שטייגער. אַרכיטעקטן, בוי־אינזשיניערן האָבן זיך ווייניק־וואָס געמיט ביים בויען פון גאַסן און הייזער. יע־דער בעל־הבית האָט אַוועקגעשטעלט אַ הויז אויף דעם אָרט, וואו ער האָט געוואָלט און געבויט האָט ער לויט זיין אייגענעם געשמאַק. זיינען אַרויס גאַסן קרומע, הייזלעך געבויטע לויטן סטיל פון אייגענע איינפאַלן. זעענדיק די איין־צוויי־שטאָקיקע האָלצערנע הייזלעך, באַדעקטע מיט אייל־פאַרבן פון אַלע טענער און קאָ־לירן, גרינע און בלויע, געלע און גרויע, האָט מען זיך לייכט געקענט אויסמאָלן די מענטשן, וואָס האָבן די הייזלעך געבויט. איין הויז איז נישט געווען ענלעך צום צווייטן, גלייך ווי די איינוואוינער, וואָס יעטווידער פון זיי האָט זיך געהאַט זיין אייגענעם הילוך. אָבער אַלע צוזאַמען זיינען געווען קלייך, באַשיידן, דערציילט וועגן אָ שטיל צניעותדיק לעבן. נישט לייכט וואָלט אָנגעקומען די איינוואוינער פון די האָלצערנע הייזלעך זיך צוגעוואוינען צו גרויסע הייזער פון שטיין, וואו אַלץ איז פרעמד און קאָלט. גאַנעקלעך, האָלצערנע טרעפּן ענטפערן אָפּ אויף יעדן טריט מיט אַ קרעכץ, מיט אַ סקריפּ. היימיש זיינען קליינע פענצטערלעך, האָלב־טונקעלע אָלקערס אויסגעשטעלטע מיט שווערע סאָלידע מעבל, קיכן מיט ברייטע שלאָפבענק, קופּערנע טעפּ און ראָנדלעס אויף די ווענט. הייזער האָבן מיטגעלעבט מיט זייערע איינוואוינער יאָרן־לאַנג, זיינען געוואָרן אַ טייל פון לעבן.

דאָ ליגט אַ הויף אָן אַ טויער, דאָרט העניגט אַ האַלב טויער אויף שווערע אייזערנע זאַוויאַסעס, ווילד גראָז וואַקסט צווישן שטיינער, אָן אַנדער הויף איז אָפּגעשלאָסן און נאָר אַ קליין טירל עפנט זיך דאָרט קאָרג. אָן אַנדערער ווידער ליגט פריי פאַר אַלע, אַ ברונעם שטייט אין דער מיט, מענטשן פון אַרום שעפּן

וואַסער, גייען אַדורך פון גאַס צו גאַס. מען זעט אַ הויף און מען קען באַלד זאָגן ווער ס׳איז דער בעל־הבית.

קרומע טירעלעך הענגען פּאַר שמאָלע איינגענג אין געוועלבער וואָס זיינען אָפן אין גאַנצן, אָדער געפינען זיך הינטער קליינע גלעזערנע טירן, וואָס עפענען זיך מיט אַ דאַרער אייזערנער קלאַמקע, טייל פאַרשליסן זיך אויף שלעסער, טייל אויף קייטעלעך.

ביים אַריינגאַנג אין פלאַצקער גאַס שטייען פוןביידע זייטן די „אַריינפאָרן", אַכסניות פאַרן פּויערים־פאָלק, פאַר זייערע פערד און וועגענער, וואָס קומען אין שטאָט אַריין אין די טעג פון ירידים. די בעלי־בתים פון די אַכסניות זיינען אברהם טערזשער, דערנאָך מענדל כהן און יצחק אייכלער.

דער אויבערשטער טייל פון די „זאַיאַזדן" מיט זייערע איבערדעכלעך ווי טורעמלעך זעט אויס געגוג אויסטערליש, ווען אַנשטאָט עס זאָלן זיך פונאַנדער־קלינגען גלאָקן עפענען זיך קליינע טירעלעך, באַווייזן זיך יידן, געזונטע טרעגערס, שיבן אַראָפּ פון דער הויך איבער אויסגעלייגטע, גלאַטע ברעטער זעקלעך תבואה פון די שפּייכלערס פון אויבן גלייך אין שווערע וועגענער אַריין.

אַ פּאָר טריט פון דאַנען געפינט זיך אַ געוועלב, וואָס ציט ווי אַ צויבער־מעשהלע. די שוואַרצע יוספה זעט אויס ווי אַ געשטאַלט פון חומש, וואָס האָט מיטגע־בראַכט מיט זיך פולע הענט וואונדערבאַרע פּירות, וואָס מען זעט זיי נאָר זעלטן אין דער היים: טייטלען, פייגן, באָקסן, ארץ־ישראל־ניסלעך, מאַנדלען, טערקישע ניס, וויינטרויבן, פּאָמעראַנצן און נאָך אַ סך אַנדערע פרוכטן, וואָס מען ווייסט גאָר נישט זייער נאָמען. די אויגן קוקט מען זיך אַרויס אויף די אַלע גוטע זאַכן. קען מען נישט קויפן, שמעקט מען זיך כאָטש זאַט אָן מיט די ריחות, וואָס טראָגן זיך פון דעם געוועלב אַרויס. יינגלעך לייגן זיך צוזאַמען גראָשן צו גראָשן, קויפן טיילמאָל בשותפות אַ פרוכט. ביס ביי ביס טיילט מען זיך, „דו אַ ביס, איך אַ ביס", דערביי ציטערט יעדער איינער זיין חבר זאָל נישט בייסן צופּיל. יוספהס געוועלב איז געווען ווי אַ לעבעדיקער גרוס פון ארץ־ישראל אין מיטן דער פלאַצקער גאַס.

לעבן יוספהן האָט יאָרנלאַנג געוואוינט אהרן יוסף נאַרזשעמסקי, אַ ייד אַ כהן, אַ כעסן. די שטיבלעך און דער אַלקער זיינען געווען פול מיט אַלטע קליידער, וואָס מען האָט דאָ אַהערגעבראַכט פון דייטשלאַנד. אהרן יוסף האָט געהאַט אַן איין און איינציקן זון יעקב משה. אַ בלאַס דאַר מענטשל מיט אַ שוואַרץ געשוירן בערדל, אַ טוכן יידיש היטל און אַדרייפערטלדיקע שוואַרצע קאַפּאָטע. דער שטייפער, ווייסער קראַגן, דער שוואַרצער לאַנגער שלייף זיינען געווען אַ צייכן, אַז יעקב משה גייט נישט מיט די אָנגענומענע וועגן פון בחורים פון זיינס־גלייכן. אין זיין האַרץ האָט געברענט אַ פייער. צוויי גרויסע אידעאַלן, וואָס האָבן נאָר וואָס אָנגעהויבן באַשיינען די יידישע גאַס, אידעאַלן פון מענטשלעכער און יידישער

באַפרייאונג האָבן אים אין גאַנצן פאַרכאַפּט. מיט זיין לאָמען פוס האָט ער אַרומגעטאַנצט אויף געהיימע פאַרזאַמלונגען, קרייזלעך. אין יאָר 1905 ווען מאַסן יידן און קריסטן זיינען געווען פאַרזאַמלט אין מאַרק האָט יעקב משה געוואָגט צו רעדן פון אַ באַלקאָן צו די פאַרזאַמלטע. ער האָט נישט באַוויזן צו פאַרענדיקן זיינע רייד, ווען פאַר די אויגן פון די פאַרזאַמלטע האָבן אים קאָזאַקן געכאַפּט און שטאַרק צעשלאָגן. דאָס איז געווען נאָר אַ טייל פון דער שטראָף. פאַר זיין ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער טעטיקייט האָט ער באַצאָלט מיט טורמע, סוכאָטע און פריצייטיקן טויט.

די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן האָט ער זיך אַרומגעדרייט ווי אַ פאַרשטויסענער, שווייגנדיק, גלייך, אַ פרעמדער צווישן אייגענע, פלעגט ער אַמאָל אַריינקומען צו קרובים, זיינען אַלע געבליבן שטיל אין מיטן בעסטן רעדן. מען האָט אים נישט געקענט מוחל זיין די עוולה, וואָס ער האָט פאַרשאַפט דער גאַנצער משפחה, מען האָט פאַר אים מורא געהאַט, אים נישט געגלייבט — „ער איז דאָך ערגער ווי אַ גוי" — האָט מען געזאָגט, — „אַ גוי גלויבט אויך אין עפּעס און דאָס גלויבט דאָך אין גאָרנישט" — מען האָט געזוכט אַ זכות פאַר דער אומפריינדלעכער באַציאונג צו יעקב משהן.

אויף יענער זייט גאַס אַ ביסל אַראָפּצוצו אין אַ הויף האָט געוואוינט יעקב הערצל גאַלאַנט, וואָס האָט געהאַלטן פון צוזעצן וואָס מער נעמען פאַר זיך און זיין הויזגעזינד. אין שטאָט אָבער איז גענוג געווען צו זאָגן יעקב הערצל האָט יעדער שוין געוואוסט, אַז דאָס מיינט מען אַ הזיכן, אויסגעדאַרטן ייד מיט אַ פּנים ווי אָפּגעשיט מיט אַש, וואָס זעט אויס, ווי ער וואָלט גרייט געווען יעדן אויגנבליק אויסצובערעכן אין אַ געוויין, אַפילו די באָרד זיינע האָט נישט פאַרמאָגט אין זיך קיין איין פונק פון חסידות, געווען איז דאָס אַ האַרטע, פאַרבלאָזע, וואָכעדיקע באָרד ווי אָפּגעשאָסן פון דער זון, צוגעשטאָכן האָר ביי האָר צו זיין אויסגעוויקט פּנים פון אָפטע תעניתים, דבקות, פון וויינען און קלאָגן אויפן חורבן פון ירושלים.

אינדערוואָכנס האָט יעקב הערצל געהאַנדלט מיט זעק. אַמאָל אין די יינגע יאָרן האָט ער, ווי אַ סך יידן פון זיינס גלייכן, נאָכן אויפעסן דעם נדן, זיך גענומען צו מלמדות. זין האָבן זיך ביי אים לא עלינו נישט געהאַלטן. דער ערשטער זון, וואָס האָט זיך ביי אים דערהאַלטן איז אַרומגעגאַנגען ביז בר־מצוה אין ווייסן, געטראָגן האָט ער אויף זיך אויסער דעם נישט וויניקער ווי פיר נעמען: חיים, נתן, שמחה, בונים. ביי דער געלעגנהייט האָט ער זיך אַליין שוין אויך צוגעשטעלט נעמען: יעקב, נפתלי הרצל, און זיין ווייב האָט ער צוגעזעצט די נעמען חוה, חיה פייגע. ווי עס ווייזט אויס האָט דאָס געהאָלפן און חיים נתן שמחה בונים איז געוואַקסן און געמאַכט אַ וועג פאַר נאָך און נאָך קינדערלעך.

נאָכן פאַרענדיקן פון יעדער פרשה חומש האָבן אַלע יינגלעך פון זיין חדר געמוזט אויפשטיין און זאָגן הויך: „חיים נתן שמחה בונים בן חוה חיה פייגה ור׳ יעקב נפתלי הרצל — לאריכות ימים.״

מיט זיין אויסערלעך אויסזען און אויפפירן זיך איז ער געווען ענלעך צו זיין חבר פון אַלכסנדער שטיבל בונים שיעס, אַ נאַאיווער, איבערגעגעבענער חסיד, אַ תם אין וועלטלעכע ענינים. מען האָט ליב געהאַט זיך פריילעך מאַכן, פאַרבינדן מיט זיין נאָמען פאַרשיידענע קוריאָזן. ווענדיק אַמאָל קויפן אַן עוף אויף כפרות, און זייענדיק שוואַך אין דער פוילישער שפּראַך, זאָל ער האָבן געפרעגט די גויע, ווען ער האָט געוואָלט וויסן צי דאָס איז אַ האָן צי אַ הון: — „טשי טאָ יאָ טשי טאָ טי? (בין איך דאָס, צו ביסטו דאָס?). ער האָט זיך געהיטן נישט צו זיין אין די ד׳ אמות פון אַן אשה.

יעקב הרצל פלעגט פאַסטן יעדן מאָנטיק און דאָנערשטיק, אַלע קורצע און לאַנגע תעניתים. טאָג און נאַכט פלעגט ער זיצן און לערנען. פאַרן האַלבן טאָג איז ער גאָרנישט פאַרטיק געוואָרן מיט די הכנות צום דאַווענען. געגעסן האָט ער איין מאָל, צוויי מאָל אין טאָג, אָבער אַ חסידישע סעודהלע קיין איין מאָל נישט אַדורכגעלאָזט. ער האָט ליב געהאַט זיך משמח זיין אויף חסידישע שמחות. יעקב נפתלי הרצל פאַרטרינקט דעם בראָנפן מיט בוימאייל, ער זאָל נישט גיין אין קאָפּ אַריין.

די פאַמיליעס גאַלאַנט אין שטאָט, יעקב הרצל און איטשע מענדל גאַלאַנט האָבן זיך געיחוסט מיט זייער אָפּשטאַמונג פון דער משפחה מקובלים גאַלאַנטי, פון צפת, פון ר׳ אברהם גאַלאַנטי, דעם מחבר פון „קול בוכים״.

די קלוגע וויטי (ליפּינסקי), וואָס האָט יאָרנלאַנג אַליין, פון אייגענער מי, געמוזט דערציען פיר קינדער, איז נישט נתפּעל געוואָרן פון אירע שכנים פון ביידע זייטן גאַס, גלייך ווי פון נאָך אַנדערע שיינע יידן. צווישן די חכמות, וואָס זי האָט דערוואָרבן אויף איר גאָרנישט אַזוי לייכטן לעבנס־וועג, פלעגט זי לאָזן הערן פון צייט צו צייט אַזאַ מין באַמערקונג: „האָסטו, גי(ב)סטו, ביסטו, האָסטו נישט גי(ב)סטו נישט, ביסטו נישט״ און סטאָפּ.

ווישניעווסקי משומד באַרימט זיך, אַז אין אַ יידיש געשעפט האָט מען אים געוואָלט אָפּנאַרן ביים קויפן סחורה. איין שותף האָט געפרעגט דעם צווייטן: מה יקר? באַקומען אַן ענטפער „כ״ה״. אים אָבער האָט מען געזאָגט: trzydzieści
Jak swiat swiatem jeszcze כ״ה nie bylo trzydziesci (ווי לאַנג די וועלט שטייט איז נאָך כ״ה נישט געווען דרייסיק).

אין דעם זכות פון דער משפּחה בלום פון דער פלאַצקער גאַס איז צוגעפאַלן צו פאַרזאָרגן די שטאָט מיט תורה און מיט ברויט. אויסער לעדערבערגן און צעגלאָן האָט יענקל בלום יאָרן לאַנג צוגעצויגן, שילער און דערוואַקסענע צו זיין ביכער־געשעפט. דעם גרעסטן טייל ביכער האָט ער פאַרשפּרייט. אין דער זעל־

ביקער צייט האָט זיין מאַמע, פעסע די בעקערין, געשפייזט די שטאָט מיט ברויט. בעקערייען זיינען געגאַנגען אויפן ווייבס נאָמען. באַקאַנט זיינען געווען גאָלדע די בעקערין, אין קעלער לעבן יענקל קאַזיאַק, מינדל די בעקערין (הערמאַן) אויף דער וואַרשעווער גאַס, גאָלדע די בעקערין, אין שול־געסל. מלכה די בעקערין (קליינבאַרד) אויף דער כאַרזשעלער גאַס. סימע די לעקעך־בעקערין. ווי נאָר סימע פלעגט זיך באַווייזן אין אַ הויז איז געווען אַ סימן, אַז עס האַלט פאַר אַ חתונה.

ביילע די בעקערין האָט אַדורכגעמאַכט אַ לאַנגן וועג פון דער פלאַצקער גאַס אין מלאַווע ביז רחוב רש״י אין תל־אביב, דורך דעם געמישטן ייִדיש־אַראַבישן אַרעמען פערטל פון נוה־שלום. קומט אַ מלאַווער קיין ארץ־ישראל, האָט אַ מלאַווער נישט קיין אַרבעט, וואוינט ער דערווייל, עסט ער דערווייל ביי ביילע דער בעקערין. ביי איר זיינען טירן אָפן שטענדיק.

אַמאָל האָט אין איר הויז געוואוינט ר׳ טוביה דיין, דער חכם, דער איש־סוד, דער עצה־געבער פון אַלכסנדער שטיבל. אַנטקעגן ביי פעסע דער בעקערין, האָט געוואוינט אהרן פאַדקראַיעווער (כאַבאַנסקי) אַ פאַנאַטישער גערער חסיד.

אין אַ הויף דערנעבן זיינען געשטאַנען ייִדן אין גרויע באַרכענע שפּאַנצערס מיט רויטע פלעקעלעך, אַנגעלאָדנטע מיט „לען" אין זייערע גרויסע שערצן וואָס זיינען געמאַכט פון זאַק און געדרייט שטריק. דאָס זיינען געווען אברהם שטריקמאַכער מיט זיין זון.

ציגן פון גאַס האָבן אומגעשטערטערהייט געצופּט אפישן און מודעות פון דער וואַנט פון דער סאַדע־וואַסער בודקע, וואָס שטייט לעבן הויף. הינטער דער צווייטער וואַנט פאַרקויפט אליה שמאַטשאַרזשס ווייב אויבס. נאָכהער ציען זיך שוין ביזן סוף גאַס קליינע איינשטאָקיקע האָלצערנע הייזלעך, וואָס זעען אויס ווי פאַרזשאַווערט אַלט־אייזן. דאָרט וואוינט בערל עובדיהס, שמואל אלעווניק, וואָס פרעסט פון זשעפּניצע אייל, גאַטליבאָווסקי גלעזער, שלמה קאַמאַשנמאַכער — ייִדן פון אַלע טאָג. צווישן די קליינע הייזלעך שטייען אין נאָנטער שכנות צוויי גבירישע הייזער פון מענדל קודזבאַרסקי און ישעיה מאַנדרי. קודזבאַרסקיס גרויסער הויף האָט געשמעקט גוייש, איז געווען פול מיט מאַשינען אויך נאָר פאַר גויים. דערפאַר איז שוין דאָס הויז פון ישעיה מאַנדרי געווען ייִדיש. דאָס איז געווען אַ רחבותדיק הילצערן הויז און האָט אויסגעזען ווי איין הויז וואָלט געווען שטיין אויף די פלייצעס פון אַן אַנדערן. אין הינטערשטן הויז איז געווען דאָס גרויסע קאָלאָניאַל הורט־געשעפט, אין אויבערשטן — האָט געוואוינט ישעיה מאַנדרי מיט זיינע קינדער און קינדס־קינדער. שטענדיק האָט מען דאָ געקענט זען מענטשן וואָס זיינען אַהערגעקומען פון די אַרומיקע שטעטלעך קויפן סחורה אָדער, וואָס זיינען אַהער געקומען אויסגעהונגערטע, זיך זאָט אָנעסן. ביי ישעיה מאַנדרין איז דער טיש געווען געגרייט אַ גאַנצן טאָג. די טבע פון דעם הויז איז געווען אויפצונעמען אורחים, האָט מען שטענדיק געוואַרט אויף זיי מיט אַ פריינטלעך

פנים. דאָס איז געווען דאָס איינציקע גבירישע הויז אין שטאָט, וואָס האָט זיך אויסגעצייכנט מיט הכנסת אורחים. ישעיה מאַנדרי איז געווען אַזאַ מין מלאַווער כלבא שבוע.

ישעיה מאַנדרי איז געווען אַ שיינער ייד, אַנגעזען אין שטאָט, אַ סאָלידער מענטש, אַ גרויסער בעל צדקה און אַן איבערגעגעבענער גערער חסיד. ווען דער גערער רבי פלעגט אַדורכפאָרן די שטאָט, האָט ער געוואוינט ביי ישעיה מאַנדרי.

פון דעם הויז איז אַרויס איינער פון די פירער פון דער „אגודת ישראל" אין פוילן. די אָרטאָדאָקסישע באַוועגונג, וואָס איז אַנטשטאַנען אין פוילן אונטער דער השפעה פון רבנים פון דייטשלאַנד איז געווען קעגנעריש צו אַלע באַוועגונגען אויף דער יידישער גאַס, קעגנעריש אַפילו צו ארץ־ישראל.

פנחס מאַנדרי איז געווען פון די ערשטע אָרטאָדאָקסישע פירער, וואָס האָבן באַזוכט דאָס לאַנד און טראָץ זיין קעגנערישקייט צו אַלע ציוניסטישע גרופן איז ער געווען צווישן די געציילטע פון זיין לאַגער, וואָס האָבן געצוואונגען זייער באַוועגונג אַריינצונעמען אין זייער פּראָגראַם, דעם ענין ארץ־ישראל.

לעבן סאַד ביים פּלאַצקער שאָסיי האָט געוואוינט דוד אָפּאָטאָווסקי, אברהם יצחק ווישינסקי, דער בוכהאַלטער ביי ישעיה מאַנדרין אין געשעפט. אַנטקעגן זיי האָט געוואוינט מענדל קיקעלער. זיי דריי זיינען געווען די לעצטע איינוואוינער אויף דער פּלאַצקער גאַס. ביי זיי האָט זיך געענדיקט די גאַס און אָנגעהויבן דער סטשעגאָווער און שרענסקער וועג.

## 11. די גרענעץ

דער שטאָטישער וואַלד ציט זיך ווייט אַוועק פון איין זייט ביז יאַנעוואָ, כארזשל און נאָך ווייטער, פון דער אַנדערער — קומט ער נעענטער צו ניידנבורג, אַלענשטיין און דער געגנט פון מזרח־פּרייסן. לעבן רודא הייבט זיך אָן דער מלאַווקער וואַלד, וואָס ציט זיך צענדליקער מיילן אַרום און אַרום.

די וועלדער וואַלטן זיך אַזוי געקענט ציען און ציען אָן אַ סוף, ווען נישט מענטשן, וואָס האָבן אויסגעפונען, אַז דאָ אין די געדיכטע וועלדער ענדיקט זיך דאָס רוסישע לאַנד און עס הייבט זיך אָן אַ דייטשיש לאַנד. מען האָט איבערגעריסן די ערד מיט טיפע גרובנס, אויסגעמויערט גרעגעץ־שטיינער, אַוועקגעשטעלט פון יעדער זייט גרינע סאָלדאַטן צו היטן די גריבער און שטיינער, וואָס טיילן אָפּ די צוויי לענדער מיט אַ וואַלד.

ווי געוויינלעך זיינען וועלדער גרין פרילינג און זומער, ווייס מיט שניי באַדעקט ווינטער־צייט, צווישן ביימער וואַקסן טויזנטער מינים פון געוויקסן, לעבט אַ וועלט

חיות און ווערעמלעך, און אויף זיי שפּילן און לעבן צענדליקער מינים פייגל, אַזוי איז ווי געוויינלעך אין אַ וואַלד. ווערט אַ וואַלד גרענעץ, באַווייזן זיך מיט אַמאָל אַזוי פיל פרעמדע מענטשן, וואָס באַוועגן זיך פּאַרזיכטיק, בעטן נאַכט זאָל זיין פינצטער, די לבנה זאָל באַהאַלטן איר פּנים, ווינטן זאָלן בלאָזן, אַ רעגן זאָל גיסן, גרינע סאָלדאַטן זאָלן נישט הערן, נישט זען. טרעפט אַמאָל אַן אַ מענטש אויף אַ גרינעם סאָלדאַט אין וואַלד, מוז איינער פון זיי אָפּטרעטן, אָדער אַריבער אויף יענער וועלט. אַזוי האָט עס אַמאָל פּאַסירט מיט אַ ייד פון מלאַווע, וואָס האָט אַליין נישט געוואָלט און געשיקט דעם גרינעם אויף יענע וועלט. אַ טויטן האָט ער אים צוגעבונדן מיט דער ביקס צו אַ בוים ער זאָל אַזוי ווייטער שטיין און היטן. דער זעלביקער ייד האָט נאָכער אויסגעבויט אין שטאָט אַ נייעם בית־המדרש, אַ פּאַרקאַן אַרום נייעם בית־עלמין, אַן אוהל אויפן קבר פונעם אַלטן רב.

נישט שטענדיק מוז מען דווקא שיסן ביי דער גרענעץ. מענטשן קענען אַדורכקומען. מאַכן „מוילעכער״ מיט גרינע סאָלדאַטן שותפות, קען מען זיך באַוועגן פראַנק און פריי פון בידע זייטן גרענעץ, ביז עס ווערט ווידער עפּעס קאַליע.

פאַר אַ סך מענטשן אין שטאָט איז די גרענעץ געוואָרן אַ קוואַל פון פּרנסה, אמת נישט קיין לייכטע, וואָס איז געווען פאַרבונדן מיט געפאַר און מאָראַלישער ירידה. שטאַרקע כוחות האָבן אָפּגעהיט די שטאָט זאָל נישט פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ „מוילעכער״־שטאָט.

מיט די סחורות פון יענער זייט גרענעץ האָבן אָנגעהויבן אַריינדרינגען נייע לעבנס־באַגריפן, נייע לעבנס־פאָרמען.

מען דאַרף זיך ווידער נישט פאַרשטעלן, אַז די גרענעץ איז געווען אַזאַ מין „קלאָנדייק״, וואו מענטשן זיינען געלאָפן זוכן גאָלד. צו די געציילטע יידישע פּרנסות איז צוגעקומען נאָך איינע. אַ שמאָלער שפּאַלט האָט זיך געעפנט און יידן האָבן זיך אַ לאָז געטאָן אַהינצו, נישט געקוקט אויף אַלע געפאַרן, ווייל קיין סך אויסוועגן זיינען נישט געווען. די גרענעץ האָט געשאַפן נייע מעגלעכקייטן פון פּרנסה.

דריט זיך אַזוי אַרום אַ יונגערמאַן אין שטאָט, אַן פּרנסה, פון נדן שוין לאַנג קיין זכר נישטאָ, אפשר גאָר באַלד נישט געווען, עס ווערט מיאוס דאָס לעבן. ביז דער חתונה געווען אַ בחור אין שטיבל, אין בית־המדרש, תורה איז געווען די איינציקע סחורה. מיט איין מאָל אַ ווייב, קינדער, וואָס טוט מען? נעמט מען אַ „קאָרט״ און מען הויבט אָן „אַריינפאָרן״.

ווען ס׳איז נאָך פינצטער, קען מען זען, ווי מאָגערע חסידישע יונגעלייט, פרייערע פרויען, יונגע אלמנות לאָזן זיך איבער דער גרענעץ קיין פּרייסן. שמאָל, אויסגעדאַרט פּאַרט מען אַריין פּאַרטאָג, ברייט, דיק קומט מען צוריק אין די

אָוונטן. אַ גאַנצן טאָג ציטערט דאָס האַרץ פון אַ פאַרזאָרגט יינג ווייבל אין דער היים. — „ער זאָל נאָר בשלום אַריבער“.

ווען גרענעץ איז גוט, קומען אין די אָוונטן אַהיים יינגעלייטלעך, נעמען פון זיך אַראָפּוואַרפן הויזן, קורצע רעקלעך, מאַנטלען אָן אַ צאָל און אָן אַ שיעור. יעדער באַמיט זיך „איינעווייניק“ אַרויפצושלעפּן אויף זיך פאַר איינוועגס וואָס מער, די זעלביקע הוצאה, די זעלביקע סכנה. פרויען וויקלען זיך אויס מיט זיידנס, פירן גאָלדענע זייגערלעך, בריליאַנטן. אַז מען כאַפּט איז טאַקע שלעכט. ווי געוויינלעך איז די גרענעץ „אונדזער“ ד״ה איבערגעקויפט. פון צייט צו צייט טרעפט דאָך אַ מכשול, נעמען גויים אַוועק די סחורה און גיבן אַלס צולאָג קלעפּ מיט אַ ברייטער גויישער האַנט. אַלטע „מויליכערס“ פילן די גרענעץ ווי פיש וואַ־סער, זיי באַווייזן באַצייטנס אויסצומיידן די נעץ און אַנטלויפן פון געפאַר.

אין שטאָט זיצן זיך יידן חסידישע, באַלעבאַטישע, פאַרמעגלעכע סוחרים וואַרטן אָפּ די יינגעלייטלעך מיט זייער סחורה. אין שטאָט איז אַנטשטאַנען אַ פאַרצווייגטער האַנדל מיט אַלטע מלבושים, זיידנס, און גאָלדוואַרג.

דאָס „אַריינפאָרן“, דאָס אָנטאָן זיך „קורץ“ די געפאַרן פון דער גרענעץ, דאָס טרעפן זיך מיט אַ גאַנץ אַנדערער וועלט, אַנדערע מנהגים, האָבן אַרויסגעצויגן אַ סך יינגעלייט פון פאַטריאַרכאַלישן משפחה־קרייז. נייע געדאַנקען, שטרעבונגען האָבן גענומען אַריינדרינגען אומבאַמערקט אין האַרץ, אין מוח.

אַ טייל פון די גרענעץ־יינגעלייט טרעפט מען שפּעטער ווי טעטיקע מיט־גלידער אין פאַרשיידענע געזעלשאַפטלעכע און פּאָליטישע אינסטיטוציעס אין שטאָט. אַן אַנדער, אמת אַ קלענער, טייל פאַלט אין אָפּגרונט פון דעמאָראַליזאַציע.

גאָר אַן אַנדער פאַרנעם האָט געהאַט דער פערד־האַנדל. נישט אַיעדער יינגערמאַנטשיקל, וואָס האָט נישט געהאַט קיין פּרנסה, האָט זיך געקענט לאָזן מיט פערד איבער דער גרענעץ. צו דעם האָט מען באַדאַרפט זיין אַ פאַכמאַן. אַ פאַרצווייגטער פערד־האַנדל איז אָנגעגאַנגען מיט דער גרענעץ. אין שטאָט האָבן זיך יאָרן־לאַנג באַשעפטיקט מיטן פערד־האַנדל גאַנץ באַלעבאַטישע יידן. די ווירורס, פריידנבערג, ליכטער און יוסף דאָמבקעוויטש. זייער האַנדל איז אָנגעגאַנגען אין לאַנד און אין אויסלאַנד, קיינער האָט אין דעם ניט געזען קיין פּגם. די גרענעץ האָט אָבער גורם געווען אַ פאַרצווייגטן האַנדל מיט געגנבעטע פערד, ווי אָפּאַטאָשו שילדערט דאָס אין זיין „פערד גנבים“. יעדער גנב, אַ „קיווקע פאַרך“, אַ „גראַדול“, אַ מוטיקער קאַטאַרינאַזש האָט פון צייט צו צייט זיך געלאָזן פּרואוון גליק אַרויספירן אַ פערדל פון אַ שטאַל און אַוועק איבער די גרענעץ. דאָס אַלץ איז אָבער געווען נאָר אַמאַטאָרן־אַרבעט, אַ צופעליק פאַרדינסטל. פערד־גנבים אויף אַ ברייטן פאַרנעם, ספּעציאַליסטן, קינסטלער זיינען געווען, ווי מען האָט זיי אין שטאָט גערופן, די משפּחה „קראַדניקעס“. דאָס פאַך איז איבערגעגאַנגען פון טאַטעס צו זין. די „קראַדניקעס“ זיינען נישט־נאָר געווען פערד־גנבים, זיי זיינען גלייכ־

צייטיק געווען גרויסע מבינים און ליבהאָבער פון פערד. זיי האָבן דאָס אָנגעפירט יאָרן־לאַנג דעם האַנדל מיט געגנבעטע פערד איבער דער גרענעץ.

די צייט פאַרווישט אַלץ. איינער פון זיי איז אַפילו געוואָרן גבאי פון דער גרויסער שול אויפן אָרט פון בכבודיקן יוסף ראַדאַק.

צום העכסטן פונקט אָבער איז דאָס „מוליכערייַ" דערגאַנגען מיט די „העכט־לעך". אַ פאַרצווייגטע נעץ פון יידן און גויים, צווישן זיי אַ סך רוסישע באַאַמטע און מיליטער־לייט, איז געווען אויסגעשפּרייט פון טיף רוסלאַנד ביז צו דער גרענעץ אין מלאַווע. יאָרן לאַנג האָט זיך די אָרגאַניזאַציע פאַרנומען מיטן אַרי־בערפירן איבער דער גרענעץ יינגע לייט, אַנטלאָפענע פון מיליטער, פּאָליטישע, אומלעגאַלע. די דאָזיקע פאַסאַזשירן האָט מען אין שטאָט גערופן „העכטלעך". פון צייט צו צייט פלעגט די שטאָט פול ווערן מיט הונדערטער פרעמדע יינגעלייט, וואָס זיינען געקומען פון אַלע עקן רוסלאַנד. זיי פלעגן וואַרטן אין שטאָט אויף אַ „גוטע" גרענעץ. אין די אָוונטן פלעגן גאַסן ציטערן הינטער רעדער פון שווערע וועגענער פון יענקל גלאַצער, פייבוש דאמב און זרח בעל־עגלה, וואָס זיינען געווען פול געפּאַקט מיט „העכטלעך", געצויגן צו דער גרענעץ און פון דאָרט קיין אַמעריקע און אין אַנדערע לענדער מעבר לים.

פּאָליציי, זשאַנדאַרמעריע, מיליטערישע גרענעץ־וואַך מיט זייערע אָפיצירן און נאַטשאַלניקעס, זיי אַלע זיינען ווי געוויינלעך געווען „אין קעשענע" פון די אָנפירער פון דעם האַנדל מיט די „העכטלעך". זיי, די יידישע אָנפירער, האָבן געהאַט צו זאָגן צי דער גובערנאַטאָר, דער נאַטשאַלניק זאָלן בלייבן אויף זייער פּלאַץ אָדער גאָר פאַרשיקט ווערן אין טיף רוסלאַנד. ווען זיי האָבן געוואָלט פּטור ווערן פון אַ גוי, וואָס האָט זיך נישט פאַרשטאַנען אויפן עסק, האָבן זיי דאָס סוף־כל־סוף דורכגעפירט. די גרענעץ איז געוויינלעך געווען „אונדזער", עס האָט אָבער פּאַרט פּאַסירט אַ מכשול די גרענעץ איז „קאַליע" געוואָרן, האָט מען גע־מוזט זיך לאָזן „השכיבנו (השיבנו) נאַזאַד" אָדער „אַדורכרייסן" זיך אונטער אַ האַגל פון קוילן אויף יענער זייט.

אַרום דער גרענעץ האָבן זיך געדרייט יידן פון אַלע קלאַסן און אַלע שיכטן פון דער באַפעלקערונג. די שטאָט איז צו ביסלעך פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ האַנדלס־צענטער פאַר אַלע שטעטלעך אַרום, האָט צוגעצויגן יידן סוחרים, לערער, מלמדים און באַאַמטע פון פאַרשיידענע שטעט, אַפילו פון גאָר ווייטע מקומות. דאָס טרעפן זיך מיט דער אויסנוועלט איז געווען אַ שטויס־קראַפט פאַרן יידישן מלאַווע אויפן וועג פון וועלטלעכקייט.

די פּאָליטישע עמיגראַנטן, די ניי־צוגעקומענע יידן פון רוסלאַנד, פון דער ליטע, האָבן מיט זיך מיטגעבראַכט עפּעס נייעס. פון אַלע שטעטלעך האָט זיך מלאַווע אויסגעצייכנט מיט מער וועלטלעכקייט, מער אינטעליגענץ און מער פאַר־שטענדעניש פאַר די שטרעמונגען פון דער נייער צייט.

פון געזעלשאַפטלעכן לעבן, פון די פאַרשיידענע קולטורעלע און פּאָליטישע אינסטיטוציעס אין שטאָט, פון די מלאַווער פאַרשטייער, וואָס זיינען געווען אין אַלע צענטראַל־קאָמיטעטן פון אַלע יידישע פּאַרטייען און באַוועגונגען אין פּוילן, איז צו זען אַז מלאַווע אַלס שטאָט איז נישט מיטגעריסן געוואָרן מיט די פּרנסות פון דער גרענעץ. ווי עס ווייזט אויס, זיינען די וואָרצלען פון ערלעכקייט, וואָס האָבן אָפּגעהיט און באַשיצט די מלאַווער יידישע קהלה אַז זי זאָל זיך נישט פאַר־וואַנדלען אין אַ שטאָט פון „מוויליכער", געווען צו טיף.

## 12. אַ באַן גייט דורך די שטאָט

עטלעכע און פופציק יאָר נאָך סטעפּענסאָנס דערפינדונג האָט מלאַווע דערלעבט צו האָבן אַן אייגענע באַן. יעדע פאָר שעה, סיי בייטאָג און סיי ביי־נאַכט, איז די שטאָטישע שטילקייט אַדורכגעלעכערט געוואָרן פון אַ שאַרפן פייף פון דער „קאָלע". לאָקאָמאָטיוון האָבן געבלאָזן און כאָטש די באַן־סטאַנציע איז געלעגן אייניקע וויאָרסט ווייט, האָט זיך זייער הייסער אָטעם דערטראָגן אין שטאָט.

צוגן זיינען געלאָפן פאַרשיידענע: „באָמבל" צוגן, עקספּרעסן און טאָוואַראָווע. די וועלט איז מיטאַמאָל געוואָרן נאָענט. פריער פלעגט מען מיט אָקס פאָרן קיין וואַרשע אַ האַלבע וואָך און איצטער קאַרגע פיר שעה. אָבער דאָס רעדט זיך נאָר אַזוי. האָבן יידן לכתחילה מורא געהאַט פאַר דער באַן, הגם יעדער האָט געקענט פאָרן בחינם, אָן אַ בילעט. מיט דער צייט האָבן זיך אָבער מענטשן צו ביסלעך צוגעוואוינט צו דער נייער „גזירה", און געפאָרן מער מיט דער באַן. יעדע נייע זאַך אין שטאָט איז באַטראַכט געוואָרן ווי אַ גזירה, אַמאָל האָבן יידן אפילו גוזר תענית געווען, ווען די מאַכט האָט באַפוילן צו קאַלעכן די רינשטאָקן.

דאָס פאָרן מיט דער באַן איז אין יענע צייטן פאַר אַ סך געווען אַ גאַנץ פאַר־וויקלטע נסיעה. מענטשן האָבן פּשוט נישט פאַרשטאַנען, ווי אַזוי פאָרט מען דאָס מיט אַ באַן. פון איינעם אַ מלאַווער בעל־הבית דערציילט מען, ווי אַזוי ער איז שעהנלאַנג געזעסן אויפן „וואָקזאַל" געהאַלטן זיך אין איין וואונדערן, פאַרוואָס ער איז נאָך נישט דערפאָרן קיין וואַרשע.

נישט אומזיסט זאָגט די וועלט: „מלאַווער גאַפּעס".

די באַן איז געוואָרן אַ ווענד־פּונקט אין לעבן פון שטאָט, עס זיינען אויפגעג־קומען נייע פּרנסות אַרום דער באַן. אין שטאָט האָבן זיך באַוויזן נייע מענטשן, סוחרים, באַאַמטע פון דער פרעמד, וויזר, טיקולסקער האָבן געעפנט האָטעלן, רעס־טאָראַנען פאַר די מענטשן פון דער פרעמד. מלאַווער יידן האָבן זיך מיט מער לייכט־קייט געלאָזט איבער אַנדערע שטעט, אַנדערע לענדער. אין שטאָט זיינען אַנט־

שטאַנען נייע רעגירונגס־אַמטן. פּאַטריאַרכאַלישע לעבנס־פאָרמען האָבן לאַנג־זאַם גענומען פאַרשווינדן.

די פאַרבינדונג צווישן שטאָט און דער אויסנוועלט איז געלעגן אין ידישע הענט. יעדן שבת־צו־נאַכט האָט מען געקענט זען יידישע בעלי־עגלות לאָדנען שווערע וועגענער מיט סחורות, און פירן מענטשן קיין פּלאָצק, אָדער קיין וואַרשע. סוף וואָך פלעגן זיי צוריקקומען פון די וייטע מקומות מיט אַנדערע סחורות, אַנדערע מענטשן. געוויינלעך האָט מען געפירט לאָדונג מיט מענטשן צוזאַמען. יאָרן־לאַנג האָבן יענקל „גלאָצער" (צימערמאַן), זרח בעל־עגלה, פייבוש דאמב — דער שוואַרצער פייבוש — מיט זיינע זין חיים און יצחק, פאַרבראַכט אויף די וייטע שליאַכן צווישן מלאַווע, פּלאָצק און וואַרשע. געפאָרן איז מען מיט לאָדונג „פאַר־שוינען", מיט מחותנים אויף זעאונגען, אויף חתונות. יעדער בעל־עגלה האָט געהאַט זיין „חזקה" צו פירן משפחות אויף שמחות.

אַז פייבוש באַוויזט זיך אין שטוב, איז אַ סימן אַז עס וועט זיין אַ שמחה. ווער עס האָט אים נאָר דערזען אין זיין דיקער בורקע מיט דעםברייטן רויטן גאַרטל, די הויכע שטיוול, דער האָט נישט מער מורא געהאַט זיך צו לאָזן מיט אים איבער אַלע וועגן, ער האָט דערוועקט צוטרוי. אויגן האָט ער געהאַט שאַרפע, — באַשאַנקען מיט אַ כוח דורכצובליקן אַלע וייטקייטן. מיט זיינע פאַרשוינען פלעגט פייבוש ווייניק שמועסן. פאַלט אַמאָל אַ וואָרט איז עס אַ שבח פאַר די פערד, אָדער אַ ווי־ציקע באַמערקונג וועגן די פאָרערס זיינע. דורכן וואַלד גייען פערד פּאַמעלעך, פייבוש יאָגט נישט, ער האָט ליב דעם סקווילנער וואַלד, דעם אקעלעווער וואַלד, די מאָסטאָווער וועלדער, אַ סך שידוכים דאָ צוזאַמענגעבראַכט, שאַרפע ריחות פון וואַלד פאַרשלעפערן מענטש און בהמה. אויף אַן אַנדער וועג אַמאָל דערציילט ער: „גזיים, בהמות, „טשערפיענטאַ", אַזוי רופן זיי דאָס אָרט — „די מאַטקאַ באָסקאַ האָט זיך זיי דאָ באַוויזן" דער אמת אָבער איז: אין אַ קאַלטער ווינטער־נאַכט האָבן הונגעריקע וועלף נאָכגעיאָגט אַ ייד, דער ייד ראַטעוועט זיך אויף אַ בוים, ער דערמאָנט זיך אַז היינט איז חנוכה, צינדט ער אָן אויפן בוים חנוכה־ליכטלעך, גויים דערזעען ליכט פון דערווייטנס, „די מאַטקאַ באָסקאַ! שרייען זיי — האָט זיך באַוויזן. פון דאַן קומט דאָ אַהער דאָס „גאַיעס" פון דער גאַנצער סביבה, עולה רגל זיין „טשערפיענטא!".

מיט דער צייט האָט מען אָבער סחורות אויף ווייטע שטרעקעס אָנגעהויבן שיקן מיט דער באַן. פריער פלעגן סחורות גיין מיט דער ווייסל דורך פּלאָצק, אָדער מיט דער יבשה ביז וואַרשע דורך פּלינסק. אין די אַרומיקע שטעטלעך קיין שרענסק. בעזוין, פּלינסק, שעפּס, ראַטשוינז און אַפילו קיין פּלאָצק, מאַקאָווע, פּראשניץ, פּולטוסק און אסטראָלענקע זיינען סחורות און פאַרשוינען אויך ווייטער געגאַנגען מיט אַקס ביזן סוף.

אַזוי ווי די באַן־סטאַנציע איז געלעגן אַ פּאָר וויאָרסט פון שטאָט איז אַנט־

שטאַנען אַ ספּעציעלער פּאַרקער צווישן דער באַן און שטאָט פאַר סחורות און פּאַסאַזשירן.

צלאל דוגאַ, פישל דוגאַ, שמחה שרהס, בעריש איטשע מענדלס (גאַלאַנטע) פלעגט פירן פון שטאָט צו דער באַן תבואה, מעל, ביר, רזיע לעדער, אַלט אייזן, ציגל, האָלץ און צוריקברענגען פון דער באַן מאַשינען, קאָלאָניאַל־סחורות, שניט, פּאַרטיקע לעדער, אייזן און געטראַנקען. אַרום די בעל־עגלות זיינען געווען באַשעפטיקט צענדליקער יידישע טרעגער, ביים אויפלאָדענען אויף פורן פון שפּייכלערס אין וואַגאָנעס און ביים אויסלאָדענען פון וואַגאָנעס אויף פורן אין שפּייכלערס אַריין.

בעריש, אַן אײדל יינגל פון אַ חסידישער שטוב, וואָלט אַמאָליקע צייטן אפשר געוואָרן אַ מלמד, אָדער זיך געלאָזט צו דער גרענעץ. די ציוניסטישע און סאָציאַליסטישע באַוועגונגען אין שטאָט האָבן רייף געמאַכט ביי מענטשן אַן אַנדער צוזאַנג צו אַרבעט ווי אַמאָל אין די חסידישע צייטן.

אייניקע גויים האָבן אויך געפירט סחורות צום באַן, אָבער דער הויפּט־טראַנספּאָרט איז געלעגן אין ידישע הענט. אויך די צווישנשטאָטישע קאָמוניקאַציע איז אין גאַנצן געלעגן אין יידישע הענט.

אויסער דעם האָבן יידן נאָך געלעבט פון „לייכטע״ פערד און וועגעלעך וואָס האָבן געפירט סחורות אין שטאָט גופא. פּאָפּולער זיינען געווען „מאָטעיע מיטן פערדעיע״ (מאָטעלע מיטן פערדעלע), „קויטשע מיטן פערדיע״, דער אַנדערער קויטשע. די אַלע בעלי־עגלהלעך זיינען געווען נעבעכדיקע יידן מיט פּיעגעוואַטע שמוציקע פּנימער, פון וועלכע עס האָבן אַראָפּגעהאַנגען צעשויבערטע רויטע בערד. דאָס אָנרופן דעם סאָרט בעלי־עגלות „מאָטעיע, פערדעיע״, איז נישט געווען חלילה אַן אויסדרוק פון אַ ספּעציעלער ליבשאַפט צו די ברואים, נייערט אַן אויסדרוק אויף דער נעבעכדיקייט פון זיי גופא, פון זייערע דאַרע האַלב־הונגעריקע פערדלעך, און וועגעלעך. פון שטאָט צום באַן און צוריק איז אַנטשטאַנען אַ שפּאָגל נייע באַשעפטיקונג, דאָס דראָזשקאַרסקע פאַך.

מיט אַ לעדערנעם הוט אויפן קאָפּ, מיט אַ גויישן לאַקירטן דאַשעק, אין אַ לאַנגן מאַנטל פון בלויען טוך, זיצנדיק אויפן הויכן „קאָזיאָל״ ראַמפּלט זיך איבער די שטיינער פון מלאַווער גאַסן אַ דראָזשקאַרש מיט אַן אויסגעפּוצט פערד אין אַ שיינעם לעדערנעם געשפּאַן מיט בלעכעלעך און מעשעלעך, מיט „באַשינטע״ ברילן פאַר די פערדישע אויגן, צוויי פינקלדיקע לאַמטערנען פון ביידע זייטן מיט אַ רויטן נומער און נאָך אַ נומער פון הינטן מיט אַ הויכער לעדערנער בויד, אַ וואַרעם אונטערגענייט באַדעקאַכץ פאַר די פיס, אַזוי זעט אויס אַ דראָזשקע ווען זי פאָרט צום „סמאָטר״ פאַרן מאַגיסטראַט. אַריבערגעקומען בשלום דעם „סמאָטר״, פערגן זיך פונאַנדער דראָזשקאַרסקע פערד איבער שטאָטישע גאַסן, גלייך עס וואָלט געווען

דער „גרינער דאַנערשטיק", ווען גויים קומען זיך צוזאַמען אויף זייערע פערד צוריק פון דער „גראַניצע".

נאָכן „סמאַטר" פאָרן דראָזשקעס אַהיים, ווי געוויינלעך אין די וואַרשעווער גאַס אַריין.

אין פּשוטע וואָכעדיקע טעג שטייען דראָזשקעס, יידישע און גויישע אין אַ לאַנגע שערענגע אויפן נייעם מאַרק, וואַרטן אויף פאָרשוינען צו דער באַן. חשובערע בעלי־בתים קומט דער דראָזשקאַזש נעמען פון דער היים.

דאַרף אַ סוחר, אַ פאַרמעגלעכער ייד, פאָרן אין מיטן נאַכט אָדער פאַרטאָג צו דער באַן, האָט ער שוין זיין משה מרדכי, אברהם קאָפּ, קויטשע, לייבל מיט דער מויז, שיע שקאָפּ אָדער דוד יענה, וואָס קומען אים וועקן. פון אַלע בעלי־עגלהשע פאַכן איז דאָס דראָזשקאַרשקע פאַך, אַזוי צו זאָגן, דאָס עלעגאַנטסטע. די רעגירונג זאָרגט דערפאַר, אַז די דראָזשקעס, דראָזשקאַזשעס און זייערע פערד זאָלן האָבן אַן אָנשטענדיקן אויסזען. זיינען זיי דאָך די ערשטע, וואָס זיינען מקבל פּנים די רייזנדע ביי דער באַן.

דאָס לעדערנע היטל מיטן בלויען מאַנטל, דאָס שיינע געשפּאַן, די געזונטע פערדלעך, די לאַקירטע דראָזשקעס האָבן צוגעצויגן הויפּטזעכלעך יינגעלייט פון ידישן ציגיינער־שבט, וואָס האָט יאָרן־לאַנג געלעבט אין שטאָט און געווען באַקאַנט מיטן נאָמען „קאַטאַריניאַזשעס".

אין אַ פאַרהייף אויף דער וואַרשעווער גאַס האָבן יאָרן־לאַנג געלעבט אייניקע יידישע משפחות, וואָס זיינען נישט מיט זייער אויסערלעכן אויסזען און נישט מיט זייערע פּרנסות געווען ענלעך צו דער איבעריקער באַפעלקערונג פון שטאָט. יידן גאַליבראַדעס, אָנגעטאָן אין געשטרייפטע קונצן־מאַכער העמדלעך, גויישע היטעלעך מיט לאַקירענע דאַשקעס, שטיוול מיט שטייפע גלאַנצנדיקע כאַלעוועס, רויטע האַלדז־טיכלעך, בלויע הויזן. זיי זיצן אין שטאָט נאָר אַ באַשטימטע צייט פון יאָר. אין שטרויענע וועגעלעך, אין פאַרמאַכטע פאַרנדיקע הייזער ווי ציגיינער, צירק־קאָמפּאַניעס, וואַנדערן זיי פון שטאָט צו שטאָט איבער דער גאַנצער מדינה. וואו נאָר אַ גרויסער יאַריד, אַ קאַלוואַריע, דאָרט פאַרפאָרן זיי מיט זייער גאַנצן האַק און פּאַק. פלאַם־פייערדיקע יינגען און מיידן, קונצנמאַכערס „ברעכן" זיך, שלינגען מעסערס, פייער־פלאַמען, לייגן זיך האַלב־נאַקעט אויף שטעכעדיקע טשוועקעס, שטיקער גלאָז, הייבן שווערע משאות, שטעלן זיך אויפן קאָפּ אין דער לענג און דער ברייט פון דער גאַנצער מדינה. קאַטאַרינקעס האָבן טרויעריק צוגעשפּילט, אַזוי „מאַראַליש" ביז דער גרויער עלנד פון דער גאַס און אַנדערע גאַסן איז אויפגעשטאַנען, זיך אַוועקגעלייגט מיט זיין גאַנצער שווערקייט אויפן האַרץ פון פּשוטן פויערים־פאָלק, געקלעמט און געשטיקט, פייכט געמאַכט אויגן. וואָס לענגער די קאַטערינקע האָט געשפּילט, אַלץ שווערער איז געוואָרן אויפן האַרצן, אַלץ פייכטער געוואָרן די אויגן. אָפּגעריסענע הייזעריקע טענער, ווי פאַרלאָזענע עלנטע יתומים,

האָבן אָנגעפּילט דעם גאַנצן מאַרק. דאַן האָט גרשון קאַטאַריניאַזש מיט דער נאָז פון אַ רויב־פויגל און אַ פּנים, אין דער ערד אַריינצולייגן, גענומען וועקן דעם עולם פּרואוון מזל. אַ גרינע פּאַפּוגיי מיט אַ גאָלדן רינגעלע אויפן פוס, וואָס איז געווען צוגעבונדן צו דער קאַטערינקע מיט אַ גאָלדן קייטעלע, האָט גענומען פאַר אַ פּאָר גראָשן ציען דאָס מזל, וואָס איז געלעגן פאַרקלעפּט אין קליינע קאָנווערטלעך.

אַמאָל האָט זיך געטראָפן אַ זייטיקע פּרנסה, אַריינרוקן אַ האַנט אין אַ פרעמדער קעשענע, „פאַרטוישן" אַ פערד, אַ בהמה, און דאַן קלעפּ, שלעק, מעסערס — ווי אַ סעזאָן. איבער דער מדינה פלעגט מען זיך לאָזן פון פּסח ביז די יום־טובים. האַרבסט און ווינטער זיינען געווען „רואיקע" סעזאָנען, דאַן איז מען געבליבן אין מלאָווע, געלעבט פון קאָרטן־שפּיל, פון גנבה און הפקר, אַזוי די יינגען, ווי די מיידן. אין זייערע הייזלעך האָט מען געזונגען, געשפּילט, געטאַנצט, געקלאַפּט אין פּויקן, אַז די גאַנצע גאַס האָט געקלונגען, טיילמאָל ווידער איז די גאַס געוואָרן פול מיט קללות און געשריי, מען לויפט, מען יאָגט, מען האָט פאַררוקט אַ קאַטאַריניאַזש אַ מעסער „הינטער אַ זשעברע". סטראַזשניקעס זיינען דאָ געווען אָפטע געסט.

אויף דער עלטער ווערט אַ קאַטאַריניאַזש אַ חוזר בתשובה, טוט זיך אָן אַ יידיש היטל, אַ לאַנגע קאַפּאָטע, גייט דאַווענען, זאָגט תהילים גאַנצע טעג. אַזאַ חוזר בתשובה בלייבט שוין מיטן ווייב אין דער היים, פאָרט שוין נישט מער איבער דער מדינה. חיונה ברענגען די קינדער. דאָס לעצטע פאַרפאָלק פון חוזרים בתשובה האָט אויסגעזען ווי אַ דיסאָנאַנס צווישן די זין מיט די אייניקלעך, וואָס האָבן נישט געהאַט קיין סימן פון אַ יידישער צורה. די באָבע חנה, אַ הייך פון אַ יידענע, אָנגעטאָן אין דער ווייסער הויב, האָט זי אויסגעזען ווי גאָלדפּאָדנס מכשפה און אַ פּנים האָט זי געהאַט ווי פון ליימענער ערד, אויסגעזען האָט זי מיט אירע אַרויסגעשטאַרטע אויגן, ווי אַן אַלטע דיקע זשאַבע.

מיט דעם אויפקום פון דער באַן האָבן יינגע קאַטעריניאַזשעס איינגעזען, אַז מען קען האָבן פּרנסה אין שטאָט גופא, און אַז עס וועט זיין מער תכלית צו פאַר־לייגן זיך אַ געשפאַן, איידער ווייטער צו וואַנדערן.

נאָר איינער, דער חסידישער דראָזשקאַזש אלישע האָט נישט געשטאַמט פון דער חברה. אַלע אַנדערע זיינען געווען זין, איידעמס, אייניקלעך פון די וואַנ־דערנדיקע משפחות קאַטאַריניאַזשעס. די באַן האָט געענדערט זייער גאַנץ לעבן.

יעדן פאַרטאָג, ווען עס איז נאָך פינצטער, האָבן זיך אַ לאָז געטאָן צו דער באַן יידענעס אָנגעלאָדנטע מיט געשחטענע עופות, שטיקלעך פּוטער, אייער, שמאַלץ פאַר דער הויפּט־שטאָט וואַרשע.

יידן ווי בערישל עזבדיהס, מאַניע, דער לאָמער באָרנשטיין זיינען, געווען באַ־לאָדן מיט פּעקלעך סחורה, בריוו און באַשטעלונגען פון וואַרשע. אַנדערע ווידער זיינען געפאָרן „ליידיקע", אָן אַלעמען. דאָס זיינען געווען די „שמאָסערס" (שמיי־

סערס) שותפים פון רוסישן קייזער צו די הכנסות פון באַן־בילעטן. פאַרן מיטן „באמבל צוג״ קיין וואַרשע און קויפן אַ בילעט ביי דער באַן־קאַסע האָט געהייסן סתם אויסברערנגען יידן פּרנסה. — „פאַרוואָס זאָלסטו אויסברענגען יידיש געלט ?״ — האָט דער שמייסער נישט אַפּגעלאָזט אַ ייד וואָס האָט דאָך געוואָלט קויפן אַ באַן־בילעט. און אַזוי זיינען יידן געפאָרן מיט דער באַן אָן בילעטן מיט הסכמה פון קאָנדוקטאָרן, קאָנטראָליאָרן, וואָס זיינען געווען די הויפּט־שותפים צום געשעפט. פלעגט זיך אַמאָל אַ פרעמדער אומגעבעטענער קאָנטראָלער אַרויפכאַפּן אומגעריכט אויף דער באַן, איז געווען שלעכט. קאָנדוקטאָרן און שמייסערס זיינען געלאָפן, ווי פאַרסמטע מייז „שמייסן״ אַחינו בני ישראל, זיי זאָלן מוחל זיין קריכן הינטער די בענק, אין די ענגע לעכער, ביז דער קאָנטראָלער וועט אַראָפּ פון באַן.

אין געוויינלעכע טעג, ווען אַלץ איז געגאַנגען כשורה האָבן זיך „שפּיליטערס״ אָנגעטאָן טלית און תפילין, פונאַנדערגעזעצט זיך ווי אין שטיבל, אין בית־מדרש, דאַוונען שחרית, צייט איז געווען גענוג, קיין וואַרשע שלעפּט מען זיך מיטן „באמבל״ מער ווי פיר שעה. נאָכן דאַוונען שיילט מען האַרטע אייער. מען נעמט אַ טרונק בראַנפן און פאַרבייסט מיט אַן אייער־קיכל אָדער אַ שטיקל הערינג. מען שמועסט דברי־תורה, פּאָליטיק ביז די „קאָלע״ פאַרפאַרט מיט רעש און געפילדער אויפן וואַרשעווער וואָקזאַל. יידן לאָזן זיך איבער וואַרשעווער גאַסן דערלעדיקן די גע־שעפטן, כדי באַוויזן דעם זעלביקן טאָג צו פאָרן אַהיים.

נאָנט מיט דער באַן־פאַרוואַלטונג, באַקאַנט מיט די מנהגים און פאַרשריפטן פון שיקן סחורות וואַגאָנענווייז, זיינען געווען די אַלטערס, דוד איציק און שלמה אַלטער. זיי, און אין אַ קלענערער מאָס בערל פריד מיט זיין זון אריה לייב, זיינען געווען די הויפּט־עקספּעדיטאָרן פון אַלע סחורות פון שטאָט. צו זיין אַן עקספּע־דיטאָר האָט מען באַדאַרפט קענען שפּראַכן, וויסן ווי אומצוגיין זיך מיט באַן־באַאַמטע. און ווי אַזוי צו שאַפן גוטע פאַרבינדונגען. די אַלטערס זיינען געווען אינטעליגענטע, חסידישע יידן און פלעגן גאַנצענע טעג, פאַרברענגען ביי דער באַן אין וואָלקע. דאָס נייע פאַך איז געווען שווער, פול מיט פאַראַנטוואָרטלעכקייט, האָט געבראַכט ברויט בריווח. נישט וויניק האָט די אַלטערס מיטגעשפּילט די טראַדיציעס פון זייער לעבן, די דערציאונג און די פאַרצוייגטע משפּחה זייערע.

## 13. יחוס

מיט אַ 150 יאָר צוריק האָבן אין מלאַווע געלעבט אינגאַנצן ביי אַ צוויי הונדערט יידישע משפּחות. נאָר איינצלנע חסידישע און מתנגדישע „הייזער״ האָבן געהאַט אַ השפּעה אויפן לעבן אין שטאָט. אין חסידות האָבן געמומען הערשן וואורקע, ביאַלע, אַלכסנדער, שפּעטער ערשט — גער. לעבנס־שטייגער און טראַ־

דיציע, וואָס די ערשטע משפחות האָבן געשאַפן, זיינען שפעטער אַריבער צו קינדער און קינדס־קינדער, געשאַפן דעם טאָג־טעגלעכן לעבן־נוסח פון מלאַוואַר יידן.

אַ גרויסער טייל פון די ערשטע משפחות אין שטאָט האָבן געשטאַמט פון אַרומיקע שטעטלעך און דערפער. בולטע צייכן פון דער דאָרפישער אָפּשטאַמונג זיינען פאַרבליבן אין דער האַרטער יידישער אויסשפּראַך אין מויל פון מלאַוואַר יידן. די אָפּשטאַמונג פון פעלד און וואַלד האָט זיך צונויפגעמישט מיט פאַלקסטימלעכקייט, ראָמאַנטיק פון חסידות און געשאַפן דעם נישט־איבערגעשפּיצטן טיפּ פון מלאַוואַר ייד, וואָס איז פאַרבליבן דער פאַרחלומטער, סענטימענטאַלער, שטימונגס־מענטש, נוטה צו גוזמאות, אַבערגלויבנס, און וואָס שלאָגט טיפע וואָרצלען אין דער היימישער ערד. חסידות ווידער האָט אָנגעטראָפן אויף אַ פרוכטבאַרן באָדן אין די הערצער פון די פשוטע יידן, פון דעם שיינעם, מיט שפע געבענטשטן, פלאַכלאַנד פון מאַזאָווּשע.

די חסידישע רבישע תורות האָט מען דאָ געגומען ערנסט. ערלעכקייט, גלויבן און אָנשטענדיקייט זיינען געווען נאַטירלעכע דערשיינונגען אין טאָג־טעגלעכן לעבן. פון חסידות און לומדות האָט יעדער געקענט נעמען, וויפל זיין האַרץ האָט נאָר געגלוסט. אין די חסידים־שטיבלעך, בתי־מדרשים זיינען בעלי־מלאכהשע קינדער געזעסן מיט גבירישע זין. צווישן חסידישע און בעלי־מלאכהשע הייזער איז געווען אַ נאָענטקייט. מיט דעם בעל־מלאכה האָט מען זיך נישט געשעמט, ווי דאָס איז געווען דער שטייגער אין יידישע שטעטלעך. שידוכים פלעגן געשלאָסן ווערן צווישן חסידים, מתנגדים און בעלי־מלאכות, דאָס איז געווען אַ רייך־נאַטירלעכע דערשיינונג. אָנגעזעענע חסידישע גבירישע יידן זיינען געווען בעלי־מלאכהשע קינדער, שניידערשע, קצבישע זין, וואָס האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט תורה און דרך־ארץ. אַ סך בעלי־מלאכות האָבן אין זייער פרייער צייט אַליין געלערנט און געלאָזט זייערע קינדער לערנען.

פון אַ פאַרצווייגטער חסידיש־אַריסטאָקראַטישער משפחה וואָס האָט געלעבט אין שטאָט מיט אַ 120 יאָר צוריק, האָט געשטאַמט ישראל אַלטער. קינדער, איידעמס און אייניקלעך האָבן זיך געמערט, פאַרלייגט נייע משפחות אין אַ גרויסער צאָל *).

ישראל אַלטער האָט געוואוינט אין מאַרק אין בראַכפעלדס הויז. ער איז געווען אַ גרויסער סוחר מיט וואַלד און וואָל, גערעדט רוסיש, פויליש. זין און טעכטער געלאָזט לערנען שפּראַכן, מוזיק. מלמדים פאַר די זין פלעגט אויסקלייבן דער רבי, מיט וועלכן ישראל אַלטער האָט זיך געהאַלטן נאָענט. קומט דער וואורקער רבי אויף אַ באַזוך, זיצט ישראל אַלטער אויפן באַלקאָן אין שטריימל. קומט להבדיל דער גובערנאַטאָר, זיצט ער אין צילינדער.

---

*) איבערגעגעבן דורך בעריש פערלמוטער.

ער האָט געהאַט ביי זיך אין הויז אַן אייגן בית־מדרש, געפירט „טיש״, געווען אויסגעקאָכט מיט חסידים, וואָס האָבן זיך ביי אים געפילט היימיש.

די האַנדלס־פאַרבינדונגען און באַציאונגען מיט דער מאַכט האָבן פאַרלאַנגט, אַז דאָס פרומע חסידישע הויז זאָל וויסן, ווי אַזוי מען דאַרף זיך אומגיין מיט נישט ידישע סוחרים, הויכגעשטעלטע באַאַמטע. מען האָט געהאַלטן אייגענע פערד, קאַרעטעס, דינערשאַפט, בוכהאַלטאָרן און פאַרוואַלטער.

פון דער ערשטער ווייב האָט ער געהאַט פינף זין און דריי טעכטער: משה, תנחום, הערשקע, שמואל און יוסף שיע, רבקה לאה, שיינע, גאָלדע, פון דער צווייטער ווייב — צוויי זין און צוויי טעכטער.

נאָר איינער פון די זין, שמואל, האָט פאַרלאָזט מלאַווע, די אַנדערע זיינען געבליבן און פאַרלייגט נייע משפחות. דער געלערנטסטער פון זיי איז געווען תנחום־אַלטער. צו אים האָבן געהערט די מיליטער־קאַזאַרמעס אין שטאָט, פאַר די אַנדערע זין האָט ישראל אַלטער געקויפט „גיטער״, מאַריאַנאָווע פאַר יוסף שיען, מלאָווקאַ פאַר הערשקען. אַזוי איז געווען דער נוסח: גיטער, וועלדער, בויען שאָסייען, בויען קאַזאַרמעס.

איינער פון די זין וויקטאָר אַלטער איז אַוועק אויף גאָר אַנדערע וועגן. ער איז געווען באַקאַנט אַלס אָנגעזעענער פירער פון „בונד״. זיין שוועסטער אסתר איווינסקאַ איז געווען אַ טעטיקע טוערין אין „בונד״, זי איז געווען דעם „בונדס״ פאָרשטייערין אין וואַרשעווער שטאָט־ראָט.

וויקטאָרס ברודער תנחום אַלטער איז געווען פון די ערשטע חובבי־ציון און איינער פון די גרינדער פון אַ ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין שטאָט. אין די יאָרן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט תנחום פאַרלאָזט מלאַווע, אַוועק קיין מאָסקווע, פון דאָרט קיין ווין. געשטאָרבן איז ער אין פאַריז.

זיין זון מרדכי אַלטער וואָס האָט זיך משנה געווען אין מאַרקאָ אַלטיערי און וואוינט איצט אין רוים, איז געווען דער לאַנג־יאָריקער פירער פון ארץ־ישראל־אַמט אין טריעסט. צוויי פון תנחומס אייניקלעך געפינען זיך אין ארץ־ישראל, זייער פאָטער וואָווע איז דערמאָרדעט געוואָרן דורך די נאַציס אין פאַריז.

אין שווערס וועגן איז געגאַנגען דער איידעם יאָסל גאָלדשטיין, אויך אַ מלאַווער. אַ חסיד, אַ גרויסער בעל־צדקה, האָט ער געדאַוונט אין אַלכסנדר שטיבל, און איז אָפט געפאָרן צום רבין, ער האָט געפירט אַ ברייט חסידיש הויז „טיש״ פאַר חסידים, שבתים און יום־טובים, בכלל אַ גרויסער מכניס־אורחים. ביי אים פלעגט מען איינלייגן די נדבנים פון שטאָט. געהאַנדלט האָט ער מיט וואַלד.

יאָסל גאָלדשטיינס טעכטער האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייער שיינקייט און בילדונג, אייניקע פון זיי האָבן געענדיקט אוניווערזיטעטן.

סוף 19־טן יאָרהונדערט האָבן זיך אייניקע ידישע טעכטער פון מלאַווע אַרויסגעריסן אין דער וועלט אַריין, געפאָרן איז מען קיין אויסלאַנד,, שטודירן על־פי־רוב

קיין בעלגיען. די ערשטע זיינען געווען די טעכטער פון די פאַמיליעס קאַנעצקי, מענדל באַרנשטיין, יוסף גאָלדשטיין און שייע ליפשיץ.

די זין פון יאָסל גאָלדשטיין האָבן זיך שוין אין שטאָט נישט געהאַלטן. זיי האָבן זיך צעשפּרייט איבער גאַנץ פּוילן, שמואל איז געווען דער ראש־הקהל אין טשענסטאָכאָווע, פּרץ האָט זיך באַזעצט אין קאַליש. מענדל איז געווען אַ בוי־אונטערנעמער אין וואַרשע, וואָלף, דוד פּיזשיצעס שוואָגער, איז אַוועק קיין ביאַלע.

מרדכי בנטוב (גוטגעלד) דער באַקאַנטער ארץ־ישראלדיקער פירער פון „השומר־הצעיר", איצט אַרבעטס־מיניסטער אין דער ערשטער יידישער רעגי־רונג און שולמית בת־דורי, וואָס איז טעטיק אויפן דראַמאַטישן געביט אין א"י, זיינען די אור־אייניקלעך פון יאָסל גאָלדשטיין און די אור־אייניקלעך פון ישראל אַלטער.

ציענדיק וויטער די קייט פון יחוס טרעפן מיר אָן אויף אַברהם לאַנדוי און זיין פאַרצווייגטער משפּחה, וואָס האָט זיך געטונקען אין חסידות. אברהם לאַנדוי איז געפאָרן צום אַלטן וואורקער און משדך געווען האָט ער זיך מיטן ביאַלער רבינס זון ר' איטשקע לאַנדוי. אברהם לאַנדויס זין זיינען געווען איטשע און ירחמיאל, חסידים, שניט־סוחרים, געשוואוירענע טיש־זיצערס ביים רבין.

די לאַנדויס מיט זייערע קינדער און קינדס־קינדער האָבן געוואוינט אין מאַרק און פאַרנומען אַ סך הייזער און שניט־געוועלבער. זיי האָבן זייערע קינדער נישט צוגעלאָזט צו קיין שום וועלטלעכע בילדונג.

ירחמיאל לאַנדוי האָט זיך אויסגעצייכנט מיט הכנסת־אורחים. ער פלעגט קיין מאָל נישט אַהיימקומען אָן אַן אורח און ווען ס'וויב האָט זיך באַקלאָגט, הלמאי ער האָט פריער נישט געלאָזט וויסן, פלעגט ער ענטפערן — „וואָס וויל איך דען פון דיר? נאָך אַ לעפל?" שבת פלעגט ער אַהיימברענגען אויף „קידוש" אַלע מלמדים און זיי זיינען אויך זאַט געוואָרן.

אַן אַנגעזעענעם אָרט אין שטאָט האָט פאַרנומען די פאַרצווייגטע משפּחה פון שלמה לידזבאַרסקי מיט זיינע זין פישל, חיים, יהודה מאיר, אברהם און זלמן. אַ טייל פון זיי זיינען געווען אַלעכסנדער חסידים און אַ טייל — גערער. געוואוינט האָבן זיי אין מאַרק, זיך באַשעפטיקט מיט מאַנופאַקטור, וויין־מסחר און מיט בזיען שאַסייען.

פון די אַלטע חסידישע משפּחות דאַרף מען נאָך דערמאָנען די משפּחות פון זעליק וואַרשאַווסקי און מענדל וואַרשאַווסקי, וואָס האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט גרויס ערלעכקייט און באַשיידנקייט. ווען מענדל איז אַלט געוואָרן פופציק יאָר, האָט ער אָפּגעשטעלט אַלע געשעפטן, פאַרזאָרגט די טעכטער מיט נדן און זיך פאַרטיפט אין ספרי־מוסר.

פון דער פאַמיליע וואַרשאַווסקי שטאַמט דער לערער און שריפטשטעלער

יקיר וואַרשאַווסקי ווי אויך דער בונדיסטישער טוער און זשורנאַליסט בונים וואַרשאַווסקי.

אַ פאַרצווייגטע משפחה איז געווען די ווישינסקיס, פאַרשפּרייט אין שטיבלעך און אין בתי־מדרשים.

פון די בעלי־בתישע פאַמיליעס איז געווען באַקאַנט די משפחה חיים לייזער נאַרזשעמסקי. ער איז געווען אַ שטילער סאָלידער, קלוגער, אָנגעזעענער בעל־הבית, שיין און ריין געקליידעט. בשעת אַ סכסוך אין שטאָטישע ענינים האָבן זיך די צדדים שטענדיק פאַרלאָזט אויף אים. יאָרן לאַנג איז ער געווען דאָזאָר אין שטאָט. ער האָט געהאַנדלט מיט לעדער, פאַרצעלעיין און געטראַנקען אין הורט. הגם אַ מתנגד, האָט ער זיינע זין וואָלף און יוסף־לייב געשיקט לערנען אין שטיבל אַריין. אײדעמס פאַר די טעכטער האָט ער גענומען חסידישע. איינער פון זיינע אײדעמס איז געווען הערש־טוביה יאַניש.

אויף אַ גאַנץ אַנדער וועג איז געגאַנגען די פאַמיליע מאַקאָווסקי. יאָסל מאַקאָווסקי, וואָס האָט אַליין נישט געקענט שרייבן, האָט שוין די קינדער זיינע געגעבן אַ וועלטלעכע דערציאונג. ער אַליין איז געווען אַ באַלעבאַטישער שיינער ייד, געהאַנדלט מיט תבואה און וואָל. ווען ער איז אַמאָל געקומען צו יאָסל גאָלד־שטיין אין שטוב אַריין און גענומען די צייטונג, האָט ער אויסגעשריגן צו יאָסל גאָלדשטיינס פרוי: „רבקה לאה, אַ שיף איז אונטערגעגאַנגען!״ — ער האָט פּשוט נישט געוואוסט, אַז ער האַלט די צייטונג פאַרקערט. זיין זון חיים האָט שוין געקענט שפּראַכן און זיין אייניקל יוסף איז אין די לעצטע צוואַנציק יאָר געווען דער איינציקער יידישער דאָקטאָר אין שטאָט.

פון די עלטסטע משפחות, וואָס האָבן געשטאַמט פון דאָרף און זיך אויסגע־מישט מיט דער שטאָטישער באַפעלקערונג, פאַרנומען אַן אָנגעזעענעם פּלאַץ, איז געווען די עקסצענטרישע פאַמיליע לעמל קלעניק. לעמל קלעניק איז רייך געוואָרן פון וואַלד־מסחר. פון די קינדער האָט זיך הערמאַן קלעניק אויסגע־צייכנט ווי אַ כלל־טוער. ער איז געווען פון די ערשטע ציוניסטן אין שטאָט. הערמאַנס קינדער האָבן שוין באַזוכט שולן און הויכשולן. אַ גרויסן חלק פון שאַפן די אַטמאָספערע פון דער הויז האָט געהאַט זיין פרוי, שרה, וואָס האָט געשטאַמט פון אַן אינטעליגענטער, פלאָצקער יידישער פאַמיליע.

דער איינציקער חסיד ביי די קלעניקעס איז געווען משה יוסף, אַזאַ מין סאָרט גויישער חסיד. ער האָט געטראָגן אַ יידיש היטל מיט אַ לעדערנעם דאַשעק, ווי די גויים.

אײדעמס פאַר טעכטער האָט לעמל קלעניק גענומען פון חסידישע קרייזן הגם ווי געזאָגט, ער אַליין איז געווען ווייט פון חסידות. איינער פון זיינע אײדעמס איז געווען דער גרויסער אייזן־סוחר, דער אַלכסנדער חסיד, שמעון ליפּסקער.

⁂

אַנגעזעענע באַלעבאַטישע מענטשן זיינען געווען די ריבאַקס, יעקב וואָלף און יוסף ריבאַק, אַמאָליקע יאָרן נאָך געגאַנגען קורץ געקליידעט. יוסף איז געווען סאַנע באַניסלאַווסקיס אַגענט אין האַנדל מיט פיש פון רוסלאַנד. זיין זון הענריק איז געווען דענטיסט אין שטאָט, איצט געפינט ער זיך אין ארץ־ישראל.

יעקב וואָלף האָט עקספּאָרטירט תבואה קיין דייטשלאַנד, זיין זון אברהם ריבאַק איז געווען פון די ערשטע חובבי ציון אין שטאָט.

אַ באַזונדער קאַפּיטל זיינען די מלמדים וואָס האָבן געלעבט צו יענער צייט אין שטאָט. אַפילו ר׳ איטשקע, וואָס האָט אַליין געפירט טיש ווי אַ רבי, האָט אַראָפּגעבראַכט פאַר זיינע אייניקלעך פון רבינס הויף קיין מלאַווע אַ ספּעציעלן מלמד איטשעלע טשיזשעווער. יעדן מלמד, וואָס אַ משפחה האָט אַראָפּגעבראַכט פון דער פרעמד, האָט מען אויסגעהאַלטן מיט עסן, אַנטאָן און געהאַלט. אַ סך אַנדערע מלמדים ווי יעקב ווינעווער, כתריאל מאַקאָווער, מתתיהו זאַראַטינער אאַז״וו פלעגן זיך איינדינגען אין אַ ווינקל ביי אַן אָרעמער משפחה, אַנדערע ווידער האָבן געעפנט אייגענע חדרים.

עס איז כדאַי צו דערמאָנען, אַז דער כאַרזשאַלער דרדקי מלמד האָט מיט אַ זיבעציק יאָר צוריק, געהאַט אַ חדר וואו יינגלעך מיט מיידלעך האָבן געלערנט צוזאַמען. אין דעם חדר האָבן געלערנט יהודה־מאיר לידזבאַרסקיס טאָכטער, תרצה, די שפּעטערדיקע פרוי פון דעם זייגערמאַכער פייבוש שפּיראָ, אסתר וואַרשאַווסקי און נאָך אַנדערע. ביי דעם מלמד איז דער חדר געווען אָפּגעטיילט פון דער וואוינונג, עס זיינען געווען אויסגעשטעלט בענק. אויף די ווענט זיינען געהאָנגען זייגערס, צוזאַמענגעקלעפּטע שיסלען — דאָס איז געווען אַ זייטיקע פרנסה פון כאַרזשעלער. אַלע זיינע תלמידים האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט דעם, וואָס זיי האָבן געקענט „עברי״.

מלמדים האָט מען גערופן מיטן נאָמען פון דער שטאָט פון וואַנען זיי זיינען געקומען, עס האָט נישט געפעלט קיין מלמדים פון אַלע עקן פון דער מדינה האָט מען זיי אַהער געבראַכט.

גאָר אַן אַנדער סאָרט מלמד איז געווען זעליק באַראַנאָווער (ראָזנבערג), אַ חסיד און אַ גרויסער למדן. ער פלעגט אָננעמען נאָר פיר תלמידים, אַ טייל פרנסה האָט אַריינגעבראַכט דאָס ווייב מיט דער טאָכטער וואָס האָבן געמאַכט קעפּקעס און היטן פאַר פרויען.

מאיר שלמה ראָזענטאַל איז געווען אַ גרויסער למדן, האָט ליב געהאַט פּלפּול,

און אריינקוקן אין ספרי־חול. ער פלעגט צונייען דעם שפאַלט פון פאַלטן, כדי צו זיין פטור פון ציצית.

נאָכן ליקווידירן דעם פוילישן אויפשטאַנד האָט זיך צווישן יידן אַנגעהויבן פאַרשפרייטן פון איין זייט די אַסימילאַציע פון דער אַנדערער זיינען אַנגעקומען די „ליטוואַקעס״, וואָס מען האָט געהאַט אַרויסגעטריבן פון רוסלאַנד. זיי האָבן מיט זיך מיטגעבראַכט די ערשטע באַגריפן פון השכלה. איינער פון זיי איז געווען דער מאָדערנער מלמד יוזשעלעווסקי, וואָס האָט נאָך פאַר גאָרדנען געעפנט אין שטאָט אַ מאָדערנעם חדר.

פון אַ גאַנץ אַנדער שניט איז געווען דער מלמד ראובן לייב הארצפעלד, דער טשאַיקער, (פון שטעטל טשאַיק). דער טשאַיקער האָט געקענט שפּראַכן, הויפּט־זעכלעך דייטש, געלערנט האָט ער העברעאיש און תנ״ך. אַפילו ר׳ איטשקע, פאַר וועלכן דער טשאַיקער איז געווען טריף, האָט געמוזט צו אים אַנקומען, ווען ער האָט געוואָלט אַז זיין זון מענדל זאָל קענען שרייבן אַ גוטן בריוו אין העברעאיש.

דער טשאַיקער האָט געהאַט צוויי זין און צוויי טעכטער. אויף איינעם פון זיי וואָס פלעגט אַרומגיין אין טלית און תפילין, פלעגט דער פאָטער זאָגן: „ער איז אַ רבי אָן חסידים״. דער צווייטער זון — האָט זיך אויסגעצייכנט מיט וועלטלעכע בילדונג. אויף אים פלעגט דער טשאַיקער זאָגן: — „דער ווידער איז אַ פּראָפעסאָר אָן אַ קאַטעדרע״.

דעם טשאַיקערס צוויי טעכטער האָבן מיט אַ זעכציק יאָר צוריק געעפנט אין ווישניעווסקי דעם משומדס הויז, אַ שול פאַר מיידלעך לויט דער שיטה פון עברית, איינע פון זיי איז געווען די פרוי פון משה שוחט.

אַרום טשאַיקער האָט זיך גרופּירט אַ קרייז פון מענטשן, וואָס האָבן זיך ליב געהאַט צו פאַרטיפן אין דער אַלטער העברעאישער ליטעראַטור און פילאָזאָפיע. דער טשאַיקער פלעגט פאַרברענגען מיט דוד אָפּאַטאָווסקי, מיט וועלכן ער האָט צוזאַמען פאַרפאַסט די הקדמה צום ערשטן פנקס פון די חובבי־ציון אין שטאָט, מיט יאָסל גאָלדשטיינס שוואָגער ישראל גאָלדמאַן, וואָס איז געווען אַן אַלכסנדער חסיד, זייער אַ פרומער, אָבער גלייכצייטיק אַ גרויסער למדן, אַ בעל דקדוק און בעל־פיוט. גאָלדמאַן איז געווען קלאָר אין די אַלטע יידישע פילאָסאָפישע ליטע־ראַטור, גלייך ווי זיין ידיד, דוד אָפּאַטאָווסקי, דער פאָטער פון באַקאַנטן שרייבער יוסף אָפּאַטאָשו.

גויישע לשונות האָט געלערנט ריבאַק פון פלאָצק, וואָס האָט זיך שוין גע־קליידט קורץ. שפּעטער די לערערס סאַנינאַ, בוקאָווצער, אַ רעגירונגס פאָלקס־לערער און צום סוף — משה גאָלאָמב. בדרך כלל האָבן קינדער פון רייכערע היימען געלערנט די דאָזיקע לשונות. יידישע מיידלעך פלעגן על־פּי רוב באַזוכן די פּוי־לישע פּענסיע.

## 14. נייע צייטן

עס ווערט ענג אין שטאָט. חסידות ציט שוין נישט מער. פון דער אַרומיקער וועלט דערגייען נייע טענער. די יוגנט רייסט זיך אין דער וועלט אַריין, ווער צוליב ברויט, ווער צוליב וויסן.

אין די באַלעבאַטישע קרייזן הויבט זיך אָן פונאַנדערצובליען די חובבי־ציון באַוועגונג.

עס באַווייזן זיך אין די שטיבלעך חסידישע יינגעלייט, און זאַמלען געלט פאַר ארץ־ישראל. חסידים ברעכן טעלערס, רייסן צעטלעך, כאַפּן געלט. עס העלפט אָבער ניט, די איינציקע טעטיקייט פון די חובבי־ציון איז דאַן געווען צו זאַמלען געלט. דאָס מאַכט קיין רושם נישט. גרויסע געשעענישן קומען ערשט אין יאָר 1895־6. פון דער „הצפירה" און פון „המליץ" דערוויסט מען זיך וועגן הערצלס „יודנשטאַט".

דער רוסישער שטאָט־נאַטשאַלניק ווייסט שוין אויך אַז ביי יידן קומט פאָר עפּעס וויכטיקס. ער גייט אין גאַס, פרעגט יידן — „נו, און אַ צאַר פאַר אייער מדינה האָט איר שוין?" — די ידיעות פון ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס ווירקן אויף די טעטיקע חובבי־ציון: דוד אָפּאָטאָווסקי, תנחום אַלטער, אברהם ריבאַק, חיים מאַקאָווסקי. מען שאַפט דעם ערשטן ציוניסטישן פאַראיין. מען פאַרקויפט געהיים ציוניסטישע שקלים, אַקציעס פון דער קאָלאָניאַל־באַנק. ציוניסטישע מטיפים הויבן אָן באַזוכן די שטאָט. יעקב חזנס פאָטער, אַ באַקאַנטער ציוניסטישער מטיף, ווערט אַרויסגעפירט פון שטאָט אין דער באַגלייטונג פון זשאַנדאַרמען. ציוניזם איז פאַרבאָטן. ציוניסטישע טעטיקייט מוז געפירט ווערן באַהאַלטענערהייט, אונטערערדיש. אַ ניי קאַפּיטל הויבט זיך אָן מיטן גרינדן פון „הזמיר", וואָס ווערט אַ ווענד־פונקט אין דעם יידישן לעבן פון מלאָווע.

דאַן גייט אויף דער שטערן פון בעריש פערלמוטער.

אַ שיינער, לאַנג־געקליידעטער, חסידישער יינגערמאַן פון אַלכסנדער שטיבל מיט אַ פעך־שוואַרצער באָרד ווי ביי דר. הרצל, דעם פרומען ירחמיאל לאַנדויס איידעם, ווערט ער פון די ערשטע ציוניסטן אין שטאָט. ער האָט פאַרמאָגט אַ סך אייגנשאַפטן פון אַ פירער. ער האָט פאַרמאָגט אַ שטאַרקע איבערצייגונגס־קראַפט, און געווען אַ גוטער רעדנער. די שטאָט האָט ליב געהאַט זיינע רעדעס. ער האָט מיטגעריסן יונג און אַלט. עס איז נישט געווען קיין איין אינסטיטוציע אין שטאָט, וואו בעריש האָט נישט איבערגעלאָזן אַ טייל פון זיין לעבן, אין „הזמיר", אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, אין דער גימנאַזיע, אין דער יידישער קאַסע, אין דער קהילה, און נאָך אַ סך אַנדערע אינסטיטוציעס. זיין באַליבטסטע אינסטיטוציע

איז געווען די גימנאַזיע, פאַר וועלכער ער האָט געזאָרגט אַלע יאָרן. אומעטום איז ער געווען די צענטראַלע פיגור, אַוועקגעגעבן צייט, מי ; אַלץ לשמה.

בעריש פערלמוטער האָט אַדורכגעמאַכט אַ לאַנגן און שווערן וועג, — ביי זיין עליה קיין ארץ־ישראל צוזאַמען מיט זיין גאַנצער משפחה.

דער „הזמיר" איז, ווי געזאָגט, געגרינדעט געוואָרן פון בעריש פערלמוטער, משה געזונטהייט און אַברהם ריבאַק. דער ערשטער פאָרזיצער איז געווען אַדוואָקאַט גאָלדבערג, אַן אַסימילירטער ייד, וואָס איז אַריבער פון דער „לוטניאַ", אַן ענלעכע פוילישע אינסטיטוציע, וואו ער איז געווען דער איינציקער ייד.

אין „הזמיר" וואָס געפינט זיך אין תנחום אַלטערס הויז אויף דער כאַרזשעלער גאַס, קומען אַריין מענטשן פון פאַרשיידענע קלאַסן, און פאַרשיידענע איבערצייגונגען. עס שאַפט זיך אַ גרויסע ביבליאָטעק אין יידיש, העברעאיש, רוסיש און פויליש. מען ברענגט אַראָפּ רעדנער, ווי י. ל. פרץ, הלל צייטלין, דר. מזקדוני, דר. קלומעל, שלמה צמח, שלום אַש. אין זכרון שווימען אַרויס די אייגענע רעדנער און דעבאַטאַנטן ווי בעריש פערלמוטער, משה מערקער, בונעם וואַרשאַווסקי, פייוול אָפּאַטאָווסקי. עס ווערט געגרינדעט אַ כאָר אָנגעפירט פון לייזער פרידס זון דעם קאַפּעלמייסטער פון דראַגונער פולק, פון אַלטן קלינק־אווסטיין דעם קאַפּעלמייסטער פון די קאָזאַקן. שפּעטער פירט אָן מיטן כאָר דער באַגאַבטער כלי־זמר, דער ערשטער פידל אין דער כלי־זמרים קאַפּעליע, מענדל גורני. קומען פאָר אָוונטן פון געזאַנג, חסידים ברעכן שויבן אין „הזמיר". דער רב שיקט שליחים צו בעריש פערלמוטער, קומט אַליין בכבודו ובעצמו צוזאַמען מיט גרשון קאַלינא זיך בעטן מען זאָל אויפהערן חרוב מאַכן די שטאָט, בחורים און מיידלעך זאָלן אויפהערן זינגען און טאַנצן צוזאַמען. עס קומען שליחים פון אַלכסנדר שטיבל, וואָרנען בערישן, ער זאָל „אָפּזיצן", מען וועט אים אַרויסוואַרפן פון שטיבל — מען שליסט דאָס אַלכסנדער שטיבל וואָכן־לאַנג, בעריש זאָל נישט קענען קומען דאַווענען. דאָס אַלץ העלפט נישט. בעריש פאַרלאָזט דאָס שטיבל, טוט אָן אַ ווייסן שטייפן קראַגן, ביי חסידים אַ גרעסערער חטא ווי אָפּגאָלן זיך די באָרד: „אַ באָרד וואַקסט אָן, אַ שטייפער קאָלנער איז אויף אייביק".

די טעטיקייט אין „הזמיר" פאַרצווייגט זיך אַלץ מער. עס ווערט געגרינדעט אַן אָרקעסטער פון מאַנדאַלינעס, אַ דראַמאַטישע סעקציע, אָנגעפירט פון רחל גאָלאָמב. נאַנטשע וויטשינסקאַ, פייטשע לעדערבערג, אַנדזשע ביעזשונסקאַ, סאַבינאַ ליפשיץ, אהרן פערלמאַן, אברהם גרינבערג, יונה ליפינסקי, רודעק ליפשיץ, ברוך־איצל פערלמוטער, פייוול אָפּאַטאָווסקי און נאָך און נאָך אַנדערע באַווייזן זיך דאָס ערשטע מאָל אַלס טעאַטער־שפּילער אין דער „לוטניאַ". שפּילן שפּילט מען גאָרדינען, גאָלדפאַדען, איבסען, טשעכאָוו. די רוסישע דראַמען זעצט איבער פייוול אָפּאַטאָווסקי.

די ציוניסטן זיינען אָבער נישט צופרידן. זיי ווילן פאַרוואַנדלען דעם „הזמיר"

אין אן אייגענעם קלוב. דער אדוואקאט גאלדבערג, דער פארזיצער, איז שטארק צוגעבונדן צו דער אינסטיטוציע, אבער פון ציוניזם האלט ער נישט.

נאך גאלדבערגס טויט, ווערט בעריש פערלמוטער פארזיצער. ציוניסטן פארוואנדלען דעם „הזמיר" אין א ציוניסטישן קלוב. די אנהענגער פון אנדערע ריכטונגען פארלאזן דעם „הזמיר", יעדע גרופע נעמט זיך בויען אן אייגענע היים. דער „הזמיר" האט זיך שוין דאן געפונען אויף דער יענעראלסקער גאס (דלוגע) אין א גרויס שיין הויז. די בונדיסטן שאפן אין דעם זעלבן בנין דעם „בר. גראסער" קלוב.

די פאר פאלקיסטן געפינען זיך אן אייגן ווינקל אין „האנדווערקער פאראיין" אין דער שקאלנע גאס.

די ציוניסטישע און די בונדיסטישע באוועגונג זיינען געווען די וויכטיקסטע.

די צייט שטייט נישט. אין שטאט וואקסט אויס א נייע יוגנט. אויך זיי ווערט ענג, אפילו מיט זייערע פארטגעשריטענע עלטערן. זיי לאזן זיך אויף נייע וועגן, שאפן נייע ווערטן. דער פאסיווער ציוניזם פון די טאטעס באפרידיקט נישט מער. מען רייסט זיך צו מעשים. עס אנטשטייט די ציוניסטיש־סאציאליסטישע פארטיי „פועלי־ציון", די יידישע ארבעטער פארטיי „בונד", דער „השומר־הצעיר" דערשיינט אויף דער יידישער גאס, דער „החלוץ", „פרייהייט". עס קומען אויף פראפעסיאנעלע ארבעטער־פאראיינען, בעלי־מלאכות סוחרים און אפילו קליינהענדלער, ארגאניזירן זיך אין באזונדערע פאראיינען, דאס ארט פון שטיבל, פון בית־המדרש פארנעמט איצט די פארטיי, אדער דער פאראיין.

⁂

פונקט ווי זיין זיידע ישראל גאלדמאן איז אויך משה מערקער געווען אן אלכסנדער חסיד, א ייד א למדן, א גריבלער אין אלטע ספרים איז ער געווען. פון זיין טאטן מענדל מערקער, דעם שטאטישן תקיף, האט ער גערירשנט עקשנות, פארביסנקייט, אקטיווויטעט, אויסדויער. זיין לעבן איז א געשיכטע פון א יידישן יינגנמאן, וואס האט איבערגעריסן מיטן גאנצן לעבנס־שטייגער פון אמאל. איבערגעלאזט א פרוי מיט דריי קינדערלעך און צו 23 יאר אן מיטלען, נישט קענענדיק קיין איין פרעמדע שפראך, אוועק קיין ליעזש (בעלגיען).

אין ליעזש זיינען געווען שווערע צייטן, וואשן געפעס אין רעסטאראנען, קערן גאסן, דערהאלטן זיך און לערנען. דאס האט ער געטאן. אין איין יאר צייט מאכט ער דורך דעם קורס פון א גימנאזיע.

משה גייט ווייטער. ער לערנט מאטעמאטיק, אינזשינעריע. עס ברעכט אויס די ערשטע וועלט־מלחמה, ער ווערט צוריקגעשיקט קיין מלאווע. דער געוועזענער שטיבל־זיצער ווערט לערער פון פראנצייזיש אין דער יידישער גימנאזיע. פויליש

קען ער נישט, רעדט ער מיט די תלמידים יידיש, דער איינציקער לערער אין גימנאַ־זיע, וואָס האָט נישט מורא צו פאַרלירן זיין אָנזען ביי די תלמידים דורך רעדן יידיש. משה האָט זיך נישט אַריינגעלאָזט אין געשפּרעכן מיט זיינע תלמידים. די שטאָט איז קליין, תלמידים האָבן עפּעס געוואוסט וועגן דעם מערקווירדיקן לעבנס־וועג פון זייער לערער. זיי האָבן געוואָלט וויסן, וואָס דענקט דער מענטש, וואָס האָט ער זיי צו דערציילן פון דער גרויסער וועלט. דער פראַנצייזישער לערער איז געבליבן שווייגנדיק און קאַלט. טיילמאָל נאָר האָט זיך באַוויזן אַ שמייכל אויף זיין גרויס ברייט פנים. זיין דיקער קערפּער איז געווען פאַר די תלמידים ווי אַ פעסטונג, וואָס שיצט זיך מיט אַלע כוחות, לאָזט זיך נישט דעראָבערן. זיין שוויגן האָט ער איבערגעריסן נאָר איין מאָל. די שול־לייטונג האָט פאַרלאַנגט פון „השומר הצעיר" אָפּצוטיילן די שילער פון די אַרבעטער־גרופּן. די שילער־יוגנט האָט זיך אַנטקעגנגעשטעלט דער גזירה און פאַרלאָזט די שול. דאָן האָט משה מערקער זיך באַוויזן מיט זיין גאַנצער פּאַטערלעכער באַציאונג. ער האָט מותר געווען אויף זיין כבוד, געגאַנגען זוכן די שילער, זיך אויסגערעדט מיט זיי, געהאָלפן ביידע צדדים צו געפינען אַן אויסוועג.

משה האָט געלעבט אין מלאָווע ביזן סוף פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, געווען טעטיק אין „הזמיר" אין דער קליינער פּאָלקיסטישער גרופּע.

משה פאַרלאָזט מלאָווע, פאַרענדיקט זיין שטודיום, פאַרנעמט גרויסע שטעלעס. ער אַרבעט אויס דעם פּלאַן פאַר דער נעץ פון אויטאָמאַטישן טעלעפאָן אין פּאַריז. ער פירט אַ ברייט אָפן הויז, וואו קינסטלער און שרייבער קומען זיך צוזאַמען. זיין שטוב זעט אויס ווי אַ קליין מוזיי, פול מיט קונסט־ווערק. געשטאָרבן איז ער אין 1929 אַן אָרעמאַן.

סוף יוני 1929 האָט זיך אין „פּאַריזער היינט" באַוויזן אַ נאָטיץ, אַז דער אינזשיניער משה מערקער און נאָך אַ ייד, אַן אומבאַקאַנטער, זיינען געבראַכט גע־וואָרן צו קבורה אין אַ בשותפותדיקן קבר אויף דעם און דעם בית־עלמין.

***

אויפן „גרינעם וועג" צווישן פעלדער, האָט געוואוינט דאָס ליבע פּאָרפּאָלק חנה און פייוול אָפּאַטאָווסקי, גערופן דורך באַקאַנטע און פריינט מיטן נאָמען „חנה־פייוול". אַמאָל איז דאָס פּאָרפּאָלק געווען זייער טעטיק אין „הזמיר". שפּע־טער איז חנה אַוועק, אַלס פאַרברענטע בונדיסטקע, מיט די בונדיסטן אין „גראָסער קלוב" אַריין און פייוול איז געוואָרן אַ פּאָלקיסט.

זייער הויז איז געווען אַ וואַרעמע חסידישע אַכסניה, און האָט געהאַט זיינע „סטאָלע" חסידים, — ציוניסטן, בונדיסטן, יינגעלייט וואָס האָבן זיך געשאַרפט די פעדער, בונים וואַרשאַווסקי, משה ליכטענשטיין, שרייבער און רעדאַקטאָרן פון

„מלאָווער לעבן", געוואָלט הערן מבינות. היימישע טעאַטער־שפּילער און סתם ייִדן, ווי אַ לייבל בראַכפעלד, משה דוד טשאַסנעק, שמחה גאַלאַנט, וואָס האָבן נישט געהאַלטן פון קיין שום פּאַרטייען, זיינען נאָר געקומען טרינקען אַ גלעזל טיי, דער־ציילן אַ גוטן וויץ. שבת זיין אין שטאָט און נישט קומען טרינקען דאָס פיינע גלעזל טיי ביי חנה־פּיוולען, האָט געהייסן פאַרשטערן זיך די גאַנצע וואָך. פאַרגעסן זיך מיטאַמאָל חברה ציוניסטן אַ חייקל ווישינסקי, אַ צבי פערלא, אַ זאב יאַניש און עס פאָלט זיי איין מיט איין מאָל אָנצוהויבן רעדן צווישן זיך העברעאיש, וואָס איז געווען פאַר די בונדיסטישע אויערן פון אַ שייע קשעסלא, אַ שמואליק פּערל־בערג און אפשר אויך פאַר דער בעל־הביתטע אַליין, סם־המות, אַ באַליידיקונג. האָט זיך די לופט דערהיצט, אָט־אָט ברעכט אויס אַ מחלוקעלע צווישן די קעגנער. טוט זיך אַזוי חנה, אַ זאָג — „פּיוול, נעם אַרויס דעם מחזור, זיי רעדן דאָך שוין ווידער לשון־קודש." אַלע לאַכן זיך פונאַנדער. די אַטמאָספערע קילט זיך אָפּ.

הנאה פון דער ליבער אַכסניה האָבן אויך אַלע. אויסער די אַלע מעלות צייכנט זיך די בעל־הביתטע אויס דערמיט, וואָס זי שפּילט שאָך. זי איז די איינציקע שאָך־שפּילערין אין שטאָט. קומט עמיצער נאָך אַ לאַנגן ניט־זיין איז דאָס ערשטע, וואָס מען וויל פון אים איז אַ נייע לידל, פאָלקס־ווערטלעך, פאָלקס־מעשהלעך, אאַז״וו.

חנה אַפּאַטאָווסקי איז געווען די „מאַטראָנע פון דעם סאַלאָן", דאָ זיינען גע־בוירן געוואָרן פּלענער וועגן פאַרשידענע אונטערנעמונגען אין שטאָט, וועגן אַרויס־געבן אַ צייטונג, וועגן פאַרלייענען אַ טעאַטער־שטיק פאַרן דראַמאַטישן קרייז, די פּראָגראַמען פאַר דעם „בלויען פויגל", די פּאָפּולערע פּרעסע־בעלער. דאָ פּלעגט אויך דער בעל־הבית גופא, פּיוול אַפּאַטאָווסקי, פאַרלייענען זיינע לידער, איבערזעצונגען. אאַז״וו.

דער מענטש וואָס האָט געשאַפן די שטימונג איז געווען פּיוול, ער האָט געצויגן חיונה פון דעם, וואָס ער איז געווען אַ לערער אין דער שטאַטישער תלמוד־תורה, אויף די אָוונט־קורסן אין האַנטווערקער פאַראיין, און אויך פון געבן פּריוואַטע לעקציעס.

אַ נידעריקער מיט קליינע טריטעלעך איז זיך פּיוול געגאַנגען זיין וועג. ער האָט מיט קיינעם נישט איינגעריסן, מיט קיינעם, אויסער מיט זיך אַליין. נישט געקעמפט, נישט געהאַלטן פון קאַמף. געווען אַ גוטער ליבער פריינד.

דער דופק פון דער נייער צייט אין שטעטל האָט פון צייט צו צייט אויפגע־וועקט פּיוולען פון זיינע חלומות, אַריינגענומען אים, אָפּט קעגן זיין ווילן, אין קרייז פון געזעלשאַפטלעכן לעבן, פון פאַרשידענע אונטערנעמונגען. פּיוול איז געוואָרן דער באַזינגער פון שטאָט. פאַרשיידענע דערשיינונגען אין שטאָט זיינען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין פּערל — געוואָרן ליד. אויף אַלע פּורים־בעלער אין „הזמיר" האָט פּיוול אויסגעזונגען זיינע „מלאָווער גרעגערס". אין „מלאָווער לעבן"

האָבן זיך באַוויזן „פעדער שפּריצן“, סאַטירעס פון מלאַווער געזעלשאַפטלעכן לעבן, געשריבן מיט אַ סך טאַלאַנט און הומאָר א״נ „בת־קול“. „לידער פאַרן בלויען תכשיט“, פאַר אַקטועלע אָוונטן, איבערזעצונגען פאַרן דראַמאַטישן קרייז.

פאַרענדיקט זיין לעבן האָט ער צוזאַמען מיט זיין חנהן אין שטעטל ווענגראָווא, ווייט פון מלאַווע, צו וועלכע ער איז אַזוי שטאַרק געווען צוגעבונדן.

***

נאָך לאַנג פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט אַדוואָקאַט גאָלדבערג אַרויסגענומען פון אַן אָרעמער היים אַ יידיש פעאיק יינגל משה לאַסקא, געשיקט אים לערנען אין דער אָרטיקער פּוילישער האַנדלס־שול. געציילטע יידן פלעגן דאַן לערנען אין דער שולע. משה לאַסקא איז געוואָרן איינער פון זיי. דער פרייהייטסגייסט, וואָס האָט דאַן געהערשט צווישן דער פּוילישער יוגנט, וואָס איז געווען אָנגעשלאָסן אין פאַרשיידענע געהיימע נאַציאָנאַלע און סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציעס און קאַמפּס־גרופּן, האָט אויפגעוועקט ביי משה לאַסקא ענלעכע געדאַנקען און געפילן פאַר זיין פאָלק. ער דערנענטערט זיך צו די „צעירי ציון“. פון דער פריסטער יוגנט הויבט זיך אָן משה לאַסקאס געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט אויף אַלע געביטן פון יידישן לעבן. די מייסטע כלל־טוער האָבן פריער צי שפּעטער פאַרלאָזט די שטאָט. נישט נאָר בעריש פּערלמוטער, משה ביאַלעק, משה קאַפּלאַן, וואָלף בער ווינדיצקי פון די ציוניסטן, נאָר אויך אַקטיווע בונדיסטישע טוער ווי יאָסל פּשישווע, לייבל לעווענטאַל און נאָך אַנדערע זיינען מיט דער צייט אַוועק. משה לאַסקא האָט אַ קורצע צייט שטודירט אין וואַרשעווער אוניווערסיטעט, איז צוריקגעקומען קיין מלאַווע און געוואָרן דער צענטראַלער כלל־טוער. אין אַ סך אינסטיטוציעס אין שטאָט, „צעירי ציון“, „הזמיר“, „דראַמאַטישער קרייז“, „מכבי“, ערשטער קאָמענדאַנט פון דער יידישער סקויטן־אָרגאַניזאַציע, פייערלעשער, שטאָטלאַוניק, מיטגליד פון ציוניסטישן ועד־עירוני, לערער און שפּעטער פירער פון דער רעגירונגס פאָלקס־שול פאַר יידישע קינדער, מיטגליד פון דער רעדאַקציע „דאָס מלאַווער לעבן“, פּאָפּולערער רעדנער, מיטגליד פון צענטראַל־קאָמיטעט פון „התאחדות“ אין פּוילן און נאָך. משה לאַסקא איז געווען פון די גרינדער פון אַסך אינסטיטוציעס אין שטאָט, האָט דערצויגן צענדליקע יונגעלייט — מיט זיי אָבער נישט מיטגעגאַנגען, געבליבן איז ער שטיין אויף איין אָרט. מיט דער צייט איז משה לאַסקא אַלץ מער געוואָרן ענלעך צו אַ היסטאָרישן דענקמאָל, פאַר וועלכן מען דעקט אָפּ דעם קאָפּ, וועלכן מען באַוואונדערט טיילמאָל, לעבן וועלכן מען פאַרזאַמלט זיך אין מאָמענטן פון פייערלעכקייט, ביי וועלכן מען בלייבט אָבער לאַנג נישט שטיין. אין שטאָט האָט מען דאָס אָנגערופן פּוילקייט פון אַ כלל־טוער, נישט געוואָלט פאַרשטיין, אַז זייער כלל־טוער האָט שוין אַלץ אָוועקגעגעבן, וואָס

ער האָט נאָר געקענט, ער גיט נישט, ווייל ער האָט נישט מער וואָס צו געבן. משה איז געווען אַן ערנסטער און ערלעכער מענטש, וואָס האָט נישט געהאַט גענוג כוח אויסצוהאַלטן דעם שווערן און לאַנגן וועג איבער וועלכן ס׳איז געלאָפן שנעל דאָס לעבן פון די יידישע מאַסן אין די לעצטע יאָרן. משה לאסקא דער פּאָפּולערער ציוניסטישער טוער האָט זיך שווער געקענט אויסמאַלן, אַז אין זיין לעבן נאָך זאָל אויסקומען מלאַווער יידן זאָלן פון אייגענעם ווילן גיין קיין ארץ־ישראל. משה לאסקא איז געווען אַ כלל־טוער, נישט קיין פירער. משה איז אַוועק פון אַן אַלטער וועלט, צו אַ נייער איז ער אָבער נישט דערגאַנגען. מיט זיין אַרבעט האָט ער באַ־וואויגן צענדליקער יינגעלייט צום טאַט און צו פאַרווירקלעכונג. דאָס איז געווען זיין גרויס פאַרדינסט.

⁂

אַ פריי, נישט רעליגיעז פויליש הויז, צו יענער צייט אַ זעלטנהייט אין שטאָט, איז געווען דאָס הויז פון דער משפחה גאָלאַמב, וואָס איז געקומען צו דער יידישער נאַציאָנאַלער באַוועגונג דורך דער פוילישער קולטור און פרייהייטס־קאַמף. אין די צייטן ווען חסידות און פרומקייט האָבן דאָמינירט, זיינען אַזעלכע משפחות פאַרשלונגען געוואָרן פון אַסימילאַציע און שמד, אַזוי ווי דאָס האָט פּאַסירט מיט די גרינבערגס, אַ זייגערמאַכער משפחה, וואָס איז געווען ווייט פון יידישן נאַציאָנאַלן לעבן, און איז געבליבן פרעמד יידן בכלל.

ביי מענטשן פון אַ געוויסן ווערט האָבן די פוילישע נאַציאָנאַלע באַוועגונגען אויפגעוועקט אַן אייגענעם נאַציאָנאַלן שטאָלץ. מען האָט אָנגעהויבן זיך דערנענטערן צום אייגענעם פאָלק. די גאָלאַמבס האָבן זיך מיט זייער גאַנצער נאַאיווער ער־לעכקייט אַנגעשלאָסן אין דער ציוניסטישער באַוועגונג, אין „הזמיר" און זיינען געוואָרן טעטיק אין טעאַטער־זאַכן, וואָס איז זיי באַזונדערס געווען נאָענט.

רחל גאָלאַמב האָט אירע ערשטע פּרואוון געמאַכט מיט די יידישע שילערינס פון דער פוילישער פּענסיע. זי האָט געזען די שטיפמוטערישע באַציאונג פון דער פּענסיע צו די יידישע שילערינס. זי האָט געזען דאָס ליידן פון די קינדער, וואָס ווערן אַרויסגעשטויסן פון אַקטיוון אָנטייל אין די פאַרוויילונגס־אָוונטן, פאַרשטע־לונגען פון דער שולע. זי קלייבט צונויף די דאָזיקע יידישע שילערינס פון דער פוילישער שולע, נעמט זיך מיט זיי איינשטודירן אַן עפּנטלעכע יידישע קינדער־פאַרשטעלונג און דווקא אין דער פוילישער „לוטניא". זאָלן גויים און יידן זען, וואָס יידישע קינדער קענען. דער גרויסער זאָל פון דער „לוטניא" איז געווען געפּאַקט. עלטערן האָבן הנאה געהאַט, ווען זייערע קינדער האָבן זיך אויסגע־צייכנט.

מיט אייניקע שילער פון דער פוילישער האַנדלס־שולע, צוזאַמען מיט די „פּורים שפּילער" פון די אַרבעטער־ספּערן זיינען די שילערינס געוואָרן דער קערן

פון אַ דראַמאַטישער־סעקציע ביים „הזמיר“. רחל און משה גאָלאָמב — זייערע לאַנגיעריקע פירערס און מיטשפּילער. שפּעטער האָט זיך שוין די דראַמאַטישע סעקציע פאַרמאָסטן אויסצופירן גרעסערע פאָרשטעלונגען פון יידישע און נישט־יידישע דראַמאַטורגן. טעאַטער־ספּעקטאַקלען זיינען געוואָרן אַ וויכטיקער קולטורעלער פאַקטאָר אין שטאָט. מיט דער צייט איז געשאַפן געוואָרן דער „דראַמאַטישער קרייז“ אונטער דער אָנפירונג פון גאָלאָמבס איידעם, אַרעק גרינבערג, וואָס איז שפּעטער געוואָרן אַ יידישער אַקטיאָר. דעקאָראַציעס, געמאָלט דורך משה ליכטענשטיין, ראובן ראלער, די קליידער, מוזיק און דאָס שפּילן האָבן שוין געקענט שאַפן דעם איינדרוק, אַז מען זיצט אין אַ ריכטיקן טעאַטער. אין „מלאַווער לעבן“ פלעגן דערשיינען רעצענזיעס, אָפּהאַנדלונגען וועגן יעדן שפּיל און שפּילער. טעג לאַנגע פלעגט מען ביי יחיאל גאַלאַנט פאַר דער טיר, ביי קובע קלעניעץ אין סקלאַד־אָפּטעטשנע, אין אַראַנאָוויטשעס טיי־געוועלבל אין מאַרק און סתם איבער גאַסן דיסקוטירן יעדע פאָרשטעלונג. צייט איז געווען געגוג פאַר אַלעמען. דער דראַמאַטישער קרייז פלעגט גאַסטראָלירן אין אַ סך אַרומיקע שטעטלעך און פאַרפאָרן אַפילו קיין טשעכאַנאָוו, מאַקאָוו און פּרושניץ.

די באַשיידענע קערנדלעך, וואָס רחל און משה גאָלאָמב האָבן געוואָרפן, זיינען געפאַלן אויף אַ פרוכטבאַרן באָדן. מיט דער צייט איז אויסגעוואַקסן אַ פאַרצוייגטע, דראַמאַטישע טעטיקייט אין שטאָט.

משה גאָלאָמב איז נאָך אין די רוסישע צייטן, געווען דער לאַנגיאָריקער פירער פון דער רעגירונגס־פאָלקס־שול פאַר יידישע קינדער. ער איז געווען אַ גוטמוטיקער, נאַאיווער, ערלעכער מענטש. יאָרן־לאַנג געהאַט צו טאָן מיט קינדער, ביז ער איז אַליין געוואָרן אַ קינד. ער האָט ליב געהאַט הערן זיך רעדן וואָרט ביי וואָרט, גלייך ער וואָלט שטענדיק געווען אין קלאַס מיט זיינע תלמידים. אַזוי ווי ער איז געווען אַ גוטער לאָיאַלער בירגער ביי פאָניעץ, געטראָגן דאָס היטל מיט דער „גוויאַזדקע“, דעם בלויען מונדיר מיט די מעשענע קנעפּ, ווי יעדער טרייער „טשינאָווניק“, אַזוי איז ער נאָכהער געווען לאָיאַל דער נייער פּוילישער מאַכט. שלעכט איז נאָר געווען ווען משה גאָלאָמב האָט באַדאַרפט אָפּגעבן לעקציעס פון רעליגיע פאַר יידישע קינדער אין די גויישע שולן, דאַן האָט ער זיך אַרויסגעוויזן אַלס אַ מלמד, אָן טיפער יידיש וויסן.

גאַנץ אַנדערש איז געווען זיין פרוי רחל, אַן אומרואיקער גייסט, אַ ברען, אַ שטימונגס־מענטש, אַ גוטע ליבע מאַמע פאַר אַ סך יינגעלייט, וואָס פלעגן באַזוכן זייער הויז, וואָס איז מיט דער צייט געוואָרן אַ ציוניסטישער טרעף־פּונקט.

די טאָכטער אַלאַ האָט פאַרנומען יאָרן־לאַנג די שטעלע פון דער לייטנדער שוועסטער פון דער סאָציאַלער פאַרזאָרגונג פון וואַרשעווער מאַגיסטראַט. אַלס קראַנקן־שוועסטער, טראַגנדיק הילף יידן אין וואַרשעווער געטאָ, איז זי געפאַלן אויף איר פּאָסטן אין די טעג פון יידישן אויפשטאַנד.

## 15. נייע וועגן

די ערשע וועלט-מלחמה 1918-1914 האָט אויפגעטרייסלט פוילן. דער רוסישער צאַר איז אַראָפּ, שפּעטער דער דייטשישער קייזער. פוילישע שילער האָבן אָוועקגענומען דאָס געווער ביי שטאָלצע דייטשישע יונקערס. מענטשן ווי אברהם טשוואק, יוסף ראדאק, זלמן לידזבאַרסקי, האָבן געפילט, אַז גרויסע שינוים קומען פאָר. צאַרסקע רובלעס, דייטשישע מאַרקן האָבן פאַרלאָרן זייער ווערט, געוואָרן פשוט פּאַפּיר.

יוגנט האָט באַלד דערפילט די אַנדערשקייט. אין שטאָט זיינען געגרינדעט געוואָרן יוגנט־אָרגאַניזאַציעס: „חובבי שפת עבר", „מכבי" פאַר גימנאַסטיק און ספּאָרט, און „בר כוכבא", — אַ סקויטן־אָרגאַניזאַציע. שפּעטער אויך דער יוגנט־לעכער „החלוץ" פאַר ארץ־ישראל, אַגב, די ערשטע אָרגאַניזאַציע פון דעם טיפּ אין גאַנץ פוילן. פון די סקויטן איז מיט דער צייט אויפגעקומען דער „השומר הצעיר".

אָנגעהויבן האָט זיך דאָס אַלץ סתם מיט גימנאַסטיק, עקסקורסיעס. שיינע אוניפאָרמען מיט קאָלירטע בענדלעך און אָפּצייכענונגען, „קינדער שפּילן זיך אין מיליטער", פלעגט מען זאָגן. פאַראַדעס מיט פענער און פענדלעך. די גרויסע פאָן האָט געטראָגן נחמן אָקס. די „אָפיצירן" זיינען געווען: משה לאסקא, מענדל פּיזשיץ, ניסעק ליפשיץ, מאיר קאַנאַרעק, די „אָפיצערקעס": נאַנטשע ריבאַק, מאַלע ווישינסקאַ, דאָבע אַלטער, ניצקין. צווישן מלאָוואר יינגלעך איז אַ געיעג נאָך מעשים טובים. טראָגט אַן אַלטער ייד אַ קעסטל סחורה, אַ יידענע — אַ פּאַק בעטגעוואַנט, באַווייזן זיך באַלד די יינגע סקויטן און טראָגן די פּעקלעך זייערע.

יעדן שבת מאַרשירן זיי אין שול אַריין, טריי די סקויטישע געבאָטן „גאָט און פאָטערלאַנד". דאָס מאַרשירן, דאָס טראָמפּייטערן, קלאַפּן אין פּויקן, — איז אַ וויל־דע נאָווינע. כל־זמן דאָס זיינען געווען סתם פּאַראַדן, האָבן טאַטע־מאַמע געקוקט און געשוויגן, אַפילו הנאה געהאַט. דער ערשטער צוזאַמענשטויס מיט עלטערן איז פאָרגעקומען ווען מען האָט אָנגעהויבן גיין אין די וועלדער אַריין, אין די גוייִשע דערפער. די עלטערן האָבן מורא געהאַט עס זאָל חלילה עפּעס נישט געשען. דאָס ווילן זיי נישט. אַנטלויפט מען פון די שטיבער.

די גרויסע שמחה פון פוילנס באַפרייאונג ווערט שנעל צערונען. יידיש בלוט גיסט זיך איבער דער גאַנצער מדינה; אין לעמבערג, אין מינסק, אין פּלאָצק, אויף די באַנען און וועגן, הרגעט מען יידן. לעבן מלאָווע הרגענען גויים דעם קליינעם משהלע, אַ קצב, וואָס פלעגט גיין איבער דערפער. מנחם קאָזיעבראָדסקי פון „השומר הצעיר", אַ סאָלדאַט אין דער פּוילישער אַרמיי, ווערט

דערהרגעט מיט אַ האַק פון די פויערים. די יידישע סקויטן־באַוועגונג ניכטערט זיך שנעל אויס, דערפילט זיך צווישן דער גוישער יוגנט, פרעמד און פאַרהאַסט. בענדלעך — פאַרשווינדן. העברעאיש — שטויסט אַרויס פויליש פון זייערע קרייזן. דער העלדן־עפּאָס פון ארץ־ישראלדיקן „השומר" פאַרכאַפּט די פאַנטאַזיע. די סקויטן פאַרוואַנדלען זיך אין „השומר הצעיר". אַ נייע סיבה פאַר שאַרפע קאָנ־פליקטן מיט די עלטערן, וואָס זוכן בדרך כלל תכלית פאַר זייערע קינדער. אין פריער־דיקע יאָרן זיינען די מלאַוועיר: ברוך איצל פערלמוטער און יקיר וואַרשאַווסקי געפאָרן באַזוכן ארץ־ישראל. איצט ווערט דאָס אַ מאַסן־דערשיינונג, באַלעבאַטישע יינגלעך און מיידלעך פאַרלאָזן די שולן, גייען זיך לערנען אַ מלאכה.

עס קומען אויף די „קינדער רעפּובליקן", די זומער־קאָלאָניעס, קינדער פירן אויס פאַרשיידענע אַרבעטן אין שטאָט, די פאַרדינסטן קומען אין אַ בשותּפות־דיקע קאַסע אויסצוהאַלטן די יעניקע, וואָס זיינען אַליין נישט בכוח בייצושטייערן זייער חלק הוצאות. יעדן יאָר קומען פאָר גרויסע פּורים־אָוונטן. די „השומר הצעירניקעס" באַווייזן זיך פאַרשטעלטע אין זייערע פּורים־קליידער. די מאַסקן האָבן מיט זיך פאָרגעשטעלט תנ"ך־געשטאַלטן, פאָלקס־טיפּן אאַז"וו.

די הכנסה פון די דאָזיקע אָוונטן, דורכגעפירט מיט מוזיק און פאָרשטעלונגען אין דעם בנין פון דער יידישער גימנאַזיע, איז געווען לטובת די זומער־קאָלאָניעס. יידישע יום־טובים זיינען געפייערט געוואָרן פייערלעך, בפרט חנוכה און ל"ג בעומר. אין געשלאָסענע רייען האָט די יוגנט מאַרשירט אין וואַלד אַריין. די ל"ג בעומר מאַרשן האָבן מיטגעצויגן יינג און אַלט אין וואַלד אַריין.

אין יענע צייטן טרעטן די עלטערע פירער אַרויס און זייער אָרט פאַרנעמען צבי און דוד פערלא, מאָטעק באָרנשטיין, חייקל ווישינסקי, זאב יאָניש — זיי אַלע געפינען זיך היינט אין ארץ־ישראל.

די ערשטע זיינען אַוועק קיין ארץ־ישראל, דודטשע סאנדזשאק, יאָסל גאַר־פינקעל, יחיאל כץ, נתן נאטאן און דער סטאָליאַר שמעלקע ציטריניאַזש. שפּעטער אשר יאָניש, אסתר פרענקעל, יהושע נאַפּאָרסטעק, אברהם פערלמוטער. נאָך זיי גאַנצע משפּחות, בעריש פערלמוטער, משה ביאַלעק, אברהם ראָזענבערג, אברהם יאניש, משה קערשנבוים, חיים אליה פערלא, אברהם בנימין מאַגנושעווסקי, אייזנ־בערג, ווישינסקי, בלומענקראַנץ, מייזליץ, ווינדיצקי, טויבנפעלד, כץ, פינקוס, קליינער, קאַפּע, שטרומפּיין, שאפּט, די גראַביעס, טשעכאַנאָווערס, טשאסנעקס, יוסף מאַקאָווער, קאַפּלאַן,ביילע די בעקערין, יידן פון אַלע קלאַסן, אַלע שיכטן. אַוועק איז אויך דער אָרטאָדאָקסישער פירער, דער פאַרביסענער קעגנער פון ציוניזם פנחס מאָנדרי מיט זיין משפּחה. דאָנערשטיק, ווען די פּאָסט פלעגט אָנ־קומען פון ארץ־ישראל, וואָס אַפילו דער גוישער בריוו־טרעגער האָט וועגן דעם געוואוסט, האָט דאָס גאַנצע שטעטל געוואַרט מיט אומגעדולד אויף בריוו פון „דאָרטן".

איין ייד פלעגט שוין איבערגעבן אַ צווייטן די גוטע בשורות פון די דאָזיקע בריוו.

אויך אין די אַרבעטער־פּאַרטייען פון מלאַווע, זיינען פאָרגעקומען גרויסע שינויים. פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה האָבן זיי עקזיסטירט קאָנספּיראַטיוו. אין די מלחמה־יאָרן ווערן געגרינדעט דער „בונד" און די „פּועלי־ציון" אַלס לע־גאַלע פּאַרטייען. נאָך דער מלחמה ווערט דער „בונד" אויפגעטרייסלט אין שייכות מיט די שטורמישע דיסקוסיעס פון קאָמינטערן אַרום די 21 פּונקטן. איזאַק גרינ־בערג שפּילט די הויפּט־ראָל אין די דאָזיקע וויכוחים, וואָס האָבן באַשטימט דעם ווייטערדיקן וועג פון דער פּאַרטיי אין מלאַווע. דער „בונד" שפּאַלט זיך. צום „קאָמבונד", וואָס גייט שפּעטער אַריבער צו די קאָמוניסטן, שליסן זיך אָן די ברידער קרישטאַל (דעם אַלכסאַנדער חסיד משה בערס זין), איידליץ, איזאַק גרינ־בערג. אין „בונד" פאַרבלייבן: וויעלגאַלאַסקי, לעווענטאל, פּשישוואַ, בונעם וואַר־שאַווסקי, זילבערשטיין (איטשעלע טשיזשעווערס זון), שפּעטער דער קאָרעספּאָנ־דענט פון דער „פאָלקס־צייטונג" אין ארץ־ישראל, און חיימוש פּיזשיץ.

חיימוש פּיזשיץ, דער גבירישער זון, גרינדעט דאָן אַ פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין פון קעכינס. עס מאַכט אַ גרויסן רושם אין שטאָט, וואָס קעכינס הערן אויף צו זאָגן „מאַדאַם".

אין יוגנט־בונד „צוקונפט" געהערן: משה הערמאַן, שייע קשעסלא, שמואליק פּערלבערג, און אַלס סימפּאַטיקער די שילער: חיים יאַניש, משה דוד טשאַסנעק, אברהם וואַרשאַווסקי.

אונטערן איינפלוס פון דער יידישער קאָלאָניזאַציע אין רוסלאַנד ווערט ביי אַ סך בונדיסטן רייף דער געדאַנק פון עמיגרירן קיין ארץ־ישראל. זיי שליסן זיך אָן אין די „פּועלי־ציון". די אַקטיווע מיטגלידער זיינען צו יענער צייט געווען: נחמן אקס, בערלינקאַ, בצלאל שאַפּיק, אברהם שאַפּט.

די שטאָט צעפּאַרט זיך. אַפילו בונדיסטישע אָנפירער עמיגרירן אין וווייטע לענדער: קיין דרום־אַמעריקע, אויסטראַליע, און אויך קיין ארץ־ישראל.

***

אין די צייטן ווען די בעסטע יוגנט פאַרלאָזט די שטאָט און האַלט אין גיין קיין ארץ־ישראל שווימט מאיר קאַנאַרעק, חיים זלמן לעדערס אייניקל, אַרויס ווי אַ צענטראַלע געזעלשאַפטלעכע פיגור. ער האָט געשטאַמט פון פּלאָצק, דערצויגן געוואָרן אָבער און געלערנט אין מלאַווע. ער העלפט גרינדן די יידישע סקויטן־אָרגאַניזאַציע אין שטאָט, און ווערט איינער פון די אָנפירער. ווען די באַוועגונג הויבט אָן גיין אויף נייע וועגן, דערוווייטערט ער זיך און שפּילט טעאַטער צוזאַמען מיט אַרעק גרינבערג, און אַרבעט ווי אַ בוכהאַלטער אין זיין זיידנס מיל. שפּעטער

האָט ער חתונה, ווערט אַ טאַטע און לעבט ווי אַלע פון זיינס-גלייכן. מען קומט זיך צונויף ביי קובא קלעניעץ, ביי סאַבינע ליפשיץ, ביי נאַנטשע ריבאַק, מען פלוידערט, מען מאַכט זיך צונאַר אין קאָרטן, טרינקען טיי, דרייען זיך איבער די אַלעען פון מלאַוואר גאָרטן. די צייט שטייט אָבער נישט. דער אינטערעס פאַר כלל־זאַכן וועקט זיך אויף ביי מאירן, ער ווערט אַריינגעצויגן אין רעדאַקציע פון „מלאַוואר לעבן", פאַראינטערעסירט ער זיך מיט די שטאָטישע ענינים. בעת די וואַלן אין שטאָט־ראַט ווערט ער אויסגעוויילט אַ ראַטמאַן פון דער „פועלי־ציון" און פון יידישן פראָגרעסיוון טייל פון דער באַפעלקערונג, שפּעטער ווערט ער לאַווניק.

אין אַ סביבה פול מיט שנאה שטעלט מאיר קאַנאַרעק זיינע ערשטע שריט אין דעם שטאָט־ראַט. ער טרעט אַרויס דאָס ערשטע מאָל אויף אַן עפנטלעכער זיצונג אין שטאָט־ראַט און ווענדט זיך צו די גויים אין יידיש. די גויים זיינען געבליבן נשתומים. און די יידן האָבן זיך דערשראָקן, עס וועט ברענגען אומגליק אויף זייערע קעפּ — האָבן זיי געטענהט. גויים טוען זיי טאַקע אָן צרות, ענדערן די טאָרג־טעג, דינסטיק און פרייטיק, אויף מיטוואָך און שבת, כדי אָפּצוטאָן דעם יידישן האַנדל. יידן האָבן זיך נישט דערשראָקן. קיין איין סוחר האָט שבת זיין קלייט נישט געעפנט און קיין איין בעל־מלאכה איז נישט געקומען אין מאַרק אַריין מיט זיין סחורה. דער מאַרק פון די טאָרג־טעג האָט אויסגעזען נעבעכדיק, איינגעשרומפּן. פּויערים האָבן אויפגעהערט צו קומען אין שטאָט אַריין. די גוישע פאָרשטייער פון שטאָט האָבן פאַרשפּילט. און די אַלטע יריד־טעג זיינען צוריק־געשטעלט געוואָרן.

דער שטאָט־ראַט האָט געוואָלט אָנטאָן יידן צרות און געמוזט נעבעך נאָכגעבן די יידישע פאָדערונגען. דאָס ערשטע מאָל אין דער געשיכטע פון יידן אין שטאָט ווערט געגרינדעט פון דעם מאַגיסטראַט גופא אַ שטאָטישער מושב־זקנים פאַר יידן, אַ שטאָטישע פרעבל־שול פאַר יידישע קינדער, געלט־שטיצעס ווערן באַשטימט פאַר פאַרשיידענע יידישע אינסטיטוציעס, פאַר דער גימנאַזיע, פאַר זומער־קאָלאָניעס פאַר קינדער, פאַר בעסערע דערנערונג אין די פאָלקס־שולן. די גויים האָבן געהאַסט מאיר קאַנאַרעק, אָבער גלייכצייטיק אויך זייער געשעצט. צוליב זיין ערלעכקייט און אויסבילדונג לייגן זיי אים פאַר אָנטייל צו נעמען אין די וויכטיקסטע שטאָטישע קאָמיסיעס.

מיט דער צייט ווערט די יידישע פאָרשטייערשאַפט געשטאַרקט דורך די בונ־דיסטן וואָס דערוואַרבן אויך אַ פאָרשטייערשאַפט אין שטאָט־ראַט, לייבל לעוועג־טאַל, קובא קלעניעץ, הינדע ראָזענבערג. די פּועלי־ציון פאָרשטייערשאַפט ווערט שטאַרקער דורכן אויסוויילן פון בצלאל שאַפּיק, שמחה גאַלאַנט.

אין מאירס צייטן ווערן געגנטער די באַציאונגען צווישן די יידישע אַרבעטער פאַרטייען „פּועלי־ציון", „בונד", און דער פּוילישער סאָציאַליסטישער אַרבעטער־פאַרטיי פּ.פּ.ס. ערשטער מאַי־פייערונגען פלעגן פאָרקומען פאַר יידישע און פּוי־

לישע אַרבעטער אין מיטן מאַרק. יידישע און פוילישע אַרבעטער־פירער האָבן גערעדט צו די פאַרזאַמלטע אַרבעטער פוןביידע פעלקער.

די אַלע דעראַבערונגען, די וויכטיקע אַרבעט פאַר יידן האָבן נישט אָפּגע־שוואַכט דעם ווילן פון מאירן צו גיין קיין ארץ־ישראל, צוליב זיין קליינעם זון אַלכסנדער. ער האָט דאָס אָבער נישט באַוויזן, און אומגעקומען צוזאַמען מיט אַלע יידן.

## 16. געמישטע גאַסן

וואו נישט וואו האָט אין די יידישע גאַסן אויך געוואוינט אַ גוי, אַ בעל־הבית פון אַ הויז, אַ בעל־מלאכה, אַ גאַסן־קערער, אַ וואַסער־טרעגער, אָדער סתם אַ שבת־גוי. ריין־גויישע גאַסן זיינען כמעט ווי נישט געווען, עס זיינען געווען גאַסן געמישטע. יידן וואוינען נענטער צום מאַרק, „גייעס" — נענטער צום עק שטאָט. אַזוי איז עס געווען אין אַלע געמישטע גאַסן. דאָ און דאָרט וואָגט אַ יידישע משפחה אַוועקצוזעצן זיך ווייטער פון מאַרק, נענטער צום וואַלד, צו די וואולקער אַלעען, אין דער שטילקייט פון די גויישע ווימישלינעס, אָדער ווייט אַוועק אויף דער וואוי־טוסטווא. אויף אַ שטאָטישן ייד, וואָס האָט זיין גאַנץ לעבן פאַרבראַכט צווישן יידן אין יידישע גאַסן, איז אָנגעפאַלן אַן אימה ווען ער האָט געדאַרפט אַדורכגיין, אפילו אין מיטן טאָג אַזאַ פרעמדע גאַס. עס איז אים שווער געווען צו פאַרשטיין, ווי וואוינען דאָס יידן צווישן לויטערגויים און הינט. אין יעדן גוישן הויף שטייט אַ בייזער כלב אויף אַ קייט און רייסט זיך אויף אַלע כלים. זיינען טאַקע געווען גאַר געציילטע יידישע משפחות, וואָס האָבן זיך אַזוי ווייט אַוועקגעזעצט.

אויף דער ניבאַרגער גאַס, הינטער דער שטאָט, האָט געוואוינט זישע זיל־בערבערג, אַן אַלטער גערער חסיד, דער מוהל פון שטאָט. אין פרייער צייט פלעגט ער העלפן דעם ווייב, זיסע דינהן, אין געוועלב. זיסע דינה איז געווען דער „סאָל־טיס" פון די פאַר יידישע משפחות, וואָס האָבן דאָרט געוואוינט. די שכנישע גויים האָבן זיך באַצויגן מיט רעספּעקט צו דער פרומער משפחה. אַנטקעגנאיבער און דערנעבן זיינען געווען נאָך צוויי יידישע געוועלבלעך פון איטשע פייגענבוים, אויך אַ גערער חסיד, און פון זיין שוואָגער מאָטע לייב פּערלבערג, באַקאַנט אין שטאָט מיטן נאָמען „ראַנטשקע". ווייבער און טעכטער האָבן צוגעהאָלפן אין געוועלב, פרנסה איז געווען בריווח.

ביי זישען אין הויז האָבן נאָך געוואוינט מענדל לייב גרינבערג, יעקב דוד קליינער און די ברידער אברהם און יצחק יאַניש.

איבער דער גאַס שלעפּט זיך אויף דינע לאַנגע פיס אַ מאַגערער ייד מיט אַ פּנים

פון אַ שוואַרצן שעפּס, וואָס טראָגט אויף אַ קליינעם פלאַכן קאָפּ אַ יידיש היטל. ער קייט שטענדיק אַ שטרוי, אַ גראָז, תבואה־קערנדלעך — דאָס איז דער מעקלער לאָסק.

דאָס זיינען אַלע משפּחות, וואָס האָבן געוואוינט אויף דער גאַנצער ניבאַרגער גאָס פון „הינטער דער שטאָט", ביזן בריקל. פון בריקל אָן ווערט דער יידישער ישוב געדיכטער. דאָ וואוינט דער געלער יעקב דוד לאַטלבערג, דער לאַנג־יאָריקער גבאי פון מזרחי, וואָלף בער ווינדיצקי, איטשעלע זעלקעס מיט זיין שיכורן ברודער לאָזער, מיט זייער מאַמען. יעקב יוסף וויטמאַן, וואָס האָט דאָ אַ סקלאַד פון ברעטער, דער יאָרנלאַנגער דאָזער און אָרטאָדאָקסישער ראַטמאַן. דאָ האָבן נאָך געוואוינט דוד הענעך פּרענקעל, אַ הויכער שוואַרצער ייד, אַ גערער חסיד, זיינע טעכטער זיינען אַוועק קיין ארץ־ישראל מיט די ערשטע עליות. זיין זון משה איז געווען אַן אַלטער צעירי־ציוניק, משה לאַסקאָס אַ חבר. גערעדט ביי יעדער געלעגנהייט וועגן ארץ־ישראל, געשעפטן זיינען ביי אים געגאַנגען גוט, גע־קויפט הייזער, אויך דאָס גרויסע הויז פון משה וואַרשטאַצקי אין מאַרק. קיין ארץ־ישראל האָט ער שוין נישט באַוויזן צו קומען. שייע מאַקאָווער האָט דאָ אַ לאַגער פון לאַנדווירטשאַפטלעכע מאַשינען. דאָ געפינט זיך דאָס קרעמל פון שוואַרצן אברהם צוקערקאָרן, דאָ וואוינט שמחה בונים ליכטנשטיין, דער פישער זרח לענגאַלקאַ מיט זיינע טעכטער, וואָס זינגען שיין, דער געלער עזריאל, שמשון ראָזענבערג, דער קאַרדאַניק, אַלע איינוואוינער ביזן עק מאַרק, וואו עס וואוינען הענעך זילבערבערג און וויטמאַן גערופן „פאַניטש".

הינטער הענעך זילבערבערגס הויז האָט זיך געצויגן פון דער ניבערגער צו דער זאַלדאָווער גאַס דעם גלחס געסעלע, פון איין זייט פאַרבויט מיט גרויסע האָל־צערנע שפּייכלערס און פון דער אַנדערער — איז געלעגן דעם גלחס גאָרטן. ביים אַריינגאַנג האָט געוואוינט דער אַלטער גלח, מיט אים יינגערע און עלטערע גלחים. דאָרטן האָט געפּיבערט מיט שנאה און האָס. די אָנפאַלן אויף יידן, אויף יידישע געשעפטן זיינען דאָ געוואָרן צוגעגרייט. פונקט אַנטקעגנאיבער דעם בילד פון געקרייציקטן ייד פון נצרת, וואָס איז געהאַנגען אויפן טירל פון אַריינגאַנג אין גלחס הויז, האָט זיך געפונען אַן אַנדער בילד, וואָס שטעלט פאָר ווי אַן אַנגע־פרעסענער גוי מיט אַן אויפגעהויבענעם פוס וויל פאַריאָגן אַ מאָגערן, איבערגע־שראָקענעם, יידן. דער גוי שרייט, ווי די אויפשריפט דערקלערט: „ייד, קיין פאַלעסטינע", „קויפט נישט ביי יידן!" „סוואָי דאָ סוואָגאָ!" — אַרום דער שילד און אַרום דעם הויף זיינען פאָרגעקומען שלעגערייען צווישן יידן און גויים. יידישע יינגעלייט יהושע נאַפּאַרסטעק, אשר יאַניש, חיים יוסף אייכלער און נאָך אַנדערע פלעגן אָפּוואַרטן דעם גוי, וואָס האָט ווי אַ משוגענער הונט געזייט גיפט און האָס קעגן יידן און פון צייט צו צייט זיך אָפּרעכענען מיט אים פאַר דער דאָזיקער אַרבעט. איין מאָל אין אַ פרייטיק צו נאַכטס האָבן זיי פאַרשמירט די שילד מיט סמאָלע.

הינטער דעם נעסט פון יידן־האָס, וואָס אַנטקעגנאיבער דעם גלח, לויפט פון דער שקאָלנע גאַס לעבן דער קאָזע (תפיסה) באַרג אַראָפּ ביז דער ניבארגער גאַס אַ שמאָל הינטער געסל גערופן „פּאָשוויענטאַ" (הייליקע). וואוינען דאָרט נאָר צוויי יידן. דער שטילער יוסף שוחט, משה ליכטענשטיינס פאָטער, מיט זיין ווייב ציפּרע (צפּורה) זיין שוואָכן זון גרשון, זיינע טעכטער. דער שכן זיינער איז דער בוד־קאָזש, אַ מילך־ייד, וואָס האָט אַ סך קי און געזונטע טעכטער.

אין דער גאַס געפינט זיך נאָך אַ ווייסער בנין, פאַר וועלכן יידן און גויים האָבן מורא. דאָ איז דאָס שפּיטאָל אויפן נאָמען פון „הייליקן וואויטשעך", דעם פּאַטראָן פון שטאָט.

לינקס, אַנטקעגן זישע זילבערבערגס הויז ציען זיך שמאָל, געדרייט די ווימישלינעס, כמעט אָן יידן, ביז דער וואויטואווסטווע, וואָס איז ווידעראַמאָל איינגעטיילט אין צוויי טיילן. פון דער זייט בריקל, צום ראַזגאָרד צו, וואוינען די גויישע „זדונעס"־טעפּערס, אַ פאַך וואָס יידן האָלטן נישט דערפון. ערשט די יוגנט, וואָס האָט געהאַט בדעה פאָרן קיין ארץ־ישראל, האָט זיך דערנענטערט צו די זדונעס, געוואָלט זיך אויסלערנען דעם דאָזיקן פאַך. פון דער אַנדערער זייט בריקל נענטער צו דער זאלדאווער גאַס האָבן געוואוינט נאָר יידן.

די וואויטוסטווע איז געווען אַ קצבים גאַס, איז געלעגן נאָנט צום גרויסן בנין פון די האַלעס, וואָס איז געווען דער „מאָגן" פון שטאָט. קצבים האָבן דאָ געהאַט זייער מנין, זייערע חסידים. מרדכי לייב ראַק, אַ גבירישער ייד, שמעון ליפּסקערס אַן איידעם, יהונתן סעגאַל, מרדכי שטרומפּמאַן, מאָטעלע זילבערשטיין, מארדאוויטש, יידן סוחרים, פאַרמעגלעכע, חסידים פון פאַרשיידענע שטיבלעך און בתי מדרשים פלעגן סטאַלע דאַוונען אין דער קצבישער שול שבתים און יום־טובים.

יהודה ניסן טאכנע האָט פאַרנומען אַ האַלבע גאַס מיט אַ גאָרטן פון גרינוואַרג. די לופט אין דער גאַס איז געווען גוייש.ביים אַריינגאַנג פון דער זאלדעווער גאַס איז געשטאַנען אַ גרויסע אייזערנע פּלומפּ, וואָס האָט געגעבן „האַרט וואַסער", אָפּגעטיילט די גאַס אין צווייען: קיין וואולקע און — צום מאַרק צו. אויפן וועג קיין וואולקע האָבן געוואוינט אייניקע יידן. אברהם פשעמיאַראָוויטש, בעריש פּערלמוטער אין אַ הויז פון רויטע ציגל מיט אַ שיינעם גאָרטן אַרום. חיים דראַטווע האָט דאָ געהאַלטן אַ לאַגער מיט האָלץ. אין נענטערן טייל צום מאַרק צו האָבן געוואוינט נאָר יידן. חנן טייפעלד דער וואַרשעווער בעקער, סימע די בעקערין, אליה בעריש זילבערמאַן, דער שניידער צדוק ווינדיצקי, יהושע פּרוכט — דער שטובן־מאָלער, וואָס איז מיט זיין גאַנצער פאַמיליע אַוועק קיין ארץ־ישראל, משה לאַסקאַ און מאָטעס קאַץ, שמואל אביגדור גרינבערג, קאַרן און נאָך אַנדערע.

גרויס אָנזען אין שטאָט האָט געהאַט מענדל גורני, די ערשטע פידל און דער פירער פון די יידישע כלי־זמרים, וואָס האָט אויך דאָ געוואוינט אין יידישן טייל

פון דער זאלדאווער גאַס. אין שכנות אויף דער זעלבער גאַס האָט געוואוינט די צווייטע פידל פישל גרין. די איבעריקע כלי־זמרים יעקב גרינבערג, מענדל גרין און בערל בדחן, וואָס האָט געשפּילט אויף דער פלייט, האָבן געוואוינט צווישן יידן אין אַנדערע גאַסן.

יידישע כלי־זמר וואָס האָבן פריילעך געמאַכט יידישע שמחות, זיינען גע־ווינלעך געווען גרויסע אָרעמעלייט און געמוזט צו פאַרדינען אויפן לעבן פון אַנדערע זייטיקע פרנסות ווי שערעריי, פעלטשעריי, אַזוי ווי עס האָבן דאָס געטאָן יעקב גרינבערג, פישל גרין, מענדל גרין. טריי דעם שפּילן אַליין זיינען געבליבן בערל בדחן, אַ ייד מיט אַ קאַפּאָטע, אַ יידיש היטל, און מענדל גורני, וואָס איז שוין געווען קורץ געקליידעט, ווי אַלע אַנדערע כלי־זמרים. די שטאָט האָט ליב געהאָט די קאַפּעליע, באַזונדערס שטאָלץ זיינען זיי געווען אויף זייער גרויסן פידל־שפּילער מענדל גורני.

אַ יידיש האַרץ אין שטעטל גייט אויס פאַר אַ ניגון, אַ יידישע נשמה ציט צו נגינה ווי צו אַ קוואַל, וואָס לייטערט, וואָס הויבט אויף דאָס לעבן פון דער טאָג־טעגלעכקייט אַרויס. שבתים, ימים־טובים, דאָס דאַוונען, סעודות און שמחות זיינען פול מיט זמירות און נגינה. חסידים גייען אויס אין ציענדיקע ניגונים, וואָס ווערן געזונגען צו בני־היכלא, אין שטיבלעך שבת־פאַרנאַכטן, ביי חסידים איז דער ניגון אַ טייל פון לעבן, קומט אַ חסיד פון רבין באַמיט ער זיך מיטצו־ברענגען אַ נייעם ניגון, צו די מעלות פון אַ יינגנמאַן געהערט ער זאָל זיין אַ בעל־מנגן, קענען דאַוונען פאַרן עמוד, וואָס איז ביי חסידים פאַרבונדן מיט געזאַנג.

מתנגדים זינגען נישט ביים דאַוונען, נאָר זמירות — שבתים, יום־טובים פלעגט מען זינגען פאַרן עסן אין יעדער מתנגדישער שטוב.

שבת צו נאַכטס פאַר דער חתונה־וואָך, באַלד נאָך הבדלה, טוט זיך אַ באַוויז אין הויז פון די מחותנים מענדל גורני, אַ שיין געבויטער הויכער ייד, „אויפצו־שפּילן" צוזאַמען מיט דער גאַנצער קאַפּעליע „גוט־וואָך".

אין שטוב ברענט אַ בליץ־לאָמפּ, דער טיש איז נאָך באַדעקט מיט דער ווייסער שבתדיקער „צוועל", מחותנים, גוטע פריינד, זיצן זיך ברייט פונאַנדערגעזעצט אין די סאַמעטענע היטלעך, סאַמעטענע קאַפּלען, אַטלעסענע און זיידענע קאַפּאָטעס, אָדער גאָר שוין אין רוויטע, בלויע שלאַפראָקן אויסגענייטע מיט פאַרשיידנפאַרביקע בלומען. פרויען זיינען געפּוצט אין גאָלד און בריליאַנטן און זיידנס. מען טרינקט טיי, מענער שמועסן, רויכערן ציגאַרן, שבת צו נאַכטס פירט זיך אַז מען פאַררוי־כערט אַ ציגאַר.

מיט אַמאָל באַווייזט זיך מענדל גורני, זיסע טענער פון פידעלע צופּן ביים האַרצן. מענדל גורני שפּילט, פישל גרין העלפט אונטער, יעקב גרינבערג מיט זיין קלאַרנעט, בערל בדחן מיט דער פלייט און מענדל גרין מיטן באַס, אַלע זיי,

באַמיען זיך צו שפּילן פריילעך, גאָר פריילעך: „גוט וואָך“, „גוט וואָך“ ... „מזל טוב“, אַ חתונה, אַ חתונה! עס ווערט אָבער גאָרנישט נישט פריילעכער. וואָס לענגער זיי שפּילן, אַלץ גערדיכטער גיסן זיך טרערן, זיי שפּילן פריילעך און עס קומט גאָר אַרויס טרויעריק, אַזוי ווי יידישע חתונות, יידישע שמחות אין שטעטל. דאָס פריילעכע איז אויך טרויעריק.

דער בעל־הבית, אַ חסידישער ייד, וועקט זיך אויף דער ערשטער, וויל זיך איבערגעוואַלט באַפרייען פון די פאַרכישופטע טענער, ווי פון אַ פּלאָנטער שטריק. ער שטייט אויף, דאַנקט די כלי־זמרים. זיי הערן אויף צו שפּילן. — אַלע וועקן זיך אויף, ווינטשן זיך — מזל־טוב, מזל־טוב, אַ גוטע געזונטע פולע־וואָך! אַזוי הויבט זיך אָן אַ חתונה־וואָך.

דאָן קומט דער טאָג פון דער חתונה. חתן־כלה פאַסטן. אין שטוב איז אַ חול המועד שטימונג, סימע די בעקערין מיט זיך, ריחות פון געבעקס פילן אָן די לופט, מחותנים פון דער פרעמד, אָנגעטאָן חצי יום־טוב, חצי־וואָך, קומען כסדר אָן. אין אַזאַ טאָג, באַלד אין דער פרי, באַוויזט זיך ווידער אַמאָל מענדל גורני צוזאַמען מיט זיינע כלי־זמרים אויפשפּילן פאַר דער כלה „דזיען דאָברי“ (גוט מאָרגן). דאָ וויינען שוין אַלע מיט. וואָס נענטער צו דער חופּה, ווערן אַלע טרויעריקער, אַממייסטן טרויעריק איז די כלה, זי מוז פאַסטן, דאַוונען פון יום־כפּורדיקן מחזור, זיך אויפפירן ווי ערב יום־כפּור. דער טאָג פון איר שמחה ווערט אַ טאָג פון טרויער, פון גיסן טרערן אָן אַ סוף. מען דערמאָנט דעם טויט, חורבן ירושלים. פאַר דער חופּה שטעלט זיך אַוועק בערל בדחן „באַזינגען“ די כלה. ער הייבט אָן מיט זיין, „כלהשי, כלהשי, וויין, כ'וועל דיר געבן אַ טעלערל כריין, די אויגן זאָלן איבערגיין“. און כאָטש מען עסט און טרינקט אַ סך, מען טאַנצט, בערל בדחן „רופט“ דאָס דרשה־געשאַנק מיט קונצן, איבערטרייבונגען, גלייכווערטלעך, איז פאַרט נישט פריילעך.

אַזאַ חתונה ברענגט פאַר די כלי־זמרים פּרנסה אויף אַ סך וואָכן, מחותנים צאָלן, געסט צאָלן, ווער פאַר „אָפּשפּילן“ פאַר זיינעטוועגן, ווער עס וואַרפט איין אַ טאַנץ“. אַממייסטן הכנסה ברענגט דער „בעזים־טאַנץ“, דאָס „מצוה־טענצל“.

אין נייערע צייטן שפּילן כלי־זמרים אויך אין טעאַטער, אין „הזמיר“, „שטיקער“ פון „שולמית“ פון „דער מכשפה“, פאָלקס־לידלעך, ציגיינערשע, פּאַסטוכעשע לידלעך, פאַרשניטן לויטן יידישן געשמאַק קריגן זיך אַריין אויף יידישע שמחות, אין יידישע תפילות.

די מלאַווער קאַפּעליע פלעגט שפּילן אויף חתונות אין אַלע אַרומיקע שטעט און שטעטלעך. אויף גויישע חתונות, אויף בעלער אין פּריצישע הייף. יידישע נגינה און יידישע פיש האָבן גויים תמיד ליב געהאַט.

*
**

עס איז נאָך געווען אַ כאַרזשעלער גאַס, אַ גרינער מאַרק, אַ שקאָלנע גאַס, אַ דלוגע, אַ סך קלענערע געסלעך, וואו עס האָבן געלעבט און געאַרבעט יידן.

עס זיינען געווען געסלעך, וואָס יידן האָבן געיידישט מיט זייערס אַ נאָמען. דאָס „שפּייכלער געסל“, איז געווען באַקאַנט צווישן יידן מיטן נאָמען: מענדל מערקערס געסל, דאָרט האָט געוואוינט, געהאַט זיין לאַגער פון קאַלך, האָלץ און קוילן דער יידישער דאָזאָר מענדל מערקער, דער געוועזענער בירגערמייסטער פון שטאָט אין די יאָרן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה.

פון דעם געסל אַרויס איז געלאָפן דאָס „קרומע געסל“, באַקאַנט אַלס יעקב שלמהס געסל. דאָרט האָט געוואוינט יעקב שלמה מאָנדזשאַק, וואָס האָט געהאַנדלט מיט פערד, תבואה, וואַלד, געהאַט אַין אייגן גוט. יעקב שלמה איז געווען אַ פּשוטער ייד, וואָס גייט שבת אין אַ סאַמעטן היטל און דאַוונט אין שטיבל. ווען ער קומט אין כעס, ווערט זיין שטימע הייזעריק, נישט צו הערן, וואָס ער רעדט, גלייך דער גאַנצער גרימצאָרן האָט אים פאַרלייגט דעם האַלדז. באַפאַלט אים ווידער אַ פריי־לעכקייט, נעמט ער אַ „קאַפּ“ בראָנפן, כאַפּט אַרום דאָס ווייב און מאַכט אַ טענצל אין מיטן העלן טאָג, אַפילו אין אַ פּשוטן פּראָסטן מיטוואָך. כעס און גרימצאָרן זיינען קיין מאָל נישט דערגאַנגען ער זאָל פאַרגעסן די גרויסע ליבשאַפט פאַר זיינע קינדער. זיי פלעגט ער נאָכגעבן, אַלץ מוחל זיין, אָננעמען פאַר ליב אַלע צרות. זיין ליבע צו די קינדער איז געווען אַזוי גרויס, אַז ער האָט אַפילו נישט געקענט אָפּזאָגן זיין יינגסטן זון דודטשע, וואָס איז פון די ערשטע, נאָך אַלס קינד, אַוועק קיין ארץ־ישראל.

אויף דער שקאָלנע גאַס איז געווען אַן אַלט הויז, אין דעם הויז זאָל האָבן געוואוינט נאַפּאָלעאָן־קייזער ווען ער האָט געצויגן קיין רוסלאַנד. אין דער אמתן האָט דאָרט גאָר געוואוינט איינער פון זיינע גענעראַלן. אין דעם הויז, וואוינט שוין אַ סך יאָרן, דער תבואה־סוחר, אַ גרויסער עם־הארץ, מיטן נאָמען אברהם „טשוואָק“. זיין גאַנץ לעבן לאַנג פירט ער מלחמה מיטן יצר הרע. שוין דער נאָמען „טשוואָק“ גופא, האָבן מענטשן געטענהט, מיינט אַז דער טשוואָק איז געווען ביי דער וואָג פון די תבואה. אַנדערע ווידער מיינען, אַז דער טשוואָק האָט געמאַכט לעכער אין דער פּאָדלאָגע פון שפּייכלער, וואו די פּויערים פלעגן אויסשיטן זייער תבואה פאַרן וועגן. אָפּנאַרן סתם דורך אונטערשטעלן אַ פוס, וועגן מיט פאַלשע געוויכטער האָט אַ ייד, וואָס פירט מלחמה מיטן יצר הרע, נישט געקענט. ווידער אַנדערש איז געווען די מלחמה אין נייעם בית־המדרש. דער רויטער אברהם האָט געקעמפט ווי אַ לייב אַנטקעגן די יעניקע, וואָס מאַכן אַ מקום קדוש זאָל אויסזען ווי להבדיל אַ תפלה — „וואו איז דאָס דערהערט געוואָרן, האָט ער געשריגן,

צו וואַשן פּאַדלאָגעס אין אַ מקום קדוש, אַוועקשטעלן שפּיי־שיסלעך, אַ ייד זאָל נישט האָבן וואו אויסצושפּייען.״

דער גרעסטער קאַמף איז אָבער פאָרגעקומען אין סוכה אין די אויגן פון אַלע שכנים, אברהם „טשוואָק״ מיטן רויטן פּנים האָט געהאַלטן פון גוט עסן.

ווי מען טוט אים נאָר אַ ברענג אין סוכה אַריין דעם בכבודיקן קאַרפּן־קאָפּ, הייבט זיך באַלד אָן די מלחמה מיט אַ געהעריקן ניגון: — „דו יצר הרע ווילסט דאָך מיך אָנרעדן נאָכצוגעבן דעם בייזן האַלדז אויפצועסן דעם קאָפּ, איז אַ מכה דיר, וועל איך דווקא נישט עסן — אַברהם רוקט אַוועק פון זיך דעם טעלער מיטן קאַרפּן־קאָפּ. — „איז דאָך אָבער פאָרט יום־טוב — ציט ער, אַ ביסעלע ווייכער, — און לכבוד יום־טוב איז דאָך אַ מצווה עסן פיש — רוקט ער לאַנגזאַם דעם טעלער ווידער צו זיך — „אָבער דו יצר הרע ווילסט דאָך מיך אָנרעדן... דער טעלער פאָרט אַהין און צוריק איבערן טיש. אַברהם פירט זיך אויף מיטן קאַרפּן־קאָפּ ווי אַ קאַץ מיט אַ מויז. דאָס ווייס־געשלאָסענע אויג פון טויטן פיש וואָס ליגט אויפן טעלער זעט אויס, ווי עס וואָלט געוועזן קוקן אויף דעם קאַמף מיטן יצר־הרע מיט אַ בלייכן שמייכל פון טויטער דערפאַרונג וואָס קלינגט: שטענדיק פרעסן גרויסע פיש אויף די קליינע. די מלחמה האָט זיך געענדיקט, די מצווה פון עסן פיש יום־טוב האָט גובר געווען דעם יצר הרע.

⁂

ביימער וואַקסן פון ביידע זייטן גאַס, פאַר די הייזער אין די הייף־גערטנער פול מיט גרינוואַרג, בלומען און פרוכטן. פענצטער זיינען אויסגעשטעלט מיט בלומען־טעפּ, גרינע, רויטע פּאָמידאָרן, וואָס יידן האַלטן פאַר אַ טריף גוייש עסן, וואַרעמען זיך גאַנצע רייען אין דער ליבען זון.

## 17. וואַרשעווער גאַס*)

די וואַרשעווער גאַס, די לענגסטע יידישע גאַס, האָט אַוועקגעפירט אַ מלאַווער ייד אויף זיין לעצטן וועג צום אַלטן און נייעם בית־עלמין, אָבער ביז דעם לעצטן וועג איז נאָך — אַ מהלך.

*) אין די פופציקער יאָרן פון 19־טן י״ה איז די וואַרשעווער גאַס אין גאַנצן אָפּגע־ברענט געוואָרן. אין 1860 האָט אַברהם דאָמבקעוויטש (טערזשער) דער ערשטער גענומען בויען הייזער אויף דער וואַרשעווער גאַס, לענגאויס דער „רזשיקע״. די הייזער האָט ער פאַרקויפט לייבל וואַרשעווער און אַליין האָט ער איבערגעבויט און געבויט די הייזער אויפן עק מאַרק און פּלאַצקער גאַס. אין ערשטן, מיטן „וויאַזד״ האָט ער אַליין געוואוינט; אינם צווייטן — דער רוס איוואַנאָוו, אַ געוועזענער קאָנטאָניסט. —רעד.

דער אָנהויב פון דער גאַס איז געווען ווי אַ קאָרידאָר צום אַלטן מאַרק, יעדן טאָג פלעגט דאָ אָנגיין אַ לעבעדיקער האַנדל מיט פיש, אויבסט און גרינוואַרג. צו באַפעלן דאָ האָבן געהאַט פישערס, אויבסט־הענדלער, סטראַגאַניאַזשעס. דער לאָמער חנא מיט זיין ווייב „מאניע־סראק". באַלעבאָסטעס ציטערן פאַר זיי, ווי פאַר פייער, היטן זיך נישט אַריינצופאַלן אין זייער גרזיס מויל. דער „רויטער חיים" איז געזעסן רואיק איבער סטראַגאַנעס, טינדלעך אויבסט, מיט זיין טאָכטער רבקה, וואָס משוגעת פלעגט איר באַפאַלן צוויי וואָכן יעדן חודש. די „שוואַרצע רבקה", די מאַמע פון עלקן דער דינסט זיצט דאָ אַמלענגסטן פון אַלע. ווינטער אין אַ וואַרעמען קאַפטן, ווייך אויסגעבעט מיט וואַטע, צווישן די קניען האַלט זי אַ טאָפּ גליענדיקע קוילן, אָנצואוואַרעמען זיך.

פיש זיינען געלעגן אין הילצערנע „קויקעס" פול געפּאַקטע מיט בלעטער שטיקער אייז. אויבסט איז געווען איינגעשטעלט אין שמאָלע טינדלעך פון האָלץ, אין קוישן קיילעכדיקע, טיפע, אָדער גאָר געווען אויסגעלייגט איבער האָלצערנע געשטעלן.

רויטע און געלע קערשן, גרינער אַגרעס, ראָזע ווייס־געלבלעכע פּערזשאַצקעס, פלוימען פון אַלע סאָרטן און גרייס, עפּל באַרנעס לעבן שוואַרצע רעטעכער, רויטע ראש־חודש רעטעכלעך, געלע מערן, ציבעלעס, בערקעס. אויבסט און גרינס מכל המינים האָט געקוויקט דאָס אויג מיט קילע, פרישע פאַרבן. דער קליינער מאַרק איז שטענדיק געווען פול. דאָ האָט אויסגעזען ווי ערב יום־טוב, אַפילו אין דער וואָכנס. אַרום זיינען געזעסן יידישע געוועלבלעך, יידישע בעלי־מלאכות.

דעם אַריינגאַנג אין די וואַרשעווער גאַס האָט געהיט דאָס הויז פון אַלטער כהן, דער אָנפירער פון „גאָטס קאָזאַקן" פון אַלכסנדער שטיבל.

די גאַס איז אַרויס פון מאַרק ביז דער פלימפּ באַרג אַראָפּ, דאַן איז זי גענומען שטייגן אין דער הויך, איבער „צדוקס בריקל", געלאָפן באַרג אַרויף ביז זי האָט זיך אויסגעלאָזט הינטער דער שטאָט.

הייזלעך זיינען דאָ געווען אַממייסטן געבויטע, האָלצערנע לויטן געשמאַק און אייגנשאַפטן פון בעלי־בתים, געוואוינט האָבן דאָ נאָר יידן. אין דער גאַנצער גאַס איז נישט געוואַקסן קיין איין בוים. די גאַס האָט געווימלט פון מענטשן, דאָ האָבן געלעבט קאַטאַריניאַזשעס, שמאַטיאַזשעס, בעלי־עגלות, דראָזשקאַזשעס, דאָרפס־גייער, ווי יואל לעטקע, און, וואו־נישט־וואו, אַ חסידישער ייד, אַ מענדל וואָלף, אַ חיים־שמעיה דייק, אַ הערש־טוביה, אַן איטשע־מענדל, אַ פישל ראָזענשטיין, אַ גאַס פון בעלי־מלאָכות, קרעמער, וואָכעדיקע יידן.

אין מיטן גאַס איז געשטאַנען אַ הויכע, אייזערנע פלימפּ. אַ פלימפּ — נישט קיין אויסערגעוויינטלעכע דערשיינונג. גיט „האַרט וואַסער" פאַרן הויז, פאַר אַ בהמה. פלימפּן אין שטאָט זיינען געווען אין אַ סך גאַסן, אַפילו אין מאַרק, אַנטקעגנאיבער דוד פּיזשיצעס הויז. דאָ, אויף דער וואַרשעווער גאַס, איז די

פלימפ געווען אַנדערש, ווי אַלע פלימפן אין שטאָט. דאָ איז זי געווען אַ גרענעץ, די גרענעץ צווישן לעבן און טויט. יעדן טאָג סקריפּעט זי און קרעכצט ביי יעדן צי. פון איר געבויגענער אייזערנער האַנט, הויבט זיך און לאָזט זיך שווער אַראָפּ. טיילמאָל מוז מען זיך אָנהענגען זאַלבעצווייט, זאַלבעדריט, ביז מען באַקומט פון איר אַ ביסל וואַסער. ווינטער וואַקסט אויס אַ באַרג אייז אַרום און אַרום, מען קאָן גאָר נישט צו. וואַסער־טרעגער לייגן ברענענדיקע העלצער צו רירן דאָס אייז.

פלוצלונג שטאַרבט אַ מענטש אין שטאָט, אַ לוויה ציט פון מאַרק אין די וואַרשעווער גאַס אַריין, די פלימפּ וואַקסט אויס ווי אַ באַרג, וואָס מען קען נישט אַדורך, זי פאַרשטעלט דעם וועג. גייען מענטשן מיט ביז צו דער פלימפּ, „זאָגן נאָך" דעם שבח, העלפן וויינען, פאַרטיפן זיך אין אייגענע געדאַנקען, וואַשן זיך די הענט און גייען צוריק. ווייטער, דעם לעצטן וועג ביזן בית־עלמין בלייבט דער בר־מנן מיט די נאָנטסטע. די „שטאָט" גיט אָפּ דעם לעצטן כבוד נאָר ביז צו דער פלימפּ. דער וועג פון שטאָט ביזקל צו דער פלימפּ איז אַ וועג פול חרטה, חשבון־הנפש און טרויעריקע געדאַנקען. די פלימפּ אויף דער וואַרשעווער גאַס איז אַנדערש פון אַלע פלימפּן אין שטאָט.

וואַסער אין שטאָט, „האַרט וואַסער", פלעגט מען ברענגען פון אַ פלימפּ, שעפּן פון אַ ברונעם, אין אַ נאָענטן הויף. „ווייך וואַסער" איז געווען נאָר ביי יאַכעטן, אַ מהלך רב פון שטאָט. וואַסער־טרעגער אין האָלצערנע טינדלעך פלעגן פירן וואַסער פון הויז צו הויז, געפירט האָבן די „לאָדנעס", גויים, געטראָגן וואַסער האָט איצקל וואַסער־טרעגער, אַ נידעריק יידעלע מיט רויטע בעקעלעך באַשיט מיט שוואַרצע קורצע האָר און לייבל „פראל" פאַר „עסן טעג". לייבל איז געווען באַקאַנט אין דער גאַנצער שטאָט, יעדער האָט אים אויסגענוצט, פאַר יעדן האָט ער מורא געהאַט, אַפילו פאַר קליינע יינגלעך. עס איז גענוג געווען אַ זאָג צו טאָן — „לייבל, אַ מעסער", און דער גרויסער יונג זאָל טאָן אַ שטעל אַוועק אין מיטן גאַס די פולע קיבלעס וואַסער, אַוועקוואַרפן די „פידעס" און נעמען אַנטלויפן, ווי פון אַ פייער אַרויס. שבתים עסט ער ביי אברהם יצחק ווישינסקי. אַ ווייסן גומענעם קאָלנער, אַ העמד באַקומט ער צוויי מאָל אַ יאָר פון בעריש צייטאַג. פון די גזשעביעניאַזשעס אַ צייגן רעקל מיט אַ פּאָר צייגענע הויזן פאַר טראָגן אויפן מאַרק שטעלן מיט סחורות אין די טאַרג־טעג. אַ שטיק חלה, אַ קליינע מטבע פאַר גיין אַ שליחות, טראָגן שלח־מנות. כלי־זמרים טראָגט ער וואַסער אַ גאַנץ יאָר פאַרן זכות צו טראָגן דעם באַס, דעם טרומפּייט אויף חתונות. לייבל האָט געהערט צו דער שטאָט און די שטאָט האָט אים פאַרזאָרגט.

אַ שטיק יונג, שוואַרץ ווי אַ טאָטער, מיט אַ פאַרטראָגן פעט־גלאַנצנדיק פּנים וואָס האָט געבליט סיי ווינטער, סיי זומער, מיט רויטע קרעצעלעך אַדורכגע־שטאָכענע מיט קורצע דיקע האַרטע האָר ווי נאָדלען. לייבל האָט נישט גערעדט קיין סך, ווערטער זיינען געפאַלן פון זיין מויל, וואָס האָבן זיך געצויגן פון אויער

צו אויער, ווי אָפּגעריסענע רינגעלעך פון אַ קייט, אָן צוזאַמענהאַנג. ער האָט געזוכט יעדעס וואָרט, ווי אַ מענטש, וואָס טאַנצט פון אַ שטיין צו שטיין, ווען ער וויל אויסמיידן נישט אַריינצופאַלן אין אַ בלאָטע. יעדעס וואָרט איז געווען, אַן אָנשטרענגונג פון אַלע חושים, פון גאַנצן פּנים, אויגן, צום סוף האָט זיך אַרויסגעקריגן אַ קלאַנג, וואָס איז געווען פאַרוואַשן, צעפלאָסן, אַ וואָרט אָן גרענעצן, וואָס צעשווימט, ווי זיינע געדאַנקען, אין דער ליידיקייט פון אַרום.

די שטאָט האָט זיך ווייניק וואָס אינטערעסירט מיט אַזאַ לייבל פּראַל. מענטשן האָבן דאָס געהאַלטן פאַר נאַטירלעך, אַז אַזאַ שטאָט ווי מלאַווע זאָל זיך האָבן איר שטאָט־שגץ, שטאָט־משוגענעם און אויך איר שטאָט־נאַר. — „אַז מען וועט דאַרפן אַ שטאָטס־נאַר, אַ שטאָטס־שגץ, וועט מען זיך גיין באָרגן אין אַן אַנדער שטאָט?“, האָט מען געזאָגט. לייבל ווידער האָט קיינעם נישט געשטערט, קיינעם נישט געשטאַנען אין וועג. איין שוואַכקייט האָט לייבל געהאַט. ער האָט ליב געהאַט אַ גוטן בעל־תפילה, אַ גוטן חזן, און אויב עס דרימלען פאַרלאַנגען אין זיין האַרץ, איז זיין גרעסטער פאַרלאַנג, די שטאַרקסטעליידנשאַפט, געווען אַליין אַמאָל נאָך זוכה צו זיין דאַוונען פאַרן עמוד. ווען לייב־הערצס זון, וואָס איז געווען חזן אין ברעסלאַו איז געקומען באַזוכן זיין טאַטן, איז שוין דאַן געווען אויס מיטן וואַסער־טראָגן, מיט די שליחותן, מיט די טערגער און ירידים. גאַנצע טעג איז לייבל געלעגן ביי לייב־הערצן אויפן הויף צו זען און הערן דעם ברעסלער חזן. פּורים און שמחת־תורה דערלויבט מען זיך אַוועקצוזעצן לייבלען אין מיטן אַ זאָל מיט אַ טראָמפּייט אין האַנט, ער זאָל ווייזן וואָס ער קען. לייבל נעמט זיין אויפטריט ערנסט, בלאָזט מיט אַלע כוחות פון זיינע געזונטע לונגען אין די מעשענע רויער אַריין. אין זאָל הויבן אָן פליען טענער, ווי שוואַרצע פלעדערמייז, יעדער בויגט זיך אין צווייען פון עקל, שרעק. פאַרגעניגן, פריילעכקייט האָט דאָס אויסלאַכן לייבלען נישט געבראַכט.

דאָס זעלבע קומט פאָר שמחת־תורה. ווען די פרייד איז שוין דערגאַנגען ביזן אָנהויבן זיך וואַרפן מיט טליתים, פירט מען לייבלען צום עמוד. איין מאָל אין יאָר ווערט דערפילט זיין פאַרלאַנג, געשטילט זיין ליידנשאַפט.

בייטאָג ליגט דאָס לעבן אויף דער וואַרשעווער גאָס אין דרויסן. יידן זיצן אין קראָמען, שטייען פאַר דער טיר, דאָ אַרבעט אַ בעל־מלאכה, דאָרט האַנדלט מען ביי אַ שטעל, פאָרט אַ פורל, אַ דראָזשקע, נחום „סאַכמאַראָזש“ אין אַ ווייס פאַרטוך טראָגט אַ טינדל אייז אויפן קאָפּ. אין אלתר כהנס הויז זיינען דאָ אַ סך געוועלבער, ערשטנס זיין אייגנס, אַ געוועלב פול געפּאַקט מיט שניט־סחורה, האָלצערנע טרעפּלעך פירן אַראָפּ אַהינצו, די פאַרקויפערין איז אלתר כהנס ווייב. לעבן אים ווערט אויסגעריסן אין זיין קליין געוועלבל משה גבאי פון אלכסנדער שטיבל, וואָס טראָגט דעם שבתדיקן סאַמעטענעם היט יעדן טאָג פון דער וואָך. לאה פּילאַרס האָלט דאָרט אַ געוועלב, וואָס איז געווען אַ געוועלב מיט אַ מין צוקערניע

צוזאַמען. ביי איר קען מען פאַרבייסן אַן אייער־קיכל, אַ שטיקל הערינג, טרינקען אַ גלאָז טיי, סאָדע־וואַסער מיט סאָק, אָפּגעמאָסטן מיט אַזעלכענע מעסטעלעך פון ווייסן מעטאַל, וואָס הענגען ווי קליינע כוסהלעך אַנגעלייטע צו לאַנגע דראָטענע הענטלעך אויפן האַלדז פון גלעזערנע סלאָיעס סאָק פון פאַרשיידענע פאַרבן: רויטן אַזוי ווי מאַלינעס, געלבלעכן ווי ציטרין, וועקן חשק צו טרינקען, צו כאַפּן אַ שמועס מיט דער באַלעבאָסטע, וואָס איז אַמאָל געווען שיין און קלוג. אַנטקעגנאיבער זיצט שוין אַ סך יאָרן אַ געל יידל, דאָס קליינע „פאַטערל", אין אַ ריכטיקער קרעטשמע. ביי אים טרינקען גויים ביר, בראָנפן, פרעסן קישקע מיט קרויט.

לעבן לאה פילאַרס וואוינט און אַרבעט יאָרן־לאַנג מענדל יוחננס, שמואל מצבה־קריצערס שוואָגער, אַ היטל־מאַכער. זיינע ליפּן האָבן געציטערט אַן אַן אויפהער, ווי צוויי שפּרינגפעדערן אַנגעלאָדנטע מיט דאַוונען תהילים־זאָגן, ביי דער אַרבעט, ביים מעסטן היטלעך, ביים „אויסציהען" — אויף דער קני, שטענדיק. מענדל האָט תפילה געטאָן אַפילו ביים לייזן געלט. ער האָט אַנגעטאָן היטלעך הונדערטער און טויזנטער אויף יידישע און גויישע קעפּ פון אַלע סאָרטן און אַלע גרייס. יידישע יינגלעך האָט מען געבראַכט צו מענדל יוחננס ערב יום־טוב. מיט אים צוזאַמען האָבן געאַרבעט זיינע דערוואַקסענע זין, וואָס זיינען געגאַנגען ווי זייער טאַטע מיטן חסידישן שניט.

אַנטקעגנאיבער האָט מען זיך געשוירן ביי יעקב גרינבערג דעם קלעזמער. דערלעבן, פאַר דער טיר פון לעווענטאַל שניידער, איז — געהאַנגען אויף אַ שמאָלער לאַנגער שילד אַ פּרוי אָנגעטאָן אין אַ לאַנגן מאַנטל. חיים שלוסאַזש, חאַסקל שלוסאַזש און מאיר שלוסאַזש פון זיין קלעזמער־שטוב אַרויס קלאַפּן, פיילן, לאָזן זיך הערן מיט אַלע קולות פון זיך אַליין און זייערע געזעלן. דריי יידישע שלוסאַזשעס וואוינען דאָ אין דער געגנט, אָממייסטן האָט געלאָזט זיך הערן מאיר שלוסאַזש. אַלע יאָרן פלעגט ער זיך נעמען צו דער אַרבעט שוין אויף דער פּולער וואָך, ער איז געווען „אויסגעקאָכט" מיט דער שטאָט, געשיט גלייכווערטלעך, וויצן און ניבולפּה אויף אַלע זייטן, אַפילו ווען קיינער האָט אים נישט געבעטן. זין האָט ער געהאַט אייזנשטאַרקע, אויסגעשמידטע, אויסגעהאַמערטע ווי שטאָל. יינגלעך אין שטאָט האָבן געוואוסט אַז הערשל האָט אַ „רייף" אין בויך, קען זיך נעמען איינער אַליין אויף אַלע.

צווישן די געזונטע שלוסאַזשעס האָט געוואוינט אַ בלייך אויסגעטריקנט יידל געל ווי אַן אתרוג, מענדל אָושאַנקאַ, ער האָט געהאַנדלט מיט לעדער. דערנעבן איז אויף אַ גרויסן שילד געווען אויסגעמאָלט אַ רוסישער אָפיציר, דאָרט האָט געוואוינט דער מיליטערישער שניידער וויעלגאַלאַסקאַ. פאַר דער טיר זיצט אַן אַלטע יידענע, וואָס האָט שוין נישט געהערט, נישט געזען, וואַרצלען וואַקסן אויף דער אַלטער הויט. געקאָכטן אַרבעס מיט פעפער און זאַלץ מעסט זי שוין אַזוי

יאָרן־לאַנג פון אַ האָלצערן מעסטעלע, ווי אַ בעכער פאַר קינדערס־וועגן, מיט אַ צולאָג.

לעבן פינקוס בלאַכאַזש און רחל לאהן, וואָס פירט עופות קיין וואַרשע, וואוינט דער משכילישער חסיד, דער בעל־מוסף אין אַן אַלטן בית־המדרש מנשיה שרענסקי. זיינע זין טראָגן גאָלדענע פענסנע און האָבן ליב נגינה.

נענטער אַ ביסל צום מאַרק צו וואוינט אַ שוסטער, דער לאָמער שמחה, אברהם פעלצנמאַכער. אַנטקעגן דער פלימפ — דער סמאָלע־ייד אַלטמאַן מיט זיין ברודער דעם „אַפּטייקער", וואָס איז געווען „אַ ביסל נישט מיט אַלעמען". באַשמירט פון קאָפּ ביז פוס מיט אייל, וואָס ער פלעגט דערלאַנגען פויערים אין שטאָלענע דריי־פיסיקע שיסעלעך מיט אַ שוואַרץ בערשטעלע צוזאַמען אויסצושמירן יוכטאָווע שטיוול.

פון דער לינקער זייט גאָס האָבן געוואוינט שמואל־אליה קליין, שרענסקי שניידער, די דזשעדזיצעס, פישערס, וואָס האָנדלען מיט דייטשלאַנד, חאסקל בלום, דער היטל־מאַכער, וואָס זיין זון מאָנעס, איז געווען יידישער אַדוואָקאַט אין שטאָט. אין שכנות האָט געוואוינט און געאַרבעט אליה פאַרבער, פאַר דער פלימפ — מרדכי יאבלאנס זין, וואָס זיינען נאָכן טאַטנס טויט געוואָרן שערערס, כלי־זמרים. ווען רייכערע חתונות זיינען פאָרגעקומען אין וואַרשעווער זאַלן און כליזמעריי אין שטאָט איז אַראָפּ, זיינען זיי צוזאַמען מיט די זין פון מאָרגנשטערן־שניידער געוואָרן אַ קאַפּעליע.

אויף דער גאָס האָבן געוואוינט דער קאָמאַשנמאַכער שאפיק, קראַסנאָבאַרסקי וואָליזקע־מאַכער און נאָך און נאָך אַ סך אַנדערע יידן. האַרט לעבן בריקל האָט געוואוינט נאָסקע מלמד, זיין זון טייטלבוים מיט אַ שפּיציק בלאָנד בערדל און אַ שוואַרצן שטייפן קאַפּעליוש. זיין באַרוף אַלס פּראָשעניע־שרייבער, היימישער אַדוואָקאַט, האָבן דאָס פאַרלאַנגט. ער איז געווען אַזאַ מין פעלדשער אין געבן געריכטלעכע עצות, פירן לייכטע ספּראַוועס פאַר אָרעמע מענטשן.

דער גרעסטער הויף אויף דער וואַרשעווער גאָס האָט געהערט צו חיים לייזער נארזשעמסקי, וואָס האָט געפירט גרויסע געשעפטן אין רוסלאַנד און דייטש־לאַנד מיט לעדער, וויינען און פאָרצעלאַן. נאָך זיין טויט האָט די מלוכה איבער־גענומען זיין חסידישער איידעם הערש טוביה יאניש, דער מאַן פון זיין שיינער קלוגער טאָכטער זיסע רייזל. דער הויף האָט נישט גערוט, אַ סך משפחות האָבן דאָ געוואוינט, מענטשן זיינען געקומען, געפאָרן, געגאַנגען.

אין די צייטן פון הערש טוביהן, האָט דער הויף אויפגעהערט צו זיין הויף. אין מיטלפונקט איז אויסגעוואַקסן דאָס הויז, אַן אָפן וואַרעם חסידיש באַלעבאַטיש הויז. די טירן האָבן זיך נישט פאַרמאַכט פון אין דער פרי ביז שפּעט ביינאַכט. מען איז געקומען שמועסן חסידות, פרעגן אַן עצה, טרינקען אַ גלעזל טיי, שפּילן שאָך. ווען זוענט זאָלן קענען רעדן, וואָלטן זיי געקענט דערציילן, ווי אַזוי זיסע

רייזל פירט אָן מיט חכמה און חן מיט דער הילף פון אירע גבאיטעס אַ פאַרצווייגטע, געהיימע מלוכה פון טראָגן עסנוואַרג, קליידער, געלט פאַר בכבודע געפאַלענע פאַמיליעס. דאָס קומט פאָר אין דער גרויסער ברייטער קיך, וואָס פינקלט און בלאַנקט פון די שווערע קופערנע ראָנדלעס, טעפּ, וואָס זיינען אויסגעהאָנגען אויף די ווענט. אַלעס ווערט געמאַכט אין דער שטיל, געהיים, קיינער זאָל נישט וויסן. שרה וואַטעמאַכער איז די הויפּט־געהילפין, פול מיט חן וואַקסט זי אומעטום אויס, וואו מען דאַרף מיטוויינען, ברענגען אַ טרייסט, פריילעך מאַכן מיט אַ גלייכווערטל.

אין די נידעריקע שטובן דרייט זיך הערש־טוביה מיטן טלית פאַרוואָרפן אויף איין אַקסל. ער גייט איבערן צימער אַהין און צוריק, כאָטש עס איז שוין לאַנג נאָכן האַלבן טאָג. הערש טוביהס טאָג הויבט זיך שטענדיק אָן סיי ווינטער, סיי זומער, מיט אַ קאַלטער מקווה. — „צי קען אַ מתנגד פאַרשטיין דעם טעם פון אַ קאַלטער מקווה אין טבת ?‟ — פלעגט ער זאָגן. דער מנהג פון טובלען זיך יעדן פאַרטאָג איז ביי אים געבליבן פון די צייטן, ווען ער האָט צוזאַמען געלערנט מיט יענקעלע ראַדזימינער, וואָס איז שפּעטער געוואָרן רבי. דער קאָפּ אַרבעט אָן אויפהער, ער קען נישט גיין אין שפּאָן, זוכט אייגענע וועגן. אויף דער חתונה פון זיין עלטסטן זון אברהם יעקב מוז ער טאַנצן אין וויין.

הערש טוביה הערט אויף צו פאָרן צום רבין. אַז מען פלעגט אים פרעגן פאַר־וואָס ער פאָרט נישט צום רבין, פלעגט ער ענטפערן — „יעדער רבי האָט זיך זיין „טיש‟, אַ קלענערער רבי האָט אַ קלענערן טיש, אַ גרעסערער — אַ גרעסערן. מיין רבי איז אַזוי גרויס, אַז זיין טיש דערגרייכט ביז מלאַווע. זיץ איך מיר ביי מיין רבינס טיש שטענדיק.

הערש טוביהן האָט מען געהאַלטן פאַר איינעם פון די קליגסטע מענטשן אין שטאָט. פון פרי, ביז מיטאָג פלעגט ער זיצן און לערנען. נאָכמיטאָג, אין אָוונט קומען מענטשן, גוטע פריינד זיך שואל עצה זיין, איבערגעבן אַ בוררות, ער איז געווען באַקאַנט, נישט נאָר אין שטאָט, אַלס גרויסער בורר, האָט אויסגעגלייכט פאַרוויקלטע סכסוכים. ווען דעם רב איז אַמאָל געוואָרן שווער אַ פּסק־דין, פלעגט ער זיך באַראָטן מיט הערש טוביהן.

הערש טוביהס הויף האָט זיך געצויגן ביז צו דעם בריקל, דאָ האָט זיך די גאָס אַ ביסל דערהויבן, ווי וועלנדיק דערווייטערן זיך פון די שמוציקע וואַסערן פון דער „זשיקאַ‟, וואָס ציען זיך אַזוי לאַנגווייליק, פויל, שניידן איבער אין צווייען די וואַרשעווער גאָס. פון יענעם זייט בריקל זיצט חיים־שמעיה דיין, אַ שבת־יום־טובדיקער ייד, אַריינגעטאָן מיט לייב און לעבן אין לערנען. פּרנסה ברענגט דינה חיים־שמעיהס, צוזאַמען מיט איר טאָכטער ליבע פון געוועלבל, וואָס זיצט האַרט אָנגעלענט אויפן בריקל. חיים־שמעיה לערנט מיט די חסידים פון גערער שטיבל.

גאַנץ אַן אַנדער סאָרט ייד איז געווען דער בעל־הבית פון הויז, וואו חיים־שמעיה האָט געוואוינט. ביי חיים־שמעיהן אויבן האָט מען זיך געוויקט אין חסידות,

געפּייניקט דעם גוף, געהאַלטן אין איין אַנגרייטן אויף יענע וועלט, געדאַווּנט, גע־פאַסט, געלערנט. הינטן ווידער אויפן הויף איז געשטאַנען אַ געזונטער, שוואַר־צער ייד, אַנגעטאָן אין אַ לעדערן פאַרטוך מיט אַ טאָפּאָר (האַק) אין האַנט, אויסגע־האַקט פון האַרט האָלץ געפּאַרעמטע רעדער, וועגענער פאַרן פּויערים־פאָלק. דאָס איז געווען יעקב־הערש סטאַלמאַך, באַקאַנט אין שטאָט מיטן נאָמען אלבריש. צוליב אַ צופאַל איז יעקב הערש געוואָרן פּאָפּולער אין די אויגן פון גימנאַזיע־שילער, וואָס האָבן אויף אים געקוקט מיט באַגייסטערונג און קנאה. דאָס איז געווען אין דער צייט, ווען די יוגנט האָט געזוכט צו לערנען אַ פאַך, סטאַלמאַכערײ איז געווען אַ שווער פאַך. דוד פּערלא, מאָטעק בארנשטיין, זאב יאניש געדענקען נאָך ווי אַזוי עס איז זיי אָנגעקומען „די לער" גלייך ווי חיים יוסף איכלער „צאַץ", ווען ער וואָלט געלעבט, וואָלט ער זיך גוט געקענט דערמאָנען די צייטן ביי עזריאל קאָוואַל, ווען ער האָט צוזאַמען מיט זיינע חברים געזוכט אַ פאַך פאַר ארץ־ישראל.

יעקב הערש האָט מיט איין מאָל דערזען, אַז מיט זיין פאַך האָט ער זיך נישט וואָס צו שעמען, אַפילו אין א"י ברויכט מען אים. קינדער „וואָס קענען שרייבן", קומען גאָר צו אים. מיט זיין שכל האָט ער נישט געקענט פאַרשטיין, אַז מענטשן וואָס קענען אַזוי גוט שרייבן, זאָלן גאָר גיין ווערן אײנפאַכע סטאַלמאַכערס.

עס איז אים געגאַנגען גוט, געהאַט הייזער, פּרנסה, געזונט, אַ גוטן אַפּעטיט. דאַרף דאָס גראַד טרעפן אַלברישן, אַז זיין ווייב זאָל אים ברענגען נאָר מיידלעך. גאָט האָט אָבער געהאָלפן און עס איז געקומען איין יינגל און באַלד אַ צווייטער. דער מייסטער איז געווען מלא שמחה. אַרומגעטראָגן די יינגלעך ווי אַ צירונג, געשפּילט זיך מיט זיי. אויסגעקושט יעדעס גליד, ווי געוואָלט זיך איבערצייגן, אַז דאָס זיינען טאַקע זין. זיין זרח וואַקסט אונטער, גייט זיך באָדן אין טייך און... קומט נישט מער צוריק. יעקב הערש אלברישעס עלטסטער זון ווערט דערטרונקען. „גאָט האָט אים געשטראָפט מיט וואַסער", ער פלעגט פאַרשליסן די ברונעם אויפן הויף, האָבן מענטשן פון דער וואַרשעווער גאַס געזאָגט.

דאָס זעלביקע איז געשען מיט שיע ניצקין, וואָס פלעגט פאַרשליסן די פּלומפּ אויף זיין הויף, איז אים די טאָכטער משוגע געוואָרן.

***

פון עזריאל קאָוואַלס הויז ווערט די גאַס שיטערער. עס פאַרלויפט די סמאָ־ליאַרניע, אַ שמאָל זאַמדיק געסל. דאָ האָט געשטעלט די ערשטע טריט דער „השומר הצעיר", די גימנאַזיע. אַמאָליקע צייטן האָבן דאָ געוואוינט רוסישע אָפיצירן. אין דעם הויז איז דערנאָך געווען די תלמוד־תורה. גרויסע סעדער,

פול מיט אויבסט, האָבן געצויגן יידישע קינדער זיך איינשטעלן דאָס לעבן, קריכן איבער פלעטער, גנבענען פרוכט.

פון באַרג ציען זיך די פעלדער און גערטנער פון דער סטאַראָסטווע — די לונגען פון דער וואַרשעווער גאַס. עס לויפן אַוועק זאַמדיקע וועגן באַרג אַראָפּ ביז יאַכעטן, ביז דער בראָווארניע פון די סעגאַלס, ביז דעם גויישן צמענטאַזש. הינטער דער שטאָט שוין געפינט זיך די רעגירונגס פאָלקס־שול פאַר יידישע קינדער, גאַלאָמבס שקאָלע. נאָך ווייטער אַוועק די יידישע ציגעלניע פון מענדל באַרנשטיין און דאָס ברוי־הויז פון דוד פשיסוסקער.

גאָר ווייט ציט זיך אַ גרויס פעלד אַרומגענומען מיט אַ פּאַרקן פון רויטע ציגל. תשעה־באָב, אלול־טעג, עשרת ימי תשובה און טעג פון צרות פאַרן כלל און פרט, זיינען די וועגן פול מיט יידן און יידענעס, וואָס קומען בעטן, זוכן אַ מליץ־יושר. דאָ שלאָפט דאָס נייע „גוטע־אָרט" וואו אַ מלאָווער ייד געפינט זיין לעצטע רו.

דער אַרגענטינער איז דער שומר. זיין ווייב פערל מיט איר טאָכטער רחל טראָגן פון דאָנען מילך אין שטאָט אַריין.

דאָ ענדיקט זיך די וואַרשעווער גאַס — דאָ ענדיקט זיך די יידישע שטאָט.

אברהם דוד ווינדיצקי

# אַמאָליקע דורות

אין מיינע זכרונות וועל איך באַשרייבן מלאַווע אין אַ דור פאַר אונדז און טיילווייז אויך אין היינטיקן דור, וואָס איז אומגעקומען פון די מערדערישע נאַצישע הענט.

מלאַווע האָט זיך אויסגעצייכנט פון אַלע אַרומיקע שטעט קודם־כל מיט צדקה און געשמט מיט דעם איבער גאַנץ פוילן, ליטע און אַפילו אין ארץ־ישראל. נישט געווען קיין איין ישיבה אין פוילן, אין ליטע, וואָס איז נישט געשטיצט געוואָרן פון מלאַווע. נישט געווען קיין איין וואַנדער־אורח, וואָס זאָל אויסמיידן מלאַווע. און ווער שמועסט נאָך אַן אורח־הגון, וואָס האָט געהאַט אין דער האַנט אַ שטיקל תעודה פון אַן אָנגעזעענעם רב. ביי אַזאַ אורח זיינען מקויים געוואָרן אַלע דינים, וואָס זיינען פאָרגעשריבן פאַר קבלת־אורחים. און ווען עס איז געקומען אַמאָל אַן אורח מיט אַ שליחות פון רבינס הויף, דאַן האָט דער קבלת־אורחים אָנגענומען אַ פייערלעכן כאַראַקטער. ס'איז גלייך איינגעאָרדנט געוואָרן ביי אַנשי־שלומנו אַ סעודה, היינט ביי דעם חסיד און מאָרגן ביי אַ צווייטן. אַזאַ משולח איז שוין נישט אַוועקגעפאָרן מיט ליידיקן.

אין יעדן שטיבל איז געווען איינגעאָרדנט אַ כוללות, דאָס הייסט אַ צדקה־לעניים. ווען ס'איז געקומען אַן אורח „מאנשי שלומנו" האָט ער זיך געווענדט צום גבאי און דער גבאי האָט אים געגעבן קצבה לויט זיין מדרגה און אַ קוויטל אויף „מזון שתי סעודות" ביי חסידים. אַלע חסידים פון שטיבל זיינען געווען איינגעטיילט לויט די טעג פון דער וואָך. דעריבער האָט שוין יעדער חסיד דער־וואַרט אַן אורח אין „זיין" טאָג און אָנגעגרייט מער מאכלים. די ליסטע פון „טעג" איז געהאָנגען אין שטיבל.

ס'איז נישט געווען קיין פאַל, אַז שבת זאָל אַן אורח נישט האָבן וואו צו עסן. אויב עס זיינען געווען מער אורחים, האָט דער גבאי געגעבן אַ קלאַפּ אין עמוד און מכריז געווען: „ס'זיינען דאָ אַזוי פיל און אַזוי פיל אורחים, ס'זאָל קיינער נישט

אַהיימגיין עסן אָן אַן אורח." דאָס ביסל אורחים איז גלייך צעכאַפּט געוואָרן און גלייכצייטיק באַקומען אַן אָרט וואו צו שלאָפן.

פאַר דעם פּשוטן אורח, וואָס איז געגאַנגען איבער די הייזער, איז געווען אַ שטאָטישע חברה „הכנסת אורחים", וואָס האָט פאַרטיילט קוויטלעך אויף „מזון סעודה אחת" און צו שלאָפן אין דער „הכנסת אורחים".

אין מיין צייט איז אין מלאַווע געווען אַ שטאָטישע „תלמוד תורה" מיט אַן אייגענעם בנין און אין אים אָפּטיילונגען, וואָס האָבן זיך גערופן „כתות". מען האָט געלערנט פון דרדקי ביז פּוסקים. דער גבאי איז דעמאָלט געווען ר' פייוול קאַנקוס. פון דער תלמוד־תורה זיינען אַרויס וויכטיקע בני־תורה. די תלמידים זיינען געווען בעיקר פון אָרעמען טייל פון דער באַפעלקערונג. אַ טייל פון זיי האָט זיך געכאַפּט צו מסחר, דער גרעסטער טייל צו מלאכה, אָבער עמי־ארצים זיינען זיי שוין נישט געבליבן. אין די שפּעטערדיקע יאָרן, ווען זיי זיינען שוין געווען איינגעאָרדנט אַלס זעלבשטענדיקע בעלי־מלאכות, האָבן זיי זיך אַליין געכאַפּט צום ספר. פאַר דעם זיינען געווען איינגעאָרדנט אין די בתי־מדרשים חברות, וואָס אַלע פאַרנאַכט, צווישן מנחה און מעריב, זיינען זיי געזעסן און געלערנט. ביי איין טיש — מדרש, ביים צווייטן — אגדות, ביים דריטן — מוסר ספרים, ביים פערטן — שולחן ערוך. ביים פינפטן — חומש און רשי און אַזוי ווייטער.

צו יענער צייט זיינען אין מלאַווע נאָך קיין טעאַטערס און קיין קינאָס נישט געווען. דאָס בעסטע „פאַרוויילונגס אָרט" פאַר דעם עלטערן דור, ווי אויך פאַר דער יוגנט, איז געווען דאָס בית המדרש. פאַרן פּשוטן עולם האָט דאָס בית־המדרש געדינט ווי אַ צונויפטרעף־אָרט. פאַרן חסידישן עולם — דאָס שטיבל. דאָרט זיינען אַרומגערעדט געוואָרן אַלע פראַגן פון אינעווייניקסטן שטאָטישן לעבן, ווי אויך אַלגעמיין וועלטלעכע פראַגן. עס איז אַרומגעגאַנגען אַ ווערטל, אַז וועגן דער גאַנצער וועלט־פּאָליטיק ווערט דעצידירט אין שטיבל הינטערן אויוון. עס איז קיין חידוש נישט, וואָס די טישן זיינען געווען באַזעצט מיט לומדי־תורה. ס'איז געווען אַ צייט — „תורה מ'גראָשן און פראָשבעס מ'רענדלעך".

מען קען מיינען, אַז אַ פראָשבע־שרייבער אין מלאַווע איז אַרומגעגאַנגען אין גאָלד. איז עס במחילה אַ טעות. עס האָט זיך געפונען אין שטאָט איין פראָש־בע־שרייבער, אַ ליטוואַקל וואָס איז פאַרוואָרפן געוואָרן קיין מלאַווע פון ערגעץ אַ ליטוויש שטעטל. זאַלצמאַן האָט ער געהייסן. ער איז געווען, לא עלינו, אַן עני ואביון, נישט געהאַט דעם טאָג איבערצולעבן. ביזן האַלבן טאָג האָט ער פאַר־בראַכט מיט דאַווענען און טבילות אין דער מקווה, דעם צווייטן האַלבן טאָג מיט שרייבן „פראָשעניעס" אין די געריכטן און אין די העכערע רעגירונגס־אינסטיטו־ציעס, פאַררופנדיק זיך פון צייט צו צייט אויף אַ „סטאַטיאַ" אין קאָדעקס. זיין קאַליגראַפישע האַנטשריפט איז געווען אינטערעסאַנט צו זען, ספּעציעל ווען ער האָט פאַרצויגן איבערן בלאַט דעם טיטל.

וואָס ער האָט אַזוי ווייניק פאַרדינט לאָזט זיך דערקלערן מיט דעם, וואָס אַלע סכסוכים זיינען ביי ייִדן דערליידיקט געוואָרן צווישן זיך, העכסטנס ביים רב אָדער ביים דיין. זעלטן ווען האָט זיך אַ ייִד געוואָנדן צום געריכט. מען האָט עס געהאַלטן פאַר אַן עבירה. מען האָט געלעבט אַ ייִדיש לעבן. דעריבער האָט דאָס פאַך פון שרייבן „פּראָשעניעס" נישט געגעבן קיין פּרנסה דעם שרייבער. האָט טאַקע דער אָרעמער זאַלצמאַן געקענט פאַרברענגען אַ האַלבן טאָג אין תפילות ותחנונים און אָפּהאַלטן מקואות.

די תלמוד־תורה האָט זיך געפונען אויפן פּלאַץ, וואו מען גייט צו דער שטאָטישער מקווה. צוויי מלמדים האָבן דאָרטן מרביץ תורה געווען אַ סך יאָרן. מלאַווע האָט אַ סך צו פאַרדאַנקען די ביידע דערציִער אויפן געביט פון תורה: ר׳ פישל מינץ און ר׳ יעקב פישל שניאַדאָווער. דער ערשטער האָט געלערנט חומש און רש״י, דער צווייטער — גמרא און תוספות. ביידע וואוילע, האַרציקע ייִדן. זיי זיינען געווען איבערגעגעבן זייער אַרבעט בלב ונפש, געזאָרגט איינצופלאַנצן אין קינד ייִדישקייט. ר׳ יעקב פישל פלעגט צוזאַמענרופן זיינע תלמידים אויך שבת נאָכמיטאָג און לערנען מיט זיי פּרק. אַלץ איז געווען מיט דער הייליקער כוונה, אַז זיינע תלמידים, וואָס ער האָט זיי גערופן „קינדער", זאָלן אַרויסוואַקסן לומדים און יראי־שמים. ער האָט קיין מאָל קיין תלמיד נישט געשלאָגן, וואָס עס האָט ביי אַנדערע מלמדים געהערט צום פּראָגראַם פון לערנען.

צו די מלמדים די שלעגער, וואָס נישט איין קינד איז אַרויס פון זייער האַנט אַ צודורסטער, האָבן געהערט: פּיוויש סטודענט, יעקב ווינעווער, אורקע, וכדומה. פּיוויש סטודענט האָט זיך באַנוצט מיט אַ לעדער־עק פון אַן אָקס אויף צו שלאָגן זיינע תלמידים. דער דאָנערשטיקער טאָג איז פאַרן חדר־ייִנגל געווען אַן אָפּקומעניש. עס געפינען זיך נאָך היינט אַוודאי אַ סך מלאַווער, וואָס געדענקען נאָך יענע קלעפּ.

שפּעטער האָבן שוין אין מלאַווער ייִדישן לעבן אָנגעהויבן בלאָזן נייע ווינטן. די תלמוד־תורה איז איבערגעגאַנגען אין אַ פיל גרעסערער געביידע מיט מאָדערנע מחלקות, אין אַללאַנדס׳ בנינים, וואָס זיינען שפּעטער איבערגעגאַנגען אַלס אייגנטום צו ר׳ עזריאל יצחק מאַקאָווסקי. ער האָט זיי איבערגעשריבן אויפן נאָמען פון דער מלאַווער קהילה. אין דער נייער תלמוד־תורה האָט מען אויך איינגעפירט אַלגעמיינע לימודים. אין באַשטימטע שעהן זיינען אַריינגעקומען לערער פון חשבונען און שפּראַך, אַזוי אַז די תלמוד־תורה האָט צופרידנגעשטעלט די נייע פאַדערונגען פון לעבן.

מלאַווע האָט פאַרמאָגט אויך אַנדערע וואוילטעטיקע אינסטיטוציעס: בקור־חולים, לינת־הצדק, הכנסת־כלה און חברה־קדישא. די חברות האָבן זיך געפירט אויף אַ גאַנץ פּרימיטיוון אופן. יעדע חברה האָט זיך געהאַט איר וואָך אין יאָר.

ווען אַלע מיטגלידער זיינען זיך צונויפגעקומען אויסצוקלייבן „כשרים". די „כשרים" האָבן אויסגעקליבן דעם נייעם גבאי אויפן אַנקומענדיקן יאָר.

די וואָך פון בקור־חולים איז געווען פרשת זירא. די פרשה הויבט זיך אָן מיט די ווערטער: „וירא אליו ה' באלוני ממרא". זאָגט רש"י: „ביום שלישי למילתו היה והיה חולה ובא הקב"ה לבקרו" („עס איז געווען אין דריטן טאָג נאָך דעם ווי אברהם האָט זיך מל געווען, איז ער קראַנק געוואָרן, איז גאָט געקומען אים מבקר חולה זיין"). דעריבער האָט די „בקור חולים" זיך אויסגעקליבן די וואָך אויף אָפּצוהאַלטן איר „יאָר־צייט". מען האָט געפּראַוועט אַ סעודה, צו וועלכער עס זיינען געקומען אַלע מיטגלידער. מען האָט יעדן איינעם אויך מיטגעגעבן אַהיים אַ שיינע פּאָרציע האָניק־לעקעך פאַר זיינע בני־בית. אויפן באַנדעראָל איז געווען דער נאָמען מיט געכטיבנטע אותיות.

איך געדענק, אַז אַ סך יאָרן כסדר איז ר' יוסף קורצמאַן, וואָס האָט שפּעטער עמיגרירט נאָך אַמעריקע, אויסגעקליבן געוואָרן גבאי.

דאָס זעלבע איז געווען אויך אין אַנדערע חברות. אַלץ אויף אַ פּרימיטיוון אופן, אָן אַ פּאָרזיצער, אָן סעקרעטאַרן, אָן אַ גלאָק. עס האָט נישט געהייסן „סאָציאַלע הילף", נאָר פשוט צדקה.

גאָנץ אַנדערש איז געווען מיט דער חברה־קדישא. כלפּי־חוץ איז עס געווען אַ חברה, אַזוי ווי אַלע אַנדערע חברות, אָבער כלפּי־פּנים איז עס געווען אַ ממשלה פאַר זיך מיט אַ פעסטער דיסציפּלין. ווער עס האָט געוואָגט צו רעדן אַ שלעכט וואָרט קעגן איר, אָדער אַנצורירן איר אויטאָנאָמיע, דעם האָט מען געסטראָשעט מיט „קבורת־חמור", דאָס הייסט, אַז נאָכן טויט וועט מען אים באַגראָבן ביים גדר, וואָס איז לויט דער יידישער אויפפאַסונג אַ גרויסער בזיון. דעריבער האָט זיך די באַפעלקערונג אָפּגעהאַלטן פון אָנהויבן מיט איר אַ קאַמף. די אומצופרידנקייט מיט דער חברה־קדישא איז געוואַקסן פון טאָג־צו־טאָג. זייערע מז־שים האָבן אַרויסגערופן ביי קהל גרויס אומצופרידנקייט.

לויט די תקנות האָט יעדערער, וואָס האָט זיך געוואָלט איינקויפן אַלס מיטגליד אין דער חברה־קדישא, געמוזט פריער אדורכגיין אַ דריי־יאָריקע „סי־וזש־בע" אַלס „מלאָדש" (מלאָדשי — אַ ייִנגערער). אין די 3 יאָר האָט ער געמוזט טאָן אין דער חברה אַלע שווערסטע אַרבעטן, ביי דער טהרה אַריינשלעפּן קיבלעס וואַסער, אויפקאָכן דאָס וואַסער אאַז"וו. ער האָט אויך געמוזט גיין אין שליחותן און דער עיקר ביים איינקויפן זיך איינאָרדענען פאַר אַלע מיטגלידער פון דער חברה אַ סעודה. אַ סעודה פאַר דער חברה קדישא איז נישט געווען פון די לייכטע זאַכן. עס איז געווען פאַרבונדן מיט שווערע געלטער, וואָס נישט יעדער פשוטער באַלעבאָס איז געווען בכוח אָנטקעגנצוקומען. אויף אַ סעודה פון דער „חברה קדישא" האָט געמוזט זיין אָנגעגרייט כל־טוב, וואָס קומט נישט אויפן טיש פון אַ פשוטן באַלעבאָס, ווייל דער מאָגן פון אַ חברה־קדישא־מאַן איז געווען אין מיינע

צייטן זייער פונאַנדערגעלאָזט. יעדן טאָג, ווען אַ חברה־קדישא־מאַן איז געגאַנגען פון דאַוונען, האָט ער אָפּגעטרעטן ביים גבאי וואָלף ברײַנדלס (מלאָווסקי) צו נעמען דעם ריכטיקן טרונק און דאָס ריכטיקע פאַרבייסעכץ. יעדן ראש־חודש נאָך דער תפילה פון יום־כפור־קטן האָט מען געפּראַוועט סעודות „כסעודת שלמה בשעתו". און ווער שמועסט נאָך אין טאָג פון דער יאָר־סעודה — ז' אדר (דער טאָג ווען משה רבינו איז נפטר געוואָרן), ווען די חברה־קדישא האָלט אָפּ איר „יאָרצייט" אויסצוקלייבן אַ נייעם גבאי אויפן נייעם יאָר. צו דער דאָזיקער סעודה האָט מען זיך געגרייט מערערע וואָכן פריער. די סעודה איז צוגעגרייט געוואָרן מיט אַ גרויסן פּאַרנעם.

און דאָך איז דער דראַנג זיך איינצושרייבן אין די חברה־קדישא געווען זייער גרויס. ווייל צו זיין אַ מיטגליד אין דער חברה־קדישא האָט אין יענער צייט געהייסן זיין פאַרזאָרגט אויפן גאַנצן לעבן מיט האַלב פרנסה.

פאַר דער סעודה זיינען געגרייט געוואָרן טייערע מאכלים, פיש, פליש, הינער געפּילט מיט גריופן, גרויסע האָניק־לעקעכער, ממש לויטער האָניק. די סעודה איז געפּראַוועט געוואָרן אין הויז פון ר' ירחמיאל לאַנדאַ. דאָס איז געווען אין זעלבן הויז, וואו עס האָט געוואוינט דער גבאי וואָלף ברײַנדלס.

פון וואַנען האָט די חברה־קדישא גענומען אַזוי פיל געלט אויף די סעודות? מען האָט געריסן פון די לעבעדיקע פאַר מקבר זיין די טויטע. „אין חכמה ואין עצה" קעגן וואָלף ברײַנדלס. ער האָט געוואוסט, ווי אַזוי צו נעמען. אמת, פון אָן אָרעמאַן האָבן זיי נישט גענומען, אָבער גאָר גרויסע סומען זיינען דורכן יאָר אַריינגעפאַלן אין די הענט פון דער חברה. דער גרעסטער טייל פון די געלטער איז פאַרנוצט געוואָרן אויף סעודות.

די אַלע מעשים האָבן אַרויסגערופן גרויס אויפרעגונג אין דער שטאָט, ביז עס איז אויסגעבראָכן אַ „רעוואָלוציע". אירע איניציאַטאָרן זיינען געווען מיין פאָטער ע"ה פייוויש ווינדיצקי, אָדער ווי מען האָט אים גערופן — פייוויש גלעזער, — יוסף ראַדאָק (זייגערמאַכער), גרשון קאַלינא. מיט דער הסכמה פון רב ר' יחיאל סאַגאַלאָוויטש זצ"ל איז אויפגעשטעלט געוואָרן אַ נייע חברה־קדישא.

*
**

די מלאָווער יידישע באַפעלקערונג איז געווען געטיילט אין דריי שיכטן. צו די אויבערשטע שיכט האָבן געהערט די גבירים און די בני־תורה. אין יענע צייטן האָט מען נאָך שטאַרק דרך־ארץ געהאַט פאַר אַ גביר.

צו דער צווייטער שיכט האָבן געהערט די מיטעלע באַלעבאַטים, קליינהענדלער. צו דער דריטער האָבן געהערט די בעלי־מלאכות, האָרעפּאַשנע מענטשן. די נידעריקערע שיכט האָט זיך באַצויגן מיט דרך־ארץ צו דער העכערער און

זיך באַמיט צו איר צוצוקומען. די אָנפירונג פון אַלע שטאַטישע ענינים איז גע־לעגן אין די הענט פון דער העכערער שיכט, אין די הענט פון די אויסגעווײלטע דאַזאָרעס, וואָס זײנען געווען פון די רײכערע מענטשן פון דער שטאָט. זײ האָבן דערפילט זײער אויפגאַבע „שלא על מנת לקבל פרס".

אין מלאָווע זײנען געווען אײנגעפירט טיטולן בײם אויפרופן צו דער תורה, ווי: מורה־מורנו, מורנו, חבר. אַזוי האָט זיך געפירט מערערע יאָרן.

אַ מחלוקה צווישן דער ידישער באַפעלקערונג איז פאָרגעקומען, ווען ס'האָט געהאַלטן בײם קלײבן אַ רב אָדער אַ שוחט. אין יענער צײט זײנען נישט געווען קײן פאַרטײ־אַמביציעס, נאָר חסידישע. יעדעס שטיבל האָט געוואָלט, אַז דער אויסגעווײלטער רב אָדער שוחט זאָל זײן מאנשי שלומו. אין מלאָווע האָבן אין יע־נער צײט געשפּילט די הויפּט־ראָלע דאָס גערער און דאָס אַלעכסנדער שטיבל, וואו עס האָט זיך קאָנצענטרירט די „סלתה ושמנה" פון דער ידישער באַפעלקערונג.

די איבעריקע שטיבלעך, דאָס טשעכאַנאָווער, וואורקער און אַנדערע זײנען געווען שוואַך און מען האָט זיך מיט זײ ווײניק גערעכנט.

אַ שטילע שנאה האָט געהערשט צווישן די חסידים פון גער און אַלעכסנדער. יעדער פון זײ האָט געקוקט אויפן צווײטן מיט רחמנות, גלײך ווי ער וואָלט נעבעך געווען אַראָפּגעפירט פון ריכטיקן וועג, פון „אורחא דמהמנותא". סטײטש? ווי קען מען זײן אַ ריכטיקער חסיד, נישט פאַרנדיק קײן אַלכסנדער? אַזוי האָט אויך דער גערער חסיד געקוקט מיט ביטול אויף אַן אַלעכסנדער חסיד: אויך מיר אַ חסיד, ער פאָרט נישט קײן גער! דאָס איז געווען אין דער צײט, ווען דער „שפת אמת" זצ"ל, איז געווען גערער רבי, און אין אַלכסנדער — ר' ישראל יצחק זצ"ל, בײדע גדולים. דעם לעצטן האָט מען געהאַלטן אין דער וועלט פאַר אַ חכם מחוכם, וואָס זײנע שאַרפזיניקע ווערטער ווערן נאָך עד־היום דערצײלט „מפה אל פה" אין דער חסידישער וועלט.

די שנאה צווישן בײדע „הויפן" האָט געהערשט נישט בלויז בײם עלטערן דור. זי איז איבערגעגאַנגען אויך צום ײנגערן, אַזוי ווײט, אַז די בחורים, די לומדי־תורה, פון די בײדע שטיבלעך האָבן אויסגעמיטן זיך צונויפצוקומען. אויך זײ האָבן געקוקט מיט ביטול אײנער אויפן צווײטן: אויך מיר אַ למדן! דער מוח האָט גאָר נישט געקענט תופס זײן, אַז אַ בחור פון אַן אַנדער שטיבל זאָל אויך קענען זײן אַ בן־תורה. אין דער אמתן זײנען אין בײדע שטיבלעך געווען גרויסע בני־תורה, פון עלטערן, ווי אויך פון ײנגערן דור. אַלע טישן זײנען געווען באַ־זעצט מיט לומדים. מען האָט געלערנט פון 3 אַזײגער פאַרטאָג ביז צום דאַווענען. די בחורים האָבן געלערנט אַ גאַנצן טאָג מיט גרויס התמדה, און אברהם שמש (דער בלינדער אברהם) האָט אָנגעשטעלט דעם סאַמאָוואַר און מען האָט פון צײט צו צײט געטרונקען טײ.

דער דרך פון אַלכסנדער חסידים איז געווען פשוטער, ווי בײ גערער. דער

גערער האָט זיך געהאַלטן שטאָלץ. דער אַלכסנדער איז געווען מער צוגענגלעך. דעריבער זיינען אין גערער שטיבל קיין בעלי־מלאכות נישט געווען. אין אַלכסנדער שטיבל זיינען צווישן די וויכטיקסטע חסידים געווען שניידער און אַנדערע בעלי־מלאכות. דער שניידער יוסף טכאַרעק, וואָס מען האָט אים גערופן „דאָס חסידל", איז געווען איינער פון די שיינע בני־תורה. ער האָט איבערגעלאָזן נאָך זיך דריי זין תלמידי־חכמים. דער עלטסטער — אברהם טכאַרעק, אַ מחבר פון פיל ספרים, פירוש אויף תורה, ספרי מוסר און קבלה, איז נפטר געוואָרן מיט עטלעכע יאָר צוריק אין ירושלים. דער צווייטער הערצל און דער דריטער יעקב, בידע שיינע בני־תורה, זיינען נפטר געוואָרן אין תל־אביב.

אין די שטיבלעך זיינען געווען בראַנפן־שענקלעך. נאָכן דאַווענען האָט יעדער חסיד געטרונקען אַ גלעזל בראַנפן — טאָקע אַ 96־קער — און פאַרביסן מיט אַ קיכל. דאָס האָט געקאָסט 10 גראָשן. דער „שר המשקים" אין אַלכסנדער שטיבל איז געווען ר' עובדיה און אין גערער — דער לאָמער שלמה.

ווען עס זיינען פאָרגעקומען אין שטאָט וואַלן אויף אַ רב אָדער אַ שוחט, האָבן די חסידים פון בידע שטיבלעך „פונאַנדערגעשפּילעוועט" די כלים צום קאַמף. מען האָט זיך פאַרמאָסטן מיט די כוחות. דער קאַמף איז געווען אַ מיטל צו וויזן דער וועלט, ווער איז גרעסער, דער אַלכסנדער רבי צי דער גערער.

אַזאַ קאַמף האָט זיך אָפּגעשפּילט אין מלאַווע מיט 49 יאָר צוריק בעת די וואַלן פון לעצטן רב, ר' יחיאל משה סאַגאַלאָוויטש, זצ"ל.

דאָס וועלט־שפּריכוואָרט: „ווען צוויי רייסן זיך, געניסט דער דריטער" איז מקויים געוואָרן בעת די דאָזיקע וואַלן. היות ווי די צוויי צדדים, גער און אַלכסנדער, האָבן נישט געקענט אייניק ווערן צווישן זיך, האָט דערפון געגאָסן די באַלעבאַטישע ליסטע, וואָס מיט איר האָט אָנגעפירט נתנאל באַניסלאַווסקי. מען האָט אַראָפּגעבראַכט אַ רב אַ ליטוואַק, אַ ווילנער יינגערמאַן, און נישט קיין חסיד.

דער מלאַווער רב, ר' יחיאל משה סאַגאַלאָוויטש זצ"ל, וואָס האָט משמש בקדש געווען אין דער קהילה מער ווי אַ יובל יאָרן, האָט פאַרנומען די שטעלע פון פאַרשטאָרבענעם רב, ר' ישראל יצחק קלינגער זצ"ל. איך געדענק דעם טאָג פון זיין פּטירה. אויפן הויף, וואו ער האָט געוואוינט האָב איך זיך צוגעהערט צום וויינענדיקן קול פון תהילים, וואָס מען האָט געזאָגט ביי דער טהרה. דאָס איז געווען אויפן הויף פון די הייזער פון ישראל יצחק טאָכנע אויף דער פּלאָצקער גאַס.

ווען דער רב יחיאל משה סאַגאַלאָוויטש זצ"ל איז אָנגעקומען קיין מלאַווע איז ער געווען גאָר אַ יינגערמאַן אין די צוואַנציקער יאָרן. איך געדענק דעם קבלת־פּנים, וואָס מען האָט אים געמאַכט. אַ גרויסער עולם איז אים אַנטקעגנגעפאָרן צו דער באַן. מען איז פאַרפאָרן מיט אים גלייך אין שול אַריין, וואו ער האָט געהאַלטן זיין ערשטע דרשה.

נאָך דער דרשה האָט מען אויסגעשריגן מיט אַ יובל־געשריי „מזל טוב". מען האָט געטיילט לעקעך מיט בראָנפן. דער טיילער איז געווען משה האַמבורגער, נתנאל באַניסלאַווסקיס שוואָגער.

דער רב איז אָנגעקומען נאָך מלאַווע אין דער באַגלייטונג פון זיין פאָטער ר' חיים סאָגאַלאָוויטש זצ"ל, מורה־הוראה אין איישישאָק ביי ווילנע. ביידע זיינען געווען געקליידט אין שווערע סויבלנע שטריימלעך, לאַנגע זיידענע קאַפּאָטעס און ברייטע, זיידענע גאַרטלען.

אין זיינע יינגע יאָרן האָט דער רב געשמט פאַר אַן עילוי. ווען ער האָט גע־לערנט אין די ישיבות, האָט ער זיך אויסגעצייכנט מיט זיין לייכטער תפיסה און גרויסער התמדה. דער פאָטער זיינען האָט זיך שטענדיק געגרויסט מיט אים, זאָגנדיק „מיין יחיאלקע דער עילוי".

ר' חיים מו"צ האָט געהאָט נאָך צוויי זין. איינער פון זיי איז געווען רב אין דאַנציג און שפּעטער אין קאָפּענהאַגען. דער צווייטער איז געווען אַן איידעם פון אַן אָנגעזעענעם באַלעבאָס אין מלאַווע, ר' יהושע שפירא. דער חשובסטער פון זיי איז געווען ר' יחיאל משה, דער מלאַווער רב. ער האָט זיך אויסגעצייכנט מיט שטאַרקע בקיאות אין ים התלמוד, אויף וואָס עס זאָגט עדות זיין ספר אין פּלפּול, וואָס ער האָט מחבר געווען.

אין זיין צייט זיינען געווען שווערע צייטן אין מלאַווער יידישן לעבן. אין דער ערשטער וועלט־מלחמה איז דער רב געבליבן אין שטאָט מיט דעם לעצטן ייד, נאָך דעם ווי די גאַנצע באַפעלקערונג איז אַוועק פון שטאָט. מלאַווע האָט זייער פיל געליטן, ווייל זי איז געווען די ערשטע גרענעץ־שטאָט צווישן דייטשלאַנד און רוסלאַנד. די דייטשע קאַנאָנען האָבן איבערגעלאָזט אין שטאָט קענטיקע סימנים. שפּעטער, אין די צייטן פון די פּאַליאַקן, איז מלאַווע אויך אַ סך אויס־געשטאַנען.

אונדזער רב איז געווען פון די ערשטע חובבי ציון. ווען עס איז אויפגעקו־מען דער פּאָליטישער ציוניזם, האָט ער געגעבן זיין הסכמה. ווען די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע האָט זיך געוואַנדן צו די רבנים, זיי זאָלן אַרויסזאָגן זייער מיינונג וועגן ציוניזם, איז דער רב פון די ערשטע, וואָס האָבן זיך אַרויסגעזאָגט בחיוב. זיין ענטפער איז געווען געדרוקט אין דער „הצפירה".

⁂

אין שייכות מיט די וואָלן פון רב האָב איך אייניקע מאָל דערמאָנט דעם נאָמען פון נתנאל באַניסלאַווסקי.

נתנאל (סאָנע) באַניסלאַווסקי איז געבוירן אין מלאַווע ביי אָרעמע עלטערן. ער איז געווען אַ יינג אַן איינרייסער, וואָס האָט זיך קוים געקענט אונטערשרייבן.

אין די יונגע־יאָרן איז ער געווען אַ גרענעץ־שמוגלער, אָדער ווי מען האָט אים גע־רופן, אַ „מוילעכער“. ער איז געווען אַ מענטש אַ גברן. ווען ער האָט געפירט די געמויליכטע סחורה דורך דער גרענעץ און אָנגעטראָפן אויף אַ גרענעץ־וואַך, האָט ער איר מקיים־פסק געווען גלייך אויפן אָרט און די סחורה אָפּגעראַטעוועט *). אין די שפּעטערדיקע יאָרן האָט ער זיך פאַרנומען מיט פיש־האַנדל און ביי דעם שטאַרק מצליח געווען. ער האָט געהאַנדלט בעיקר מיט דייטשלאַנד. דאָרט האָט ער גע־פּאַכטעט גאַנצע יעזשערעס און די פיש געשיקט קיין פּוילן. אין מיינע צייטן האָט ער געפּאַכטעט די גאַנצע „געזריך־זעע“ לעבן דויטש־איילאַו.

ער איז געווען אַ תקיף, סיי אין פּריוואַטן לעבן, סיי אין געזעלשאַפטלעכן. דעריבער האָט מען אים גערופן „ונתנה תוקף“ און „רע־סאַנע“.

פון דער נאַטור איז ער געווען אַ נוקם ונוטר קעגן די, וואָס האָבן זיך אים געשטעלט אין וועג, אָבער פון דער צווייטער זייט האָט ער געהאַט אַ ווייך האַרץ, ווי אַ קליין קינד. וועמען ער האָט ליב געהאַט, האָט ער געקאָנט אַרומכאַפּן און קושן. צום ערשטן אַ פּאַטש און דערנאָך אַ קוש.

אויך איך האָב פיל מאָל געפילט זיין צערטלעכע האַנט. ביי צוועלף יאָר בין איך געווען בעל־קורא אין אַלטן בית־מדרש ביים ערשטן דאַווענען. פון צייט צו צייט פלעגט דאָרט דאַוונען סאַנע באַניסלאַווסקי. ער האָט מיך יעדעס מאָל נאָכן לייענען געקושט און פיל מאָל איינגעלאַדן צו זיך. עס איז כדאַי צו באַשרייבן די פּורים־סעודה ביי אים.

די פּורים־סעודה אין יענע צייטן, און איבערהויפּט ביי סאַנע באַניסלאַווסקין, איז נישט געווען פון די קלייניקייטן. עס איז געווען ביי אים אַ מנהג איינצואָרדע־נען פּורים אַ רייכן באַל און איינצולאַדן אַלע דאַמען און הערן פון דייטשלאַנד, מיט וועלכע ער האָט געפירט מסחרים. צו דער סעודה זיינען געקומען פּורים־שפּילער פריילעך מאַכן די געסט.

די בחורים און מיידלעך, נאַטירלעך נישט פון די בית־המדרש זיצער, נאָר פון די אַרבעטער, פלעגן זיך צוזאַמענקומען שבת אין אַ באַשטימט אָרט. מען האָט געקנאַקט באַניקערן, מען האָט געזונגען און מען האָט צוגעגרייט אַ טעאַטער־שטיק אויף פאַרצושטעלן פּורים.

פאַרשטייט זיך, אַז אויף צו שפּילן זיינען געקומען אין באַטראַכט נאָר זכרים. עס וואָלט געווען אַ פּריצות, ווען אַ מיידל וואָלט זיך אָנגאַזשירט אין אַזעלכע ענינים מיט בחורים. ווען אויף דער סצענע האָט זיך גענויטיקט אַ פרוי, האָט אַ בחור זיך געמוזט איבערטאָן פאַר אַ פרוי און אויך ענדערן דאָס קול.

אין יענע צייטן האָבן קורסירט די טעאַטער־שטיק: „באָבע יאַכנע“, „קונע

---

*) ער האָט דערהרגעט אַן „אָביעשטשיק“ און געמוזט עוקר זיין קיין דייטש־לאַנד אויף עטלעכע יאָר.

לעמל״, „שמענדריק״, אאז״וו. צווישן די בחורים זיינען געווען איניקע פעאיקע שפילער.

דעם פורים ווען איך בין געווען איינגעלאַדן צום טיש, האָבן די שפילער פאָרגעשטעלט „שמענדריק״. די „טרופע״ האָט שטאַרק אַמוזירט דעם עולם. מען האָט געלאַכט אָן אויפהער. די הויפט־ראָלע האָט אויסגעפירט אַ בחור, וואָס האָט געאַרבעט ביים בלעכער כתריאל קעסלפליקער אין דער וואַרשעווער גאַס. ער האָט באַוויזן זעלטענע קונצן, געשפרונגען ביזן סופיט. ער איז שוין פאַרבליבן ביים נאָמען „שמענדריק״ זיין גאַנץ לעבן.

סאָנע באַניסלאַווסקי האָט זיך אויסגעצייכנט אויפן געביט פון צדקה. ער האָט מנדב געווען מיט אַ ברייטער האַנט אויפצוהאַלטן אַלע מלאַווער ידישע צדקה חברות. אַ סך מוסדות האָט ער אויפגעבויט פאַר זיין געלט: דעם אהל אויפן אַלטן בית־הקברות אויפן קבר פון אַלטן מלאַווער רב ר׳ וואָלף ליפשיץ זצ״ל, דעם גדר אַרום אַלטן בית־הקברות אויפן „שטעטל״ (דאָס אָרט וואו ידן האָבן געוואוינט 400־500 יאָר צוריק), אַן אוהל אויפן קבר פון מלאַווער רב ר׳ ישראל יצחק קלינגער זצ״ל און אַ וואוינונג אויפן נייעם בית־הקברות פאַר דעם שומר און פאַר אַנדערע זאַכן, ווי אויך אַ טייל פון דעם גדר.

זיין קרוינווערק איז געווען דאָס נייע בית־המדרש. דאָס אַלטע בית־המדרש האָט, מיטן וואַקסן פון דער ידישער באַפעלקערונג, נישט געקענט מער אויפנעמען אַלע מתפללים. דאָס אויפבויען פונעם נייעם בית־המדרש איז דעריבער געווען אַ תיקון גדול פאַר דער קהילה.

און דאָך איז דעם נייעם בית־המדרש אויסגעקומען פיל מאָל צו פוסטעווען, אָדער זיך צו באַגנוגענען מיט אַ קליינע צאָל מתפללים, דעמאָלט ווען דאָס אַלטע בית־המדרש איז געווען שטענדיק פול געפאַקט. דער אַלטער דור האָט פיינט געהאַט צו גיין אין אַן אָרט, וואו עס איז זויבערער און שענער. דאָס נייע בית־המדרש איז דעריבער געווען אַ מקום־תפילה שוין מער פאַרן יינגערן דור. שפע־טער אַן אָרט פאַרן ציוניסטישן עולם, וואָס איז באַשטאַנען פון מער אינטעלי־גענטערן טייל פון דער באַפעלקערונג. מען האָט טאַקע שפעטער געזאָגט „דאָס ציוניסטישע בית־המדרש״ אַנשטאָט „סאָנעס בית־המדרש״.

דאָס בית־המדרש האָט פאַר די ציוניסטן „דעראָבערט״ נתנאל באַניסלאַווסקיס אידעם, ר׳ ישעיה ליפשיץ.

אויפן אָרט, וואו עס האָט זיך שפעטער געפונען דאָס נייע בית־המדרש, איז פריער געשטאַנען אַ קליין הילצערן הייזל. דאָרט האָט געוואוינט זלמן בלום דער בעקער, דער פאָטער פון יעקב בלום.

דאָס לייגן דעם גרונדשטיין פון נייעם בית־המדרש איז פאַרגעקומען מיט גרויס פאַראַד אין דער אַנוועזנהייט פון דער „נאַטשאַלסטוואַ״. דאָס בילד שטייט מיר נאָך איצט לעבעדיק פאַר די אויגן.

דער רום און גלאַנץ פון הויז באַניסלאַווסקי איז פונאַנדערגעוואַקסן מיטן מאָמענט, ווען ער האָט געגומען פאַר זיין איינציקע טאָכטער חיה־שיינע (זשעניע) אַן אידעם פון שכנותדיקן שטעטל בעזוין (ביעזשון), ר׳ ישעיה ליפשיץ.

ר׳ ישעיה ליפשיץ איז געווען אַ שיינער ייד, אַ משכיל פון אַלטן דור, אַ פקח. ווי איך געדענק, איז ער שטענדיק געווען מלאָווער דאָזאָר.

ער איז געווען אַ גרויסער סוחר. ער האָט אָנגעקניפּט האַנדלס־פאַרבינדונגען מיט רוסלאַנד (ראַסטאָוו, צאַריצין). דאָס זיץ־אָרט פון דער פירמע איז שוין איצט געווען וואַרשע. מען האָט געשיקט וואַגאָנען פיש קיין וואַרשע און אַנדערע שטעט אין פוילן, אויך קיין דייטשלאַנד.

⁂

פון די אַנדערע אָנגעזעענע פאַמיליעס, וואָס האָבן דעמאָלט געלעבט אין שטאָט, האָבן זיך באַזונדערס אויסגעצייכנט די פאַמיליעס פון ישראל אַלטער און לעמל קלעניעץ.

דער ראש פון דער ערשטער פאַמיליע איז געווען ר׳ ישראל אַלטער. זיינע קינדער זיינען געווען ר׳ תנחום אַלטער, דער באַקאַנטער ציוניסטישער טוער אין מלאָווע; ר׳ יוסף יהושע אַלטער; הערשקע אַלטער; דער באַוואוסטער בונדישער כלל־טוער וויקטאָר אַלטער און די טאָכטער אסתר.

זיין אידעם איז געווען ר׳ יאָסל גאָלדשטיין, דער פאָטער פון אַ פאַרצווייגטער משפחה אין מלאָווע, וואָס דער מלאָווער שריפטשטעלער, יקיר וואַרשאַווסקי, האָט זי באַשריבן אין זיין בוך „די לעצטע״.

ר׳ ישראל אַלטער האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין ברייטן חסידיש־נגידישן פאַרנעם, אַ מכניס אורח, פון די אָנגעזעענע אַלכסנדר חסידים. לעבן זיין וואוי־נונג האָט ער אָפּגעגעבן צוויי שטובן אויף אַ בית־תפלה, וואָס מען האָט גערופן אין שטאָט „ישראל אַלטערס שטיבל״, אָדער „אַלכסנדער ווטאָראַי״.

ער איז געווען חשוב ביי מלוכה, אַ גרויסער פּאָדריאַטשיק. ער האָט אויפ־געבויט אין דער וואַרשעווער גאַס אַלע קאַזאַרמעס פאַרן קאָזאַקישן פּאָלק, וואָס איז דעמאָלט געשטאַנען אין מלאָווע. מען האָט געזאָגט אין דער שטאָט, אַז ער האָט באַקומען אַ „גאָלדן שווערדל״ פון דער רוסישער רעגירונג.

כ׳געדענק, ביי זיין לוויה, ווען מען האָט דעם אָרון אַדורכגעפירט אין דער וואַרשעווער גאַס, האָט דער מיליטערישער אָרקעסטער געשפּילט אַ טרויער־מאַרש.

דער ראש פון דער צווייטער אָנגעזעענער משפחה איז געווען לעמל קלעניעץ, אַ פאָטער פון מערערע זין, צווישן זיי: הערמאַן (צבי) קלעניעץ, לודוויק (לייבל) קלעניעץ, משה יוסף קלעניעץ.

לעמל קלעניעץ איז געווען אַ גאַנץ פּשוטער ייד. פריער איז ער געווען אַן אַרענדאַר, געהאַנדלט מיט פּריצים, ווי דער שטייגער פון אַרענדאַרן אין יענער צייט. ער האָט שטאַרק מצליח געווען, געוואָרן שפּעטער אַ וואַלד־סוחר. זיין פאַרמעגן איז געוואַקסן. אין שטאָט האָט מען עס געשאַצט אויף נישט ווייניקער, ווי אַ האַלבן מיליאָן קערבלעך.

עס האָבן נאָך אָנטייל גענומען אין געזעלשאַפטלעכן לעבן: ר׳ יהודה מאיר לידזבאַרסקי, ר׳ בונעם סעגאַל, ר׳ ישעיה מאַנדרי, וואָס האָבן געהערט צום גערער לאַגער. כ׳געדענק, אַז דער היינטיקער גערער רבי, נאָך בחיי אביו, דעם „שפת אמת״, איז דורכגעפאָרן מלאַווע אויפן וועג קיין דייטשלאַנד. ער איז איינגעשטאַנען ביי ר׳ ישעיה מאַנדרי, וואו עס איז געוואָרן געפּראַוועט אַ גרויסע סעודה.

פון דער לומדישער וועלט האָט דעמאָלט געלעבט אין מלאַווע ר׳ פּייוול מינץ, וואָס איז געווען אַ קאָצקער חסיד. נאָך דער פּטירה פון קאָצקער איז ער געפאָרן קיין גער.

פון די אַלכסנדער אָנגעזעענע לומדים און נגידים זיינען געווען: ר׳ ירחמיאל לאַנדאַ, באַזיצער פון אַ גרויס הורט איזן־געשעפט, וואָס איז שפּעטער איבערגע־גאַנגען צו ר׳ חיים אליהו פּערלאַ. ר׳ ירחמיאל לאַנדאַ איז געווען בעל־תפילה אין די ימים־נוראים ביי ר׳ ישראל יצחק זצ״ל, דעם אַלכסנדער רבי.

ר׳ איטשע לאַנדאַ, דער פאָטער פון ישראל און וואָלף־מאיר לאַנדאַ, האָט געהאַט זייער אַ פרומע פרוי. מען האָט זי גערופן „צוועטל די רביצין״. דער נאָמען „צוועטל״ איז געווען זייער פּאָפּולער אין שטאָט. ווען חברה האָט געשפּילט אין קאָרטן און מען האָט איינעם געפרעגט, וויפל ער האָט, האָט ער געהאַט צוועלף, פלעגט ער ענטפערן „כ׳האָב צוועטל די רביצין״.

ר׳ וואָלף־מאיר לאַנדאַ איז געווען אַ האַרציקער ליבער ייד, אַ שטאַרקער עניו, אַ מעורב בין הבריות. געווען אַ גרויסער אָרעמאַן, פריער איז ער געווען אַ מאַנופאַק־טור סוחר. ווען ער איז געוואָרן אַ יורד, האָט ער געהאַנדלט אין גאָס מיט אַ ביסל גרינוואַרג. אָבער ער איז שטענדיק אַרומגעגאַנגען מיט אַ פריילעך פּנים. ער האָט פאַרמאָגט דעם אמתן חסידישן עקסטאַז, כדי מקיים צו זיין „עבדו את ה׳ בשמחה״. ער האָט מיט זיין אויפפירן פאַרווירקלעכט די ריכטיקע אַלכסנדער שיטה.

ר׳ איטשקע לאַנדאַ זצ״ל, דעם ביאַלער רבינס זון, דעם טשעכאַנאָווער צדיקס אייניקל, איז געווען אַ שיינער ייד, אַ זעלטענער הדרת־פּנים, געטראָגן „דזכאָוונע״ קליידער. ער האָט געהאַט אין מאַרק אַ מאַנופאַקטור־געשעפט, מיט וועלכן עס האָבן זיך פאַרנומען דאָס ווייב מיט די קינדער. ער איז געזעסן אין שטוב און געלערנט.

צום אַלכסנדער לאַגער האָבן נאָך געהערט: ר׳ טוביה, דער דיין, ר׳ ישראל אַלטער, ר׳ יאָסל גאָלדשטיין, ר׳ עובדיה.

אויך אין באַלעבאַטישן לאַגער האָבן זיך געפונען פראָמינענטע פערזענלעכ־קייטן, מענטשן מיט יידישער און וועלטלעכער בילדונג.

דער גרעסטער טייל פון דעם לאַגער איז באַשטאַנען פון קליינהענדלער, סוחרים, בעלי־מלאכות, פאַר וועלכע עס איז קיין אָרט נישט געווען אין חסידים־שטיבל. אין יענער צייט איז געווען אַ חרפה צו האָבן אַ בעל־מלאכה אין דער משפחה. ביים טאָן אַ שידוך מיט אַ קינד פלעגט דער מחותן, אָדער די מחותנעסטע באַרימען, אַז ביי זיי אין דער משפחה איז זייט אַזוי און אַזוי פיל דורות קיין בעל־מלאכה נישט געווען. דער חסיד האָט געקוקט אויפן בעל־מלאכה פון אויבן אַראָפּ. עס איז געווען אַ קעגנזייטיקע שנאה צווישן דעם חסיד און דעם בית־מדרש־באַלעבאָס. מען האָט געזוכט געלעגנהייטן זיך אָפּצורעכענען. די בעסטע געלעגנהייט איז געווען ביים קלייבן אַ רב, אַ שוחט, אָדער ביי וואַלן פון דאָזאָרעס.

אין באַלעבאַטישן לאַגער האָט זיך געפונען דער אינטעליגענטערער טייל פון דער יידישער באַפעלקערונג, דער טייל, וואָס האָט שוין דערשנאַפּט דעם ריח פון דער השכלה. עס זיינען צווישן זיי געווען צוויי מינים. אייניקע, וואָס האָבן אין זיך אַריינגעזאַפּט די העברעאישע ליטעראַטור פון יענער צייט, ווי מאַפּו, סמאָ־לענסקין, ערטער, וכדומה, געלייענט די דעמאָלטיקע טעגלעכע העברעאישע פרעסע, דעם „המליץ", „הצפירה", „הבקר אור", „כנסת ישראל", „השחר" וכדומה. מען האָט געהאַט הנאה פון אַ גוטן פירוש אין תנ"ך, אָדער פון פאַרענטפערן אַ שווערן רמב"ם, אַ גוטן אַרטיקל פון חז"ס איבער קידוש־החדש, אָדער „ועל המדינות בו יאמר" פון סאָקאָלאָוו, אין דער „הצפירה".

דער אַנדערער טייל איז באַשטאַנען פון די, וואָס האָבן „דערשנאַפּט" די מענדל־סאָנישע השכלה. מען האָט שטודירט דעם חומש מיטן פירוש „ביאור" פון מענדל־סאָן און איבערהויפּט די דייטשע איבערזעצונג. כמעט אַלע משכילים פון דעם מין האָבן ליב געהאַט דייטשע אויסדרוקן אין זייער ריידן. דאָס האָט סטאַביליזירט אַ פאַרטגעשריטענעם משכיל.

די ערשטע, ווי די צווייטע, זיינען געווען הייסע יידן, אָרטאָדאָקסיש גע־שטימט, געפירט אַ יידישע, הונדערט־פּראָצענטיק רעליגיעזע שטוב. מען האָט געהאַלטן פאַר אַ מצווה צו עסן שבת קוגל און אַ גוטן טשאָלנט.

די השכלה האָט ביי זיי אַלע געדינט אַלס אַזאַ מין אָרט „מיפיפיתו של יפת באהלי שם", אָבער דער יסוד איז געווען „שם". מען איז געווען שטאַרק צוגע־בונדן צו דער טראַדיציע און צו דער יידישער קולטור. עס האָט זיך געפונען זעלטן ווער, סיי פון דער עלטערער, סיי פון דער יינגערער גענעראַציע, וואָס זאָל זיך דערלויבן אָנצוטאָן קורצע קליידער. עס וואָלט אין יענע צייטן געהייסן אַ גרויס פאַרברעכן, גלייך ווי מען וואָלט חלילה עובר געווען אויף די עיקרים פון אינערלעכן יידישן לעבן.

אייניקע פון זיי האָבן זיך דערלויבט אָנצוטאָן קליידער נאָר, ווען זיי האָבן

געדאַרפט אַריבערפאָרן די גרענעץ קיין דייטשלאַנד צוליב מסחר, אָבער ווען מען איז נאָר אַהיימגעקומען, האָט מען גלייך די קורצע קליידער אַריינגעהאַנגען אין שאַנק אַריין.

די השכלה זייערע האָט זיך אויסגעדריקט אין דער שטרעבונג צו געבן די קינדער אַ מאָדערנערע דערציאונג, מער תנ״ך און ווייניקער גמרא, כדי עס זאָל בלייבן די קינדער צייט זיך צו באַשעפטיקן מיט אַלגעמיינע לימודים.

עס איז אויפגעקומען די פראַגע מכח גרינדן בעסערע חדרים אַנשטאָט די פריערדיקע, וואָס זיינען געוואָרן אָנגעפירט פון מלמדים פון אַלטן טיפּ.

עס זיינען אין מלאַווע געגרינדעט געוואָרן צוויי „חדרים מתוקנים״ אָנגעפירט פון טשייקער און פון יוזשעלעווסקין. דער ערשטער ייד אַ משכיל פון אַלטן דור, אַ בן־תורה. משה שוחט איז געווען זיין איידעם. דער צווייטער אויך אַ משכיל, קורץ געקליידט *).

די בידע חדרים האָבן געהאַט די רייכסטע קינדער פון שטאָט, מיט אַ בעסערן שכר־לימוד. יוזשעלעווסקי האָט געהאַט מער קינדער, ווי דער טשייקער.

אין בידע חדרים איז אָפּגעגעבן געוואָרן מער אָרט פאַר תנ״ך, טיילמאָל אויך מיט אַ מאָדערנעם פירוש. אין אַנדערע חדרים האָט מען געלערנט נאָר מיט פירוש רש״י.

דאָס גרינדן די נייע חדרים האָט אַרויסגערופן אַ שטילן פּראָטעסט מצד די חסידים. מען האָט געקוקט אויף די עלטערן, וואָס האָבן אַהין געשיקט די קינדער מיט אַ קרום אויג.

די משכילים וואָס האָבן דערוואָרבן זייער השכלה פון יידישע מקורות, האָבן זיך נאָך געהאַלטן ביי דער חסידישער קליאַמקע, נאָך געגאַנגען דאַווענען אין שטיבל, און טיילמאָל לפנים אויך געפאָרן צום רבין. זיי האָבן זיך נישט געקענט אַזוי שנעל געזעגענען מיטן חסידים־שטיבל, ווייל זיי זיינען אַלע געווען פריער חסידישע בחורים, אַליין געלערנט אין שטיבל, מיט טויזנטער פעדעם געקניפּט מיטן שטיבל. די חסידים אָבער, מיט זייערע „שמעקערס״ האָבן באַלד דערשנאַפּט, אַז עס איז נישט מיט זיי „גלאַט כשר״. מען האָט אויף אַזאַ איינעם געקוקט מיט אַ קרום אויג.

די „מענדלסאָנישע״ משכילים זיינען געווען באַלעבאַטישע יידן, שטענדיקע דאַוונער פון די בתי־מדרשים אָדער שול, האָבן זיך געפילט אין זייערע מעשים פיל פרייער, ווי די חסידים. זיי האָבן איבער זיך קיין קאָנטראָל נישט געהאַט, זיי זיינען קיין רדיפות נישט אויסגעשטאַנען.

צו דער ערשטער קאַטעגאָריע האָבן געהערט: דוד אָפּאַטאָווסקי, תנחום אַלטער, לעדערבערג, משה ביאַלעק, דער טשייקער. צו דער צווייטער: חיים

---

*) ר׳ דוד אָפּאַטאָווסקי האָט אים אַראָפּגעבראַכט פון דער ליטע.

מאַקאָווסקי, אברהם ריבאַק, יוסף ריבאַק, הערשל קלעניעץ, ישעיה ליפשיץ, שמואל קאַנעצקי.

ר׳ דוד אַפּאַטאָווסקי איז געווען אַ זון פון ר׳ ישראל לייזער אַפּאַטאָווסקי, פון אַן אָנגעזעענער חסידישער משפחה אין טשעכאַנאָוו, אין זדונסקע־וואָליע, וואָס האָט זיך גערעכנט אין קרובהשאַפט מיטן באַרימטן „טשעכאַנאָווער צדיק", מיט ר׳ ישעיהלע פשעדבוזשער, מיט ר׳ פאָוועלע דאַנציגער פון גריצע.

ר׳ דוד האָט געהייראַט מיט דער איינציקער טאָכטער פונעם אַרענדאַר פון טורזשע, אַ דאָרף לעבן מלאַווע, אברהם דאָמבקעוויטש, אָדער אברהם טערזשער.

ר׳ דוד האָט די צייט פון זיין קעסט־עסן אויסגענוצט אויף לערנען דעם תלמוד און נושאי־כליו, ווי אויך השכלה און חקירה־ספרים. ער האָט געהאַט אַ באַזונדערע נייגונג פאַר געשיכטע און געאָגראַפיע און אויף דעם געביט האָט ער אַרויסגעוויזן וואָגיקע ידיעות.

עס זיינען אים אין דער צייט פון זיינע קעסט געבוירן געוואָרן דריי זין — משה, פאָוועש־שרגא און דער באַוואוסטער שריפטשטעלער יוסף אַפּאַטאָשו.

ר׳ תנחום אַלטער איז געווען אַ טיפּ פון אַ חסידישן אינטעליגענט. ער האָט באַקומען אין דער שטוב פון זיינע עלטערן אַן עכט יידישע דערציאונג און אויך אַ וועלטלעכע. זיין פאָטער ר׳ ישראל האָט געהאַלטן פאַר נויטיק צו געבן זיינע קינדער אַלגעמיינע בילדונג צוליב די פאַרצווייגטע געשעפטן, וואָס ער האָט גע־פירט מיט דער דעמאָלטיקער רוסישער מאַכט.

ר׳ תנחום האָט שוין דעמאָלט גערעדט רוסיש און פויליש.

שפּעטער האָט ער זיך מיט זיין גאַנצן חסידישן ברען אַריינגעוואָרפן אין דער ציוניסטישער באַוועגונג און אַ סך אויפגעטאָן פאַר איר אין מלאַווע.

***

משה ביאַלעק איז אויך אַ טיפּ פון אַ משכיל פון אַלטן דור, אָבער ראַדיקאַל געשטימט. נאָך דער באַלפור־דעקלאַראַציע האָט ער ליקווידירט זיין געשעפט און איז אָוועקגעפאָרן מיט זיין משפחה קיין ארץ־ישראל.

***

חיים מאַקאָווסקי איז געווען אַן אָנגעזעענער באַלעבאָס, אַ סוחר, אַן איבער־געגעבענער חובב־ציון. די קינדער האָט ער אויך דערצויגן אין דעם גייסט. ער איז געווען דער פאָטער פון בנימין, נחום, צבי און ד״ר יוסף מאַקאָווסקי.

דער עלטסטער זון בנימין האָט צוליב אַ טראַגעדיע, וואָס ער האָט דורכגעמאַכט אין זיין פּריוואַטן לעבן, געענדערט זיין אופן לעבן, איז געוואָרן רעליגיעז, האָט געפירט אַ לעבן פון פרישות, געלערנט יומם ולילה, אָפּגעהאַלטן תעניתים און עוסק געווען אין צדקה און מעשים טובים.

⁂

אברהם ריבאַק, אַ סוחר, אַ חובב־ציון. געווען פאַרטרעטער פאַר מלאַווע און די אומגעגנד פון אַדעסער קאָמיטעט „תמיכה לעובדי אדמה בא״י ובסוריה״.

ער איז אויך געווען דער פאַרטרעטער פון „איקאַ״. ער האָט געהאַט די אויפזיכט איבער דער יידישער עמיגראַציע, וואָס איז דעמאָלט מאַסנוויז געגאַנגען איבער דער גרענעץ דורך מלאַווע צו דער ערשטער דייטשער סטאַנציע „אילאָווא״. דאָרט האָבן די עמיגראַנטן דורכגעמאַכט אַ קאַראַנטין און געוואָרן אָפּגעשיקט קיין האַמבורג אָדער קיין ברעמען, און פון דאָרט זיינען זיי מיט דייטשע שיפן אין דער ברייטער וועלט אַריין.

די קאַראַנטין־סטאַנציע איז געשטאַנען אונטער דער אויפזיכט פון דער דייטש־יידישער עקספּעדיציע־געזעלשאַפט פון חיים־לייב וואַזשניאַנסקי און קינדער.

דער אָנפירער פון דער פירמע, חיים־לייב וואַזשניאַנסקי, איז געווען אַ ליטווישער ייד, אַ בר־אוריין. ער האָט איינגעוואַנדערט קיין דייטשלאַנד אין די 70־קער יאָרן און זיך דאָרט נאַטוראַליזירט. זיין הויז איז געוואָרן געפירט שטרענג אָרטאָדאָקסיש. אויך זיינע קינדער זיינען געגאַנגען אין זעלבן דרך.

⁂

ר׳ יוסף ריבאַק איז געווען איינער פון די גרינדער פון דער ציוניסטישער באַוועגונג אין מלאַווע.

איך געדענק אַ פייערונג אין זיין הויז, דאָס איז געווען אין יאָר 1901 אָדער 1902. די ציוניסטן האָבן איינגעאָרדנט אין זיין דירה אַ חנוכה־יום־טוב. מען האָט איינגעלאַדן די גאַנצע ציוניסטישע עליטע פון דער שטאָט. מען האָט פאַרבראַכט איניקע שעה ביי אַ געדעקטן טיש און דער חזן חיים־חייקל זעלוויאַנסקי, דער נייער שטאָט־חזן נאָכן פאַרשטאָרבענעם חזן אלימלך קינסטלער, האָט באַוויזן מיט זיין כאָר זיין גאַנצן כוח אין חזנות. כ׳געדענק נאָך, מען האָט געזונגען: „שם במקום ארזים״, „אויה כי עוטיה אני״, „עם עולם״.

⁂

ישעיה ליפשיץ, אַ ייד אַ משכיל. ווען ער האָט געזען אַ חסידישן בחור, וואָס וויל זיך בילדן, האָט ער אים גלייך אויסגעשטרעקט ביידע הענט, מקרב געווען און געהאָלפן.

איך האָב געפונען ביי אים אַ פריינדלעכע שטיצע, ווען די חסידים האָבן מיך גערודפט, ווייל כ׳האָב פאַרלאָזט דאָס בית־המדרש און זיך גענומען צו וועלטלעכע בילדונג. האָט ר׳ ישעיה ליפשיץ מיר אָפּגעגעבן אַ באַזונדער צימער אין

דער סוטעריגע פון זיין הויז און דאָרט האָב איך מיך געלערנט. דאָס צימער איז געוואָרן אַ „בית־ועד לחכמים" פאַר אַזעלכע בחורים, ווי איך. מען האָט דאָרט עוסק געווען אין השכלה ספרים, מען האָט געלערנט פּשט אין בערדיטשעווסקין, אין זיינע „ערכין חדשים".

שמואל קאָנעצקי איז געווען אַ גרויסער עסקן אין קהלשע ענינים. זינט איך געדענק איז ער ביי אַלע וואַלן אויסגעוויילט געוואָרן פאַר דאָזאָר. אָן קאָנעצקין האָט מען קיין „קאַבינעט" נישט צוזאַמענגעשטעלט. ער איז געווען כמעט דער איינציקער ייד, וואָס איז געווען קורץ געקליידט. דער צווייטער איז געווען אַללאַנד, געוועזענער בוכהאַלטער ביי ר' ישראל אַלטער.

אין יענער צייט האָט געדינט אין דראַגונער פּאָלק, וואָס איז געשטאַנען אין מלאַווע, דער זון פון פּעטערבורגער באַראָן גינזבורג. די גאַנצע אויפמערקזאַמ־קייט פון דער שטאָט איז געווען געווענדט אויפן באַראָן. ווען ער איז צוזאַמען מיט אַנדערע סאָלדאַטן אַדורכגעפאָרן די גאַס, זיינען אַלע געשטאַנען אין די טירן פון די געוועלבער און אים באַוואונדערט. ווען ער איז אַריין אין אַ געשעפט עפּעס קויפן, האָבן אים מענטשן אָפּגעוואַרט און ביים אַרויסגיין באַגריסט.

איינמאָל שבועות איז ער געוואָרן איינגעלאַדן דורך די דאָזאָרעס צום דאַווענען אין שול אַריין. די שול איז געווען דעקאָרירט, דיוואַנען אויסגעשפּרייט פון ביידע זייטן שול פונעם אַריינגאַנג ביז דער מזרח־וואַנט. ביי זיין אָנקומען איז אים אַנטקעגן געגאַנגען קאָנעצקי אָנגעטאָן אין גאַלאַ־קליידונג מיט אַ צילינדער אויפן קאָפּ.

פאַרן פאַרענדיקן זיין דינסט אין מיליטער, האָט זיך דער באַראָן געוואַנדן צו דער קהילה און פאָרגעשלאָגן מנדב צו זיין אַ סומע געלט אויפצושטעלן אַ וואויל־טעטיקע אינסטיטוציע, כדי צו פאַראייביקן זיין נאָמען. זיין פאָרשלאָג איז געווען צו גרינדן אַ מעכאַנישע האַנטווערקער־שול. מען האָט צוזאַמענגערופן אַ ספּע־ציעלע זיצונג פון די דאָזאָרעס, אָבער דער חסידישער דאָזאָר ר' ישעיה מאַנדרי האָט געמאַכט אַ גוואַלד: „היתכן? מען וויל אָוועקרייסן יידישע קינדער פון תורה און מאַכן זיי פאַר בעלי־מלאכות!" — און פון דעם גוטן פּראָיעקט איז גאָר־נישט נישט געוואָרן.

שמואל קאָנעצקי איז געווען אַ גרויסער סוחר, דער גרינדער פון הורט־האַנדלס־הויז „קאָנעצקי עט פראַנק", וואָס איז געווען זייער באַקאַנט אין יענער צייט.

⁂

מענדל ווישינסקי, אָדער ווי מען האָט אים גערופן „מענדל באַשקעס", איז געווען אַ טיפּ פון אַ פאַרצייטישן כלל־טוער. ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן אַ טובה פאַר רבנים, און אַפילו פאַר אַ יחיד,האָט ער געאַרבעט ביז מסירת־נפש. מענדל האָט נישט געוואַרט ביז מען וועט אים איינלאַדן צו דער אַרבעט.

אַט איז ער געגאַנגען און האָט זיך פאַרשריבן אין דער פייערלעשער קאָמאַנדע, וואָס איז געלעגן אין גוייִשע הענט. „וואָס וועט זיין דער גורל פון דער יידישער באַפעלקערונג, ווען עס וועט אויסברעכן אַ שרפה אין יידישן קוואַרטאַל, וואָס באַשטייט פון אַלטע הילצערנע געביידעס? עס וועט דאָך אַלץ אַוועק מיטן רויך". מענדל אָרגאַניזירט אַ גרופּע פון יידישע יינגע לייט און טרעט מיט זיי אַריין אין די פייערלעשער. כ׳געדענק, אַז צווישן זיי איז געווען, אויסער מענדלען, העזשע יאַבלאָנסזון.

כ׳געדענק נאָך דאָס בילד, ווי מענדל האָט אויסגעזען, אַרויסגייענדיק אויף איבונגען. אַ קורץ בלוי רעקל מיט אַ לעדערנעם פּאַסעק, און אַ מעשענער הוט אויפן קאָפּ. מען איז געלאָפן ווי אויף בייז וואונדער. עס איז געווען דעמאָלט אַ נייע דערשיינונג אין יידישן לעבן.

די ציוניסטישע יוגנט, וואָס איז באַשטאַנען פון געוועזענע חסידישע בחורים, האָט געפונען אין אים אַן ערנסטן פאַרטיידיקער קעגן די אָנפאַלן מצד די חסידים. ער האָט זיך דערלויבט צו געבן אַ גוטן בייזער און טיילמאָל אויך גוט אָנצוזידלען.

איינמאָל, ווען כ׳האָב אַלס בעל־קורא אין אַלטן בית־המדרש, געהאַלטן אין מיטן לייענען די סדרה, איז משה יוסף קלעניעץ, דער באַוואוסטער בעל־תשובה, אַרויף, האָט מיך מכבד געווען מיט אַ הילכיקן פּאַטש און אויסגעשריגן: „דו שייגעץ, דו ציוניסט, דו אַפּיקורס, פּושע־ישראל", און ער האָט מיך אַראָפּגעוואָרפן פון בעלעמער. אין בית־המדרש איז אויסגעבראָכן אַ גרויסע מהומה צווישן די ציוניסטן און זייערע קעגנער. מענדל ווישינסקי האָט נישט פאַרשוויגן. דעם זעלבן שבת זיינען ביי משה־יוספן אויסגעהאַקט געוואָרן די שויבן. עס וואָלט אַנטשטאַנען אַ גרויסע מחלוקה, נאָר אַדאַנק דעם רב, האָט זיך דער אינצידענט געענדיקט בשלום.

מענדל גרינדעט אין שטאָט אַ „ביתלחם" און אַ „עזרת חולים".

בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה זיינען אין געגנט פון מלאַווע געפאַלן יידישע קרבנות פון די דייטשע און רוסישע גראַנאַטן, ווי אויך פון סתם רציחות. מען האָט זיי געדאַרפט ברענגען צו קבר ישראל. דער וועג איז געווען געפערלעך. מענדל קוקט נישט אויף קיין געפאַר, נעמט אַ פערד מיט אַ וועגעלע, לייגט אַליין אַרויף די מתים און ברענגט זיי אויפן בית־הקברות.

שפּעטער, ווען די דייטשן האָבן שוין געהאַט באַזעצט די שטאָט און די אומגעגנד, און דער רוסישער פראָנט איז געווען ביי וואַרשע, איז אָנגעקומען דער יום־טוב סוכות. וואו באַקומט מען אַן אתרוג? דאָ באַווייזט מענדל ווישינסקי זיין גאַנץ מסירות־נפש פאַר אַ יידישער זאַך. דער רב האָט אים פאַרשאַפט פון דער דייטשער מאַכט אַ פּאַסיר־שיין אויף אַריבערצוגיין דעם דייטשן פראָנט. דעם רוסישן פראָנט האָט ער זיך אַריבערגעשמוגלט און איז אָנגעקומען גליקלעך קיין וואַרשע. אַ טאָג פאַר סוכות דערשיינט מענדל אין מלאַווע מיט אַ פּעקל אתרוגים.



מיין פאַטער פייוויש ווינדיצקי, אָדער ווי מען האָט אים גערופן „פייוויש גלעזער" איז געווען אַ יודע ספר, אַ באַלעבאַטישער ייד, געדאַוונט אין בית־המדרש. ער איז אין דער יוגנט געפאָרן נאָך גאַסטינין, וואורקע, און שפּעטער צום טשעכאַנאָווער צדיק. ער האָט דערציילט, אַז ער איז אַמאָל ערב שבת פאַרטאָג אַרויסגעגאַנגען צו פוס צום רבין קיין טשעכאַנאָו צוזאַמען מיט איטשע דרעזנער, וואָס מען האָט אים גערופן „איטשע פאַנצאַק".

נאָך דער פטירה פון טשעכאַנאָווער צדיק האָט ער אויפגעהערט צו פאָרן צו רביים.

אַז עס איז אַמאָל געקומען קיין מלאַווע אַ רבי און געפּראַוועט טיש און מיין פאַטער איז געווען איינגעלאַדן, האָט ער פאַרלאָזט אין מיטן דער סעודה, זאָגנדיק: „איך קען עס נישט סובל זיין, עס איז נאָכגעמאַכט".

די קינדער האָט ער דערצויגן שטרענג רעליגיעז, די זין מגדל געווען צו תורה. די טעכטער האָט ער קיין גרויסע בילדונג נישט געגעבן, נאָר ווי עס האָט זיך געפאָדערט אין יענער צייט, עלעמענטאַרע בילדונג: קענען אָנשרייבן אַ ייִדיש בריוול, אַן אַדרעס אויף פּויליש אָדער רוסיש, ווי אויך די 4 טיילן פון חשבון. ווי אַזוי צו רעדן מיט אַ גוי האָט מען זיך שוין אַליין אויסגעלערנט.

אין יענער צייט זיינען געווען אין מלאַווע צוויי ייִדישע לערער: ישראל אַפּטער און ישראל לערער. זיי האָבן געגעבן פּריוואַטע לעקציעס ייִדישע טעכטער. מען האָט געקויפט אַ פּאָר בויגן ווייס פּאַפּיר, אַפּגעליניירט, אָדער אַ גראַפיט־טאַבליצע, טיילמאָל האָט מען געלערנט פּשוט אויף אַ קעסטל מיט זאַמד. מען האָט געשריבן די אותיות און שפּעטער ווידער אויסגעגלייכט. די האַנטשריפטן פוןביידע לערער זיינען געווען זעלטן שיין.

מיין עלטערער ברודער משה־יוסף איז געווען אַ נפש יקרה, טאָג און נאַכט פאַרטאָן בתורה ועבודה. ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן פון זיינע מעשים,האָט ער געשטרעבט דערגיין צו דער מדרגה פון אַ רבין. מען פלעגט אים טרעפן אין דער ווייבער־שול אין דער הויך אָנגעטאָן אין טלית און תפילין און דאַווענען מנחה מיט גרויס דבקות. דער גורל זיינער איז געווען אַ טרויעריקער, פון זיינע חלומות איז גאָרנישט געוואָרן, ביז דער טויט האָט אים אויסגעלייזט פון זיינעליידן.

דער צווייטער ברודער נתנאל איז געווען אַ גרויסער למדן. נאָך אַ בחור האָט ער געענדיקט איניקע מאָל ש"ס. ביים ערשטן מאָל האָט מען געפּראַוועט אין דער היים אַ גרויסע סעודת־מצוה. עס זיינען געווען איינגעלאַדן די חשובע בחורים פון גערער שטיבל, ווי משולם, אפרים מלמדס זון, וואָס איז שפּעטער געווען ראש־ישיבה אין דער גערער ישיבה אין גער, איטשע קאַפּטאַל, וואָס איז געוואָרן

שפּעטער מורה־הוראה אין פּולטוסק, אדם דוד שפּירא, כתריאל העניך וויינגאַט און אַנדערע.

די דעמאָלטיקע חשובע בחורים האָבן באַזעצט די בענק פון די שטיבלעך און עוסק געווען אין לערנען. אין בית־המדרש האָבן די בענק אַ גאַנצן טאָג גע־פּוסטעוועט. נאָר בין מנחה למעריב זיינען די בענק געווען באַזעצט דורך באַ־לעבאַטים, וואָס האָבן דאָרט געלערנט איינגעטיילט אין חברות: חברה משניות, חברה חיי אדם, חברה לימוד אגדה א״אַנד. יעדע חברה ביי איר טיש.

צווישן די חשובע בחורים האָבן זיך נאָך גערעכנט: שלמה לידזבאַרסקי, יהודה־מאירס זון, וואָס איז שפּעטער געוואָרן איינער פון די חשובע מאַנופאַקטור סוחרים אין פּוילן, פּנחס טייטלבוים, שמואל־לייבס זון, וואָס איז שפּעטער געווען גבאי פון גערער שטיבל אין בערלין, כתריאל, חנוך, יונה וויינגאַט, אַלע שמואל־דוד שוחטס זין, פייוול און חנוך נאָוואָגראָדסקי, חנוך און יצחק מאַנדרי, ישעיה מאַנדריס זין, דער לאָמער שלמה פרידמאַן, אפרים וויינמאַכערס זון. דער לאָמער שלמה האָט געהאַלטן אין שטיבל דאָס שענקל פון פאַרקויפן שנאַפּס. ער פלעגט אַליין פון צייט צו צייט צוכאַפּן זיך צום שענקל און מאַכן אַ כוסה. ער איז געווען אַ גרויסער עקשן.

פייוול פּילאַר, יחזקאל קאַלינאַס איניקל, האָט געשמט אין זיינע קינדער־יאָרן אַלס עילוי. אויסער זיין גוטער תפיסה אין לערנען האָט ער געהאַט אַ זעל־טענעם טאַלאַנט צום מאָלן בילדער און קאַריקאַטורן. כ׳געדענק, ווי ער האָט אין וויניקע מינוטן אַנגעמאָלט אַ בילד, ווי אַ רבי פאָרט אין אַ שליטן און חסידים הענגען זיך נאָך פון אַלע זייטן, איינער אויפן קאָפּ פון צווייטן.

משה מערקער האָט געהאַט אַ זעלטן גוטן קאָפּ צום לערנען. ער איז געכאַפּט געוואָרן צו דער השכלה. בעתן לערנען אין אַלכסנדער שטיבל האָבן זיך ביי אים געפונען „ספרי מינים״. אין שטיבל האָט מען באַלד דערפילט, אַז מיט משה מערקער איז עפּעס נישט כשורה. מען האָט אים געגעבן אַ „זריקה״ פון שטיבל. די „זריקה״ האָט ביי אים נאָך מער פאַרשטאַרקט דעם חשק צו השכלה. ער האָט שוין דעמאָלט אָנגעהויבן שרייבן דערציילונגען אין העברעאיש.

אין מלאַווע האָט זיך געגרינדעט אַ השכלה־קרייז, צו וועלכן עס האָבן גע־הערט: משה מערקער, יקיר וואַרשאַווסקי, מאַנעס באַניסלאַווסקי, חיים ברעסלער, יעקב בעזשונסקי, זיגמונט קלעניעץ, יצחק פּשעטיצקי, יצחק ליפשיץ, אבא טי־קולסקי, איך און נאָך איניקע.

יקיר וואַרשאַווסקי, אהרן וואַרשאַווסקיס זון, האָט געלערנט אין אַלכסנדער שטיבל. די חסידים האָבן געזען, אַז יקיר חברט זיך צופיל מיט מערקערן און זייער חשד איז געוואַקסן. עס וואָלט אים דערוואַרט דער זעלבער גורל, וואָס זיין חבר משה, אָבער עס איז אים בייגעשטאַנען דער זכות פון זיין פאָטער. ער איז געבליבן אין שטיבל. דאָס האָט אים אָבער נישט אָפּגעהאַלטן אין זיין דראַנג

צו בילדונג. ער האָט אָנגעהויבן שרייבן אין העברעאיש און געשיקט אין העברע־אישן זשורנאַל „המעורר״, וואָס איז דעמאָלט דערשינען אין לאָנדאָן אונטער דער רעדאַקציע פון י. ח. ברענער. כ׳געדענק נאָך זיין שמחה, ווען ער האָט דערזען זיין ערשטע געדרוקטע דערציילונג.

יקיר וואַרשאַווסקי האָט אויך געשריבן אין ידיש. ער האָט פון „פאָרווערטס״ באַקומען 50 דאָלאַר, אַן ערשטן פּריז אויף אַ קאָנקורס פון דערציילונגען.

אין זיין בוך „די לעצטע״ באַשרייבט ער דאָס הויז פון יאָסל גאָלדשטיין און אַנדערע מלאָווער פּערזענלעכקייטן.

ער איז געווען לערער פון העברעאיש אין פּלאָצק און שפּעטער אין וואַרשע.

⁂

אברהם יעקב נאַזשעמסקי (דעם קאָלעקטאָר נאַזשעמסקיס זון) האָט געהאַט זעלטענע אָרגאַניזאַטאָרישע פעאיקייטן. ער האָט געהאַלטן רעפעראַטן פאַר דער יוגנט און גערעדט מיט התלהבות, אַז יעדער ייד איז מחויב אָפּצוגעבן זיין לעבן פאַרן פאָטערלאַנד. דאָס וואָרט „פאָטערלאַנד״ האָט ער באַנוצט אַזוי אָפט, אַז מען האָט אים גערופן „פאָטערלאַנד״. די חסידים האָבן אים גערודפט „עד לחרמה״. עס איז אים געשען אַן אומגליק און מען האָט אים אָראָפּגענומען אַ פוס. האָבן חסידים גערעדט: „אַ שאָד וואָס נישט ביידע״.

אין 1905 איז ער פאַרשיקט געוואָרן אין תפיסה קיין פּלאָצק. פון דאָרט איז ער צוריקגעקומען קראַנק און קורץ נאָך דעם געשטאָרבן.

⁂

אַ באַזונדער קאַפּיטל שטעלט מיט זיך פאַר דער שטאָט־נאַר אָדער שטאָט־משוגענער חיים משה. ער איז געווען זייער פּאָפּולער אין דער שטאָט. האָט איינער געוואָלט באַליידיקן דעם צווייטן, האָט ער אים געזאָגט: „ביסט אַ חאַמוישע״ (חיים־משה).

ער איז געווען אַ גיבור, און אין דער זעלביקער צייט אַ גוואַלדיקער פּחדן. און מורא געהאַט פאַרן קלענסטן יינגעלע. פאַר אַ דערוואַקסענעם מענטש איז זיין פּחד געווען נישט צו באַשרייבן.

ער האָט געאַרבעט אַלס געהילף ביים שוסטער הערשל פּאַוואָנזעק. ווען חיים־משה האָט עפּעס נישט געוואָלט טאָן, אָדער די אַרבעט איז נישט געווען אַזוי, ווי הערשל האָט געוואָלט, האָט ער אים געהאַקט איבערן קאָפּ און איבערן גאַנצן קערפּער מיט אַ לעדערנעם רימען. חיים־משה האָט אַראָפּגעבויגן דעם קאָפּ

און אויפגענומען די קלעפּ אָן דעם קלענסטן ווידערשטאַנד. די מורא איז געווען שרעקלעך.

חיים־משה האָט געהאַט אַ פענאָמענאַלן זכרון. ער האָט געדינט אַלס שטאָטישער „ספר הזכרונות“, אַלס פנקס הקהילה, אַלס שטאָטישער קאַלענדאַר פון „ספרי החיים והמתים“ און אויך פון די דינים און מנהגים פון שול. האָט איינער געוואָלט וויסן דעם טאָג פון יאָרצייט פון זיין זיידע, פאָטער, מוטער אָדער אַנדערע קרובים, האָט ער זיך געוואָנדן צו חיים־משהן: „חיים־משה, זאָג נאָר, ווען פאַלט אויס דער יאָרצייט פון מיין באָבע שרה־גיטל?“ „צוויי טאָג אין שבט“, „אין וועלכן יאָר איז זי געשטאָרבן?“ „אין תרל״ג“. אַזוי האָט ער געדענקט גענוי די יאָרצייטן און געבורטסטעג פון דער גאַנצער יידישער באַפעלקערונג פון דריי דורות.

אַזוי אויך אין די דינים פון שול, וואָס מען לייענט אין יום־טוב, וואָס פאַר אַ הפטורה ווערט געזאָגט שבת, דעם יום־טוב, אין וועלכן טאָג איז אויסגעפאַלן ראש־השנה אין יאָר תרמ״ה.

זיין עסן איז נישט געווען, ווי פון אַ געוויינלעכן מענטש, נאָר ווי פון אַ חיה. שבת איז ער געגאַנגען איבער דער שטאָט, באַזוכט אַלע באַלעבאַטים און צוזאַמענגענומען אַלץ, וואָס איז איבערגעבליבן פון די טשאָלענטער. וואָס ער האָט נישט באַוויזן אויפצועסן אויפן אָרט, האָט ער אַריינגעלייגט אין זיין הויכן הוט און דעם הוט אָנגעטאָן אויפן קאָפּ. ער האָט אַלץ אַריינגעבראַכט צו הערשל פּאַוואָנזעק, וואו ער האָט געהאַט זיין סטאַנציע. פון די אַלע טשאָלענטער האָט ער געגעסן אַ פּאָר טעג שפּעטער.

ער האָט אויסערגעוויינלעך ליב געהאַט מוזיק. ווען ער האָט געהערט שפּילן דעם מיליטערישן אָרקעסטער, האָט שוין קיין שום כוח אים ניט געקענט אָפּהאַלטן פון אַרויסלויפן אין גאַס אַרויס, אַפילו נישט די קלעפּ פון הערשל פּאַוואָנזעק. האָט הערשל פאַרשלאָסן די טיר, האָט זי חיים־משה מיט איין זעץ אויפגעהאַקט און איז אַרויס אין גאַס.

ווען ער איז צוגעקומען צום אָרקעסטער איז צו זיין התפעלות קיין גרענעץ נישט געווען. ער איז געגאַנגען פאַרן אָרקעסטער, געטאַנצט און געשפּרונגען מיט התלהבות. טיילמאָל האָט דער אָרקעסטער געמוזט אויפהערן צו שפּילן, ווייל די מוזיקאַנטן האָבן זיך צעלאַכט.



אַזוי האָט אויסגעזען דאָס יידישע מלאַווע ביזן יאָר 1907, ווען איך האָב פאַרלאָזט די שטאָט.

דוד קרישטאַל

# זכרונות

מיט אַן ערך 80 יאָר צוריק איז געווען רב אין מלאַווע איינער פון די גדולי המתנגדים, הרב ר׳ וואָלף ליפשיץ *). ער איז געווען אַ גרויסער קפדן און אַ מחמיר. דאָס מתנגדות קעגן חסידים האָט ער ביי יעדער געלעגנהייט אַרויסגעוויזן. אָט, למשל, פסח צו דער ערשטער סדר־נאַכט האָט ער אַרויסגעשטעלט אין זיין פענצטער אַ טעלער מיט קניידלעך, להכעיס די חסידים וואָס עסן נישט קיין געבראָקטס אין פסח. איינס פון זיינע מנהגים איז געווען יעדן פרייטיק נאָך חצות, פלעגט ער קו־מען אין אַלטן בית־המדרש, אַרויסגענומען אַ ספר־תורה פון אָרון קודש און פון איר מעביר געווען די סדרה. נאָך זיין פטירה, ווי ער איז נקבר געוואָרן אויפן אַלטן בית החיים, האָט מען אויפן קבר אויפגעשטעלט אַ קליין אוהל *).

דער ממלא מקומו איז שוין געווען איינער פון די גדולי החסידים, ישראל יצחק קלינגער, פון די אָנגעזעענע וואורקער חסידים, דערנאָך פון די ביאַלער.

נאָך דער פטירה פון ביאַלער רבין, ר׳ בעריש ז״ל, האָט דער ערשטער אַלעק־סאַנדרער רבי, ר׳ יחיאל זצ״ל, וואָס איז דעמאָלט געווען פילצער רב — אָנגעהאַלטן אַז דער מלאַווער רב, ר׳ ישראל יצחק, זאָל איבערנעמען דעם עולם. ער זאָל ווערן

---

*) דער מלאַווער רב, ר׳ וואָלף, איז געווען ר׳ חיים ליפשיצעס פון פלאָצק אַ זון. ר׳ חיים איז געווען אַן אייניקל פונעם רשכב״ה, דעם בעל „בית מאיר״ — ר׳ מאיר פויזנער, אבד״ק שאטלאַנד בדאַנציק.

ר׳ חיים ליפשיץ האָט געהאַט דריי זין און צוויי טעכטער. דער לעצטער זון, ר׳ יצחק אייזעק, איז געווען ר׳ יוסל טוכהענדלערס (פון טשעכאַנאָווע) אַן איידעם. די טאָכטער פריווע איז געווען ר׳ יהושיעלע קוטנערס ווייב. ר׳ וואָלף איז געווען מלאַווער רב און ר׳ משה ליפשיץ — לאָדזער רב.

ר׳ יוסל טוכהענדלערס איידעמס זיינען געווען — ר׳ יצחק אייזעק ליפשיץ און ר׳ ישראל לייזער אַפּאָטאָווסקי פון זדונסקע-וואָליע. ר׳ יוסלס זון, ר׳ פישל, איז געווען דער איידעם פונעם רבי, ר׳ פאַוועלע דאַנציקער פון גריצע. ר׳ פישלס ווייב, מרת סימעלע, האָט אויף דער עלטער געפירט דאָס באַלעבאַטישקייט ביי איר ברודער אין אַלעקסאַנדער הויף, ביים רבי ר׳ יחיאלן.

(רעדאַקציע)

רבי איבערן ביאַלער־וואורקער עולם. אָבער אונדזער רב האָט עס נישט אָנגענומען. ער האָט ווייטער געוואָלט זיין אַ תלמיד, נישט קיין רבי. און איז טאַקע געפאָרן ווי אַ חסיד צום אַלעקסאַנדרער רבין. ער האָט זיין רבנות אין מלאַווע געפירט אויפן חסידישן שטייגער — מיט דאַווענען שפּעט, מקוואות יעדן טאָג און שבת געפירט טישן. שטאָטישע מענטשן, איבערהויפּט אַלעקסאַנדרער חסידים, זיינען געקומען אומגעבעטענערהייט צו זיין טיש, ס'זאָל זיין אַ מנין ביים בענטשן. אויך אַלע מאָל אַ סעודהלע, אַ יומא דפגרא, יאָצ"ט פון וואורקע, פון ביאַלע, אַ ר"ח — האָט מען געפּראַוועט סעודות צוזאַמען מיטן רב. זעלטן־ווען מ'האָט אים געזען אין גאַס, אויסער יום־טוב און די צוויי שבתים אין יאָר — שבה"ג און שבת תשובה, ווען ער איז געגאַנגען דאַווענען אין ביהמ"ד (שפּעטער אין שול) און זאָגן די דרשות. געווען איז ער אַ גרויסער תלמיד חכם. די דרשות זיינע זיינען געווען פיל בקיאות און חריפות, וואָס כ'האָב נאָך אַ טייל פון זיי געזען איבערגעשריבן פון רב אַליין. אויך האָט מען אים אָנגעפרעגט שאלות ותשובות פון אַ סך ערטער אין פּוילן. כ'האָב אַ סך פון די תשובות געזען ביי זיין אייניקל, דער לעצטער מורה הוראה אין מלאַווע, ר' מענדל טיבערג.

נאָך דער פטירה פון דעם רב, ר' ישראל יצחק, דאַכט זיך אין יאָר תרמ"ח — מ"ט, האָט זיך צעפלאַקערט אַ גרויסע מחלוקה אין שטאָט צווישן אַלעקסאַנדער און גערער חסידים. אַלעקסאַנדער האָבן געוואָלט ווייטער האָבן אַן אַלעקסאַנדער חסיד פאַר אַ רב. זיי האָבן שוין געהאַט אַ שטיקל חזקה דערויף, און האָבן אַרויס־געשטעלט אַלס קאַנדידאַט דעם באַרימטן תלמיד־חכם, ר' משה פנחסל טרונק, אַ זון פון גאון־הדור ר' יהושעלי קוטנער, וועלכער וואָלט זיך אַריינגעפּאַסט אין דער שוין פאַרחסידישטער שטאָט מלאַווע מיט זיין חסידות, ווי אויך מיט זיין לומדות. ווייל כאָטש ס'זיינען אין יענער צייט געווען נאָך גענוג מתנגדים, בעלי־הבתים, שיינע גבירים און בעלי־צדקה, דאָך זיינען די חסידים אין שטאָט געווען דאָס איבערשטע פון שטויסל. די רעדל־פירער, ווי ר' יוסל גאָלדשטיין, די אַלטערס, ר' שמעון ליפּסקי, ר' וואָלף מאיר לאַנדאַ, ר' איטשקע לאַנדאַ — אַ זון פון ביאַלער רבין ר' בעריש — אַלע אַלעקסאַנדער חסידים. ר' ישעיה מאַנדרי ר' יצחק מאיר לידזבארסקי, ר' חיים שמעיה — גערער חסידים.

האָבן אָבער די גערער חסידים נישט געוואָלט מער צולאָזן אַן אַלעקסאַנדער חסיד אַלס רב אין מלאַווע און אַרויסגעשטעלט אַן אייגענעם קאַנדידאַט, ר' דודל טעמקין. די גערער חסידים האָבן אַגיטירט די בעלי־בתישע גבירים פון שטאָט און צוזאַמען געפירט אַ שטאַרקע מלחמה קעגן די אַלעקסאַנדער חסידים. זיי האָבן זיך פאַר קיין זאַך נישט אָפּגעשטעלט. ס'האָט אַזוי ווייט דערגרייכט, אַז ווען דער גאון הדור, ר' יהושעלי קוטנער, איז מיט זיין זון ר' משה פנחסל געקומען אויף שבת קיין מלאַווע, האָט ער, דער גאון ר' יהושעלי, דערלעבט נישט קיין גרויסן כבוד פון די גערער חסידים. פּרייטיקצענאַכטס, אַ גרויסער עולם איז פאַרזאַמלט

ביי ר׳ יהושעלין. ער נעמט דעם בעכער וויין אויף דער האַנט, וויל קידוש מאַכן, אין דעם מאָמענט איז אַ שטיין מיט אַ בראַזג אַריין אין די שויבן פענצטער. ר׳ יהושעלי האָט זיך דערשראָקן. דער וויין האָט זיך פאַרגאָסן. גאַנץ פוילן האָט דעמאָלט נאָך דעם געקלונגען מיט דעם עזות, וואָס די גערער חסידים האָבן זיך דערלויבט מבזה צו זיין דעם גאון הדור. חסידים דערציילן, אַז די אַלע וואָס האָבן אָנגעפירט מיט דעם בזיון האָבן נישט „מוצא שנתם" געווען. צווישן זיי אַן אָנגעזעענער חשובער בעל־הבית פון שטאָט — ר׳ לעמל, וואָס איז צוליב קנאה צו ר׳ יוסל גאָלדשטיין געוואָרן אַריינגעצויגן דורך די גערער חסידים און ער האָט זיך שטאַרק געריסן דעם ספאַדעק קעגן ר׳ משהל קוטנער. דעם אַנדערן פרייטיק, נאָך ר׳ יהושעלים אַוועקפאָרן פון מלאַווע, ביים שניידן זיך די נעגל לכבוד שבת, האָט לעמל קלעניץ זיך פאַרשניטן אין פינגער אַריין. באַלד האָט זיך עס אַרויס־געוויזן פאַר געפערלעך און ביים אָפּערירן אים, איז ער געשטאָרבן. די מחלוקה האָט זיך געצויגן דריי יאָר ביז די צדדים זיינען ענדלעך געקומען צו אַ הסכם. מען האָט געמאַכט אַ גורל פון דריי רבנים, אומפּאַרטייאישע, ד״ה נישט קיין גערער און נישט קיין אַלעקסאַנדער. אין דעם גורל איז אויך אַריין דער עילוישער יונגערמאַן יחיאל משה סעגאַלאָוויץ, אַ זון פון ווילנער מורה הוראה, ר׳ שלמה, מחבר פון ספר „מקור חיים" שו״ת. דער גורל איז טאַקע אַרויס אויף אים און ר׳ יחיאל משה סעגאַלאָוויץ האָט פאַרנומען דעם מלאַווער כסא הרבנות פון יאָר תרנ״ב ביזן יאָר תש״א, ד״ה 49 יאָר. אין 1941 איז ער געוואָרן אַרויסגעטריבן דורך די היטלערישע רעגירונג ימ״ש, צוזאַמען מיט אַ גרויסן טייל פון זיין עדה, מלאַווער יידן, געטריבן געוואָרן נאָך זאַלדאָ; פון דאָרט, צען טאָג שפּעטער, נאָך צובאַרטאָוו וואו ער איז געברענגט געוואָרן דורך דעם לובלינער יידישן עלטסטן־ראַט נאָך לובלין און איז דאָרט נפטר זנקבר געוואָרן אין חודש כסלו, תש״א.

יאָרן פריער, ס׳איז געווען נאָך דער פטירה פון דעם אַלעקסאַנדער רבין, דעם „ישמח־ישראל" (תר״ע), איז אין דעם אַלעקסאַנדער שטיבל, אין מלאַווע גע־ווען חושך. אַ טייל חסידים זיינען אַוועק קיין אַלעקסאַנדער אויף דער לוויה. די רעשט וואָס זיינען געבליבן האָבן זיך אין שטיבל אַרומגעדרייט, ווי אבלים, געזעצט זיך אויף די אומגעדרייטע בענק, ווי אין תשעה באב. געטרויערט, ריכטיק, ווי נאָך אַ טאַטן. ווען ס׳זיינען אַדורך אַ פּאָר טעג, מ׳האָט אָנגעהויבן שלום צו מאַכן מיטן גורל, אַז דער רבי לעבט נישט מער. מ׳קען דאָך אָבער נישט זיין אָן אַ רבין. וואָס וועט זיין ווייטער? אַ גרויסער טייל פון שטיבל האָבן געהאַלטן, אַז יעצט ברויך מען מאַכן פאַר רבי דעם ביאַלער רבינס זון, ר׳ מענדעלי, וואָס ער האָט געוואוינט אין סטריקאָוו. קיין אַלעקסאַנדער, האָבן זיי געהאַלטן, איז נישט דאָ צו וועמען מער צו פאָרן. ר׳ שמואל הירש, דער ברודער פון „ישמח ישראל", איז עפּעס אַ שטיקל קפדן. איבערהויפּט — אַ „נחבא אל הכלים." מען ווייסט נישט צי איז ער ראוי, צי נישט. די אָנפירער פון דעם צד זיינען געווען ר׳ איטשקע לאַנדאַ,

**אַ ברודער פון ר׳** מענדעלי סטריקאָווער, ר׳ טוביה טיבערג, דער מורה הוראה, דעם אַלטן רבס אײדעם, ר׳ יעקב הערצל גאַלאַנט, ר׳ חיים מיכל מלמד ליפשיץ, ר׳ שמעון ליפסקי, ר׳ משה הירשבערג, משה גבאי — ר׳ טוביהס אײדעם. דער צווייטער צד האָט געזאָגט: „ניין, מיר װעלן פון אַלעקסאַנדער נישט אָװעק, װאו דאָס ביהמ״ד איז פול מיט קדושה פון אונדזערע פריערדיקע רביים. מיר װעלן פאָרן צו ר׳ שמואל הירש, װאָס ער איז געװען אַ נסתר, אָבער װער ס׳האָט אים געקענט נעענטער, האָט געװאוסט, אַז דאָס איז אַ צדיק, אַ קדוש וטהור.״ די אָנפירער פון דעם צד זיינען געװען: ר׳ יצחק ראָזען, ר׳ בונם עסטרייך (װיינמאַכער) ר׳ אַלטער קאהן, ר׳ יוסף שוחט (ספירשטיין), ר׳ בעריל פריד, ר׳ משה בער קרישטאַל. בעיקר מיט דער קעמפערישער זייט האָבן אָנגעפירט ר׳ יצחק ראָזען און ר׳ משה בער קרישטאַל. און אַזוי האָט זיך דאָס שטיבל צעטיילט אין צװיי גרופּן. און יעדער צד האָט געװאָלט אויפן צװייטן װירקן מיט גוטן און מיט בייזן. דער סוף איז געװען, אַז דאָס מסירת נפש ממש, װאָס האָבן אויסגענוצט ר׳ יצחק ראָזען מיט ר׳ משה בערן, האָבן מנצח געװען און דער רוב פון שטיבל זיינען געבליבן אַלעק־סאַנדער חסידים. און ס׳האָט זיך טאַקע אַרויסגעװיזן, אַז דער רבי ר׳ שמואל הירש — נאָך די פטירה האָט מען אים גערופן דער „תפארת שמואל״ אויפן נאָמען פון זיין ספר, װאָס ער האָט געשריבן — איז געװען אַ רבי מיטן גרויסן שנים. די תורות זיינע זיינען געװען פייערדיק. כמעט איין גאַנג איז דאָ אין זיי און דאָס איז „אמת״, מ׳זאָל זיך האַלטן מיטן אמת. געדאַװנט האָבן אַלע װידער אין דעם זעלבן שטיבל, װי פריער. די סטריקאָװער האָבן אין דער שטיל געאַרבעט מעשים מ׳זאָל עס רופן „סטריקאָװער שטיבל.״ ס׳האָט אָבער נישט געהאָלפן. קינד און קייט האָט געװאוסט, אַז דאָס איז אַן אַלעקסאַנדער שטיבל. אַזוי האָט זיך געפירט ביזן יאָר תרפ״ד װען דער אַלעקסאַנדער רבי דער „תפארת שמואל״ איז נפטר געװאָרן. האָבן דעמאָלט די סטריקאָװער חסידים געװאָלט אויסנוצן די געלעגנהייט און אַריינכאַפּן פרישע חסידים. זיי האָבן זיך אָבער אָנטוישט. פאַרקערט, די אַלעקסאַנדער חסידים האָבן זיך גאָר פאַרשטאַרקט און זיינען װייטער געפאָרן צו דעם „תפארת שמואלס״ זון, דעם לעצטן אַלעקסאַנדער רבין, ר׳ יצחק מנחם; װעלכער האָט געפירט די רביסטװאָ אויפן גרויסן שטייגער. אַ סך חסידים, װאָס זיינען ביים תפארת שמואל נישט געפאָרן האָבן זיך צוריקגעקערט ביי דעם לעצטן רבין. דאָס האָט די סטריקאָװער חסידים שטאַרק אויפגעבראַכט און ס׳האָט זיך עפּנטלעך צעפלאַקערט די מחלוקה מיט פעטש און בזיונות. האָבן די אַלעקסאַנדער געקלאַפּט שטעמפּלען אויף די ספרים „תיקון ספרים דבית החסידים דאַלעקסאַנדער״ האָבן די סטריקאָװער געקלאַפּט „תיקון ספרים דביה״ח דיסטריקוב״. און ס׳האָט נישט איין מאָל אויסגעבראָכן אַ סקאַנדאַל. דאָ איבער אַן עמוד־דאַװנען, דאָ איבער **אַ מי־שברך־מאַכן.** דער אַלעקסאַנדער רבי ר׳ יצחק מנחם איז געװען זייער טעטיק

אויפן געביט פון פאַרשפרייטן תורה און חסידות. אַזוי איז געשאַפן געוואָרן אין פוילן אַ צענדליק ישיבות: „בית ישראל״, אויפן נאָמען פון „ישמח ישראל״.

דער אַלעקסאַנדער רבי האָט ביים אָנפאַנג מלחמה, ווען דער דייטש האָט פאַר־נומען פוילן, אויסבאַהאַלטן זיך אַ שטיקל צייט אין לאָדז דערנאָך אין וואַרשע, אין אָטוואָצק. די דייטשע צייטונגען האָבן וועגן אים געשריבן „דעם גרויס־ראַ־בינער אויס אַלעקסאַנדער״. אויפן „שטורמער״איז געווען אַ בילד פון „אוהל״, וואו ס׳ליגן דריי ראַבינערס.

אין 1941 האָב איך זיך דורכגעשריבן מיט דעם רבינס זון, ר׳ ישראל. ער האָט מיר געשריבן: „מעגלעך, אַז מיר וועלן פועלן ביים רבין, אַז ער זאָל אַוועקפאָרן נאָך ארץ ישראל״. ס׳זיינען געקומען דריי סערטיפיקאַטן. ס׳איז געווען באַשטעלט מיט די „געסטאַפּאָ״, פאַרשטייט זיך פאַר שווער געלט, אַז מ׳זאָל אַרויסלאָזן דורך איטאַליע דעם ראַבינער דאַנציגער מיט דער פרוי און איין זון. אָבער דער טאַטעשי וויל נישט פאַר קיין פאַל אַוועקפאָרן.״ דערנאָך האָב איך געקראָגן אַ קאַרטל פון ר׳ ישראלן, אַז „ניין, קיינער קען ביים רבין נישט פועלן ער זאָל אַוועק. ר׳ קלמן בעסער, אַן אַלעקסנדער חסיד, פון וואַרשע איז צוויי שעה געווען ביים רבין, זיך געבעטן ער זאָל אַוועקפאָרן. ער האָט געזאָגט: ניין, אין אַזאַ עת־צרה ווילסטו כ׳זאָל איבערלאָזן דעם כלל ישראל און כ׳זאָל ראַטעווען מיין נפש? ניין, „בתוך עמי אנכי יושבת״. איך בלייב מיטן פאָלק און כ׳וועל אומקומען צוזאַמען מיט די וואָס כ׳האָב געלעבט״. און ער איז טאַקע צוזאַמען מיטן פאָלק אומגעקומען אין טרעבלינקע. יהי זכרו ברוך.

אויך דער סטריקאָווער רבי דער לעצטער שויז, אַ זון פון ר׳ מענדלען, ר׳ יעקב יצחק, איז אומגעקומען אין טרעבלינקע. יהי זכרו ברוך.

איצט צוריק קיין מלאַווע.

ווען כ׳בין אַ יינגל געווען פון 9־10 יאָר, געלערנט אין תלמוד תורה, אין דער זיבעטער כתה, געלערנט האָט מען דעמאָלט אין די שטיבלעך אין די בתי־מדרשים, וואו מען איז געוואָרן געשטערט פון אַ מנין תהילים־זאָגערס, דאָ פון אַ יאָרצייט, האָבן זיך צוזאַמענגענומען אַלע חסידים פון שטאָט, געמאַכט זיצונגען און באַשלאָסן אַרויסצוגיין אין קאַמף מיט די ציונים, אַוועקצונעמען דאָס הויז פון דער יידישער גימנאַזיע אויף די „סמאָליאַרניע״ גאַס און מאַכן דאָרט אַ תלמוד־תורה, ווייל דער אייגנטימער, עזריאל יצחק מאַקאָווסקי, האָט דאָס הויז אָפּגע־שריבן אויסדריקלעך אויף אַ „תלמוד תורה״, נישט פאַר אַ גימנאַזיע.

די ציונים וואָס זיינען דעמאָלט געווען די מערהייט אין דער גמינע האָבן דאָס הויז פאַרהאַקט מיט שלעסער און ריגלעס.

און אַ זונטיק אין דער פרי, אַלע שטיבלעך זיינען געוואָרן פאַרשלאָסן, אַלע חסידישע מענטשן האָבן זיך פאַרזאַמלט אויפן פלאַץ פאַר דער מקווה, וואו עס איז

געווען די אַלטע תלמוד תורה און ס׳גערער שטיבל. אַלע ת״ת קינדער זיינען געוואָרן אויסגעמושטירט לויט די כתות מיט זייערע מלמדים. מ׳האָט מאַרשירט צו דער גימנאַזיע. אין דער שפּיץ זיינען געגאַנגען די דאָזיקע פון די רעליגיעזע יידן, פּנחס מאָנדרי, משה בער קרישטאַל, יעקב יוסף וויטמאַן. געקומען צום הויז, האָבן מיר אָנגעטראָפן אויף אַ שטאַרקער וואַנט פון די ציוניסטן, בראש מיטן פּרעזעס פייביש שפּירא. נאָך גרויסע אַמפּערנישן און זידלערייען זיינען מיר, די עלצטע כתה יינגלעך פון 10—13 יאָר מיט שטורעם צו צו די טירן און געשריען: „פּושעים, שקצים, איר ווילט אונדז שטערן תורה לערנען?״ און די עלטערע יידן זיינען געוואָרן געמוטיקט און מ׳האָט מיט שטורעם אויפגעבראָכן די טירן און זיך שוין געזעצט לערנען ביי די סידורים און חומשים. ס׳האָט נישט לאַנג געדויערט און פייביש שפּירא האָט געבראַכט פּאָליציי. און פאַרחתמעט ס׳הויז. אַלע קינדער זיינען באַלד נאָכגעלאָפן שפּיראָן, דעם פּרעזעס פון דער גמינע, אים נאָכגעלאָפן איבער אַלע גאַסן און געשריען: „מסור, מסור!״ די ציונים האָבן געזען אַז זיי וועלן פאַרשפּילן. אין אַ קורצער צייט אַרום איז ס׳הויז געוואָרן אויפגעמאַכט און מ׳האָט געשאַפן אַ מוסטערהאַפטע „תלמוד תורה״, וואו מ׳האָט געלערנט לימודי קודש און אויך לימודי חול. אַלע לימודים פון אַ פאָלקס־שולע. אַכט מלמדים האָבן געלערנט. דער מנהל איז געווען ר׳ פישל שפּיטאַלעוויץ, אַ באַגאַבטער יונגערמאַן, אַ פּעדאַגאָג. ס׳זיינען געקומען צו אַ בחינה סוף זמן, דער רב און די לומדים פון שטאָט, ר׳ יצחק ראָזען, ר׳ מענדל וואָלף קאַפּער. די גבאים זיינען געווען ר׳ אברהם בעריש ניימאַן און ר׳ שמשון ראָזענבערג. אַלע, אַפילו די ציונים, האָבן דערנאָך געלויבט די ת״ת. געווען זיינען אויך 5 לערער אויף פאָלקס־לימודים איינער פון זיי פייבל אָפּאָטאָווסקי, דער ברודער פון יוסף אָפּאָטאָשו. אויך דאָס גימנאַזיע האָט נישט ערגער געמאַכט, זיי האָבן זיך גענומען אַ פיל גרעסער און שענער הויז אויפן שרענסקער שאָסיי, ושלום על ישראל.

ס׳איז אויך געווען אַ „יבנה״ שולע. מען האָט עס גערופן „חדר מתוקן״. די חסידים האָבן זיך געווערטלט און געזאָגט, אַז דאָס איז אַ חדר „מסוכן״. די שולע איז געווען אין מאַרק לעבן הויז פון חיים אליהו פּערלאַ. אין צווייטן הויף, אין הויז פון ר׳ חיים אליהו פּערלאַ איז געווען אַ „מנין״ פון די „מזרחי״, וואו פּערלאַ איז געווען פּרעזעס. ר׳ פּנחס לובלינער — דער גבאי. זיי זיינען עס אויך געווען אין קאָמיטעט פון „יבנה״ שולע. געווען אויך אַ פאָלקס־שולע ספּעציעל פאַר יידישע קינדער מיטן דירעקטאָר גאַלאַמב.

אויך איז געווען אַ ישיבה „בית יוסף״, געגרינדעט דורך די ליטווישע ראשי ישיבות, אויפן נאָמען פון זייער רבי ר׳ יוסף ייזל פון נאָוואַגרודעק. מ׳האָט זי גערופן די נאָוואַראַדקער ישיבה. עס האָבן געלערנט אין דער ישיבה מלאָווער בחורים, וואָס האָבן געענדיקט די תלמוד־תורה און בחורים פון אַרומיקע שטעטלעך. די

פרעמדע בחורים זיינען געוואָרן איינגעקוואַרטירט מערסטנטייל ביי אָרעמע בעלי־בתים און האָבן געגעסן „טעג". ר' אליעזר ניסנבוים, געשטאַמט פון מעזריטש, איז געווען דער ראש ישיבה. אַ געוויסע צייט איז אויך געווען ראש־ישיבה אַ מלאַווער תושב ר' וועלוול (רודער) וויינבערג.

דער ראש ישיבה, ניסנבוים, איז אַ פּאָר יאָר פאַר דער מלחמה אַוועק קיין ארץ ישראל. באַלד דערנאָך איז אויך די ישיבה אונטערגעגאַנגען.

צווישן אַנדערע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס זיינען אויך געווען אַ „צעירי אגודת ישראל" און אויך אַ „בנות אגודת ישראל" און אַ „בית יעקב". צו דעם צוועק האָט די אַגודה געשאַפן געלט און געלאָזט צומויערן צום גרויסן הויז פון תלמוד תורה, אַ בנין, וואָס האָט געהאַט צוויי ריזיקע צימערן מיט באַזונדערע אַריינגאַנגען. איין חדר פאַר די „צעירים", וואָס זיינען זיך צוזאַמענגעקומען יעדן פאַרנאַכט. די בחורים, פון 14 יאָר און עלטער, וואָס אַ גאַנצן טאָג זיינען זיי געווען באַשעפטיקט מיט אַרבעט, אָדער אָנגעשטעלט אין אַ געשעפט, האָבן געלערנט צוזאַמען אַ שיעור, נאָך דעם זיך פאַרווילט אַ ביסל געמיטלעך, געלעזן ביכלעך און בראָשורן פון דער אייגענער ביבליאָטעק. די ביכלעך זיינען געווען געשריבן פון רעליגיעזע מחברים, אָדער לעגענדאַרישע זאַכן ווי צב"ש זשול ווערן. אויך שבת האָבן זיי דאָרט גע־דאַוונט, געהאַט ספרי תורות. ימים־טובים האָבן זיי געפּראַוועט די שמחות, באַ־זונדער געטרונקען, געזונגען, געטאַנצט.

דאָס צווייטע צימער איז געווען אין די לערן־שעהן אַ „בית יעקב" פאַר מיידלעך — קינדער פון 7 — 14, וואו עס האָבן מיט זיי געלערנט יידישע מיידלעך, געענדיק־טע דעם „בית־יעקב" סעמינאַר אין קראָקע. און פאַרנאַכט, און שבתים, האָט עס געדינט פאַר די דערוואַקסענע מיידלעך פון „בנות אגודת ישראל" צו פאַרווילן זיך, לעזן, שמועסן, זינגען מיט דער פירערשאַפט פון פּנחס מאָנדרי. מ'האָט געקענט הערן אויף אַ יומא־דפגרא צווישן אַנדערע לידער זינגען פון די „בית־יעקב" קינדער:

„לעבן זאָל דער דירעקטאָר, פּנחס מאָנדרי, לעבן זאָל דער דירעקטאָר פּנחס מאָנדרי, לעבן זאָל ער און בליען, יידישע טעכטער טוט ער דערציען, לעבן זאָל דער דירעקטאָר פּנחס מאָנדרי."

ס'זיינען געווען אויסער דער שול און די צוויי בתי־מדרשים אויך אַ גערער שטיבל (אויפגעשטעלט אויפן פלאַץ וואו ס'איז אַמאָל געשטאַנען די אַלטע תלמוד־תורה), אַן אַלעקסאַנדער שטיבל, סטריקאָווער שטיבל, פון קאָזיאַ געסל אָדער פון די פלאָצקער גאַס,ביים הויף פון איצל לאַקריצעס בעקעריי. דערלעבן האָט אויך געוואוינט ר' טוביה מורה־הוראה און דערנאָך זיין פאַרטרעטער, זיין זון, ר' מענדל. אַ זוואָלענער שטיבל אין דער וואַרשעווער גאַס, אַן אָטוואָצקער שטיבל אין שול־געסל. אַ ראַדזמינער שטיבל (אין זעלבן געסל וואו ס'אַלעקסאַנדער שטיבל) צוערשט איז עס געווען אַ יאַבלאָנער שטיבל. „מזרחי", ווי שוין געזאָגט ביי ר' חיים אלי'

פערלאַ אין מאַרק, דאָס קצבים־שטיבל „זבחי־צדק״, אויף די וויטוסטוואַ אין דער געגנט, וואו די קצבים האָבן געוואוינט. אַ טריסקער שטיבל הינטער דעם שול־געסל.

דער מורה הוראה, ר׳ חיים שמעי׳ סג״ל, איז נפטר געוואָרן אַ סך יאָרן פאַר דער מלחמה. אַ צייט איז בלויז געווען אין מלאַווע, אויסער דעם רב, איין מורה הוראה, ר׳ טובי׳ טיבערג. שפּעטער איז געוואָרן ר׳ מענדל וואָלף קאַפּער אויך. נאָך שפּעטער ווען ר׳ טובי׳ איז נפטר געוואָרן, איז געוואָרן באַשטימט אַלס ממלא מקומו זיין זון, ר׳ מענדל טיבערג, אַ ייד אַן אַ גאַל, מזג־טוב. אַזוי ווי ער איז געווען אַן אַלעקסאַנדער חסיד און אַ זון פון ר׳ טוביהן, אַ סטריקאָווער חסיד, איז כדאַי אָנצוהאַלטן שלום־בית האָט ער זיך איינגעטיילט, פרייטיק צונאַכטס געדאַוונט אין אַלעקסאַנדער שטיבל און שבת בייטאָג אין סטריקאָווער שטיבל. אַזוי אַז די אַלעקסאַנדער חסידים האָבן געהאַט כאָטש איינעם זייערס אַ חסיד צוריק אין מלאַווער ראַבינאַט.

דער עלטערער דור, די חסידים שיינע יידן, זיינען געשטאָרבן, זייער אָרט אויף די מזרח־ווענט האָבן פאַרנומען זייערע נאָכפאָלגער. אין גערער שטיבל ר׳ יצחק זענדל, ר׳ הירש מאַנדרי, ר׳ משה נחום וואַרשטיין, אברהם מענדל פרענקל און די גבירים בוטשע עדעלשטיין, מאיר ריינגעווירץ. אין אַלעקסאַנדער שטיבל ר׳ בונם וויינמאַכער, ר׳ בערל פריד, ר׳ משה בער קרישטאַל, ר׳ הענעך צוויעס, ר׳ הירש מאיר לאַנדאַ. די גבירים — גדלי׳ סטופּסקי, אברהם יצחק טיקולסקי, משה זישא קויפמאַן. אין סטריקאָווער שטיבל: ר׳ משה גבאי, ר׳ איטשע מענדל גאַלאַנט, ר׳ משה טיבערג. די גבירים ברוך אייזנבערג, פוקס דער מילנער. ר׳ יצחק ראָזען, דער גרויסער תלמיד־חכם און חסיד האָט זיך געצויגן צו זיין איידעם, ישראל ראָזען, נאָך סטשעגאָווע. דאָרט האָט זיך צו אים צוגעקלעפּט דער יידישער פּריץ און חסיד, ר׳ איטשע מאיר פּיעטרקאָווסקי, וואָס האָט געשמט מיט זיין צדקה און גוטהאַרציקייט אין גאַנץ פּוילן. די אַלעקסאַנדער חסידים האָבן ר׳ יצחקן נישט פאַרגעסן אַמאָל אַ ר״ח אָדער אַ ל״ג בעומר האָט מען געדונגען אַן אויטאָבוס און אַריינגעפאָרן צו ר׳ יצחק ראָזען, געמאַכט אַ סעודה, אָפּגעפרייט זיך מיט אים. ביי זיין פּטירה, צוויי יאָר פאַר דער מלחמה, זיינען געפאָרן פון מלאַווע אַ צוויי הונדערט יידן אויף זיין לוויה.

געקענט האָט מען מיינען אַז דער חסידישער דור, נישט בלויז וואָס ווערט פּוחת והולך, נאָר ווערט אויך אין גאַנצן איינגעשרומפּן. שוין לאַנג אַוועק די צייטן, ווי די חסידים, אַפילו די גבירים, איז זייער היים, מער ווי אַ האַלבן טאָג פון זייער לעבן, געווען דאָס שטיבל, וואו פאַרטאָג זיינען די טישן שוין געווען באַזעצט מיט יידן, מיט בחורים און מיט יונגעלייט, מיט בערד און פאות און געלערנט שיעורים. דערנאָך האָט אברהם שמש דערלאַנגט גלעזלעך טיי פון זיין „טשיינאַ״. ער האָט געהאַט צוויי סאָרטן טיי. פרישן, געשמאַקן טיי פאַר די גבירים און שיינע יידן, ווי ר׳ יאָסל גאָלדשטיין, וואָס האָט אים אַריינגערוקט אַ רובל פאַר אַזאַ גלעזל טיי,

און פּאָר די בטלנים — אַ צווייטן סאָרט טיי. אויך דערנאָך די מנינים דאַוונערס ביז עלף אַזייגער. ווי יעדער בעל־יאָרצייט האָט שוין פון פריער געמוזט איינצאָלן אויף בראָנפן מיט פּאַרבייסעכץ, אויב נישט האָט ער געקענט מיט אַ פלאַסק פון ר׳ איטשקע ביאַלער אָוועקגיין פון עמוד.

די יונגעלייטלעך זיינען געוואָרן בעלי־בתים מיט דאגות פרנסה. איבער־הויפּט נאָך דער מלחמה 1914־18, ווען דאָס גאַנצע יונגוואַרג איז אַרויס אין גאַס פּאַרדינען אַ פּאָר גראָשן. די חסידישע בחורים זיינען געוואָרן חתנים, חתונה געהאַט, זיינען זיי אַוועק צו זייערע שווערס אין אַלע שטעט און שטעטלעך. אָבער לא אלמן ישראל. ווידער האָט זיך געמאַכט ווען ס׳איז געשאַפן געוואָרן די ערשטע ישיבה אין אַלעקסאַנדער, האָט ר׳ משה בער קרישטאַל אַרויסגעריסן פון שטראָם זיינע יינגסטע זין און מיטגעשלעפּט נאָך אַ צוויי בחורים, און געשיקט זיי אין דער ישיבה אַריין. און ווען די בחורים זיינען געקומען אַהיים אויף יום־טוב האָבן זיי געברענגט אין שטיבל אַריין צוריק דעם חסידישן ברען, דאָס שאַרפקייט. ס׳זיינען געוואָרן מיטגעשלעפּט נאָך עטלעכע בחורים פון סטריקאָווער שטיבל און גע־האַלטן זיך אַ גאַנצע חברה. ווידער האָט מען געזען שבת ביים דאַוונען בחורים מיט אַטלאַסענע קאַפּאָטעס, מיט סאַמעטענע היטלעך און שטיקלעך באָרד און פּאות. עטלעכע יונגעלייט אין גערער שטיבל האָבן זיך מתקנא געווען. זעענדיק, אַז די יוגנט פון גערער שטיבל ווערן אַריינגעצויגן אין דער פּאַרטיי „צעירי אגודה" האָבן זיי אויך אָנגעהויבן כאַפּן יונגע יינגלעך און לערנען מיט זיי אין שטיבל, און אַרויפ־אַרבעטן זיי אויפן דרך החסידות און אויף שבועות אָוועקגעשיקט קיין גער אַ צען בחורימלעך.

און ס׳האָט זיך געמערט אַ חסידישע יוגנט אין די שטיבלעך. אין די ערשטע צייטן ווען ס׳זיינען נאָך געווען ווייניק בחורים, האָבן די אַלעקסאַנדער בחורים געמאַכט אַ סעודת שושן־פּורים און גערופן אויך די עטלעכע בחורים פון גערער שטיבל, פון סטריקאָווער שטיבל. דערנאָך חען ס׳איז געוואָרן מער, ס׳איז שוין געווען כדי חלוקה, האָט יעדעס שטיבל געלעבט פאַר זיך, געמאַכט אַ סעודהלע, ברויט מיט הערינג מיט ביר, געזונגען און געמאַכט אַ חסידיש ריקודל מיט התלהבות, ווי אין די אַלטע צייטן.

***

אַ שבת אין אַלעקסאַנדער שטיבל. פּאַרטאָג, אויך ווינטער אין די גרויסע פרעסט, האָט מען אָנקומענדיק אין קאָזשע געסל שוין געקענט הערן דאָס שרייענ־דיקע קול פון ר׳ בונם ווינמאַכער: „נו, יאַ, תנו רבנן!" אין אַ פּאָר מינוט אַ שטיל־קייט איבערגעריסן דאָס קול תורה, „נקיות איז אויך אַן ענין..." און ווידער הערט זיך זיין קול: „ת״ר, שחיטת עכו״ם מותרת, בד״...א (צופעליק דערמאָן איך מיך

זייענדיק אין 1943 אין אַשוויענטשים האָט מען מיר געוויזן (אַ דייטש) אַ שטיקל בלאַט פון „שטורמער“ געדרוקט מיט ידישע ווערטער שחיטת עכו״ם מותרת, אַט זעט איר ווי די יידן זאָגן אַז מען מעג שחטן אַ אי...) כשישראל עומד על גבין.

אַ ביסל שפּעטער קומט אַריין זיין תלמיד יצחק אייזיק באַטשאַן, דער שפּי־ליטער, זעצט זיך צו און לייענט מיט. ס'הויבט באַלד אָן צו טאָגן, שאַרן זיך אַריין בעריש דאַבראָשקלאַנקי, אַ מענטש ביי פראַנקן אין געשעפט, מענדל מיגדאַל. דאָס זיינען ווידער אויך צוויי שותפים, זעצן זיך אַוועק לערנען ברכות: „שלש משמרות הוי הלילה ועל כל משמר יושב הקב״ה ושואג כארי אוי לי שהחרבתי את ביתי, ושרפתי את היכלי והגלותי את בני לבין העכום“, און בעריש דאַבראָ־שקלאַנקאַ פרעגט אַ קשיא זיין רבין מענדל מיגדאל: „אויב דער רבש״ע וויינט אַזוי דערזיף, האָט ער דאָך אַ ברירה דאָס אויסצובעסערן, צוריק גוט מאַכן?“ ענטפערט מענדל מיגדאַל: „ניין! ניין! דער רבש״ע וואַרט ביז מיר וועלן בעסער ווערן. דורך אונדזער „שנאת־חנם“ איז דאָס ביהמ״ק חרוב געוואָרן. ווי לאַנג ס'איז נאָך ביי יידן „שנאת־חנם“, ווי לאַנג מיר וועלן זיך נישט אַלע פאַראייניקן און ליב האָבן זיך „אהבת־חנם“ קען דער רבש״ע די שבועה זיינע נישט ברעכן און אויפשטעלן צוריק ירושלים מיטן בית־המקדש...“ דערנאָך קומען אַריין בערל פריד, אַלטער משה ניימאַרק, מאָטל וויינשטאָק. פון די בערד טריפט נאָך דאָס נישט אָפּגעטריקנטע מקווה־וואַסער. אָט הזיבן שוין אָן צו קומען די בעל־התישע חסידים. ר' בונם וויינמאַכער קומט שוין ווידער צוריק פון נקיות, וואַשט זיך די הענט און הויבט אָן צו זאָגן די ברכות אויפן קול. די וואָס לערנען נאָך מוזן יעדעס מאָל איבעררייסן נאָכצוזאָגן די אמנס, ווייל יעדעס מאָל זאָגט אָן אַנדערער די ברכות הויך אויפן קול. די טישן זיינען באַזעצט. טייל לערנען גמרא, טייל מדרש, טייל זיינען מעביר סדרה. דער עולם דרייט זיך אַהין און אַהער מען קוקט אויפן זייגער מיטן העברעאישן ציפער־בלאַט. ס'האַלט שוין ביי ט', ניין אַזייגער. מ'דאַרף נעמען דאַוונען. — נו, נו, — רופט זיך אָן אַלטער משה — משה בער איז נאָך נישטאָ.

משה בערס מנהג איז געווען, ער האָט זיך אויפגעהויבן גאַנץ פאַרטאָג, און געגאַנגען נאָך פינצטער אין מקוה אַריין און געקומען צוריק אַהיים זאָגן ברכות התורה, ברכת השחר, זאָגן און זאָגן פיוטים און שטיקלעך זהר און לערנען. זאָל זיך דאָס קול התורה ותפילה איינקריצן ביי די קינדער אין דער היים — אין זייערע הערצער און מוחות. נישט איין מאָל האָט מיך דעם טאַטנס זיסע השתפכות הנפשדיק קול פון זהר לערנען אַראָגעוואָרפן פון געלעגער, שנעל זיך אָנגעטאָן, געוואַשן זיך, גענומען אויך זאָגן און לערנען. נאָך ניין דעם זייגער פלעגט ער זאָגן: „נו, קינדער, צייט צו גיין דאַוונען — מ'מוז נאָך וואַרטן אַ ביסל.“ און אָט קומט ער שוין אין שטיבל אַריין מיטן איידעם אברהם יחיאל און מיט די דריי זין און צוויי אייניקלעך. ביז „שוכן עד“ פלעגט זיך שוין כאַפּן אַלטער משה אָדער בעריש קליין.

„שוכן עד" האָט געזאָגט בעריש דאָבראָשקלאַנקא מיט זיין באַסאָווער שטימע, אָדער בעריש אַלטער מיטן קוויטשענדיקן קולכל, אָדער אברהמטשי ליטנמאַכער.

אַ ר"ח בענטשן און אַ מיוחסדיקן מוסף האָט געהערט צו הענעך צוויעס. נאָכן דאַווענען האָט מען זיך געזעצט קידוש מאַכן די „שאַרפע" פאַרשטייט זיך. פישעלע קליין האָט שוין פון אין מיטן דאַווענען געזאָרגט ס'זאָל זיין אַ פערטל ליטער פלעשעלע און אַ פאָר קיכלעך פאַרבייסעכץ. פון דעם פלעשעלע איז געווען אַ „ברכה" פון וואַנען צוואַנציק מענטשן האָבן קידוש געמאַכט. צו פאַרבייסן האָט יעדער גע־קראָגן אַ שטיקל קיכל נאָר צו מאַכן אַ ברכה ראשונה, (בלויז בראָנפן, טרינקען נישט קיין חסידים, דאָס איז חוקת הגוי) נאָר איינער פון די „פרומע" חסידים האָט געקראָגן צוויי קיכלעך מוציא צו זיין אַלע מיטן אָן „על המחיה..." צו שלש סעודות זומער־צייט פלעגט דער עולם נאָך מנחה גיין אַהיים, זיך „וואַשן" און קומען צו אַ „בני היכלא" אין שטיבל אַריין. ווינטער פלעגן זיך אַלע וואַשן אין שטיבל צו אַ כזית חלה מיט אַ שטיקל הערינג (וואָס פישעלע קליין האָט שוין געזאָרגט ס'זאָל זיין) אויך מלוה מלכה איז געוואָרן געגעסן אין שטיבל. יעדע וואָך האָט אַן אַנדערער געמוזט לאָזן אָפּקאָכן אַ גריץ אין דער היים אין אַ גרויסן טאָפּ און געשיקט אין שטיבל אַריין און אַ שטיקל חלה, אַ שטיקל געבליבענע פיש און פלייש, ווער עס האָט געהאַט מיטגעברענגט. און משה בער לאַנדאָ האָט געשאַפט אַ קליין פלעשעלע בראָנפן, מערסטנטייל נאָך אַ רעשט פון קידוש אין דער פרי. דער פעטער עזריאל ליפשיץ האָט געזונגען „איש חסד הי" מיטן ניגון פון אַלעקסאַנדער. און נאָכן בענטשן געמאַכט אַ ריקוד, און אַהיימגעגאַנגען.

אַ יום־טוב. באַלד נאָכן אָפּעסן די סעודה איז דער עולם זיך צוזאַמענגעקומען צו ר' משה בער קרישטאָל, דער ערשטער פלעגט קומען זיין ידיד נאמן ר' הענעך צוויעס מיטן ברייטן גוט יום־טוב מיטן אַלטן משה און פישלען נאָך אים, דערנאָך בעריש אַלטער, הירש מאיר לאַנדאָ, עזריאל ליפשיץ א. אַנד. געשיקט נאָך משקה אַ צען פלעשלעך ביר, געזונגען יום־טובדיקע זמירות און שטענדיק האָט ר' משה בער געשמועסט אַ תורה, אַ גאַנג פון „ישמח ישראל" פון „תפארת שמואל" מענינא דיומאָ און אַלע מאָל עפּעס צוגעגעבן אַ געדאַנק פון זיך, עפּעס מחדש געווען מדילו. נישט שטענדיק האָט מען געקענט זיך פאַרגעסן און מאַכן אַ רקידל דאָרט, ווייל ער האָט געוואוינט אויפן צווייטן שטאָק און די שכנים פון ערשטן זיינען געקומען מיט אַ גוואַלד „ר' משה בער די ווענט ציטערן דאָך ביי מיר." און אַזוי איז מען שוין אוועק אַ ביסל באַקוראַזשעט אין שטיבל אַריין וואו ס'איז שוין געווען פאַרזאַמלט אַ גרויסער עולם. אויך די בעל־הבתישע חסידים, די גבירים האָבן מקבל פנים געווען משה בערן מיט זיינע גייער מיט אַ הויכן לאַנגן גוט יום־טוב. גוט יום־טוב. און זיך געזעצט ביים גרויסן טיש, אונטערגעהאַנדלט אין דער שטיל מיט גדלי' סטופּסקי, מיט אברהם יצחק טיקולסקי, משה זישא קויפמאַן, חיים דוד מרגליות און אַדורכגעקומען מיט זיי. אַ גילדן אַרויף, אַ גילדן אַראָפּ ס'האָט זיך געמאַכט

גענוג פלעשער ווין. ר׳ משה בער האָט געשטעלט דעם ווין אין די גלעזער, און די בעלי־הבתישע חסידים — וואָס זיינען נישט געזעסן ביים טיש נאָר אויף די בענק אין די זייטן — האָט מען גערופן צום טיש: פסח משה, יצחק בייזער, יצחק אַלטער, חיים דוד, לחיים, לחיים. ווידער האָט מען געשמועסט עפּעס אַ דבר־תורה, אַ מעשה פון אַלעקסאַנדער. נאָך אַלס ייִנגעלע וואָלט איך נישט איינגעטוישט ס׳בעסטע פאַרגעניגן פאַרן שטיין און זיך איינהערן דעם טאַטעס מעשות און ווערט־לעך פון „ישמח ישראל״. די פיס האָבן פון זיך אַליין זיך געהויבן און מ׳איז אַרויס אין אַ ריקוד, לעבעדיק, לעבעדיק, אַלע זיינען געוואָרן אַריינגעכאַפּט, קיינער האָט נישט געקענט שטיין אין דער זייט ווען ר׳ משה בעד איז געשטאַנען אויף אַ באַנק געפּאַטשט אין די הענט. אַלע האָבן אונטערגעזונגען ביים טאַנצן „לאָז שוין זיין די גאולה — לאָז שוין זיין די גאולה — משיח זאָל שוין קומען״.

די גרעסטע שמחה, פאַרשטייט זיך, איז געווען שמחת־תורה.

**און אַזוי, שמחת תורהדיק, איז מען געגאַנגען איבער די גאַסן.** געקומען צום שטיבל־געסל, האָט מען זיך אַנגענומען ביי די הענט און טאַנצנדיק אַריין אין שטיבל, וואו מ׳האָט זיך באַלד נאָך מנחה שוין שפּעטלעך גענומען מעריב־דאַווענען און מאַכן הקפות. דער גבאי דער לאָמער איצל, ער האָט שוין געמוזט זען צו האַלטן קאָפּ, כדי נישט חלילה צו פאַרשפּעטיקן מיט אַ הקפה אַ בעל־הבתישן חסיד און געבן אים אַ הקפה צו שפּעט, נישט לפי כבודו. די גרעסטע „אַרבעט״ איז געווען מיט די כהנים, וואָס דאָס שטיבל איז געווען פול מיט זיי. מ׳האָט אין שטעטל גע־זאָגט אַז ס׳איז „עיר שכולה כהנים.״ ביים דוכנען, למשל, ווי אויך די בחורים פון בר מצוה האָבן געדוכנט, מען האָט מורא געהאַט ס׳זאָל נישט אויספעלן קיין טליתים צו נעמען פון די ישראלים. ביז צום שולחן, וואו מ׳לייענט, איז געווען באַשטעלט מיט כהנים. דער גבאי האָט ביי אַזוי פיל כהנים געמוזט האַלטן קאָפּ ווען מען צו געבן ביים ערשטן מאָל אַפּרו הכהנס הקפה און ווען ביים „איבערגיין״.

כ׳דערמאָן מיך: פּרץ איינבינדער, אַ ייִד, וואָס האָט קוים אַדורכגעמאַטערט זיין שטיקל ברויט פון איינבינדעריי, איז געוואָרן אויפגערופן צו דער הקפה פון יוסף הצדיק, וואו מ׳הייבט אָן: „עוזר דלים, הושיעה נא״, צוזאַמען מיט נאָך 8 ייִדן (9 ספרים זיינען געווען), מילא אויפגערופן, איז פאַרפאַלן, גייט ער, **אָבער נאָך די הקפות, איז ער אַרויס מיט אַ ויצעקו אויפן גבאי: „וואָס מיינט עטץ מיט זיך? כ׳בין נאָך נישט אַזאַ גרויסער אָרעמאַן. כ׳האָב נאָך חס ושלום נישט אויסגע־**שטעקט מיין האַנט צו עמעצן, וואָס מ׳האָט מיר געגעבן „עוזר דלים״... פאַר־שטייט זיך, אַז ס׳אַנדערע יאָר האָט שוין פּרץ איינבינדער געקריגן נישט „עוזר דלים״. נאָר „מלך עולמים״ אָדער „זך־וישר״ אָדער „דובר משרים״, אַבי נישט „עוזר דלים״.

אָבער די ריכטיקע שאַרפע חסידים ווען ס׳איז נישט געווען קיין נפקא־מינה די הקפה, יענע הקפה. געטאַנצט מיט געוואַלדיקע התלהבות. אַרום דעם

שולחן מיט די ספרי־תורות אַהין און צוריק, אַהין און צוריק, אויף די טישן זיי־נען געשטאַנען קינדער מיט דגלס אין די הענט, מיט אַ ליכטל אַריינגעשטעקט אין רויטן עפּל אויפן דגל. דאָס איז אויך געווען דאָס איינציקע מאָל אין יאָר וואָס מיידלעך, שוין דערוואַקסענע ביז 15־16 יאָר, האָבן געוואַגט צו קומען אין שטיבל שטיין אין ווינקל בײַ דער טיר און צוקוקן ווי זייערע טאַטעס און ברידער טאַנצן און פרייען זיך מיט דער תורה. צו מאָרגנס, שמחת תורה, אין דער פרי, אין מיטן דאַווענען איז שוין געווען אַ מישמאַש, דער בעל־קורא רייסט זיך און שרייט: „מעונה אלקי קדם". אָבער די חברה הערן אים ווייניק אויס. איינער האַלט בײַם פּלעשל, איינער בײַם גלעזל. אַ גרויסער טייל האָט שוין קידוש געמאַכט, נאָר די פרומע וואַרטן ביזן נאָכן דאַווענען. נאָכן לייענען און די „חתנים" אויפרופן נעמט זיך אַלץ צוזאַמען און טאַנצט מיט די ספרי תורות מיט גרויס התלהבות: „התקבצו מלאכים זה אל זה", טאַקע אַזוי, ווי מלאכים. ווער האָט דעמאָלט דאגות פּרנסה אָדער אַנדערע זאָרגן? לעבעדיק! לעבעדיק! „שישו ושמחו בשמחת תורה!"

נאָכן דאַווענען, הײַנט זוכט מען נישט צו גיין צו די נגידים קידוש מאַכן נאָך דעם גרויסן קידוש אין שטיבל. מוזן נאָך די נגידים מיטגיין מיט אַלע חסידים, טייל שוין בגילופין, ס'איז קיין חילוק — גביר־אָרעמאַן, למדן, צי בעל־הבית, צי חסיד, אַלץ אויסגעמישט, ליאַרעמט, רעדט. יצחק אייזיק ליטוואַק איז „טויט שיכור" ער שרייט „הײַנט אַ גאַנץ יאָר שמחת תורה". אַלע מאָל כאַפּט עמעצער אָן דעם שכן זיינעם בײַם אַקסל און זינגט אַרויס אַ האָפּקעלע. ווי ס'שטייט: „מנחל בדרך ישתה על כן ירים ראש", אַז מ'טרינקט אַזוי ווי אַ טײַך (נחל) דעמאָלט „ירים ראש", הויבט מען אויף דעם קאָפּ — וואָס דען? עצבות? אַז מ'איז בעצבות האַלט מען דעם קאָפּ אַראָפּ. אַזוי ווי אָן אַ קאָפּ".

ר' בונם ווײַנמאַכער איז בגילופין. ער זינגט שטייענדיק אויף דער באַנק אַזאַ ליד: „טאַק־פּאַפּיר, טאַק בעגילייעך ואתה תשמע מן השמים". נאָך אַ ריקוד מאַכן זינגט דער אַלטער ר' ישראלטשי קליין, בנעימות, אַ ביסל הייזעריק אַ ליד פון די אושפּיזן:

„אַבראַמלענקו, אַבראַשענקו, אַך, טי פּראַדזשאַדעק נאַש, אַך די פּראַדזשאַדעק נאַש,
פּראָש באָגאַ דלאַ נאַס, פּראָש באָגאַ דלאַ נאַס, זשעבי נאַס וויקופּיל
אויס פון גלות וויפּראָוואַדזשיל ליי אַרצנו נאַש, פּראָש באָגאַ דלאַ נאַס"
און אַי וואַי, יצחק־לענקו יצחק־שענקו, אַך טי דזשאַדעק נאַש,
און יעקב־לענקו־שענקו, אויטשעץ נאַש,
מאָשעק־לענקו־שענקו, ראַבין נאַש, אַראָן־לענקו־שענקו, קאַפּלאַן נאַש,
יוסף צדיק דוד קרול,

צום סוף האָט ער געזונגען דאָס זעלבע ליד אויף „נישט", אויף עשו'ן.

„עשו, ניע לענקו, עשו ניע שענקו. ניע פּראַש באָגאַ דלאַ נאַס אאַז"וו
און אויסגעלאָזט ביי עשון „אַ זשעבי טשי פּיאָרון זאַטשאַס!"

סך־הכל אַ יידעלע פון 80 יאָר, אַ בריליאַנט פון אַ יידל, טויזנט חן האָט גע־האָט דאָס זינגען פון דעם לידל. הענעך צוויעס האָט געזונגען. אַזאַ מין ליד פּאַר־פּאַסט אויף דעם שטיקל פון די הושענות: „אום אַני חומה", אָבער אַ מעלה „אום אַני חומה, ווידער אַ מעלה „ברה כחמה". כאַטש, כאַטש, כאַטש „גולה וסורה", דאַך, דאַך, דאַך „דמתה לתמר" אאַז"וו.

געדאַווענט מנחה, דערנאָך ערשט געמאַכט דעם אמתן ריקוד. און טאָמער האָט עמעצער פון די „ניכטערע" געוואָלט צוגיין צום עמוד זאָגן „והוא רחום", איז ער באַלד אויך געוואָרן אַריינגעשלעפּט צום טאַנצן. ערשט שפּעטער, ס'איז שוין געווען גוט נאַכט און ס'האָט זיך ווער, נישט ביים „עמוד", נאָר אין דער זייט געכאַפּט זאָגן „והוא רחום" און אַ פּאָר האָבן מיטעגזאָגט — האָבן שוין די אַנדערע אויך מיט־געדאַווענט — און — „גוט־וואָך, "גוט־וואָך!"

(מעקסיקע, חנוכה, תש"ז)

מ. ליבערבערג

# 1905 אין מלאַווע *)

סוף יאָר 1904, איז אין דער דעמאָלטיקער אַלגעמיינער ציוניסטישער ביבליאָטעק אויפן אַלטן מאַרק, פאָרגעקומען אַ גרעסערע פאַרזאַמלונג. עס האָט זיך צעפלאַקערט אַ הייסע דיסקוסיע צווישן די ציוני־ציון און חובבי־ציון.

דעם טעריטאָריאַלן געדאַנק האָט פאַרטיידיקט דער דענטיסט שיף, אַ טאַלאַנטפולער רוסישער רעדנער.

אין דער שפּיץ פון די מלאַווער „ציוני ציון" איז געשטאַנען משה מערקער. דער פאַרשטייער פון די „חובבי ציון" איז געווען אַן אַדעסער דעלעגאַט.

אין דער שפּיץ פון אַ גרופּע יוגנטלעכע איז געשטאַנען דער לאָמער משה נאַזשעמסקי. געטראָגן האָט ער, ווי דער שטייגער איז דעמאָלט געווען, אַ געהאַקט קאַפּעטל, אַ ידיש היטל אויף איין זייט קאָפּ „נאַבאַקער" און אַ קיילעכדיק געשוירן שוואַרץ בערדל. ער איז געווען אַ פלאַם־פייערדיקער בחור און אויף אונדז יוגנטלעכע האָט ער געהאַט אַ געוואַלדיקע השפּעה.

נאָך אַ לאַנגער און הייסער דיסקוסיע האָבן מיר, אַ גרופּע פון יוגנטלעכע פאַרלאָזט דעמאָנסטראַטיוו די אַלגעמיינע ציוניסטישע ביבליאָטעק.

צומאָרגנס, שבת בייטאָג, זיינען מיר זיך צוזאַמענגעקומען אַ מאַן 15 אין אַ בוידעם־שטיבל, וואָס האָט זיך געפונען אין מאַרק אין באַראַנאָווסקיס הויז און דאָרט געגרינדעט, דאָס ערשטע ידישע אַרבעטער־קרייזל.

אין מאַרק און אין די אַרומיקע געסלעך האָבן מיר אויסגעשטעלט דיזשורנעס, כדי היטן די פאַרזאַמלונג.

אַ לאַנגע צייט האָבן מיר אַרומדיסקוטירט און געאַמפּערט זיך, וועלכן נאָמען זאָלן מיר געבן דעם ערשטן אַרבעטער־קרייזל. פאַרשיידענע נעמען זיינען שוין דעמאָלט אַנגעגאַנגען אין דער ידישער גאַס, ווי „פּועלי ציון", „ס. ס." א"אַנד.

*) לויט די „מלאַווער נייעס".

אַ סך חברים האָבן געוואָלט געבן אונדזער ניי־געשאַפן קרייזל נישט קיין פּראָלע־טאַרישן נאָמען. עס האָט נאָך דעמאָלט נישט עקזיסטירט קיין פּועלי־ציוניסטישע פּאַרטיי און צו אונדז איז נאָך אויך נישט דערגאַנגען דער נאָמען פון די אַמאַליקע „סיימאָווצעס". מען מוז אָבער באַשטעטיקן, אַז די חברים פון ערשטן יידישן אַר־בעטער־קרייזל זיינען געווען גענייגט סימפּאַטיש צום ציוניזם. איז טאַקע דאָס קרייזל אָנגערופן געוואָרן מיטן נאָמען „פּועלי־ציון".

יעדן פרייטיקצונאַכטס, אָדער שבת בייטאָג, פלעגן פאַרקומען אונדזערע „צו־זאַמענטרעפן". מערסטנטיילס פלעגן מיר אָפּהאַלטן אונדזערע פאַרזאַמלונגען ביי יונגע פאַרלעך וואָס ס'איז געווען אַ סך זיכערער. מלאַווע איז געווען אַ גרענעץ־שטאָט און האָט געווימלט מיט כלערליי „שפּיקעס". זייער „ראש" איז געווען לע־בעדיעוו, אַ דורכגעטריבענער און מיאוסער מענטש.

אונדזער אָרגאַניזאַציע איז באַשטאַנען פון דריי קרייזלעך. מיט יעדן קרייז האָט אָנגעפירט אַן אַנדערער. מיט איינעם האָט אָנגעפירט יעקב משה נאָזשעמסקי, אַ הייסער סאָציאַליסט און פלאַמפייערדיקער רעדנער. מיטן צווייטן קרייזל האָט אָנגעפירט משה ראָזנבערג. ער איז שפּעטער געווען אַ לענגערע צייט מיטגליד פון צענטראַל־קאָמיטעט פון דער דייטשער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. ער איז געווען אַן אַמביציעזער און אינטעליגענטער מענטש, ער האָט זיך דעמאָלט געגרייט אָפּצוגעבן עקזאַמען אויף פּראָוויזער. ער האָט נישט דורכגעלאָזט קיין איין פאַרזאַמלונג און אומעטום אַכטונג געגעבן עס זאָל זיין אין בעסטן אָרדענונג. מיר האָבן אים גע־רופן „בילדונגס מיניסטער".

דער 9־טער יאַנואַר 1905 אין פּעטערבורג, און די בלוט־באָד, וואָס איז נאָך דעם געקומען, האָבן אין מלאַווע געמאַכט אַ גרויסן רושם.

***

אונדזער טעכנישער פירער און אויך קאַסירער איז געווען יידל ניבאַרסקי אַ זון פון אַ באַלעבאַטיש הויז. ביי זיי האָט מען שוין דעמאָלט געלייענט דעם „יוד". און דעם „פריינד". ער האָט געהאַט אַ לענגלעך, מאַט פּנים מיט גרויסע בלויע אויגן, ער איז אַפילו נישט געווען פון די „טעמפּעראַמענטן", ווי מען האָט עס דעמאָלט גערופן. אין סאָציאַליזם האָט ער אָבער געגלויבט, ווי אַ פרומער ייד גלויבט אין משיחן.

די אויפגאַבע פון אונדזער טעכנישן פירער, יידל ניבאַרסקי, איז געווען אָרגאַ־ניזירן די ערשטע באַוועגלעכע „בערזעס". זומער 1905 פלעגן די „בערזעס" פאַר־קומען אויףביידע זייטן טראָטואַר אין מאַרק, וואו עס געפינען זיך ביידע אַפּטייקן דווקא אונטער דער נאָז פון דער „אָכראַנע", וואָס האָט זיך געפונען אין באַראַנאָווסקיס

הויז. אויפן ערשטן שטאָק האָט זיך געפונען די פּריוואַטע וואוינונג פון זשאַנ־דאַרמסקי פּאָלקאָווניק פּאָל, אַ רוס פון דייטשער אָפּשטאַמונג. ער האָט געהאַט טרייע דינער, 4 זשאַנדאַרמען מיט לעבעדיעוון בראש. איבער זיין וואוינונג איז געווען די מלאַוועך „אינקוויזיציע קאַמער", ווי מען האָט עס דעמאָלט גערופן.

די „בערזעס" זיינען געווען פון 4 אָדער 5 פּערזאָן, ס'רוב פינפטלעך. איין חבר האָט רעפערירט גייענדיק און די אַנדערע האָבן געענטפערט אויף פאַרשיידענע פראַגן. אָפט האָבן זיך אַכט, צען פינפטלעך פאַרקערעוועט פון בידע זייטן מאַרק אין די אַלייען, אַלץ אויפן באַפעל פון אונדזער טעכנישן פירער. צוליב קאָנספּי־ראַציע האָט די מאַסע נישט געוואוסט ווער עס געהערט צום קאָמיטעט. אַלץ איז געטאָן געוואָרן לויטן באַפעל פון יודל ניבאַרסקי.

***

דאָן באַווייזט זיך אין מלאַווע די קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע („באָיעוואָי אָטריאַד"). אייגנטלעך אַן אַרבעטער־קרייזל פון די „פּועלי ציון". מיר האָבן נאָך דעמאָלט מיט דער צענטראַלע קיין פאַרבינדונג נישט געהאַט. עס איז געווען פאַר דער לאַנדאַנער ס. ד. קאָנפערענץ און פאַר דער טיילונג אויף באָלשעוויקעס און מענשעוויקעס. אַלע פּאַרטייען, יידישע און פּוילישע, האָבן געהייסן סאָציאַל־דעמאָקראַטישע. אין פּרינציפּ זיינען אַלע עסדעקישע פּאַרטייען געווען קעגן טעראָר. מיר זיינען אויך געווען קעגן טעראָר. אָבער מלאַווע איז געווען אַ גרענעץ־שטאָט און דעריבער איז געגאַנגען אַ גרויסער שמוגל פון געווער פון דייטשלאַנד קיין וואַרשע, אַזוי אַז פון זיך גופא איז אין שטאָט אויסגעוואַקסן אַ שטאַרקע קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע. ווי געזאָגט זיינען מיר געווען קעגן טעראָר, אָבער מיר האָבן פאַרקוקט דעם פאַקט וואָס אַזאַ גרופּע האָט זיך געשאַפן. דער ערשטער „נאַטשאַלניק" פון „באָיעוואָי אָטריאַד" איז געווען אַ פלאַצקער סטאָלער, וואָס האָט געאַרבעט ביי שיעה קאַזשעניק. זיינע נאָענטע מיטהעלפער זיינען געווען די אַזוי גערופענע „הייסע טעמפּעראַמענטן" און אַ פּאָר שטאַרקע חברה־לייט, ישעיה יאַקובאָוויטש און אַנדערע.

ישעיה יאַקובאָוויטש האָט מען גערופן ישעיה וואַרשעווער. ער האָט געהאַט אַ בלאַס פּנים און אַ פּאָר רויטע, קרענקלעכע אויגן. געטראָגן האָט ער אַ שוואַרץ ווייך קאַפּעלושל, אַראָפּגערוקט איבער די אויגן און אַ שוואַרצע פּעלערינע. אונטער דער פּעלערינע האָט ער געטראָגן אַ שוואַרצע „ראַבאַטשע" בלוזע, אַרומגעגאַרטלט מיט אַ רויטן פּאַסעק. ער האָט זיך תמיד אַרומגעטראָגן מיט אַ ביכל.

דער היפּך זיינער איז געווען דער צווייטער „באַיאָוויעץ" קאַפּטאַל.

איך געדענק אויך איינעם אַלטער, אַ סטאָלער און אונזער מ. ראָזנבערג.

איין פרימאָרגן, סוף יולי 1905, האָט אונדזער קאָמיטעט באַשלאָסן אַ באָיקאָט אויף אַלע זאַראַמינער באַלעגאָלעס און אויף אַ טייל וואַרשעווער סוחרים, וואָס פלעגן

קומען קיין מלאַווע. כ׳געדענק נישט די סיבה פון באַיקאָט. אַלע האָבן באַדאַרפט באַקומען „שיינען" פון אונדזער קאָמיטעט אויף אַריינפאָר און אַרויספאָר. דער קאָמיטעט האָט אַרויסגעגעבן אַ באַפעל די „באָיאָווצעס" צו זיין תמיד גרייט. אַזוי איז אָנגעגאַנגען אַ פּאָר וואָכן. איינמאָל האָבן זיך די זאַראָמינער באַלעגאָלעס איינגעשפּאַרט און געוואָלט אַריינפאָרן קיין מלאַווע פון דאָרף טורזשע אָן דערלויבעניש פון אונדזער קאָמיטעט. באַלד זיינען אַרויס אונדזערע „באָיאָווצעס" מיט ישעיה וואַרשעווער, קאַפּטאַל, אַלטער און ראָזנבערג. אַלע אָנפירער מיט „שפּייערס" אין די הענט, ברויניגגס און בולדאָגס. משה ראָזנבערג איז געשטאַנען פון דער וויטן און אָבסערווירט זיינע „זעלנער", ער האָט געהאַט אַ ניקעלנעם בראַונינג, וואָס שיסט אָן אָפּקלאַנג.

מען האָט אויסגעשאָסן אייניקע מאָל אין דער לופט. די באַלעגאָלעס האָבן זיך אָבער געוואָרפן אין שלאַכט אַריין. איין באָיאָוויעץ איז אַוועק אין שטאָט אַריין זיך אָנפרעגן דעם קאָמיטעט. ער האָט באַקומען אינסטרוקציעס, פאַר קיין פאַל נישט אַריינצולאָזן אין שטאָט אַריין אָן אַ דערלויבעניש פון קאָמיטעט.

ביז די אָקטאָבער טעג פון 1905 זיינען מיר נישט געשטאַנען אין קיין שום פאַרבינדונג מיט דער צענטראַלע. מיר פלעגן אָבער באַקומען פון וואַרשע די פּועלי ציוניסטישע צייטונג „דער וועג", און אויך די „יעווריעסקאַיאַ ראַבאָטשאַיאַ כראָניקאַ", וואָס באָראָכאָוו האָט אַרויסגעגעבן אין פּאָלטאַווע. אונדזער „בילדונגס מיניסטער" משה ראָזנבערג פלעגט איבערזעצן פון רוסיש פאַרשיידענע אַרטיקלען, זיי אַליין אָפּקאָפּירן און פאַרטיילן אויף די „בערזעס", וואו מיר פלעגן זיך צוזאַמענקומען.

מיר זיינען אויך געווען אין קאָנטאַקט מיט דער פּ. פּ. ס., וואָס איז אין מלאַווע געווען אַ שטאַרקע אָרגאַניזאַציע. צוליב דער נאָענטקייט פון דער גרענעץ איז אין שטאָט געזעסן זייערע אַ טעכנישע קאָמיסיע מיט איינעם, אַ סטודענט פון אַגראָנאָמיע, יורעק באָלעסלאָווסקי בראש.

פון זיי פלעגן מיר באַקומען אומלעגאַלע צייטונגען און בראָשורן. אויף אונדזערע „בערזעס" האָבן מיר פונאַנדערגעטיילט דעם „ראָבאָטניק" מיט דעם „אַרבעטער", וואָס די יידישע סעקציע פון די פּ. פּ. ס. האָט דעמאָלט אַרויסגעגעבן, אַפילו די ס. דקישע צייטונג „טשערוואָני שטאַנדאַר", האָבן מיר אויך געלייענט. מיר זיינען אָבער געווען מער פאַראינטערעסירט אין די פּ. פּ.־סישע צייטונגען, ווייל מיר זיינען אויך געווען „העראָאיש" געשטימט און וועגן די „העלדישע" קאַמפן, וואָס די פּ. פּ. ס. האָט געפירט, איז צו מאָרגנס געווען אין יידע פאַרטיי־בלעטער.

די באַציאונגען מיט דער פּ. פּ. ס. זיינען געווען דורך דעם חבר קאַפּטאל, וואָס האָט געאַרבעט ביים פּוילישן איינבינדער ראַכאָצקי, ביי וועמען עס זיינען פאָרגעקומען אַלע זיצונגען פון דער פאַרטיי.

נאָך דעם אינצידענט מיט די זאַראָמינער באַלעגאָלעס האָט לעבעדיעוו שוין

אָבסערווירט אונדזערע קרייזלעך. איינמאָל איז ישעיה וואַרשאַווסקי מיט צוויי פּוילישן יוגנטלעכע פון פּ. פּ. ס. געגאַנגען אויף וואָלקער אַלעע, וואו די פּוילישע חברים האָבן פּאַרטיילט די רעוואָלוציאָנערע מיליטער צייטונג „סאָלדאַטסקי ליס־טאָק". לעבעדעוו האָט זיי נאָכשפּיאָנירט. אין דער לעצטער מינוט איז וואַרשאַווסקין געלונגען אין דער לעצטער מינוט אַוועקצוואַרפן דאָס פּעקל „דער אַרבעטער", וואָס ער האָט ביי זיך געהאַט. די פּוילישע חברים זיינען אַרעסטירט געוואָרן און אַוועקגעפירט אין די „אינקוויזיציע־קאַמער" אין באַראַנאָווסקיס הויז.

נאָך דער גרויסער שחיטה אין די לעבינער גאָלד־גרובן אין אויגוסט 1905, האָט זיך אין גאַנצן לאַנד פּאַרשפּרייט אַ כוואַליע פון שטרייקן, פּאָליטישע און עקאָנאָמישע, וואָס האָט דערגרייכט אויך קיין מלאַווע.

מען האָט שוין געפילט די אָנקומענדיקע שטורמישע טעג. נאָך פון מאַי אָן האָבן מיר זיך געגרייט צו אַ שטרייק. מיר האָבן אויך געגרינדעט אַ שטרייק־קאַסע. יעדער חבר (מיר זיינען געווען אַ 50 מאַן), האָט געצאָלט 5 קאָפּיקעס אַ וואָך. די קאַסע האָט געפירט יידל ניבאַרסקי צוזאַמען מיט קאַלאַנקאַ, דעם אָנפירער פון שטרייק.

דעם 18־טן אויגוסט 1905 איז אויסגעבראָכן דער גרויסער שטרייק. מיר האָבן זיך נאָך פריער געהאַט פאַרשטענדיקט מיט דער פּ. פּ. ס. דער שטרייק איז געווען אַ געלונגענער.

אָנגעהויבן האָט עס זיך מיט גרויסע בשותפותדיקע „מאַסאָוואָקעס", אויפן שרענסקער וועג ביים „דרוזשניק". רעכטס פון טאָל זיינען געווען אַ פּאָר הונדערט קשאַקעס, וואו הונדערט מענטשן האָבן זיך געקענט אומבאַמערקט צוזאַמענקומען. ביי אָן איבערפאַל האָבן מיר זיך געקענט צעשיטן אויף פאַרשיידענע וועגן. דאָס אָרט איז ווי באַשאַפן געוואָרן פאַר אַזאַ מיטינג. די חברים האָבן עס גערופן „די קשאַקעס".

שבת האָבן מיר צוזאַמען מיט די פּוילישע אַרבעטער געהאַט אַ „מאַסאָוואָקע". צוריקגייענדיק מיט פאַרשיידענע וועגן האָבן מיר זיך אָנגעשטויסן אויף „אונדזערע" דאָנסקע קאָזאַקן, וואָס זיינען דעמאָלט געשטאַנען אין מלאַווע. זיי זיינען געריטן צו 3־4 מאַן און געהאַלטן נאַהייקעס אין די הענט. די שטאָט האָט אויסגעזען ווי אין אַ מלחמה־צושטאַנד. ווי עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, האָט זיך דער נאַ־טשאַלניק, פיאָדאָר גראַדעצקי, אַריענטירט אין דער לאַגע. ער האָט געזען גרופּן אַרבעטער גיין צוזאַמען, האָט ער אַרויסגעפּאָדערט אַ „סאָטניע" קאָזאַקן היטן די שטאָט. די „דראַגאָנער", וואָס זיינען געשטאַנען אין מלאַווע, זיינען שוין געווען געכאַפּט אין „קראַמאַלע". אַפילו אין וואָלקע, וואו עס איז געווען אַ גרויסע באַן־דעפּאָ, איז אויך געווען נישט רואיק.

די פערטע סאָטניע קאָזאַקן מיטן קאָמאַנדיר טשאַרני יאַראָוו האָט פּאַטראָלירט די שטאָט. יאַראָוו האָט אויסגעזען, ווי אַ ווילדער מענטש. ער האָט געטראָגן אַ

פֿאַר בלויע ברילן מיט אַ לאַנגן שוואַרצן שנור צוגעשפּילעט צו זיין הויזן־פּאַס, ברייטע שאַראַוואַרן, ווי אַ צירק־קלאָון, גאַר הויכע אָפּצאַסן אויף זיינע קורצע שטי־וועלעך. אַזוי רייטנדיק אויף זיין פערדל, האָט ער אויסגעזען, ווי אַ ריכטיקער אינקוויזיטאָר. האָט זיך טאַקע זיין „סאָטניע" צעלאָזט איבער דער שטאָט און גע־שלאָגן די דורכגייענדיקע.

דאָס האָט אַרויסגערופן ביי אונדז און ביי די פּוילישע חברים דעם ווילן נקמה צו נעמען אין טשאַרני יאַראַוו מיט זיינע קאָזאַקן. אַ גרופּע האָט באַשלאָסן צו מאַכן ביינאַכט אַן איבערפֿאַל אויף די קאָזאַקן, בכדי דעמאָנסטרירן אונדזער ווי־דערשטאַנד. צומאָרגנס, זונטיק ביינאַכט, דעם 22־טן אויגוסט האָט אַ גרופּע „באַ־יאָווצעס" אונטער דער אָנפירונג פון פּוילישן „באָיאָוויעץ" זיידא געעפנט אַ שיסעריי אויף די קאָזאַקן. די קאָזאַקן האָבן זיך געוואָרפן מיט די נאַהייקעס, אָבער אַלע חברים איז געלונגען צו אַנטלויפן. אויפן צווייטן טאָג האָט מלאַווע אויסגעזען, ווי אַ באַלאַגערטע שטאָט. עס האָבן זיך אָנגעהויבן מאַסן־רעוויזיעס. ביי די פּוילישע פּאַרדעכטיקע חברים האָט מען געזוכט, אָבער ביי די חברים פון אונדזער קרייזל נישט. רעוויזיעס זיינען געוואָרן דורכגעפירט דווקא ביי די אָנגעזעענע יונגע ציוניסטן, וואָס האָבן מיט די אַרבעטער־קרייזלעך קיין שום שייכות נישט געהאַט, ווי געזונדהייט, נחום מאַקאָווסקי און אַנדערע. מען האָט קיין פּאַרדעכ־טיקע זאַך נישט געפונען. עס איז אונדז דאָס מאָל אויך צוהילף געקומען דער רוסישער זשאַנדאַרם מיט דער לאַנגער שוואַרצער באָרד, וואָס האָט געהאַט רע־וואָלוציאָנערע נייגונגען און וואָס איז געשטאַנען אין קאָנטאַקט מיט די חברים פון פּ. פּ. ס. זיין פּסעוודאָנים איז געווען יעזוסיי פּאַוולאָוו.

**

די ידיעה וועגן די באַריקאַדן אין מאָסקווע, פּעטערבורג און אַנדערע רוסישע שטעט, דער בונט אין קראָנשטאַט און אין אַנדערע פּאָרטן האָבן אַריינגעבראַכט דערמונטערונג אויך אין אונדזער מלאַווער אָרגאַניזאַציע. מיר האָבן זיך גענומען צו אַקטיווער אַרבעט.

מיר האָבן אויסגעקליבן אַ נייעם אויספיר־קאָמיטעט בראש מיט משה ראָזנ־בערג. די צענטראַלע איז געווען ביי חבר פישל בלאַכאַש. פישל איז נאָך געווען אַ בחור, געפירט שוין דעמאָלט פאַר זיך אַ ווערקשטעל און געוואוינט אין צוויי שטובן. משה ראָזנבערג האָט די לעצטע צוויי יאָר פאַר זיין אַוועקפאָרן געוואוינט ביי פישלען צוליב די רדיפות, וואָס ער האָט געהאַט אויסצושטיין אין דער היים פון זיין טאַטן שמשון, דעם גערער חסיד.

דאָ האָבן מיר איינגעאָרדנט אַ קאָפּיר־דרוקעריי. חבר ראָזנבערג פלעגט אָנ־שרייבן מיט טוש אין קאָפּיע און אַ צווייטע. איך האָב אויך מיטגעהאָלפן אין דער

אַרבעט. מען האָט אַריינגעלייגט די קאָפּיע אין אַ העפט, יעדעס בלעטל איינגעשמירט מיט פּוטער אָדער בוימל און דערנאָך צוגעקוועטשט מיט צוויי בלעכן. אַזוי אַרום האָבן מיר געדרוקט פאַרשיידענע פּראָקלאַמאַציעס. עס איז נישט געווען קיין לייכטע אַרבעט, אָבער אַ דרוקעריי האָבן מיר פאַרמאָגט. די פּראָקלאַמאַציעס, וואָס מיר האָבן געדרוקט אין הונדערטער עקזעמפּלאַרן, האָבן זיך אָנגעהויבן מיט די ווערטער: „חברים אויף דער וואַך, דער נצחון איז נאָענט, אַ טויט־קלאַפּ דעם צאַריזם", אָדער, מיט אַ שוואַרץ רעמל: „דער צאַריזם האָט אויסגעצויגן זיינע לאַפּעס".

אונדזערע מאַסן־פאַרזאַמלונגען פלעגן זיין זייער שטורמישע. אַזאַ פאַרזאַמלונג האָבן מיר געהאַט אין דער וואַרשעווער גאַס אין אַ סטאָלער־שאַפּע ביים חבר בערל סטאָלער.

דאָס ערשטע מאָל איז צו אונדז געקומען אַ חבר פון וואַרשע און רעפערירט וועגן דעם צוזאַמענפאָר פון אַלע פּועלי־ציוניסטישע קרייזלעך, וואָס דאַרף פאָרקומען. מיר האָבן געדאַרפט אויסקלייבן צו דער קאָנפערענץ צוויי דעלעגאַטן. מיר האָבן אויסגעקליבן די חברים איטשע דזשאַלדאָווסקי און מרדכי פיגאַט.

מרדכי פיגאַט פלעגט זיך ווויצלען אַז ער איז פון די „קאַלטע" חברים, דאָס הייסט, אַז ער האָט נאָך קיינמאָל נישט געהאַט קיין דורכפאַל. הגם ער איז געשטאַנען אין קאָנטאַקט מיט די פּוילישע חברים און געטיילט אויף אונדזערע פאַרזאַמלונגען הונדערטער עקזעמפּלאַרן פון „ראָבאָטניק" מיט דער יידישער ביילאַגע. די מלאַווער זשאַנדאַרן האָבן אים קיינמאָל נישט געכאַפּט.

די וואַרשעווער קאָנפערענץ איז געווען אַ דורכפאַל. מען האָט אַלע 150 מאַן אַרעסטירט און פאַרשפּאַרט אויף 3 חדשים אין ציטאַדעל.

אויך ביים קלייבן אונדזערע פאָרשטייער זיינען מיר שיעור נישט דורכגעפאַלן. צוליב פאָרזיכטיקייט האָבן מיר אַוועקגעשטעלט פּיקעטן, צען הייזער פון אָרט, וואו די פאַרזאַמלונג איז פאָרגעקומען. און זיי געהייסן אַריינגיין און אַרויסגיין פון הויף כדי מען זאָל מיינען, אַז די פאַרזאַמלונג קומט פאָר דאָרטן. אַזוי איז טאַקע געווען. דאָרט איז פאָרגעקומען אַן איבערפאַל פון דער פּאָליציי, וואָס האָט פאַרשטייט זיך גאָרנישט ניט געפונען. דערווייל האָבן מיר באַקומען אַ ידיעה פון יעווסיי פּאַוולאָוו און זיך אויף שנעל אָפּגעטראָגן.

***

דעם מאַניפעסט פון 17־טן אָקטאָבער 1905 האָט די גאַנצע באַפעלקערונג אין מלאַווע אויפגענומען מיט גרויס פרייד און עס האָט זיך פאָרמירט אַ דעמאָנסטראַציע פון יידן מיט גויים צוזאַמען. אין איר האָבן זיך באַטייליקט איבער 10.000 מאַן. דער הויפּט־אָנפירער איז געווען די באַקאַנטע מלאַווער פּוילישע שריפט־

שטעלערין זוזאַנאַ מאַראַוואָסקאַ. אין מאַרק איז געשטאַנען אונדזער אָרגאַניזאַציע אַרומגערינגלט מיט אַ קייט מיליציאַנערן מיט משהן, אַ פּלאַצקער סטאַלער, אין דער שפּיץ. נאָך אונדז זיינען געשטאַנען חברים פון דער „אַלגעמיינער ציוניסטישער ביבליאָטעק" מיט יקיר וואַרשאַוועסקין אין דער שפּיץ. נאָך זיי — אַ פּאָר הונדערט יידן. עס האָט געפלאַטערט אַ גרויסע, רויטע פאָן מיט אַ גאָלדענער אויפשריפט „ואהבת לרעך כמוך".

די דעמאָנסטראַציע האָט מאַרשירט צום קבר פון די העלדן פון יאָר 1863. דער קבר האָט זיך געפונען לינקס פון דעמאָלטיקן קאַרדאָן אויף דער ניבאָרגער גאַס, אין מיטן פעלד שטייט אַן אַלטער צלם איבער דעם קבר פון איינעם אַרליק, וואָס איז אין 1863 אומגעקומען פון די צאַרישע הענקער. די צען טויזנטיקע מאַסע האָט זיך דאָ אָפּגעשטעלט.

די ערשטע רעדע האָט געהאַלטן זוזאַנאַ מאַראַוואָסקאַ. זי האָט אָנגעהויבן מיט די ווערטער „ברידער יידן" און גערעדט וועגן פּוילנס פרייהייט, טראַדיציע און טאָלעראַנץ. יענעם טאָג האָט אין מלאַווע געהערשט די אמתע פרייהייט.

נאָך מאַראַוואָסקאַס רעדע האָבן די דעמאָנסטראַנטן מיט געזאַנג מאַרשירט צוריק אין מאַרק אַריין. יקיר וואַרשאַוועסקי האָט מיט יוגנטלעכן ברען געזונגען „עוד לא אבדה". מיר האָבן אַנטקעגנגעזונגען „מיר הויבן די הענט קעגן מזרח און שווערן".

דער מאַרק האָט אויסגעזען, ווי דער לאָנדאָנער „הייד פּאַרק". אין יעדן עק האָט אַן אַנדערער גערעדט. אין איין עק האָט גערעדט איינער פון די „נאַראָ־דאָווצעס־פּאָסטעמפּאָווצעס", אין אַנדערן עק — די פּ. פּ. ס. אונדזער חבר, דער לאָמער יעקב משה נאַזשעמסקי, האָט גערעדט פון באַלקאָן פון קאַנעצקי־פּראַנק.

אָבער נאָר אייניקע טעג נאָך דער דעמאָנסטראַציע האָט זיך ווידער אויפגע־הויבן די צאַרישע נאַהייקע, עס זיינען פאָרגעקומען שטאַרקע אַרעסטן.

אַזוי ווי אין גאַנצן לאַנד, האָבן זיך אויך ביי אונדז אין מלאַווע באַוויזן גרויסע מודעות וועגן קריגס־צושטאַנד מיטן באַקאַנטן נוסח אַז מען טאָר נישט גיין זאַל־בעדריט, אַז נאָך 8 אָונט טאָר מען זיך נישט באַווייזן אין גאַס, אַפילו, ווען מען דאַרף רופן אַ דאָקטאָר.

אין עטלעכע טעג אַרום האָבן זיך אָנגעהויבן שטאַרקע רעפּרעסיעס. יעדן טאָג האָט מען געזען ברענגען אין „אויעזד" וואו עס האָט זיך שפּעטער געפונען די פּאָסט, אַרעסטירטע פּאַליאַקן. זיי זיינען אַדמיניסטראַטיוו אָפּגעשיקט געוואָרן אויף 3 ביז 6 חדשים אין פּלאָצקער תפיסה. אויך אונדזער חבר יעקב משה נאַ־זשעמסקי איז פאַרמשפּט געוואָרן אויף 6 חדשים און אָפּגעשיקט געוואָרן צוזאַמען מיט אייניקע „שליאַכטשיצעס" אין קייטן קיין פּלאָצק.

עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז לעבעדיעוו מיט זיינע באַהעלפער האָבן אָבסער־ווירט און פאַרנאָטירט אַלע רעדנער אויף דער דעמאָנסטראַציע. פּונדעסטוועגן

האָט זיך אונדזער אָרגאַניזאַציע נישט צוזאַמענגעבראָכן, אַפילו ביי די שווערסטע באַדינגונגען פון יאָר 1906. מיר האָבן נאָך פאַרשטאַרקט דעם קאָנטאַקט מיטן צ. ק. פון „פועלי ציון" אין וואַרשע.

צו אונדזער אָרגאַניזאַציע איז אויך צוגעשטאַנען אַ גרופּע יידישע שילער פון דער מלאַווער פּוילישער האַנדלס־שולע. מיעטעק קלעניעץ איז געווען אָן אָפטער באַזוכער פון אונדזערע בערזעס. ער האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין רעד־נער־טאַלאַנט.

מיר פלעגן האָבן גאַנץ גרויסע פאַרזאַמלונגען, ווינטער ביי חברים אין שטוב, זומער — אין וואַלד.

אַזוי האָט עס געדויערט ביז נאָוועמבער 1906, ווען אונדזער אָרגאַניזאַציע האָט זיך דאָך צוזאַמענגעבראָכן. אַ סך חברים האָבן זיך אַנטוישט אין דער רעוואָ־לוציע, אַנדערע זיינען געוואָרן באַלעבאַטימלעך, אַנדערע ווידער, זיינען זיך צעפאָרן אין אַלע עקן וועלט.

*
**

סוף נאָוועמבער 1906 האָט זיך אין מלאַווע באַוויזן אַ שטאַרקע עקספּראָפּריאַציע־גרופּע. אַ טייל פון אונדזערע חברים, ווי אויך פון די פּ. פּ. ס. האָבן מקנא געווען אַנדערע שטעט, וואו עס האָבן עקזיסטירט עקספּראָפּריאַציע־גרופּן. אין יענע שטעט איז די עקספּראָפּריאַציע אַדורכגעפירט געוואָרן פאַר פּאַרטיי־צוועקן. די רעזולטאַטן פון דער מלאַווער עקספּראָפּריאַציע־אַרבעט איז געבליבן אַ סוד ביז היינט.

דער ערשטער איבערפאַל איז געווען אָרגאַניזירט איבער דער וואוינונג פון יעקב שלמה מאָנדזשעק. אַ פאַרמאַסקירטע גרופּע איז אַריין און צוגענומען אַ פּאָר הונדערט רובל. די אָנפאַלער זיינען געווען פאַרקאָנספּירירט, אַפילו פאַר די איי־גענע געוועזענע חברים. ווען די זשאַנדאַרמעריע איז נאָכן איבערפאַל אָנגעקומען, האָט זי געפונען אויפן טיש באָמבעס, צו וועלכע זי האָט מורא געהאַט זיך צוצורירן. מען האָט גערופן מיליטערישע ספּעציאַליסטן, וואָס האָבן די באָמבעס מיט גרויס פאָרזיכטיקייט אַוועקגעפירט אין פעלד אַריין, כדי זיי אויפצורייסן. די באָמבעס האָבן אָבער נישט עקספּלאָדירט. זיי זיינען געווען פון ליים.

די פּאָליציי און זשאַנדאַרמעריע האָבן צוויי טעג און נעכט באַלאַגערט דאָס דאָרף דעמבסק, וואו עס האָבן זיך געזאָלט געפינען די אָנפאַלער. פאַקטיש האָבן זיי זיך אַלע געפונען אויף אַ חתונה אין „קאָשטשאָל". אייניקע פון אונדזערע חברים, ווי קאַפּטאַל און אַנדערע, זיינען גערופן געוואָרן אויף אַ „דאָפּראָס", אָבער צוליב דוחק אין באַווייזן זיינען כמעט אַלע באַפרייט געוואָרן.

סוף פעברואַר 1907 איז פאָרגעקומען אַן איבערפאַל איבער דער „באַנק

ספּולדזשעלטשי״, אָדער ווי מען האָט זי גערופן „רודאַווסקיס באַנק״. דעם איבער־פאַל האָט אָרגאַניזירט איינער זאַכאַרסקי א. נ. פּ. פּראַוויעץ *). אין איבערפאַל האָבן אויך אָנטייל גענומען 3 יידן: קאַפּטאַל, משה ראָזנבערג, ישעיה וואַרשעווער און אויך דער פּאָליאַק ראַדאַצקי, ביי וועמען אין שטוב עס איז געוואָרן אויסגעאַר־בעט דער גאַנצער פּלאַן. זאַכאַרסקי האָט זיך אַרויסגעוויזן אַלס פאַררעטער. ווען די גרופּע איז אָנגעקומען אין דער באַנק אַריין, האָט זיך אויף זיי געעפנט אַ שיסעריי, נעמער איז געהרגעט געוואָרן, צוויי אַנדערע פאַרוואונדעט. די יידישע אָנטייל־נעמער זיינען זיך צעלאָפן. קאַפּטאַל און משה ראָזנבערג זיינען אַנטלאָפן קיין אויס־לאַנד. ישעיה וואַרשעווער (יאַקובאָוויטש) האָט מען שפּעטער געכאַפּט, ווען ער איז געפאָרן מיט אַ גרופּע אַרטיסטן ווי אַ זינגער. ער איז געשטעלט געוואָרן פאַר אַ קריגס־געריכט צוזאַמען מיט ראַכאַצקין און איינעם דראַזדאָווסקי. ראַכאַצקי איז באַפרייט געוואָרן, דראַזדאָווסקי און וואַרשעווער האָבן באַקומען 4 יאָר קאַטאָרגע. דראַזדאָווסקי איז שפּעטער באַפרייט געוואָרן אַ דאַנק דער רעוואָלוציע. וואַרשעווערס שוואַכער גוף האָט נישט אויסגעהאַלטן און ער איז געשטאָרבן אין פּלאַצק.

אַזוי האָט זיך געענדיקט די מלאַווער רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג פון 1905.

*) נאַ־יאָנאַלע פּוילישע אַרבעטער־פּאַרטיי.

ד״ר יעקב שאַצקי

# וועגן אָפּאַטאָשוס מלאַווער דערציילונגען

די ניין קורצע דערציילונגען פון יוסף אָפּאַטאָשו, וואָס ווערן געדרוקט אין דעם „פּנקס מלאַווע״ זיינען דאַטירט: די ערשטע — 1914, די לעצטע — הגם נישט דאַטירט איז געשריבן אין די יאָרן פון לעצטן חורבן אונדזערן. דאָס זיינען דערציילונגען, וואָס האָבן די מלאַווער אַטמאָספערע און מלאַווער טיפּאַזש. אָבער עס וואָלט געווען נישט ריכטיק באַטראַכטן זיי ווי לאָקאַלע אָדער ווי רעגיאָנאַלע שאַפונגען. דער כוח פון אָפּאַטאָשוס קינסטלערישן אויסדרוק באַשטייט אין דעם, וואָס אָפּטמאָל אומבאַוואוסטזיניקערהייט דערהויבט ער אַ לאָקאַלע געשטאַלט אָדער אַ רעגיאָנאַלע היסטאָרישע סיטואַציע צו דער מדרגה פון אוניווערסאַלישקייט. דער לאָקאַלער קאָלאָריט פאַרבלייבט ווי אַ „תנאי־קאָלאָריט, ווי אַ דעקאָראַטיווער עלע־מענט, וואָס דער לייענער פאַרגעסט זייער שנעל און עס שיילט זיך אַרויס דאָס אַלגעמיין ייִדישע, וואָס איז נישט צוגעשמידט צו די „רעאַליסטישע״ ד׳ אמות פון אַ שטאָט אָדער שטעטל. אין דער זעלבער צייט אָבער, זיינען זיינע מלאַווער ייִדן אויף אַזוי פיל מלאַווער אויף וויפל זיי שפּיגלען אָפּ, אָדער רעפּרעזענטירן דעם ציבור־כאַראַקטער און דעם מענטשלעכן מהות, וואָס די מלאַווער עדה האָט אין גאַנג פון געשיכטע פּראָדוצירט.

„קיווקע גנב״ אַ ווערטער געמעל אין גוסט פון אַ דאָמיע, דעם פּראָנצויזישן מאָלער, אָדער דעם שפּאַנישן מאָלער גאָיאַ — איז אַ מלאַווער אין זיין רעאַליסטישער ראָם, האָט אָבער אויך געקענט זיין אין רעגענסבורג, אָדער אַפילו אין אַ שפּאַניש־ייִדישער שטאָט אין די יאָרן פאַרן גירוש. דערפאַר איז „קיווקע גנב״ אַ שטודיע אין מיניאַטור פון די אומזעעוודיקע מאָראַלישע כוחות אין דעם עמך־מענטש, וואָס נאָר אַ קינסטלער קען אַרויסברענגען — בעת פאַר דער דרויסנדיקער וועלט איז דאָס מסתמא נישט מער ווי אַ „זייטיקער פּראָדוקט״ פון דעם ייִדישן שוים אין

געטאָ. אים האָט „איינגעדעקט" די זעלבע ווירקלעכקייט וואָס האָט אים באַ־שאַפן (ווי אַ גנב) — אָבער ער גופא האָט „אויפגעדעקט" (אויך אומבאַוואוסטזיניק) זיין אינטעגראַלע פּערזענלעכקייט. יאָ, דער „קיווקע געשטאַלט" איז מער ווי גנב. ער איז דער עטאָס פון אַ יידן אין אַ סיטואַציע פון אומעטאָס. אין דער דערציילונג „ביי מלאַווער לאַנדסלייט" איז אַרויסגעבראַכט אַפּאַטאַשוס נטיעה צו היסטאָריאָזאָ־פירן אויף די ראַנדן פון די גרויע און בלוטיקע געשעענישן און דאָס האָט ער נישט אַרויסגעבראַכט, נאָר אַריינגעבראַכט אין דעם געמיט־צושטאַנד פון די מלאַווער לאַנדסלייט.

די אויטאָביאָגראַפישע דערציילונג „אַ שבת נאָכמיטיק" גיט איבער אין אַ שפּראַך פול מיט נאָסטאַלגישער שטימונג — די אַטמאָספערע אין מלאַווע ביים טאַטן אין שטוב און די ערשטע זוכעניש צווישן די ווערטן פון עבר און צווישן די סירע־נישע רופן פון דער שטורמישער יידישער תקופה אין וועלכער דער קוים בר־מצווה יינגל האָט געלעבט און געחלומט. ער האָט שוין אין זיינע אָדערן דערפילט די וואָרעמקייט פון „היסטאָרישן בלוט" און דער דאָזיקער אַטאַוויזם ווערט זייער פיין אַרויסגעבראַכט אין דער דאָזיקער אידעלער זאַך.

אין די ווייטערדיקע דערציילונגען, ווי „ווייטע ריחות", „אַ מאַנטיק" זיינען פאַראַן עפּיזאָדישע סיטואַציעס („ווייטע ריחות") אָדער מלאַווער שטיי־גער און סאָציאַלע קאָנפליקטן אַרויסגעבראַכט מיט אַ סך אויסדרוק־קראַפט. פון דער סעריע דערציילונגען איז די דערציילונג „שבת" די סאַמע שטאַרק־סטע, ווייל דאָ ווערט באמת דער לאָקאַליזם אויפגעשטופּט אין זכות פון גרויסער סימבאָלישקייט פון אַט דער מלאַווער „גליקל פון האַמעלן", דער סוחרטע וואָס פאָרט אַליין אין דער פרעמד טאָן מסחרים און פאָרט אַהיים אין אַ לאַסט־שליטן, מיט אַ גויישן בעל־עגלה ווינטער־צייט און וויל נישט אַריינפאָרן אין „שבת אַריין". זי גייט אַראָפּ פון שליטן, נעמט אַרויס דאָס געלט און לאָזט עס ליגן אויפן שניי. זי נעמט אַן עפּל, שטעלט אַריין דריי ליכטלעך און צינדט אָן די ליכט אין פעלד און שטעלט זיי אַריין אין שנייאיקער ערד.

און דער גוי־בעל־עגלה קוקט אויפן געלט „וואָס איז געלעגן אַזוי הפקר, גע־קוקט אויף אסתרן, וואָס האָט מיט פאַרשטעלטע אויגן געבענטשט ליכט."

„ס'איז אים וואַרעם געוואָרן און ער האָט זיך איבערגעצלמט. און אַז אסתר האָט זיך געלאָזט אין שטאָט אַריין, איז מאַרטשין איר נאָכגעפאָרן מיטן שליטן."

דער לעצטער אַקאָרד פון דער דאָזיקער פּרעכטיקער דערציילונג — איז שוין אויס לאָקאַלע דעקאָראַציע; עס איז סימבאָל, דערהויבן און יידיש־אוניווערסאַל אין זכות פון דער מלאַווער געשטאַלט.

„אָרום און אָרום אַ פאַרשנייטע וועלט. אויף אַ פריזמע שניי — דריי ליכט, דריי פלעמעלעך, וואָס דערציילן, אַז ס'איז שבת".

אַ „דרייאיינינקייט" — אָבער אַ יידישע, אַן אייגענע, מער סימבאָל, ווי ברו־טאַלעווירקלעכקייט.

אויטאָביאָגראַפיש איז אויך די דערציילונג „דריי", אין וועלכער עס ווערט דערציילט וועגן דעם מחבר און זיינע צוויי חברים. דאָ איז אויך פאַראַן אָט די גוט באַקאַנטע פון אַ סך שטעט און שטעטלעך יוגנט־זוכעניש. דאָס לאָקאַלע איז אָבער דאָ, נאָר דער פאַקטישער מאַטעריאַל, אָבער נישט די שטימונג.

אַפּאָטאָשו האָט אָנגעשריבן זייער אַ סך דערציילונגען פון מלאָווער יידן. ווי יעדער קינסטלער, איז ער אויך אויטאָביאָגראַפיש. ער פילטרירט די וואַסערן פון מלאָווער זכרונות דורך די רערן פון זיין קינסטלערישן אַפּאַראַט. ער דער־הויבט דאָס לאָקאַלע צום אַלגעמיינעם, דאָס טיף־יידישע אין דער וועלט פון זיין שטאָט צו יידישע טיפקייטן פון דער גאַרער יידישער וועלט.

י. אַפּאַטאָשו

# די מלאַווער עדה

„... פון מלאַווע, ליב קינד, איז אַ חורבה געבליבן. ...אויפן וועג איז ביי שרהן די מעל שענקערין אַ קינד פון מאַזלען געשטאָרבן".

(מיין מאַמעס בריוו)

די שאַסייען, די וועגן האָט מען נישט געקאָנט דורכגיין, געווען פאַרנומען מיט רוסיש מיליטער, — האָט זיך די מלאַווער עדה געשלעפּט נאָך וואַרשע מיטן גאַנצן האָב און גוטס אויף די פּלייצעס איבער פעלדער, איבער וועלדער.

פון פאָרנט האָט געשפּרייזט משה שמש, אַ הויכער, שווערער ייד, פעסט גע־האַלטן אין די אָרעמס אַ ספר־תורה, גלייך ווי ער וואָלט מורא געהאַט, מען זאָל זי אים ניט אָרויסכאַפּן, אָנגעשפּאַרט די גאָמבע אָן די עץ־חיימס און זיין לאַנגע צעכמאַליעטע באָרד האָט זיך געשוואָנקען אונטערן רעגן.

הונגעריק, דורכגעווייקט פון די האַרבסט־רעגנס, וואָס האָבן, ווי אויף צו להכעיס, שוין אָנגעהאַלטן איבער אַ וואָך — האָט געבלאָנדזשעט די מלאַווער עדה ווי אַ סטאַ־דע שעפּסן, אָפּגעריסענע, אָפּגעשליסענע, נישט געפילט, ווי די אָפּגעהאַקטע זאַנגען, די סאָסנאָווע נאָדלען קריכן דורך די צעווייקטע, האַלב־צעריסענע פּאָדעשוועס, שטעכן ביז צום בלוט און נאָר געחלומט, וואו צו געפינען אַ טרוקן, וואַרעם פּלאַץ און זיך צוצושפּאַרן.

און פון הינטן איז נאָכגעגאַנגען הערמאַן, דער שבת־גוי, אַ געזונטער דייטש, וועמעס זיידע האָט זיך נאָך געשפּייזט פון יידישע חלות און געפירט אויף אַ שטריקל אַ הונגעריקע, מעלקנדיקע ציג, די איינציקע בהמה, וואָס איז פאַרבליבן ביי דער גאַנצער עדה.

און אַז אַ קינד איז פון מידקייט געפאַלן איבער די פיסלעך און די שוואַכע מאַמע האָט עס ניט געקאָנט אויפהויבן, האָט הערמאַן געכאַפּט דאָס קינד, ווי אַ פאַסטוך כאַפּט אַ מיד שעפּעלע, עס אָנגעטרונקען מיט אַ ביסל ציגן־מילך, געשפּרייזט מיט אַן אָראָפּגעלאָזטן קאָפּ און גערעדט צו זיך דורך די פאַרקוועטשטע ציין:

— רוסישער שווין!

האָבן זיך ווייבער איבערגעקוקט:

— דאָס האָט אין זיך קיין בייז „לב" ניט! בעסער ווי אַ ייד.

און אַז די נאַכט האָט אַנגערוקט און מען האָט אויסגעזוכט אַ פּלאַץ, וואו צו נעכטיקן, האָט די עדה אָנגעהויבן צו גראָבן די פייכטע ערד. טייל האָבן געגראָבן מיט שפּאָדלעס, טייל מיט נעגל, געגראָבן, ווי קראָטן, קברים פאַר די ווייבער און קינדער. די קברים האָבן זיי אויסגעבעט מיט דורכגעווייקטע לאַכעס, מיט געלע וואַלד־בלעטער, און די מענער האָבן זיך צעשאָטן איבער די פעלדער, געזוכט ניט אויסגעגראָבענע קאַרטאָפל. און אַז ביי איינעם זיינען די פיס געשוואָלן געוואָרן פון צופיל גיין, די קישקעס איינגעשרומפּן, און שטייענדיקערהייט איז אים באַ־פאַלן אַ שלאָף, האָט ער שטאַרק איינגעקוועטשט די קאַרטאָפל אין זיינע פאַרשטאַרטע פינגער, זיך אַראָפּגעלאָזט אויף דער פייכטער ערד, זיך איבערגעגעבן די מחנות שוואַרצע קראָען, וואָס האָבן זיך געטראָגן איבער פעלדער, איבער וועלדער און געזען אין חלום אַ טאָפּ פאַריקע קאַרטאָפל. און אַז די טאַטעס האָבן אויסגעפונען, דאָס זייערע זין פעלן, און די זין — אַז זייערע טאַטעס פעלן, האָבן די זין מיט אַ שטיל געוויין זיך אָוועקגעלאָזט מקבר זיין די טאַטעס, און די טאַטעס — די זין. און די יידן געבויגענע, מיט פאַרקוועטשטע ליפּן, חושכדיקע פּנימער ווי די נאַסע ערד, אַריינגעמאַכטע פאַלעס אין די דיקע גאַרטלען, האָבן זיך ווייטער געשלעפּט און געבלאָנדזשעט. און אַזוי איז די מלאַווער עדה קלענער געוואָרן פון טאָג צו טאָג.



אויפן זיבעטן טאָג האָט דער רעגן אויפגעהערט, אַ קאַלטער ווינט האָט גע־טרוקנט די פעלדער, זיי באַצויגן מיט אַ האַרטלעכער קאָרע, אָנגעיאָגט איין וואָלקן אויפן צווייטן, ווי אַ טרעפּ, און זיי פאַרטריבן איבערן וואַלד, וואָס האָט זיך געצויגן אויף דער צווייטער זייט ווייסל.

און די לבנה, אַ פולע, איז געשטאַנען איבערן וואַסער, געוואָרפן ווייכע, קרענק־לעכע שטיקער ליכט, געשראָקן. אַרום קליינע פייערלעך איז געזעסן די מלאַווער עדה, עלטערע באַוואַקסענע יידן, געטוליעט די קינדער צווישן די פיס, אויפגע־שטעלטע ווי קראָקוועס, געאַגרטלט די האַריקע הענט אַרום די קניען. געבויגענע האָבן זיי זיך געוואָרעמט אַן די קליינע פייערלעך, אַן די קאַלטע לבנה־שטראַלן.

טויזנטער ריחות האָבן זיך געטראָגן פון וואַלד, פון דער ווייסל, מיטגעבראַכט מיט זיך עפּעס פאַרגעסענעס, פון דור־דורות — האָט דער האַלב־משוגענער בעריש, דער מלאַווער פּרוש, אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די מלבושים, און אַ הויכער, אַ ברייט־טער, ביז אין דער העלפט אַ נאַקעטער, מיט אַ באַוואַקסענעם קאָפּ ווי אַ לייב, מיט אַ לאַנגער, געדרייטער באָרד ווי פון שטאָל, זיך פאַרקוקט מיט זיינע פייערדיקע אויגן, ווי צעגליטע קוילן, אויף דער לבנה, אויף די שטערן און דערזען, אַז אויך

דאָרט צווישן די שטערן בלאָנדזשען אַרום געבויגענע יידן, וואָרעמען זיך אָן די קאַלטע לבנה־שטראַלן — האָט ער ברייטער צעעפנט זיינע גרויסע אויגן, אַ וואָרף געטאָן מיטן קאָפּ־האָר און זיך צעלאַכט.

האָט זיך די עדה פונאַנדערגעטרייסלט, זיך דערמאָנט, וואו זי איז, אַ קוועטש געטאָן מיט די פּלייצעס, וואָס אַ משוגענעם קען איינפאַלן, טיף אָפּגעזיפצט, צוריק אַראָפּגעלאָזט די מידע קעפּ און קוים, קוים געוואָרעמט דעם ידישן חלום.

טיף אין פינצטערן וואַלד האָבן גרינע פייערלעך זיך געטיקט, און אַ יונגע מאַמע, נאָך אַליין אַ קינד, האָט געשפּרייזט פון אַ פייערל צו אַ פייערל מיט אַ קראַנק קינד אויף דער האַנט, שטיל און ביטער געוויינט, געבעטן די עלטערע יידן, זיי זאָלן תפילה טאָן, גאָט זאָל זיך דערבאַרימען איבער איר עופהלע.

און אַז דאָס שטילע געוויין, וואָס האָט זיך אַלעמען איינגעגעסן, האָט מיט אַמאָל אויפגעהערט — האָבן זיך אַלע פון דער שטילקייט אויפגעכאַפּט, זיך אַרומגעקוקט און דערזען, ווי די יונגע מאַמע שטייט אַ בלאַסע, מיט פאַרקוועטשטע ליפּן, גלייך זי וואָלט ניט געהאַלטן דאָס קינד, נאָר אַ שטיק אָנגעגליט אייזן און געציטערט.

הערמאַן, דער שבת־גוי, איז דער ערשטער אויפגעשפּרונגען, צוגענומען דאָס קינד ביי דער מאַמען. האָט די מאַמע אים אַרומגעכאַפּט מיט אַלע כוחות, זיך צעשריען מיט אַן אויסטערליש פרעמד קול, אַז אַלעמען איז אַ שרעק באַפאַלן. זי האָט ברייט צעעפנט די אויגן, געשטשירעט די ציין, פעסטער אַרומגעכאַפּט דעם דייטש און מיטאַמאָל זיך צעלאַכט, אַזוי אַז הערמאַן האָט זיך שוין נישט געוועהרט און אַליין פון שרעק זיך צעשריען.

און די יידן איז אַן אימה באַפאַלן, האָבן זיי טיעפּר געבויגן די מידע קעפּ, געביסן פון ווייטיק די ליפּן.

און די יונגע מאַמע האָט געכאַפּט איר טויט קינד, עס געדריקט צו דער נאַקעטער ברוסט, זיך אַוועקגעשטעלט אויף אַלע פיר אַנטקעגן דער לבנה, פאַר־ריסן דעם קאָפּ און געוואָיעט ווי אַ הונגעריקער וואָלף, ווי אַ סאָווע.

.1914

## אַ מאָנטיק

ס'איז געווען מאָנטיק — ווען מלאָוועוער אָרעמעלייט גייען איבער די הייזער — אַ מאָנטיק נאָך שבועות.

דאָס צוויי־גאָרנדיקע אַריינפאַר־הויז איז געשטאַנען צווישן דער פלאַצקער גאַס און דעם פיר־עקיקן מאַרק. דאָס אַריינפאַר־הויז מיט די שטאַלן, מיט די

קאַריטעס, מיט די ברונימער — איז געווען אַרומגערינגלט מיט אַ געמויערטער וואַנט, וואו די ציגל האָבן פון אַלטקייט זיך געהאַלטן אין קרישלען. זקנים האָבן דערציילט, אַז אַמאָל, גאָר אַמאָל, האָבן אין דעם זעלבן הויז זיך אויפגעהאַלטן קאַפּוצינער, וואָס זיינען זומער און ווינטער אַרומגעגאַנגען באָרוועס און זייערע אוצרות, וואָס זיינען געלעגן אין ערדענע טעפּ, האָבן זיי איינגעמויערט אין די ווענט און אין די קעלערן, וואָס אונטער די ווענט.

דאָס צוויי־גאָרנדיקע הויז האָט געהאַט צוויי טויערן. די צוויי טויערן באַשלאָגן מיט אייזן, זיינען שטענדיק געווען געשלאָסן. איז אימיצער אַריינגעפאָרן, האָט זיך געעפנט ס׳פראָנטאַווע טויער. איז אימיצער אַרויסגעפאָרן, האָט זיך געעפנט ס׳הינטערשטע טויער, וואָס האָט געפירט אויף פלאַצקער שאָסיי אַרויס. די געביידע איז ענלעכער געווען אויף אַ פאַרוואַרלאָזטן שלאָס ווי אויף אַן אַריינפאָר־הויז.

וואָס אין דעם אַריינפאָר־הויז האָט זיך אָפּגעטאָן, האָט קיינער נישט געוואוסט. דער הויף איז שטענדיק געווען איבערגעפּאַקט מיט קאַטשן, מיט בריטשקעס, מיט וועגענער. די פערד, אויסגעשפּאַנטע, זיינען געשטאַנען אַרום די קאַריטעס. אַ טייל האָבן געשלעפט פון די לייטערלעך היי, טייל — פון די קאַריטעס האָבער; אַנדערע האָבן פון גרויס וואָילטאָג געגריזשעט ס׳האַלץ, געשמיסן מיט די ווידלען און געהירזשעט.

וואו אַ מעקלער, וואו אַ סוחר, וואו אַ שררה — אַלע האָבן זיך געדרייט אינעם אַריינפאָר־הויז, אַלע האָבן געזוכט דעם אייגנטימער, ר׳ אברהם טירזשער. אָן אים האָט זיך קיין משא־ומתן נישט אָנגעהויבן. האָט מען אָוועקגעשיקט קיין פרייסן פאַרטיעס פערד, וואַגאָנען תבואה, וואַגאָנען מעל — אַלץ האָט געמוזט דורכגיין אברהם טירזשערס האַנט.

און ער אַליין, אברהם טירזשער?

נישט קיין הויכער זקן אין די הויכע זיבעציקער. ברייט אין די פּלייצעס, לייכט אויפן טראָט, אַזוי לייכט, אַז ער פלעגט זיך אין מיטן מאַרק, אַזוי איינס־און־צוויי, אַרויפכאַפּן אויף אַ פערד אָן אַ זאָטל. און אַז ס׳פערד איז געווען יונג, נישט איינגעשטאַנען, און אברהם איז געווען גוט אויפגעלייגט, האָט ס׳פערד ביי אים זיך שוין געשטעלט אויף די הינטערשטע פיס, איז געגאַנגען איבערן מאַרק „וואַסער טריט". נישט בלויז דער זקן אברהם, נאָר דער גאַנצער מאַרק האָט אָנגעקוואָלן, ווי ער וואָלט געזאָגט:

— מיט אַזוינע יידן, ווי אברהם, פילט זיך ס׳שטעטל זיכערער.

מיטן אַריינפאָר־הויז האָט זיך אָפּגעגעבן אברהמס ווייב אסתר רבקה, אַ הויכע, ברייטביייניקע זקנה, וואָס פלעגט אין די יונגע יאָרן אַליין אָנלאָדענען אַ וואָגן האָבער און אָוועקפּאַטשן מיט אים צו דער באַן־ראַמפּע.

ס׳פאַרפאַלק האָט פאַרנומען צוויי דירות. שבתים און יום־טובים זיינען

זיי געווען אויפן צווייטן גאָרן, וואו די פענצטער זיינען אַרויס אין מאַרק אַריין, און זייער איינציקער איידעם, דוד, איז דאָרט געזעסן טאָג און נאַכט און געלערנט. און נישט בלויז שווער און שוויגער האָבן זיך איבערגענומען מיטן איידעם, אים גערופן: „ר' דוד", נאָר אויך גאַנץ מלאווע האָט זיך געגרויסט מיט אים, גערעדט וועגן זיין לומדות און חריפות, דערציילט, אַז דער „שפת אמת" שמועסט מיטן אַכצן־יאָריקן יונגנמאַן קבלה און חסידות.

אין דער וואָכן האָט ס'פאַרפאַלק געוואוינט אויפן הויף אין דער אַפיצינע, געוואוינט אין איין שטוב, גרויס ווי אַ קאַזאַרמע. די שטוב איז געווען אַלץ — די קיך, ס'עס־צימער, ס'שלאָף־צימער, דער אַפּלאַג פאַר פויערים און פויערטעס. האַרט לעבן דער מזרח־וואַנט — צוויי בעטן אויסגעשטעלט ווי אַ דלד. אויף איין וואַנט זיינען געהאַנגען בייטשן, היי־גאָפּלען, זעגן, העק. אויף אַ צווייטער — פאָטאָגראַפיעס פון קרובים, וואָס האָבן געלעבט אין אַמעריקע. אויף אַ דריטער — אַ טלית־זאַק, אַ מצהלע מיט אַ לעכל אין דער מיט, וואָס איז געהאַנגען פאַר אַ סגולה פון איין פסח צום אַנדערן. דער אויוון ביז צום סופיט האָט פאַרנומען אַ שטיק שטוב. אי זומער, אי ווינטער — דער אויוון האָט זיך געהייצט פיר־און־צוואַנציק שעה אין מעת־לעת. האָט אַ פויער צי אַ פויערטע זיך פאַרגלוסט אַ גלעזל טיי — מ'האָט אָנגעשעפּט אין זודיקן קעסל און געטרונקען. ווער ס'איז פאַרפאָרן, האָט זיך אָפּגערעדט פאַר אסתר רבקהן ס'האַרץ און געבראַכט אַ מתנה. ס'האָבן זיך יעדע וואָך אָנגעקליבן הינער,קאַטשקעס, אייער, פוטער, מעל — כאַטש נעם און פאַרקויף.

ס'איז געווען אַ מאָנטיק נאָך שבועות. ס'איז געווען אַ שטיק נאָך מיטיק. אברהם טירזשער איז געזעסן אין הויף, געזעסן הינטערן פענצטער אויף אַ באַנק. אַרום אים — פערד־הענדלערס, מעקלערס און סתם יונגען. די מיילער אָפן, די אויגן אָנגעשפּיצט. אברהם האָט צום הונדערטסטן מאָל איבערדערציילט וועגן פּוילישן אויפשטאַנד. און דערציילט האָט ער נישט ווי דער פּאַליאַק האָט גע־קראָגן געשלאָגן, נאָר פאַרקערט: ווי דער פּאַליאַק האָט געשלאָגן „פּאַניען". ער, אברהם, איז געלעגן מיט פינף הונדערט פּאַליאַקן אין טירזשער וואַלד. און ווי „פּאַניע" איז אונטערגעקומען — טראַך, טראַך: פון אַלע זייטן — קוילן, שרויט, קאַסעס. דאָס איז געווען דער אמתער ברוך הבא.

אויפן הויף, צווישן די אויסגעשפּאַנטע וועגענער, זיינען אַרומגעשפּרונגען שפּערלס, געזוכט, גענישטערט מיט די שנעבעלעך און געצוויטשערט. אַ נאָכמיטיק־זון, אַ רייפע, איז געלעגן אויפן הויף, האָט זיך געוואַלגערט צווישן די וועגענער, האָט אַרויסגעבלישטשעט פון פרישן פערד־מיסט.

פון אָפענעם פענצטער, וואָס אויפן צווייטן גאָרן, האָט זיך געטראָגן אַ פאַר־בענקטער גמרא־ניגון. דאָס האָט אברהם טירזשערס איידעם, דער אַכצן־יעריקער דוד, געלערנט. אברהם טירזשער האָט זיך איינגעהערט ווי דער איידעם לערנט,

זיך בשעת מעשה געקעמט מיט די פינף פינגער די גרויע באָרד, און אַלע האָבן געזען ווי דער אַלטער צעגייט זיך פון נחת. ער האָט געוויזן מיט אַ האַנט אויף די אָפענע פענצטער, פון וואַנען דער גמרא־ניגון איז געקומען, און אַ זאָג געטאָן צום עולם:

— איר וועט מיר נישט גלייבן, חברה, נאָר פאַר דעם ניגון בין איך גרייט אַלץ אָוועקצוגעבן, ס׳הויז, די אָפיצינע, דעם „זאַיאַזד״ — אַלץ. און אַזוי טאַקע האָב איך געזאָגט צום טשעכאַנאָווער צדיק. „רבי׳שי״, האָב איך געזאָגט, „גאָט האָט מיך געבענטשט מיט כל־טוב, כאָטש כ׳בין אַ פּראָסטער חי־וקים, כ׳קען קוים דאַוונען. דער אייבערשטער האָט מיך אויך געבענטשט מיט אַ וואוילער טאָכטער, נאַנטשע הייסט זי, אַ געראָטן קינד, וואָס ווערט די טעג זעכצן יאָר. וויל איך, הייליקער צדיק, אַ בן־תורה פאַר אַן איידעם. כ׳וועל אים צוזאָגן עולמות קעסט, אַבי ער זאָל זיצן און לערנען.״

די פערד־הענדלער, וואָס האָבן די מעשה עטלעכע מאָל אַ וואָך געהערט פונעם אַלטן אברהם, זיינען נישט מיד געוואָרן די מעשה ווייטער צו הערן, ווי זיי זיינען נישט מיד געוואָרן דריי מאָל אַ טאָג צו דאַוונען, כאָטש די מיינסטע פון זיי האָבן קיין איין וואָרט פונעם דאַוונען נישט פאַרשטאַנען. זיי האָבן געוואוסט, וואָס דער טשעכאַנאָווער צדיק האָט געענטפערט. זיי האָבן געוואוסט, אַז אברהמס איידעם איז דעם צדיקס אַ קרוב, אַז דער יונגערמאַן האַלט ביי ווערן רב און נישט איינער פון די יידן, וואָס האָט געהאַט אַ טאָכטער חתונה צו מאַכן, האָט מקנא געווען דעם אַלטן אברהם טירזשער.

און מיט אַמאָל האָבן זיך די שפּערלס איבערגעשראָקן. זיי האָבן זיך אָפּ־געריסן פון דער ערד און זיינען אַרויפגעפלויגן אויף די פערד־שטאַלן.

אברהם האָט זיך אומגעקוקט, דערזען ווי די מלאָווער אָרעמעלייט פּאַקן זיך דורכן טויער, צעשטעלן זיך אַ דרייסיק־פערציק פּאַרשוין אַרום דעם אַריינגאַנג פון הויז און ס׳וויב זיינס, אסתר־רבקה, שטייט מיט אַ זעקל קליינגעלט און טיילט וועמען אַ צווייער, וועמען אַ פירער און וועמען אַ זעקסער.

און אַז די אָרעמעלייט מיט זייערע ברכות און „ווינשעוואַניעס״ זיינען אַרויס פון הויף און ס׳איז ווידער שטיל געוואָרן אין דעם הייסן נאָכמיטאָג, זיינען זעקס זקנות, שנאָרערקעס, געבליבן שטיין אַרום אסתר רבקהן. דאָס זיינען געווען אירע חברטעס פון מיידלוויז. זיי האָבן געקראָגן יעדע איינע צו גילדן אַ וואָך. אסתר־רבקה, די נגידותטע, איז מיט די אָרעמע חברטעס געבליבן אויף „דו״. די זעקס זקנות זיינען איר נאָכגעגאַנגען אין שטוב אַריין. אסתר רבקה האָט זיי יעדן מאָנטיק צעזעצט אַרום דעם דעמבענעם טיש. די שנאָרערקעס זיינען געזעסן איבער שיסלען קאַרטאָפל מיט באָרשטש, געזעסן מיט אסתר רבקהן און זיך דערציילט מעשיות. אַנדערע זיינען געווען אַזוינע זקנות, אַז זיי האָבן נאָך געדענקט ווי די

פּראָנצוויזן, וואָס זיינען געגאַנגען אויף מאָסקווע, האָבן זיך געטשעפּעט צו יידישע מיידלעך, זיי גערופן „מאַמזעל".

אין שטוב — אסתר רבקה מיט אירע חברטאָרינס, אין דרויסן — אברהם מיט די פערד־הענדלער. און איבער אַלעמען — צייטיקע זון, רייפער נאָכמיטיק, וואו אַלץ ציט זיך צום טרויעריקן גמרא־ניגון, וואָס טראָגט זיך פון אָפענע פענצ־טער, דערציילט וועגן טשעכאַנאָווער צדיק, וועגן דעם רייכן אברהם טירזשער, וואָס איז גרייט פאַרן ניגון אָוועקצוגעבן זיין גאַנץ עשירות.

1928

## שמחת - תורה

ס׳האָבן זיך אָוועקגעשטעלט גילדענע טעג, שמחת־תורה־טעג, ווען די זון וואַרעמט, אָבער בריט נישט, און צווישן די אלול־פעדים, וואָס פלאַטערן אין דער בלויקייט, טראָגן זיך ווילדע גענדז, פליען מיט אַ געגודער אין די וואַרעמע לענדער.

ס׳איז געווען שמחת־תורה.

אין גערער שטיבל, וואו דער צען־יעריקער יוסף האָט געדאַוונט מיט זיין פאָטער, האָבן חסידים, שמחת־תורה נאָכן עסן, זיך גרופּירט חברהוויז און זיינען אָוועק זיך משמח זיין. די חסידישע לעב־קינדער זיינען אָוועק צו די גבירים, וואו מען האָט געבראָטענע גאָנדז און קאָטשקע פאַרטרונקען מיט אויסלענדישן ווייַן. די חסידישע שאַרפע מוחות זיינען אָוועק אויף אַ גלעזל משקה צו די אָנגעזעענע, באַיאָרטע חסידים, וואו צווישן איין ניגון און אַ צווייטן, צווישן איין ריקוד און ריקודל, האָט מען אויך נאָכגעזאָגט רבישע תורה.

בלויז יוספס פאָטער, דוד, אַן איבערגעוואָקסענער יונגערמאַן אין די הויכע צוואַנציקער, איז געבליבן ביי זיך אין שטוב. כאָטש דוד האָט געדאַוונט אין שטיבל, האָט ער אָבער מיט די חסידים קיין מחזקות נישט געהאַט. און זיי מיט אים אויך נישט. אין דער שטיל האָבן זיי געטענהט, אַז דוד איז אַ באַהאַלטענער משכיל און מען דאַרף אים אַרויסוואַרפן פון שטיבל. זיי האָבן אים אָבער נישט געוואָרפן. און ס׳וואָלט נישט געהאָלפן, וואָס דוד איז אַ למדן, וואָס ער איז אַ שטיק מקובל און אַז ס׳קומט צו אַ האַרב שטיק חסידות, פּשיסכער, קאָצקער, — מוז מען אָנקומען צו אים. עס האָט אָבער יאָ געהאָלפן, וואָס דודס זיידע, ר׳ פאָוועש שראַגאַ, האָט אויסגעהאַלטן ר׳ מענדעלע טאָמאַשאָווער, וואָס דודס פאָטער, ר׳ יישראל לייזער, אַן אַלטער קאָצקער און פון די ערשטע גערער, איז שטאַרק אָנגעזען ביי דעם

„שפת־אמת". ווער וועט דאָס גיין מבייש זיין ר' ישראל לייזערן, אים פאַרשאַפן עגמת־נפש און שברת־הלב?

דוד איז געזעסן ביים טיש, וואו ס'זיינען געלעגן אָנגעוואָרפן ספרים, וואו ער האָט נאָרוואָס געהאַט פאַרענדיקט „וזאת הברכה" און אָנגעהויבן „בראשית", איז אים איינגעפאַלן, אַז „וימת שם משה" איז נישט קיין סוף, ס'איז אַ נייער אָנהייב, ס'איז „בראשית".

דער דאָזיקער רעיון האָט אים אַ הייב געטאָן פון דער שטול. ער האָט אַריינגעשטעקט די גראָבע פינגער אין גאַרטל און אַזוי האָט ער געשפּרייזט הין און קריק איבערן חדר, געשפּרייזט און עפּעס אונטערגעברומט, געצויגן דעם ניגון פון „חתן בראשית", וואָס ער האָט נאָר־וואָס געהאַט געלערנט מיט זיין צען־יעריקן זון יוסף. ס'בלאַנדע בערדל האָט זיך ביי אים געקרייזלט. די גרינלעכע אויגן, ווי וואַסער־פלאַנצן, האָבן זיך געגעפלט. און אין דעם ברומען, אין דעם שפּרייזן איז געווען אַזאַ טרויער, אַז ווען ס'וואָלט איצט עמעצער אָנגעקלאַפּט ביי אים אין פענצטער — „דוד, וואָס זיצטו עפּעס שמחת־תורה אין שטוב? קום אַ הוליע־טאָן!" — וואָלט ער זיך קיין רגע נישט געקווענקלט און גלייך מיט געגאַנגען.

דער צען־יאָריקער יוסף איז געזעסן ביים פענצטער. ס'יינגל האָט זיך געערגערט, געליטן, וואָס ער האָט אַזאַ שטרענגען טאַטן. אין דער וואָכנס, ס'איז נאָך פינצטער, זיצט שוין דער פאָטער און לערנט. נאָכן דאַווענען — מסחר. שבת און יום־טוב זיצט דער פאָטער איבער ספרים. קיינער פון שטיבל קומט צו אים נישט און ער גייט צו זיי נישט.

יוסף האָט געקוקט דורך דער שויב — קיין איין חבר איז נישט געווען צו זען. זיי זיינען מיטגעגאַנגען מיט זייערע טאַטעס. פון לאַנגן הויף, וואו באַלעגאַלעס זיינען געזעסן ביים „ברייטביינִיקן" איבער אַ פאַס ביר, האָט זיך יעדער ווילע דערטראָגן מיט אַ רחבות:

„— — — וואָס מיר טוען, טוען מיר, אָבער יידן זיינען מיר — — —"

און די ווערטער האָבן זיך ווי געריצט מיט דעם יינגל, געטענהט: „אַפילו באַלעגאַלעס זיינען זיך שמחת־תורה משמח. זיי זיצן איבער גלעזער ביר, איבער טינדלעך אויבס, און דיין טאַטע דרייט זיך אַרום איינער אַליין און ברומט, ווי ער וואָלט קיין ייד נישט געווען."

דער פאָטער האָט אויפגעכאַפּט דעם יינגלס צער און האָט אים אַ נעם געטאָן פאַר דער גאָמבע:

— וואָס זיצסטו, יוסף, אין שטוב? וואָס גייסטו נישט אַ ביסל אין גאַס אַריין?

— וואו זאָל איך גיין, וואו? — האָט ס'יינגל אויסגעשאָסן — אַלע זיינען מיטגעגאַנגען מיט זייערע טאַטעס און דו זיצסט שטענדיק אין שטוב, אַפילו שמחת־תורה!

דער פֿאָטער האָט זיך דערפֿילט שולדיק. ער האָט אַ שמייכל געטאָן און געזאָגט:

— גוט, נו, גוט! ווילסט גיין? קום, מיר וועלן ערגעץ צוגיין!

דער פֿאַרדראָס, וואָס איז געשטאַנען ביי יוספֿן אין האַלדז, איז נישט גע־וואָרן. פֿון גרויס שמחה האָט ער אַנגערירט יעדע זאַך, וואָס איז געשטאַנען אין אַפּענעם שויבן־שענקל, דערזען דאָס אתרוג־שאַכטל, האָט ער זיך דערמאָנט, אַז מען וועט היינט מאַכן שטורקאַצן און אַרויסגענומען פֿון שאַכטל די קאַנאַפּליעס.

חברה־קליינוואַרג, וואָס ס'איז זיי שוין נישט אָנגעשטאַנען צו טראָגן פֿענער, האָבן זיך געקליבן אויפֿן הויף פֿון שטיבל. אַ יינגל האָט געהאַלטן אַן אויסגעהוילטע ברוקווע אָנגעשטאָפּט מיט קאַנאַפּליעס פֿון אתרוגים. ער האָט באַגאָסן די קאַ־נאַפּליעס מיט נאַפֿט און די ברוקווע האָט געפֿלאַטערט ווי אַ שטורקאַץ. דאָ און דאָרט האָבן אויפֿגעפֿלאַמט בליצן — „חברהניקעס" זיינען געשטאַנען מיט פֿלעשלעך נאַפֿט, האָבן געגאָסן דעם נאַפֿט אין מויל אַריין און מיט אַ שפּריץ אויף אַ וואַקסן ליכט געצונדן אַ בליץ נאָך אַ בליץ. אַנדערע האָבן געהאַלטן אין שפּריצן טיטלעך געמאַלענעם שוועבל, געבלאָזן דעם שוועבל אויפֿן ברענענדיקן ליכט, האָט דער שוועבל מיט אַ קנאַקערײַ זיך געצונדן ווי בענגאַלישע פֿייערן.

דער טומל אין הויף איז געוואַקסן. עלטערע חסידים האָבן זיך געדרייט אין אַ רעדל, די גאַרטלען איבער די לענדן. יונגוואַרג האָט זיך געהאַלטן אַרום די גאַרטלען און אַ ווילד געשריי האָט זיך געטראָגן צום הימל:

„— — — כאַטש, כאַטש, כאַטש — גולה וסורה,

פֿאַרט, פֿאַרט, פֿאַרט — — —"

און די קולות האָבן זיך געקייקלט צווישן די פֿייערן, פֿאַרטריבן דעם אומעט, וואָס דער האַרבסט האָט געשפּונען, זיך געלייגט אויף יידישע פּלייצעס, אָנגעזאָגט, אַז ווינטער קומט אָן.

יוסף איז אַזוי מיטגעריסן געוואָרן, אַז ער האָט אין גאַנצן פֿאַרגעסן אָן פֿאָטער, וואָס איז אַריינגעגאַנגען מיט עטלעכע חסידים צו ר' בונם ווינשענקער. ער איז געווען דעם קאָזשיניצער מגידס אַן אור־אייניקל און אַזוי דאַר פֿון פֿאַסטן, אַז מען האָט אים גערופֿן „עוד נשמתו בו."

אַ חברה חסידים האָבן פֿון מאָל צו מאָל פֿאַרבלאָנדזשעט פֿון איין שטיבל אין צווייטן, זיי זיינען געבליבן שטיין אין מיטן הויף. באַלד האָט זיך אין דעם גע־זאַנג אַריינגעריסן אַ פֿרעמדער ניגון. אַנדערע האָבן אונטערגעכאַפּט און די פֿיס האָבן מיטגעפֿלאָכטן אַ ריקודל:

„— — — אַי, אַי, אַי.

קדשנו במצו־ותוך — — —"

ביי בונם ווינמאַכער, וואו מען האָט געטרונקען און נאָכגעזאָגט „תורה", האָט מען אויף שטוב־לשון אָפּגעמאַכט אָנצושיכורן דעם בר־נש דוד, דעם שתקן, און איין

מאָל פאַר אַלע מאָל אויסגעפינען צי ער איז טאַקע אַן אַפּיקורס. ביים צווייטן גלאָז מעד, וואָס איז געווען געמישט מיט בראַנפן און מיט ביר, האָט דוד לענגער נישט געקענט איינזיצן אויף דער שטול און האָט זיך אויסגעצויגן אויף אַ זאָפע.

שמואל דוד שוחט, פון די אָנגעזעענסטע גערער חסידים, וואָס דאָס מכין זיין זיך צום דאַווענען האָט ביי אים געדויערט צוויי און דריי מאָל אַזוי לאַנג, ווי ס'דאַווענען, איז אונטערגעקומען צו דודן:

— נו, יונגערמאַן, וואָס זאָגסטו, איז די תורה מסיני?

— מסיני, — האָט דוד נעפּלדיק אויפגעכאַפּט וואָס דאָ טוט זיך און זיך צע־ברומט, — כאַטש, כאַטש, כאַטש...

— דער בחור איז בגילופין — האָט זיך איינער אָפּגערופן.

— לאָזט מיך, לאָזט מיך, — האָט שמואל דוד שוחט קיינעם נישט צוגעלאָזט מיט די עלנבויגנס. — ווי קומט עס טאַקע? דיין זיידע ז"ל איז געווען אַ מקורב אין קאָצק, דער טאַטע דיינער איז אַ בן־בית ביים „שפת־אמת" — און דיך, דוד, זעט מען קיין מאָל נישט אין גער?

— כאַטש, כאַטש, כאַטש — האָט דוד פאַרקוועטשט די אויגן און אַריינגע־ברומט אין דער סעראַטענער סאָפע.

יוסף איז אַריינגעקומען. ער האָט דערזען דעם פאָטער, ווי ער איז אַן מראה אין פּנים, האָט ער זיך איבערגעשראָקן.

— וואָס איז, טאַטע? ס'איז דיר נישט גוט?

— ער וועט זיך איבערשלאָפן, וועט אים גאָרנישט זיין.

— ס'מאַכט נישט, ס'איז דאָך עפּעס שמחת־תורה!

דוד האָט געעפנט די אויגן, געקוקט אויף יוספן אַזוי פאַרלוירן, ווי ער וואָלט זיך פאַרענטפערט: „אַלץ איבער דיר, זונדעלע."

און מיטאַמאָל האָט דוד זיך אַ הייב געטאָן פון דער סאָפע. ער האָט ביידע הענט אָנגעשפּאַרט אינעם יינגלס שמאָלע פּלייצעס און אויסגעשטאַמלט:

— הערסט, יוסף, זיי מיינען דאָך, אַז איך בין שיכור. ווייסט, זונדעלע, זיי האָבן מיך געוואָלט נעמען אויפן צימבל, געמיינט, אַז „נכנס יין יצא סוד", נו, וואָס שטייסטו, יוסף, — האָט ער גענומען פּאַטשן אַ האַנט אַן אַ האַנט — ס'איז דאָך שמחת־תורה! מיר האָבן פאַרענדיקט: „וימת שם משה" און מען דאַרף ווידער אָנהייבן פון אָנהייב, פון „בראשית", איז זינג, יוסף, זינג, שייגעץ, זינג!

„— — — און ווידער אַ מעלה,
און אָבער אַ מעלה — — —".

יוסף האָט נישט געקענט קוקן אויפן פאָטער, נישט געוואוסט וואָס דאָ איז פאָרגעקומען. זיין טאַטע — אַזאַ שטילער, אַזאַ שטרענגער, ווערט פון קיין זאַך נישט נתפעל און מיט אַמאָל — — — זאָלן זיי אים האָבן אָנגעשיכורט? ס'יינגל

האָט זיך געוואָלט וואַרפן אויף די אַרומיקע חסידים, וואָס שטייען און שפּאָסן פון זיין טאַטן.

דער נעפל, וואָס האָט זיך געשפּאַרט אין דודן, אים אונטערגעהויבן, ווי אויף שפּרינג־פעדערס, האָט אים ווידער פאַרפלייצט דעם מוח. דער לאַנגער גוף האָט זיך געוואַקלט און אין גאַנצן האָט ער אויסגעזען אַזוי טרויעריק, אַז דאָס יינגל האָט זיך פונאַנדערגעוויינט:

— קום, טאַטע, קום אַהיים.

דער צען־יאָריקער יוסף האָט אַהיימגעפירט דעם פאָטער. און אין דער קילער, פינצטערער שמחת־תורה נאַכט האָט זיך יעדע ווייל אָריינגעזעגט אַ הייזעריק קול:

„— — — און אוי, ווידער אַ מעלה,
און אָבער אַ מעלה — — —
און אוי־י — — —".

## אַ שבת נאָכמיטיק

זומער. אַ שבת נאָך מיטיק.

אָפּגעזאָגט פּרק מיטן ברטנורא, מיטן תוספות־יום־טוב, האָט דער טאַטע מיך אָוועקגעזעצט איבער „שמונה פרקים להרמב"ם.

צו פערצן יאָר האָב איך שוין געהאַט געלייענט בערדיטשעווסקין, שוין געהאַט געהערט פון ניטשען. דעם רמב"מס פערטן פּרק: „ברפואת חולי הנפש" — ווי נאָך צו היילן און געזונט צו מאַכן אַ קראַנקע נשמה — האָב איך אָפּגעפּרעגט. ס'איז מיר נישט געפעלן, וואָס די איינציקע רפואה פאַר אַ קראַנקער נשמה איז די „גילדענע מיט", אָדער ווי דער רמב"ם רופט עס: „המעשים השווים הממוצעים". ס'האָט דעמאָלט מיר אויסגעזען צו באַלעבאַטיש. דער טאַטע, וואָס האָט נישט געלאָזט פאַלן קיין שטויבעלע אויפן רמב"ם, האָט מיך אָפּגעפּרעגט. איך האָב נישט פאַרשוויגן און צדריק אָפּגעפּרעגט. און אַזוי אַ גאַנצן נאָכמיטאָג. און אַז דער טאַטע אַליין איז נישט צופרידן געוועזן מיט זיין אָפּפרעגן מיך, האָט ער מיר אַ וואָרף געטאָן:

— וועסט עלטערן ווערן, וועסטו איינזען, אַז איך בין געוועזן גערעכט.

דער טאַטע האָט אַ שפּרייט געטאָן איבערן רמב"ם דאָס שנופּטיכל. ער האָט אָוועקגעלייגט אויפן שנופּטיכל איין פויסט, אויף דער פויסט — די צווייטע, און אויף די פויסטן האָט ער אָנגעשפּאַרט דעם שטערן. געהייסן האָט עס, ער כאַפּט אַ דרימל, ווען אין דער אמתן איז ער שבת נאָכמיטאָג קיינמאָל נישט געשלאָפן.

אָדער ער האָט געלערנט, אָדער אַריינגעקוקט אין אַ השכלה־ספר. דאָס כאַפּן אַ דרימל איז ביי אים געווען אַ מיטל נישט אין כעס צו ווערן. ווערט אַ מענטש אין כעס, פאַרלירט ער ס׳גלייכגעוויכט, גליטשט זיך אַוועק פון דער „גילדענער מיט.״ דאָס האָט ער נישט בלויז געלערנט ביים רמב״ם, נאָר ער האָט עס אָפּגעהיט אין לעבן, ווי ער האָט אָפּגעהיט יעדן דין פון „שולחן ערוך״, כאָטש כ׳האָב נישט איין מאָל געהערט פון אים ס׳קאָצקער ווערטל: „אַ מתנגד גלויבט אין שולחן־ערוך און אַ חסיד — אין השם יתברך״.

נאָך שלש־סעודות, צווישן מנחה און מעריב, ווען איבערן געדעקטן טיש זיינען געווען אָנגעוואָרפן ספרים, טייל אָפן, טייל פאַרמאַכט, טייל מיט די בלעטער אַראָפּ, ווי צעוואָרפן געווער נאָך אַ מלחמה, וואָס האָט אָנגעהאַלטן אַ גאַנצן טאָג, דעמאָלט איז דער טאַטע שוין געזעסן אָן אויפגעהייטערטער. די מאַמע, אין די לאַנגע דיי־מענטענע אוירינגלעך ביז צו די אַקסלען, איז געזעסן ביים אָפענעם פענצטער. זי האָט דערלייענט די פּרשה פון דער וואָך. אַחוץ דעם טייטש־חומש, האָט זי געלייענט צילקאָווס תנ״ך־איבערזעצונג אויף פויליש, געלייענט די פוילישע ווערטער מיטן ניגון פון טייטש־חומש. פון כהן איז ביי דער מאַמען געוואָרן „קאַפּלאַן—קאַפּלאַ־נאָוויע.״ און דער „קאַפּלאַן״ איז געוואָרן אַזוי פאַריידישט, געוואָרן אַ שטיק פון שבת, ווי משה וואָלט אַנדערש נישט גערעדט צו די כהנים.

אין שטוב האָט געמעגט ווערן טונקל. דורך די אָפענע פענצטער, וואָס זיינען אַרויס אויפן פּלאָצקער שאָסיי, האָט מען געזען ווי אינעם זון־פאַרגאַנג גילדן זיך פעלדער קאָרן, פעלדער ווייץ. אַ הייס, שטיל ווינטל האָט קוים אַ בלאָז געטאָן — האָבן די זאַנגען זיך צעוויגט, געווינטלט די טיולענע פאַרהאַנגלעך אויף די פענצטער און דער שבת האָט געשמעקט מיט אויבס, מיט פריש ברויט, מיט רייפן זומער. אַ פויגל, וואָס איז ערגעץ געהאַנגען אין דער פאַרנאַכטיקער בלויקייט, איז זיך פאַרגאַנגען. דאָס פאַרגיין זיך האָט זיך אויסגעמישט מיטן שטילן רויש פון די זאַנגען, מיט דער מאַמעס נאָך שטילערן ניגון — און אין שטוב איז מיטאַמאָל געוואָרן שטיל, גאָר שטיל.

דער טאַטע האָט געעפנט דעם „אבן השוהם״, אים געבלעטערט, געבלעטערט. דערנאָך האָט ער גענומען פאַרלייענען די הקדמה. ער האָט די הקדמה פון „אבן השוהם״ איבערגעזעצט אין יידיש, די מאַמע זאָל אויך פאַרשטיין.

איך האָב זיך אַוועקגעזעצט ביי אַן אָפן פענצטער און זיך איינגעהערט. איך האָב זיך געכאַפּט, אַז דער טאַטע קוקט שוין נישט אַריין אין דער הקדמה. ער לייענט פון אויסווייניק.

מיטאַמאָל האָט ער אַ שאַר געטאָן פון זיך דאָס ספר, אַ רוק געטאָן פון הינטער זיך די פאָטערשטול און ער האָט זיך אויפגעשטעלט.

דער טאַטע — הויך און עטוואָס געבויגן. די לאַנגע פּיס, באַוועגלעכע, וואָס

שפּרייזןביים לערנען, וואָס קאָנען אַפּשפּרייזן צווישן וועלדער און פעלדער מיילן, די באַוועגלעכע פיס שטייען שטיל, טוען זיך קיין ריר נישט, דורכן גאַנצן דאַווענען.

זיינע העל־בלויע אויגן, פאַרחלומטע, האָבן געפינקלט. דער סאַמעטענער קאַפּל האָט זיך געשאַרט צום קאַרק. דער טאַטע האָט גענומען שפּרייזן הין־און־צוריק איבערן צימער. דער דיקער, לויזער גאַרטל האָט זיך געהאַלטן ביים פונאַנדער־קניפּן און די קאַפּאָטע פון מאָטן זייד האָט געשאַרכט און גערוישט.

דער טאַטע האָט זיך צערעדט. ער האָט דערציילט וועגן אַן עלטער־עלטער־זיידן, אליקום געץ, וועגן אַן עלטער־עלטער־זיידן מאיר. ער האָט דערציילט וועגן רמ״א, וועגן תוספות־יום־טוב, וועגן „חכם צבי״, וועגן דער מומע איידל, וועגן דער מומע מירל.

און אין דעם שבתדיקן בין־השמשות, וואָס איז פול געווען מיט גערויש פון פעלדער און לאַנקעס, פול געווען מיט שאָטנס, מיט ווייטן געקלאַנג פון קלויסטער־גלאָקן, אין דעם בין־השמשות האָבן זיך פאַרבייגעטראָגן שטעט — ווין, פּראָג, פּויזן, לובלין, קראָקע, שניידעמיל, הילדעסהיים, ליסע, זדוינסקע־וואָליע.

אומעטום קרובים, אומעטום פדיון־שבוים, אומעטום — לומדישער אויפטו און חריפות.

איך האָב פאַרמאַכט די אויגן און האָב זיי אַלעמען געזען. די זיידעס, די פעטערס, מיט פּנימער ווי שווערע בלעטער גמרא. אין די אויגן — חכמה און טרויער. די בערד — שוואַרצע, בלאָנדע, רויטע. די זיידענע קאַפּאָטעס האָבן געפינקלט. די סויבלנע שטריימלעך האָבן צוגעגעבן גדלות.

איז דאָס טאַקע געווען זייער הילוך?

כ׳האָב נישט געטראַכט וועגן דעם. כ׳האָב די זיידעס און פעטערס געזען אין מיין טאַטע, כ׳האָב זיי געזען אין מיין פעטער אָדם, וואָס האָט נאָך די שבע־ברכות איבערגעלאָזט ס׳יונגע וויבל, אַריינגעלייגט אין זיין טלית־זאַק וואָס איז גע־האַנגען אויף דער וואַנט, אַ ברויט, מען זאָל זיך גלייך נישט כאַפּן, אַז ער איז נישטאָ, און מיט טלית־און־תפילין האָט ער זיך צופוס געלאָזט גיין קיין קאָצק.

אָדמס פאָטער, אַ מתנגד, איז געזעסן נאָכן זון „שבעה.״ און אַז דער פעטער אָדם איז נאָך דריי חדשים קריקגעקומען קיין טשעכאַנאָווע, אין אַ זיידענער קאַ־פּאָטע, אין אַ שטריימל, זיינען מתנגדישע מיידלעך, עלף־צוועלף־יאָריקע, אים נאָכ־געלאָפן אויף בייז־וואונדער און געזונגען:

„קאָצקער חסידים, אַלטע דראַבעס,
פאָרן צום רבין און באַצאָלן אום שבת.
טרינקען בראָנפן צו האַלבע קווארטירלעך,
ס׳לויפן זיי נאָך וואַרשעווער הירלעך . . .״

צייט און שטח זיינען פאַרשוואונדן. די מומעס — איידל און מירל — פון זעכצנטן יאָרהונדערט, פון זיבעצנטן יאָרהונדערט, זיינען אַריבער אין ניינצנטן יאָרהונדערט.

אָט איז די באָבע איידל, אָט איז די מומע מירל.

די באָבע איידל, אַ קליינטשיקע. ס'הייבל באַלייגט מיט אַ שטיק זילבער־שפּאַניע, ווי אַן עטרה פון אַ טלית. אַנגעטאָן אין ווייסן זייד. די באָבע איז שטענדיק פאַרנומען מיט ישיבות, מיט אָרעמע קימפּעטאָרינס, מיט אלמנות און עגונות. זי איז די גוטסקייט אַליין.

און די מומע מירל?

אַ געוויקסיק מענטש. און מיט גרזים־פּוילישער אויסשפּראַך. אין דעם פאַרריסענעם קאָפּ, וואָס איז שטענדיק אַרומגענומען מיט אַ שוואַרץ־זיידענעם שאַל, האָט זיך געפילט, אַז וואו זי קומט, עפּענען זיך פאַר איר טיר־און־טויער. זי בעט נישט. זי פאַרלאַנגט און איז זיכער, אַז איר בקשה וועט אויסגעהערט ווערן, ווייל אין איר רינט ס'בלוט פון דער מומע מירל־תאומים־פרענקל־סעגל־העלער־וואַלערשטיין פון פאַרן ווינער גירוש.

כ'האָב זיך דעמאָלט געגרויסט מיט מיין טאַטן. כ'האָב אים מקנא געווען, וואָס ער איז אַזוי קלאָר אין די אַלע צווייגן און צווייגעלעך פון זיין משפחה. ער איז אַזוי קלאָר געווען אין דעם אָפּשטאַם, אַז ער האָט אַפילו געפונען גרייזן אין דעם לאָסקער רבס הקדמה צום „אבן השוהם." ס'איז געווען גענוג אַן איידעם זאָל הייסן ווי דער שווער — און אַ דור איז פאַרשוואונדן. און ווי געערגערט האָט זיך דער טאַטע, ווען ער האָט געלייענט, אַז דעם מהרש"אַס ישיבה, אין פּויזן, וואָס זיין שוויגער און דעם טאַטנס עלטער־עלטער־מומע איידל האָט אויסגעהאַלטן, איז אונטערגעגאַנגען, ווען די מומע איידל איז געשטאָרבן. ער האָט גאָר אויפגעוויזן, אַז די ישיבה האָט אָנגעהאַלטן איבער צוויי הונדערט יאָר נאָך איידלס טויט, אָנ־געהאַלטן ביז נאָך ר' עקיבא אייגער.

די מאַמע, וואָס האָט געשטאַמט פון פּשוטע דאָרפסלייט, האָט געשוויגן, זיך מיט קיין וואָרט נישט אָנגערופן, ווי דעם טאַטנס יחוס וואָלט איר נישט אָנגע־גאַנגען.

זי איז געזעסן אין אָפענעם פענצטער, האָט שטיל פאַרצויגן אַ פּויליש ליד וועגן אַ פאַרכישופטן מילנער.

אין שטוב איז שוין געווען פינצטער. דער טאַטע האָט אויפגעהערט רעדן. כ'האָב בלויז געהערט ווי דער טאַטע שפּרייזט, ווי די זיידענע קאַפּאָטע רוישט, ווי די מאַמע איז שוין איבערגעגאַנגען אויף יידיש, זינגט — „ס'לעבן פאַרשווינדט ווי רויך."

ס'איז געוואָרן פינצטערער. דער טאַטע האָט שוין נישט געשפּרייזט הין־און־צוריק איבערן צימער. ער האָט שוין געשפּרייזט פון איין צימער אין אַנדערן,

געשפּרייזט און געשוויגן. און פון דעם שפּרייזן, פון דעם שווייגן האָט זיך גע־טראָגן אַ געשריי, אַז ס'איז ענג אין די צימערן, אַז כאָטש די אָפענע פענצטער גייען אַרויס אויף די ברייטע פלאַצקער פעלדער, איז נישטאָ מיט וואָס צו אָטעמען.

און איך, ס'פערצן יאָריק בחורל, האָב איינגעזאַפּט אין זיך דעם טאַטנס געשריי און אַליין געוואָלט אַזאַ געשריי טאָן, מען זאָל דערהערן אין אַלע זיבן הימלען.

.1937

## דריי

(צום אָנדענק — משה מערקערן
און יאָקיר וואַרשאַווסקין)

דריי חברים זיינען זיי געווען — משה, יאָקיר און יוסף. איינער עלטער פונעם אַנדערן מיט אַ חודש, מיט צוויי חדשים.

דער עלטסטער, משה, אַ חסידישער עילוי, וואָס האָט צו זיבעצן יאָר אָנגע־שריבן אַ חיבור: „חשבון העיבור בישראל", האָט באַהאַלטענערהייט אויך גע־שריבן דערציילונגען אין העברעאיש. געשריבן האָט ער וועגן רבֿ, ביי וועמען ער האָט געלערנט ביז בר־מצווה, וועגן רבֿס בת־יחידה, חנהלען.

די זעכצן־יעריקע חנהלע איז שוין געווען אַ כלה. דער זיבעצן־יעריקער משה האָט באַוואונגען חנהלעס גרינלעכע אויגן, אירע רויטלעכע האָר. דערנאָך האָבן משהס עלטערן אים געמאַכט פאַר אַ חתן. זיין כלה האָט געהאַט טונקעלע אויגן און שוואַרצע האָר. משה איז געווען אומגליקלעך. אַ הונגער־געשריי האָט זיך געטראָגן פון זיינע נייע דערציילונגען — ווי קען ער ליב האָבן זיין כלה, אַז זי וועט קיין מאָל נישט האָבן קיין גרינלעכע אויגן און רויטלעכע האָר, ווי ס'האָט חנהלע דעם רבֿס.

דער צווייטער, יאָקיר — אַ חסידישער בחור, וואָס האָט ליב געהאַט התבודדות. אַ גרעזל, אַ שטיינדל, אַ שרייפּל, אַ בערגל־מיסט — ער איז קיין זאַך נישט פאַר־בייגעגאַנגען. ער האָט אַלץ באַטראַכט מיט זיינע באַברילטע אויגן. די מינדסטע קלייניקייט האָט ביי אים באַקומען לעבן, ווי אַ שטיינדל, אַ זעמדל, אַ שטעקעלע, לעבן־אויף אין קינדישע פינגער. געשריבן דערציילונגען האָט ער אין אַ חסידישן העברעאיש, געשריבן וועגן אַן אַלטן וואַנט־זייגער מיט וואָגעס, וועגן אַ ספרים־אַלמער, וועגן אַ פּאַטערשטול, וועגן אַ ים־שקעטעלע, וואָס רוישט, ווען מען לייגט עס צו צום אויער.

דער יינגסטער, יוסף, וואָס האָט זיך געקליבן אַנצוקומען אין וואַוועלבערגס

אינזשינערן־שול, האָט אויבנאויף קיין שייכות נישט געהאַט מיט די צוויי חסידישע בחורים. ביז זיבעצן יאָר האָט ער מיט משהן און יאַקירן כמעט ווי נישט גערעדט. ער — אַ משכילס אַ זון, וואָס איז שוין קליינערהייט אַ גאַנצן טאָג געזעסן אין אַ רוסישער „שקאָלע" אין בלויזן קאָפּ. און זיי — שטיבל־בחורים מיט געלאָקטע פאות, געהאַקטע קאַפּאָטעס, וואָס פאַרן קיין אַלעקסאַנדער צום רבין. און מיטאַמאָל, ווי פון זיך אַליין, האָט מען זיך געטראָפן אויף דער סטעזשקע הינטער די קאַזאַרמעס. אויף דער סטעזשקע איז געלעגן אַ מאַכיקער שטיין, גרויס און ברייט, אַז אַ צען אירע האָבן לייכט געקענט זיצן אויף אים. די שטאָט האָט געוואוסט, אַז אויף דעם שטיין האָט יוספס פאָטער, ר' דוד, געלערנט אין די זומער־פאַרנאַכטן מיט יונגעלייט אי דעם „מורה נבוכים", אי דעם „מורה נבוכי הזמן". דער מאַכיקער שטיין האָט געלאָקט.

אויף דעם שטיין האָבן די דריי זיבעצניעריקע בחורים זיך באַגעגנט. אַ וואָרט אַהער, אַ וואָרט אַהין. זאָל ער נישט מיינען, דער יוסף, אַז די גאַנצע „תורה" ליגט אין די שקאָלעס. איז משה, אַ שטיבל־בחור מיט געלאָקטע פאות און קען העכערע מאַטעמאַטיק, קען גריכיש און לאַטיין, און אַלץ אַליין געלערנט. דערצו שרייבט ער דערציילונגען אין העברעאיש. און דער חבר זיינער, יאַקיר, שרייבט אויך.

אַ וואָרט אַהער, אַ וואָרט אַהין.

אַלע דריי זיצן שוין אויפן מאַכיקן שטיין. די זון האַלט זיך אין זעצן. די זעלנערשע „זאַרעז", וואָס טראָגן זיך פון די קאַזאַרמעס, שפּריייטן טרויער און צער. משה און יאַקיר לייענען זייערע דערציילונגען אין העברעאיש, יוסף — אין יידיש.

אַזוי האָבן די דריי בחורימלעך זיך באַקענט, זיינען געוואָרן חבר, האָבן זיך ליב באַקומען. דעם גאַנצן זומער פון ניינצן צוויי האָבן זיי זיך באַגעגנט אויפן שטיין, געחלומט צו ווערן יידישע שרייבער, געחלומט אַ הויב צו טאָן דעם הימל, וואָס איז געלעגן אַזוי נאָענט איבער זייערע קעפּ.

דער זומער איז אַוועק. ס'האָבן זיך אָנגערוקט די עקזאַמענס. יוסף האָט זיך געקליבן פאַרן קיין וואַרשע.

ער האָט געשפּרייזט צום פּלאַצקער שאָסיי, וואו ער האָט זיך געדאַרפט טרעפן מיט זיינע צוויי חברים.

דער פּלאַצקער שאָסיי, מיט זיינע צוויי שורות אַלטע, פאַרצווייגטע ביימער, וועמעס שפּיצן האָבן זיך געפלאָנטערט, זיינען געוואַקסן איינער אין צווייטן אַריין, האָט אויסגעזען פון דער ווייטנס ווי אַ פינצטערער טונעל.

ביים שאָסיי וואו דער געפּאַרבטער שלאַגבוים האָט זיך געריסן אין הימל אַריין, זיינען געשטאַנען בעלי־עגלות און סתם יונגען. אַ יונגער בעל־עגלה האָט איינגעשפּאַנט אַ קאַזאַצקע פערד אין אַ בריטשקע. דאָס פערד, כאָטש הרגע עס,

האָט נישט געוואָלט גיין אין שפּאַן. דאָס פערד האָט זיך געשטעלט אויף צוויי פיס, געשטופּט די בריטשקע אויף צוריק, זי געשליידערט הין און הער. עמעצער האָט אַן עצה געגעבן מען זאָל אונטערלייגן אונטערן פערד אַ ביסל היי צי שטרוי, און עס אונטערצינדן. מען האָט גלייך געבראַכט אַ הייפל היי, עס געלייגט אונטערן פערד און אַהין אַריינגעוואָרפן צוויי ברענענדיקע שוועבעלעך. די ווייס־צעגליטע פלעמעלעך האָבן זיך פון אַלע זייטן אַ צי געטאָן צום פערדס בויך. דאָס פערד האָט אַ דריגע געטאָן מיט די הינטערשטע פיס, אַ כאַפּ געטאָן די בריטשקע מיטן בעל־עגלה און איז אַוועק, ווי אַ רוח. דער עולם האָט געלאַכט און פאַריבל געהאַט וואָס ס'האָט זיך אַזוי גלאַט געענדיקט.

יוסף האָט אַנגעקוואָלן. ער האָט געשפּאַנט מיטן שאָסיי, וואו די אָראַפּגע־פאַלענע בלעטער זיינען געדיכטער. ער האָט זיך געקאָפּעט אין די בראָנזענע בלעטער און דערפילט, ווי ס'הייבט אים אָן באַנג טאָן, וואָס ער פאָרט אַוועק פונעם שטעטל, וואו אַלץ איז אים אַזוי ליב און היימיש. ער איז צוגעקומען צום מאָכיקן שטיין און האָט זיך אַוועקגעזעצט. פון די קאָזאַרמעס האָט זיך געטראָגן אַ געזאַנג פון אַ „זאַפּיעוואָלע". אינעם געזאַנג איז געווען טרויער און פאַרמעסט.

יוסף האָט נישט באַמערקט ווי די חברים זיינען אונטערגעקומען. זיי האָבן אים געפרעגט:

— וואַרטסט שוין לאַנג?

— אַ פערטל שעה.

— ס'איז פונקט זיבן — האָט משה, אַ בלאָנד בחורל, מיט בלויע, פאַר־חלומטע אויגן, אַרויסגענומען ס'גאָלדענע חתן־זייגערל און עס אונטערגעטראָגן יוספן — ביסט גערעכט, ס'איז שוין נאָך זיבן. און שולדיק איז יאַקירס מאַמע. זי האָט אַלץ מורא צי מיר טרעפן זיך נישט מיט דיר, יוסף... נעמט מיך אויספרעגן, דערווייל קומט אַריין אַ קונה...

— דיין מאַמע, יאַקיר, מוז דאָס דאַנקען גאָט, וואָס איך פאָר אַוועק — האָט יוסף זיך צעלאַכט — זי האָט נאָך אַלץ מורא, אַז כ'וועל דיך קאַליע מאַכן?

— זי היט מיך אויף טריט און שריט — האָט יאַקיר זיך געווישט די ברילן — מער ווי דער טאַטע... זי לאָזט מיך נישט אַריינקוקן אין קיין ביכל.

— זי ווייסט דען דעם אונטערשייד צווישן אַ ביכל און אַ ספרל?

— אַוודאי ווייס זי — האָט יאַקירס לענגלעכע פּנים געשמייכלט. — אַ פרום ספרל איז נומערירט מיטן אלף־בית, און אַז ס'האָט אַ ציפער איז עס אַ טריף־פּסול.

אַלע דריי האָבן געלאַכט.

— נאַ, יוסף, — האָט משה מיט אַ ציטער אים דערלאַנגט אַ קאָנווערט. — דאָ האָסטו פיר קליינע דערציילונגען, צוויי מיינע און צוויי יאַקירס. מיינע — „חנהלע דעם רבס" און „כ'בין אַ חתן". יאַקירס — „די פּאַטערשטול" און „דער וואַנט־

זייגער מיט וואגעס״. גיב זיי איבער פרצן. און אויב בערדיטשעווסקי איז אין וואַרשע, ווייז זיי בערדיטשעווסקין אויך. און דאָ האָב איך פון דעם כאַרזשעלער יונגנמאַן, פון פישל ליאַכאָווער — — —

— פישל ליאַכאָווער איז דאָך אַ טשעכאַנאָווער ?

— ער איז אַ טשעכאַנאָווער אידעם — — —דאָס איז אַן עסיי וועגן פּרצן, ליאַכאָווערס ערשטער אַרטיקל, גיב עס איבער בעל־מחשבותן.

— ווייסט, יוסף, כ׳בין דיך מקנא וואָס דו פאָרסט — האָט יאַקיר געקוקט דעם חבר אין די אויגן.

— זאָרג נישט, יאַקיר, — האָט יוסף מעשה גוט־ברודער אים אַ קלאַפּ געטאָן איבער דער פּלייצע — ווי כ׳אָרדן זיך איין, קומסטו אַריבער צו מיר.

משה און יאַקיר זיינען געוואָרן אויפגעהייטערט פון יוספס רייד. אַלע דריי האָבן פאַררויכערט און זיך געלאָזט צום שאָסיי.

— מיט וועלכן צוג פאָרסטו ? מיט עלעווער ?

— יאָ.

— האָסט נאָך קנאַפּע דריי שעה.

דאָס זעלנערשע געזאַנג, וואָס האָט געשפּרייזט רחבות און טרויער, האָט זיך געהאַלטן אין דערווייטערן. די חברים זיינען געגאַנגען און האָבן געשוויגן, זיינען געגאַנגען און האָבן איינגעזאַפּט אין זיך דאָס געזאַנג. דאָס שווייגן האָט דער־נענטערט. און אַז משה האָט זיך מיטאַמאָל צערעדט, האָט ס׳קול זיינס גע־קלונגען אויסטערליש, ווי ער וואָלט אויך גערעדט פאַר יאַקירן :

— ווייסט גאָרנישט, יוסף, ווי מיר ווילן דו זאָלסט זיך אַרויסכאַפּן פונעם שטעטל. דו וועסט זיך דערשלאָגן ! מיר גלויבן אַז דו וועסט זיך דערשלאָגן ! כ׳מיין נישט קיין אינזשינער... כ׳מיין וועסט ווערן אַ שרייבער. און אַז דו וועסט זיך נויטיקן, שרייב, מיר וועלן דיך שטיצן.

דער בלאָנדער משה מיט די בלויע אויגן האָט זיך פאַרלוירן. נישט דאָס האָט ער געוואָלט זאָגן. אויף דער שפּיץ צונג איז געלעגן גאָר עפּעס אַנדערש, אַ וואָגיק וואָרט, וואָס מען קען אונטערטראָגן אַ פּרצן, אַ בערדיטשעווסקין — — און דאָ ? אַ שטאַמל — — אַ שטאַמל — — — —

— וואָס שטייען מיר ? — האָט יוסף אַ נעם געטאָן משהן אונטערן אָרעם, געוואָלט אים אַרויסנעמען פון אַ פאַרלעגנהייט — קומט !

אַ בריטשקע געשפּאַנט אין צוגאָווע פערד איז זיי אַנטקעגנגעקומען. אין דער בריטשקע זיינען געזעסן צוויי מיידלעך. די בחורימלעך זיינען געוואָרן אויפגערוימטער, האָבן נאָכגעקוקט די מיידלעך ביז די בריטשקע איז פאַר־שוואונדן.

גליקלעכע זיינען די דריי חברים געגאַנגען איבערן שאָסיי. זיי זיינען געווען זיכער, אַז אויב איינעם וועט גוט זיין, וועט אַלעמען גוט זיין. ווי דען אַנדערש ?

און וואָס טונקעלער דער שאָסיי, דיביימער צעצווייגטע, אַלץ לייכטער איז זיי אויפֿן האַרצן געוואָרן. זיי האָבן געגלויבט, אַז מען וועט זיך שטענדיק טיילן מיטן ביסן. ס׳איז אַלץ איינס ווער עס פֿאָרט דער ערשטער אין דער וועלט אַריין. מען שיידט זיך דאָך נאָר אויף אַ ווייל, מען זאָל זיך קענען צוריק צונויפֿקומען און שטענדיק בלייבן צוזאַמען.

זיי האָבן דורכגעשניטן דעם פֿלאַצקער שאָסיי, די סטעזשקע הינטער די קאַזאַרמעס און זיך אַריינגעדרייט אויף וואולקער אַלייע. אַלע דריי האָבן געשפּאַנט צו דער באַן און האָבן געשוויגן.

1940

## שבת

ס׳איז געווען אַ דאָנערשטיק אין שבט. מיטן אוונט האָט זיך פֿאַר אַ ווייל באַוויזן די נייע לבנה, אַ רויטע, אַ געגליווערטע. צווישן די גרויסע שטערן האָט דער הימל, אַ קאַלטער, זיך געבלויט. וואו אַ קער — שניי, גרינלעכער שניי.

אַרום פֿראַנקס סקלאַד, וואו דער פֿראָסט האָט נישט געקענט אויספֿרירן דעם ריח פֿון נאַפֿט, דעם ריח פֿון הערינג, זיינען געשטאַנען געשפּאַנטע דראָג־גאָווע וועגענער, געשפּאַנטע לאָסט־שליטנס. די וועגענער, די שליטנס — אָנגע־לאָדנט מיט סחורה. פֿון אַ האַלבער גובערניע איז מען פֿאַרפֿאָרן צו פֿראַנקן, איינגעקויפֿט ביי אים פֿעסער נאַפֿט, פֿעסער הערינג, קאַסטנס זייף, קעסטלעך ליכט, זעק צוקער, זעק ניס, טייטלען, מאַנדלען, פֿייגן, צוקערוואַרג און ווינטער אויבס.

בעלי־עגלות האָבן געקנאַלט מיט די בייטשן, גערופֿן די פּאַסאַזשירן, גערעדט מיט האַרץ, געגוואַלדעוועט. און די בעל־עגלהשע רייד, ווי זייערע טרונק־בראָנפֿנס, ווי דער פֿראָסט, האָבן געקנופּט און געביסן. יעדע ווייל איז אָפּגעפֿאָרן אַ וואָגן, איז אָפּגעפֿאָרן אַ שליטן. אַרום פֿראַנקס סקלאַד איז געוואָרן שטילער, אַזוי שטיל, אַז מען האָט געהערט דאָס קראַקן פֿון קראָען.

די לעצטע, וואָס איז אַרויס פֿון פֿראַנקס סקלאַד, איז געווען אסתר, אַן אָנ־געלייבטע סוחרטע פֿון שרענסק, אירס אַ טראַנספּאָרט סחורה האָט באַטראָפֿן עטלעכע הונדערטער. פֿראַנק אַליין מיט זיינע צוויי הויפּט „מענטשן" האָבן זי אַרויסבאַגלייט, זי צוגעפֿירט צום שליטן און אויפֿן וואונק צווישן זיך אָפּגעמאַכט, אַז צום מסחר טויג זיך אסתר בעסער פֿון איר געשטאָרבענעם מאַן.

— ווען וועלן מיר זיך ווידער זען, אסתר? — האָט פֿראַנק אַליין געהאָלפֿן דער באַפּעלצטער און באַפּאַטשיילטער יידענע אַריינצוקריכן אין ברייטן לאָסט־שליטן, וואו סחורה איז געווען אָנגעלאָדן אויף אַ גאָרן די הויך.

— אים ירצה השם, אין אַ חודש אַרום — האָט אסתר כמעט זיך נישט אַרויס־געזען פון צווישן די בערג סחורה.

— פון איין זייט שליטן — פעסער נאַפט, פון דער צווייטער — פעסער הערינג. די פעסער, וואָס האָבן זיך געהויבן, ווי צווי ווענט, זיינען געווען פעסט פאַרצויגן, מיט שטריק, מיט קייטן. און צווישן די ווענט — זעק צוקער, זעק ניס, קעסטלעך פייגן, קעסטלעך טייטלען, זעק מאַנדלען, קעסטלעך ליכט און קוישן ווינטער־עפּל.

דער אַנטרייבער, אַן עלטערער גוי, אין אַ שמוישן פּעלצל, די שטיוול אַרום־געוויקלט מיט זעק, האָט זיך באַקוועם אַריינגעזעצט אינעם שטרוי־זאַק, ער האָט אַ הייב געטאָן די בייטש, אַ שטאַרקן צי געטאָן די לייצעס. די פערד האָבן זיך אַ ריס געטאָן, געגראָבן מיט די פּאָדקאָוועס דעם שניי. דער שליטן האָט זיך צע־סקריפּעט, צעטרייסלט און דער נאַפט אין די נישט־אַנגעצונדענע שטורקאַצן האָט זיך צעבאַלבעט.

דער לאַסט־שליטן איז אַרויס פון שטאָט. ס'איז געוואָרן פינצטערער — די יונגע לבנה איז פאַרשוואונדן. די שטערן האָבן איצט אויסגעזען קלענער, דער הימל — וואַגיקער. פון די פעלדער האָבן זיך געהויבן בלויע שנייעלעך, טרוי־קענע, שטעכיקע. ס'איז געווען שטיל. און אַז אַ קראַ האָט זיך צעקראַקעט און דער אַנטרייבער האָט מיט רוגזה אויסגעשפּיגן — „פאַרשאָלטענע נשמה״ — האָט אסתרן אַן אימה אַרומגענומען.

נאָך מיידלוויז איז אסתר יעדע דריי, יעדע פיר וואָכן געפאָרן נאָך מלאַווע צו פראַנקן אין סקלאַד אַריין נאָך סחורה. נאָך דער חתונה, ווען אסתר איז געווען אויף דער צייט מיט אַ קינד, צי נאָך אַ קימפּעט, איז לייזער, צו לענגערע יאָר איר געפאָרן. צום מסחר, וואָס אמת, האָט ער זיך נישט אויסגעטויגט. דערפאַר, זיין לערנען, זיין אַפּגעהיטקייט. זי איז געווען זיכער, אַז בלויז אין לייזערס זכות האָט איר אַזוי אָפּגעגליקט אין האַנדל. זי האָט אים ליב געהאַט, שטאַרק געבענקט נאָך אים און זיך געגרויסט מיט דער שבועה, וואָס זי האָט געגעבן ביי לייזערס אָפענעם קבר, אַ שבועה, אַז נאָך לייזערן וועט קיין מאַנסביל נישט אָנרירן איר לייב. און אַזוי איז זי, אסתר, אַ יונג, שיין מענטש און דערצו אַ נגידותטע, שוין ס'פופצנטע יאָר אַן אַלמנה. דעם צווייטן טאָג פּסח ווערט זי ערשט פערציק יאָר. דערפאַר האָט זי שוין, גאָט צו דאַנק, אַן אויסגעגעבענע טאָכטער. און די צווייטע, שרהלע, איז שוין אויך אַ כלה.

אסתר האָט געעפנט די אויגן. האָט זי אַ דרימל געטאָן? ס'איז געוואָרן קעלטער, ווינטיקער. די נאַכט איז פול געוואָרן מיט קולות, וואָס מען קאָן נישט אָנכאַפּן, וואָס פאַרווישן יעדע מחיצה צווישן וואָר און חלום. אויס הימל, אויס שטערן. פון די פעלדער זיינען אָנגעלאָפן פלאַכטעס שניי, האָבן זיך געדרייט אין מיטן וועג אין אַ ראָד, און מיט אַ רעווע זיך געוואָרפן אויף די פערד, אויפן שליטן.

— וואָס, מאַרטשין, אַ זאַווערוכע? — האָט אסתר זיך אַ פרעג געטאָן ביים אַנטרייבער.

דער פויער האָט נישט געענטפערט. ער האָט זיך איבערגעצלמט און פעס־טער געמומען אין די הענט אַריין די לייצעס. דער שטעכיקער שניי, דער קאַלטער ווינט, האָבן לויז געמאַכט די קליידער און איבערן לייב זיינען געקראָכן בייסיקע שטיקער קעלט. מאַרטשין האָט קוים מיט צרות אָנגעצונדן די שטורקאַצן. די אָנ־געצונדענע שטורקאַצן זיינען ווי משוגע געוואָרן, האָבן געוואָרפן און געשליי־דערט פלעמלעך הין און קריק. און מיטאַמאָל האָבן זיך בידע אויסגעלאָשן. פעלד און וועג האָבן זיך אויסגעגלייכט. וואוהין פאָרט מען? מאַרטשין האָט אַריבערגעשריגן צו אסתרן:

— אַ זאַווערוכע, אַ פאַרשאָלטענע! די פערד קאָנען פאַלן! מיר וועלן מוזן איבערנעכטיקן אין שטשעגאָווע!

— ווי ווייט פון שטשעגאָווע זיינען מיר? — האָט אסתר זיך געפרעגט.

דאָס וואָס די זיינען נישט ווייט געווען פון שטשעגאָווע, דאָס וואָס זיי וועלן זיך נישט דאַרפן שלעפן אין אַ זאַווערוכע אַ גאַנצע נאַכט, אַפילו אין דעם האָט אסתר געזען, אַז גאָט פאַרלאָזט זי נישט. זי איז זיכער געווען, אַז דאָס אַלץ איז אין זכות פון איר פאַרשטאָרבענעם מאַן.

מאַרטשין איז פאַרפאָרן פאַר דער שענק, וואָס איז געשטאַנען האַרט לעבן טראַקט. ער האָט געקלאַפט מיט דער בייטש אין טיר, אין די פענצטער. ס'האָט גענומען אַ שפּאַרע ווייל ביז מען האָט געעפנט. און אַז דער פאַרשלאָפענער שענקער האָט דערזען אסתרן, איז דער רוגז ביי אים פון פנים אַוועק. ער האָט זיך צע־רעדט:

— אַי, אַ זאַווערוכע! אַי, אַ הינטיש וועטער! אפשר מאַכן אַ גלאָז טיי?

— אַ דאַנק, ר' מרדכי, אַ דאַנק, גיט דעם גוי אַ שנאַפּס, גיט אים צו פאַר־בייסן און איך וועל זיך לייגן. ווי שפּעט איז שוין?

— באַלד דריי אַזייגער.

ניין אין דער פרי האָט די זאַווערוכע נאָך אַלץ געקערט וועלטן. איז מען אַרויס אויפן טראַקט, איז נישט געווען קאַנטיק קיין שאָסיי, קיין לאַנקע. ס'האָט זיך געצויגן אַ מדבר, אַ ווייסע מדבר. און ס'איז שווער געווען צו זאָגן — פאַלט דער שניי פון אויבן, צי הייבט ער זיך פון אונטן. אַרום עלף האָט די זאַווערוכע נאָכ־געלאָזט. אסתר איז אַריין אין שענק:

— מאַרטשין, מיר פאָרן.

מיטאָג־צייט איז דער שליטן אַרויס פון שטשעגאָווע. דער ווינט האָט אויך אויפגעהערט צו בלאָזן. די לופט — דורכזיכטיק און קאַלט. איבערן קאָפּ — אַ ווייטע, קרענקלעכע זון. און ווי ווייט ס'אויג האָט געקאָנט כאַפּן — שניי, שניי,

ווייס ווי מילך. אַפילו די צוויי רויטלעכע פערד זיינען פון די גריוועס ביז די ווידלען געווען באַדעקט מיט ווייסן געפריר. און אַרום און אַרום — אַ טויטע שטילקייט.

אַזוי זיינען זיי אָפּגעפאָרן אַ שעה, צוויי, דריטהאַלבן. אסתר האָט זיך גענומען שרעקן זי זאָל נישט אַריינפאָרן אין שבת אַריין. אַרום דריי אַזייגער האָט זי גענומען מינטערן מאַרטשינען.

— וויפל האָבן מיר נאָך קיין שרענסק?

— פינף וויאָרסט.

און אַז די קרענקלעכע זון האָט זיך גענומען זעצן, און אַז דער ווייסער שניי האָט זיך גענומען בייטן, איז איבערגעגאַנגען פון בלוי אין גרין, פון גרין אין ליליע, האָט אסתר זיך אַ שטעל געטאָן צווישן די פעק סחורה און זיך געבעטן ביי מאַרטשינען ער זאָל גלייך אָפּשטעלן דעם שליטן.

— אין גאַנצן אַ וויאָרסט, אַנדערהאַלבן, פאַני — האָט מאַרטשין זי פאַר־זיכערט.

— ניין, מאַרטשין, ביי אונדז יידן איז שוין שבת און איך וועל דעם וויאָרסט, אַנדערהאַלבן, צוגיין אין שטאָט אַריין צופוס.

מאַרטשין האָט אַ קערעווע געטאָן פון דער מיט־שאָסיי צום ראָוו צו, וואו דער שניי איז געווען אויסגעצירט מיט „דעסענס" פון פייגל־לאַפּקעס, און זיך אָפּגעשטעלט.

אסתר איז אַראָפּ פון שליטן. פון דעם לעדערנעם בייטל, וואָס זי האָט גע־טראָגן אויף אַן אַקסל אַריבערגעוואָרפן מיט אַ פּאַסעק, האָט זי אַרויסגענומען אַ מע־סערל. אסתר האָט אויסגעהוילט דריי גרויסעווינטער־עפּל, ווי מען הוילט זיי אויס שמחת־תורה פאַר פענער. די עפּל האָט זי אַריינגעזעצט אין אַ פריזמע פאַר־האַרטעוועטן, פאַפּרוירענעם שניי. אין די עפּל האָט זי אַריינגעשטעקט דריי סטריי־נענע ליכט. דערנאָך האָט זי אָפּגעבונדן פון זיך דעם בייטל מיט געלט, מיט וועקסלען, מיט פּאַפּירן און אים געלאָזט ליגן אויפן שליטן, אַזוי אויף הפקר. און נישט בלויז דעם בייטל, זי האָט אויך אַוועקגעלייגט דעם פּאַק שליסלען, אויך אַוועקגעלייגט אויף הפקר ס׳קליינגעלט, וואָס ס׳האָט זיך געוואָלגערט ביי איר אין די קעשענעס. און אַזוי, אויסגעטאָן פון מסחר, פון וואָכעדיקייט, האָט זי גוט איינגעריבן די הענט מיט שניי, זיי אָפּגעווישט און זיך געשטעלט צינדן ליכט. דער שווערער פעלץ צעקנעפּלט, די פאַטשיילע איבערן קאָפּ. זי האָט אָנגעריבן אַ שוועבעלע, אָנגעצונדן איין ליכט, אַ צווייטס, אַ דריטס. ס׳איז געווען אַזוי שטיל, אַז מען האָט געהערט דאָס קנאַקן פון די קנייטלעך. די ליכט־פלעמלעך האָבן זיך געטוקט, גע־שפּיגלט אין שניי, און אסתר מיט די ווייסע הענט אויף די אויגן, אויפן שטערן, איז געשטאַנען איבער די ליכט און געוויספּערט מיט די ליפּן.

מאַרטשין האָט געקוקט אויפן געלט, וואָס איז געלעגן אַזוי הפקר, געקוקט אויף

אסתרן, וואָס האָט מיט פאַרשטעלטע אויגן געבענטשט ליכט. ס׳איז אים וואָרעם געוואָרן און ער האָט זיך איבערגעצלמט. און אַז אסתר האָט זיך געלאָזט אין שטאָט אַריין, איז מאַרטשין איר נאָכגעפאָרן מיטן שליטן. אַרום און אַרום אַ פאַרשנייטע וועלט. אויף אַ פריזמע שניי — דריי ליכט, דריי פלעמלעך, וואָס דערציילן, אַז ס׳איז שבת.

## קיווקע גנב

נאָכן לוסטגאָרטן, וואו ס׳איז אַמאָל געשטאַנען אַ צערקווע און היינט איז פון דער צערקווע געבליבן בלויז דער ציגלנער פונדאַמענט, — דאָרט, צווישן שטיי־נער און ווילדע געוויקסן, איז געלעגן קיווקע גנב. לעבן אים — אַ רעקל. אויפן רעקל — אַ בלוי טוכן היטל מיט אַ לעדערנעם דאַשעק. קיווקע האָט זיך געוואָרעמט. ס׳העמד אַרום האַלדז איז ביי אים געווען צעקנעפּלט. ער האָט הנאה געהאַט, וואָס די סעפּטעמבער־זון בריט נישט מער, וואָס אַרום איז אַזאַ בלויע רחבות. און אין דער רחבות, וואו עס טראָגן זיך אלול־פעדים, הערט זיך ס׳געקלימפּער פון טרו־קענע בלעטער, הערט זיך אַ ווייט געגודער פון ווילדע געענדז.

— וואוהין פליען די געענדז?

פון דער בלויער רחבות,ווי פון אַ גוטן טרונק־בראַנפן, האָט קיווקע דער־פילט, ווי הענט און פיס גיסן זיך אָן מיט גבורה. דאָס ליגן אין פעלד האָט אים אָנגעהויבן צו דערעסן. די פוילקייט האָט געהאַלטן אין אויסוועפּן. ער האָט גרויס חשק געהאַט זיך צו לאָזן מיט די בערגלעך בלעטער, אַוועקצופּאַטשן פונעם שטעטל. און קיווקע האָט דאָ קיינעם נישט געהאַט, כאָטש ער איז געווען אַ געבוירטיקער אַ מלאַוועד.

פאַר אָט די אַכט יאָר, וואָס קיווקע איז נישט געווען אינעם שטעטל, האָט זיך אַלץ געענדערט און צום ערגערן. אַז די וועלט־מלחמה האָט אויסגעבראָכן, איז קיווקע געזעסן אין אַדעס פאַר אויפהאַקן אַ קאַסע. און אַז מען האָט אים באַ־פרייט — איז שוין געווען נאָך דער מלחמה, ס׳איז געווען רעוואָלוציע. פיר יאָר האָט ער זיך געשלעפּט פון אַדעס קיין מלאַווע. ס׳האָט אים געצויגן אַהיים, וואו ער האָט געהאָפט צו טרעפן די אַלטע מאַמע, געהאָפט צו טרעפן מאַרילען, „ס׳גאָל־דענע הענטל״, וואָס איז מיט אים געפאָרן אויף יאַרמערק. די אַלטע מאַמע איז גע־שטאָרבן אין דער מלחמה, און מאַרילע, וואָס איז אים געווען געטרייער, ווי אַ לייבלעך ווייב, איז ווי אין וואַסער אַריין. דערצו אַזאַ דלות! פריער ביים רוס האָט די שטאָט געלעבט פון דער גרענעץ. מ׳האָט געמולכט פון פרייסן זיידנס, ציגאַרן, בלאָזן אַקעוויט, זייגערלעך. מען האָט „געשוואַרצט״ קיין דייטשלאַנד פערד, פאַרשוינען,

וואַגאַגען מעל. ביים פּאָליאַק האָט אַלץ אויסגעווירטשעפט. אויס מולכן, אויס שוואַרצן, אויס גרענעץ. דרייען זיך אַרום אַ שטאָט מיט מתים.

קיווקע וואָלט באַלד צומאָרגנס אַנטלאָפן פון מלאַווע. האָט ער אָבער גע־וואָלט שטעלן דער מוטער אַ מצבה, געוואָלט בלייבן דאָ איבער די ימים נוראים.

פון לוסטגאָרטן האָבן זיך דערטראָגן קולות, פאַרשטיקטע קולות, ווי מען וואָלט עמעצן געשלאָגן. דאָס האָט אָנגעהאַלטן בלויז אַ ווייל און ס׳איז צוריק שטיל געוואָרן. באַלד האָט זיך דערהערט דאָס בילן פון אַ הונט, אַ בייז בילן. נאָכן בילן — ווידער קולות.

קיווקע האָט זיך אַ האַסטיקן זעץ־אויף געטאָן. די בלויקייט האָט ביי אים צוגענומען די ראיה. ער האָט זיך געריבן די אויגן און זיך איינגעהערט. ס׳גענ־יטע אויער האָט אויפגעכאַפּט שטיקעלך געוויין. ס׳האָרץ האָט אים געזאָגט, אַז מען שלאָגט עמעצן, מען שלאָגט אַ ייד.

ער האָט אַרויפגעוואָרפן אויף זיך ס׳רעקל, ס׳היטל און זיך אַ לאָז געטאָן מיט די בערג בלעטער, וואָס זיינען געלעגן צווישן די קאַשטאַן־ביימער. מיטן לויפן איז אין אים געוואַקסן אַן אימפּעט. אָט איז ער שוין אין לוסטגאָרטן. ער קען דאָ יעדן בוים, יעדע אַלייע, יעדעס ווינקל און אונטערווינקל. דאָ האָט מען זיין פאָטער, אליה „ווילנער״, דערהרגעט. פויערים מיט דרענגער, מיט שטעקנס, האָבן זיך געיאָגט נאָך אים, זיך געיאָגט פון אַלטן פערד־מאַרק, אים אַריינגעטריבן צווישן די קאָרטשעס, ווי מען טרייבט אַריין אַ וואָלף, און מיט דרענגער, מיט שטעקנס, אים אַוועקגעלייגט. דעם פאָטערס קולות, באַנומענע קולות, שטייען נאָך איצט ביי אים אין די אויערן. ווען איז דאָס געווען? מיט אַ קנאַפּ פערטל יאָרהונדערט קריק. קיווקע איז נאָך געווען אַ קינד, קיין זיבן יאָר נישט אַלט געווען. פאַר דער צייט האָט ער שוין נישט איין מאָל פאַרזוכט דעם טעם פון שטעקנס, פון דרענגער. אַ מאַרק פויערים יאָגן זיך נאָך דיר — כאַפּט אַ גנב, כאַפּט אַ גנב — און די ערד שפּאַלט זיך נישט אונטער דיר, ווענט צערוקן זיך נישט און ס׳נעמט רעגענען מיט שטעקנס, מיט דרענגער.

אויף אַ זייטיק ווינקל איבער אַ באַנק איז געשטאַנען אַן איבערגעשראָקענער ייד. אַ רויטער הונט, גרויס ווי אַ קאַלב, האָט זיך צוגעזעצט אויף די הינטערשטע פיס און מיט די פאָדערשטע איז ער געווען גרייט זיך אַ וואָרף צו טאָן אויפן ייד.

אַן אַ זייט איז געשטאַנען אַ געוויקסיקער פּאָליאַק מיט געלאָקטע וואָנסן, ווי פייקעס. ער האָט גרויס נחת געהאַט וואָס דער כלב זיינער איז גרייט צו דורסן אַ ייד. אַ וואָרט, צי אַ וואונק — און דער הונט וועט אומוואָרפן דעם ייד, וועט צע־רייסן אים די קאַפּאָטע, וועט אים אויסרייסן די באָרד. ס׳האָט נישט געהאָלפן וואָס דער ייד האָט זיך געבעטן ביים גוי ער זאָל צונעמען דעם הונט. און אַז דער הונט האָט אָפּגעדעקט די שאַרפע, שפּיציקע ציין און זיך צעבילט, ווי אַ מלחמה־רוף, האָט דער ייד זיך צעשריען מיט באַנומענע קולות.

פאַר קיווקען איז דאָס נישט געווען סתם אַ ייד. דאָס האָט ער מיטאַמאָל דער־הערט דעם אייגענעם פּאַטער שרייען. ער איז אַנגעלאָפן אויפן פּאַליאַק מיט אַזאַ רציחה, אַז דער גוי האָט זיך גענומען רוקן אויף קריק. קיווקע האָט געגוואַלדעוועט:

— דו הינטישער זון, אַ ווינט דיר אין די חזרישע אויגן! וואָס ווילסטו פון דעם מענטש, וואָס דו רייצסט אויף אים אָן דיין הונט? שטייסט, דו פאַרזשאַווערטער קנאָפּ, און פרעגלסט זיך פון נחת, וואָס דער ייד שרייט! וואַרט, איך וועל דיך אַזוי אָוועקשטעלן, דו הינטישער עק, וועסטו איינמאָל אויסטאַנצן אַ מאַזורקע!

— און וואָס פאַר אַ „גרויסער פּאַן" ביסטו דאָס מיר, וואָס האָסט זיך אַזוי צעפּיסקעוועט? — האָט דער פּאַליאַק גענומען גיין אויף קיווקען.

אין דעם באַלעבאָס בייזערן זיך האָט זיך דער הונט אַנגעשטויסן, אַז מען דאַרף זיך וואַרפן אויף דעם נייעם פאַרשוין. און אידער דער הונט איז פאַרטיק געוואָרן מיט זיך, האָט דער גוי געוויזן אויף קיווקען און שטיל דורך די ציין אַ צישע געטאָן:

— נעם אים, צעזאַר, נעם אים!

קיווקע האָט וואָוילעריש אַ צי געטאָן איבערן קאָפּ דאָס טוכענע היטל, פאַרשפּיליעט ס'געפּאַסטע רעקל אויף אַלע קנעפּלעך, ווי דאָס וואָלט אים צוגעגעבן גבורה, און איז געווען גרייט זיך צו פאַרמעסטן מיטן הונט, וואָס האָט שוין געהאַט אָפּגעלאָזט דעם ייד און זיך געקליבן אַ שפּרונג טאָן אויף קיווקען.

פון די צעוואָרפענע אַלייעס האָט זיך גענומען טראָגן אַ נייגעריקער עולם, זיך איבערגעוואָרפן לויפנדיק:

— מען שלאָגט?

— וועמען שלאָגט מען?

דאָס אַלץ האָט בלויז געדויערט אַ רגע. אין דער רגע האָט קיווקע אָפּגעמאַכט ביי זיך, אַז ער טאָר זיך נישט אַ ריר טאָן פון אָרט. טוט ער זיך אַ ריר — איז דער הונט אויף אים. ער האָט געקוקט אויפן הונטס גרויסן בויך און ס'איז אים אויך איינגעפאַלן, אַז ס'איז נישט קיין יונגע סוקע. און ווי דער הונט האָט אויפ־געכאַפּט די טריט פונעם עולם און האָט אַ דריי געטאָן מיטן קאָפּ, איז קיווקע מיטן גאַנצן כוח און אימפּעט פאַרפאַרן מיטן נייעם שוך דער סוקע אין בויך אַריין. פונעם קלאַפּ האָט זיך ביים הונט אין בויך ווי עפּעס אָפּגעריסן. דער הונט איז אַ פאַל געטאָן מיט פאַרוואָרפענע לאַפּעס.

דער פּאַליאַק איז אַ ווײַלע געבליבן שטיין אַ געפּלעפּטער, ווי נישט דער פרעמדער וואָלט דערהרגעט דעם הונט, נאָר אַ דזנער וואָלט אים געטראָפן. באַלד האָט זיך אַרויסגערוקט אַ פאַרשוין.

— איך וואָלט דעם ייד נישט געשוויגן.

— ס'אין דען אַ ייד?

— ס'איז דאָך קיווקע גנב.

ערשט איצט האָט דער פּאַליאַק זיך געוואָרפן אויף קיווקען, וואָס האָט פאַר

דער צייט אָפּגעבראָכן אַ צווייגל פון אַ בוים און מיט אַ דין, לאַנג מעסערל עס געשניצט. קיווקע מיט די איינגעפאַלענע באַקן, מיטן פאַרמעט־פנים, איז געווען אַזוי רואיק, ווי נישט צוליב אים האָט זיך דער עולם געבונטעוועט. און אַז דער באַלעבאָס פונעם הונט האָט זיך געוואָרפן אויף אים, איז ער אַלץ געבליבן מיט די פלייצעס אָנגעשפּאַרט אָן בוים, זיך קיין ריר נישט געטאָן, בלויז ס'קלינגל האָט זיך געשניטן אין פייכטן האָלץ אַריין, ווי אין ווייסן קעז. ער האָט רואיק אַ זאָג געטאָן צום פּאָליאַק:

— דעם הונט האָב איך אָפּגעשלאָגן די גדערים און דיר וועל איך זיי אַרויסלאָזן, אָט מיט דעם מעסערל. נו, וואָס וואַרפסטו זיך נישט אויף מיר?

— מען וועט זיך וואַרפן, מען וועט זיך, — האָבן זיך פון אַלע זייטן געהערט קולות.

— וועסט האָבן אַן ערגערן סוף ווי דער הונט! ביסט געזעסן איבערן בלעכענעם עמער און וועסט ווייטער זיצן!

— אַזאַ גנב!

— אַזאַ ייד!

— ער האָט דערהרגעט סטאַשעווסקיס הונט!

דער רואיקער קיווקע איז מיטאַמאָל אומרואיק געוואָרן. ער האָט פון דערווייטנס דערזען ווי מען ברענגט אַ פּאָליציאַנט. ער האָט זיך אַ שאַר געטאָן פון בוים, איז אַריין אין די קאַרטשעס, געוואָלט אַנטלויפן. פון דער זייט איז מען אים פאַרלאָפן דעם וועג, מען האָט אים אָפּגעמאָסטן מיט אַ שטעקן איבערן קאָפּ. ער האָט זיך אָפּגעשאָקלט ווי פון אַ ברי, און זיך געוואָרפן אויפן שייגעץ. ביידע זיינען אַ פאַל געטאָן אויף דער ערד. ס'האָט גענומען רעגענען מיט שטעקנס, מיט שטיינער. אין די אויערן — באַנומענע קולות, דעם פּאַטערס קולות, וואָס איז אומגעקומען דאָ אין לוסטגאָרטן. די בלויע רחבות האָט גענומען איינלויפן, מיטגעבראַכט די אַלטע מאַמע, מיטגעבראַכט מאַרילען, „ס'גאָלדענע הענטל", זיך אַראָפּגעלאָזט אַלץ נידעריקער און נידעריקער, אים איינגעדעקט.

.1937

## ווייטע ריחות

שוין אַ וואָך ווי דער בריוו איז געלעגן אויפן שרייבטיש אַ נישט־געעפנטער. דער בריוו איז נישט געווען אַדרעסירט צו שלמה ליפּסקין, נאָר צום זון זיינעם, צום זעכצן יאָריקן יאָסעלע. ווי ליפּסקי האָט באַקומען דעם בריוו, האָט ער אַפילו קיין טראַכט נישט געטאָן, אַז מען דאַרף אים איבערגעבן דעם זון, אַז

מען דאַרף אים עפענען. איז געשטאַנען אין שטוב אַ פאַרמאַכטע קליידער־שאַנק, זײַנען געשטאַנען פאַרשלאָסענע שופלאָדן, וועט אויך ליגן אַ נישט־געעפנטער בריוו. די פאַרשלאָסענע שטיקער מעבל האָבן זיך געפונען אין אַ זייטיק צימער, וואו די פענצטער זײַנען שטענדיק געווען פאַרמאַכט, די ראָלעטן האַלב ·אַראָפּגעלאָזט.

שלמה ליפּסקי, אַ הויכער, דער קאָפּ עטוואָס געבויגן, האָט גענומען פונעם שרײַבטיש דעם בריוו און אים אַ הויב געטאָן אַנטקעגן דער זון, וואָס האָט זיך געהאַלטן אין זעצן. ס׳ליכט, ס׳לעצטע טאָג־ליכט, איז אַ פאַל געטאָן מיט אַזאַ וואַקסענער וואַרעמקייט אויף דעם קאָנווערט, איז אַ פאַל געטאָן אין שלמהס טונקל־ברוינע אויגן. אותיות — אַ דינער פיליגרין־געפלעכט — האָבן דורכגעשײַנט. שלמה האָט געפּרואווט צונויפשטעלן די אותיות אין ווערטער. ער האָט נישט געקענט און איז פאַר אַ ווייל אַזוי געבליבן שטיין אַ דורכזיכטיקער. דאָס בערדל — פּעך שוואַרץ, דאָס פּנים — מאַט און ביינערדיק און די רויטלעכע ליפּן האָבן אויסגעזען רויט, גאָר רויט. באַלד האָט ס׳טאָג־ליכט זיך גענומען לעשן. אין צימער איז געוואָרן פאַרנאַכטלעך. אַרום שלמהס אויגן, אַרום די מויל־ווינקלען — דאגות און דאגהלעך, וואָס האָבן אים פאַרעלטערט, וואָס האָבן פון די דרײַסיקער יאָרן אים אַרײַנגעיאָגט אין די פערציקער.

שוין אַכט יאָר ווי פייגעלע איז אַוועק פון שלמהן, האָט אים איבערגעלאָזט מיט אַן אַכט־יאָריק ייִנגל — מיט יאָסעלען. זי איז אַוועק מיטן פּוילישן פּראָפעסאָר, וואָס האָט זי געלערנט קלעפּן, זי געלערנט אויסהאַקן פיגורן פון מירמלשטיין.

שלמה האָט געוואוסט יעדן טריט אירן. ער האָט געוואוסט, אַז זי שלעפּט זיך מיטן פּראָפעסאָר איבער בײַערן, איבער ווירטנבערג, איבער צפון־פראַנקרייך, וואו זי שטודירט די גאָטישע קאַטעדראַלן. ער האָט בלויז געדאַרפט וועלן, וואָלט ער זי צו יעדער צייט צוריקגעבראַכט אַהיים, ווי מען ברענגט צוריק אַ ייִנגל, וואָס אַנטלויפט פון הויז. פייגעלעס עלטערן, די אָנגעשטעלטע געהיים־אַגענטן, וואָס האָבן איר נאָכגעשפּירט, אַפילו דער גערער רבי אַליין — אַלע האָבן געהייסן זי צוריקברענגען און אים, דעם פּראָפעסאָר, לאָזן אײַנזעצן.

שלמה האָט זיך נישט צוגעהערט צו די אַלע עצות. ער האָט זיך געהאַט זײַן וועג. ער האָט געוואוסט אַלע פייגעלעס קאַפּריזן, געוואוסט אַז ס׳זײַנען פאַראַן עפּל, וואָס ווערן צייטיק אַ שטיק אין ווינטער אַרײַן. ס׳האָט זיך פייגעלען פאַרוואָלט וויספּיאַנסקיס וויטראַזשן אויף גלאָז? שלמה האָט איר אײַנגעקויפט די גרעסטע קאָלעקציע אין פּוילן. ס׳האָט זיך פייגעלען פאַרוואָלט קלעפּן פיגורן? שלמה האָט פאַר איר געקראָגן דעם בעסטן פּוילישן סקולפּטאָר. קיין זאַך וואָלט נישט געווען צופיל פאַר פייגעלען, ווייל שלמה האָט פייגעלען שטאַרק ליב געהאַט. און דער עיקר — ער האָט געגלייבט, אַז פייגעלע האָט אים אויך ליב.

זי האָט עס כמעט יעדן טאָג געזאָגט. זי האָט ליב געהאַט דאָס פּעך־שוואַרצע בערדל, דאָס מאַטע פּנים, ווי טונקעלע אײַלבירטן, די ברוינע אויגן. און איצט

יאָסעלען? פאַר די אַכט יאָר איז זי קיין איין טאָג נישט געווען אָן דעם קינד. און מיטאַמאָל — אויס קינד, אויס מאַן, אויס ליבע. שלמה האָט מיט געוואַלד זי נישט געוואָלט צוריקברענגען. ער איז געווען זיכער, אַז די עטלעכע טויזנט רובל, וואָס זי האָט פון דער קאַסע אַרויסגענומען, וועט זי צעטרענצלען. זי וועט אויסגעפינען, אַז ביים פּאַליאַק איז זי נישט די איינציקע — און וועט אַליין צוריקקומען.

דאָס וואָס זי איז מיט אַ פרעמדן מאַנסביל, דערצו אַ גוי — וועגן דעם האָט ער אַפילו נישט געוואָלט טראַכטן. ער האָט געטריבן פון זיך יעדע זינדיקע מחשבה. און ווען זי קומט דעמאָלט צוריק, וואָלט ער געעפנט פאַר איר טיר און טויער, ווי קיין זאַך וואָלט נישט פּאַסירט.

אויף דער וואַנט, איבערן שרייבטיש האָט ליפּסקי אויפגעהאַנגען אַ לייוונטענע מאַפּע פון דער שטאָט פּאַריז, וואו יעדער בולוואַר און עוועניו, יעדע גאַס און געסל, אַפילו די נומערן פון די הייזער האָבן זיך געזען. די מאַפּע איז פול געווען מיט פענדלעך, ווי אַ מאַפּע ביי אַ פעלדמאַרשאַל, וואָס קאָמאַנדעוועט מיט אַרמייען.

די מאַפּע האָט געהאָט צו דערציילן:

„— — — דאָ וואוינט פייגעלע. מיט די און די גאַסן גייט זי יעדן פרימאָרגן אין דער קונסט־אַקאַדעמיע. דאָ עסט זי מיטאָג, דאָרט — נאָכטמאָל. און אין די אָוונטן? — — — —“

שלמה ליפּסקי האָט זי נישט אַפּגעלאָזט פון אויג. ער איז איר נאָכגעגאַנגען וואָכן, חדשים, יאָרן, געוואוסט איר יעדן דריי און קער, געשפּילט מיט זיך אַליין שאַך.

און אַז ס'זיינען פאַרביי צוויי יאָר און פייגעלע איז נישט צוריקגעקומען, האָט זיך אין שלמהס לעבן עפּעס איבערגעאַנדערשט. וויספּיאַנסקיס וויטראַזשן האָט ער מיטאַמאָל אויספּאַרקויפט. פייגעלעס ליימענע פיגורן האָט ער געהייסן פאַר־פּאַקן אין קאַסטנס און זיי אַראָפּגעשיקט אין קעלער אַריין. געבליבן זיינען פייגעלעס שופלאַדן וועש און די געשניצטע קלידערשאַנק, וואָס מען האָט איבערגעשטעלט אין אַ זייטיק צימער.

די פעדעם וואָס האָבן זיך געצויגן פון פּאַריז קיין וואַרשע, זיינען פּלוצעם איבערגעריסן געוואָרן. דער ציטער אין די ווענט, איבערן טעלעפאָן אַפּאַראַט — האָט אויפגעהערט. אויס פענדלעך, אויס מאַפּע. נישטאָ מער קיין פייגעלע. זי איז געשטאָרבן פאַר שלמהן, געשטאָרבן פאַרן צען יאָריקן זון אירן, פאַר יאָסעלען.

דאָס איז געווען אין ניינצן פערצן. היינט איז ניינצן צוויי און צוואַנציק.

אין די אַכט יאָר האָבן זיך וועלטן איבערגעקערט. פייגעלעס טאַטע־מאַמע — און נישט בלויז זיי — דורות זיינען אַפּגעווישט געוואָרן, נישט איבערגעלאָזט נאָך זיך קיין זכר. דער היינט האָט נישט געוואוסט פונעם נעכטן. קיין קניפּל, קיין שלייף — גאָרנישט, אַלץ צעריסן.

דאָס וואָס שלמה ליפּסקי איז געבליבן צווישן די רייכע, איז געווען בלויז אַ צו־פאַל. ער איז איצט נאָך רייכער געווען ווי פאַר דער מלחמה.

אין זיין שלאָס, אויף קראָקאָווער פאָרשטאָט, האָט קיינער מער פייגעלעס נאָמען נישט דערמאָנט. נישט שלמה, נישט דער זון יאָסעלע, וואָס האָט צו זעכצן יאָר געהאָט „היתר־הוראה״, געהייסן דער מלאָווער עלוי, ווייל ער איז אין מלאַווע געבוירן געוואָרן, ווייל דער פאָטער איז געווען אַ מלאַווער.

אין צימער איז שוין געווען גוט פינצטער, ווען ליפּסקי האָט אָנגעצונדן די שטיי־לאָמפּ אויפן שרייבטיש און זיך באַקוועם אָנגעלענט אין דער פאָטער־שטול.

פונעם קאָנווערט האָט זיך געטראָגן אַ ווייטער ריח, אַ דינער, דער ריח פון צעבליטע פעלדער „קאָניטשינע״.

ס׳איז געווען דער ערשטער זומער נאָך שלמהס חתונה. דאָס צוגאָווע פערד געשפּאַנט אין אַ שמאָל אויסגעבעט רייטוועגעלע, האָט זיך געטראָגן צווישן פעלדער קאָניטשינע, רויט בליעכץ, ווייס בליעכץ — דער ריח איז אָבער געווען דער זעלבער — אַ שאַרפער ריח, וואָס האָט לופטיק געמאַכט דעם קאָפּ און אויסגעהונגערט דעם גוף.

— שלמה — און זי האָט אים אַרומגענומען רייטנדיק.

— וואָס, פייגעלע?

— כ׳האָב אַזוי ליב דעם ריח...

— פון קאָניטשינע?

— ווען מען קריגט אַזינע פּערפומען...

— פאַרוואָס זאָל מען נישט קריגן?

אין אַ חודש אַרום איז אָנגעקומען פון לאָנדאָן אַ שאַכטל פּערפומען — „ראָיאַל שאַמראָק״ — מיטן ווייטן דינעם ריח פון קאָניטשינע.

טאַטע־מאַמע, ווייב — אַלץ פאַרלוירן. געבליבן איז עפּעס, וואָס מען קען נישט אָנרירן, געבליבן איז אַ ריח, אַ ווייטער, דינער ריח, וואָס טראָגט זיך פונעם געעפנטן בריוו, פון פייגעלעס קליידערשאַנק, פון אירע שופלאָדן, ווען מען שליסט זיי אויף.

ליפּסקי האָט אָנגעקלונגען. אַן עלטערער דינער, מיט צוויי גרויע באַקנבערד, האָט זיך פאַרנייגט:

— וואָס ווינטשט דער פּאַן?

— שיק אַריין יאָסעלען.

יאָסעלע, אַזוי הויך ווי דער פאָטער, נאָר דינער, גאָר דין — אַ יונגע, בוי־גיקע סאָסנע. ער האָט זיך אַ שטעל געטאָן ביים שרייבטיש. דאָס מאַטע, ביי־נערדיקע פּנים, די אויבערשטע ליפּ, דער פאַרשאַרצטער שטערן — אומעטום שאָטנס און שאָטנדלעך. די שוואַרצע, געהאַקטע קאַפּאָטע, ס׳ווייסע קעלנערל

אויפֿן לענגלעכן האַלדז, די הונגעריקע, שוואַרצע אויגן — אַלץ ווי ביי אַ יונגן נזיר. ער האָט זיך שטיל געפרעגט:

— וואָס, טאַטע?

— נאַ, דאָ האָסטו אַ בריוו פון דער מאַמע. איך האָב אים געעפנט. זי וויל זיך זען מיט דיר. זי איז שוין איבער אַ וואָך אין האָטעל פּאָלסקי.

— פון דער מאַמע?

ביידע האָבן זיך אַ וויל אָנגעקוקט. טרויער אין די אויגן, טרויער אַרום די מויל־ווינקלען. דער פאָטער האָט זיך אויפגעשטעלט. ער האָט אָנגענומען דעם זון פאַר די אַקסלען, אים געקוקט אין די אויגן און געשוויגן. און אַז דער פאָטער האָט זיך מיט קיין וואָרט נישט אָפּגערופן, האָט דער זון אים אַ פרעג געטאָן:

— וואָס, טאַטע?

— איך זאָג גאָרנישט.

— ווילסט נישט כ׳זאָל גיין זען די מאַמע?

— פאַרקערט, גיי, גיי. כ׳האָב בלויז געוואָלט דיך פרעגן אַ שאלה. ביסט דאָך אַ רב. כ׳ווייס... אַן אשת־איש, אַ מאַמע... האָב איך דיך געוואָלט פרעגן צי אַ זון דאַרף גיין זען אַזאַ מאַמע?

— ער דאַרף, טאַטע.

— דאָס פסקנסטו אַזוי?

— נישט איך, טאַטע, נישט איך... איבעריגנס — „כל מקום שאתה מוצא רושם רגלי אדם, שם אני לפניך" — וואו נאָר מענטשישע טריט, דאָרט איז גאָט.

— אויב אַזוי, יאָסעלע, גיי — האָט דער פאָטער צוגעפירט דעם זון צו דער טיר און אים געגעבן דעם בריוו.

די טיר האָט זיך נאָך יאָסעלען צוגעמאַכט. דער פאָטער איז געבליבן מיטן ווייטן, דינעם ריח, וואָס האָט זיך געטראָגן פון די שפּיץ פינגער, דעם ריח פון „ראַיאַל שאַמראָק".

1932

## ביי מלאַווער לאַנדסלייט

די דריי טויזנט מלאַווער יידן, וואָס דער דייטש האָט איבער נאַכט אַרי־געפּעקלט אין פראַכט־וואַגאָנען קיין וואַרשע, האָבן זיך פאַרקליבן אויף די נאַ־לעווקעס און אויף דער פראַנציסקאַנער.

די מלאַווער האָבן זיך געהאַלטן צוזאַמען. אייגענע „שטיבלעך", אייגענע בתי־מדרשים, אַן אייגן „הכנסת אורחים", אַ „גמילת־חסדים" קאַסע, אַ חברה קדישא און אַ קולטור־קלוב.

און נישט בלויז די מלאווער. דאס פערטל מיליאן פראווינצער, וואס דער דייטש האט אריינגעפאקט אין ווארשעווער געטא, צו דריי און פיר פארשוין אין א צימער מיט איין פענצטער, דאס פערטל מיליאן יידן האבן זיך גערופן לויט די שטעט און שטעטלעך, פון וואנען זיי זיינען געקומען.

אין ווארשע זיינען אויסגעוואקסן לאנדסמאנשאפטן.

איז אנגעקומען א ידיעה פון א שטעטל, איז צווישן די לאנדסלייט געווארן א פרייד. מען האט גערעדט וועגן דעם ביים דאווענען, ביי דער ארבעט, ביים עסן.

ביי די מלאווער לאנדסלייט איז געווען א שמחה. אויף די נאלעווקעס, אויף דער פראנצישקאנער האט מען גערעדט, אז ר׳ אדם איז אין ווארשע, אז נעכטן נאך מעריב האט ער גערעדט אין מלאווער „שטיבל״, וואס אויף נאלעווקעס, און היינט וועט ער רעדן אין דעם מלאווער בית־המדרש, וואס אויף דער פראנצישקאנער, די לאנדסלייט האבן זיך נישט געקאנט אפחידושן:

— ווי לאזט זיך אזא ר׳ אדם אין וועג ארייץ?

— ס׳איז דאך סכנת־נפשות.

— וואס הייסט סכנות־נפשות? ס׳איז איינגעשטעלט ס׳לעבן.

— קענט איר נישט ר׳ אדמען.

ר׳ אדם איז געווען פון די געציילטע, איבערגעבליבענע קאצקער חסידים, וואס פארן נישט צו קיין רבין. שטענדיק אן אויפגעלייגטער, שטענדיק גרייט צו טאן עמעצן א טובה. איז אין מלאווע אומגעגאנגען געפלעקטער טיפוס, מענטשן האבן זיך געהיט נישט אנגעשטעקט צו ווערן, איז ר׳ אדם געגאנגען פון איין חולה צום צווייטן. און אז אן ארעמאן איז אוועקגעפאלן — האט ר׳ אדם שוין ביי אים געגעבן טיקט. ער איז געווען א געוויקסיקער, קנאכיקער ייד. ווען נישט דאס רויטע בערדל מיט די פלאמיקע פאות, וואלט מען אים אנגענומען פאר א האלענדער. דער איבערגעוואקסענער ייד האט געהאט קליינע, בלויע אויגן, וואס האבן געפלייצט מיט פרייד. אזוי האט געדארפט אויסזען נחום איש גם זו. כאטש אליין קרוע־בלוע. די ריפסענע קאפאטע מיט ארויסגעשטופטע עלנבויגנס. די שטיוול מיט אפגע־שלייפטע אפצאסן. און דערצו — קיינמאל נישט פארביטערט. פארקערט — שטענדיק אויפגעלייגט.

דער ר׳ אדם האט זיך פארבענקט נאך די פארטריבענע לאנדסלייט זיינע, און ער איז געקומען קיין ווארשע זען וואס זיי מאכן.

אפנעמען דעם גרוס פון ר׳ אדמען האבן נישט אלע לאנדסלייט געקאנט. העכסטנס א צוויי מנינים האבן זיך צונויפגעקליבן אין בית־המדרש, וואס אויף דער פראנצישקאנער גאס. די צוויי מנינים האבן פארטראטן די מלאווער שוסטער, די מלאווער שניידער, די „שטיבלעך״, די בתי־מדרשים, דעם מלאווער קולטור־קלוב.

נאך מעריב האט דער עולם זיך צעזעצט ארום א לאנגן, פיר־עקיקן טיש.

מען איז געזעסן, ווער איבער אַ צעעפנט משניות, ווער איבער אַן עין־יעקב. דאָס איז געווען אויבנאויף. אין דער אמתן האָט דער עולם זיך צוגעהערט ווי ר׳ אדם גיט איבער אַ גרוס פון דער פאַריתומטער מלאַווע. די צוויי חלבנע ליכט, היימיש געצויגן, האָבן קוים באַלויכטן דאָס בית־המדרש. ר׳ אדם האָט גערעדט:

„... די הונדערט ידישע משפחות וואוינען אויף דער טעפּער־גאַס, אין שול־געסל, אַרום בריקל אין דער וואַרשעווער גאַס. די געוועלבער אַרום מאַרק פּוסטעווען טאַקע, לידזבאַרסקיס שניט־קראָם און ליפּסקיס אייזן־געשעפט, האָט דער דייטש איבערגענומען, דערפאַר וועט איר נישט דערקענען דאָס טעפּער־געסל. וואו אַ שטיקל הויף, וואו אַ ליידיק שטיקל פּלאַץ, וואַקסן אוגערקעס און ראש־חודש־רעטעכלעך. וואו אַ זומפּ — פריער אַרום די מאַסטאַוער וועלדער, איצט אויפן „גרונט" אַרום די לאַמניער — טריקענען מיר ידן אים אויס, פאַרזייען קאַרטאָפל, פאַרזייען קרויט. און עסן צו דער זעט עסט קיינער נישט. וויפל דער דייטש צאָלט פאַר אַ טאָג אַרבעט? אַ מאַרק און צוויי מאַרק. ס׳איז דאָך אַ הונגער לוין. וויפל האָט מען אָבער געמוזט אָוועקלייגן כוחות און מי, עס זאָל זיין איין קעסל און איין בייטל. ס׳איז אָנגעקומען מיט גרויס מאַטערניש. איין קליינינקייט, גיי צאָל זיך אויס ביי אַ ידן, וואָס איז אַמאָל געווען אַ גביר, צי ביי אַן אַנדערן, וואָס האָט אַמאָל איינגעשלונגען גאַנץ ש״ס? אַזאַ איינער ווייס נישט, אַז לומדות אַליין, לומדות אָן בטחון, איז גאָרנישט. דער עיקר איז גלויבן, דער עיקר איז בטחון, דער עיקר איז ידישקייט. און מיר האָבן דאָס געדאַרפט בייקומען די געוועזענע גבירים און די פאַרקאָוועטע לומדים. און מיר זיינען עס בייגעקומען. ס׳איז ביי אונדז אין מלאַווע איין בייטל, איין קעסל. און אַז אין יעדן פון אונדז זיצט די גאַנצע ידישע אומה, האָבן מיר נישט מורא פאַר קיין מענטשלעכער רשעות. און אַז מיר האָבן איבער זיך אַ לייטענאַנט שמידט, אַ דייטש אַ רשע, איז וואָס? — דעם דייטש פאָלט־איין, און בלויז פון רשעות, אונדז צו שיקן שמחת־תורה צו דער אַרבעט, האָבן מיר געוויינט און געאַרבעט. אָבער צומאָרגנס האָבן מיר זיך געפרייט מיט דער תורה. אַזאַ התלהבות ביי „הקפות" געדענק איך נישט. און גלויבט מיר, מלאַוער ידן, אַז אונדזערע „הקפות" נאָך שמחת־תורה זיינען די אָנגעלייגטסטע און חשובסטע היי־יאָר ביי גאָט".

ביי די לעצטע ווערטער האָט ר׳ אדמס קול געקלונגען אַזוי „מאַראַליש", אַז טייל פון עולם האָט שטיל אַריינגעוויינט אין די אָפענע ספרים, וואָס זיינען געלעגן אויפן טיש.

עס איז געווען אַ ווײלע שטיל, אומאָנגענעם שטיל. מען האָט געהערט ווי דאָס חלבנע ליכט שמעלצט זיך מיט אַ זשומעריי.

הערש לייב שוחט, אַ שוויגער און אַ מוח־מענטש, האָט פאַרמאַכט איין אויג. דאָס צווייטע, אַ פאַרוואַלקנס, האָט אַרויסגעקוקט פון אַ געדיכטער ברעם. עס האָט אויסגעזען, אַז דאָס אויג צילעוועט זיך אין ר׳ אדמען אַריין. הערש לייב

שוחט האָט אָפּגעהוסט. דאָס קול, אָן אָנגעשפּאָלטנס, האָט זיך געהויבן באַרג אַרויף, האָט זיך געטראָגן צו ר׳ אדמען:

— אַוודאי, אדם, דאַרף מען האָבן בטחון... ווי דען אַנדערש?... נאָר איך זאָל זאָגן, אַז דער סדר פון דער וועלט געפעלט מיר — ניין, אדם, ער געפעלט מיר נישט. לאָמיר נעמען דאָס שטיקל וואַרשע אונדזערס. אויף אַ שטח וואו ס׳דאַרפן וואוינען הונדערט טויזנט מענטשן, האָט מען אָנגעשטופּט אַ האַלבן מיליאָן. וואָלט שוין גוט געווען. גייט אָבער נישט פאַרביי קיין איין טאָג עס זאָלן נישט צוקומען קיין נייע מענטשן. און אַלע אין דער געטאָ אַריין. און די געטאָ איז נישט, להבדיל, דאָס בית־המקדש, וואו מען איז געשטאַנען „צפופים ומשתחוים רוחים״, מען ליגט שוין אַזוי אויך ווי הערינג אין אַ פאַס. און אַז מען ליגט אין אַזאַ געדערנג, ווי נאָך שטופּט מען אַריין די נייע פופצן טויזנט יידן פון קאַליש? וועל איך דיר זאָגן, אדם. אַזוי גיך ווי פון די דרייסיק טויזנט לאָדזער יידן זיינען העלפט אויס־געשטאָרבן, האָבן זיך שוין אויסגעליידיקט צימערן פאַר פופצן טויזנט נייע מענטשן, האָט מען אין די ליידיקע צימערן אַריינגעפּאַקט די פופצן טויזנט קאַלישער יידן. און אַז די דריי טויזנט שעפּסער יידן זיינען אויסגעשטאָרבן, האָט מען אין זייערע צימערן אַריינגעפּאַקט אונדז, די מלאַווער יידן. און אַז מיר וועלן אויסשטאַרבן, וועט דער דייטש אין אונדזערע צימערן אַריינפּאַקן די טשעכאַנאָווער, די ריפּינער, די כאָרזשעלער, די נאַשעלסקער... „המן״ פירט אונדזער חשבון, אוי, פירט ער!

דאָס קול ביי הערש לייב שוחט איז מער נישט געווען אָנגעשפּאָלטן. עס האָט געשניטן ווי אַ חלף. עס האָט באַשולדיקט. ביי דעם עולם מיט די אָנ־געשפּיצטע אויערן האָבן זיך די מיילער געעפנט. ר אדמס אייבערשטער האַלבער גוף האָט זיך אַ בייג געטאָן, האָט זיך אַ צי געטאָן איבערן טיש. די בלויע אויגן — אַלץ האָט געפלאַמט. און ווען הערש לייב שוחט האָט שטאַרקער פאַרקוועטשט דאָס לינקע אויג, אַ רגע אָפּגעאָטעמט, און גלייך זיך גענומען צילעווען מיטן רעכטן אויג אין ר׳ אדמען, איז אים ר׳ אדם אַריין אין די רייד:

— הערש לייב, איך ווייס דאָך וואוהין דו צילסט... ווילסט זאָגן, אַז אין דער איצטיקער וועלט־שרפה וועלן מיר יידן אונטערגיין... זאָג איך דיר — האָט ר׳ אדם זיך אַ שטעל געטאָן אין זיין גאַנצער הייך און גרייס — זאָג איך דיר, אַז ניין און ניין! מיר וועלן טאַקע אַרויס צעמזיקטע, מיר וועלן אַרויס „בשן ועין״, דערפאַר געלייטערטע, געשטאַרקטע, אמתע יידן מיט בטחון. נעם טאַקע דעם פלעק־טיפוס. ביי אונדז האָט ער געבושעוועט ביז אַ שטיק נאָך פסח. ווען מען וואָלט זיך צוגעהערט צום דייטש, וואָלט קיין איין חולה נישט געזונט געוואָרן. אומעטום זיינען געהאַנגען אויפשריפטן אין דייטש: „פלעק־פיבער. בעטרעטען און פערלאַסען איזט שטרענג פערבאָטען״. האָבן מיר זיי געהערט, ווי דעם קאָטער. וואו אַ חולה איז אָדם אַרומגעגאַנגען ביי אים. גלויבט מיר, יידן, אַז אויף קיין איין רגע איז מיר נישט איינגעפאַלן, אַז כ׳שטעל איין ס׳לעבן. פאַרקערט — ביקור

חולים. לויט דעם דייטש האָב איך שוין לאַנג געדאַרפט זיין אַן אַנגעשטעקטער, אַ קראַנקער, אַ בר־מנן. דאָס זעלבע איז מיט אונדז יידן. דער חשבון, וואָס הערש לייב האָט דאָ נאָר־וואָס געמאַכט, איז ביים וועג. עס איז אָבער אַחשבון לויטן „שכל הישר". און דער שכל הישר איז גילטיק, ווען עס האַנדלט זיך וועגן גראָשנס און גילדנס, נישט וועגן אַ פאָלק, נישט וועגן יידן, וואָס האָבן נישט בלויז איבערגעלעבט יציאת־מצרים, קרייצצוגן, כמעלניצקיס שחיטות, נאָר אויך אי־בערגעלעבט די אַלע „עמאַנציפּאַציעס", וואָס האָבן אפשר מער שאָדן אונדז אָנ־געטאָן... און לאָמיר איך זאָגן — פאַראַן צייטן, ווען יסורים און צרות שטאַרקן דעם מענטשן, גיבן אים צו כוח. ווי שטייט ביי פרעהן: „כאשר יענו אותו כן ירבה וכן יפרוץ" — ווי זיי האָבן די יידן געפּייניקט, אַזוי האָבן זיי זיך געמערט און אַזוי האָבן זיי זיך צעשפּרייט. איר הערט, מלאַוועך יידן, מיר לעבן אין אַ וואונדער־באַרער צייט... מען האָט ביים יידן אַלץ צוגענומען... און אַז מען האָט ביי אים צוגענומען די הייזער, די מויערן, דאָס געלט, איז ער דען געוואָרן אָרעמער? עס האַלט דאָך שוין דערביי, אַז אַלע יידן זאָלן ווערן צדיקים. דען וואָס איז אַ צדיק? אַ צדיק איז — „עני בגלות" — אַן אָרעמאַן אין גלות. און דאָס געבעט פון אַן אָרעמאַן איז די שכינה אַליין. „וצלותא דעני איהו שכינתא" — מיר לעבן אין אַ צייט, ווען משיח איז אַ בעל־תשובה, ער איז „עני ורוכב על החמור" — דער אָרעמאַן, וואָס רייט אויף אַן אייזל.

עס איז שוין קיינער נישט געזעסן ביים טיש. דער עולם האָט אַרומגערינגלט אדמען, וואָס האָט גערעדט, לאַנג גערעדט. דער עולם האָט זיך געקוויקט מיט די רייד, ווי אַ דאָרשטיקער מיט קוואַל־וואַסער. די חלבנע ליכט, וואָס אויפן טיש, האָבן זיך געלאָשן. בלויז ביים עמוד האָט אַ יאָרצייט־פלעמל געציטערט און אָנ־געפילט דאָס בית־המדרש מיט שטיקער חושך, וואָס קיינער האָט נישט באַמערקט, ווייל די יידן מיט די צעוויייטיקטע הערצער האָבן אַנגעקוואָלן פון זייער ר' אדמען, וואָס האָט אינגאַנצן געשטראַלט.

.1943

# יקיר וואַרשאַווסקי

**(1943 — 1885)**

אויטאָביאָגראַפישע דאַטעס).

געבוירן דעם 14טן מערץ אין מלאַווע, פוילן, ביי דער געוועזענער דייטשישער גרענעץ, אין אַ חסידיש־סוחרישער פאַמיליע. געלערנט אין חדר, אין חסידים־שטיבל און פאַר זיך. גלייכצייטיק מיט גמרא זיך אויך אָפּגעגעבן מיט ספרי חקירה, קבלה און חסידות. אונטער דער השפעה פון זיין בן־עיר, יוסף אָפּאַטאָווסקי (אָפּאַטאָשו) אָנגעהויבן צו לייענען די העברעאישע ליטעראַטור און לערנען פרעמדע שפּראַכן. צו צוואַנציק יאָר אַוועק קיין וואַרשע. נאָך דער חתונה געווען אַ העברעאישער לערער אין גאסטינין, ביי פּלאָצק. דאָן בוכהאַלטער אין זיין געבורטסשטאָט. ערב דער וועלט־מלחמה געמאַכט אַ רייזע איבער דייטשלאַנד, איטאַליע, סיריע, ארץ־ישראל און מצרים. שפּעטער זיך באַזעצט אין פּלאָצק אַלס לערער פון העברעאיש אין אַ גימנאַזיע. די לעצטע צייט געווען אָנגעשטעלטער אין „קרן היסוד", און אַרומגעפאָרן איבער דער פּראָווינץ. זינט 1908 געדרוקט בעלעטריסטישע זאַכן און זשורנאַליסטישע אַרטיקלען אין יידישע און העברעאישע צייטשריפטן. אויך א. פ. בן־אהרן, י. וורשאי. און בוכפאָרם אַרויסגעגעבן: „הגיונות וזעזועים", „מן המולדת" (רייזע בילדער פון ארץ־ישראל און מצרים), „מעלות מורדות", אויך אַ סעריע קינדער־דערציילונגען אין העברעאיש.

(זלמן רייזענס „לעקסיקאָן פון דער יידישער ליטעראַטור", ערשטער ב', 1926).

יקיר וואַרשאַווסקי

# קאַפּיטלעך פון בוך: „די לעצטע“

## דאָס שטיבל

דאָס חסידישע שטיבל איז געווען אין אַ לאַנגער הילצערנע געבײדע, וואָס איז געשטאַנען אינמיטן אַ גרויסן הויף אין אַ זײַטיק געסל. קיין אַנדערע אײַנוואוינער זײַנען אינעם דאָזיקן הויף נישט געווען, אַזוי אַז דאָס שטיבל איז געווען אַ באַזונדערע וועלט פאַר זיך. אויף דער גאַנצער לענג פון דער געבײדע איז געווען צוגעקלאַפּט צו דער וואַנט אַ באַנק צום זיצן און אויף די זײַטיקע ווענט איז געווען אויפגעכתיבהט מיט קויל: „בכאן אסור להשתין“. אין פאָדערהויז זײַנען געשטאַנען צוויי בײַכיקע פעסער, איינס צו רײַן און דאָס צווייטע צו אומרײַן־וואַסער. און מיט דער קוואָרט, וואָס איז געהאַנגען אויף אַ פאַרזשאַווערט אײַזערנעם קייטל, האָט מען געשעפּט פון איין פאַס און געוואַשן די הענט אין דעם צווייטן. דאָס שטיבל האָט געהאַט צוויי שטובן. מ׳האָט זיי גערופן: בית־ראשון און בית־שני. דאָס בית־ראשון, דאָס ערשטע פון פאָדערהויז, איז געווען קלענער און געהאַט ווייניקער חשיבות ווי דאָס בית־שני. אין בית־ראשון האָט מען מער געשמועסט ווי געדאַוונט אָדער געלערנט. דאָרט האָט אַברהם־שמש, אַ ייד אַ קפּדן, מיט רויטע אויגן, געהאַט שטיין אויף אַ באַנק אַ גרויסן, בלעכענעם סאַמאָוואַר, און עולם האָט געזופּט טיי אינדערפרי פאַרן דאַוונען און פאַרנאַכט צווישן מנחה־מעריב. שבת און יום־טוב האָט מען געלייענט דאָס ספר אויך אין בית־ראשון, כדי צו קאָנען פאַרטיילן מער עליות און צופרידן שטעלן אַלע מיט כבודים. צווישן בײדע בתים איז געווען אײַנגעמויערט אין דער וואַנט אַ ריזיקער קאַכל־אויוון, וואו מען האָט געמוזט אַרײַנלייגן גאַנצע שטשאַפּעס האָלץ ביז ער האָט זיך צעהיצט. געלערנט האָט מען צומייסטן אין בית־שני, וואָס איז געווען אי גרעסער, אי ליכטיקער. נאָר ווען אַלע טישן פון דאָרט זײַנען שוין געווען באַזעצט, ווי אַ שטייגער, אין די לאַנגע ווינטער־

נעכט, האָט מען געלערנט אויך אין בית־ראשון. אָבער דאָרט זיינען געזעסן בלויז די נמושות, אַלטע לייט און יינגלעך.

אַזעלכע שטיבלעך זיינען געווען עטלעכע אינעם שטעטל וואָס איז בכלל געווען אויסגעווייקט אין חסידות. ס'איז געווען אַן אַלעקסאַנדערער, גערער, ניישטעטער, נאָוואָמינסקער, גראָדזשיסקער און נאָך. יעדעס שטיבל האָט געהאַט זיין באַזונדער פּנים און אויסזען, זיינע באַזונדערע מנהגים, עוויות, נגונים, און יעדעס שטיבל האָט אַרויפגעלייגט זיין באַזונדערן פּרצוף אויף זיינע חסידים, אַזוי אַז אפילו נישט־וויסנדיק, האָט מען געקאָנט לייכט דערקענען אין וועלכן שטיבל יעדער פון די שטעטלדיקע חסידים דאַוונט און צו וועלכן רבין ער פאָרט. די גראָדזשיסקער, למשל, זיינען געווען אַ ביסל עולם־הזהניקעס; ליב געהאַט גוט צו עסן און טרינקען, האָבן זיך געפּוצט, געטראָגן ריינע מלבושים און געפּאַסטע שטיוועלעך, ווייל אויך זייער רבי האָט ליב געהאַט אַ גוט סעודהלע, געהאַט שטיין אין שטאַל אַ פּאָר שיינע געזונטע פערדלעך, וואָס דער רבי האָט הנאה געהאַט זיי צו קלאַפּן איבער די גלאַנציקע בייכער, גלעטן איבער דער לאַנגער טשופּרינע און אַרויספאָרן מיט זיי שפּאַצירן, איינגעשפּאַנט אין אַ שיינער קאַרעטע, אין אַ זומער נאָכמיטאָג. די ניישטעטער, פאַרקערט, זיינען געווען קליינע, אויסגעדאַרטע, אויסגעקוואַרטע, מיט זויערע פּנימער, אויסגעלאָשן־טרויעריקע אויגן, תמיד מיטן קרעכץ, מיטן זיפץ, און יעדער פון זיי מיט עפּעס אַ מיחוש. די גערער, זיינען אַ גרויסער טייל פון זיי געווען געלע, מיט געדיכט־האָריקע ברעמען, די גרעסטע בעלי־מחלוקה צוליב אַ רב, חזן, שוחט; גרויסע תקיפים ביי זיך, מיט דער אמתער חסידישער חוצפּה, דערפאַר אָבער — גרויסע למדנים און שאַרפע קעפּ, אַ ירושה פון ר' מענדעלע קאָצקער און חידושי־הרי״ם זכרונם־לברכה. זיי האָבן זיך געהאַלטן אין גרויסן; געפילט, אַז זייער שטערן גייט אויף און געהאַט אין זיך די העזה פון אויפגעקומענע. זיי האָבן ליב געהאַט איינצופירן אַלעמאָל עפּעס נייעס און זיך אויסצייכענען פון אַנדערע. האָבן זיך אַלע חסידים געשאָקלט ביים דאַוונען אין דער לענג אָדער ברייט, איז ביי זיי אויסגעקומען זיך צו שאָקלען אויף אַזאַ אופן, ס'זאָל זיין נישט אַהין און נישט אַהער, נאָר איינמאָל אויף רעכטס און דאָס צווייטע מאָל אויף לינקס, אויף דרום און אויף צפון, און לויטן שאָקלען זיך האָט מען באַלד דערקענט, אַז דאָס דאַוונט אַ גערער. האָבן אַנדערע חסידים געלערנט פאַרן דאַוונען אָדער דערנאָך, ביחידות, יעדער ווער ס'האָט געוואָלט, האָבן די גערער איינגעפירט, אַז שבת זאָל מען דאַוונען שחרית גאַנץ פרי און דערנאָך מוזן אַלע חסידים זיך זעצן לערנען און ערשט דערנאָך, העט ווייט אין אַ פּאָר שעה אַרום, זיך נעמען צום לייענען און מוסף. אין שטאָט האָט מען זיי, סיי מתנגדים, סיי חסידים, נישט ליב געהאַט, ווייל מ'האָט געוואוסט, אַז וואו אַ מחלוקהלע — דאָרט איז אַ גערער. דערפאַר זיינען די אַלעקסאַנדער געגאַנגען אינמיטן וועג, נישט צופיל פּאַרמרה־שחורהט, ווי די ניישטעטער און עולם־הזהניקעס ווי די גראָדזשיסקער, אויך נישט די חוצפּה

אָן מלחמה־לוסט פון די גערער, אָבער אויך נישט זייער לומדות און חסידישע פּקחות. — נאָר געמיטלעך־ווייכע, מיט דער באַהאַרצטער נגינה פון וואָרקע, מיטן אינערלעך־חסידישן ברען און אויסערלעכער פּשטות. דאָס גרעסטע שטיבל אין שטעטל איז געווען דאָס אַלעקסאַנדער. ס׳האָט אָבער שוין אָנגעהויבן צו שפּירן די קאָנקורענץ פון גערער און ס׳איז דעריבער געוואָרן קנאה־שנאה צווישן זיי. איז צוגעקומען אין שטעטל אַ נייער יונגערמאַן, אַ פריש־געבאַקן אײדעמל, איז מען געלאָפן פון ביידע צדדים אים איבערצורעדן, ער זאָל ווערן זייער חסיד, און מ׳האָט אָנגעווענדט דערצו אַלע מיטלען. אַפילו חדר־קינדער זיינען געוואָרן אַריינגעשלעפּט אין דער דאָזיקער שנאה און יעדן פרייטאָגצונאַכטס פאַר קבלת־שבת, האָבן זיי געפירט צווישן זיך מלחמות אין שטיבל־געסל מיט שטיינער, בלאָטע און אויך מיט די יונגע פויסטלעך, ווועמענס רבי איז בעסער און וועמענס שטיבל איז גרעסער.

דאָס אַלעקסאַנדער שטיבל איז שוין געווען אַן אַלטס. עטלעכע דורות זיינען שוין דורך אים אַדורך. עס האָט שוין אויך געהאַט אַדורכגעמאַכט אַ פּאָר רעוואָלוציעס און צעטיילונגען. נאָך יעדן רבינס פּטירה פלעגט זיך אַ טייל חסידים אָפּרייסן און אָנהייבן פאָרן צו אַ צווייטן רבין און נישט צום נפטרס זון. אַזוי אַרום פלעגט קומען צו מחלוקות און אויפשטאַנדן, כדי צו פאַרכאַפּן די מאַכט. לכתחילה איז דאָס געווען אַ וואָרקער שטיבל, שפּעטער אַ ביאַלער און דערנאָך אַן אַלעקסאַנדער. וועגן די דאָזיקע מחלוקות פלעגט מען אָפּט שמועסן און זיי האָבן פאַרנומען אַ גרויס אָרט ביי די חסידים. די מסורה פון אַמאָליקע אָנגעזעענע חסידים איז בכלל קיינמאָל נישט געוואָרן איבערגעריסן. מ׳האָט תמיד פון זיי גערעדט, דערציילט מעשיות פון זייער לעבן און זייערע נעמען זיינען געווען אויף אַלעמענס ליפּן. דאָס שטיבל איז געווען ווי אַ באַזונדער, אָפּגעשלאָסן וועלטל פאַר זיך, ווי אַ גרויס משפּחה־הויז, און די אַלע, וואָס האָבן אָנגעקערט צו דער דאָזיקער משפּחה, זיינען געבליבן אין זכרון פון די שפּעטערדיקע דורות, מיט אַלע זייערע מעלות און חסרונות, מיט די פאַרשיידנסטע זייערע חצוניות און העויות, ווי זיי זיינען געווען ביים לעבן.

מכל־שכן די לעבעדיקע חסידים. זיי האָבן זיך געקענט איינער דעם צווייטן אויסגעבונדן. יעדער האָט געוואוסט וואָס עס קאָכט זיך ביים צווייטן אין טעפּל, זיינע געשעפטן, משפּחה, ענינים, שידוכים פאַר קינדער א. אַז. וו. מ׳האָט געלעבט צווישן זיך ווי אין אַ גרויסער משפּחה און געהאָלפן איינער דעם צווייטן מיט וואָס מ׳האָט געקענט. האָט איינער געברויכט אָפּגעבן אין „קאַזנאַ" עפּעס אַ „פּראָשעניע" מיט אונטערשריפטן פון שטאָט, האָט ער געבראַכט דאָס פּאַפּיר גלייך אין שטיבל אַריין, זיך אַוועקגעזעצט, אויסגעשפּרייט עס אויפן טיש און יעדער איז גלייך צוגעגאַנגען אונטערשרייבן זיין נאָמען; האָט איינער נישט געוואָלט גיין צו אַ דין־תורה מכוח עניני־ממנות, האָט מען שבת מעכב־הקריאה געווען, ביז יענער האָט גלייך מסכים געווען זיך צו שטעלן פאַר מענטשן אָדער גיין צום רב; האָט אַן

אָרעמער חסיד געדאַרפט חתונה מאַכן אַ טאָכטער, האָט דאָס שטיבל געגעבן אויף אַלע הצטרכותן. שבת ביי די „מי שברכס" איז געוואָרן אויפגעדעקט דאָס גאַנצע אינטימע לעבן פון יעדן הויז באַזונדער. אָט מאַכט איינער אַ קידוש: דאָס ווייב האָט אים געבוירן אַ מיידל; אַ צווייטער שרייבט תנאים מיט אַ טאָכטער, אַ דריטנס אַ יינגל ווערט „בר־מצווה" און אַ פערטער מאַכט אַ שול־פירן; דער האָט אין דער היים אַ יולדות און דער צווייטער לא־עלינו, אַ חולה. און נאָכן לייענען גייט אַ וואָרעמער שמועס מכוח, די אַלע משפּחה־ענינים, וואָס זיינען דאָ געוואָרן אויפּ־געדעקט. מען וואונטשט זיך און מען טרייסט זיך, אַז דער אויבערשטער וועט העלפן, וועט מוזן העלפן און מען פרעגט, צי מ'האָט מזכיר געווען ביים רבין זאָל לעבן. יעדער חסיד האָט פאַרנומען אַ געוויסן אָרט אין דער דאָזיקער קליינער מלוכה און יעדער האָט אויסגעפּילט אַ געוויסן לייִדיקן פּלאַץ; יעדער איז געווען אַ שרייפל אין דער דאָזיקער גרויסער מאַשין.

וואו מען גיט נאָר אַ וואָרף מיטן אויג זעט מען בלויז גוט־באַקאַנטע פּנימער און היימישע מענטשן, וואָס מען ווייסט זייער יחוס, ווער עס זיינען געווען זייער טאַטע־מאַמע און ווי זיי האָבן אויסגעזען. אָט זיצט פון אויבנאָן טיש פון דער רעכטער זייט אָרון־קודש ר' מענדל וואַרשאָווער, אַ טיפער זקן מיט אַ שיין ליבלעך פּנים און גרוי בערדל, וואָס רעדט שטיל, קוים וואָס מ'הערט. ער ליידט אויף אַסטמע, פאַרהוסט זיך אַלע מאָל און ס'געדויערט לאַנג ביז ער קאָן אָפּגעבן אַ שטיקל ליחות; דער ייד איז שוין אין גאַנצן אויסגעטאָן פון דער וועלט. ער בעט אויף זיך דעם טויט. אָפּט פאַלט ער אַוועק, ווייל ס'פעלט אים אָטעם, און בעט זיך מען זאָל אים נישט ראַטעווען, ווייל דאָס לעבן איז אים שוין נמאס. אָבער די קינדער שרייען יעדעס מאָל אָפּ דעם טויט, און אַזוי לעבט ער אויסגענאַרט ביים מלאך־המות נאָך אַ יאָר און נאָך אַ יאָר. לעבן אים זיצט ר' משה טראַנק. אַ ייד נישט קיין גרויסער למדן, וואָס האָט כל־ימיו געוואוינט אויפן דאָרף און דאָס דאָרפישע איז אויף אים געבליבן עד־היום: אַ דיקער, מיט אַ זילבער בערדל, מיט שטייפע זילבער־וואָנצעס, וואָס רעדט האַרט און שאַרף און קוקט תמיד אַריין אין גרויסן סידור, וואָס ליגט פאַר אים אויפן טיש. לעבן אים שטייט זיין יינגל, ישראל, וואָס איז אינגאַנצן ענלעך צום פאָטער, אַ קליינער טאַטע, אויך אַ ביסל טעמפּ אויף דער עברי, וואָס כאַפּט אַלעמאָל אַ קנייפּ אונטערן טיש ווען ער זאָגט אַ גרייז. אָן אַ זייט זיצט מענדל מערקין *). וואָס זיין זון איז אַ ביסל „געכאַפּט אויף דער מעשה". זיצט ער פאַרשטעקט, מען זאָל אים נישט אַרויסזען און גייט זיך זיין וועג. די, וואָס זיצן אַרום טיש, זיינען אָדער שוואַכע אין געזונט אָדער שוואַכע אין חסידות. די אמתע חסידים זיצן נישט אויף איין אָרט, נאָר דרייען זיך אַרויף און אַראָפּ, פאַר־טיפט אין די תפילות. שטויסן איינער דעם צווייטן מיטן עלנבויגן, פאַרטשעפּען זיך

*) מענדל מערקער.

מיט די טליתים, שפּריצן מיט די ציצית אין יענעמס אויגן, רייבן זיך מיט די אַקסלען פאַר ענגשאַפט און גייען זיך ווייטער, נישט אַכטנדיק אויף קיין שום זאַך.

אַ גאַנצן טאָג איז דאָס שטיבל געווען אָפן פאַר אַלעמען. מ׳האָט גאָרנישט געוואוסט פון קיין שליסל ביי דער טיר. פון פאַרטאָג ביז שפּעט ביינאַכט האָט מען אין אים געלערנט אָדער געדאַוונט און ביינאַכט פלעגן דאָרט שלאָפן יידן פּרושים חסידישע אורחים, כוללות־נעמער און ישיבה־בחורים. האָט זיך אַ חסיד נישט גוט געשלאָפן אין דער היים צוליב דאגת־פּרנסה אָדער דאגה פון חתונה מאַכן אַ קינד, האָט ער זיך אָנגעטאָן, אַוועק אין שטיבל און דאָרט זיך אַרויסגעשלאָגן די שווערע מחשבות פון קאָפּ מיט אַ בלאַט גמרא אָדער חסידיש ספר. די היים איז געווען אַ טפל און דאָס שטיבל — דער עיקר; אַהיים איז מען נאָר געגאַנגען אַ ביסל האַנדלען, אָפּעסן און, שלאָפן, אָבער אָפּרוען זיך, געניסן פון ביידע עולמות, פון עולם־הזה און עולם־הבא, איז מען געגאַנגען אין שטיבל. דאָס שטיבל האָט אויסגעפילט אַלע הצטרכותן פון לעבן. אַ גאַנץ אָפּטער גאַסט ביינאַכט איז געווען בנימין פּאַביאַן, אַ קליין, דאַר יידל, מיט פאַרדעכטיק־רויטע בעקעלעך, וואָס האָט תמיד געהאַלטן אין איין הוסטן, און נישט־קאָנענדיק שלאָפן אין דער היים, אין דער ענגער, אָרעמער דירה, איז ער אויפגעשטאַנען נאָך האַלבער נאַכט. ער איז געגאַנגען אין שטיבל אַריין, זיך גוט אויסגעהוסט, אָפּגעוואָרפן דאָס ליחות, זיך אויסגעלייגט אויף דער באַנק און געכאַפּט אַ דרימל. דאָס איז געווען זיין איינציקער עולם־הזה, צוליב וועלכן ס׳איז כדאַי געווען צו לעבן און זיך מאַטערן אויף דער וועלט.

פון פאַרטאָג ביז צוועלף מיטאָג איז דאָס שטיבל געווען פול מיט לומדים און מתפּללים. אַרום די טישן זיינען געזעסן בחורים און יינגעלייט און געלערנט געשמאַק גמרא און פּוסקים, אַלטע יידן האָבן אַריינגעקוקט אין אַ ספר און עולם האָט געדאַוונט. איין מנין האָט געענדיקט און דאָס צווייטע האָט אָנגעהויבן. האָבן זיך אויסגעמישט די קולות פון לערנען, די „ברכות" און „קדושות" פון די מתפּללים, מיט די שמועסן פון די חסידים, וואָס האָבן זיך געדרייט, פאַר נקיות, אַרויף און אַראָפּ, מיט די לאַנגע ליולקע־ציבעכס אין מויל און געשמועסט מיט האַלב פרייע ליפּן, צומאַכנדיק איין אויג און מיטן צווייטן געקוקט אין דעם בלוי־פאַררויכערטן חלל אַריין. אין דער לופט איז געשטאַנען איין גרויס געשריי, וואָס האָט געהאַלטן לאַנגע שעהן און אַלע האָבן זיך געפילט אין דעם דאָזיקן געשריי ווי פיש אין וואַסער. דאָס האָט זיך אַזוי געפּאַסט צו אַלעם, וואָס אַרום און איז געווען די אמתע אַטמאָספערע פון שטיבל. און איבער אַלעמענס געשרייען האָט זיך געהערט דאָס קלינגענדיקע קול פון דעם ליבלינג פון די חסידים און שיינדל פון שטיבל, פייוול דער מתמיד.

פייוול איז געווען אַן אָרעמער בחור מיט גוטע, בלויע אויגן, מיט באַוועגלעכע אברים, אַ שיין, איידל פּנים, באַשיט אין די זייטן מיט אַ בלאָנדן פּוך ווי מאָך, מיט אַ ביסל אַן איינגעבויגענער פּלייצע פון צופיל זיצן און לערנען. ער איז געווען

דער גרויסער חריף און בקי; זיין התמדה איז געווען אן א שיעור. ער האט גע־קאנט אפזיצן ביי דער גמרא — א זעקס, אכט שעה דורכאנאנד. זיין לערנען איז געווען מיט פייער און ברען, מיט התלהבות און חשק, מיט א שיינער הויכער שטים, וואס האט פארקלונגען די לופט. דערצו איז ער נאך געווען דער הייסער חסיד, א קלוגער, נישט פארבטלנטער, תמיד אן אויפגערוימטער, מיט א ווערטל, מיט א לאך און א שטיף; האט געקאנט חסידות אויסגעצייכנט, געוואוסט דעם גאנצן שלשלת־היוחסין פון אלע רבישע הויפן. אלע האבן זיך געצאצקעט מיט אים. די מתנגדישע לומדים האבן אויך שטארק געהאלטן פון אים און אפילו דער ליטווי־שער רב האט זיך גערעכנט ביי זיינע דרשות אין „שבת־הגדול" און „שבת־תשובה", מיט פייוולס מיינונג. אויך אין קבלה איז ער געווען א שטארקער ידען. זיין אידעאל איז געווען: תורה, חסידות און קבלה במקום־אחד, ווי למשל: דער „בית־יוסף", דער בעל „הפלאה" אדער חידושי הרי"ם.

ער איז געווען א למדן — א דיכטער, מיט א שטארקן חוש פאר נאטור־שיינקייט; א טיפ פון א פויליש־חסידישן מתמיד, מיט דער ווייכקייט און איידלקייט פון דער פוילישער נאטור. ער האט נישט געלערנט מיראה, נאר מאהבה. אין א זומער־פארנאכט האט ער ליב געהאט ארויסצוגיין שפאצירן מיט נאך עטלעכע בחורים הינטער דער שטאט, איינזאפן אין זיך מיט א חסידיש סמאקעווען די שארפע ריחות פון טוי־געבענטשטע פעלדער און פריש־אפגעשניטן היי, שמועסן געשמאק אין חסידות, אריינכאפן א מחנה צווישן די תבואה־זאנגען און זיך שאקלען שמונה־עשרה צוזאמען מיט זיי, מחמת דעם האט ער נישט געליטן די בחורים, וואס זיינען אוועק לערנען אין די ליטווישע ישיבות: אין א טעלז, דמיר, סלאבאדקע, פון וואנען זיי זיינען צוריקגעקומען גאנצע ליטוואקעס, מיט דער טרויעריקייט פון דער ישיבה־לופט און מיט דער עצבות, וואס איז געווען אויסגעגאסן אויף זייערע פנימער און ארויסגעקוקט פון זייערע אויגן.

בייטאג איז דאס שטיבל געווען האלב־לידיק און עפעס אזוי מאדנע איז געווען דאס לערקייט, וואס האט דעמאלט געהערשט. ביים עמוד האט אפט געברענט א יארצייט־ליכט, וואס האט געוואָרפן אן אומהיימלעכקייט ביים שיין פון טאג. אלץ ארום האט גערוט. די גמרות מיט די ספרים זיינען געלעגן צעווארפן איבער די טישן מיט די גרוי־לייוונטענע איינבינדן גלייך אויך זיי רוען נאך דער שווערער עבודה, וואס איז מיט זיי געווארן אפגעטאן ביז מיטאג. אין דער לופטן שטייט א מידע שטילקייט, וואס ציט צו א דרימל. עטלעכע בחורים ליגן אויסגעצויגן אויף די בענק און קוקן אריין אין ספרים. טיילמאל כאפט זיך אריין א זיידענער יונגער־מאנטשיק, א שטיקל משכיל, און פארפירט א שמועס מכוח דער ענגלישער „קווין" מאיר־אנשיל ראטשילד און משה מאנטעפיארע. דעמאלט האט אויך פייוול א ביסל גערוט. טיילמאל קומען אריין א פאר אלטע חסידים און ס'גייט אוועק א שמועס מכח רביים און זייערע תורות, ווערטלעך און מעשהלעך. און די יונגע בחורים

שטעלן זיך אַרום, עפּענען מויל און אויערן. שפּאַרן אָן די עלנבויגנס אָן טיש און הערן זיך איין.

איינער אַן אַלטער חסיד דערציילט:

— דער רבי ר׳ בונים פון פּשיסכע, איז געווען, כידוע, אין די יונגע יאָרן אַ גרויסער דאַנציקער סוחר. איינמאָל, דאָס איז געווען ראש־חודש טבת, צוריק־וועגס פון דאַנציק, איז ער אַדורכגעפאָרן שעפּס. דאָרט האָט געוואוינט אַ גרויסער חסיד, אָבער אַן עני־מדוכא, ר׳ זלמן. ווען דער רבי ר׳ בונים איז אַריינגעקומען אין דער אַכסניה, האָט ער געשיקט רופן נאָך ר׳ זלמן, אים געגעבן אַ פולע האַנט אומגעציילט געלט און געהייסן צו גרייטן ביי זיך אין שטוב אַ סעודת ראש־חודש. ווען ר׳ זלמן איז אַוועק, האָט דער רבי געבעטן דעם משרת פון אַכסניה, ער זאָל רופן אַ פוטער־סוחר. ווען דער לעצטער איז געקומען האָט דער רבי פון אים געקויפט אַ פעלץ און פוטערנעם היטל און דאָס געשיקט ר׳ זלמן. נאָך דעם, אַז ער איז געוואָר געוואָרן, אַז ר׳ זלמנס בני־בית גייען אויך אַרום אָפּגעריסן, האָט ער אויך פאַר זיי געקויפט וואַרעמע, נייע מלבושים. ביי דער סעודה האָט דער רבי אים ווידער געגעבן אַ פּאָר מאָל געלט אומגעציילט צו קויפן וויין. עולם איז געווען אויפגערוימט, מ׳האָט געשמועסט תורה, געגעסן און געטרונקען, ווי ס׳פּירט זיך ביי אַנשי־שלומינו, און דערנאָך איז מען זיך פונאַנדערגעגאַנגען.

ווען דער רבי איז אַוועק צוריק אין דער אַכסניה, האָט אים ר׳ זלמן באַגלייט. ווען זיי האָבן זיך געזעגנט, האָט דער רבי אַריינגעשטעקט די האַנט אין הויזנקעשענע, אַרויסגענומען אַ פולע האַנט מיט געלט און עס ווייטער אַוועקגעגעבן ר׳ זלמן. ער האָט אָבער נישט געוואָלט מער נעמען, זאָגנדיק, אַז ער האָט שוין גענוג און ברויך נישט מער. דער רבי האָט אים אָבער שטאַרק אָנגעהאַלטן און געזאָגט: נישט פאַר דיינעטוועגן טו איך דאָס, נאָר פאַר מיינעטוועגן, און דו וועסט מיר אַוודאי נישט אָפּזאָגן.

ר׳ זלמן איז געשטאַנען מיט אַן אָפן מויל און נישט פאַרשטאַנען, וואָס דער רבי מיינט. דער רבי האָט געזען, ווי ער שטייט פאַרוואונדערט, האָט ער אים געגעבן צו פאַרשטיין:

— ביי דער מצווה פון צדקה שטייט: „נתן תתן ולא ירע לבבך בתתך לו״. צו וואָס שטייט עפּעס צוויי מאָל: נתן און תתן? נאָר דער פּשט איז אַזוי: אַז אַ ייד גיט צדקה מחמת רחמנות. ווייל ער קאָן נישט צוקוקן ווי דער אָרעמאַן איז הונגעריק און נאַקעט, איז דאָך דערביי קיין שום רבותא. ביי אַזאַ צדקה געבן האָט דאָך דער געבער מער הנאה ווי דער נעמער. ער שטילט דערמיט זיין רחמנות. דעריבער ברויך מען געבן צדקה דעם זעלבן אָרעמאַן אַ סך מאָל, ביז ער וועט שוין זיין זאַט און וואַרעם אָנגעטאָן, ס׳זאָל אים גאָרנישט פעלן און נישט דערוועקן מער קיין רחמנות, און דעמאָלט, אַז מען גיט ווידער, איז מען ערשט רעכט מקיים די מצווה פון צדקה. און דאָס מיינט דער פּסוק: „נתן״ און נאָכאַמאָל „תתן, עד אשר

לא ירע לבבך בתתך לו", ביז דו וועסט שוין נישט האָבן מער קיין רחמנות אויף אים און דאָן, אויב דו וועסט ווייטער געבן, וועסטו מקיים זיין די אמתע מצווה פון צדקה. דעריבער איצט, אַז איך גיב דיר און דו וועסט נישט נעמען וועסטו נאָך מיר קאַליע מאַכן די גאַנצע מצווה.

דערהערנדיק דאָס האָט ר' זלמן ערשט פאַרשטאַנען, אַז מיטן נעמען דאָס געלט, איז ער נישט קיין מקבל, נאָר אַ נותן: ער גיט דעם רבין אַ מצווה...

— און איך וועל אייך דערציילן אַ שענער ווערטל, — מישט זיך אַריין „עוד בו נשמתו", אַ לאַנגער דאַרער ייד, מיט אַ שפּיציק קאָזע־בערדל און אַ באַשטימטער פאַרב, מיט אַ פּיקע אין אויסגעצויגענעם האַלדז, וואָס לויפט האָסטיק אַרויף און אַראָפּ: וואָס אַלץ איז ביי אים לאַנג און דין, אַז ס'דאַכט זיך, אַז מען קאָן אים אַדורכציען דורך אַ שפּאַרע, וואָס קוים די נשמה האַלט זיך אין אים, און דעריבער טאַקע האָט ער באַקומען זיין צונאָמען: „עוד בו נשמתו". — אָט הערט:

משה־לייב, דער רבי פון סאַסאָוו, איז געווען אַ הויכער, דיקער פאַרשוין, און יעדער, וואָס האָט אים געזען האָט געמיינט, אַז ער איז אַ גיבור, אַ גרויסער בעל־כוח. אָבער באמת איז ער געווען אַ קראַנקער און תמיד עוסק געווען אין רפואות.

איינמאָל איז ער געפאָרן קיין לעמבערג צו אַ באַרימטן פּראָפעסאָר זיך פרעגן מכוח זיין קראַנקייט. דער פּראָפעסאָר האָט אים באַטראַכט און געפונען אַז ער איז מסוכן. האָט ער אים געגעבן פאַרשיידענע רפואות און אָנגעזאָגט ווי אַזוי ער זאָל זיך פירן: נישט פאַסטן, נישט עוסק זיין צופיל אין תורה און תפילה, נישט גיין אין קיין קאַלטער מקווה, עסן און טרינקען אין דער צייט, און אויב ער וועט נישט פאָלגן, איז ער אַ מתחייב־בנפשו... פאַרשטייט זיך, אַז דער רבי האָט נישט געפאָלגט און זיך געטאָן דאָס זייניקע. טאַקע געשטאַנען אַ פּאָר שעה אויף די פיס און געדאַוונט, געפאַסט שני־וחמישי, געגאַנגען אין קאַלטע מקוואות און געפייניקט דעם גוף.

אין זיבן יאָר אַרום, אַ קורצער צייט פאַר דער פטירה, בעת ער איז שוין געווען אַזוי שוואַך, אַז ער האָט נישט געקאָנט שטיין אויף די פיס, איז ער אַוועק נאָך אַמאָל קיין לעמבערג צו דעם זעלבן פּראָפעסאָר. צוריקוועגס אַהיים איז ער געפאָרן דורך טאַרנאָפּאָל און דאָרט זיך אָפּגעשטעלט אין אַן אַכסניה אָפּצורוען אַ טאָג. אַז דער טאַרנאָפּאָלער רב האָט געהערט, אַז דער סאַסאָווער צדיק איז אין שטאָט און איז קראַנק איז ער געגאַנגען אים מבקר־חולה־זיין. אַריינקומענדיק, האָט ער אים גע־טראָפן ליגן אין בעט און דאָס פּנים האָט געלויכטן. דער רבי האָט אים געגעבן שלום, געבעטן זיצן און געהייסן דעם משמש דערלאַנגען „כיבוד": האָניק־לעקעך, איינגעמאַכטס און אַ ביסל יי"ש. אַז דער רב האָט געזען ווי דער צדיק איז אויפגע־לייגט צו רעדן וועגן אַזעלכע זאַכן, איז ער געוואָרן ביי זיך דרייסטער און גע־פרעגט, וואָס ער מאַכט אין געזונט.

און דער רבי האָט געענטפערט:

— אין דער גמרא שטייט: אַז די חכמים האָבן געוואָלט באַהאַלטן דאָס ספר קהלת, ווייל עס איז זיך אַליין סותר: איינמאָל זאָגט ער: „לכלב חי טוב מן האריה המת" און אַ צווייט מאָל: ושבח אני את המתים שכבר מתו מן החיים אשר חיים עודנה". אָבער קומענדיק קיין לעמבערג איז מיר פאַרענטפערט געוואָרן די קשיא: דען ווען דער משמש, פירנדיק מיך, האָט געעפנט די טיר ביים פּראָפעסאָר און געזאָגט, אַז דער רבי פון סאָסאָוו איז געקומען, האָט זיך דער פּראָפעסאָר אָנגע־כאַפּט ביים קאָפּ און אַ געשריי געטאָן: וואָס? דער סאָסאָווער לעבט נאָך?! מחמת ער האָט געמיינט, אַז כ׳בין שוין לאַנג אויפן עולם־האמת, קענענדיק מיין קראַנקייט מיט זיבן יאָר צוריק. דעמאָלט איז מיר געקומען אויפן רעיון, אַז דאָס מיינט קהלת: ושבח אני את המתים שכבר מתו מן החיים וואָס מען וואונדערט זיך אויף זיי: אשר חיים עודנה? צי לעבן זיי נאָך?...

אין אַזעלכע שמועסן האָט מען פאַרברענגט ביז זמן־מנחה.

צווישן מנחה־מעריב האָט מען געטרונקען טיי פון אברהם שמשס סאַמאָוואַר און געשמועסט אַ ביסל פון מילי־דעלמא. דער ראש־המדברים איז געווען זלמן לידזבאַרסקי, אַ ייד אַ נגיד אַ ביסל אַ חלוש, וואָס איז געפאָרן יעדעס יאָר קיין אויסלאַנד אין די בעדער, און פון דאָרט אַהיימגעבראַכט אַ ביינערנעם טאַבאַק־שקעטעלע, געפּאַסט מיט פּערלמוטער, אַ בורשטינענעם ציגאַרן־שפּיץ, אַ זילבערנע פּאַפּיראָשניצע א. ד. גל. און תמיד זיך אָנדערציילט חידושים פון אויסלאַנד. גערעדט האָט ער געלאַסן, ווי עס פּאַסט פאַר אַ ייד אַ נגיד, וואָס ווייסט, אַז זיינס אַ וואָרט האָט אַ ווערט, איז תמיד אָנגעלייגט און עולם האָט טאַקע אים אויסגעהערט מיט חשק.

דער עיקר לערנען איז געווען ווינטער נאָך מעריב. אַלע דריי טישן, וואָס זיינען געשטאַנען ביי די ווענט ווי אַ חית, זיינען געווען באַזעצט מיט בחורים און יינגעלייט, וואָס האָבן געלערנט מיט התלהבות, אַז ס׳האָט פאַרהילכט די אויערן און זיך געהערט אַפילו אין גאַס. די גרויסע בליץ־לאַמפּן האָבן געברענט און באַגאָסן די טישן מיט אַ העל ליכטיקייט. פון דעם גרויסן און ברייטן קאַכל־אויוון האָט געשלאָגן מיט אַ מחיהדיקער היץ, וואָס איז זיך צעגאַנגען אין די אברים, און דאָ זיינען געזעסן עטלעכע צענדליק יינגע מענטשן איבער ספרים און געלערנט מיט אָנגעקוואָלענע קולות און ליכטיקע אויגן פון די טיפע סברות און גאונישע איינ־פאַלן פון אַ „קצות" „תאומים" און מהר"ם שיף. דאָס העלע ליכט האָט זיך אַרויס־געריסן דורך די פענצטער און באַגאָסן דעם פריש אָנגעפאַלענעם שניי אויפן הויף, וואָס איז געוואָרן נאָך גלאַנציקער. ווי באַשאָטן מיט ברילִיאַנטן. מ׳האָט שטאַרק הנאה געהאַט פון דער אייגענער התלהבות און דעריבער געלערנט נאָך מיט מער חשק. טיילמאָל האָט זיך איינגעגעבן עפּעס אַליין מחדש צו זיין, איז שוין גאַרנישט געווען קיין גרענעץ צו דער אינערלעכער שמחה: די חתנים, צווישן די בחורים

האָבן אַרויסגענומען פון צייט צו צייט די גאָלדענע זייגערס, וואָס זיי האָבן גע־קראָגן דרשה־געשאַנק ביי די תנאים, זיך געשפּילט מיט די שווערע געקייטלטע דעוויזקעס *), וואָס האָבן געגלאַנצט אַקעגן די בליץ־לאָמפּן און בעת־מעשה זיך נישט געקאָנט איינהאַלטן פון אַ הרהור־עבירה וועגן זייערע כלות... גייט דעמאָלט פאַרביי אַ ייד אין שטיבל־געסל, געבויגן אין צווייען פון דאגות־פּרנסה און דערהערט פּלוצלונג דעם האַרציקן גמרא־ניגון פון צענדליקער ייִנגעלייט, — גלייכט זיך אויס ביי אים דער רוקן, די אויגן באַקומען אַ פייערל, איבערן פּנים צעגיסט זיך אַ נחת־רוח, קומט אַריין אין שטיבל, אַ זיסע וואַרעמקייט נעמט אים אַרום, אַ ליכט גייט אים אויף פאַר די אויגן, וואַרפט ער פון זיך אַראָפּ די שווערע דאגות און אויפן האַרצן ווערט אַזוי לייכט און גוט, וואַרעם און היימלעך: ס'איז גוט צו זיין אַ ייד און אַזוי וואויל צווישן יידן...

איינער נאָר איז געווען, וואָס אַפילו דעמאָלט, אין רעכטן ברען פון לערנען, איז ער נישט געוואָרן מיטגעריסן, נאָר געזעסן, געקוקט אין אַ ספר מיט די אויגן און נישט אַרויסגעלאָזט קיין וואָרט פון מויל. דאָס איז געווען ר' וואָלף־מאיר, אַ ייד, אַ מקובל, אַ הזיכער, אַ בלאַסער, מיט אַ גרוי בערדל און אַ פּאָר גרויע אויגן; אַ ייד, וואָס האָט נישט געהאַלטן פון נגלה, נאָר פון נסתר; וואָס האָט געפילט מיט דער גאַנצער נשמה, אַז די וועלט איז נאָר אַ פּרוזדור צו יענע וועלט, דער טרקלין, און דער פּרוזדור איז באַשאַפן געוואָרן נאָר צו מצוות און מעשים־טובים. דעריבער איז ער תמיד געווען אַ שמח־בחלקו, הגם אַן עני־מדוכא, געליטן הונגער, געהאַט צער גדול־בנים, דאָס ווייב איז אים געשטאָרבן און איבערגעלאָזט אַ שטוב מיט קליינע קינדער, וואָס ער האָט זיי געמוזט מפרנס זיין און אויך דינען פאַר אַ מאַמע: זיי אָנטאָן, אָפּוואַשן, זאָגן מיט זיי ברכה, שיקן אין חדר אַריין, אָפּקאָכן אַ לעפל געקעכץ און וואַשן דאָס געפעס. און ער האָט דאָס אַלץ מקבל־באהבה געווען.

אין שטיבל האָט מען געשמועסט, אַז ער קאָן דעם „זוהר" אויסווייניק און פאַרשטייט אַלע סימנים, פּאַסעקלעך און שטרייכעלעך פון „רזיאל המלאך". אין אַלעם האָט ער זיך געהאַט זיין באַזונדערן דרך און מנהג; ביי יעדער זאַך האָט ער געהאַט זיינע באַזונדערע כוונות, וואָס זיינען די איבעריקע חסידים נישט געווען באַקאַנט. און פונדעסטוועגן איז ער כלל נישט געווען קיין נזיר, קיין אָפּגעזונדער־טער פון לייטן. מיט אַ זויער פּנים און קאַלטע אויגן. ער איז געווען דער מענטש פון ביטול צו אַלעם. און פון ביטול איז ער געקומען צו דער גרויסער שמחה פון לעבן. און גאָט האָט באַשאַפן דאָס לעבן, — האָט ער געטענהט, — איז עס דאָך אויך אַ מצווה ווי אַלע מצוות, טאָ מוז מען דאָס אויך טאָן מיט שמחה, און צוזאַמען מיט דעם איז ער געווען דער גרויסער עניו, מיט קיין שום אַרבעט זיך נישט געשעמט

*) קייטעלעך.

צוליב פּרנסה. ער האָט שטאַרק געהאַלטן פון כלל: „פּשוט נבלה בשוק ואל תצטרך לבריות״. און מחמת ער האָט געהאַט תמיד צו טאָן נאָר מיט נסתר מיט פּנימיות, דעריבער איז ער געווען דער גרויסער שווייגער און מער גערעדט מיט די אויגן ווי מיטן מויל.

און — זה לעומת זה. אויך אַ פּאָר לייכטע פאַרשווינדלעך, האָט דאָס שטעטל פאַרמאָגט; מענטשן — כלים. און הגם מ׳האָט געוואוסט, אַז זיי זיינען גאָרנישט קיין איי־איי־איי אין חסידות, האָט מען זיי פונדעסטוועגן, נישט נאָר געליטן, נאָר אויך מקרב געווען צוליב געוויסע מעלות, וואָס זיי האָבן פאַרמאָגט. איינער אַזעל־כער, למשל, איז געווען דער בתניק. זיין נאָמען האָט מען נישט געוואוסט, נאָר צוויי מאָל אין יאָר, פאַר פסח און פאַר סוכות, איז ער געקומען צופאָרן פאַרקויפן טליתים און בתים צו תפילין. דעריבער האָט מען אים גערופן: בתים־ייד און בקיצור בתניק.

דאָס איז געווען אַ פאַרשוין מיט אַ נישט־קשהדיקן בויך און מיט אַ מויל אויף שרויפן. האָט ליב געהאַט אַ ביס, אַ זופּ און אַ גלייכווערטל. ער איז נישט געווען דער גרויסער אָפּגעהיטענער ייד, ווי עס פּאַסט פאַר זיין מסחר, דערפאַר, אָבער, דער גרויסער וויצלער און ווערטל־זאָגער. דעריבער האָט מען אים אַלץ מוחל געווען און ער איז געווען אַן אָנגעלייגטער גאַסט. ער פלעגט זיך אוועקשטעלן ביי אַ טישל מיט אַ קעסטל טליתים, בתים און רצועות פון פאַרשיידענע מינים, און זיין ווינקל איז תמיד געווען פול מיט יינגע־לייטלעך, וואָס האָבן אים אָרומ־גערינגלט און אויסגעהערט זיינע הלצות. ער האָט געהאַט אויפן קאָפּ אַלע יינגלעך פון שטיבל, וואָס ברויכן בר־מצווה ווערן און אַלע חתנים, וואָס האַלטן ביים חתונה האָבן און זיי באַזאָרגט מיט תפילין און טליתים. און הגם ער איז געווען אַ סוחר, איז ער אויך געווען אַן אורח, גענומען „כוללות״, געגעסן שבתים ביי ר׳ יוסלען *), און אין דער וואָכנס — ביי אַנדערע רייכע חסידים. האָט ער געזאָגט אַ וויץ, האָבן זיך אַלע געהאַלטן ביי די זייטן; ער אָבער — גלייך אים מיינט מען נישט, איז זיך געשטאַנען גלייכגילטיק. און ווען אַלע האָבן זיך שוין געהאַט גוט אָנגעלאַכט, האָט ער גענומען דערציילן ווייטער.

זיינע ווערטלעך און שפּיצלעך זיינען געווען גוט באַקאַנט אין שטיבל און ביי יעדער געלעגנהייט האָט מען זיי נאָכדערציילט. ער איז געווען כמעין־המתגבר און ביי זיין יעדן קומען מיטגעבראַכט נייעס.

ווינטער פלעגט ער צוגיין צו אַ פּריש בחורל, וואָס האָט נאָך נישט געקענט זיינע שטיק און געזאָגט מיט אַ רחמנות־פּנים:

— זעסט, דאָ האָב איך אַ געפרוירענעם צאָן...

— אַ געפרוירענעם צאָן — וואונדערט זיך יענער — וואָס הייסט דאָס?

---

*) ר׳ יוסל גאָלדשטיין.

— אַט, אַ־דאַ, — עפנט ער אויף דאָס מויל — שטעק אַריין אַ פינגער וועסטו זען.

און אַז יענער שטעקט אַריין דעם פינגער, גיט ער אים אַ ביס, אַז יענער פאַרקייכט זיך און זעט די עלטער באָבע...

משפחהדיקער, אויפגעלייגטער, מיט דער אמתער שמחה פון חסידות האָט מען זיך געפילט נאָר אין אַ שבת אָדער יום־טוב, דאַן ווען מען איז אויסגעטאָן פון דאגת־פרנסה און מען איז נשמה־יתרהדיק. אַלץ אַרום טונקט זיך דעמאָלט אין אַטלאַס, סאַמעט און זייד (די רייכע אין סאַטנדיליאַן), וואָס רוישט אַזוי אַנגענעם ביי יעדער באַוועגונג. די טכוירענע פעלצן מיט אַ סך ווידלען און מיט הויכע ווידרע־קעלנער פון שטייפע האָר גלאַנצן אַראָפּ מיט זייער ברוינעם גלאַנץ און עס שפּירט זיך דער געזונטער ריח פון טערקישן פעפער און טאַבאַק, מיט וואָס די פוטערס זיינען געווען איינגעפּעקלט אַ גאַנצן זומער. קיין טוכענע מלבושים זעט מען נישט. נאָר צוויי — דריי ריפּסענע קאַפּאָטעס מיט אַ מאַטן גלאַנץ פון גרין בלעך. שמעקט טאַקע פון זיי מיט דלות אָדער מתנגדישקייט... ס׳זעען זיך אַ סך שטריימלען, הויכע און ברייטע, צווישן זיי אויך אַ פּאָר סזיבלנע. דאָס שטיבל איז געפּאַקט מיט אַ צעזונגענע עדה יידן. די נשמה־יתרה לייכט אַרויס פון די אויגן. ביי די עליות, וואו ס׳ווערן געמאַכט „מי שבירכס״ פאַר „אים זאָל לעבן״ פילט זיך, אַז ס׳איז פאַראַן אַ גוטער פאָטער, וואָס זאָרגט פאַר זיינע קינדער, נעמט אָן אַנטייל אין זייערע פריידן און לידן; פאַר וועמען מען קאָן זיך אָפּרעדן דאָס האַרץ און אויף וועמעס פּלייצעס מען קאָן זיך אָנלענען אין אַן עת־צרה — ווערט מען ביי זיך שטאַרקער, פעסטער, זיכערער, מער צוגעבונדן איינער צום צווייטן. געלויבט השם־יתברך, מען איז נישט איינזאַם אויף דער וועלט, ווי אַ פאַרלאָזענע סטאַדע. ס׳איז דאָ אַ פּאַסטוך, וואָס שטייט און באַוואַכט, ס׳זאָל נישט טרעפן קיינעם קיין שלעכטס, חלילה.

נאָך שבת צו מנחה, כאַפּט זיך אַריין אויף אַ ווייל אַ מרה־שחורה. שלש־סעודות עסט מען צוזאַמען אין שטיבל. ווער ס׳ברענגט אַ חלה, אַ הערינג, אַ פּאָר שטיקלעך פיש, אַ פלעשל בראַנפן; מען איז טועם אַ כזית, יוצא צו זיין, און מען נעמט זיך צו „בני היכלא״. דער טרויער פון שבת פאַרנאַכט, בעת די רשעים גייען צוריק אין גיהנום, לייגט זיך אויף די טריבע שויבן וואָס בלויען אין דעם בין־השמשות. אַ יאָרצייט־ליכט, וואָס ברענט ביים עמוד מאָלט אויף די ווענט משונה־דיקע ברואים, מיט לאַנגע הענט, קרומע פיס און ברייטע קעפּ ווי בייזע רוחות. ביסלעכווייז ווערט אינגאַנצן פינצטער. מען דערקענט שוין נישט קיין מענטש. די חסידים, דאָס שטיבל און די נאַכט מישן זיך אויס אין איין שטיק פינצטערנישן ביז אברהם שמש ברענגט אַריין פון אַ שכן אַן אָנגעצונד ליכט און דער עולם נעמט זיך צום בענטשן.

אָבער נישט לאַנג געדויערט די מרה־שחורה. ביי דעם וואָכעדיקן „ויהי רחום" דערמאָנט מען זיך, אַז באַלד נאָך הבדלה גייט מען צו ר׳ יוסלען, וואו ס׳איז ליכטיק און היימלעך. ווערט באַלד גוט אויפן האַרצן און טיף טיף ציט מען אין זיך אַריין דעם זיס־שאַרפן, פריש־איידעלן ריח פון נעלקן,וואַנילע, זאַפראַן און נעגלקעס פון גרויסן בשמים־ביקס בעת הבדלה מאַכן, און אַזוי אַרום איז מען מוסיף מחול על הקודש.

## די מתנגדישע וועלט

**אין דעם חסידישן שטעטל**, וואו ס׳זיינען געווען אַזש זעקס שטיבלעך, איז די שול מיטן בית־מדרש געווען טפלדיקע, וואָס זיינען געשטאַנען אַן אַ זייט. די שול, אַ שיינער, הויכער בנין, מיט אַ פּאָר געגילטע „עשרת־הדברות" אין דער היך, איז טאַקע געווען אַ מקום־קודש, ס׳האָט אָבער אין איר געפעלט די היימ־לעכקייט און וואַרעמקייט פון שטיבל. אין איר האָט געוואוינט אַ ווייטער, הויכער, אָפּגעזונדערטער גאָט, וואָס מ׳האָט צו אים מתפלל געווען פאַר מורא. אַ ווינטער־דיקן שבת האָט מען קוים צונויפגעקליבן אַ מנין און די מתפללים זיינען געשטאַנען איינגעוויקלט אין פּאַלטנס און פוטערס און אויף די שווערע אַנגעפּעלצטע פּלייצעס פאַרוואַרפן די טליתים. דער קליינער עולם האָט זיך קוים אַרויסגעזען פון די הויכע שורות אויסגעשטעלטע „שטעט". פון אומעטום האָט געבלאָזן אַ קעלט. אין דער וואָכנס האָט מען אין איר אינגאַנצן נישט געדאַוונט, און ס׳איז געווען אַזוי משונהדיק, וואָס דער רב, דער מרא־דאתרא (וואָס איז געווען אַ מתנגד), האָט זיך דערווייטערט פון רוב ידען און זיך פאַרשטעקט אין דער קאַלטער שול, צווישן אַ מנין מענטשן און ליידיקע בענק.

קיין מלחמה מיט די מתנגדים האָט מען שוין נישט געפירט. פאַרקערט, מ׳האָט זיך צו זיי באַצויגן מיט רחמנות מ׳שטיינס־געזאָגט, וואָס זיי האָבן נעבעך פון זייער לעבן. תמיד אַזעלכע פאַרזויערטע, פאַרזאָרגטע, טרוקענע שניידערלעך, שוסטערלעך און קאַלטע בעלי־בתים.

נאָר אין די ימים־טובים איז די שול געווען געפּאַקט. דאָס איז געווען צוליב חייקל חזן מיט דעם כאָר משוררים, וואָס האָבן דאָרט געזונגען. דעמאָלט האָט דאָרט געדאַוונט כמעט דאָס גאַנצע בית־מדרש. אויך פון די שטיבלעך זיינען געקומען די בחורים, וואָס האָבן ליב נגינה, צו הערן אַ מוסף, דאָס האָט זיך געצויגן פיל לענגער ווי דאָס דאַוונען אין די שטיבלעך. די משוררים, געברענגט דורכן חזן פון זיינע מקומות, זיינען געווען אַ וועלט פאַר זיך. זיי זיינען געווען באַקאַנט אין שטאָט נישט מיט זייערע נעמען,נאָר לויט זייערע שטימען; דער טענאָר, דער

סאָפּראַן, דער באַס, די אַלטלעך און איבערהויפּט דער מיט דער ביישטים, אָדער שיקסע־קול, ווי לצנים האָבן עס גערופן. די משוררים זיינען געווען דאָס ליבלינג פון די, וואָס האָבן זיך געקאָכט אין נגינה און מ׳האָט זיי געגעבן צו עסן יעדן אַ טאָג מיטן גאַנצן האַרצן. צו מייסטן איז געווען באַליבט אַ קליין אַלטל. ווען ער האָט געטרילערט מיט זיין אידל, קלאָר קולעכל, וואָס איז געווען ווי אויסגעוויקט אין בוימל, איז דער עולם צעגאַנגען פון מתיקות און די ווייבער אין „עזרת־נשים האָבן זיך געווישט די נעזער. די חסידישע בחורים זיינען יום־טוב אין שול געשטאַנען די גאַנצע צייט פאַרגאַפט, אַבער ווי אויף אַ פרעמדער חתונה. ארום איז געווען שיין, רייך, הויך און אַזוי ליכטיק. דורך די קאָלירטע שייבעלעך פון די פענצטער האָט די זון אַריינגעשיינט מיט פאַרשידענע קאָלירן. איינעם באַלויכטן אַ האַלב פּנים, אַ צווייטן אָפּגערייטלט אַן אויער מיט אַ באַק און דעם דריטן אָפּגעגרינט אַן אַקסל מיטן טלית אויף אים. פון די געשליפענע, קאַנטיקע גלעזלעך, וואָס האָבן אַראָפּגעהאַנגען פון הענג־לאָמפּ איבערן בעלעמער, האָט זיך געשאָטן אַ גלאַנציק־פאַרביקער שטויב ווען די זון־שטראַלן האָבן זיך אין זיי אַנגעשלאָגן, ווי צעשטויסענע בריליאַנטן. איבערן גאַנצן עולם האָט זיך צעשפּילט אַ שפּיל פון פאַרבן און אין דער לופט האָט זיך געטראָגן אַ גאַנצער וויכוח פון שטימען: פונעם חזן מיט די משוררים. מ׳האָט זיך צעווערטלט מיט דעם לשון פון געזאַנג. דער פרעגט און יענער ענטפערט. איינער בייזערט זיך, קומט דער צווייטער און נעמט אים איין געלאַסן, באַוויזט זיך אַ זייטיקער, דראַפּעט זיך אַרויף הויך, הויך און פרעגט גאָר אַ האַלבע קשיא, אַז מען מיינט אַז קיינער וועט זי שוין נישט פאַרענטפערן, אַבער ניין, קומען גאָר אַלע צוזאַמען און מאַכן שלום. און אַזוי קונציק ווערן אויפגעכאַפּט די קולות, קיינער גייט נישט אַריין אין צווייטנס תחום; יעדעס קול קייטלט זיך מיטן צווייטן, פאַרקריכט אַ ביסל אין דער זייט, גליך עס בלאָנדזשעט, קומט אָבער באַלד צוריק און ווערט אַריינגענומען אין דער חברותא. און אַזוי גיסן זיך די ניגונים ביז שפּעט נאָך האַלבן טאָג, ווען חסידים זיצן שוין לאַנג ביי די טישן און זינגען זמירות.

דאָס איז געשען נאָר אַ דריי־פיר מאָל אין יאָר. אָבער געוויינלעך איז די שול געווען פרעמד, גלייך דאָרטן וואָלטן נישט געדאַוונט קיין יידן, נאָר שטיף־יידן.

אָבער איין מאָל אין יאָר איז דאָס שטיבל געגאַנגען אין שול אַריין, דאָס איז געשען שמיני־עצרת. אין שטאָט איז געווען אַ „חברה־קדושה", וואָס האָט עקזיס־טירט שוין העכער הונדערט יאָר מיט אַן אייגענעם אַלטן פנקס און מיט אויסטערלישע תקנות. אירע הויפּטמאַכער, גבאים און מתעסקים ביי אַ בר־מינן, זיינען געווען כמעט בלויז מתנגדים, אָבער חברה־לייט זיינען געווען אויך אַ סך חסידים. דאָס איז געווען אַ באַזונדער יחוס: געהערן צו דער דאָזיקער חברה. און נישט יעדער האָט דערצו זוכה געווען. שמיני עצרת איז געווען אַ מנהג צו מאַכן אַ סעודה און

יעדער חברה־מאַן האָט געקריגן אַהיימגעשיקט אַ ציגל האָניק־לעקעך. דעמאָלט האָבן אַלע געמוזט קומען דאַוונען אין שול און זי איז טאַקע געווען פול מיט מתפללים. איז עס געווען אַזוי מאָדנע, וואָס חסידים אין אַטלאַסענע און זיידענע קאַפּאָטעס דאַוונען צוזאַמען מיט „סנאָפּעס" (מתנגדים) נוסח אשכנז, זיינען עפּעס אַזוי אומבאַ־האָלפן, פול מיט הכנעה, קאָנען נישט שפּאַצירן אַהין און צוריק, נאָר זיינען אַריינ־געקוועטשט צווישן די „שטעט". דאָס איז געווען דער איינציקער קרבן, וואָס דאָס חסידים־שטיבל האָט געבראַכט דער מתנגדישער שול.

אין בית־מדרש איז שוין געווען אַ ביסל לעבעדיקער, אַפילו אין אַ פּראָסטן מיטוואָך. מ'האָט געדאַוונט יעדן טאָג אַ צוויי מנינים אַחוץ השכמה. פּאַרטאָג האָט מען געזאָגט תהלים, און ראובן סאָלטיס, אַ ברייט ביייניקער בעל־עגלה, איז געשטאַנען פאָרן עמוד און געזעצט עברי ווי מיט דער בייטש. בייטאָג זיינען אַפילו געווען בחורים, וואָס האָבן געלערנט שיעור. דאָס זיינען געווען די צוריקגעקומענע פון לאָמזשער און אַנדערע ליטווישע ישיבות. זיי האָבן געלערנט מיט אַ וויינענ־דיקן ניגון און געקוקט אין די גמרות מיט טריבע אויגן. ס'זיינען אָבער אויך געווען חסידישע בחורים פון די, וואָס זיינען געווען אַ ביסל „געכאַפּט אין דער מעשה", צווישן זיי אַזעלכע, וואָס זיינען אַליין אַוועק פון שטיבל און אויך אַזעלכע, וואָס מ'האָט זיי צוליב חברן זיך מיט זיסקינדן אַרויסגעוואָרפן. דאָ זיינען זיי שוין פון קיינעם נישט גערודפט געוואָרן. אָבער זייער גלאַנץ איז שוין פון זיי אַוועק און אַ מעלה צו אַ שידוך איז עס אויך נישט געווען.

דער משגיח אויף חסידות און פרומקייט, דער וואָס האָט געפּאַטשט בחורים, געוואָרפן פון שטיבל און זיי געיאָגט אין בית־מדרש אַריין, איז געווען: מאָטקע שוחט. אַ ייד, אַ קפדן, וואָס ס'איז געווען אַ סכנה צו שטיין אין זיינע ד' אמות. אַ דיקער פאַרשוין מיט אַ גרוי־געלבלעכע באָרד, לאַנגע, האָריקע ברעמען איבער אַ פּאָר שטאָל־שאַרפע אויגן, וואָס האָבן געשטאָכן ווי זיין קאַלטער שטאָלענער חלף און וואָס קיין שמייכל האָט זיך קיינמאָל נישט באַוויזן אויף זיין פּנים. ער פלעגט זיך אַרומדרייען אַרויף און אַראָפּ אין שטיבל און אַכטונג געבן צי די בחורים זיינען נישט עוסק אין דברי־חולן בעתן לערנען. האָט ער דערזען ווי צוויי בחורימ־לעך כאַפּן אַ שמועס ביי די אָפענע גמרות, איז ער צו, געגעבן איינעם אַ טיפן קנייפּ אין דיקן פלייש, אַז יענער האָט זיך פאַרקייכט פאַר ווייטיק און דעם צווייטן גענומען ציען ביי אַן אויער, אַז יענער האָט זיך מיטגעצויגן פאַר יסורים. ער האָט זיך דערפון אָבער גאָר נישט געמאַכט. ער איז זיך אַוועקגעגאַנגען גלייך נישט אים מיינט מען.

— זע נאָר, זע, — שטופּט איין בחורל דעם צווייטן אין מיטן לערנען, אַז קיינער זאָל נישט באַמערקן: מאָטקע איז געקומען.

— דער מלאך־המות איז דאָ — האָט דער צווייטער איבערגעגעבן דעם דריטן און דער דריטער דעם פערטן. און אַזוי איז עס געגאַנגען פון איינעם צום צווייטן איבער אַלע טישן.

האָט איין בחורל איינגעגראָבן דעם קאָפּ אין דער גמרא און געברומט מיטן ניגון פון דער מגילה:

— זיבוא המן!...

און חברה האָט אויסגעשאָסן אין אַ כיכידיק געלעכטערל אין דער שטיל.

אַ ביסל ווייטער האָט אַ צווייטער אונטערגעזונגען מיטן ניגון פון חד־גדיא:

— ואתא מלאך־המות ושחט־לשוחט, דשחט־לתורא, דשתא למיא...

אַזוי האָט זיך חברה אָן אים נוקם געווען אונטער די אויגן. אָבער בפרהסיא האָט מען פאַר אים מורא געהאַט מורא־מלכות. מ׳האָט געוואוסט, אַז ער זוכט נאָר אַ געלעגנהייט צו קאָנען געבן עמעצן אַ קניפּ אָדער אַראָפּלאָזן אַ פּאַטש.

האָט זיך געמאַכט, אַז אַ בחור האָט אָנגעטאָן אַ שניפּסל אָדער אַ שטייף קעל־נערל, האָט מאַטקע נישט געמאַכט קיין לאַנגע שהיות, צוגעגאַנגען צו אים, אַרויס־געשטעלט דעם פינגער צום שניפּסל און געפרעגט מיט אַ ברום:

— נו?...

און באַלד האָט געפּיערט אַ פּאַטש איבער יענעמס באַק. און אידער ער האָט נאָך געהאַט צייט זיך אַרומצוקוקן, וואָס דאָ איז געשען, האָט שוין געקלונגען דער צווייטער פּאַטש, אַז יענער האָט פאַרביסן די ליפּן פאַר כעס. ס׳האָט זיך געמאַכט אַ מהומה. דעם געפּאַטשטנס קרובים האָבן זיך פאַר אים אָנגענומען. מאַטקע איז אָבער געשטאַנען פעסט ווי אייזן און אַלעמען איבערגעשריגן מיט זיין הייזעריקלע־כע שטים, וואָס איז געווען אַדורכגעזאַפּט מיט בלוט פון די געשאָכטענע בהמות:

— ווי לאַנג איך לעב, וועל איך נישט דערלאָזן צו מאַכן פון אַ מקום־קדוש אַ טרעאַטער!

איבער דער מהומה האָט זיך דער געפּאַטשטער דערוויל אָפּגעטראָגן הינטער־ווייִלעכץ אַהיים, ביז דער עולם האָט זיך באַרואיקט. און אין אַ פּאָר טעג אַרום איז אָדער ער האָט זיך באַוויזן אין בית־מדרש און דאַן איז ער שוין געווען אָן אויסגע־שלאָסענער פון שטיבל אויף אייביק, אָדער ער איז אַ ביסל פאַרשעמט צוריקגעקו־מען אין שטיבל אָן שניפּסל און קעלנערל און ווייטער געוואָרן אַריינגענומען אין דער חברה.

אָבער איינמאָל איז עס געקומען צו אַ גרויסן סקאַנדאַל, וואָס האָט אויפגערו־דערט דאָס גאַנצע שטיבל און אָנגעמאַכט אַ גרויסע מהומה:

משה ריוועלעס *), אַ בחור־כהלכה, אַ טאַטנס אַ קינד, וואָס איז געווען פון די באַהאַלטענע אַריינגייערס צו זיסקינדן, האָט זיך אַרומגערינגלט מיט אַ חברה קלע־נערע בחורימלעך, וואָס זיינען געוואָרן זיינע תלמידים און ער האָט זיי געגעבן צו לייענען דעם „אהבת־ציון" פון מאַפּו, „התועה" פון סמאָלענסקין און אַנדערע ספרים חיצונים. חסידים מיט זייערע חסידישע נעז האָבן באַלד דערשנאַפּט, אַז דאָ

---

*) משה מערקער.

איז עפּעס נישט גלאַטיק. מ׳האָט אָבער אים קיינמאָל נישט געקאָנט כאַפּן ביי דער האַנט. ער איז זיך געזעסן יעדן טאָג און געלערנט ווי קיינמאָל גאָרנישט. אָבער ענדלעך האָט זיך דאָס שטריקל איבערגעריסן און מ׳האָט אים געפּאַקט. איינ־מאָל שבת צו שחרית אין פון משהס קעשענע אַרויסגעפאַלן אַ „טריף־פסול״, אַ דין לשון־קודש־ביכל. ער האָט זיך האַסטיק אַראָפּגעבויגן און עס געוואָלט אויפהייבן, אָבער אַבעלע שייגעץ, אַ חסידיש יינגל, אַ גרויסער עזותניק, וואָס איז תמיד גע־שטאַנען לעבן משהן און אויף אים געטשאַטעוועט, האָט עס גלייך באַמערקט, פלינק עס געגעבן אַ הייב אויף און פאַרשוואונדן געוואָרן. און גלייך איז געוואָרן אַ שעפּ־טשעריי צווישן עולם, ווי אַ ווינטל צווישן ביימער אידער עס קומט דער שטורעם. דער עולם האָט ווייטער געדאַוונט, אָבער אַלעמענס בליקן זיינען געווען געווענדט צו משהן און געשטאָכן אים ווי מיט שפּיזן. באַלד איז אויסגעוואַקסן אַרום אים אַ ראָד פון חברה קליינוואַרג מיט סאַמעטענע היטעלעך און רויטע בעקלעך, וואָס האָבן אָנגעהויבן שטופּן איינער דעם צווייטן פאַר גרויס גדולה פון דער געשעעניש, וואָס וועט באַלד פאַרקומען. דערווייל האָט איינער פון די גרויסע מיט אַ כיוון געגעבן אַ שטופּ דאָס קליינוואַרג, וואָס איז געפאַלן אויף משהן. ער איז געבליבן שטיין, גלייך נישט אים מיינט מען, אָבער בלאַס ווי קאַלך. האָט מען פון אַ צוויי־טער זייט געגעבן אַ שטויס צוריק, וואָס האָט אים ווייטער אַ שליידער געטאָן. און אַזוי איז ער געוואָרפן געוואָרן הין און צוריק. ס׳האָבן זיך געהערט אויסרופן פון די, וואָס האָבן נישט געטאָרט אויסריידן אין מיטן דאַוונען: נו, הא, מפסיק, מטס! ס׳האָט אָבער נישט לאַנג געדויערט און דער שטורעם איז אויסגעבראָכן:

נאָך דער הויכער שמונה־עשרה, ווען מ׳האָט גענומען זאָגן „ויהי בנסוע הארון״ צו הוצאות־הספר און מ׳איז צו צום אָרון־קודש, ערשט דאָס שליסעלע איז נישטאָ. איז פּלוצלונג אין מיטן התלהבותדיקן דאַוונען געוואָרן שטיל און איינער דעם צווייטן פרעגט: הא, וואָס איז געשען? שליסעלע? וואו איז דאָס שליסעלע? ווער האָט עס גענומען? דערווייל איז דער עולם געוואָר געוואָרן וועגן וואָס דאָ האַנדלט זיך. אַבעלע שייגעץ איז אַרומגעלאָפן און אַלעמען געוויזן דאָס „טריפה־פסול״. משה ריוועלעס איז געשטאַנען טויט ווי די וואַנט, וויסנדיק, אַז דאָס מיינט מען אים. דערווייל האָט איינער געגעבן אַ קלאַפּ איבערן שלחן און אויסגערופן:

— היינט לייענט מען נישט דאָס ספר!

דאָ האָבן זיך אָנגעהויבן הערן קולות, אויסגעשרייען אין הייליקן צאָרן:

— אַזאַ פושע, עוכר־ישראל!

— אַ חוטא־ומחטיא!

— ירבעם בן נבט!

— צוליב אַזאַ שייגעץ זאָל ליידן אַ גאַנצע עדה יידן?!

— אַרויסוואַרפן אים!

זיין פאָטער, וואָס איז אַליין אויך נישט געווען צופרידן פון זונס דרכים,

האָט זיך נישט געוואָלט איינרייסן מיטן עולם און זיך אָנגעמען פאַרן זון, האָט זיך אַרויסגערוקט פון שטיבל אומבאַמערקט. משהס חברים און תלמידים זיינען געשטאַנען אין איין שרעק, אַז דער צאָרן זאָל זיך נישט אויסלאָזן אויך צו זייערע קעפּ. ס'איז געווען אַ ייִנגל האָט זיך געשטעלט אַקעגן אַזאַ בחורל און אים אַריינגעקוקט אין די אויגן, און יענעם זאָל ווערן קאַלט און הייס... דער ראש איז געווען אבאלע שייגעץ*) און ער האָט זיך טאַקע געשטעלט ביי די, וואָס האָבן זיך געפילט שולדיק, און אַרום אים זיינען באַלד אויסגעוואַקסן רעדלעך קליינוואַרג. דאָס גאַנצע שטיבל האָט זיך געוויגט. טליתים זיינען געוואָרן אויסגעטאָן און אָנגעלייגט קופּעסווייז אויף די טישן, גלייך מ'איז זיך מכין צו אַ לאַנגער הפסקה. דער משוגענער הירש־בער האָט זיך דערוויל געוויצלט: וואָלט כאָטש געווען נאָכן לייענען, וואָלט מען דערוויל אַהיימגעגאַנגען מאַכן קידוש. אין דעם האָט זיך געזען ווי ס'שטופּט זיך צווישן עולם מאַטקע מיטן גראָבן בויך, רויטן פּנים און אַרויסגעזעצטע אויגן. ס'איז געוואָרן שטיל. עולם האָט אים געמאַכט אַ וואַרע און זיך געשטופּט נאָך אים. ער איז גלייך צו צו משהן און נישט מאַכנדיק קיין לאַנגע שהיות, אים אַראָפּגעלאָזט איינס און צוויי איבער דער באַק און אויסגעשריגן מיט זיין כאַרכלדיקער שטים:

— אַרויס פון דאַנען, דו ארצי־מחוצף פּנים!

און דער גאַנצער עולם האָט אים גענומען שטויסן צו דער טיר.

אָבער דאָ איז געשען אַ נייס, וואָס האָט נאָך קיינמאָל נישט געטראָפן:

שוין זייענדיק ביי דער טיר, האָט משה מיט פלאַמיקע באַקן זיך אויסגעדרייט צום עולם און געדראָט מיט דער האַנט:

— ס'וועט אייך טייער קאָסטן! אין טורמע וועט איר אַלע גיין!

און איז געשווינט אַרויס.

באַלד האָט זיך געפונען דאָס שליסעלע, מ'האָט גענומען לייענען דאָס ספר. אַרום האָט אָבער געקאָכט ווי אין אַ קעסל, אַז מ'האָט נישט געהערט דעם בעל־קורא. מ'האָט געקלאַפּט אין שלחן, געשריגן: שאַ, שטיל! ס'האָט אָבער נישט געהאָלפן. בעת מ'האָט שוין געהאַלטן ביי דער הויכער שמונה־עשרה פון מוסף איז ווייטער געשען אַ נייס:

קינדער זיינען אַריינגעקומען צו לויפן דערשוויצט, פאַרסאָפּעט און דערציילט:

— משה ריוועלעס גייט מיטן „מזיק" און מיט באַבורין דעם סטראַזשניק!

דערהערנדיק דאָס, איז דער עולם געוואָרן פאַרציטערט. מ'האָט נישט אַזוי מורא געהאַט פאַרן סטראַזשניק, ווי פאַרן „מזיק". מ'האָט געוואוסט, אַז מיט אים שפּילט מען זיך נישט. מ'האָט זיך אָנגעהויבן איבערצוקוקן מיט די אויגן.

---

*) אבא טיקולסקער.

אין אַ פּאָר מינוט אַרום האָט מען שוין געזען דורך די פענצטער אַלע דריי. משה איז געבליבן שטיין אין הויף און מזיק מיטן סטראַזשניק זיינען אַריין אין נעוויינ̇יק.

ס'איז געוואָרן פיינלעך שטיל.

און מזיק האָט געדונערט:

— ווער האָט דאָס געפּאַטשט?! די מינוט זאָל ער דאָ אַהערקומען! אויב נישט, וועט זיין שלעכט!

ער איז געשטאַנען אין היטל, דעם גלאַנציקן דאַשעק אַוועקגערוקט אויף דער רעכטער פּאה און די אויגן רויט פּאָר צאָרן. עס האָט בכלל געטראָגן אַ כעס אויף פּרזמע, שיינע יידן. ער האָט זיך דערמאָנט ווי מ'האָט אים אַמאָל באַליידיקט אין שמחת־תורה נישט־וועלנדיק אים געבן אַן הקפה. ער האָט שוין געגעבן אַ שפּיי אין האַנט, אַ סימן אַז ער הייבט אָן אַרבעטן. און דער סטראַזשניק איז געשטאַנען לעבן אים ווי אַ נעבעכל און נאָר געהאַלטן אין האַנט דאָס ביכל מיט אַ בלייפעדער גרייט צו שרייבן אַ פּראָטאָקאָל.

עולם איז געוואָרן בלאַס. מ'האָט געוואוסט מיט וואָס דאָס שמעקט. מ'האָט געקענט מזיקן, אַז ביי אים איז קיין חכמות נישטאָ. געזאָגט און געטאָן; פון זיינע ידים גייט מען נישט אַרויס קיין גאַנצער. מאָטקע האָט זיך דערוויל פאַר־שטעקט ערגעץ אין אַ ווינקל, מורא געהאַט אַרויסצושטעקן די נאָז און פון זיין גבורה איז גאָר נישט געוואָרן. ס'האָט געהאַלטן שמאָל.

דאָ איז געקומען צו הילף ר' יוסל.

ר' יוסל, וואָס איז נאָר־וואָס געהאַט געקומען צום צווייטן דאַוונען און דערזען, וואָס דאָ טוט זיך, איז ער גלייך צו צו מזיקן, אַרויפגעלייגט זיינע פולע, אויסגע־איידלטע הענט אויף מזיקס פּלייצעס און ווייך געזאָגט:

— נו, נו, ביסט דאָך אויך אַ ייד, טאָ מאַך נישט קיין געוואַלטן אין אַ מקום־קדוש ביים דאַוונען; ס'איז דאָך אַ חלול־השם. גיי אַהיים און קום אַריין צו מיר היינט נאָך הבדלה און ס'וועט שוין זיין גוט... און איצט האָב מיר אַ גוטן שבת און נעם אויך מיט דעם ערל.

אַקעגן אַזעלכע ווייכע רייד פון ר' יוסלען האָט זיך אַפילו מזיק נישט געקאָנט אַקעגנשטעלן. דער כעס האָט אים אַ ביסל אָפּגעלאָזט. נאָר ביים אַרויסגיין האָט ער נאָך געשריגן:

— איך וועל אייך ווייזן, חסידאָקעס, אויפהייבן אויף יענעם אַ האַנט!

ער האָט געגעבן אַ וואונק דעם סטראַזשניק און איז מיט אים אַרויס.



נאָך דער דאָזיקער מעשה איז משה ריוועלעס אויך אַוועק לערנען אין בית־מדרש. דער כעס האָט אָבער שוין אין אים געברענט און ער האָט געשוואוירן זיך

נוקם צו זיין אויף אַ נייעם שטייגער... ער האָט אָנגעהויבן זיך צו חברן וואָס מער מיט שטיבל־בחורים און זיי אַריינגעצויגן צו זיסקינדן. ער האָט זיי געגעבן השכלה־ספרים צו לייענען און אָנגעהויבן מיט זיי פירן לאַנגע שמועסן אין ווירזש־ביצקעס סאָד אין די פּאַרנאַכטן וועגן דער השכלה. ער האָט זיך פאַרלייגט, אַז ער מוז אויך אבאלע שייגעץ מאַכן פאַר אַן אַפּיקורס. און ער האָט זיינס אויסגעפירט. ער האָט אָנגעמאַכט אַ חורבן אין שטיבל.

## נייע צייטן

דאָס געפּיל פון די חסידים, אַז פון זיסקינדס הויז וועט קיין גוטס נישט אַרויס, האָט זיי נישט אָפּגענאַרט. עפּעס ווי מיטאַמאָל האָט מען זיך אַרומגעזען, ווי זיינע תלמידים ווערן וואָס אַ טאָג מער און צו ישראל־לערער הערט מען אויף אײנגאַנצן צו קומען, און דאָס איז געווען אַ שלעכטער סימן. משה ריוועלעס איז געוואָרן דער פּאַרמיטלער צווישן זיסקינדס הויז און די שטיבל־בחורים. וואָס אַמאָל מער האָט מען אָנגעהויבן פּאַקן ביי די לעצטע „טריפה־פסולס", וואָס זיי האָבן געהאַלטן אונטער דער גמרא. יעדן שבת האָט מען מעכב־הקריאה געווען און געוואָרפן אַפּיקורסים. ס'איז געקומען צו פּעטש און צו מחלוקתן. ס'האָט אָבער גאָרנישט געהאָלפן. דאָס בית־מדרש האָט אָנגעהויבן וואַקסן אויפן חשבון פון שטיבל. די אַרויסגעוואָרפענע זיינען אַוועק אין בית־מדרש און נאָך זיי זיינען נאָכגעגאַנגען שוין פּריוויליקע, וואָס האָבן אַליין פאַרלאָזט דאָס שטיבל. אין שטיבל האָט אָנגעהויבן ווערן שיטערער ביי די טישן. ס'איז געוואָרן אַ רעש, אַז ס'איז דאָ זינד אין שטאָט. ווייבער האָבן איינגעלייגט וועלטן, אַז צוליב די אַפּיקורסים שטאַרבן קינפּעטאָרינס און קליינע קינדער אין די וויגן. אין די חסידישע הייזער האָט זיך געטאָן חושך. דער רב האָט געסטראַשעט מיט חרם (צוליב דער סכנה האָט מען מיט אים שלום געמאַכט) און טאַטעס — מיט אָוועקגעבן צו די זעלנער און מעביר נחלה זיין.

מיטאַמאָל איז מען געוואָר געוואָרן, אַז אין שטעטל האָט זיך געגרינדעט אַ ביבליאָטעק, וואו מען זיצט און מען לייענט ביכער און צייטונגען און וואו יונגען מיט מיידן קומען זיך צונויף. האָט זיך אויפגעהויבן אַ „ויצעקו", אַז גאָט זאָל שומר־ומציל זיין. און אָט האָט זיך באַוויזן עפּעס אַ יונגערמאַן אין אַ שוואַרצער פּעלערין, אַ ברייטן צעקנייטשטן קאַפּעליוש און טונקעלע ברילן, וואָס האָט געגעבן

„שטונדן" אויף רוסיש און דייטש, און בחורים און מיידלעך האָבן זיך ביי אים געלערנט. געזעלן און שניידערקעס האָבן זיך אויפגעהערט צונויפקומען ביי ישראל־לערער שבת נאָכן שלאָף, נאָר גאָר אין דער „טומאה" (אַזוי האָט ס'שטעטל גערופן די ביבליאָטעק), וואו דער פעלערינע־מאַן האָט פאַר זיי געהאַלטן לעקציעס. פאַר־נאַכט זיינען די בחורים געגאַנגען שפּאַצירן הינטער דער שטאָט לייענען ביכער, זינגען „השושנה" און די „סאָכע", שמועסן וועגן אייראָפּע און געוואָרפן דרך־אַגב פאַרשעמטע בליקן צו די פאַררייטלטע מיידלעך, וואָס האָבן אויך דאָרט שפּאַצירט.

מיט דער צייט זיינען אביגדורל און אברהם־שמואל, די צוויי חברים, די שיינדלעך פון שטיבל, אויך געוואָרן אַריינגעצויגן דורך משה ריוועלעס, אין דער חברה משכילים. אַביגדורלס באַשלוס: צו האַלטן דעם רבינס ברכה, איז געוואָרן געבראָכן. ער ווייסט אייגנטלעך אַליין נישט ווי אַזוי דאָס איז געשען, נאָר מיטאַמאָל האָט ער דערזען, אַז ער איז פאַרקראָכן אין אַן אַנדער וועלט און איז שוין נישט דער אייגענער וואָס אַמאָל. דער חשק צו לערנען האָט אויפגעהערט און די ספרים־חיצונים ציען ווי מאַגנעט. ער האָט נאָך געפּרואווט קעמפן, געליטן אינערלעכע יסורים, געוואָלט צוריקקערן זיך אויפן דרך־הישר, אָבער באַלד דער־נאָך געזוכט היתרים, אַז מען מעג עוסק זיין אַ ביסל אין טבעיות און שכליות, והא־ראיה: דער רמב"ם. ביינאַכט איז ער נישט געשלאָפן פון די אינערלעכע ספקות. טיילמאָל האָט ער זיך צעוויינט אין דער שטיל ווי אַ קליין קינד, נישט געפינענדיק קיין אויסוועג פון די צוויי וועלטן, וואָס יעדע ציט אין אַן נאַדער זייט. ער האָט אָבער געפילט, אַז בלאָנדזשענדיק, דערווייטערט ער זיך יעדן טאָג פון טאַטנס וועלט, און גייט איבער אין אַ נייער. נאָכמיטאָג איז ער שוין נישט אַוועק אין שטיבל, נאָר הינטער דער שטאָט אויפן פעלד און דאָרט זיך פאַרטיפט אין די לשון־קודשדיקע ביכער, וואָס ער האָט גענומען ביי זיסקינדן און זיי האָבן ביסלעכוויין געמאַכט אַן איבערקערעניש אין זיין מוח.

ביי אברהם־שמואלן איז עס צוגעגאַנגען לייכטער, אָן איבעריקע אָנשטרענגונגען און אינערלעכע יסורים. ער האָט אויך אָנגעהויבן נעמען ביכער ביי זיסקינדן און ביסלעכוויין איבערגעגאַנגען צו די משכילים. ער איז געווען טרוקענער פון אַביגדורלען און אויפן אָרט פון די שפּיציקע איינפאַלן און חריפותדיקע פשטלעך פון מהר"ם שיף און „שאגת־אריה", האָט ער זיך אָנגעהויבן פאַרטיפן אין די קונציקע איינפאַלן און אויפטועכצן פון אַלגעברע און געאָמעטריע. דער פעלערינע־מאַן האָט אים בשתיקה געלערנט אַלע לימודים פון גימנאַזיע און מרימל, ר' יוסלס יינגסטע טאָכטער — פויליש. יעדער האָט עס געהאַלטן פאַר אַ הייליקן חוב אים צו לערנען בחנם. מ'איז געווען זיכער, אַז מיט זיינע עלוישע פעאיקייטן וועט ער אין אַ קורצער צייט ענדיקן די גאַנצע אַכט קלאַסן גימנאַזיע אַלס עקס־

טערן. ער האָט אָנגעהויבן קלענער מאַכן די פּאות און אויף דער גאַס זיי אײַנגאַנצן באַהאַלטן הינטער די אויערן.

אויך אבאַלע שייגעץ איז צוגעשטאַנען צו דער חברה און געוואָרן משה ריווע־לעס תלמיד־מובהק, און זיין עובדה איז איצט געווען צו שטיין אויף דער וואַך, מען זאָל נישט פּאַקן די פאַרבאַרגענע משכילים פון שטיבל און ס׳זאָל נישט פאַלן אויף זיי קיין בייז אויג. דאָס איז געווען זיין תשובה־טאָן, פאַר די פריערדיקע זינד.

ווען ר׳ יוסל און ר׳ איטשקע האָבן דערהערט, וואָס ס׳האָט זיך געמאַכט מיט זייערע קינדער, האָבן זיי לכתחילה נישט געגלייבט. נאַרישקייטן, — האָבן זיי בײַ זיך געטראַכט, — ביי וועמען דאָס איז מעגלעך, ביי זיי נישט; זייערע קינדער וועלן דאָס נישט טאָן. שפּעטער, אָבער, ווען זיי האָבן זיך צוגעקוקט נענטער צו די קינדערס דרכים און זיך איבערצייגט, אַז אַ וועלט איז נישט משוגע, — איז זיי געוואָרן פינצטער פאַר די אויגן. ס׳איז געווען אַ שאַנד און אַ ווייטיק צוזאַמען. פאַר מענטשן האָט מען עס אָוועקגעמאַכט מיט דער האַנט. ווייס איך וואָס? זיי וועלן עלטער ווערן, וועלן זיי ווערן קליגער און אָוועקוואַרפן די מעשי־ילדות. אָבער אין האַרצן האָט מען געגזמען טראַכטן גאַנץ ערנסט און זוכן עצות, ווי אַזוי אויסצואוואָרצלען די קליפּה, וואָס האָט זיך, רחמנא־לצלן, אַריינגעכאַפּט אין זייערע הייזער. ר׳ איטשקע האָט באַלד באַשלאָסן אָוועקצושיקן דעם זון צום סאַכאַטשאָ־ווער — ער זאָל דאָרט לערנען. זאָל ער נאָר זיין ווייט פון די היגע חברים, און דער רבי וועט שוין טאָן אויף אים השגחה. ר׳ יוסל האָט געטראַכט וועגן מאַכן זיין אַביגדורלען פאַר אַ חתן. אָבער דאָ זיינען אַנטשטאַנען געוויסע שוועריקייטן; ראשית, איז ער נאָך צו יונג; והשנית, האָט ער עלטערע טעכטער, וואָס זיינען אויך אַ ביסל געכאַפּט אין דער מעשה און מען ברויך זיי פריער חתונה מאַכן — פאַרט מיידלעך.

גאָר אין גיכן, טאַקע אין אַ פּאָר טעג אַרום, האָט מען אברהם־שמואלן משלח געווען קיין סאַכאַטשעוו. ר׳ איטשקע איז מיט אים מיטגעפאָרן, געבעטן דעם רבי, ער זאָל אויף אים האָבן אַן אויג און אים איבערגעלאָזט דאָרט.

אַביגדורל איז געבליבן אַליין, אָן זיין חבר. ער האָט זיך אָנגעהויבן מער צו היטן, געזעסן לענגער אין שטיבל ביי דער גמרא. אָבער פאַר מענטשנס אויגן קאָן מען זיך נישט באַהאַלטן. מ׳האָט באַמערקט, אַז ער גייט כסדר אַראָפּ פון דרך הישר. שטילערהייט האָבן חסידים אונטערגעמורמלט און געקוקט אויף אים קרום. מ׳האָט אים אָבער, נישט געטשעפּעט צוליב זיין פאָטער; מ׳האָט נישט געוואָלט ר׳ יוסלען מצער זיין. מ׳האָט אַזוי אויך געזען ווי ער איז באַטריבט, גייט אַרום מיט אַ שווער געמיט, ווי אַ שטיין וואָלט אים געלעגן אויפן האַרץ. נאָר אין דער שטיל האָט מען געקרעכצט און מיט אים מיטגעליטן.

⁂

דאָס האָט אַזוי אָנגעהאַלטן אַ לענגערע צייט. דאָס שטעטל האָט זיך ווי עס איז אָנגעהויבן צו באַרואיקן. אברהם־שמואל איז אין סאָכאַטשעוו. פון אביגדורלען זעט מען אויך נישט, חס־ושלום, קיין אויסטערלישס, אפשר וועט גאָט העלפן און ער וועט ווערן אַ חוזר־בתשובה. אַ פּאָר פון די משכילים האָבן חתונה געהאַט און געוואָרן לייטישע קרעמער. עטלעכע זיינען אַוועק אין אַנדערע שטעט. אין דער „טומאה" רוישט שוין נישט אַזוי פון די יונגען מיט די מיידן. מ'האָט געמיינט, אַז ס'האַלט שוין ביים סוף.

אָבער פלוצלונג האָט אויסגעבראָכן דער שטורעם.

מיטאַמאָל האָבן אָנגעהויבן בושעווען אין דער לופט גרויסע און שטאַרקע כוואַליעס, וואָס זיינען אָנגעקומען פון ערגעץ־וואו און אויפגערודערט אויך די שטילע נעסטן פון די קליינע פּוילישע שטעטלעך; נייע ווינטן האָבן אָנגעהויבן בלאָזן און פאַרכאַפּט די הערצער פון דער יוגנט, אַריינדרינגען אין אַ סך יידישע הייזער און דאָרט אָנגעמאַכט חורבות. יונגעלייט זיינען געוואָרן אומרואיק, נישט צופרידן מיט דעם, וואָס ס'איז, נאָר געשטרעבט צו דעם, וואָס ס'איז נאָך נישט, אָבער ברויך, לויט זייער מיינונג, אָנקומען. מ'האָט אַוועקגעוואָרפן אַלץ, וואָס ס'איז ביז יעצט געווען הייליק און טייער, אונטערגעהאַקט אַלטעביימער, וואָס האָבן אין דער טיף געוואָרצלט פון לאַנגע דורות; געוואָרפן אַן אומחן אויף אַלעם, וואָס איז ביז יעצט געווען שיין און גוט, און זיך געריסן צו אַ נייַ לעבן. די היים איז געוואָרן ענג און די לופט געשטיקט.

אין די שטעטלעך האָט זיך אָנגעהויבן עפּעס שטאַרק צו באַוועגן. יידן האָבן געקוקט מיט שרעק און האַרצקלאַפּעניש אויפן נייס, וואָס האָט אויפגערודערט די וואַרעמע גוטע היים. מ'האָט דערציילט פון עפּעס אַ יונגנמאַן, וואָס פאָרט אַרום איבער די שטעטלעך, האַלט רעדעס פאַר געזעלן און דינסט־מיידלעך און וויל אַנמאַכן נייע אָרדענונגען אויף דער וועלט; פון עפּעס אַ חברה „אַחדות", וואָס וויל אַראָפּוואַרפן דעם קיסר פון בענקל און, להבדיל, גאָט פון הימל און איינפירן, אַז ס'זאָל קיין געלט נישט זיין אויף דער וועלט, קיין אָרעם און רייך. און פון דער צווייטער זייט זיינען עפּעס אָנגעקומען משיחס צייטן: יונגעלייט וואַרפן אַוועק די היים און פאָרן קיין ארץ־ישראל דאָרט צו ווערן פּראָסטע פּויערים און אַרבעטער. און הגם זיי ווילן דוחק זיין דעם קץ און ברענגען משיחן, זעט מען עפּעס נישט, זיי זאָלן זיין איבעריק פרום. מען מאַכט איבער די חדרים און תלמוד־תורות, מען לערנט פון מעטאָדעס לשון־קודש, וואָס מ'האָט עס אַ נאָמען געגעבן העברעאיש. מען גרינדעט חברות און מען זאַמלט געלט אָפּצוקויפן ביים טערק ארץ־ישראל, אָדער ווי זיי רופן עס: ציון. מ'האָט איבערגעגעבן בסוד, פון אויער צו אויער, אַז דעמס זון און יענעמס טאָכטער געהערן צו דער אָדער יענער חברה. פּאָליציי איז

געוואָרן אומרואיק און דער נאַטשאַלניק האָט אָנגעהויבן קוקן קרום אויף די שטעטלדיקע יידן. מ׳האָט געזען באַשיינפּערלעך אַז ס׳גרייט זיך עפּעס נישט קיין גוטס אויף דער וועלט.

די פאַרנעפּלטע, צעשוואומענע חלומות פון די שטעטלדיקע משכילים, האָבן אָנגענומען רעאַלע פאָרמען. ס׳זיינען אַנטשטאַנען פאַרשיידענע פּאַרטייען און קלייזלעך, וואָס האָבן זיך באַקעמפט קעגנזייטיק מיט ברען און אייפער. די אחדות־לייט מיט די ציון־לייט זיינען צווישן זיך געווען אויף מעסער־שטעך. יעדע פּאַרטיי האָט זיך געהאַט איר פאָן, פאַר וועלכער מ׳איז גרייט צו גיין ביז בלוט. דאָס פייער פון חסידות, מיט וועלכן די לופט פון שטעטל איז געווען אַדורכגעזאַפּט, האָט זיך איבערגעטראָגן אויף די צאַנקערייען און מחלוקת פון די פּאַרטייען; דאָס פאַרגעטערן און פאַרהייליקן דעם רבי האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ פאַרערן און אין אַ צוגעבונדנקייט צו דעם אייגענעם קלייזל און זיין פירער, דעם נייעם רבין... דען יעדע פּאַרטיי האָט געהאַט אירע גדולים, אָנפירער, אַזעלכע מיני רביים, וואָס זיינען געווען פאַרהייליקט ביי אַלע חברים, אָנגעהעריקע צו דער דאָזיקער פּאַרטיי. ר׳ יוסלס דריי קינדער האָבן געהערט צו דריי פאַרשיידענע ריכטונגען, וואָס האָבן צווישן זיך געפירט אַ העפטיקן קאַמף. אין שטעטל האָבן זיך פאַרשפּרייט קלאַנגען, אַז אַברהם־שמואל איז שוין לאַנג אַוועק פון סאָכאַטשעוו קיין וואַרשע און דאָרט געוואָרן אַ פירער פון „בונד". מ׳האָט זיך פאַרזאַמלט אין וועלדל, געפירט הייסע וויכוחים און זיך געגרייט צו אַ שטרייק, פון די שניידער־געזעלן. ס׳האָבן זיך באַוויזן די ערשטע רעוואָלווערן און בלאַנקענדיקע פּיסטוילן; מ׳איז געוואָרן הפקרדיק. אַפילו זיסקינדס הויז האָט שוין מער נישט געצויגן און אויף זיסקינדן אַליין האָט מען שוין געקוקט ווי אויף אַן עובר־בטל. פּאָליציי האָט געמאַכט אַרעסטן און אַ פּאָר אָנפירער פאַרשיקט אין אַ ווייטער גובערניע. דאָס שטעטל איז געגאַנגען אויף רעדער.

ר׳ יוסלס הויז, וואָס איז תמיד געווען פול מיט וואַרעמער משפּחהדיקער אַטמאָספערע, איז געוואָרן פאַרוואַנדלט אין אַ קאַלט גאַסט־הויז, וואו יעדער פון די קינדער האָט זיך אין אים געפילט נאָר ווי אַ גאַסט, אויף דער ווייל, און נישט געהאַט קיין שותפות מיט די איבעריקע מיטגלידער פון הויז. די עלטערן האָבן נישט דערקענט די קינדער און די קינדער — די עלטערן. פייגעלע פלעגט זיך פאַרמאַכן אין איר צימער פאַר גאַנצע טעג, לייענען ביכער און אַרויסקומען נאָר צום עסן. מרימל פלעגט פאַרפאַלן ווערן פון דער היים אויף שעהן לאַנג און קיינער האָט נישט געוואוסט, וואו זי איז אַהינגעקומען. איינמאָל האָט זיך איר נאָר פאַרגלוסט, געגומען און אָפּגעשוירן די לאַנגע, שוואַרץ־זיידענע האָר ווי אַ ייִנגל. צו אַביגדורלען, וואָס איז שוין געווען אַ דערוואַקסענער בחור זיינען געקומען חברים, גאָרנישט פון זיין שטייגער, שניידער און שוסטער־יונגען, און פאַרברענגט מיט אים אין צימער גאַנצע אָוונטן אין וויכוחים און אַמפּערייען. פּרץ און שמואליק

האָבן דעמאָלט שוין געהאַט חתונה געהאַט און געגעסן קעסט ביי זייערע שווער און שוויגערס. צו ר׳ יוסלען זיינען געקומען באַקאַנטע און דערציילט, אַז זיין מרימל שלעפּט זיך אַרום מיט עפּעס אַ „דראַב", אַ היכן פּוילישן סטודענט. דער דאָזיקער סטודענט, וואָס איז געווען אָנגעטאָן אין אַ סטודענטיש היטל מיט אַ גאָל־דענעם שנור אַרום, האָט דערוועקט אין ר׳ יוסלס קינדער אַ ניי באַגער, אַ גרויסן חשק צו פאָרן קיין אויסלאַנד שטודירן. טאַטע־מאַמע האָבן גענומען איינטענהן מיט די קינדער און זיי אויפווייזן זייערע פאַלשע דרכים, זיך געבעטן, זיי זאָלן נישט וועלן איבערמאַכן אַ וועלט. ס׳האָט אָבער גאָרנישט געהאָלפן. איינער האָט נישט פאַרשטאַנען דעם צווייטן. די עלטערן מיט די קינדער און יעדעס קינד פאַר זיך זיינען געווען גאָר באַזונדערע וועלטן און די אַלע האָבן זיך נישט געקאָנט צונויפ־גיסן אינאיינעם.

## דאָס געלויף פון דער היים

די וואָלקנס, וואָס האָבן זיך אָנגעהויבן קלייבן איבער ר׳ יוסלס הויז, זיינען געוואָרן וואָס אַמאָל שוואַרצער און האָבן זיך געלייגט ווי אַ שווערע בלייערנע משא. די דריי יונגע קינדער: פייגעלע, מרימל און אביגדורל. זיינען נאָך געוואָרן מער איינגעשלאָסן אין זיך און פאַרנומען בלויז מיט זיך, מיט די אייגענע געדאַנקען און ביכער, און טאַטע־מאַמע מיט די גאַנצע שטוב זיינען זיי גאָרנישט אָנגעגאַנגען. עפּעס איז יעדער פון זיי געוואָרן אַזוי ערנסט און פאַרקלערט; ס׳האָט אויפגעהערט די וואַרעמע, חסידישע אַטמאָספערע, די לעבנס־לוסטיקייט און פריילעכקייט, וואָס איז געווען אויף אַלץ און אַלעמען פאַרשפּרייט, דער האַרציקער גמרא־ניגון און די זיס־חסידישע ניגונים פון די שבתים און ימים־טובים. אַ קאַלטקייט איז געוואָרן אויף אַלעם אויסגעגאָסן, גלייך די גרויסע ליכטיקע שטובן זיינען געוואָרן צו ענג פאַר זיי.

טאַטע־מאַמע האָבן נישט פאַרשטאַנען, וואָס דאָ קומט פאָר וואָס איז דאָס מיט די קינדער געוואָרן? וואָס פעלט זיי אייגנטלעך? פאַרוואָס זיינען זיי דאָס נישט צופרידן מיט זייער היים? זיי פלעגן קרעכצן אין דער שטיל ביינאַכט אויפן געלעגער און וואַרטן מיט שרעק אויף דעם, וואָס עס ברויך אָנקומען.

ענדלעך האָט עס אויסגעבראָכן:

איינמאָל אין אַ פראָסטן מיטוואָך צום מיטאָג, האָט אביגדורל מודיע געווען די עלטערן, אַז מאָרגן פאַרטאָג פאָרט ער אַוועק קיין בערן, אין דער שווייץ, שטו־דירן . . .

הגם ר׳ יוסל האָט נאָך פון פריער געפילט, אַז עפּעס נישט גוטס רוקט זיך אָן אין זיין הויז; אַז סוף־כל־סוף וועט עפּעס שרעקלעכעס געשען, פונדעסטוועגן, דערהערנדיק דאָס האָט אים געגעבן אַזאַ זעץ אין האַרץ, אַז ער איז געבליבן זיצן ווי אַ געליימטער, נישט קאָנענדיק זיך רירן פון אָרט און עפּעס אַרויסריידן. נאָר אַ ביסל שפּעטער, ווען ער איז אַ ביסל געקומען צו זיך, איז ער אַריין אין קאַבינעט, זיך דאָרט פאַרשלאָסן אויף אַ גוטע שעה, דערנאָך איז ער אַרויס בלאָס ווי די וואַנט, די שטים האָט אים געציטערט און די הענט געשאָקלט פון אויפרעגונג.

ר׳ יוסל האָט פאַרשטאַנען דעם גאַנצן ערנסט פון זיין לאַגע. אַחוץ דעם, וואָס די קינדער ווערן אים פרעמד און צעלויפן זיך, פילט ער, אַז ער ווערט אָן דעם אינהאַלט פון לעבן; אַז אַלץ וואָס איז געווען ביז איצט, איז אַוועק שוין מער נישט צוריקצוקומען, און עפּעס נייס, קאַלטס און בייזס רוקט זיך אָן. אים איז דאָך קיינמאָל נישט געקומען אויפן רעיון אַז ס׳איז מעגלעך אַז אין זיין הויז וועט זיך עפּעס ענדערן; ער האָט געגלייבט, אַז מיט גאָטס הילף וועט זיין שטוב תמיד זיין פול מיט שפע, תורה און חסידות; אַז ער האָט געפונען דעם אמתן ציל פון מענטש, דעם ריכטיקן וועג אין לעבן און אַז אויך זיינע קינדער וועלן גיין אין זיינע דרכים און אויף דער עלטער וועט ער האָבן וועמען איבערצוגעבן זיין גייס־טיקע און מאַטעריעלע ירושה און שטאַרבן רואיק מיטן באַוואוסטזיין, אַז זיין הויז וועט אַזוי בלייבן און ציען דעם פאָדעם אויך נאָך זיין טויט... און דאָ פּלוצלונג האָט זיך צו אים אַריינגעכאַפּט די קליפּה און אַלץ איז געוואָרן פאַרדרייט, דער גאַנצער פּלאַן — צונישט, און דאָס גאַנצע לעבן — אָן אַ תכלית...

מענטשן האָבן אָנגעהויבן אויסצוימיידן זיין הויז. חסידים קומען צו אים וואָס אַמאָל ווייניקער. ביי שלש־סעודות איז טיילמאָל שוין נישטאָ קיין מנין צו בענטשן; די ווינטערנעכט גייען אַדורך קאַלט און שלעפּעריק. אונטער די אויגן טייטלט מען אויף אים מיט די פינגער און מען וואונדערט זיך, ווי אַזוי ר׳ יוסל לאָזט צו, אַז זיינע קינדער זאָלן זיך אַזוי אויפפירן. דער גאַנצער חן פון זיין הויז האָט זיך אָפּגעטאָן.

און פאַרוואָס קומט עס אים? פאַרוואָס האָט גאָט אים אַזוי שטאַרק גע־שטראָפט? מיט וואָס איז ער דאָס אַזוי זינדיק? ער וואָלט, אמת, געוואָלט פאָרן צום רבין, פאַר אים אָפּריידן דאָס ביטערע האַרץ און פרעגן אַן עצה. איז אים אָבער דאָס אַזוי שווער צו טאָן, אַז דער רבי זאָל געוואָר ווערן, וואָס עס טוט זיך ביי אים אין הויז. ס׳איז אים אַ שאַנד און אַ צער צוזאָמען.

אָבער ביז אַהער האָט ער גערעכנט, אַז ס׳וועט זיך נאָך אפשר פאַרבעסערן; אַז ס׳איז נאָר אַ צייטווייליקע זאַך, אַ דורכגייענדיקע מאָדע. דעריבער האָט ער פאַר די טעכטער אָנגעהויבן צו זוכן שידוכים און זיי געגעבן אַ ביסל מער פרייהייט אין דעם דאָזיקן ענין. ער וועט זיי נישט אָנוואַרפן קיין חתנים, נאָר קלייבן אַזעלכע, וואָס וועט זיי אַליין געפעלן. אַביגדורלען האָט ער אַריינגענומען צו זיך אין גע־

שעפט. אויב ער וויל נישט לערנען, זאָל ער כאָטש זיין אַ גוטער סוחר און אים באַהילפיק זיין. און מיט דעם אויבערשטנס הילף, האָט ער גערעכנט, וועט זיך נאָך אַלץ ענדערן צום גוטן. מ׳האָט דאָך אַ גרויסן גאָט אין הימל.

און דאָ, אין מיטן דרינען, איז אָנגעקומען די טרויעריקע בשורה פון זיין זון און אויפגעעפנט די אויגן, אַז דאָס, וואָס ער האָט מורא געהאַט איז געקומען; אַז אַלע זיינע פּלענער זיינען געוואָרן צעניכטשט און אַז די קאַטאַסטראָפע איז נאָענט...

פאַרנאַכטצו האָט ער אַריינגערופן דעם זון צו זיך אין קאַבינעט, וואו ס׳איז בלויז געווען ער מיט זיין ווייב, רבקה־לאה, האָט זיך אָנגעטאָן אַ כוח און גענומען מיט אים איינטענהן אין גוטן:

— זאָג מיר, אַביגדורל, וואָס איז דאָס מיט דיר געוואָרן? איך קען דאָך דיך פאַר אַ גוט קינד, אַז דו ווילסט נישט מצער זיין טאַטע־מאַמע, טאָ וואָס איז פּלוצלונג דיר געקומען אין קאָפּ אַזאַ אויסטערלישער געדאַנק? צי איז דיר שלעכט ביי אונדז? צי האָסטו נישט אַלץ, וואָס דו ווילסט? און וואָס וועסטו טאָן אין אויס־לאַנד? צו וואָס טויג דיר דאָס שטודירן? איז דען מיר נישט בעסער ווי דעם גרעסטן פּראָפעסאָר, הגם כ׳האָב נישט שטודירט? און אויב דו ווילסט, קאָנסטו דאָך לערנען אויך אין דער היים. איך וועל דיר צונעמען די בעסטע לערער, וואָס דו ווילסט נאָר אַליין.

אַזעלכע און ענלעכע דיבורים, וואָס זיינען אַרויס פון טיפן האַרצן, האָט דער פאָטער מיט אים גערעדט, און די מאַמע איז דערביי געשטאַנען, נישט געעפנט דאָס מויל, נאָר זיך געווישט די טרערן פון די אויגן.

אַביגדורל איז געשטאַנען אָנגעלענט ביים טיש טויט־בלאַס. די אויגן אַראָפּ־געלאָזט, די ליפּן האָבן אים געציטערט און ער האָט קוים אַרויסגערעדט:

— טאַטע! דו קענסט מיך נישט פאַרשטיין. גלויב מיר, אַז איך וויל דיך נישט מצער זיין; איך פיל דיך מיט מיטן גאַנצן האַרצן. אָבער איך קאָן דאָ נישט מער זיין; איך פיל, אַז ס׳איז מיר דאָ ענג; איך טויג נישט פאַר דיינע גע־שעפטן און די געשעפטן טויגן נישט פאַר מיר. איך קאָן מער נישט זיצן און לערנען ווי מיינע ברידער און שוואָגערס, הגם איך וואָלט עס געוואָלט, און אפילו כ׳זאָל צו דיר ריידן אַ גאַנצע נאַכט וועסטו מיך אויך נישט פאַרשטיין. דו קאָנסט מיך נישט פאַרשטיין. בעט איך דיך דעריבער, טאַטע, באַרואיק זיך און זיי נישט בייז אויף מיר. איך פאַרלאַנג פון דיר נישט קיין געלט נאָר אַז דו זאָלסט זיך מיט מיר געזעגענען און מיטגעבן דיין ברכה.

דער פאָטער האָט געזען, אַז ער וועט גאָרנישט מאַכן מיט זיינע רייד, איז ער שטיל געבליבן אַ פּאָר מינוט און דערנאָך אַרויסגעזעצט האַסטיק און ליידנשאַפט־לעך:

— ניין! מיין ברכה וועסטו נישט באַקומען און געזעגענען זיך מיט דיר

וועל איך נישט. טו דיר, וואָס דו ווילסט. איך וועל נישט זיין קיין מסייע לדבר־עבירה!

און ער האָט געגעבן אַ פּראַל אויף די טיר, אַרויס מיט כעס פון קאַבינעט און איבערגעלאָזט דעם זון אַ פאַרשעמטן אַליין מיט דער מוטער.

אַ גאַנצע נאַכט נאָכדעם האָט ר׳ יוסל נישט געקענט שלאָפן. ער איז געלעגן מיט אָפענע אויגן און געקרעכצט. רבקה־לאה, דאָס ווייב, האָט זיך אויך געוועקט אַלע מינוט און ר׳ יוסל האָט געהערט ווי זי וויינט אין דער שטיל. פינצטער איז געווען אַרום. דער זייגער האָט פון צייט צו צייט אויסגעשלאָגן האַלבן און גאַנצע שעהן מיט עפּעס אַזעלכע געהיימע קלאַנגען און איבערגעלאָזט נאָך זיך אַ טיפן זינקעדיקן ווידער־קול, וואָס איז ביסלעכווייז אָפּגעשטאָרבן. צו דער נאַכט האָט גאָרנישט געוואָלט נעמען קיין סוף. ר׳ יוסל האָט געפילט, אַז איצט קומט דער איבערברוך אין זיין לעבן; אַז מיט דער היינטיקער נאַכט ענדיקט זיך די אַלטע וועלט און ס׳קומט אָן אַ נייע בייזע און וויסטע, וואָס וועט אים פאַרפינצטערן דאָס רעשט ביסל יאָרן. ס׳איז אָבער פאַרפאַלן. ער מוז עס מקבל־באהבהן זיין. מסתמא איז אויף אים אַזוי נגזר געוואָרן מן־השמים, און צו וואָס זאָל ער נאָך מאַטערן די קינדער? און פּלוצלונג, גלייך ס׳איז אים ערשט־וואָס קלאָר געוואָרן, האָט ער זיך דערמאָנט, אַז אָט באַלד וועט זיך זיין אַביגדורל אויפכאַפּן און זיך אַוועקלאָזן אין דער גרויסער, פרעמדער וועלט. און אַ שוידער איז אים אַדורך.... ווער ווייס ווי אים וועט עס אויסקומען צו ליידן אין דער פרעמד, זיצנדיק ביי פרעמדע טישן. און אַ גרויס רחמנות האָט אים אַרומגענומען אויפן זון: די פאָטער־ליבע האָט זיך דערוועקט. ער האָט אָנגעהויבן אין האַרצן אים צו פאַרענטפערן: ער איז דאָך תמיד געווען אַ וואויל קינד, אַ גוטע נשמה. מסתמא קוועלט אים עפּעס, וואָס ער קאָן עס נישט אויסזאָגן; מסתמא האָט ער עפּעס אויפן האַרצן, וואָס דריקט אים...

ר׳ יוסל איז גאַנץ שטיל אַראָפּ פון בעט, אָפּגעגאָסן נעגלוואַסער, אָנגעשטעקט די שטעקשיך, אַריין אויף די שפּיץ־פינגער צו זיך אין קאַבינעט, אָנגעצונדן אַ ליכט, פאַרשפּאַרט די טיר, ס׳זאָל זיך נישט הערן קיין גערויש, געעפנט די קאַסע, אַרויסגענומען אַ סומע געלט, עס אַריינגעלייגט אין אַ קאָנווערט, דערנאָך איז ער פון דאָרט אַרויס, אויסגעלאָשן דאָס ליכט און אַריין צום זון אין צימער. פינצטער איז געווען אַרום, נאָר דורך דעם פענצטער האָט זיך אַריינגעגאָסן אַ בלאַס ליכטיקייט פון דער נאַכט־לאַמטערן, וואָס שטייט אין גאַס אַקעגנאיבער. אין שטוב איז געווען אַן אומאָרדענונג. אויף דער פאָדלאָגע זיינען געווען אָנגעוואָרפן פּאַפּירן און ביכער. די וואַליזקע איז שוין געווען געפּאַקט און געשטאַנען גרייט ביים בעט, אין וועלכן אַביגדורל איז געשלאָפן. ער האָט זיך איינגעקוקט אין זיין זונס פּנים, וואָס איז געווען בלאַס און מאָגער און זיך צוגעהערט צו זיין שווערן אָטעמען, וואָס האָט געקלונגען אין דער נאַכט־שטילקייט ווי שווערע אָפּגעהאַקטע זיפצן. ער איז אַזוי געשטאַנען אַ פּאָר מינוט און געהערט ווי דאָס אייגענע האַרץ זעצט ווי מיט

האַמערס. דערנאָך האָט ער זיך אַריבערגעבויגן און אים געגעבן אַ קוש אין קאָפּ, קוים באַרירנדיק די ליפּן, אַנידערגעלייגט דעם קאָנווערט מיטן געלט אויפן טיש, שטיל צוריק אַריין אין שלאָפצימער און זיך געלייגט אין בעט.

ליגנדיק נאָך אַזוי אַ קנאַפּע שעה, האָט ער דערהערט ווי אין זונס צימע־רודערט זיך עפּעס און באַלד האָט זיך דאָרט באַוויזן ליכט. ער הערט ווי אַבינדירל טוט זיך אָן, וואַשט זיך אָפּ און ביי יעדן ריר, וואָס קומט פון דאָרט, צאַפּלט ריי איח דאָס האַרץ. אָט גייט ער אַריין אין צימער פון די מיידלעך, שמועסט מיט זיי און צעקושט זיך, און אָט דערנעענטערן זיך זיינע טריט דאָ אַהער. ער בלייבט שטיין אין מיטן צימער און קוקט צום פאָטער אין פאַרלעגנהייט, נישט וויסנדיק, וואָס צו טאָן. דאָס האַרץ ביי ר׳ יוסלען קלאַפּט האַסטיקער. אַ שווערע מלחמה קומט פאָר דאָרט אינעווייניק. ער רירט זיך, אָבער, נישט פון אָרט. דערנאָך גייט דער זון צו צו דער מוטער, עס הערט זיך פון איר בעט אַ געוויין און העשערייַ. ער קערט זיך צוריק אין זיין צימער, טוט אָן דעם פּאַלטן, נעמט די שווערע וואַליזקע גייט צו צו דער טיר, שליסט זי אויף פּאַמעלעך און גייט אַרויס אין הויז. ער קערט זיך אָבער באַלד צוריק, גייט אַריין אין יעדן צימער באַזונדער און קוקט זיך אַרום, גלייך אים איז שווער זיך צו שיידן מיט דער היים און גייט ווידער אַרויס. עס הערט זיך דאָס פאַרמאַכן די טיר. די שווערע טריט אויף די טרעפּן, וואָס סקריפּען אונטער די פיס. דרויסן הויבט שוין אָן גרויען אויף טאָג און אין דער פייכטער בלאַסקייט הערן זיך נאָך די שוואַכע, ווייטע טריט אויף די שטיינער פון גאַס און אין אַ פּאָר מינוט אַרום ווערט אַלץ צוריק שטיל.

ביי ר׳ יוסלען האָט זיך עפּעס אָפּגעריסן אין האַרץ. ער האָט איינגעגראָבן דעם קאָפּ אין קישן און זיך צעוויינט ווי אַ קליין קינד...

***

דערנאָך איז שוין געגאַנגען מיט אַלעם באַרג־אַראָפּ. נישט לאַנג וואַרטנדיק זיינען אויך אַוועק די איבעריקע קינדער. די ערשטע איז געווען די יינגערע טאָכטער, מרימל. ביי איר אָבער איז עס שוין געקומען צו אַ גרויס געוואַלט. ר׳ יוסל איז אַרויס פון די כלים, וואָס איז גאָרנישט געווען זיין טבע, געקלאַפּט מיט דער פויסט אין טיש און געטופּעט מיט די פיס:

— אַ מיידל זאָל אַוועק גאָר, די שוואַרץ־יאָר ווייסט וואוהין! בשלמא אַ ייִנגל, נו, איז נפשו־חשקה־בתורה, — ער וויל ווערן אַ דאָקטאָר, אַן אינזשיניער. אָבער אַ מיידל, וואָס שטייט אין שידוכים זאָל זיך אויסלאָכן פון דער גאַנצער וועלט. און אַנטלויפן פון דער היים, דאָס איז נאָך נישט געהערט געוואָרן! און וואָס וועט די וועלט זאָגן דערצו? שיין דערלעבט, אויף שונאי־ציון געזאָגט געוואָרן, וואָס? איר שטייט שוין אויך נישט אָן דעם טאַטנס שטוב!

אַזוי האָט ר׳ יוסל געגוואַלדעוועט און דאָס ווייב, די גוטע, שטילע רבקה־לאה, איז אַרומגעגאַנגען ווי אַ שאָטן. זי האָט נישט געקאָנט איבערטראָגן די קלעפּ, וואָס האָבן זיך געשיט איבער איר קאָפּ. זי האָט געקרעכצט און געוויינט אין דער שטיל, געבעטן גאָט, ער זאָל אַריינגעבן נייע געדאַנקען די קינדער אין קאָפּ און זיך געבעטן ביי זיי, זיי זאָלן אויפהערן מיט זייערע משוגעתן.

ס׳האָט אָבער גאָרנישט געהאָלפן. מרימל איז אַוועק. און אויך פייגעלע האָט נישט געקאָנט ביישטיין דעם נסיון לייענענדיק די בריוו פון ברודער מיט דער שוועסטער, פון דעם אינטערעסאַנטן לעבן אין אויסלאַנד, פון די סטודענטישע קאָ־לאָניעס פון די פאַרזאַמלונגען, דיסקוסיע־אָוונטן, פון די טעאַטערס, קאָנצערטן און בעלער; און זי האָט אויך געטאָן דאָס זעלבע וואָס מרימל: זיך אַרויסגעגנבעט פון דער היים און אַוועק אָן די עלטערנס וויסן.

ר׳ יוסל איז געבליבן איינזאַם, אָן די יינגערע קינדער, אין די ליידיקע גרויסע צימערן. ער האָט זיך נישט געקאָנט געפינען קיין אָרט אין די שטילע, פּוסטע שטובן און, ווילנדיק — נישט־ווילנדיק, נאָך געמוזט שיקן חודש־געלט די קינדער, וואָס טומלען זיך דאָרט אין אויסלאַנד, וואָס ער הויבט נישט אָן צו באַגרייפן, וואָס אייגנטלעך וועט זיין דער תכלית דערפון.

יקיר וואַרשאַווסקי (וואַרשע)

# די ערשטע שריט

דער טאַטע — דוד אַפּאַטאָווסקי — אַ הויכער, דאַרער ייד מיט אַ לענגלעך פּנים, בלאָנד בערדל, וואָס הויבט זיך אָן צו ווייסלען (בית־עולם־בלעטלעך, פּלעגט מען ביי אונדז זאָגן), מיט טרויעריקע גוטע אויגן. ער איז שטיל געגאַנגען איבער גאָטס וועלט, אָפּגעזונדערט פון די אַרומיקע, אַ שווייגער, אַ פאַרטראַכטער, און אויב אַרויסגערעדט אַ וואָרט, איז עס געווען קורץ און ווייך. אַ פרומער, אָפּגע־היטענער און דאָך האָבן פרומע יידן געמורמלט אונטער דער נאָז אויף דעם „אַפּיקורס". פרום, און דאָך עפּעס נישט מיט אַלעמען: געקענט דקדוק, אַרויסגערעדט די ווערטער פון דאַווענען קלאָר, נישט איינגעשלונגען קיין אותיות, געלערנט תנ"ך, אַריינגעקוקט אין כוזרי, מורה נבוכים, געכאַפּט אַ בליק אין ספרים חצונים, גע־לייענט דעם „המליץ", די „הצפירה", דעם „השלח". און אין דעם גייסט דערצויגן זיינע דריי זין, וואָס דער ייִנגסטער איז געווען יוסף.

געוואוינט האָט ער תמיד הינטער דער שטאָט, וואו עס שטייען שיטערע הייזלעך און ס'שמעקט מיט פעלד און וואַלד, געהאַנדלט מיט האָלץ, געהאַט אַ ברעטער־סקלאַד, ווייט הינטער דער שטאָט, אויפן וועג, וואָס פירט צום בית־עולם, אויף אַ באַרג, וואָס מיר, חדר־ייִנגלעך, האָבן אים גערופן: „דער הר ההר", און בעת ס'איז נישט געווען קיין קונים, האָט ער אַריינגעקוקט אין אַ חקירה־ספר.

דאָס שטעטל מלאַווע, הגם איינגעטונקען אין חסידות, האָט פונדעסטוועגן פאַרמאָגט אַ דריי־פיר משכילים. אַלע זיינען זיי געווען לערער און פאַרשפּרייטער פון דער „השכלה בת השמים". איינער, וואָס מ'האָט אים גערופן „דער טשייקער", האָט געשטאַמט פון אַ ליטוויש־קורלענדיש שטעטל, דער צווייטער יוזשעלעווסקי און דער דריטער — דוד גאָרדאָן, וואָס איז אומגעקומען פון קאָזאַקישע הענט אין ערשטן מלחמה־יאָר. זיי אַלע האָבן געהאַלטן שולן, אַזוי־גערופענע „חדרים מתוקנים." איינער איז געווען דוד אַפּאַטאָווסקי, זייער חבר, וואָס איז געווען אַ פּוילישער משכיל און נישט קיין לערער.

הינטער דער שטאָט, אין צווייטן עק, וואָס פירט צו די באַן־שינעס, צווישן פעלדער און גערטנער, איז געלעגן אַ ברייטער, פלאַכער שטיין, באַוואַקסן מיט מעך און גראָז, וואָס אויף אים פלעגט דוד אָפּאַטאָשוסקי אַלס יונגערמאַן ליגן, חלומען און לייענען ביכער. דער דאָזיקער שטיין איז דערנאָך איבערגעגאַנגען צום ייִנגערן דור משכילים, איז געוואָרן אַ מקום־מקלט פאַר בחורים, וואָס זיינען אַנטלאָפן פון בית־המדרש כדי צו לייענען מאַפּוס „אהבת־ציון", סמאָלענסקיס „התועה", „זוברעוון" די רוסישע גראַמאַטיקע און געדינט אַלס אָרט פאַר יוגנט־חלומות און צוקונפט־פּלענער, וואָס אַ סך פון זיי זיינען טאַקע מיט דער צייט מקוים געוואָרן, און געווען דער גייסטיקער צענטער ביזן אויסברוך פון דער וועלט־מלחמה.

די מאַמע האָט געשטאַמט פון דאָרפס־מענטשן, פערד־הענדלער, וואַלד סוחרים, און יוסף האָט, ווייזט אויס, געירשנט פון זייביידן. ער האָט אין חדר תמיד ליב געהאַט צו דערציילן מיט אַ שאַרפן חתוך־הדבור, בולט, גיך, מיט אַ רייכער שפּראַך און פאַרכאַפּטן אָטעם וועגן צדיקים, רביים, וועגן קאָצקער רבין, וואָס האָט זיך פאַרשלאָסן אין אַ חדר מיוחד אויף צענדליקער יאָרן, וועגן וועלדער און פערד — אַ פאַראַנונג פון די קינפטיקע „פּוילישע וועלדער".

***

פון חדר איז יוסף נישט אַריבער אין בית־מדרש אָדער חסידים־שטיבל, ווי אַלע זיינע חברים. ער איז גאָר אַוועק אויף אַן אַנדער וועג: געלערנט שפּראַכן, מאַטעמאַטיק, זיך געחברט מיט מיידלעך, וואָס רעדן פּויליש, פרי אַראָפּגעוואָרפן די קאַפּאָטע, אָנגעטאָן אַ קאַפּעלוש מיט אַ שוואַרצער, ברייטער פעלערינע, וואָס ביי זיין גיכן גאַנג איבער די הויקערדיקע, שטעטלשע געסלעך, האָט זי זיך געכוואַליעט אין דער לופט. ער האָט זיך באַקאַנט מיט סטודענטן, אויך קריסטלעכע, וואָס זיינען געקומען פון וואַרשע, פון אויסלאַנד. אָבער די הויפּט־חברים זיינען געווען די שטיבל־בחורים, וואָס זיינען געוואָרן „געכאַפּט אין דער מעשה"...

דער רבי פון אָט די בחורים־משכילים איז געווען איינער אַ מערקווירדיקער בחור מיט קלוגע גרינע אויגן און אַ בלאָנד העל בערדל, משה מערקער, מיט זעלטענע פעאיקייטן, אַנטוויקלטן ליטעראַרישן געשמאַק, וואָס האָט קאָנצענטרירט אַרום זיך אַלע אויפגעקלערטע יונגעלייט און אויפגערודערט דאָס שטעטל (ווערט דערמאָנט אין מיין בוך „די לעצטע", פאַרלאַג גאָלדפאַרב, וואַרשע 1929). יעדעס נייע העברעאיש אָדער יידיש בוך איז געוואָרן דורך אים פאַרגעלייענט און אָפּגעשאַצט אויפן אויבנדערמאָנטן „היסטאָרישן" שטיין אינמיטן פעלד. יעדעס ניי אָנגעקומענע ביכל „השלח" אָדער פרישמאַנס „הדור" איז געוואָרן גוט אַדורכגעקייט; אַ געוואַלדיקער אָנהענגער פון מענדעלע מוכר ספרים, אינטערפּרעטאַטאָר פון דער „קליאַטשע", געגרינדעט די ערשטע ביבליאָטעק (די „טומאה" האָבן עס חסידים

גערופן), א דראמאטישן קרייז, רעזשיסירט שלום עליכמס „צעזייט און צעשפרייט".
אונטער זיין השפעה האבן שטיבל־בחורים געגנבעט די גרענעץ און און זיינען
אוועק קיין בערלין שטודירן אויף דאקטאר־ראבינער. ער אליין איז דערנאך אוועק
קיין בעלגיע, געווארן אינזשיניער, געשריבן ביכער אין פראנצויזיש און ענגליש
וועגן הויכער מאטעמאטיק, געמאכט א גרויסע דערפינדונג אין די חשבונות פון אן
אינטערנאציאנאלער טעלעפאן־געזעלשאפט אין פאריז, ביי וועלכער ער האט געאר־
בעט און דורכדעם איר איינגעשפארט א הון מיט געלט. ער האט געלייענט לעקציעס
פאר די אינזשיניערן פון אט דער געזעלשאפט; אויך אנגעשריבן א לערנבוך פאר
מאטעמאטיק אין יידיש (געזאלט ארויסגיין אין פארלאג „צענטראל", וואס איז ביז
היינט נישט געשען) און איז געשטארבן אין פאריז אין די בעסטע יארן.

דער דאזיקער משה מערקער האט געהאט א גרויסע השפעה אויך אויף יוסף
אפאטאשוסקי (אפאטאשו האט ער זיך אנגעהויבן רופן ערשט שפעטער אין אמעריקע).
מערקער איז געווארן א חתן און אנגעשריבן א דערציילונג „חתן אני" אין דעם העב־
רעאישן וואכנבלאט „הדגל", וואס איז דעמאלט ארויסגעגאנגען אין לאנדאן אונטער
דער רעדאקציע פון יצחק סוואוואלסקי. האט מען דאס בלאט ארומגעטראגן ווי אן
אבן טוב. אלע האבן אים מקנא געווען. א קלייניקייט! אלץ, וואס ער האט ביי
זיך געשריבן אין העפט, איז געווארן געדרוקט ווארט ביי ווארט מיטן אונטער־
שריפט: משה מערקער הכהן. אלע האבן אנגעהויבן שרייבן און ס'האט זיך גע־
שאפן א ליטערארישער קרייז.

דערנאך, ווען יוסף אפאטאשוסקי איז אוועק קיין ווארשע און דארט געלערנט,
האט ער געוואוינט אין איין דירה מיט י. ד. פרייער, א יונגער שרייבער פון קוטנע,
אשס א בית־המדרש חבר, וואס איז געווען מיטארבעטער און פארטרעטער פון
„הדגל" אין פוילן (איצט — אן אנגעזעענער זשורנאליסט, געוועזענער רעדאקטאר
פון ירושלימער „דואר היום", וואס שרייבט זיך אונטער מיטן נאמען: בר דרורא)).
זיינען אונדזערע אלעמענס מאנוסקריפטן געגאנגען צו פרייערן דורך אפאטאשון.
פרייער האט זיי קוואליפיצירט און די דרוקפעאיקע איבערגעשיקט צום „הדגל".

אין אט דער דאזיקער סביבה האט זיך אויך געפונען יוסף אפאטאשוסקי. צו
יענער צייט האט מען ביי אים נישט באמערקט קיין ליטערארישע אספיראציעס,
הגם ווען ער פלעגט אהיימקומען פון ווארשע, האט ער געהאט א פול מויל מיט
התלהבות פאר פרצן און מ. י. בערדיטשעווסקי, וואס איז דאן געווען אין ווארשע.
דער שרייבער פון זיין משפחה איז גאר געווען זיין עלטערער ברודער: פייוול, וואס
האט געלערנט אין אדעס און איז אהיימגעקומען מיט א שווארצער „רובאשקע",
ארומגעוויקלט מיט א שנור און אראפהענגענדיקע טראלדן, אויפן רוסישן שטייגער.
ער האט געגעבן „שטונדן" אויף רוסיש. א נידעריקער, צארטער בחור, מיט א קליין
פנימל און בלאנדע וואנצעלעך, וואס האט אויסגעזען, ווי מ. ז. פייערבערג, דער מחבר
פון „לאן", געשריבן לירישע לידער אין יידיש, איבערגעזעצט לידער פון רוסיש,

איבערהויפּט פון לערמאַנטאָוון (עטלעכע זיינע לידער זיינען דערנאָך געדרוקט גע־וואָרן אין „ראָמאַן־צייטונג", וואָס איז דאַן אַרויס אין וואַרשע, אונטער דער רע־דאַקציע פון מ. קרינסקי). ערשט שפּעטער, האָרט פאָר יוסעס אפּפאָרן קיין אַמע־ריקע, זיינען מיר געוואויר געוואָרן, אַז אויך יוסף האָט ליגן אין זיין טיש־שופלאָד באַשריבענע העפטן, האָט עס ביי אונדז אַרויסגערופן אַ שמייכל: „הגם שאול בנביאים?" און מיר האָבן דאָס אָנגענומען אַלס קאַפּריז, וואָס שטאַמט גיכער פון קנאת־סופרים, ווי פון אַן אינערלעכער טרייב־קראַפט און האָבן אויף דעם נישט געלייגט קיין אַכט. דעריבער איז ביי אונדז אויך געווען אַ פלא, וואָס אין זיינע ערשטע בריוו פון אַמעריקע, האָט ער געשריבן וועגן דעם ניו־יאָרקער ליטעראַרישן קרייזל.

אָבער מיטאַמאָל: אַן אַנטדעקונג! זיינע לאַנגע בריוו, וואָס האָבן אָנגעהויבן אָנקומען פון אַמעריקע צו אונדז און צו פּיוטלען, וואָס מיר האָבן זיי געלייענט אויפן פעלד ביים „היסטאָרישן" שטיין, האָבן אונדז איבעראַשט. מיר זיינען געשטאַנען פאַרבליפט, ווי פאַר אַן אויסערגעוויינלעכע דערשיינונג. יעדער בריוו — אַ שטיק ליטעראַרישע אַרבעט, פלאַסטיש געשריבן, מיט עקספּרעסיע, מיט אימפּעט, מיט אַ האַסטיקן אָטעם, כאַטש נעם און גיב אים גלייך איבער צום דרוק. איך געדענק נאָך ווי היינט זיינס אַ בריוו, וואו ער באַשרייבט, ווי ער האָט געבלאָנדזשעט איבער די ניו־יאָרקער גאַסן נאָכן פאַטערס טויט — האָט עס פאַרכאַפּט מיט זיין בילדלעכ־קייט און עלעגישן טאָן. און דאַן האָבן מיר דערשפּירט, אַז עס ליגט אין אים באַ־האַלטן אַ געוואַלדיקער ליטעראַרישער כוח, וואָס וועט אַמאָל קומען צום אויסדרוק. דאַן האָבן מיר זיך דערמאָנט, אַז אויך זיין אָרט רעדן, איז אייגנטלעך געווען אַ שטיק ליטעראַרישע עקספּרעסיע: האַסטיק, אָפּגעהאַקט, בילדלעכע באַצייכענונגען מיט בולט פעטע שטריכן, און מיר האָבן געוואַרט מיט אומגעדולד אויף זיינע ווייטערע שריט, ביז מיר האָבן זיך דערוואַרט. אין אַ שיינעם זומער־טאָג איז אָנגעקומען זיין דערציילונג „אויף יענער זייט בריק", וואָס איז געווען געדרוקט אין אַ זאַמלבוך און מיר האָבן דערשפּירט, אַז דער קוואַל האָט זיך געעפנט, און די יידישע ליטע־ראַטור האָט געוואונען אַ נייעם, קרעפטיקן כוח מיטן נאָמען: יוסף אָפּאַטאָשו.

וואַרשע, אַפּריל, 1935

יקיר וואַרשאַווסקי

# משה!*)

ניינטן מאַי, 1929

איך פיל ווי אַ גרויסער עול הויערט אויף מיינע פּלייצעס שוין אַ יאָר צייט. עס איז בפירוש אַ גרויסע עוולה פון מיר פאַר מיין שטילשווייגן. נישט־ווילנדיק פאַרגנבעט זיך אַ מחשבה־זרה אין מוח: אַ, ווען ער האָט געדאַרפט מיין געלט האָט ער געשריבן, און יעצט — איז אויס. און אַחוץ דעם פיל איך בכלל אַ נויטיקייט פון צייט צו צייט זיך אַראָפּצורעדן פון האַרץ. טאָ פאַר וועמען, אויב נישט פאַר דיר? איך קוק מיך אַרום אין דער וועלט און געפין, אמת, דאָ און דאָרט פאַראיינצל־טע פריינד, וואָס מען קען זיך אין זיי אָנטרויען און פאַרטרויען, אָבער דאָס זיינען אַלץ נייע, פריש געבאַקענע, אָן טיפערע שרשים, אָן דער באַהויכונג פון יוגנט־חלום און קינדער־טוי, טאָ צו וועמען זיך ווענדן בעת ס'איז שווער אויפן האַרצן, אויב נישט צו דיר? איך וואַרף אַ בליק אין מיין פאַרגאַנגענהייט און געפין נישט קיין צווייטן.

און אַזעלכע שווערע שעהן זיינען דאָ ביי מיר גאַנץ אָפט. בכלל באַפאַלט מיך פון צייט צו צייט מיט גרעסערע אָדער קלענערע הפסקות, עפּעס אַ משונהדיקער געמיט־צושטאַנד, וואָס איך קען עס נישט אויסטייטשן און דערקלערן. איך האַלט עס פאַר אַ פּסיכישער קראַנקהייט, אָדער אפשר אַ היסטערישן צושטאַנד פון שוואַכע נערוון. איך בין מער נוטה צו דער ערשטער השערה. און דאָס איז נישט פון היינט. עס באַגלייט מיך פון מיין יוגנט אָן. בהלד נר אלהים על ראשי, נאָך פון די צייטן ווען מיר זיינען געווען געקנופּט און געבונדן אין אונדזער געבורטס־שטאָט. איך האָב עס דיר דעמאָלט נישט געזאָגט און בכלל קיין מאָל נישט געלאָזט פאַלן קיין וואָרט דערפון. אָבער אַזוי איז עס. בעסער: אין דער יוגנט האָב איך

*) משה מערקער.

געהאַט די שווערע פסיכישע אַנפאַלן נאָך אָפטער ווי היינט. אָבער אויך די לעצטע יאָרן ווער איך פון זיי געפּלאָגט פון צייט צו צייט. אַן עסנדיקע מעלאַנכאָליע פרעסט מיך, גייסטיקע יסורים באַפאַלן מיך און איך געפין מיר נישט קיין אָרט אין לעבן. איך ווער דעמאָלט אַזוי אומגליקלעך, אַז איין גאָט זאָל זיך נאָר מרחם זיין. איך בין נישט פעאיק צו קיין שום זאַך. איך פאַרליר דעם אַפּעטיט צום עסן, קען נישט לעזן קיין בוך און מכל שכן שרייבן. דעמאָלט פיל איך אַ געוואַלדיקן געברויך זיך צו טוליען צו אַ מאַמע, צו אַ געטרייער שוועסטער, אָדער אַן אמתן פריינד. אַ קליינעם באַגריף פון אַזאַ מין געמיט־צושטאַנד וועסטו געפינען אין מיין דערציילונג „תולדות נפש אחת“, וואָס איז געדרוקט אין מיין בוך „מעלות ומורדות“, וואָס איז קינסטלעריש אפשר נישט אַזוי איי, איי, איי. אויך אין אַנדערע ערטער. מיין הויפּט־געדאַנק דענסטמאָל איז נאָר דער „טויט“ אין פאַרשיידענע וואַריאַנטן און נוסחאות. מיינע ערשטע ליטעראַרישע זאַכן, וואָס זיינען אַממייסטן נישט געדרוקט געוואָרן, זיינען געווען בלויז וועגן טויט. איך געדענק ווי איין מאָל האָט בעל־מחשבות, זייענדיק דעמאָלט רעדאַקטאָר פון „פריינד“ אין וואַרשע, מיר אַמאָל געזאָגט: „אַזאַ יונגער מאַן און שרייבט בלויז וועגן טויט“. דריי צייטן האָב איך געהאַט, ווען איך בין געווען אין גאַנצן באַפרייט פון מיין נשמה־קאָשמאַר: מיט צוואַנציק יאָר צוריק, ביי מיין זיין אין גאָסטינין, די פאָר וואָכן פון מיין רייזע אין ארץ־ישראל און אין דעם ערשטן יאָר פון דעם מלחמה־אויסברוך. ווייזט אויס, אַז גרויסע געשעענישן פאַרכאַפּן מיך אין גאַנצן ביז צום פאַרגעסן מיינע אייגענע קליינלעכע שוואַכקייטן. דעריבער זיינען די דאָזיקע דריי צייטן די גרעסטע דריי לייכט־טורעמס אין מיין לעבן, נישט געקוקט, וואָס אין דעם ערשטן מלחמה־יאָר האָב איך פיל געליטן פיזיש. דאָס איז אפשר אויך איינס פון (נישט אפשר, נאָר געוויס!) די סיבות, וואָס איך האָב נישט דערגרייכט צו דער הויכער מדרגה צו וועלכער איך בין געווען פעאיק (אַזוי דאַכט מיר). איך פיל, אַז איך וואָלט געקענט ליטעראַריש זייער הויך שטייגן, אויך אַלס געלערנטער, רעדנער און אויך מאַטעריעל זיך גוט איינאָרדענען, ווייל איך בין אין דער נאַטור ענערגיש גענוג, נאָר מיינע פסיכישע אַנפאַלן האָבן מיר געשטערט אין דעם. פאַרפאַלן. כאָטש אויך היינט, ביי מיין באַרג אַראָפּ, הויב איך נאָך אָן פון צייט צו צייט האָפן, אָבער איך כאַפּ מיך געשווינד אויף פון מיין חלום. דאַנקען גאָט, וואָס די לעצטע יאָרן האָב איך די דאָזיקע געמיטס־צושטאַנדן זעלטענער ווי אַמאָל, אָבער אין גאַנצן באַפרייט בין איך נישט.

איך האָב פאַר דיר אויפגעהויבן אַ קליין ביסל די פאָרהאַנג פון מיין נשמה, אָבער נאָר אַ ביסל. מעגלעך, ס'וועט דיך אינטערעסירן. נישט קוקנדיק אויף דער שוואַרצער קאַץ, וואָס איז אַדורך אין די לעצטע יאָרן צווישן אונדז (וועגן דעם וואָלט איך געוואָלט רעדן נאָר מינדלעך), איז נאָר דיין געדעכעניש געבליבן אַמטיפסטן און שטאַרקסטן ביי מיר אויפן דעק פון דער נשמה. דו ביסט די גאַנצע

צייט פון מיין אויסערלעך שטילשוויגן, געווען מיט מיר. איך האָב אָפט גענומען דיינע בריוו פון דער יוגנד, וואָס געפינען זיך ביי מיר, זיי געלייענט און גערירט מיט די פינגער. ווי שטייט עס דאָרטן? „שמים לרום, הארץ לעומק ולב אדם אין חקר". נאָר לאָז שוין זיין גענוג.

*
**

איך שרייב יעצט מיט אַ טאָג שפּעטער.

צום באַדויערן האָב איך נישט אַרויסגעזאָגט אין מיינע ערשטע צוויי עמודים. דאָס וואָס כ'האָב געוואָלט. ס'איז אַרויסגעקומען צו בלאָס, צו אויבערפלעכלעך (אָדער ווי מען זאָגט היינט: צו אויבנאויפיק), אָבער איך קער מיך נישט צוריק צו דעם. דו זאָלסט נאָר וויסן, אַז איך לעב איבער צייטנווייז אומגעהויערע גייסטיקע יסורים, וואָס ווערן באַגלייט אויך מיט פיזישע. און דאָס איז אויך די סיבה פון מיין נישט שרייבן אַמאָל צו דיר דורך אַ לאַנגער צייט, כאָטש נישט די איינציקע סיבה.

ביי מיר האָט זיך די לאַגע קיין סך נישט געענדערט. מיט פרנסה איז גע־וואָרן אַ ביסל בעסער ווי פאַראַיאָרן אָדער פאַר צווייאָרן. אָבער ס'פעלט נאָך אַ סך צו גענוג. ווען ס'קומט צו „בגד ללבוש" איז עס אַ פּראָבלעם פון דער ערשטער מדרגה. איך אַרבעט אין אַ גמינע שולע 7 שעה אַ טאָג. די איבעריקע צייט פאַרנעם איך מיך מיט אַסעקוראַנץ פון לעבן, פייער און גנבה און אַ ביסל מיט ליטעראַטור. איך אַרבעט אַלזאָ זייער שווער און פון די אַלע מלאכות איז נאָך נישטאָ קיין ברכות. מיין צווייטע אַרבעט איז מיר דערווידער און שווער און די רעזולטאַטן זיינען נישטיקע און ביי דער היינטיקער שווערער צייט אין פוילן איז, דאַכט זיך, יעדער דריטער יונגערמאַן אַן אַגענט, אַזוי אַז מען שטויסט זיך מיט די אַקסלען. איך וועל עס וואַרשיינלעך מוזן אַוועקוואַרפן. מיט געזונט איז אויך נישט אַמבעסטן: איך און מיין פרוי זיינען קראַנק, אויך די קינדער זיינען שוואַכע. מעגלעך, אַז ביי גוטע מאַטעריעלע באַדינגונגען וואָלט זיך דאָס געבעסערט, אָבער, דערווייל איז נישט גוט. מיינע קינדער לערנען אין אַ העברעאישער שולע, זיי לערנען זיך פלייסיק. איינער איז היינט אַלט 11 יאָר, דער צווייטער 8. איך פאַרברענג מיינע טעג גאַנץ נישט אינטערעסאַנט: מיט אַרבעט און נאָך אַמאָל מיט גייסטיקע און פיזישע אָנשטרענגונגען. איך בין שוין לאַנגע צייטן נישט געווען אין טעאַטער, הגם איך האָב זייער ליב מוזיק, קום וועניק צווישן מענטשן און לעב בכלל איינ־געשלאָסן אין זיך. ס'באַזוכן מיך נאָר אַ קליינער קרייז פריינד, וואָס כ'האָב מיך דערוואָרבן אין פלאָצק און אין דער פּראָווינץ בעת מיינע רייזעס פאַרן „קרן היסוד."

מיין לעצט בוך „די לעצטע" האָט אַרויסגערופן אַ פּאָלעמיק אין די צייטונגען.

פון איין זייט איז אַרויס עפּעס אַ יונגערמאַן פון סוויענצאַני, מ. נאָטיש און געמאַכט דערפון אַ באַרג אַש אין דער בונדישער „פאָלקסצייטונג“. פון דער צווייטער זייט איז אַרויס מיט אַן ענטפער אין „מאָמענט“ יהושע פּערלע, וואו ער שייגעצט אויס דעם נאָטיש. אין דעם חודשדיקן זשורנאַל „די יידישע וועלט“, איז אַרויס ה׳ ניימאַן מיט אַ גרויס אַרטיקל: „תחית המתים פון שטעטל“, וואו ער זינגט מיר תהלות ותשבחות, מער וויפיל כ׳בין ווערט. לויב־געזאַנגען זיינען אויך געווען אין „היינט“ און „וועלטשפּיגל“. איניקע צייטונגען האָבן איבערגעדרוקט קאַפּיטלעך פון בוך. איך אַרבעט היינט איבער אַ ריי נאָוועלן, וואָס וועלן זיין געדרוקט אין צוויי ביכער. איינס וועט וואַרשיינלעך הייסן: „פון דער היים“, אַזעלכע, וואָס שעפּן נאָך פון קליינעם שטעטל און דאָס צווייטע בוך: „דאָס און יענץ“. דערווייל דרוק איך זיי אין „וועלטשפּיגל“, „היינט“, „ליטעראַרישע בלעטער“ און אַ ביסל אין אַמעריקע. איך פאַרעפנטלעך אויך פון צייט צו צייט פּובליציסטישע אַרטיקלען. פון פּאַרטיי־אַרבעט (ציוניסטישער) האָב איך מיך פאַרלויפיק אין גאַנצן אַרויס־געלאָזט.

איך חלום מיט דיר זיך צו זען נאָך דעם זומער. מיינע שוויגער־עלטערן האָבן אויסגעוואַנדערט קיין לאָנדאָן צו זייערע קינדער. אויך אין פּאַריז וואוינט מיין פרויס אַ ברודער. איך חלום אַלזאָ צו זיין אויפן קאָנגרעס און צוריק און דערנאָך זיך אַריבערכאַפּן קיין פּאַריז און לאָנדאָן. איך זאָג: חלום, ווייל ס׳איז נאָך אַ פראַגע פון (פאַרשטייט זיך) געלט און אויך פּאַס־שוועריקייטן, ס׳איז אויך נאָך אַ פראַגע צי מיין שוואַך האַרץ וועט מיך דערלויבן צו מאַכן אַזאַ רייזע.

אַזוי ווי דו זעסט, שרייב איך גאַנץ צעוואָרפן און נישט קאָנצענטרירט. כל מה שיעלה המזלג. איך האָב אַזוי פיל צו שרייבן, אַז איך ווייס נישט ביי וואָס אָנצוהויבן. איך וואָלט געוואָלט איבערהויפּט שטיין מיט דיר אין אַ קאָרעספּאָנ־דענץ, אויב דיין צייט וועט דיר נאָר דערלויבן. איבער דעם שרייב איך נישט העברעאיש, ווייל כ׳פיל אַ שטיקל לאַסט פון דער שפּראַך־מחיצה. איך גלויב, אַז דו ווייסט אַז כ׳קען גענוג העברעאיש אויסצודריקן זיך אומגעשטערט און איך ליב העברעאיש, אָבער איך וויל זיין אין גאַנצן פריי. דו קענסט ענטפערן העברעאיש אָדער יידיש, ווי ס׳איז דיר באַקוועם. כ׳וואָלט גערן געוואָלט דו זאָלסט מיר שיקן דיין פאָטאָגראַפיע. אויב בכלל ס׳אינטערעסירט דיך מיינע לעבן און סביבה, פרעג פונקטנווייז און איך וועל דיר ענטפערן באריכות על ראשון ועל אחרון אַחרון.

צי קריגסטו בריוו פון אַבא טיקלסקער? יאָ, יוסף אָפּאַטאָשו, ביי זיין לעצטן באַזוך אין פּוילן, האָט מיר איבערגעגעבן 25 דאָלאַר, וואָס אַבא האָט מיר דורך אים געשיקט. איך האָב דאָס געלט נישט געוואָלט צונעמען, ווייל ער האָט נישט געפונען פאַר נויטיק צוצושרייבן אַפילו אַ פּאָר ווערטער, נאָר ווי מען וואַרפט אַן

אָרעמאַן אַ נדבה, און — טשעפּע זיך אָפּ! אָבער ווייל דעמאָלט האָב איך ממש נישט געהאַט קיין ברויט, האָב איך דאָס געלט יאָ גענומען. איך האָב אים דערנאָך געשיקט מיין בוך, וואו ער אַליין ווערט דאָרט דערמאָנט, און אויך צוגעשריבן אַ בריוול, אָבער אַ תשובה האָב איך עד היום נישט באַקומען. מען זאָגט, אַז ער איז געוואָרן זייער רייך. ווי זאָגט דאָס שלום עליכם? „וואָס מער קבצן, מער הוליאַקע...״ נו, זאָל אים גאָט העלפן.

זיי מיר געזונט און האַלט נישט אויף מיטן ענטפער.

דיין: יקיר

# געשטאַלטן:

יהודה טיבערג
זיגמונט קלענעץ
מ. פ.
נחמן מייזיל
בונם וואַרשאַווסקי
רחל ערליך
ע. נ—סקי
ד״ר יהודה ראָזענטאַל
ברוך יצחק פערלמוטער
חיים דרעזנער
טוביה ווענדי
י. ט.
י. ר. און י. א.
ש. לעווענטאַל

יהודה טיבערג

# מיינע מלאָווער זיידעס

## א. מיין עלטערזיידע ר׳ ישראל יצחק קלינגער ז״ל

וועגן מיין עלטער-זיידן, דעם מלאָווער רב, ר׳ ישראל יצחק קלינגער ז״ל, וועגן זיין לעבן און ווירקונג, זיינען נישט געבליבן קיין אויטענטישע מאַטעריאַלן. דאָס וואָס ס'איז מיר באַקאַנט איז מער לעגענדע איידער היסטאָרישער פאַקט; עס זיינען ווייטע אָפּקלאַנגען פון קינדערישע דערינערונגען, וואָס טויכן אויף אין זכרון, מעשות וואָס מען האָט דערציילט אין דער משפחה, יחוס מיט וועלכן מען האָט זיך געגרויסט און וואָס האָט זיך געצויגן איבער עטלעכע דורות.

ר׳ ישראל יצחק קלינגער האָט געשטאַמט פון פּלאָווגע, אַ קליין שטעטל אין פּוילן, פון וואַנען עטלעכע משפחות האָבן אויסגעוואַנדערט אין דער צווייטער העלפט פון דעם פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט קיין מלאָווע. עס זיינען נישט פאַראַן קיין גענויע דאַטעס וועגן זיין קומען קיין מלאָווע און אויך נישט וועגן דעם יאָר ווען ער האָט איבערגענומען דאָס כסא הרבנות. עס איז אָבער באַקאַנט, אַז ער איז געווען מלאָווער רב אַ לאַנגע צייט און ער איז נפטר געוואָרן אין מלאָווע כ׳ תמוז, תרמ״ט. ער איז אין גאַנצן אַלט געווען 59 יאָר צו זיין פּטירה און ער האָט איבערגעלאָזן נאָך זיך איין און איינציקן זון און פינף טעכטער. איינע פון זיינע טעכטער, דבורה, האָט חתונה געהאַט מיט דעם באַקאַנטן לאָדזשער גביר און געררער טיש-זיצער ר׳ משה אהרון ווינער, אַ צווייטע טאָכטער פון מלאָווער רב, רחל, איז געווען די צווייטע פרוי פון דעם וואַרשעווער חסידישן נגיד ר׳ אברהמל פּשעפּיורקע. דעם מלאָווער רבס זון, אברהמל קלינגער האָט חתונה געהאַט פון טשעכאַנאָוו און האָט דאָרטן געוואוינט ביז צום אויסברוך פון דער צווייטער וועלט-מלחמה. זיינע אַ טאָכטער, גאָלדע, איז די פרוי פון דעם געוועזענעם פּרעזעס פון דער וואַרשעווער קהילה, מאַזור, וועלכער געפינט זיך היינט אין ישראל און איז אַ מיטגליד פון דער כנסת.

אין מלאָווע, צווישן אַלעקסאַנדער חסידים, און באַזונדערס אין מיינע

משפחה־קרייזן זיינען אַרומגעגאַנגען גאַנצע לעגענדעס וועגן דער פּערזענלעכקייט פון דעם מלאַווער רב. ער איז געשילדערט געוואָרן ווי אַ מענטש וואָס האָט אוסי־געאיבט אַ גוואַלדיקן איינפלוס אויפן לעבן נישט נאָר פון דער מלאַווער קהילה, נאָר אויך ווייט אַריבער די דאָזיקע גרענעצן. אין אַלעקסאַנדער הויף האָט מען אויף אים געקוקט ווי אויף דעם נאַטירלעכן ממלא מקום פון דעם אַלטן אַלעקסאַנ־דער רבין. ר׳ ישראל יצחק האָט זיך אָבער אַנטשיידן אָפּגעזאָגט איבערצונע־מען די אָנפירונג פון אַלעקסאַנדער חסידות און ער האָט פון זיך געיאָגט די חסידישע דעלעגאַציעס, וואָס זיינען געקומען אים קרוינען נאָך דער פּטירה פון אַלטן רבין.

אין מלאַווע גופא, האָט ר׳ ישראל יצחק געפירט דאָס רבנות ביד רמה. ער האָט קיין מאָל נישט נושא פנים געווען די גבירים און האָט שטענדיק געפּסקנט לויט דעם חומר הדין. דערפאַר איז ער אָבער געווען זייער פּאָרזיכטיק ווען עס איז געקומען צו באַשטימען ענינים, וואָס זיינען געווען נוגע אָרעמעלייט. דאַ איז ער געווען פון די גרעסטע מקילים. אין דעם פּרט זיינען וועגן אים אַרומגעגאַנגען אַן אַ שיעור לעגענדעס.

איינע פון די דאָזיקע מעשות האָט זיך איינגעקריצט אין מיין זכרון פון מיין פריסטער קינדהייט: איינער פון די מלאַווער תקיפישע נגידים האָט זיך געלאָדן פאַרן מלאַווער רב מיט אַ צווייטן יידן, וואָס הגם ער איז אין שטאָט אויך אָנגעגאַנגען פאַר אַ נגיד, האָט אָבער דער רב געוואוסט, אַז אין דער אמתן איז ער אַן אָרעמאַן און ער שטרענגט זיך אָן מיט אַלע כוחות צו פאַרבאַהאַלטן פון שטאָט זיין אמתע לאַגע, אַז ער שטייט פאַר באַנקראָט. די טענות פון דעם תובע זיינען געווען באַ־גרינדעטע און לויטן דין וואָלט דער גביר באַדאַרפט געווינען די דין־תורה. האָט דער רב געפּרואווט דערפירן צו אַ פּשרה. דער גביר איז אָבער דווקא באַשטאַנען אויף אַ „ריינע דין תורה". ר׳ ישראל יצחק האָט דאַן אַריינגערופן דעם גביר אין אַ חדר מיוחד און אים דערקלערט: לויטן דין האָסטו טאַקע געוואונען — דו קענסט מיר אָבער בשום אופן נישט אָנווייזן אויף אַ דין, אַז איך מוז עס זיין מלאַווער רב, איז אײדער איך זאָל אַרויסגעבן אַ פּסק קעגן דעם יידן וועל איך זיך בעסער אָפּזאָגן פון מלאַווער רבנות. דער אַרגומענט האָט געווירקט און דער גביר איז איינגעגאַנגען אויף אַ פּשרה.

דער מלאַווער רב איז געווען געאַכטעט נישט בלויז ביי יידן. אויך די נישט־יידישע באַפעלקערונג האָט אים אַרויסגעוויזן גרויס דרך־ארץ און די אָנגעזעענע בירגער פון שטאָט פלעגן קומען זיך מישב זיין מיט אים וועגן וויכטיקע שטאָטישע ענינים. זיין ווירקונג אויף דער מלאַווער קהילה איז געווען אַזוי גרויס אַז אַ לענ־גערע צייט נאָך זיין פּטירה איז דאָס מלאַווער כסא הרבנות געשטאַנען ליידיק, ווייל עס איז די מלאַווער יידן געווען שווער זיך צוצוקלייבן אַ רב, וועלכער זאָל זיין ראוי צו פאַרנעמען דאָס אָרט פון ר׳ ישראל יצחק קלינגער.

## ב. מיין זיידע ר׳ טוביה יששכר טיבערג ז״ל

מיין זיידע, ר׳ טוביה יששכר טיבערג איז געווען אַן איידעם פון דעם מלאַוווער רב. זיין ווייב, מיין באָבע רויזע, איז געווען די עלטסטע טאָכטער פון ר׳ ישראל קלינגער, פון זיין ערשטער פרוי.

באַלד נאָך דער פטירה פון דעם מלאַוווער רב, האָבן אַ טייל פון די מלאַוווער באַלעבאַטים, הויפּטזעכלעך די אַלעקסאַנדער חסידים, פאַרגעלייגט דעם זיידן ער זאָל איבערנעמען דאָס כסא הרבנות נאָך זיין שווער; היות אָבער אַרום דער רבנות־שטול האָט זיך געפירט אַ שאַרפע מחלוקה אין שטאָט, האָט דער זיידע זיך קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט צו זיין אַפילו איינער פון די קאַנדידאַטן. ער איז געווען אַ מענטש, וואָס איז געווען ווייט פון מחלוקת כרחוק מזרח ממערב. ערשט אין עטלעכע יאָר אַרום, ווען מלאַווע האָט שוין געהאַט אַ רב און די מחלוקה איז שוין געווען אַ ביסל איינגעשטילט האָט מען ביי אים געפּועלט ער זאָל אויפגעבן זיין געוועלבל, פון וואַנען ער האָט געצויגן חיונה און ווערן מלאַוווער דיין.

פופציק יאָר איז דער זיידע געווען דיין אין מלאַווע. ער איז נפטר געוואָרן אין 1933, אין עלטער פון 83 יאָר.

מיינע קינדעריאָרן האָב איך פאַרבראַכט אין דעם זיידנס הויז. מיינע עלטערן האָבן געוואוינט אין ליוביטש, אַ פּיצעלע שטעטל לעבן דער פּרייסישער גרענעץ, ביי טאָרון. דער טאַטע מיינער, וועלכער איז געווען דער צווייטער זון פון זיידן, האָט מורא געהאַט, אַז זיינע קינדער וועלן נישט קענען קריגן קיין געהעריקע דער־ציאונג אין דעם קליינעם העק, האָט ער זיי געשיקט קיין מלאַווע צום זיידן ער זאָל זיי מחנך זיין.

אַלע מיינע זכרונות וועגן דעם זיידן שטאַמען טאַקע פון אַט דער צייט, ווען מיין גאַנצע וועלט איז געווען איינגעטיילט צווישן דעם זיידנס שטוב און דעם אַלעקסאַנדער שטיבל, וואָס האָט זיך געפונען אויף דעם זעלבן הויף אויפן פּלאַצ־קער געסל. אַ קליין וועלטל, אָבער אין דעם דאָזיקן שטיקל וועלט האָט זיך אָפּ־געשפּיגלט אַ באַדייטנדיקער טייל פון דעם לעבן פון די מלאַוווער יידן.

ביים זיידן איז געווען אַן אָפענע שטוב. עס זיינען געקומען חסידים נאָך עצות, אַנדערע זיינען געקומען נאָך אַ הלוואה, חסידים זיינען געקומען סתם אַזוי פאַרברענגען אַ ביסל מיטן זיידן, אַלטע חסידים זיינען געקומען שמועסן חסידות.

עס האָט שטענדיק געזשומעט ביים זיידן אין שטוב ווי אין אַ בינשטאָק. אין דער וואָכנס זיינען עס געווען די שאַרפע דין־תורות, וואָס האָבן זיך דאָרט געפירט טאָג און נאַכט. די קלענעצעס, די פּראַנקס און קאַנעצקיס, די פּיזשיצעס און אַנ־דערע מלאַוווער גרויסע סוחרים האָבן געהאַלטן אין איין לאָדן זיך און דער זיידע איז געווען זייער נאַטירלעכער אָפּקלייב אַלס בורר.

דער זיידע האָט געשמט ווייט און ברייט מיט זיין שכל הישר, מיט זיין אויסער־געוויינלעכער חכמה. איך געדענק ווי עס פלעגן פאַרפאָרן די גבירישע קאָטשן, וואָס זיינען געשיקט געוואָרן פון אַזש אַזוי ווייט ווי פלאָצק צו נעמען דעם זיידן אויף בוררות אין אַ סכסוך וועגן וועלדער אָדער מילן, אָדער סתם אויסצוגלייכן אַ שווערן ענין צווישן געוועזענע שותפים. דעמאָלט פלעגט די שטוב גיין כאָדראָם. מען האָט געהאַלטן אין איין אַרויסדערלאַנגען מלבושים און שפייז, אַזוי ווי דער זיידע וואָלט אַוועקגעפאָרן אין די אמתע מרחקים. דאָס גאַנצע פלאָצקער געסל איז אַרויס אין דרויסן באַטראַכטן די קאָטש, און די קינדער פלעגט מען מוזן אַרויסטרייבן פון דער קאָטש מיט דער בייטש... צום סוף פלעגט דער זיידע אַרויסקומען פון שטוב אָנגעטאָן אין זיין לאַנגער זיידענער קאַפּאָטע, אין דעם הויכן סאַמעטענעם הוט און דאַן פלעגן די ווייבער זיך אָפּרוקן וואָס ווייטער אויס דרך ארץ פאַר ר׳ טוביהן.

דער זיידע פלעגט קיין מאָל נישט פאַרגעסן מיטצוברענגען עפּעס אַ מתנה פאַר יעדן קינד פון דער משפחה פון אַזאַ נסיעה. און הגם עס זיינען געווען עטלעכע צענדליק אַזעלכע אייניקלעך זיינע אין מלאַווע, האָט ער פונדעסטוועגן געדענקט וואָס פאַר וועמען מיטצוברענגען, צוגעפּאַסט צו דער עלטער פון יעדן קינד. ער האָט אויסערגעוויינלעך ליב געהאַט קינדער. ער האָט געקענט זיך אַוועקזעצן אויף גאַנצע שעהן מיט די אייניקלעך און זיי דערציילן מעשות. ער האָט ליב געהאַט אַרויסצורופן געלעכטער ביי די קינדער, פלעגט ער זיי דערציילן קאָמישע פּאַ־סירונגען און האָט האַרציק מיטגעלאַכט מיט די קינדער. עס איז אים נישט געווען צו דערקענען אין אַזעלכע מאָמענטן. מען וואָלט בשום אופן נישט געזאָגט, אַז אָט דער הויכער ייד וואָס שפּילט זיך ווי אַ קינד מיטן קליינוואַרג איז עס טאַקע דער מלאַווער דיין, דער גרויסער קאָפּ־מענטש און חסידישע פיגור, וואָס דערוועקט אַזוי פיל דרך ארץ צו זיך מיט זיין בלויזער דערשיינונג.

אויף וויפל איך געדענק, איז דער זיידע, נאָך דער פּטירה פון דעם יונגן אַלעקסאַנדער רבין, דעם ישמח ישראל, קיין מאָל מער נישט געפאָרן קיין אַלעק־סאַנדער. ער איז פון דאַן אָן בכלל מער נישט געפאָרן צו קיין רבין. אין די שפּעטערדיקע יאָרן מיינע האָב איך ערשט פאַרשטאַנען דעם ביטול, מיט וועלכן דער זיידע האָט גערעדט וועגן די נייע רבישע הויפן, וועגן די קוויטלעך און מופתים. ער האָט דעמאָלט שוין נישט געקענט צוזען די ירידה פון אמתער חסידות, וואָס האָט אָנגעהויבן וואולגאַריזירט צו ווערן נאָך דעם אונטערגאַנג פון קאָצק און וואורקע.

ער אַליין איז טאַקע נישט געפאָרן, אָבער דאָס אַלעקסאַנדער שטיבל האָט ער נישט פאַרלאָזן. אייגנטלעך האָבן די חסידים אים נישט פאַרלאָזט. זיי האָבן אין אים געזען דעם גייסטיקן מנהיג און האָבן זיך געפירט כלפּי אים אַזוי ווי ער וואָלט געווען רבי. קיין אַלעקסאַנדער איז מען געפאָרן אויף יום־טוב — ביים זיידן האָט מען געפּראַוועט חסידות אַ גאַנץ יאָר.

און ער אַליין האָט נישט געהאַט קיין אַנוגג פון דער ראָל וואָס ער האָט גע־שפּילט. ביי זיין גאַנצער אויסערגעוויינלעכער חכמה, איז ער געווען אַן איש תמים, וואָס האָט גאָר נישט געהאַלטן פון זיך, וואָס האָט זיך אַליין אין גאַנצן מבטל געווען. איך געדענק ווי ער פלעגט זיך אָוועקזעצן ביים טיש מיט די אייניקלעך — און אייניקלעך זיינען תמיד געווען ביי אים אַ סך, ווייל אַלע זיינע זין פלעגן אים אַריינ־שיקן זייערע קינדער מדריך צו זיין — און זיי זאָגן בדרך הלצה: איר דאַרפט נישט זיין נישט קיין חכמים און נישט קיין לומדים, ווייל ביי יידן איז גענוג אַז מען האָט געהאַט אַן עלטער־זיידן וואָס האָט געקענט לערנען האָט מען שוין פרנסה...

דאָס האָט ער געזאָגט נאָך דעם ווי ער האָט פון זיך אַליין געמאַכט עפר ואפר, געזאָגט אַז ער לעבט בסך הכל אין זכות פון זיינע עלטערן און אור־עלטערן, וועלכע זיינען טאַקע געווען די אמתע יידן. ער אַליין אָבער איז גאָרנישט ווערט וואָס מען מאַכט פון אים אַ ווענן...

אויף שטענדיק זיינען מיר פאַרבליבן אין זכרון די שלוש סעודותן ביים זיידן אין שטוב. דאָס זיינען אומפאַרגעסלעכע מאָמענטן פון נשמהדיקער דערהויבנקייט, פון רוחניותדיקן געניוס, וואָס האָבן אויף אייביק איבערגעלאָזן שפּורן ביי די, וועלכע האָבן זיי איבערגעלעבט אין זייערע קינדער־יאָרן.

וואָס טונקעלער עס זיינען געוואָרן די פאַרנאַכטיקע שאָטנס, אַלץ שטילער דער ניגון, אַלץ דביקותדיקער דער שעפּטש פון די זמירות. דער זיידע פלעגט זייער זעלטן זאָגן תורה. מערסטנס פלעגט ער דערציילן חסידישע מעשות פון וואורקע און פון די ערשטע אַלעקסאַנדער. נישט קיין מופתים, נאָר פשוט דאָס לעבן פון די גרויסע רבישע פיגורן. עס איז געווען אַן אייגנאַרטיקער אופן פון קנעטן דעם כאַראַקטער פון חסידים, פון דערציען יידן מיט מידות.

אָט־אָ־די שבת־פאַרנאַכטן האָבן זיך עפּעס נאַטירלעכערהייט אַריבערגעגאָסן אין די מוצאי־שבתן. נישט קיין איבעררייס איז עס געווען, נאָר אַ המשך; די אַנגעצונדענע ליכט זיינען געווען אַ נאַטירלעכע פאַרזעצונג פון דער שיין וואָס האָט אַרויסגעשטראַלט פון די שלוש סעודותדיקע יידן.

יום־טוב ביים זיידן אין שטוב איז געווען אַ קוואַל פון געצוימטער פרייד, וואָס האָט אויסגעפּילט דעם גאַנצן אַרום. אַלע קינדער און אייניקלעך האָבן גע־האַלטן יום־טוב ביים זיידן. אַפּגעמאַכט קידוש און עפּעס טועם געווען אין דער היים, איז מען געקומען צום זיידנס טיש. דער זיידע איז זייער שפּעט געגאַנגען צום טיש. צי ער האָט עס אַזוי אויסגערעכנט, אַז די קינדער זאָלן קענען מיט אים מיטהאַלטן, צי עס איז געווען די התבודדות וואָס ער האָט געפּראַוועט — ער האָט זיך אָפּגעזונדערט פון דעם הויזגעזינד גלייך ווי עס איז צוגעפאַלן דער אָוונט און ווען ער איז צוריקגעקומען פון דאַוונען האָט ער ווידער פאַרברענגט ביחידות ביז שפּעט אין אָוונט. ווען אַלע קינדער און נאָענטע פריינד, חסידים זיינען שוין געווען פאַרזאַמלט. דאַן פלעגט ער אַריינקומען אין דער גרויסער, באַלויכטענער

עס־שטוב מיט אַ ברייטן גוט יום־טוב און מיט אַ שמייכל, וואָס האָט כהרף עין אַנגעפילט די שטוב מיט אַ ים פון פרייד. אין לויף פון דער סעודה האָבן חסידים געהאַלטן אין איין קומען. מען איז געשטאַנען לעבן טיש, מען איז געזעסן וואו עס האָט זיך געלאָזט.

עס האָט אין אַ געוויסן זין, דערמאָנט אַ רבישן טיש, עס איז אָבער ווייט נישט געווען דאָס זעלבע. עס איז נישט געווען די אָנגעשטרענגטקייט און די צערעמאָניע פון אַ רבישן הויף, מיט זיינע גבאים, שמשים, טיש־זוכערס און שיריים־כאַפּערס — דאָ איז געווען אַ צוזאַמענקום פון משפּחה און אינטים צוזאַמענגעלעבטן פריינד, וואָס זיינען געקומען פאַרברענגען יום־טוב אין אַ היימישער שטוב.

ווען נאָך דער פּטירה פון דעם ישמח ישראל, האָבן אַ טייל חסידים זיך צוריקגעצויגן פון אַלעקסאַנדער און האָבן אָנגעהויבן פאָרן קיין סטריקאָוו, האָבן אין גאַנץ פּוילן זיך געשאַפן באַזונדערע סטריקאָווער שטיבלעך. אָבער נישט אין מלאַווע. דאָ האָט דער זיידע נישט דערלאָזט צו קיין שפּאַלטונג. ער האָט געהאַלטן, אַז כאָטש מען פאָרט צו באַזונדערע רביס קען מען פונדעסטוועגן דאַוונען אין איין געמיינזאַמען שטיבל.

אין מלאַווע האָט אין יענער צייט געוואוינט דער ברודער פון דעם סטרי־קאָווער רבין, ר׳ איטשע לאַנדוי. איז דער ייד אַליין געווען אַ שטיק רבי, וואָס האָט געפירט אין מלאַווע סטריקעווער חסידות ביד רמה. ער האָט גערודפט די אַלעקסאַנדער חסידים און זיי שווער געמאַכט זייער צוזאַמענזיין אין דעם אַלעק־סאַנדער שטיבל — דער זיידע האָט אָבער נישט געלאָזן די אַלעקסאַנדער אַוועקגיין פונעם שטיבל. ער פלעגט זאָגן, אַז וואָס פאַר אַ קונץ איז עס צו זיין אַ חסיד מתוך רחבות — מען דאַרף אויפנעמען די רדיפות ווי יסורים של אהבה.

דעמאָלט איז עס איינגעפירט געוואָרן דער מנהג איינצוטיילן די יום־טוב־צוזאַמענקונפטן צווישן סטריקאָווער און אַלעקסאַנדער: אויף פּורים פלעגן אַלע סטריקאָווער און אַלעקסאַנדער חסידים זיך צוזאַמענקומען ביים זיידן אין שטוב און שמחת תורה האָט מען געפייערט ביי ר׳ איטשקע לאַנדוי.

נישט בלויז מיט זיין חכמה האָט דער זיידע צוגעצויגן צו זיך מענטשן. מער נאָך האָט ער געווירקט מיט זיין אויסערגעוויינלעכער גוטסקייט און צוגעלאָזנקייט. דאָס איז געווען אַ מענטש, וואָס האָט ממש געלעבט מיטן לעבן פון זיינע נאָענטע. זיין גרעסטער פאַרגעניגן איז געווען ווען ער האָט געקענט עמעצן מיט עפּעס אַרויסהעלפן אין אַן עת צרה. פאַר זיך אַליין האָט ער נישט געהאַט קיין שום פאַרלאַנגען. איך געדענק אַז ער האָט געקענט זיך אָפּגעבן גאַנצע טעג, אַמאָל אויך וואָכן מיט אַ בוררות צווישן צוויי יידן, און צום סוף, ווען דער ענין איז אויסגעגליכן געוואָרן און די באָבע האָט אים אַ פרעג געטאָן וויפל ער האָט פאַר־דינט פאַר זיין טירחה, האָט ער געענטפערט: ווי האָב איך געקענט פון זיי נעמען געלט, אַז איך ווייס, אַז זיי האָבן ביידע געמאַכט אַ שלעכט געשעפט...

אין משך פון דעם האַלבן יאָרהונדערט וואָס דער זיידע איז געווען דיין אין מלאַווע, האָט ער קיין איין גט נישט דורכגעפירט. מערסטנס האָט ער פאַרשטאַנען איבערצוצייגן דאָס צעקריגטע פּאָרפאָלק, אַז עס וועטביידן זיין בעסער ווען זיי וועלן זיך נישט גטן. אויף מסביר צו זיין אַן ענין איז ער געווען אַן אמתער מאדים. אין אַנדערע פאַלן אָבער, ווען די צדדים זיינען געווען איינגעשפּאַרט, האָט ער זיך אָפּגעזאָגט אַרויסצוגעבן אַ גט און האָט דאָס פּאָרל איבערגעשיקט צום רב אָדער צום צווייטן מלאַווער דיין.

צוליב זיין זעלטענער גוטסקייט איז ער אויך געווען זייער טאָלעראַנט און ער האָט קיין מאָל קיינעם נישט גערודפט. עס איז געווען קעגן זיין נאַטור צו זיין אַ קנאי. איך געדענק אַ פאַל, שוין פון די שפּעטערדיקע יאָרן, ווען איך בין געקומען צופאָרן קיין מלאַווע זיך שטעלן צום פּריזיוו. איך האָב שוין דאַן געטראָגן אייראָפּעאישע קליידער און האָב געשמט ווי דער איינציקער „דייטש" אין דער משפּחה. האָב איך נישט געוואַגט צו פאַרפאָרן צום זיידן און איך האָב זיך אָפּגעשטעלט ביי אַ פעטער מיינעם. איז ווי נאָר דער זיידע איז וועגן דעם געוואויר געוואָרן, האָט ער געשיקט מיינעם אַ שוועסטערקינד ער זאָל מיך ברענגען צו אים אין הויז. דער זיידע האָט מיך דאַן אויפגענומען מיט אַזוי פיל וואַרעמקייט, אַז איך האָב געפילט ווי די טרערן שטיקן מיך פון חרטה וואָס איך האָב אים געקענט חושד זיין, אַז ער וועט מיך נישט גוט אויפנעמען. איך האָב זיך געפילט זייער געפאַלן ביי זיך. דער זיידע האָט מיך אָבער נישט געלאָזן זיין אומעטיק, ער האָט געפילט וואָס איך לעב דורך און ער האָט אָנגעווענדט אַלע מיטלען מיך צו מאַכן פילן אַזוי ווי אין מיינע קינדער־יאָרן ביי אים אין שטוב.

שפּעטער, ווען מיר זיינען אַלע געזעסןביים טיש און גערעדט וועגן דער משפּחה, האָט די באָבע אַרויפגעפירט דעם געשפּרעך אויף יידישקייט און אַזוי „אומשולדיקערהייט" מיך אַ פרעג געטאָן: נו, און ציצית טראָגסטו? — תוך כדי דיבור האָט איך געענטפערט: זיכער, אַוודאי... די באָבע האָט אָבער נישט אָפּגעלאָזן און האָט פאַרלאַנגט אַז איך זאָל באַווייזן אַז איך טראָג טאַקע אויף אַן אמת ציצית. האָב איך זיך אָנגעהויבן פּאָרען, כלומרשט עס איז גאָר נאַטירלעך אַז איך טראָג אַן אַרבע כנפת, און איך האָב געפילט ווי טראָפּנס שווייס טרעטן מיר אַרויס אויפן שטערן... דער זיידע האָט אָבער דערפילט מיין פאַרלעגנהייט און געאיילט מיר צו הילף. ער האָט זיך אָנגערופן צו דער באָבע: וואָס איז, רויזע, אַ ייד זאָגט ער טראָגט ציצית, גלויבסטו אים נישט? ער מוז עס דיר באַווייזן אַז ער זאָגט נישט קיין ליגן? נישט שיין! און ווענדנדיק זיך צו מיר האָט ער באַפוילן: ווייז נישט!..

אַזאַ איז געווען מיין זיידע: די פאַרקערפּערונג פון חכמה און גוטסקייט. אַ זעלטענער מענטש, אַ זעלטענער ייד. איז ער טאַקע געווען געליבט און געאַכטעט פון יידן אַזוי ווי פון גויים. אונטער דער רוסישער, און שפּעטער אונטער דער

פוילישער מלוכהשאַפט האָט ער געגאָסן פון גרויס אַנזען ביי די אָפיציעלע מאַכט־אָרגאַנען. עס איז געווען געגנוג ער זאָל אינטערווענירן וועגן אַן ענין כדי עס זאָל אַלץ דערליידיקט ווערן לצד היותר טוב. איך געדענק, ווי ער פלעגט דערציילן זיינע אייניקלעך, אַז אים האָט נאָך קיינער קיין מאָל גאָרנישט אָפּגעזאָגט. און ער האָט צוגעגעבן: איר ווייסט פאַרוואָס? — ווייל טאָמער האָב איך נאָר געהאַט דעם מינדסטן ספק, אַז מען קען מיר אָפּזאָגן, האָב איך נישט געבעטן...

דער זיידע איז געשטאָרבן בשיבה טובה און האָט איבערגעלאָזן אַ ברייט פאַרצווייגטע משפחה, פון וועלכער בלויז אַ זייער קליינער טייל האָט באַוויזן אי־בערצולעבן דעם חורבן פון דעם אייראָפּעאישן יידנטום. גאַנץ מלאַווע און די חסידישע וועלט האָט אויפריכטיק געטרויערט אויף זיין טויט.

זאָלן די דאָזיקע פאָר ווערטער פון זיינעם אַן אייניקל זיין אַ באַשיידענע מצבה פאַר דעם אָנדענק פון דעם זעלטענעם מענטשן, וואָס האָט פאַרדינט אַז ער זאָל פאַראייביקט ווערן ווי אַ מוסטער פון אַ מנהיג און מורה הוראה ביי יידן.

זיגמונט קלענעץ (תל־אביב)

# מיין זיידע

מיין זיידע לעמל איז געווען אַ נידעריקער ייד מיט ברייטע שטאַרקע פּלייצעס. געטראָגן האָט ער אַ שוואַרצע קאַפּאָטע, נישט קיין זיידענע, חסידישע, און אַ טוכן היטל. ער פּלעגט זייער ווייניק אַרויסגיין פון שטוב, נאָר פּרייטיקצונאַכטס און שבת אין בית־המדרש אַריין, וואו ער האָט געהאַט די בעסטע שטאָט לעבן רב. אַ גאַנצן טאָג איז ער געזעסן לעבן זיין קאַנטאָר אין אַ וויכן פאָטעל, מיט אַ קאַפּל אויפן קאָפּ, לעבן אַ גרויסן טיש, וואָס איז געשטאַנען ביים פענצטער. קעגן דעם טיש איז געשטאַנען אַן אייזערנע קאַסע, וואו עס זיינען געלעגן די קאַסע־ביכער, ביכער פון די וועלדער, קאָנטראַקטן מיט פּריצים. דאָס איז געווען די קליינע קאַסע. אין דער גרויסער שטוב, לעבן דער „סאַלע" איז געשטאַנען די גרויסע אייזערנע קאַסע, וואו עס זיינען געלעגן ווערט־פּאַפּירן, באַר־געלט און צירונג.

ווער עס האָט געהאַט צו אים אַן ענין, סיי יידן, סיי קריסטן, האָבן געמוזט קומען צו אים אין קאַנטאָר אַריין. גוט שרייבן האָט ער געקענט נאָר יידיש. פּוילישע אָדער רוסישע בריוו האָט אים פאָרגעלייענט זיין שרייבער מרדכי־יוסף.

איין מאָל ברענגט דער שרייבער עפּעס אַ גראָבן בריוו אויף ווייסן גלאַטן פּאַפּיר, שיין געדרוקט, מיט אַ גרויסן, רוסישן אָדלער. אַזעלכע בריוו האָבן אונד־זערע יידן נישט ליב געהאַט, וויל מייסטנס האָט עס געשמעקט מיט נייע פּאָדאַט־קעס, נייע פאָרשריפטן, אָדער זאַכן, וואָס מען האָט גלאַט נישט פאַרשטאַנען.

„וואָס איז דאָס פאַר אַ בריוו?" פרעגט דער זיידע. „עפּעס וועגן אַ באַנק", זאָגט מרדכי־יוסף. „איך ברויך נישט קיין באַנק, איך האָב מיין פאָטעל." „נישט אַזאַ באַנק, ר' לעמל, אַ באַנק, וואו מען באָרגט געלט." „נו, וואָס איז מיט דער באַנק?" „וואַרט אַ מינוט, ר' לעמל, איר זעט דאָך, אַז עס איז אַ גרויס פּאַפּיר, כ'וועל איך באַלד אַלעס זאָגן". „די מעשה איז אַזוי, ר' לעמל, פאָניע וויל דאָ אין מלאָווע עפענען אַ באַנק, אַ גאָסודאַרסטווענע באַנק". „נו, איז וואָס?" זאָגט מיין זיידע:

„לאָז ער עפּענען, איך לאָז אים דען נישט?" „פרעגט מען ביי אייך, צי איר ווילט האָבן אַ קאָנטע און קרעדיט און אויב יאָ, וואָס פאַר אַ סומע, איר פאַרשטייט שוין, ר' לעמל?" „איך דאַרף זיי אויף כפּרות, זיי און זייער באַנק. איך האָב מיין קאָסע. צערייס דאָס פּאַפּיר און וואַרף עס אַוועק. איך האָב מיין קאָסע."

דאָס איז געווען דער שטייגער פון מלאָווער גבירים.

מיין זיידע האָט שוין פאַר זעכציק יאָר צוריק אַבאָנירט אַ צייטונג, חלילה נישט די „הצפירה" אָדער „המליץ". דאָס איז געווען טריף־פּסול. ער האָט אַבאָנירט די „גאַזעטאַ האַנדלאָוואַ". יעדן נאָכמיטאָג איז צו אים געקומען זיין איניקל זעלדע און אים פאַרגעלייענט די צייטונג. זי האָט געלייענט די טעלע־גראַמעס, דעם אַרטיקל וועגן פּאָליטיק און ענלעכע זאַכן.

די „גאַזעטאַ האַנדלאָוואַ" האָט אָנגעהויבן צו דרוקן זאָלאַס באַרימטן ראָמאַן „געלט." אין אָנהויב האָט מיין זיידע זיך צוגעהערט אויפמערקזאַם. ער האָט נישט פאַרשטאַנען, צו וואָס טויג דאָס אַלעס, וואָס וויל מען פון אים. עס זיינען נישט קיין לעגענדעס אָדער מעשיות פון טויזנט און איין נאַכט. פּלוצלונג האָט ער זיך געכאַפּט, אַז דאָס איז אַ מעשה פון ווירקלעכן לעבן פון פּאַריז. האָט ער אַ געשריי געגעבן: „וואַרף אַוועק די נאַרישקייטן, לייען דאָס נישט, דריי איבער דאָס בלאַט און לייען, וואָס וואָל קאָסט. דאָס איז וויכטיקער, ווי די נאַרישע באָבע־מעשיות.

מ. פ. (לאָנדאָן)

# די מאַקאָווסקיס און די פּיזשיצעס

עזריאל יצחק מאַקאָווסקי ז״ל איז געשטאָרבן אין 1910 אין מלאַווע, אין עלטער פון 66 יאָר. אַ גרויסן טייל פון זיין פאַרמעגן האָט ער ביים לעבן און אין דער צוואה אָוועקגעגעבן אויף וואוילטעטיקע צוועקן. ער איז געווען איינער פון די זעקס מנדבים פון דער גרויסער שול אין מלאַווע. צוזאַמען מיט ס. באַניסלאָווסקי האָט ער מנדב געווען דעם גדר אויף דעם נייעם בית־עולם. אין דער צוואה האָט ער פאַרשריבן 20.000 רובל אויף צו בויען אַ נייע תלמוד־תורה, אָדער מנדב צו זיין פאַר דעם זעלבן געלט איינס פון זיינע הייזער, אויף דער סמאָליאַרנע, פאַר דעם צוועק. אויסער דעם האָט ער פאַרשריבן צו 2.000 רובל פאַר דער תלמוד־תורה און ביקור חולים און די סומעס זאָלן אָוועקגעגעבן ווערן אויף היפּאָטעקן. און אין די יאָרצייטן פון זיין טויט זאָל פאַר די צינזן פון די סומעס, פאַרטיילט ווערן די תלמידים אין דער תלמוד־תורה מלבושים און דעם ביקור חולים אויף צו פאַרווענדן אויף זייערע אויסגאַבעס. געהאַט האָט ער צוויי קינדער: אַ זון הערש־לייב (צבי־אריה) ז״ל, געשטאָרבן אין יונגן עלטער פון 37 יאָר, (1902), איינער פון די געציילטע מלאַווער משכילים. ער האָט זיך געחברט מיט דוד אַפּאַטאָווסקי (יוסף אַפּאַטאָשוס פאָטער). אַ טאָכטער חוה, פון מאַן פּיזשיץ, ז״ל — געבוירן 1876, געענדיקט אין יענע יאָרן אַ מיטל־שול און חתונה געהאַט אין 1893 מיט דוד פּיזשיץ, ז״ל, אַ זון פון שמואל פּיזשיץ, ז״ל, פון ביאַלע־פּאַדליאַסקע. ר׳ דוד פּיזשיץ הויפּט־געשעפטן זיינען געווען: וועלדער, „פּאָדריאַדן״ פאַרן רוסישן מיליטער, גיטער, באַנק־אונטערנעמונגען און האַנדל אין גרויסן מאַסשטאַב.

פון דער היים אַ סאַקאַלאָווער חסיד, פון די אַלטע קאָצקער, איז זיין אידעאַל אין לעבן געווען צו זאָרגן פאַר צרכי־ציבור. זייער הויז אין מלאַווע, און שפּעטער אין וואַרשע, איז געווען תמיד אָן אָפענע שטוב פאַר אַלע, נישט נאָר פאַר יחידים, נאָר אויך פאַר אינסטיטוציעס.

צוזאַמען מיט דעם שווער, עזריאל יצחק, האָט ר׳ דוד געבויט דאָס אַלעקסאַנדער שטיבל אין מלאַווע. אין די יאָרן 1908-9 האָט ער געבויט צוזאַמען מיט אַנדערע מלאַווער די נייע, מאָדערנע מקווה. אַזוי ווי דער בוי האָט אָפּגעקאָסט אַ ריזן־סומע און מלאַווע איז נישט געווען בכוח דאָס צו פינאַנסירן, האָט פּיזשיץ גערעקט כמעט דעם גאַנצן קאָסט פון בוי, איבער 25.000 רובל. ער איז געווען דער מיט־גרינדער און הויפּט־אונטערשטיצער פון דעם מלאַווער ביקור־חולים, גמילת־חסדים־קאַסע, הכנסת־אורחים, פּרויען־פאַראיין.

דער אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט געצוואונגען דוד פּיזשיץ צו פאַרלאָזן מלאַווע און זיך איבערציען קיין וואַרשע. דאָ איז ער באַלד אויס־געוויילט געוואָרן אַלס פאַרזיצער פון מלאַווער פּליטים־קאָמיטעט און אַלס וויצע־פאַרזיצער פון אַלגעמיינעם פּליטים־קאָמיטעט אין וואַרשע. ס׳איז איבעריק צו דערמאָנען, אַז די גאַנצע צייט האָט ער געטראָגן הילף די אומגליקלעכע אין וואַרשע. ס׳איז אים אויך אויסגעקומען זייער אָפט צו זיין אין מלאַווע (די שטאָט איז אי־בערגעגאַנגען 9 מאָל פון האַנט צו האַנט). און ער האָט אויך געבראַכט הילף זיינע לאַנדסלייט. אין 1915 האָבן די רוסן אים אַרעסטירט אין וואַרשע, ווי אַ „זאַקלאַדניק". אַלע אינטערווענצן האָבן נישט געהאָלפן און אָפּזיצנדיק אַ לענגערע צייט אין פּאַוויאַק (אַ תפיסה אין וואַרשע), איז ער אַרויסגעפירט געוואָרן מיט טויזנ־טער אַנדערע אַרעסטירטע קיין מאָסקווע. די פרוי חוה ז״ל מיט דער יינגסטער טאָכטער יטה־ברכה ז״ל זיינען אים נאָכגעפאָרן, איבערלאָזנדיק אַלע פינף זין אין וואַרשע. נאָכן אָפּזיצן לאַנגע חדשים אין מאָסקווער טורמע, איז ער באַפרייט געוואָרן און האָט זיך באַזעצט צייטווייליק אין מינסק. דאָ איז ער, זייענדיק גאָר פּשוט אַ פרעמדער, אויסגעוויילט געוואָרן אַלס פאַרזיצער פון אַלגעמיינעם יידישן פּליטים־קאָמיטעט.

סוף 1917 איז אים געלונגען צוריקצוקומען קיין מלאַווע, וואו די קינדער האָבן זיך געהאָט איבערגעצויגן אין דער צייט פון דער דייטשישער אָקופּאַציע. צוליב דעם אויסברוך פון דער מלחמה איז אוממעגלעך געווען אויסצופירן די צוואה פון עזריאל־יצחק מאַקאָווסקי ז״ל און אַזוי ווי אין דער צווישנצייט האָט זיך אין דער געבוידע אויף סמאָליאַרנע גאַס געעפנט די יידישע גימנאַזיע, האָט דוד פּיזשיץ באַשלאָסן איבערצובויען איינע פון זייערע גרעסערע הייזער אין מלאַווע פאַר דער יידישער גימנאַזיע, בכדי צו באַפרייען דאָס הויז אויף דער סמאָלאַרנע פאַר דער אָרטיקער תלמוד־תורה. אַזוי אַרום איז אויפגעבויט געוואָרן אין די 20־קער יאָרן אין מלאַווע די יידישע גימנאַזיע אין אַ ספּעציעל געבויט לוקסוס־הויז.

אין 1920 האָט זיך די פאַמיליע פּיזשיץ אַריבערגעצויגן קיין וואַרשע. ביי די ערשטע דעמאָקראַטישע וואַלן צו דער וואַרשעווער קהילה אין 1932, איז דוד פּיזשיץ אויסגעוויילט געוואָרן אַלס וואַרשעווער דאָזער און איז פאַרבליבן דאָזער ביז זיין טראַגישן אומקום. ער האָט זייער אָפט נישט מיטגעשטימט מיט זיינע

פאַרטיי־חברים, ווייל ער האָט שטענדיק געהאַלטן, אַז נישט די פּאַרטיי שפּילט די ראָליע, נאָר די זאַך.

נאָכן פאַרנעמען וואַרשע דורך די דייטשן, אין 1939, איז ער צוזאַמען מיט נאָך אַנדערע 11 דאָזיקע אַרעסטירט געוואָרן דורך דער געסטאַפּאָ ווי „זאַקלאַד־ניקעס" (האָסטעדזשעס) און אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין פאַרשיידענע טורמעס עטלעכע וואָכן. דאָס האָט זיך איבערגעחזרט עטלעכע מאָל. נאָך דעם איז ער צוזאַמען מיט דער פאַמיליע פאַרמאַכט געוואָרן אין וואַרשעווער געטאָ, איבערלאָזנדיק אויף דער אַרישער זייט דאָס גאַנצע פאַרמעגנס. אין דער היים איז ליידער געווען אַ גרויסער דוחק און די לאַגע האָט זיך וואָס אַמאָל מער פאַרערגערט. דאָך, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אין דער טראַגישער צייט האָט דוד פּיזשיק ז"ל געזאָרגט פאַר ציבור. ער האָט זייער אָפט געבאָרגט געלט פון פרעמדע און פון אייגענע, טראָגנ־דיק הילף אַלע אַרום. מ'האָט זיך מיט דעם טאָפּ־געקעכץ געטיילט ביז דעם לעצטן, אַזוי אַז עס איז אַפילו אַרומגעגאַנגען אַ וויץ, אַז דער טאָפּ־זופּ ביי פּיזשיצן ענדיקט זיך קיינמאָל נישט. ער האָט פון דער היים אַרויסגעטראָגן די לעצטע ליילעכער, מקיים צו זיין די מצווה פון אַ מת, צודעקנדיק אויף דער גאַס די געפאַלענע. די גאַנצע צייט האָט ער אָפּגעהיט די מצווה פון כשרות, געגעסן קאַרטאָפל מיט ברויט און איז געפאַלן פון די כוחות וואָס אַמאָל מער. דערביי, האָט ער די גאַנצע צייט אויסגעפילט זיינע פליכטן, אַלס וואַרשעווער דאָזאָר. ער האָט מיטגעמאַכט מיט דער פאַמיליע דעם העלדישן אויפשטאַנד אין געטאָ און דערנאָך אַרויסגעפירט געוואָרן קיין פּאָניאַטאָוו, וואו ער איז אומגעקומען דעם 6־טן חשון, 1943, צוזאַמען מיט דער פרוי, זון יהודה־לייב (לייבוש), טאָכטער יטה־ברכה און איר קינד אביגדור. הי"ד.

נחמן מייזיל

# די פאַמיליע קלענעץ

**צו די פאַרשיידענע** מערקווירדיקייטן, מיט וועלכע די שטאָט מלאַווע האָט זיך אויסגעצייכנט, געהערט אָן ספק אויך די הויכע אייגנאַרטיקע קלענעץ־משפחה. ווער האָט עס גלייך, ווען ער איז אַראָפּגעקומען קיין מלאַווע, נישט אָנגעטראָפן זיך אויף איינעם פון די קלענעצעס? און ווער עס האָט נישט באַזוכט ערגעץ־וואו אין דער וועלט מלאַווער לאַנדסלייט, און עס זאָל גלייך נישט קומען צו רייד וועגן די מיטגלידער פון דער קלענעץ־פאַמיליע? און טאַקע אין מלאַווע גופא, אין סאַמע צענטער פון שטאָט האָט זיך דען נישט געוואָרפן אין די אויגן דאָס רחבותדיקע הויז פון הערמאַן קלענעץ און דער פיינער אַפּטייק־־סקלאַד אין מיטן מאַרק פון קלענעצעס אַ זון — קובע? און ווער פון די מלאַווער לאַנדסלייט איבער דער וועלט, אין וואָס פאַר אַן עלטער ער זאָל נישט זיין, וועט אייך גלייך נישט זאָגן, אַז ער איז געווען אַ חבר פון איינעם פון די קלענעצעס אָדער ער האָט געהאַט אַ „שוואַכקייט" צו איינער פון די קלענעצעס שיינע טעכטער?

הערמאַן קלענעץ, מיט די געדיכטע וואָנצעס, איז געווען אַ תושב פון דער שטאָט, אַן אָנגעזעענער באַלעבאָס און אַ גאַנצער טוער אין שטאָט. ער איז געווען באַשעפטיקט אין די פאַרשיידענע אינסטיטוציעס און אומעטום געהאַט אַ האַנט און אַ דעה. און זיין שטילע, ליבע פרוי, די בנעימותדיקע שרה, וואָס שטאַמט פון פלאָצק ביי דער ווייסל, פון דער אַריסטאָקראַטישער פאַמיליע מאמלאָק. אין די גאָר־יונגע יאָרן האָט מען איר געריעדט פאַר אַ חתן דעם יונגן נחום סאָקאָלאָוו, וואָס האָט זיך אויפגעצויגן אין פלאָצק, און שוין דאַן געשמט פאַר אַן עילוי. וועגן דעם האָט די שטילע שרה דערציילט אויף דער עלטער און זיך אַ שיין ביסל גערויטלט דערביי. אמת, פון נחום סאָקאָלאָוו ביז הערמאַן קלענעץ — איז פאָלג מיך אַ גאַנג. אָבער זי, שרה, האָט זיך נישט געהאַט וואָס צו קלאָגן. אין מלאַווע האָט זי מיט איר מאַן הערמאַן געבוירן און אויפגעשטעלט, קיין עין־הרע, אַ גאַנצן דור געראָטענע און פעאיקע קינדער, — און טאַקע צוועלף — זיבן זין און פינף

טעכטער. ואלו שמות — און דאָס זיינען די נעמען פון די זין און טעכטער: מיכאַאיל, זיגמונט, ראַמאַן, ליוטעק, מעטעק, קובע, לעמעק, — העלענאַ, אַננאַ, עווא, בעלאַ, און איינע, וואָס איז געשטאָרבן אין די 20־קער יאָרן און איר פּאָרטרעט איז געהאָנגען אויף די וואַנט ביי דער משפחה.

די קינדער האָבן באַקומען אַ העכערע בילדונג, — אייניקע האָבן געענדיקט ווי פּאַרמאַצעווטן (מיכאַאיל, ראַמאַן, קובע), זיגמונט — אַן אינזשעניער, מעטעק — אַ דאָקטאָר מעדיצין, לעמעק — אַ פּריוואַט־אַדוואָקאַט. דריי פון די זין האָבן שטו־דירט אין אויסלאַנד, אין דייטשלאַנד און אין פראַנקרייך. שפּעטער האָבן זיך זין און טעכטער, איידעמס און שנורן באַזעצט אין וואַרשע, וואו זיי האָבן געפירט אַ ברייט ייִדיש לעבן און שוין געהאַט זין און טעכטער, וואָס האָבן ווידער באַזוכט מיטלשולן און הויכשולן. הקיצור, עס איז געווען אַ פּאַרצווייגטע ייִדישע משפחה און מיט כלערליי טיפן און געשטאַלטן פון פאַרשיידענע כאַראַקטערן און ריכטונגען און קרייזן. עס איז געווען אינטערעסאַנט אין די לעצטע יאָרן פאַרן צווייטן וועלט־קריג און גרויסן ייִדישן חורבן, ווען די גאַנצע משפחה, זין און טעכטער, איידעמס און שנורן, אייניקלעך פון פאַרשיידענעם עלטער פלעגן זיך צונויפזאַמלען אויף אַ שמחהלע אַרום דער אַלטיטשקער מאַמע און באָבע אין וואַרשע. פלעגט די אַלטיטשקע, וואָס איז געבליבן אַן אַלמנה נאָך איר מאַן הערמאַן, זיצן אויף אַ פּאַטריאַרכאַלישן פּאָטער־שטול און אַרום זיך — קיין עין־הרע — גרויסע וואוקסיקע קינדער און אייניקלעך, — דער גראַטענער נאַכוואוקס און ווידערוואוקס...

עס איז אויך אינטערעסאַנט: — די עלטערע זין, טעכטער און שנורן זיינען געווען מער אַסימילירט, גערעדט בעיקר — פּויליש, און די ייִנגערע — האָבן שוין געהאַט פאַרבינדונג מיט די דעמאָקראַטישע און סאָציאַליסטישע קרייזן און זיינען געווען שוין אויסגעקאָכט מיט נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע באַוועגונגען. און עס איז געווען דעריבער טשעקאַווע צוצוזען, ווי די עלטערע מיטגלידער פון דער משפחה האָבן געקוקט אויף די ייִנגערע און נישט באַגריפן ווי אַרום עס איז פאָרגעקומען אַזאַ איבערוואַנדלונג, גענומען רעדן ייִדיש און זיך נישט געשעמט צו זינגען ייִדישע לידער ביי די משפּחה־שמחות.

עס געדענקט זיך גוט אַ באַזוך אין מלאַווע, וואוהין איך בין געקומען צו ראַדיקאַלערע קרייזן צו האַלטן אַ רעפעראַט אין דער ייִדיש־פּוילישער גימנאַזיע, וואו קובע און זיין ליבע פרוי העניע (פון דער באַוואוסטער אַלטער־משפחה — י. אַפּאַטאָשוס העלד פון די „פּוילישע וועלדער" טראָגט דעם נאָמען אַלטער — מרדכי אַלטער!) זיינען געווען פון די אַנגעזעענע מיטגלידער. נאָכן רעפעראַט איז פאַרבעטן געוואָרן צו זיי אין הויז די שטאָטישע אינטעליגענץ און אויך פּ. אַפּאַ־טאָווסקי (י. אַפּאַטאָשוס ברודער). מיר האָבן אָפּגעזונגען ייִדישע לידער און אָוועקגעטאַנצט ייִדישע ריקודימלעך אַ גאַנצע נאַכט, ביז גאַנץ פרי, ווען מען האָט אונדז דערמאָנט: רבותי, עס איז געקומען צייט צו נעמען די באַן קיין וואַרשע!

אין לויף פון די לעצטע צען יאָר פאַרן צווייטן וועלט־קריג, האָט די משפחה קלענעץ זיך אַריבערגעקליבן קיין וואַרשע, און מען האָט אַהער אַריבערגעטראָגן אַ שטיק מלאַווע. די מלאַווער אין וואַרשע האָבן געהאַט אייגענע הייזער, וואוהין מען האָט געקאָנט אַריינקומען און אַדורכלופטערן זכרונות איבער מלאַווע און איבער דער מלאַווער ווייטער און נאָענטער פאַרגאַנגענהייט.

ווי פון אַלע גרויסע פאַרצווייגטע יידישע משפחות פון פוילן זיינען אויך פון דער גרויסער פאַרצווייגטער קלענעץ־משפחה געבליבן דאָ און דאָרטן נאָכן מוראדיקן יידישן חורבן בלויז איינצלנע מיטגלידער. דריי פון די קינדער האָבן געהאַט דאָס „גליק" צו שטאַרבן פאַרן חורבן מיט זייער נאַטירלעכן טויט, אייניקע — זיגמונט, דער אינזשעניער, האָט זיך באַצייטנס געראַטעוועט אין ארץ־ישראל; אַ צווייטער — ליזטעק — איז מיט נסי־נסים געבליבן לעבן מיט זיין פאַמיליע אין פראַנקרייך; בעלאַ, די מוזינקע, האָט חתונה געהאַט מיט יעקב אַראָנסאָן (טאַקע מיינער אַ שוואָגער, מיין פרויס ברודער, דער זון פון הרב שלמה אַראָנסאָן) און זיי וואוינען אין ישראל. די איבעריקע מיטגלידער פון דער משפחה זיינען טראַגיש אומגעקומען דורך די מערדער־היטלעריסטן אין פוילן און אין פראַנקרייך. ראָמאַן, קובע, לעמעק, העלענאַ, עוואַ און איר מאַן סאַשאַ סאַמשטיין, אויך די פרוי פון מעטעק (ד"ר מ. קלענעץ) די האַרציקע אידאַ און איר טאָכטער מירקע זיינען בעסטיאַליש אומגעבראַכט געוואָרן דורך די נאַציס און אַזוי אויך העניע, קובעס פרוי. אידאַ קלענעץ איז מיין פרויס אַ שוועסטערקינד, זי איז אויך פון דער פאַמיליע אַראָנסאָן, זי איז געווען אין וואַרשע אַ דערפאָלגרייכע קינדער־דאָקטאָרין, געווען גוט באַקאַנט אין די וואַרשעווער יידישע קרייזן, געאַרבעט איין צייט אין דער באַוואוסטער מעדעם־סאַנאַטאָריע און אויך צווישן די יידישע יתומות, וואו זי האָט פיל אויפגעטאָן. זי איז טאַקע שטענדיק געווען אַרומגערינגלט מיט יתומות, וואָס זי האָט געהאָלפן אויפצוכאָווען.

עס איז אַזוי ווייטיקדיק צו טראַכטן איצט וועגן אָט דער גרויסער פילקאָלירנדיקער פאַמיליע, וואָס האָט געפירט אַ רחבותדיק לעבן, איז געווען טעטיק אויף פאַרשיידענע געביטן, האָט אויפגעשטעלט איין דור נאָכן צווייטן, ס'איז אַזוי ווייטיקדיק צו טראַכטן ווי פון דער גרויסער משפחה זיינען געבליבן בלויז איינצלנע דאָ אָדער דאָרטן. אַגב, העלענאַס טאָכטער, זאָשע, איז טראַגיש אומגעקומען מיט איר מאַן אין פראַנקרייך. בלויז העלענאַס זון, אָלעק, האָט זיך געראַטעוועט, ער פאַרנעמט איצט אַ הויכן פאָסטן, ער איז דער הויפּט־סעקרעטאַר פון דעם פוילישן אַמבאַסאַדאָר אין פראַנקרייך. אַ וואוילער יידישער מענטש. הערמאַנס אייניקל, דער זון פון בעלא, האָט געקעמפט אין דער יידישער אַרמיי אין ישראל מיט די אַראַבישע אַריינדרינגער . . .

אין אַ מלאַווער זאַמלבוך זאָלן פאַרצייכנט ווערן די נעמען פון דער קלענעץ־משפחה, וואָס די היטלעריסטישע בעסטיעס האָבן אומגעבראַכט.

בונם וואַרשאַווסקי (מעלבורן, אויסטראַליע)

# פייוול אָפּאַטאָווסקי

**(1943 — 1882)**

דאָס בילד פון מלאַווע פון 1910 ביזן ביטערן סוף וואָלט נישט געווען קיין פולעס אָן פייוול אָפּאַטאָווסקי. ער איז געווען נישט בלויז אַן אייגנאַרטיקער כאַראַקטער, אַ מערקווירדיקער טיפּ, נאָר אַן אינסטיטוציע פאַר זיך.

מיינע זכרונות וועגן פייוול אָפּאַטאָווסקי שרייב איך אין 1948 אין מעלבורן, אויסטראַליע, כ'האָב נישט אונטער דער האַנט קיין שום מאַטעריאַלן, דאָקומענטן, בריוו אָדער וואָסערע נישט איז אַנדערע איבערבלייבענישן פון אים. אין מיין באַזיץ געפינט זיך בלויז אַ פאָטאָגראַפיע פון 1917 צוזאַמען מיט א. מ. ווייסנבערג און דר. י. ב. ציפּער, וועלכע האָבן דעמאָלט באַזוכט מלאַווע. צוזאַמען מיט פייוולען זיינען דאָרטן אַכט מלאַווער יונגעלייט, וואָס היינט וואָלטן זיי אַלע געווען אין זייערע פופציקער. פון זיי לעבן היינט, איך, בונם, און — אפשר — איטשעק (איזאַק, זשאַן) גרינבערג. עס טראַכט זיך דערביי: הלוואי וואָלט כאָטש אַזאַ קליינער פּראָצענט (2 פון 8) איבערגעבליבן פון אונדזערע מלאַווער יידן.

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה איז שוין פייוול אָפּאַטאָווסקי געווען אַ יש אין מלאַווע. ער האָט געענדיקט אַ לערער־סעמינאַר אין אָדעס, געווען אין מלאַווע אַ לערער אין חדרים און אין תלמוד־תורה און אויך געגעבן פּריוואַטע לעקציעס. הגם די דאָזיקע באַשעפטיקונג האָט אים געגעבן זיין פּרנסה (בצמצום, פאַרשטייט זיך), אָבער דאָך איז דאָס געווען ביי אים אַ זייטיקער ענין. דער תכלית פון זיין לעבן (נישט „האָבי", ווי די ענגלענדער זאָגן, נאָר טאַקע דער עיקר) איז געווען דאָס שרייבן. שרייבן אָריגענעלע לידער און איבערזעצן די בעסטע לידער פון דער אייראָפּעאישער ליטעראַטור. פאַרליבט ממש איז ער געווען אין פּושקינען און אין היינען. לידער שרייבן איז ביי אים געווען אַ תאווה. ער האָט נישט געשריבן בלויז מיט דער כוונה „געדרוקט צו ווערן", הגם, פון צייט צו צייט, האָט זיך

באַוויזן זיינס אַ ליד אין דער „ראָמאַן־צייטונג“ און אין אַנדערע פּעריאָדישע אויסגאָבן — אָבער דער עיקר איז ביי אים געווען דאָס עצם שרייבן לידער.

אין אַ קאַליגראַפישער האַנטשריפט, שיין אויסגעסדרט (אויף דרוקער־לשון: „געשטעלט“, „געבראָכן“) אין אַ דיקלעכן ברוליאָן האָט פּייוול זיינע לידער געזאַמלט און אָפּגעהיט. מיט דער צייט זיינען געוואָרן צוויי ברוליאָנען, דריי. יעדע לידער־סעריע פאַרזען מיט אַ באַזונדער שער־בלאַט, מיט דאַטעס און מיט אַ געהעריקן טיטל.

ביי דוד פרישמאַן איז פאַראַן איינער אַזאַ טיפּ, וואָס גיט אַרויס, דאַכט זיך, אַ טאָג־צייטונג און באַהאַלט יעדן עקזעמפּלאַר ביי זיך אין שופלאַד. יענער ווערט געשילדערט ווי אַן עקסצענטריק, אַ „טשודאַק“. פּייוול איז דאָס אָבער נישט געווען. פּייוול האָט געהאַט דיכטערישן טאַלאַנט און נישט זעלטן באַקומען ווענדונגען פון רעדאַקטאָרן וועגן מיטאַרבעטן אין זייערע זשורנאַלן. ער איז אָבער בטבע געווען אַ באַשיידענער, אַ נחבא אל הכלים און קיינמאָל זיך נישט געשטופּט, נישט אָנגעוואָרפן זיך מיט זיין שרייבן. מ׳האָט געדאַרפט זיין זייער אינטים מיט אים און דערצו פּאַקן אים אין דער פּאַסיקער שטימונג, כדי ער זאָל אַרויסנעמען אַ ברוליאָן און עפּעס פאָרלייענען.

ער האָט געהאַט אַ קלאָרע, מעטאַלענע שטימע, מיט ווייניק ווייכקייט און ווייניק קאָלאָראַטור־ניואַנסן; זיינע בלוי־גרויע אויגן אָבער פון הינטער זיינע אייַן־וויסן־דראָט־געראַמטע ברילן האָבן ביים לייענען גענומען פינקלען מיט וואַרעמקייט. אין די מויל־ווינקלען האָט גענומען נעסטלען אַ דין שמייכעלע פון איראָניע, צי פון סאַרקאַזם — האָסט קיינמאָל אויף זיכער נישט געוואוסט.

פּייוול האָט געהערט צו דער אַזוי־גערופענער אַלטער שול פון לידער־שרייבער. דער יאַמב האָט ביי אים געמוזט זיין אויסגעהאַלטן, דער טראָף אויף־דער־האָר און דער גראַם האָט געמוזט „קלאַפּן“. אויף די פינגער האָט ער געציילט די זילבן פון יעדער סטראָפע און טאָמער האָט עפּעס „נישט געשטימט“, האָט ער במשך פון טעג געמעקט און איבערגעשריבן ביז ס׳איז אַרויסגעקומען די ריכטיקע מאָס. זיין פּעדאַנטישקייט אין הינזיכט פון מאָס און גראַם האָט אים טיילמאָל געמאַכט קאָמיש; אינמיטן פון אַ זייטיקן געשפּרעך האָסטו געקענט פּאַקן פּייוולען ציילנדיק אויף די פינגער — זילבן.

אייגנטלעך איז פּייוול געווען מיט אַ קנאַפּן דור עלטער פון מיר אין דער היעראַרכיע פון די מלאַווער יוצא־לתרבות־רעהניקעס. זיינע נאָענטע חברים פון פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה זיינען געווען משה מערקער, יקיר וואַרשאַווסקי, זיין ברודער יוסף אַפּאַטאַשו, אַבאַ טיקולסקער און אַנדערע. וועגן דעם קרייז פון די אויסגערעכנטע, די ערשטע „שטורעם און דראַנג“־מאַכער אויפן מלאַווער באָדן, לוינט זיך באַזונדער צו דערציילן. ערשט שפּעטער, בעת דער ערשטער אָקופּאַציע פון מלאַווע, ווען מ׳האָט זיך נישט געקענט פריי באַוועגן פון איין שטאָט אין דער

צוויטער און ס׳איז אַנטשטאַנען די באַקאַנטע אין יענע צייטן מלאַווער גרופּע „לייַדיק־גייער" — ערשט דעמאָלט האָבן מיר אַנגעיאָגט פּיוולען און זיך ניוועלירט מיט אים.

אין יענע יאָרן האָט אין מלאַווע שטאַרק פּראָספּערירט דער „הזמיר", וועלכער האָט נאָך עקזיסטירט פון פאַר דער מלחמה. עס האָט אויך שטאַרק גענומען וואַקסן דער „גראָסער־קלוב". צווישןביידע אינסטיטוציעס איז אַנגעגאַנגען אַ ריוואַליזאַציע אין בעסערן זין פון דעם וואָרט. עס איז געווען אַן אידעאישע מחלוקה וואָס האָט געברענגט אַ מזל ברכה דער שטאָט און דער אומגעגנט. די לייסטונגען פון ביידע אינסטיטוציעס האָבן זיך באמת נישט געהאַט מיט וואָס צו פאַרשעמען לגבי די וואַרשעווער זעלבנאָמיקע אינסטיטוציעס. געווען פיל יונגעלייט, וועלכע האָבן גלייכצייטיק געהערט צו ביידע קלובן. אָבער אין 1917 (?) האָבן זיך די מלאַווער ציוניסטן פאַרמאָסטן צו „פאַרכאַפּן" דעם „הזמיר". אַ גרופּע לינק־געשטימטע יונגעלייט האָבן דאַן געגרינדעט די פּראַקציע „הזמיר־טרייע" כדי דערצו נישט צו דערלאָזן. ס׳איז געגאַנגען „אַ קאַמף אויף טויט און אויף לעבן". (דיגרעסיע: ווי קריגט מען איצט אַלע יענע קעמפער; אייגענע און קעגנער! מיר וואָלטן זיך דאָך מיט זיי אַרומגעהאַלדזט ווי מיט לייבלעכע ברידער). די אָפּאָזיציע האָט אַרויסגעגעבן אַן אייגענעם העקטאָגראַפירטן אָרגאַן אונטערן נאָמען די „הזמיר־טרייע" *). פּיוול אָפּאַטאָווסקי איז געווען איינער פון די רעדאַקטאָרן. דאָ האָט ער געהאַט די געלעגנהייט אַרויסצואווייזן זיינע באַאָבטקייטן אויך אויפן געביט פון הומאָר און סאַטירע. פּיוולס וויציקע לידלעך און פּאַראָדיעס זיינען אָפּט געזונגען געוואָרן אין רעוויוס און ביי אַנדערע געלעגנהייטן. יעדער נומער „הזמיר־טרייע" האָט געמאַכט פורור און דאָס איז געווען אין אַ גרויסער מאָס צו פאַרדאַנקען פּיוולען.

דער דאָזיקער פּעריאָד אין דער געשיכטע פון מלאַווער קולטור־טעטיקייט האָט שטאַרק געהויבן דעם אָנזען פון אונדזער שטאָט. דער סוף? דעם סוף האָט געמאַכט אַ דריטער צד. פיל פון די „הזמיר־טרייע" זיינען אַריבער אויף אַ שטאָק העכער, אין סטריפּטשעווסקיס הויז, וואו ס׳האָבן זיך געפונען ביידע אינסטיטוציעס— אויפן פּאַרטער דער „הזמיר" און אויפן ערשטן שטאָק דער „גראָסער קלוב". דער נאָך וויטערדיקער סוף איז געווען, אַז ס׳זיינען געקומען די האַלערטשיקעס (גענעראַל האַלערס פּוילישע אַרמיי), אַרויסגעוואָרפן דעם קלוב און פאַרכאַפּט דעם לאָקאַל.

פּיוול אָפּאַטאָווסקי האָט אויך אָנגעשריבן איניקע סצענישע זאַכן און דאָס גלייכן איבערגעזעצט פּיעסן פון אַנדערע שפּראַכן, וועלכע זיינען אָפּט געשפּילט געוואָרן דורך די מלאַווער אַמאַטאָרן. ער איז אויך געווען פאַר אַ צייט מיטאַרבעטער און רעדאַקטאָר פון וואָכן־זשורנאַל „דאָס מלאַווער לעבן" (אַרויסגעגעבן דורכן מלאַווער דרוקעריי־אייגנטימער לייביש היינסדאָרף).

---

*) איניקע עקזעמפּליאַרן איבערגעשיקט צום מלאַווער פּנקס־קאָמיטעט.

אין „מלאַווער פנקס” איז דאָך אייגנטלעך דאָס אָרט צו שרייבן באריכות וועגן דער אָרטיקער יידישער קולטור־אַרבעט במשך פון די לעצטע דרייסיק יאָר; אַ רייכע, פאַרצווייגטע און פאַרשיידנפאַרביקע טעטיקייט, וואָס אַלעמאָל איז פּיוול אָפּאַטאָווסקיס נאָמען ענג מיט איר פאַרבונדן. עס ווילט זיך באמת פונאַנדערנעמען די הענט” און דערציילן, דערציילן. מען מוז זיך אָבער אַליין ווי ווייט מעגלעך באַגרענעצן און האַלטן זיך אין די ראַמען פון דער אָנגעצייכנטער טעמע. מסתמא וועלן דאָס טאָן אַנדערע מיטאַרבעטער פון „פנקס”.

פּיוול אָפּאַטאָווסקי וואָלט זיכער אַרויסגעוויזן מער אַקטיווקייט סיי אויפן ליטעראַרישן און סיי אויפן קולטור־געזעלשאַפטלעכן פעלד, ווען ער וואָלט געווען געזינטער. ליידער האָט ער לאַנג געליטן פון אַ לונגען־מיחוש און איז געווען געצוואונגען אַכטונג צו געבן אויף זיך, דאָס האָט אויך גורם געווען ער זאָל שפּעט חתונה האָבן. זיין פרוי איז געווען חנה וואַטמאַכער, אַן אינטעליגענט אַרבעטער־מיידל, אַ מלאַווער בונדיסטקע. אָבער אויך אין זיינע בחורישע יאָרן האָט פּיוול שטענדיק געוואוינט פאַר זיך, אין אַ בחורישן צימער. דאָס איז געווען אַ זעלטנקייט אין מלאַווע. ממילא איז אָפּאַטאָווסקיס „קאַוואַלערסקע” צימער געווען דער טרעף־פונקט פון דער מלאַווער ראַדיקאַלער אינטעליגענץ און פון — פאַרליבטע פּאָרלעך. אמת, אַ געוויסע צייט, בעת דער אָקופּאַציע, האָבן אויך משה מערקער און בלומקין געוואוינט „פאַר זיך”. אָבער געצויגן האָט עס דווקא צו אָפּאַטאָווסקין. ביי אים האָט מען זיך געפילט אַם היימישסטן. צו פּיוול אָפּאַטאָווסקי איז מען געקומען „זיין אַ ביסל” (אַזוי אויך שפּעטער, נאָך זיין חתונה). דאָרט האָט מען פריי געשמועסט, אָפטמאָל זיך אַראָפּגערעדט פון האַרצן. נישט איין מלאַווער מיידל איז דאָרט אַהין געקומען אויסוויינען זיך. פּשוט אויסוויינען זיך. וועגן וואָס וויינט אַ מיידל? וועגן אַ ליבע. היינט ווער נאָך קען אַזוי פאַרשטיין און מיטפילן אַן אָנגעווייטיקט מיידלש האַרץ, ווי אַ דיכטער? איז טאַקע פּיוול אָפּאַטאָווסקי געווען דער „פאַוויערניק” (פאַרטרויאונגס־מאַן) פון פיל אומגליקלעך־פאַרליבטע. פּיוול האָט טאַקטפול אויסגעהערט, געווען דעליקאַט און צאַרט און דאָס בלויזע אָפּרעדן זיך פאַר אים האָט לייכטער געמאַכט. גאַנץ אָפט האָט פּאַסירט אַז צו אים איז געקומען סיי דער מאַנסבילשער, סיי דער פרויען־צד און — איינער האָט נישט געוואוסט פון צווייטן. אַ פּרט: די מיידלעך, וואָס פלעגן אין דער היים, צווישן זיך און מיט זייערע בחורים רעדן פּויליש, האָבן ביי אָפּאַטאָווסקין אין שטוב גערעדט יידיש. דאָס איז געווען אין האַרמאָניע מיטן גאַנצן אַרום ביי פּיוולען אין שטוב. רעדן יידיש איז געוואָרן נאַטירלעך.

ביי פּיוולען איז געווען דער מלאַווער „ליטעראַרישער סאַלאָן”, דאָס לעצטע וואָרט דאַרף מען נישט נעמען צו ערנסט. קיין סאַלאָן איז עס זיכער נישט געווען. בלויז אַ שטיבל מיט אַ קיך. צוויי קליינע חדרימלעך. דאָס שענסטע מעבל, וואָס האָט זיך געוואָרפן אין די אויגן, איז געווען אַ פיינע ביכער־שאַנק אָנגעפּאַקט מיט

ביכער, חוץ עטאַזשערקעס מיט ביכער און ביכער אויפן טיש. מען איז געקומען צו פּיוולען נאָך אויסלענדישע יידישע ליטעראַטור, דער עיקר אַמעריקאַנער. דאָרט זיינען אַנטדעקט געוואָרן, פאַר מלאַווע, נייע ליטעראַרישע שטערן.

ווען די וועלט האָט זיך ווידער געעפנט און די יוגנט פון 1916—1921 איז זיך פונאַנדערגעפאָרן האָבן די ליטעראַרישע טראַדיציע פון אַפּאַטאָווסקיס שטוב ממשיך געווען אַ פרישער דור יונגעלייט.

דאָס יידישע מלאַווע האָט פיל צו פאַרדאַנקען פּיוולען. אין דער גרויסער קאַטאַסטראָפע אונדזערער זיינען אומגעקומען ס'רוב פון פּיוולס פאַרערער און פריינד. אָבער אַ גרויסער טייל פון די ווינציק לעבנגעבליבענע מלאַווער תושבים האָבן פּיוולען צו פאַרדאַנקען דעם לעצטן אוצר וואָס זיי פאַרמאָגן: דעם אינערלעכן דראַנג צו פאַרשפּרייטן איבער גאָר דער וועלט ליבשאַפט צום יידישן וואָרט.

בונם וואַרשאַווסקי (מעלבורן)

# יקיר וואַרשאַווסקי

(ביאָגראַפישער פראַגמענט)

דאָס מלאַווע פון יקיר וואַרשאַווסקי געדענקען יענע, וואָס זיינען איצט אין זייערע זעכציקער און זיבעציקער. יקיר, ווען ער לעבט, וואָלט איצט אַלט געווען פינף און זעכציק יאָר.

וועגן יקירן וואָלט פיל געקענט דערציילן זיין נאָענטסטער חבר פון יענע צייטן משה מערקער. ער האָט אויף יקירן געהאַט אַ געוואַלדיקע השפעה. ליידער, איז משה מערקער מיט קרוב צוואַנציק יאָר צוריק געשטאָרבן אין פּאַריז.

איך, דער זון פון יקירס עלטסטן ברודער שלמה, בין מיט יקירן נאָענט געוואָרן ערשט צווישןביידע וועלט־מלחמות, ווען דער חילוק פון צען יאָר אין אונדזער עלטער, האָט אויפגעהערט כמעט זיך צו רעכענען.

יקירס בחורישע יאָרן — ער איז געבוירן געוואָרן דעם 14־טן מערץ 1885 — געהערן צו יענער תקופה פון מלאַווער יידישער יוגנט, ווען איינגעפונדעוועטער לעבנס־שטייגער האָט זיך גענומען ברעכן און נייע אידעען און שטרעמונגען האָבן זיך גענומען מאַכן אַ וועג נישט בלויז אין מלאַווע, נאָר איבער אַלע שטעט און שטעטלעך, וואו ס'האָט געלעבט דאָס פּוילישע יידנטום.

אין די שטיבלעך און בתי־מדרשים האָט מען נאָך אַלץ יומם ולילה געשמאַק געלערנט, אָבער די „קליפּה" האָט שוין דעמאָלט געהאַט אַ גרויסע שליטה איבער שפּאָרע טיילן פון יונגוואַרג. דאָס איז געווען אַ פּראָצעס אַ לאַנגער און אַ וויטיק־לעכער, וואָס דער מלחמה־אויסברוך פון 1914 האָט אים ברוטאַל איבערגעהאַקט.

אַמפּיינלעכסטן און אַמשווערסטן איז דאָס אַוועקגיין אויף נייע דרכים אָנגע־קומען די חסידישע בחורים, וואָס איינער פון זיי איז געווען יקיר וואַרשאַווסקי. דעם צווייטן דור — מיין דור — איז דאָס „קאַליע ווערן" שוין אָנגעקומען פיל לייכטער.

פון מיינע שטיבלשע צייטן געדענק איך אַ געכתיבהטן קול־קורא פון אַלעקסאַנדער רבי, דעם „ישמח ישראל״, ווי אַזוי עלטערן זאָלן האָבן אַן אויג אויף זייערע זין און טעכטער, וועגן התנהגות ביי זיך אין שטוב און וועגן איינהאַלטן ייִדישקייט. יעקב־הערצל (גאַלאַנט) פלעגט יעדן טאָג נאָכן דאַווענען, צוזאַמען מיט די אַני־מאמינס, אויך „זאָגן״ דעם רבינס דאָזיקן קול־קורא, וואָס איז געהאַנגען איינגעראַמט אונטער אַ גלאָז לעבן עמוד אין שטיבל.

דאָס אַרויסוואַרפן פון שטיבל האָט נישט זעלטן אָנגענומען פיינלעכע פאָרמען, אויב דער פאַרזינדיקטער איז געווען אַ בחור אַ טראָציקער און מיט טעמפּעראַמענט. עס פלעגט אַפילו דערגיין צו בלוטיקע געשלעגן און צום אַריינמישן זיך פון פּאָליצײ.

מעסיקערע אין כאַראַקטער האָבן אַליין פאַרלאָזן ס׳שטיבל, ווען זיי האָבן דערפילט, אַז זייער צייט אַרויסגעוואָרפן צו ווערן איז רייף געוואָרן. יקיר וואַרשאַווסקי איז פרייוויליק אַוועק פון שטיבל; ער האָט אָבער צו יענער צייט נאָך נישט געקענט אַוועק פון דער היים, וואו ער האָט געהאַט געברענטע צרות נישט אַזוי ווייט פון טאַטע־מאַמע — ווי דעם מיזיניק צווישן אַכט קינדער, האָבן זיי אים באַזונדערס ליב געהאַט — נאָר פון צוויי מיליטאַנטישע שוואָגערס.

כ׳געדענק ווי דער זיידע אהרן פלעגט זיצן ביי זיין שרייבטישל און פירן די חשבונות פון זיין קאָלאָניאַל־געוועלב. די באָבע, ביילע אהרנס, פלעגט שטיין אויף דער שוועל און אַריינשרייען:

— אהרן, דוד יאַנאָווער האָט גענומען — — — הערסט, אהרן?!

יקיר פלעגט זיצן ביים גרויסן טיש אין מיטן שטוב און שרייבן איינגעבויגן איבער אַזעלכע ווייסע, גלאַטינקע, געווירנטע בייגעלעך פּאַפּיר. איך האָב נישט גענוי געוואוסט, וואָס אַזוינס דער פעטער יקיר שרייבט, אָבער געפילט האָב איך, אַז דאָס האָט גאָרנישט צו טאָן מיטן געוועלב און מיט די קונים.

איך בין געשטאַנען לעבן זיידנס טישל און זיך צוגעקוקט ווי דער זיידע רויכערט איין פּאַפּיראָס נאָכן צווייטן און די שטאָפּסלען סדרט ער אויס אין שערענגעס אויף אַ פריי שטיקל טיש. מיין גרעסט פאַרגעניגן איז געווען, אַזוי כלומרשט נישט־ווילנדיק, אַ שטויס צו טאָן דעם שרייבטיש, אַז פון שאָקל זאָלן אַלע שטאָפּסלען אומפאַלן. דער זיידע האָט מיט אַ געמאַכטן כעס אַ געשריי געטאָן:

— דו לאָבוזדיקער יינג! — און באַלד זיך צעשמייכלט. דער זיידע איז געווען אַ כהן און אַ כעסניק, אָבער באמת אַ מזג טוב. אַזוי אויך די באָבע.

דער פעטער הערש פלעגט טיילמאָל אַריינקומען גלייך פון דאַווענען, מיט טלית־זאַק אונטערן אָרעם. ער איז געווען אַ שאַרפער גערער חסיד און שיעור נישט אַ פּסול אין אַ משפחה פון סאַמע אַלעקסאַנדער חסידים. ער שטעלט זיך אַוועק איבערן זיידע און נעמט אין אים מיט כעס אַריינרעדן און אַריינרעדן. די באָבע קומט אונטער, איבערלאָזנדיק דאָס געוועלב, און נעמט גיסן מיט טרערן. דער

זיידע נעמט רויכערן נאָך מער און פאַרהוסט זיך אָפּט ביים רויכערן. דאָס גייט אַזוי אָן שעהנווייז.

אין אָוונט, נאָכן פאַרמאַכן ס'געוועלב, קומט זיך צונויף די משפחה און מען נעמט קלערן עצות ותחבולות מכוח „וואָס דערפון וועט אַרויסקומען".

דער „דערפון" האָט אַ סך אַ טיפערע באַדייטונג ווי יקירס סתם אַרויסגיין לתרבות רעה. עס האַנדלט זיך נעמלעך אין יקירס „פירן אַ ליבע" מיט לאה פשיביש, די פלימעניצע פון אַדוואָקאַט איזאַק גאָלדבערג.

דעם זיידנס שטוב איז געווען אָן אָפּענע, מיט גרויסע, פרישע לעבלעך גע־בייטלטע ברויט שטענדיק אין דער גלעזערנער סערוואַנטקע; מיט פולע טעפּ גענדזן־שמאַלץ, מיט אַ טשייניק קאָכעדיקע טיי שטענדיק אין דער פייערקע פון דער ברענענדיקער קיך — אין שטוב האָבן זיך שטענדיק געדרייט מענטשן, אַרטיקע און צוגעפאָרענע, און אַלע האָבן זיך געפילט היימיש; ווער ס'האָט געוואָלט האָט זיך גענומען אַ גלאָז טיי, און ווער ס'האָט געוואָלט, האָט זיך אָוועקגעזעצט אָפּעסן. אין דער דאָזיקער אָפענער שטוב האָט מען אויסגעכאָוועט קינדער, געמאַכט בר־מצוות און געפּראַוועט חתונות. איז עפּעס געשען, האָט מען עפּעס גערעדט, איז געווען אָן שיסעלעך־דעקעלעך, נישטאָ קיין סודות.

יקיר האָט שוין דעמאָלט „געשטודעוועט" אין וואַרשע, אָבער אַז ס'איז שוין ממש נישט געווען וואָס צו עסן, איז מען אויף אַ צייט אַהיימגעקומען. וואָס האָט יקיר געקאָנט טאָן מיט זיינע אינטימסטע איבערלעבונגען?

אין די יינגערע יאָרן איז ער אָוועק אין שטיבל און בגנבה עוסק געווען אין קבלה, געלייענט געגראַמטע הקדמות צו אַלטע מפרשים, צי גאָר, פאַרשטעקט אונטער אַ בייכיקער גמרא, געשלונגען פרקים פון „מורה נבוכים". איצט, אַנט־לויפנדיק פון דער ביטער־געמאַכטער שטוב, איז יקיר אָוועק אין פעלד הינטער דער רוסישער צערקווע. אַ גרויסער ריזיקער שטיין, וואָס לעגענדעס האָבן זיך געוועבט וועגן זיין אָפּשטאַם, איז דאָרט געווען פאַרגראָבן צווישן קאָרן־זאַנגען און איז געווען אַ טרעף־פּונקט, אַ מין אָפּענער קלוב פאַר אַ צוויי־דריי דורות מלאַווער יונגעלייט, וואָס זיינען אַרויס לתרבות רעה.

יקיר האָט דאָרט אָפּט געפּראַוועט התבודדות, דאָרט געשריבן פאַר יצחק סואוואַלסקיס לאַנדאָנער „הדגל", פאַר י. ח. ברענערס „המעורר", פאַר דוד פריש־מאַנס „הדור" און „רשפים". וועגן דעם בין איך שפּעטער געוואָר געוואָרן, ווייל אין יענע יאָרן — ס'רעדט זיך וועגן ניינצנהונדערט זיבן, אַכט, ניין — דעמאָלט בין איך נאָך פאַר יקירן קיין חבר נישט געווען. איך געדענק אָבער דייטלעך פון יענע צייטן מיינע פעטערס און מומעס, דעם זיידנס אײדעמס און עלטערע טעכטער, זייערע שושקערייען, זייערע פאַרוואָקסענע פּנימער און יקירס הארץ אויף זיי.

אַז מיין מאַמע, רויזעלע, איז אַריינגעקומען מיט איר ברייטן „גוטנאָוונט פעטער, גוטנאָוונט מומע!", האָט מען געוואוסט, אַז די שווערקייט אין שטוב וועט באַלד

נעמען אויפטייען. מיין טאַטע־מאַמע זיינען געווען שוועסטער־קינדער און מיין מאַמע פלעגט אירע שוויגערעלטערן רופן פעטער און מומע. מיין מאַמע איז נישט צו־אַפּט אַריינגעקומען צום זיידן אין שטוב; זי האָט זיך כסדר צוליב עפּעס גע־ברוגזט. דערפאַר איז אירס אַ וויזיט אין זיידנס שטוב געווען כמעט אַ געשעעניש.

מיין מאַמע האָט ליב געהאַט צו נעמען דעם אַקס פאַר די הערנער און מאַכן אַ ריינעם טיש. „איכע וועל שוין זען עפּעס צו מאַכן" האָט מיין מאַמע געזאָגט הויך אויפן קול און פול מיט זיכערקייט. „איכע" האָט זי געזאָגט, אַנשטאָט „איך", ווייל זי האָט געשטאַמט פון דאַבזשין־דרעווענץ, לעבן דער פּרייסישער גרענעץ.

אַז די מאַמע האָט עפּעס געוואָלט, האָט אויך געוואָלט דער טאַטע. און אַז מיין טאַטע — וועלכער איז געווען דער עלטסטער און פאַרמעגלעכסטער זון — אַז דער טאַטע האָט געוואָלט האָט שוין די רעשט משפּחה אויך מסכים געווען.

מיין מאַמע האָט מיטן בליק אָפּגערייניקט דעם זיידנס שטוב פון פרעמדע און ס'זיינען איבערגעבליבן בלויז משפּחה־מענטשן. מען האָט גענומען אַרומ־רעדן דאָס גרויסע געשעעניש: יקירס ליבע מיטן אַדוואָקאַט גאָלדבערגס שוועס־טערן־טאָכטער.

אַדוואָקאַט איזאַק גאָלדבערג איז געווען אַ יחיד בדורו אין מלאַווע. אייגנטלעך איז ער נישט געווען קיין אַדוואָקאַט, נאָר אַ „טשאַסטני פּאָווערעני", און דאָך האָט ער „געמאַכט געשיכטע" אין מלאַווע. זיין גאַנץ לעבן איז ער געווען אַ בחור און געשטאָרבן איז ער אין געריכט, בעת אַ רעדע.

גאָלדבערג פלעגט שטענדיק האָבן ביי זיך איינע פון זיינע שוועסטער צו פירן זיין באַלעבאַטישקייט. לאה, יקירס „ליבע", האָט זיך אויפגעהאַלטן אין מלאַווע צוזאַמען מיט איר „מימעשי", מיט איר מומע פריידל שיינבערג, גאָלד־בערגס שוועסטער פון טשעכאַנאָווע. לאה איז געווען אַ שיין און אינטעליגענט מיידל און גענאָסן פון גרויס „פּאָוואַדזעניע" (דערפאָלג) ביי די מלאַווער בחורים. איז שוין גאָר נישט קיין וואונדער, וואָס דער עקזאַלטירטער, פיינפילנדיקער און געפּילפּולער יקיר האָט זיך איבער די אויערן פאַרליבט אין לאהן.

הגם מיין טאַטע־מאַמע האָבן דאָס גרויסע געשעעניש דערפירט צו אַ „העפּי ענד", דאָך איז דער שידוך געווען און פאַר אַ לאַנגע צייט געבליבן אַ מעזאַליאַנס. ר' אהרן וואַרשאַווסקי און אַדוואָקאַט גאָלדבערג! שטעגז. למען האמת מוז געזאָגט ווערן, אַז אויך איזאַק גאָלדבערג איז נישט אַנטציקט געווען פון דאָזיקן שידוך. לאהס עלטערן, פּשוטע עמך־יידן פון ראַווע (ראַווע מאַזאָוויעצקאַ) וואָלטן פון דעם קיין וועזן נישט געמאַכט. גאָלדבערג אָבער האָט געאַרבעט מעשים, ביז ער האָט זיך דעצידירט צו לאָזן רופן צו זיך יקיר וואַרשאַווסקי. דאָס איז געווען אַ גרויס געשעעניש: אַן אוידיענץ מיט גאָלדבערגן איז געווען נישט פון די פּראָסטע זאַכן.

שפּעטער האָט מען געוואוסט צו דערציילן, אַז גאָלדבערג האָט געפּרואווט איינטענהן מיט יקירן: אויב ער, יקיר, האָט ווירקלעך ליב די פּאַננע לאה פּשיביש,

גאָלדבערגס שוועסטערן־טאָכטער, און ער מיינט מיט אַן אמת איר גוטס, דאַרף יקיר מיט איר נישט חתונה האָבן; וואָס פאַר אַ לעבן, מישטיינסגעזאָגט, קען שוין אַ ווייב האָבן ביי אים, אַז בסך־הכל איז ער אַ פּריוואַטער העברעאישער לערער, וואָס גיט „שטונדן" און שניידט זיך גאָר צו ווערן אַ ידישער שרייבער!

די „ספּראַווע" האָט גאָלדבערג — וואָס עס איז געשען זעלטן אין זיין לאַנג־יאָריקער קאַריערע — פאַרשפּילט.

יקיר האָט צו יענער צייט טאַקע גאַנץ געשמאַק אונטערגעהונגערט אין וואַרשע ווי אַ פּריוואַטער העברעאיש־לערער. אויף אַ מלבוש, צי אַ פּאָר שיך, האָט אים מיין טאַטע פון צייט צו צייט, אויסהיטנדיק זיך פאַר דער רעשט משפּחה, אונ־טערגערוקט אַ פּאָר רובל.

יקירס נישט־זיין אין מלאַווע האָט מיר דערמעגלעכט צו באַקומען מיין פונ־דאַמענטאַלע צוגרייטונג אין אַלגעמיינע בילדונג, דער עיקר אָבער אין חכמת היהדות. פיל אָוונטן און אַלע שבת־נאָכן־עסן בין איך שעהנווייז אָפּגעווען ביים זיידע און געשלונגען די גראָבע, בייכיקע העברעאישע ביכער, וואָס יקיר פלעגט האַלטן אין די שופלאָדן פון דער „קאָמודע" (קאָמאָדע). גרעטץ, ד"ר ש. בערנפעלד, סאָ־קאָלאָווס „האסיף", יאַרגענג „השליח" און גאַנצע סעריעס פון „תושיה"־אויסגאַבן — דאָס איז געווען דער רייכער קוואַל פון וועלכן איך האָב דורשטיק געשעפּט. אין יענע צייטן זיינען מיר נאָענט געוואָרן מאַפּו, סמאָלענסקי, פינסקער, נאַרדוי, הערצל, יל"ג און אַנדערע העברעאישע קלאַסיקער און מאָדערנע שרייבער. דאָרט זיינען אויך געלעגן יקירס כתבים, אַריינגעשריבן אין דיקע „ברוליאָנען" (העפטן מיט האַרטע טאָוולען). היינט ווייס איך, אַז די אַלע כתבים האָבן געמוזט אי־בערגעשריבן ווערן פאַרן גיין צום דרוק — די בלעטער זיינען געווען געשריבן פון ביידע זייטן.

אָנגעהויבן צו שרייבן האָט יקיר אַלט זייענדיק אַ יאָר פופצן־זעכצן. די ערשטע זאַכן זיינע, קורצע, שטימונגספולע בילדלעך („ציורים") און סקיצן האָט ער פאַר־עפנטלעכט אין „הדגל". שפּעטער האָט ער זיך געדרוקט אין אַנדערע, שוין אויבן אויסגערעכנטע העברעאישע פעריאָדישע צייטשריפטן. ערשט האַרט פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט ער זיך אָנגעהויבן צו באַווייזן אין דער טעגלעכער יידישער פּרעסע.

פאַרשטייט זיך, אַז קיין פרנסה פון שרייבן האָט מען נישט געקאָנט מאַכן. יקיר האָט געצויגן באַשיידענע חיונה פון זיין אַ בוכהאַלטער אין דער מלאַווער יידישער ליי־קאַסע; שפּעטער — פון לערעריי אין גאַסטינין, אין אַ פּלאָצקער געמנאַזיע, פון אַרומפאָרן איבער פּוילן ווי אַ רעדנער און געלט־זאַמלער פאַרן קרן־היסוד, פון זיין רעדאַקציע־סעקרעטאַר אין יוסף העפּטמאַנס „הצפירה" און — אין די לעצטע יאָרן פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה — איז ער געווען אַ העברעאישער לערער אין די גמינע־שולן אין וואַרשע.

אָבער די אַלע באַשעפטיקונגען זיינען ביי יקירן געווען בעל־כרחי זאַכן, ווייל אַ מענטש מוז דאָך פון עפּעס מאַכן אַ לעבן. פאַר זיין אייגנטלעכן באַרוף האָט יקיר געהאַלטן — שרייבן. עס ווערט געזאָגט „הכל תלוי במזל, אפילו ספר תורה שבהיכל״, איז אויב עס גייט וועגן מזל, האָט עס יקיר — נישט געהאַט. ער האָט ווייט נישט געקריגן דעם פּלאַץ אין דער יידיש־העברעאישער ליטעראַטור, וואָס איז אים געקומען לויט זיינע ליטעראַרישע לייסטונגען. יקיר וואַרשאַווסקי האָט פאַר דער מלחמה געוואונען אַ „פאָרווערטס״־פּרעמיע פאַר אַ קאָנקורס־דער־ציילונג. איך ספק, צי ער וואָלט געקריגן דעם פּריז, ווען ער שיקט אַריין זיין דערציילונג נישט אַנאָנים, נאָר אונטער זיין אייגענעם נאָמען. ער איז געווען צו באַשיידן צו רעדן וועגן זיין פאַרשוויגן־ווערן, אָבער ער האָט עס טיף אַדורכגע־וויטיקט.

די וויכטיקסטע געשעעניש אין יקירס לעבן איז זיכער געווען זיין רייזע קיין ארץ ישראל האַרט פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה. די רייזע איז געווען אַן עטאַפּ אין זיין לעבן און פון איר איז אַרויסגעקומען זיין בוך „מן המולדת״. ביי מיר געפינט זיך אַן עקזעמפּלאַר מיט אַ דעדיקאַציע פאַר מיין פאָטער:

„מיין ליבן ברודער שלמה, וועלכער האָט מיר געהאָלפן מיט וואָרט און מיט געלט צו פאָרן קיין ארץ ישראל — שענק איך דאָס דאָזיקע בוך, די פּרוכט פון דער דאָזיקער רייזע. — פּלאָצק, דעם 4טן אַפּריל 1919. מחבר.״

אין בוך־פאָרם זיינען אויך דערשינען „הגיונות וזעזועים״ (1919), „מעלות ומורדות״ (ספורים וציורים, 1925). ער האָט נישט באַוויזן צונויפצוזאַמלען אַ גרויסע צאָל נאָוועלן, וואָס זיינען צעשפּרייט איבער צענדליקער יידישע און העברע־אישע צייטשריפטן. ער האָט אויך זיך פאַרנומען מיט זשורנאַליסטיק און פּובלי־ציסטיק. כמעט יעדן פרייטיק האָבן זיך אין וואַרשעווער „היינט״ געדרוקט אַרטיק־לען פון יקיר וואַרשאַווסקי איבער פאַרשידענע אַקטועלע טעמעס.

אין שייכות מיט זיין פּעדאַגאָגישער טעטיקייט האָט ער אויך אַרויסגעגעבן סעריעס פון אילוסטרירטע קינדער־ביכלעך אין העברעאיש.

אָבער זיין גרויס ווערק האָט יקיר וואַרשאַווסקי אָנגעשריבן ערשט אין זעקסטן צענדליק פון זיין לעבן. איך מיין דאָ דאָס באמת גוט אָנגעשריבן בוך „די לעצטע״, וואו עס דעפּילירט דאָס יידישע מלאַווע פון סוף ניינצנטן און פון אָנהויב צוואַנציקסטן יאָרהונדערט. דאָס איז אַ ווערטפול ווערק, מיט אַ פאַכ־מענערישער קאָנסטרוקציע און מיט אַ רייפן און רייכן סטיל. ווען נישט די גרויסע קאַטאַסטראָפע אונדזערע פון 1939, וואָלט זיכער די דאָזיקע מאָנאָגראַפיע אַרויס־געהויבן דעם מחבר אין פאָדערגרונט פון דער יידישער ליטעראַטור. דאָס בוך האָט נאָך אַפילו נישט באַוויזן געהעריק באַהאַנדלט צו ווערן דורך אונדזער קריטיק.

יקיר וואַרשאַווסקיס דירה אויף נאַוואָליפּיע 65אַ אין וואַרשע איז במשך פון

יאָרן געווען אַ טרעף־פונקט פאַר דער ידישער גייסטיקער עליטע פון וואַרשע. איר האָט דאָרט אין די פרייטיק־צו־נאַכטסן און אין יום־טובים שטענדיק געקענט טרעפן יידישע און העברעאישע ליטעראַטן, לערערס און געזעלשאַפטלעכע טוערס פון פאַרשיידענע שאַטירונגען. יקירס פרוי, לאה, הגם זי האָט לעצטנס אונטער־געקרענקט, האָט כסדר אימפּאָנירט מיט איר דאַמישער האַלטונג און צוגעגעבן יידישן חן און דעליקאַטע היימישקייט צו איר באַשיידענעם ליטעראַרישן „סאַלאָן".

פון אויסטראַליע, וואו כ'בין אָנגעקומען אין מיטן 1939, האָב איך אָפט קאָ־רעספּאָנדירט מיט יקירן. אין זיינעם אַ בריוו צו מיר פון סוף יוני 1939 זאָגט ער:

„...אייגנטלעך זיינען מיר שוין פיזיש איינער פאַרן צווייטן געשטאָרבן. מיר וועלן זיך שוין קיין מאָל מער נישט זען און טרערן שטיקן מיך בעת איך שרייב די דאָזיקע ווערטער. וואָס וועט זיין מיט אונדז? עס בריט די טריט די דאָזיקע ערד, וואָס מיר האָבן באמת ליב, די פּוילישע ערד ווערט פאַר אונדז אַ בייזע שטיפמאַמע. ח' ירחם, און — זיי מיר מוחל מיין אַפּיקורסות."

ווי שטאַרק די ווערטער דערמאָנען אונדז די אַטמאָספער פון פּוילן פון 1939. ביי אַזאַ שטימונג איז פאַרשטענדלעך יקירס אידייע־פיקס צו פאָרן, לחשתקע, קיין ארץ ישראל. אויך זיינע צוויי זין, אהרן און עמרם, האָבן זיך געגרייט צו פאָרן ווי חלוצים.

יקיר, צוזאַמען מיט זיין גאַנצער פאַמיליע, זיינען אומגעקומען מיט דער גרויסער תוכחה פון פּוילישן יידנטום. פון זיין נאָענטסטער משפחה איז בלויז געבליבן זיין עלטערער ברודער יעקב, וואָס וווינט אין ניו־יאָרק. עס לעבן נאָך אָבער צום גליק צעשפּרייט איבער גאָר דער וועלט פיל פון יקירס גייסטיקע קרובים, אמתע פריינד. לאָמיר צוזאַמען נעמען אויף זיך די דאַנקבאַרע אויפגאַבע איבער־צודרוקן און צו פאַרשפּרייטן יקירס בוך „די לעצטע". יקיר, דער נחבא אל הכלים, וואָלט דורך דעם געקריגן דעם אמתן תיקון.

רחל ערליך

# וויקטאָר אַלטער

(1890 — 1941)

וויקטאָר אַלטער איז געבוירן געוואָרן אין 1890, דער ייִנגסטער זון פֿון דעם רייכן מלאָווער חסיד ישראל אַלטער. דער פֿאָטער איז געשטאָרבן, ווען וויקטאָר איז נאָך געווען אַ קליין קינד. אין זכּרון פֿון דעם ייִנגל איז דאָס בילד פֿון פֿאָטער פֿאַרבליבן דער עיקר אויפֿן סמך פֿון דערציילונגען פֿון זיינע עלטערע משפּחה־מיטגלידער. קיינער פֿון זיי האָט אָבער אין אַזאַ גרויסער מאָס נישט געירשנט ר׳ ישראל אַלטערס איינערלעכן אומרו און ברויזנדיקן טעמפּעראַמענט, ווי דווקא דער ייִנגסטער זון זיינער.

גאָר אין גיכן נאָכן פֿאָטערס טויט האָט זיך די משפּחה אַלטער אַריבערגעקליבן קיין וואַרשע. פּונקט ווי זיינע עלטערע שוועסטערס און זיין ברודער איז וויקטאָר אַוועק זיך לערנען אין אַ מיטל־שול. ער האָט אַרויסגעוויזן גרויסע פֿעאיקייטן, בפֿרט אין מאַטעמאַטיק. פֿון דער נאַטור אַקטיוו, איז ער באַלד אַריינגעצויגן געוואָרן אין דעם קרייז פֿון די גייסטיקע און סאָציאַלע אינטערעסן פֿון דער שול־יוגנט. ווי אַ 15־יעריק ייִנגל ווערט ער איינער פֿון די אַקטיווסטע אָנטיילנעמער אין דעם שילער־סטרייק פֿאַר די רעכט פֿון דער פּוילישער שפּראַך אין די שולן אין קאָנגרעס פּוילן. ער ווערט דערפֿאַר אויסגעשלאָסן פֿון דער שול מיט אַ „וואָלפֿישן בילעט", ד"ה אָן אַ מעגלעכקייט אָנצוקומען אין אַ וועלכער נישט איז שול אויפֿן שטח פֿון דער רוסישער אימפּעריע. אין יענער צייט שליסט זיך וויקטאָר אָן אין דער סאָציאַליסטישער שילער־באַוועגונג און העלפֿט אַרויס זיין עלטערע שוועסטער מיט טעכנישע אַרבעטן פֿאַרן „בונד".

זיינע שטודיען פֿאַרענדיקט ער אין ליעזש (בעלגיע), וואו ער באַטייליקט זיך אין דער סאָציאַליסטישער סטודענטן־אָרגאַניזאַציע. אין 1912 קומט ער צוריק קיין וואַרשע כּדי אַרבעטן פֿאַרן „בונד". גאָר שנעל רוקט ער זיך אַרויס צווישן די

אַקטיווע טוער פון דער פּאַרטיי. אין 1913 איז ער דער בונדישער פאַרשטייער אין דעם קאָמיטעט פון דריי, וואָס האָט אין נאָמען פון „בונד", פּ.פּ.ס.־לעוויצאַ און ס.ד.ק.פּ.ל. אָנגעפירט מיט די וואַלן אין די פאַרזיכערונגס־קאַסעס. ביי דער דאָזיקער אַרבעט ווערט ער אַרעסטירט און נאָכן אָפּזיצן לאַנגע חדשים אין אַ וואַרשעווער תפיסה, — פאַרשיקט קיין סיביר. מיט דער הילף פון אַ פאַלשן פּאַספּאָרט, וואָס ער האָט געהאַט איינגענייט אין אַ זויל פון זיין שוך, געלינגט אים צו אַנטלויפן קיין אויסלאַנד.

בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה אַרבעט וויקטאָר אַלטער ווי אַן אינזשיניר אין אַ פאַבריק, אין ענגלאַנד. דאָרט באַטייליקט ער זיך אין דער טעטיקייט פון דער אָרטיקער בונדישער גרופּע און ווערט אויך אַ מיטגליד אין דער בריטישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי.

אין מערץ 1917, באַלד נאָך דער רוסלענדישער רעוואָלוציע קערט זיך וו. אַלטער אום קיין רוסלאַנד (פּוילן האָט זיך נאָך צו יענער צייט געפונען אונטער דער דייטשישער אָקופּאַציע). און ווערט תיכף אויסגעקליבן אין צענטראַלן קאָמיטעט פון „בונד".

אין 1918 האָבן די באָלשעוויקעס אים אַרעסטירט צוזאַמען מיט אַנדערע סאָציאַליסטן, פאַר באַטייליקן זיך אין אַ סאָציאַליסטישער קאָנפערענץ אין מאָסקווע. נאָך דער באַפרייאונג, פאַרלאָזט ער רוסלאַנד און קערט זיך צוריק אום אַהיים, קיין פּוילן.

דריי יאָר שפּעטער קומט אים אויס נאָך אַמאָל אַרעסטירט צו ווערן אין דער זעלביקער מאָסקווע. ער איז געווען איינער פון די צוויי דעלעגאַטן, וואָס דער „בונד" אין פּוילן האָט געשיקט צום דריטן קאָנגרעס פון קאָמינטערן. די דעמאָלטיקע מערהייט פון „בונד" האָט אָנגענומען אַ באַשלוס צו פירן אונטערהאַנדלונגען מכח אַנשליסן זיך אָן קאָמינטערן. וו. אַלטער איז געווען דער פאַרשטייער פון דער מינדערהייט, וואָס איז געווען קעגן דעם. בעת ער איז געווען אין מאָסקווע, האָט מען אים געבעטן איבערצוגעבן אַ בריוו פון אַן אַרעסטירטן רוסישן סאָציאַליסט צו דער דעמאָלטיקער פירערין פון דער בריטישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פּאַנני פּענקהורסט. די סאָוועטישע „טשע־קאַ" האָט זיך דערוואוסט וועגן דעם גאַנצן ענין און האָט אַלטערן אַרעסטירט. זי האָט פון אים געפאָדערט ער זאָל אָנגעבן דעם נאָמען פון די מענטשן, וואָס האָבן אים איבערגעגעבן דעם דאָזיקן בריוו. ער האָט זיך אָבער קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט, און איז דערפאַר פאַרשפּאַרט געוואָרן אין דער בוטירקער תפיסה. וו. אַלטער האָט פּראָטעסטירט און דערקלערט אַ הונגער־סטרייק, וואָס האָט אָנגעהאַלטן 11 טעג. דאָס האָט אַרויסגערופן שטורמישע פּראָטעסטן אין דער אייראָפּעאישער סאָציאַליסטישער עפנטלעכקייט און אַ גרויסע צעמישונג אויך ביי אַ רייע קאָמינטערנישע דעלעגאַטן אין מאָסקווע. די פּראָטעסטן

צוזאַמען מיט דער דעצידירטער האַלטונג פון דעם צווייטן בונדישן דעלעגאַט האָבן געהאַט אַ פּעולה, מען האָט אַלטערן באַפרייט.

אין משך פון די 20 יאָר פון אומאָפּהענגיקן פּוילן האָבן זיך וו. אַלטערס פּאָליטישע און אָרגאַניזאַטאָרישע טאַלאַנטן פונאַנדערגעבליט אין דער פּולער מאָס. זיין פּראַקטישע טעטיקייט האָט זיך דער עיקר קאָנצענטרירט אויף די געביטן פון עקאָנאָמישן קאַמף און קאָנסטרוקטיווער הילף. ער איז געווען דער פירער פון די יידישע יוניאָנס און זייער פאָרשטייער אין דער צענטראַלער פאַרוואַלטונג פון דער אַלגעמיינער יוניאָן־באַוועגונג אין פּוילן. ער איז געווען דער שעפער פון יידישע אַרבעטער־קאָנסום־קאָאָפּעראַטיוון און דער פירנדיקער אויטאָריטעט פון „בונד“ אין די פראַגן פון שטאָטישערווירטשאַפט, ער האָט פאַרטראָטן די יידישע אַרבעטערשאַפט אין אַלע וואַרשעווער שטאָט־ראַטן (מיטן אויסנאַם פון די יאָרן 1934—1938, ווען וואַרשע האָט געהאַט אַ קאָמיסאַריש־באַשטימטע שטאָט־פאַרוואַלטונג). ווי אַ ראַטמאַן אין שטאָט־ראַט און מיטגליד פון דער שטאָט־פאַרוואַלטונג (לאַווניק) איז אַלטער געווען זייער פּאָפּולער ביי די יידישע מאַסן אין וואַרשע. די יידישע אָרעמקייט פון וואַרשע האָט פאַר אים געפילט אַ גרויסע דאַנקבאַרקייט און שטאַרקע ליבע פאַר זיין גרייטקייט תמיד העלפן יעדן איינציקן וואָס איז געקומען צו אים זוכן הילף. דער בונדישער „לאַווניק“ איז געוואָרן אַ שם־דבר אין די אָרעמע שטיבער פון סמאָטשע, ניסקע און מילע.

די טאָג־טעגלעכע זאָרגן פאַר יעדן יחיד באַזונדער זיינען געווען אַ טייל פון אַלטערס טעטיקייט. ווי אַ פּאָליטיקער איז ער געווען איינער פון די וויכטיקסטע פירער פון זיין פּאַרטיי. אין די גרויסע פּאָליטישע אַקציעס קעגן אַנטיסעמיטיזם, אין וואַל־קאַמפּאַניעס, אין קאַמף פאַר פּאָליטישע און סאָציאַלע רעכט פון דער באַפעלקערונג האָט ער תמיד געהאַט זיין וואָגיק וואָרט.

פונקט ווי געוואַגט עס זיינען געווען זיינע מעשים, אַזוי איז אויך געווען געוואַגט זיין געדאַנק. נישט איין מאָל האָט ער אין אַ גאַנצער ריי פּרינציפּיעלע פראַגן אַרויסגעזאָגט געדאַנקען, וואָס האָבן לכתחילה געקלונגען ווי סאָציאַליסטישע אַפּיקורסות. מיט יאָרן שפּעטער זיינען זיי אָבער אַריינגענומען געוואָרן אין איי־זערנעם אַרסענאַל פון דער סאָציאַליסטישער וועלט־באַוועגונג. אַזוי איז עס געשען מיט זיינע פאָרשלאָגן וועגן באַקעמפן אַרבעטסלאָזיקייט דורך גרויסע עפנטלעכע אינוועסטיציעס אָדער וועגן קאָאָפּעראַציע צווישן אַרבעטער און מיטל־שיכטן אין קאַמף קעגן מאָנאָפּאָל־קאַפּיטאַל.

נישט דער שרעק פאַרן קעגנער און נישט די מורא פון בלייבן איזאָלירט צווישן פריינד, האָבן אים געקענט מאַכן צום שווייגן דאָרטן וואו ער האָט געהאַלטן פאַר זיין חוב זאָגן, וואָס ער טראַכט. דערפאַר איז אים די אידעע פון פרייהייט געווען אַזוי טייער, ווייל פאַר אים איז פרייהייט געווען אַן אינטעגראַלער טייל פון סאָציאַליזם בכלל.

זיינע חלוקי־דעות מיטן קאָמוניזם זיינען געווען צום שאַרפסטן טאַקע אין דער פראַגע פון פרייהייט. זיין קעגנערשאַפט צום קאָמוניזם האָט געשטאַמט קודם־כל פון דעם אַנטי־פרייהייטלעכן כאַראַקטער פון דער דאָזיקער באַוועגונג.

איז געקומען סעפטעמבער 1939. וואַרשע ווערט שוין באָמבאַרדירט אַ אויפהער זעקס טעג. די רעגירונג האָט פאַרלאָזן די שטאָט. די מיליטערישע אָנפירונג האָט עוואַקואירט אַלץ, וואָס עס האָט זיך נאָר געלאָזט עוואַקואירן. דער גורל פון וואַרשע איז געווען פאַרחתמעט.

דער צענטראַל־קאָמיטעט פון „בונד" האָט אויף שנעל זיך גענומען צוגרייטן אַן אומלעגאַלן אַפּאַראַט פאַרן אונטערערדישן קאַמף קעגן היטלערן. מען האָט געמוזט האָבן מענטשן, וואָס זיינען ווייניק באַקאַנט, אָבער וואָס זיינען אין דער זעלבער צייט ראוי צו נעמען אויף זיך די דאָזיקע אַרבעט. איז געקומען אַ פאָרשלאָג פון וויקטאָר אַלטערן, אַז מען זאָל אים איבערלאָזן ביי דער דאָזיקער אַרבעט. ווען אַלע האָבן פּראָטעסטירט, האָט ער געהאַלטן ביי זיינס: „איך לעב איבער שוין די צווייטע מלחמה. כ'ווייס, אַז פון הונדערט, וואָס גייען אַרויס, וועלן נאָר צען קומען צוריק. דעם צען־פּראָצענטיקן שאַנס האָב איך אויך אונטער דער היטלער־אָקופּאַציע." דער צענטראַל־קאָמיטעט פון „בונד" האָט אָבער געמוזט זיך רעכענען מיט דעם, אַז וויקטאָר אַלטערן קענען קינד און קייט אין וואַרשע. זיין פאָרשלאָג איז אָפּגעוואָרפן געוואָרן און ער האָט געמוזט פאַרלאָזן וואַרשע.

דעם 9טן סעפּטעמבער 1939 איז אַלטער געווען אין מעזריטש. פון דער ראַדיאָ האָט מען זיך דערוואוסט, אַז וואַרשע האָט באַשלאָסן זיך צו פאַרטיידיקן. אַלטערן האָט אָנגעהויבן ציען קיין וואַרשע. צווישן וואַרשע און מעזריטש איז שוין אָבער געווען דער פראָנט. אַלטער האָט בשום אופן נישט געוואָלט אויפגעבן זיין פּלאַן און איז אַוועק קיין לובלין, מיט דער האָפענונג אַז פון דאָרט וועט אים געלינגען זיך אַריינכאַפּן קיין וואַרשע. צוזאַמען מיט בערנאַרד גאָלדשטיין און עטלעכע יונגע חברים האָט ער זיך געלאָזן אין וועג אַריין. אין לובלין איז אָבער קלאָר געוואָרן, אַז דער וועג קיין וואַרשע איז פאַרמאַכט, ווייל די שטאָט איז שוין אַרומגערינגלט פון די דייטשן.

אין דעם באָמבאַרדירטן און חרובן לובלין האָט אַלטער נאָך באַוויזן אַרויסצוגעבן אַן איינמאָליקע אויסגאַבע פון דער „לובלינער שטימע". וואו ער האָט אָנגעשריבן אַן אַרטיקל א"נ „היטלער וועט נישט זיגן!..."

גאָר גיך איז אָנגעקומען די ידיעה, אַז די דייטשן האָבן דורכגעריסן דעם פראָנט ביי לובלין, און אַז אין אַ פּאָר שעה אַרום קענען זיי שוין זיין אין שטאָט. צוזאַמען מיט דער גרופּע וואַרשעווער חברים האָט אַלטער זיך געלאָזט ווייטער אין וועג אַריין.

דער ווייטערדיקער וואַנדער־וועג האָט אים געבראַכט קיין קאָוועל, וואוהין עס איז אויך אָנגעקומען די סאָוועטישע אַרמיי. די סאָוועטן־מאַכט האָט אים טאַקע תיכף אַרעסטירט.

אין דער סאָוועטישער תפיסה — איז אַלטער געוואָרן דער דעלעגאַט וואָס האָט פאַרטראָטן די איבער 40 חברים־מיטזיצערס. ער האָט געמונטערט די אַרעסטירטע און געטרייסט זיי אין די שווערע טעג. אין דער קאַמער, וואו ער האָט מיט הונגער־סטרייק (צוזאַמען מער ווי 30 טעג) פאַרטיידיקט די מענטשלעכע רעכט פון זיינע אַרעסטירטע חברים, האָט ער אָנגעשריבן אַ ווערק, וועגן די אַלטע און נייע טעאָריעס אין דער פיזיק.

איינשטילן דעם דאָזיקן אומרואיקן גייסט, האָט נאָר געקענט די קויל, וואָס האָט דורכגעשאָסן זיין גוף.

יולי 1941 האָט מען אים פאַרמשפּט צום טויט. ער האָט זיך אָפּגעזאָגט פון זיין רעכט אַפּעלירן קעגן דעם אורטייל און איז אַריבערגעפירט געוואָרן אין אַ טויטן־קאַמער. צוויי וואָכן האָט אַלטער פאַרבראַכט אין דער טויטן־קאַמער און לסוף איז ער גאָר באַפרייט געוואָרן פון תפיסה. מען האָט אים אַוועקגעפירט אין מאָסקווער האָטעל „מעטראָפּאָל", וואו ער האָט זיך געטראָפן מיט זיין חבר הענריק ערליך. די פאַרשטייערס פון דער סאָוועטישער מאַכט האָבן זיך פאַר זיי ביידן אַנטשולדיקט און האָבן דערקלערט, אַז עס איז געשען אַ „פאַרדריסלעכער טעות." מען האָט זיי פאַרגעשלאָגן אַקטיוו זיך באַטייליקן אין דעם קאַמף קעגן היטלערן.

אַלטער און ערליך האָבן זיך תיכף געשטעלט צו דעם דאָזיקן קאַמף. תיכף נאָך דער באַפרייאונג האָבן זיי אַרויסגעגעבן אַ בשותפותדיקע דערקלערונג, וואו עס ווערט, צווישן אַנדערע ענינים, געזאָגט:

„... ווי סאָציאַליסטן און בירגער פון פוילן, וואָס זיינען פון היטלערן אַזוי אַכזריותדיק פאַרשקלאַפט, שטעלן מיר זיך אין די רייען פון די קעמפער קעגן דער האַקן־קרייץ־בעסטיע. ווי זין פון יידישן פאָלק, וואָס ווערט פון היטלערן באַזונדערס געשענדעט און גרודפט, האַלטן מיר פאַר אונדזער ספּעציעלן חוב, מיט דער גרעסטער אָנשטרענגונג פון אונדזערע כוחות זיך צו באַטייליקן אין קאַמף צום שוץ פון אונדזער מענטשלעכן כבוד ... די באַטייליקונג אין דער איצטיקער מלחמה פאַר פרייהייט איז אַ חוב און אַ פּריווילעגיע, וואָס פאַרשאַפט כבוד. אין נאָמען פון די יידישע אַרבעטנדיקע מאַסן און פון דער יידישער אינטעליגענץ, וואָס האָבן אונדז געשאָנקען זייער צוטרוי, דערקלערן מיר אַז מיר זיינען גרייט צו דערפילן אונדזער חוב און פאָדערן אַז מען זאָל אונדז געבן די מעגלעכקייטן אויסצונוצן דאָס דאָזיקע רעכט ..."

פאַרשטייערס פון דער סאָוועטישער רעגירונג האָבן זיך געווענדעט צו די צוויי באַפרייטע פירער פון „בונד" וועגן גרינדן אַן אַלוועלטלעכן יידישן אַנטי־פאַשיסטישן קאָמיטעט. אין די אונטערהאַנדלונגען מיט סאָוועטישע פאַרשטייערס איז אויסגעאַרבעט געוואָרן אַ פּלאַן און עס איז אויסגעקליבן געוואָרן אַ פּראָוויזאָרישער פּרעזידיום, וואָס איז באַשטעטיקט געוואָרן פון דער מאַכט. ה. ערליך

האָט געזאָלט זיין דער פאָרזיצער פון דעם דאָזיקן קאָמיטעט און אַלטער זיין סע־קרעטאַר. וואָס עס האָט אָבער נאָך געפעלט איז די הסכמה פון סטאַלינען גופא.

דערווייל האָבן זיך היטלערס חיילות דער נעענטערט קיין מאָסקווע. די סאָוועטישע רעגירונג האָט זיך עוואַקואירט קיין קויבישעוו. אַהין האָט מען אויך עוואַקואירט אַלטערן און ערליכן. געווען איז דאָס אין אָקטאָבער 1941. די ביידע בונדישע פירערס האָט מען פאַרזיכערט, אַז סטאַלינס הסכמה וועלן זיי באַקומען אין קויבישעוו. אויף דעם דאָזיקן ענטפער האָבן זיי אין קויבישעוו געוואַרט ביזן 3טן דעצעמבער 1941. אין דער נאַכט פון 3טן אויפן 4טן דעצעמבער האָט מען זיי אַרויסגערופן אין דער נ.ק.וו.ד.

מער זיינען זיי שוין נישט צוריקגעקומען. אויף דער אָנפראַגע פון דער פוילישער אַמבאַסאַדע וועגן גורל פון די צוויי „פאַרשוואונדענע" פוילישע בירגער זיינען געקומען אויסמיידנדיקע ענטפערס.

די סאָוועטישע מאַכט האָט זיך באַמיט אויסבאַהאַלטן דעם אמת. אָנצאָליקע אינטערווענצן פון דער גאַנצער וועלט זיינען געבליבן נישט געענטפערט. ערשט אין 1943, ווען די וועלט מיט איר „גרויס־פּאָליטיק" איז שוין גרייט געווען אַראָפּ־צושלינגען די ידיעה, האָט דער סאָוועטישער אַמבאַסאַדאָר אין די פאַראייניקטע שטאַטן געלאָזט וויסן וואָס עס איז געשען מיט די צוויי פירער פון „בונד" — די סאָוועטישע מאַכט האָט זיי דערשאָסן דעם זעלבן חודש (דעצעמבער 1941), ווען זי האָט זיי אַרעסטירט.

ע. נ — סקי

# הענריק פיזשיץ

איך געדענק נישט גענוי אין וועלכן יאָר איך האָב זיך באַקענט מיט חיים (הענריק) פיזשיץ. ס׳האָט געמוזט זיין אין זעלביקן יאָר, ווען ער איז פון ווין, וואו ער האָט שטודירט סאָציאַלע וויסנשאַפטן, געקומען צוריק קיין פוילן און זיך אָנגעשלאָסן אין „בונד". אויב מיין זכרון פאַרפירט מיך נישט איז דאָס געווען אינעם יאָר 1923. זינט דעם מאָמענט ביז מיין פאַרלאָזן פוילן אין יאָר 1939 איז מיר אויסגעקומען זייער אָפט מיט אים זיך צו טרעפן און זען אים בעת פאַרשיידענע שווערע מאָמענטן פון פאַרטיי־אַרבעט. מיר זיינען נישט בלויז געוואָרן נאָענטע, אינטימע פריינד. איך האָב זיך אויסגעלערנט צו שעצן און אַפילו באַוואונדערן די אייגנשאַפטן פון דעם שטענדיק באַגייסטערטן, שטענדיק אַ ביסל צעשויבערטן, אָבער תמיד אימפּולסיוון, אַקטיוון בונדיסט — הענריק פיזשיץ.

ער האָט נישט געהערט צו מיין דור. ער איז געווען יינגער פון מיר אין יאָרן און אַ סך יינגער פון מיר אין דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג. געבוירן אין 1897 אין מלאַווע, אין אַ גביריש־חסידישער פאַמיליע, האָט ער אין זיינע יונגע יאָרן באַקומען אַ רעליגיעז־תלמודישע דערציאונג. איך ווייס נישט צו זיינע עלטערן האָבן געוואָלט, אַז זייער זון זאָל ווערן אַ למדן, ווי ס׳איז געווען אין יענע יאָרן דער שטייגער ביי די פּוילישע חסידים. איך ווייס אָבער, אַז הענריק פיזשיץ האָט געהאַט אַ שאַרפן, תלמודיסטישן מוח און איז געווען פון אויסגעצייכנטער מאַטעמאַטיקער און שאַכמאַטיסט. צו 17 יאָר באַלייגט ער, ווי אַן עקסטערן, אַ מאַטורע־עקזאַמען און ווערט אויף אַזאַ אופן רייף אַריינצוטרעטן אין אוניווער־סיטעט.

אָבער ס׳איז דאָס יאָר 1914 ; ס׳ברעכט אויס די ערשטע וועלט־מלחמה און ס׳קען קיין רייד נישט זיין וועגן ווערן אַ סטודענט אין וואַרשעווער אוניווערסיטעט, וואָס האַלט זיך אין עוואַקואירן ערגעץ־וואו טיף אין רוסלאַנד. ווען די מלחמה ענדיקט זיך, אין יאָר 1918, ווערט הענריק פיזשיץ מאָביליזירט, ווי אַ זעלנער אין

דער פוילישער אַרמיי. אין דער פויליש־רוסישער מלחמה, וועלכע האָט זיך שיר נישט געענדיקט דערמיט, אַז די קאָמוניסטן זאָלן צוריק באַקומען אין זייערע הענט וואַרשע, די הויפּט־שטאָט פון פוילן, איז הענריק פּיזשיץ פאַרוואונדעט געוואָרן. אַ קראַנקער איז ער באַפרייט געוואָרן פון דער פוילישער אַרמיי און אין יאָר 1920 קערט ער זיך אום צוריק קיין מלאַווע, כדי קומען צו זיך.

ער קען זיך אָבער מער נישט געפינען קיין אָרט אין די ענגע, באַגרענעצטע ראַמען פון דער יידישער חסידיש־באַלעבאַטישער וועלט. אים פעלט אויס לופט צו אָטעמען. שוין אין יאָר 1921 פאַרלאָזט ער פוילן, פאָרט אַוועק אין ווין און טרעט אַריין אין דאָרטיקן אוניווערסיטעט, וואו ער שטודירט עקאָנאָמישע און סאָציאַלע וויסנשאַפטן. די פּאָליטישע אַטמאָספער פון ווין נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה. דער גוואַלדיקער וואוקס פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אונטער דער פירערשאַפט פון אָטאָ באַוערן און פרידריך אַדלערן, דער אידעען־קאַמף מיט דעם קאָמוניסטישן מזרח — האָט געמאַכט אַ גוואַלדיקן איינדרוק אויף דעם יונגן סטודענט פון פוילן, הענריק פּיזשיץ. בעת זיינע סטודענטן־יאָרן אין ווין איז ער געוואָרן אַ הייסער סאָציאַליסט מיט אַ טיפער פאַרשטענדעניש פאַר די נאַציאָנאַלע פּראָבלעמען פון די אויפוואַכנדיקע פעלקער. אין ווין האָט ער זיך געטראָפן מיט אַ גרופּע סטודענטן — בונדיסטן. דער איינפלוסרייכסטער פון זיי איז געווען ד״ר שמ. בערקאָוויטש פון סאָסנאָוויץ, וואָס איז שפּעטער געווען באַ־קאַנט ווי אַ מיטגליד פון וואַרשעווער קאָמיטעט פון „בונד״. הענריק פּיזשיץ איז טאַקע געוואָרן אַ בונדיסט אַדאַנק דער פּערזענלעכער השפּעה אויף אים פון שמ. בערקאָוויטש.

⁂

הענריק פּיזשיץ האָט באַקומען זיין דאָקטאָר־דיפּלאָם אין ווינער אוניווערסיטעט. אין די בירגערלעכע קרייזן פון פוילן איז ער אַנגעגאַנגען ווי אַ פאָרשטייער פון דער הויכער, דיפּלאָמירטער אינטעליגענץ. אָבער קיין שום זאַך איז נישט געווען אַזוי פרעמד זיין נאַטור, ווי גדלות, ווי בלאָזן פון זיך און קוקן אויף די אַרומיקע פון אויבן אַראָפּ. הענריק פּיזשיץ איז געווען די פּאַרקערפּערונג פון פּשטות אין זיינע באַציאונגען מיט מענטשן. אין די בונדישע פּאַרטיי־קרייזן איז ער גלייך פאַררעכנט געוואָרן ווי אַן אייגענער מענטש, אַ היימישער און ס׳איז נישט געווען פאַר אים אַ צו שווערע, אָדער אַ צו קליינע פּאַרטיי־אַרבעט. יעדע פּאַרטיי־שליחות פלעגט ער דערפילן מיט באַגייסטערונג און חסידישן ברען. ווי קליין די אויפ־גאָבע, וואָס איז אָנפאַרטרויט געוואָרן אים, זאָל נישט האָבן געווען — הענריק פּיזשיץ האָט געפילט, אַז ער איז אַ טייל פון אַ גרויסן קאָלעקטיוו, וואָס דערפילט אַ היסטאָרישע שליחות אויף דער יידישער גאַס. די דאָזיקע אייגנשאַפט פון הענריק פּיזשיץ האָט אונטערגעקויפט זיינע פּאַרטיי־מיטגלידער און געוואונען פאַר

אים זייער סימפּאַטיע. אין יענע יאָרן האָט מען אין פּוילישן „בונד" „אינטעלי־גענטן" נישט שטאַרק ליב געהאַט. ס'האָט געהערשט אַ געוויסער אומצוטרוי צו זיי. אָבער הענריק פּיזשיץ איז געווען אַן אויסנאַם. ער איז גלייך פאַררעכנט געוואָרן פאַר אַן אייגענעם. איך וואָלט געזאָגט, אַז ער האָט זיך גלייך איינגעקויפט אין בונדישן יחוס. אויך איך האָב זיך דערנענטערט מיט אים קודם־כל צוליב זיין אייגנשאַפט צו דערפילן מיט אַזוי פיל איבערגעגעבנקייט און פשטות יעדע פאַרטייאישע אַרבעט.

אַזעלכע נאַטורן בעטן זיך ממש אויסגענוצט צו ווערן פון אַ באַוועגונג, און אַ מאַסן־פאַרטיי איז אין אַזעלכע פאַלן אומברחמנותדיק. זי „עקספּלואַטירט" זיי ביזן סוף. אויך הענריק פּיזשיץ איז זייער שטאַרק „עקספּלואַטירט" געוואָרן דורך דער בונדישער באַוועגונג. חוץ זיין אייגענע פאַרטיי־אַרבעט איז ער טאָג און נאַכט געווען באַשעפטיקט מיט העלפן פאַרשיידענע אַנדערע בונדישע אינסטיטוציעס, וואָס פלעגן זיך ווענדן צו אים נאָך הילף. ער האָט פאַרמאָגט גרויסע פאַרבינ־דונגען אין דער פּוילישער געזעלשאַפט און אין די פינאַנציעלע קרייזן. אפילו דער צענטראַל־קאָמיטעט פון „בונד" און די רעדאַקציע „פאָלקס־צייטונג" פלעגן גאַנץ אָפט זיך ווענדן צו הענריק פּיזשיץ, כדי ער זאָל קריגן פאַר זיי אַ גרעסערע הלוואה אָדער אַדורכפירן אַן אַנדער פינאַנציעלע אָפּעראַציע אין אַ באַנק. הענריק פּיזשיץ פלעגט אין אַזעלכע פאַלן אָוועקוואַרפן זיינע לויפנדיקע אַרבעטן אין טאָג־טעגלעכע פליכטן. ער פלעגט ממש נישט רוען ביז ער פלעגט דערליידיקן דעם ענין — גאַנץ אָפט מיט שאָדן פאַר זיך אַליין. זיין גרענעצלאָזע איבערגעגעבנקייט דער באַוועגונג און זיין אָפּפערווילִיקייט. האָט געקענט דינען פאַר אַ סך פון אונדז ווי אַ מוסטער.

ס'איז נישט קיין איבערטרייבונג צו זאָגן, אַז ביזן יאָר 1936, ד"ה ביז הענריק פּיזשיץ האָט חתונה געהאַט מיט דער ח'טע רעניע יאַרעצקאַ, אַ מיטגליד פון דער בונדישער אַקאַדעמיקער־גרופּע אין וואַרשע, האָט ער לחלוטין נישט געהאַט קיין פערזענלעך לעבן. זיין גאַנצע צייט און אַלע זיינע פעאיקייטן האָט ער געווידמעט דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג. הענריק פּיזשיץ האָט געשפּילט אַ סך אַ גרעסערע ראָל אין פּוילישן „בונד" ווי אַ זייטיקער וואָלט געקענט מיינען פון דעם אָפיציעלן אָרט, וואָס ער האָט פאַרנומען אין דער פאַרטיי־היעראַרכיע. ערשט אין די לעצטע יאָרן אידער ס'איז אויסגעבראָכן די צווייטע וועלט־מלחמה איז ער אויסגעוויילט געוואָרן פאַר אַ מיטגליד פון וואַרשעווער קאָמיטעט פון „בונד". אָבער אָן אַן אָפיציעלן טיטל איז ער געווען נאָענט און אינטים באַקאַנט מיט די אָנפירנדיקע מיטגלידער פון פּוילישן „בונד". אַ געוויסע צייט איז הענריק פּיזשיץ געווען דער פאַרטרויאונגס־מאַן פון די העכסטע בונדישע פאַרטיי־אינסטאַנצן. הענריק פּיזשיץ איז נישט געווען קיין רעדנער, וואָס זאָל באַצויבערן די מאַסן אָדער אַ שריפטשטעלער, אַ פּובליציסט. זיין ראָל אין „בונד" איז געווען פון אַ

פראַקטישן טוער, פון איינעם, וואָס שטייט בראש פון די פאַרשידענע אינסטיטו־ציעס פון דער באַוועגונג, וואָס האָבן פאַר אַ ציל צו דערלידיקן די טאָג־נויטן פון פּראָלעטאַרישן לעבן און קאַמף. הענריק פיזשיץ האָט די דאָזיקע ספּעציעלע שליחות, וואָס פאָדערט זייער אַ סך אָפּפערוויליקייט פון יחיד, דערפילט ווי זעלטן ווער. דער פּאָסטן אויף וועלכן די באַוועגונג האָט אים אַרויסגערוקט האָט פאַר־מאָגט ווייניק יום־טוב, ווייניק פייערלעכע, דערהויבענע מאָמענטן. זיין אַרבעט איז געווען איינגעטונקט אין וואָכעדיקער גרויקייט. ער האָט געדאַרפט טאָג־איין און טאָג־אויס במשך לאַנגע יאָרן אָנהאַלטן אַ קאָנטאַקט מיט הונדערטער און טויזנטער פּאַרטיי־מיטגלידער, באַקאָנען זיך מיט זייערע פּערזענלעכע דאגות און אָנגעלעגנהייטן, כדי צו זיין אימשטאַנד זיי צו העלפן, נאָר איינער, וואָס האָט די יום־טובדיקייט און די פייערלעכקייט געהאַט אין זיך, געפילט אין זיין נשמה, איז געווען בכוח צו דערפילן בשלמות זיין אַרבעט. הענריק פיזשיץ איז געווען איינער פון די דאָזיקע זעלטענע נאַטורן.

הענריק פיזשיץ איז געווען דער לאַנג־יאָריקער פירער פון דער בונדישער עמיגראַציע־ביוראָ אין פּוילן. טויזנטער יידישע אַרבעטער־עמיגראַנטן, וואָס זיי־נען געטריבן געוואָרן דורך עקאָנאָמישער נויט צו פאַרלאָזן פּוילן און זוכן פאַר זיך אַ ניי היים אין אַנדערע לענדער, זיינען באַהאַנדלט געוואָרן דורך ה. פיזשיץ, וועלכער האָט זיך באַצויגן צו זיי מיט פאָטערלעכער זאָרג. אַ מיטגליד אין דער צענטראַלער פאַרוואַלטונג פון דער קולטור־ליגע, וואו ער האָט אָרגאַניזירט די אָפּטיילונג פאַר אַרבעטער־עקסקורסיעס און אָפּרו־פּלעצער ווי אויך טעאַטער־באַזוך, אַ מיטגליד פון לאַנד־ראָט פון די יידישע טרייד־יוניאָנס אין פּוילן, פון דער בונדישער קרעדיט־צענטראַלע, פון דער בונדישער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג און אַנדערע ווירטשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס פון קעמפנדיקן יידישן אַרבעטער־קלאַס, איז זיין אַרבעטס־טאָג געווען אָן אָנגעלאָפּענער מיט טעטיקייט, מיט זאָרג און מיט דאגות אָבער גאָר אַ באַזונדער אינטענסיווע און פּרוקטבאַרע טעטיקייט האָט הענריק פיזשיץ אַנטוויקלט אויף דעם געביט פון פיזישער דערציאונג פון דער יידישער אַרבעטער־יוגנט. ער איז געווען דער פאָרזיצער פון דער באַרימטער יידישער ספּאָרט־אָרגאַניזאַציע אין פּוילן „מאָרגנשטערן", וואָס איז געוואָרן דאָס ליבלינג פון דער גאַנצער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג פון לאַנד. הענריק פיזשיץ איז געווען די נשמה פון „מאָרגנשטערן" און געהאַט זיין אָנגעזעענעם חלק אין אַלע גרעסערע אַרויסטרעטונגען פון דער דאָזיקער אָרגאַניזאַציע. הענריק פיזשיץ האָט דעם יידישן „מאָרגנשטערן" אַריינגעפירט אין דעם אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליסטישן ספּאָרט־אינטערנאַציאָנאַל. פון יעדן לאַנד קיין זיין בלויז איין אָרגאַניזאַציע אַ מיטגליד אין דעם ספּאָרט־אינטערנאַציאָנאַל — האָבן געטענהט די פאַרשטייער פון דער פּוילישער סאָציאַליסטישער ספּאָרט־באַוועגונג. פונ־דעסטוועגן איז הענריק פיזשיצן, טיילווייז אַדאַנק זיינע אַמאָליקע אינטימע פאַר־

בינדונגען צווישן די קרייזן פון עסטרייכישע סאָציאַליסטן, געלונגען, אַז דער „מאָרגנשטערן“ זאָל אָקצעפּטירט ווערן ווי אַ זעלבשטענדיקער און גלייכבאַרעכטיקטער מיטגליד פון דער סאָציאַליסטישער ספּאָרט־משפחה, אַ גרויסער אויפטו מצד דעם ח׳ הענריק פּיזשיץ איז געווען דער אָנטייל פון דער בונדישער יוגנט און פון דער בונדישער ספּאָרט־אָרגאַניזאַציע אין דעם אינטערנאַציאָנאַלן צוזאַמענפלי אין ווין, אין יאָר 1929, ס׳איז געווען דער ערשטער אַרויספאָר פון אַ גרעסערער יידישער אַרבעטער־גרופּע אין דער ברייטער וועלט. אַפילו אויף דעם פּאָן פון דער פּרעכטיקער אינטערנאַציאָנאַלער דעמאָנסטראַציע אין ווין, אין וועלכער ס׳האָבן זיך באַטייליקט יוגנט־באַטאַליאָנען פון אַ סך צענדליק לענדער און פעלקער, איז דער צוג פון די בונדיסטן־צוקונפטיסטן און ספּאָרטלער פון פּוילן געווען אַן איינדרוקפולער. הענריק פּיזשיץ איז געווען שטאַרק צופרידן פון דעם דערפאָלג, וואָס „מאָרגנשטערנס“ ערשטער אַרויספאָר אין דער וועלט האָט געהאַט. ער האָט אים באַנוצט, כדי נאָך מער צו באַפעסטיקן און אויסצוברייטערן די אינטערנאַציאָנאַלע באַציאונגען מיט די סאָציאַליסטישע ספּאָרט־אָרגאַניזאַציעס פון דער וועלט. ס׳איז כדאַי צוצוגעבן, אַז הענריק פּיזשיץ האָט אויך געהערט צו דער גוט־פאַרקאָנספּירירטער אָנפירער־גרופּע, וואָס איז באַשטימט געוואָרן דורך דעם „בונד“ כדי צו גרינדן אַ באַוואָפנטן יידישן שוץ־בונד צו פאַרטיידיקן די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג קעגן דעם אָנגריף פון דעם אַנטיסעמיטישן און פאַשיסטישן לאַגער. הענריק פּיזשיץ אָנפירנדיקע ראָל אין דעם „מאָרגנשטערן“ האָט אים געגעבן אַ מעגלעכקייט אַ געוויסן טייל פון דער דערמאָנטער קאָנספּיראַטיווער צוגרייטונג אַדורכצופירן אין דער פאָרם פון אומשולדיקע ספּאָרט־איבונגען. זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז הענריק פּיזשיץ האָט דערביי זייער שטאַרק ריזיקירט נישט בלויז מיט זיין פּערזענלעכער פרייהייט. אויפן סדר־היום פון יענע יאָרן אין פּוילן זיינען געווען די קאָנצענטראַציע־לאַגערן אין קאַרטוז־בערעזע און די תפיסות אין בריסק ליט. וואו די פאַשיסטישע רעגירונג פון פּוילן האָט גאַנץ אָפט פאַרפייניקט ביז טויט אירע פּאָליטישע געפאַנגענע. אָבער הענריק פּיזשיץ האָט זיך נישט אָפּגעשטעלט פאַר קיין שום געפאַר ווען ס׳האָט זיך געהאַנדלט אין דערפילן אַ פּאַרטיי־שליחות. ער האָט פאַרמאָגט אַן אינערלעכע געוואַגטקייט, וואָס האָט גאָרנישט האַרמאָנירט מיט זיין אויסערלעכן הילך. די דאָזיקע כאַראַקטער־אייגנשאַפט פון געוועזענעם יידישן חסידישן בחור הענריק פּיזשיץ, אַן אינערלעכע רואיקייט פּנים־אל־פּנים מיט דער גרעסטער פּערזענלעכער סכנה, האָט אים קוואַליפיצירט פאַר די שווערסטע און געפערלעכסטע פּאַרטיי־אַרבעטן. אין יאָר 1933 בעת היטלער איז געקומען צו דער מאַכט אין בערלין, אין די טעג ווען דער דייטשער פאַרלאַמענט האָט געברענט, אונטערגעצונדן דורך די היטלער־באַנדיטן, איז הענריק פּיזשיץ געקומען קיין בערלין, כדי צו העלפן איינפּאַקן און אַרויספירן דעם היסטאָרישן בונדישן אַרכיוו, וועלכער האָט זיך געפונען אין דער געביידע פון דער דייטשער

סאָציאַליסטישער צייטונג „פאָרווערטס". כדי צו געבן אַ פאָרשטעלונג ווי גרויס די דאָזיקע אַרבעט איז געווען, איז גענוג צו דערמאָנען, אַז דער אַרכיוו און די ביבליאָטעק פון „בונד" האָט פאַרנומען אַן אַפּאַרטאַמענט פון 5 צימערן און אַן ערך אַ הונדערט גרויסע הילצערנע קאַסטן. איינפּאַקן דעם דאָזיקן אַרכיוו, טראַנס־פּאָרטירן די קאַסטנס, ברענגען זיי דורך גאַנץ דייטשלאַנד בשלום קיין פּאַריז, האָט אין יענע טעג און נעכט אין היטלעריסטיש באַהערשטן בערלין באַדייט בפּועל ממש צו ריזיקירן יעדע שעה און יעדן טאָג מיט דעם אייגענעם קאָפּ. איך האָב זיך אויסגעדריקט, אַז הענריק פיזשיץ איז געקומען קיין בערלין, כדי צו „העלפן" ראַ־טעווען דעם בונדישן אַרכיוו, ווייל ח' פראַנץ קורסקי, וואָס האָט פאַרוואַלטעטע מיט דעם אַרכיוו אין בערלין האָט נישט פאַרלאָזט די דייטשע הויפּט־שטאָט ביז דער אַרכיוו איז נישט אַרויסגעפירט געוואָרן. בלויז די דערמאָנטע אינערלעכע קאָלט־בלוטיקייט פון הענריק פיזשיץ און זיין מייסטערהאַפטע קענען די דייטשע שפּראַך — האָט אים דעמאָלט געראַטעוועט פון אַ זיכערן אומקום אין אַ היטלעריסטישער טורמע אָדער טויט־לאַגער. ס'איז אַזוי טיפּיש נוסח פיזשיץ, וואָס נאָך דעם ווי דער אַרכיוו און ער האָבן פאַרלאָזן בערלין, איז ער נישט געפאָרן צוריק קיין פוילן אײדער ער האָט זיך נישט געטראָפן אין אויסלאַנד מיט די פירער פון סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל און זיי נישט רעפּאָרטירט וועגן דער לאַגע אין בערלין אין יענע היסטאָרישע טעג און וואָכן און וועגן דעם אַרויסראַטעווען פון די היטלעריסטישע הענט דעם בונדישן אַרכיוו.

הענריק פיזשיץ האָט נישט פאַרמאָגט קיינע אויסערלעכע סימנים פון אַ ראָ־מאַנטישער, קעמפערישער נאַטור, אָבער ער איז געווען אַזאַ קעמפער. איינמאָל במשך זיינע יאָרן אין „בונד", ווען דער אינערלעכער שטרייט אין דער פּאַרטיי צווישן די „איינסער" און „צווייער" אַרום דעם ענין אָנשלוס אין אינטערנאַציאָנאַל איז געווען באַזונדערס שאַרף און לײדנשאַפטלעך, איז הענריק פיזשיץ געווען איינער פון די איניציאַטאָרן און רעדאַקטאָרן פון איינמאַליקן זשורנאַל „סאָציאַליסטישע בלעטער", וועלכער איז דערשינען ווי אַ פראַקציאָנעלע אויסגאַבע פון דעם רעכטן פליגל אין פוילישן „בונד". בכלל גענומען האָט אָבער הענריק פזשיץ ווייניק זיך פאַרנומען מיט פובליציסטיק. אין דער בונדישער „פאָלקס־צייטונג" האָט ער אַ גע־וויסע צייט רעדאַגירט די „ספּאָרט־ביילאַגע".



אין פוילישן „בונד" האָט יעדער מיטגליד, אומאָפּהענגיק דערפון, וואָס פאַר אַן אַרט ער האָט פאַרנומען אין דער באַוועגונג, געמוזט געהערן צו אַ פּאַרטיי־גרופּע, אַפילו מיטגלידער פון צענטראַל־קאָמיטעט פון „בונד" זיינען נישט געווען באַפרייט פון דאָזיקן חוב. אויך הענריק פיזשיץ האָט געהערט צו דער בונדישער

סטודענטן־גרופּע אין וואַרשע. דאָרט האָט ער זיך טאַקע געטראָפן מיט דער ח׳טע רעניאַ יאַרעצקאַ, זיין שפּעטערדיקע פרוי. זי איז געווען אַ זייער איבערגעגעבענע פּאַרטיי־מיטגלידערין. זי האָט געהאַט אַ גוטע השפּעה אויף איר מאַן — הענריק פּיזשיץ. איך האָב שוין דערמאָנט, אַז זיי האָבן חתונה געהאַט אין יאָר 1936. אין אַ יאָר אַרום אין 1937 איז ביי זיי געבוירן געוואָרן אַ זון — וויקטאָר. אין סעפּ־טעמבער 1939 בעת דער צענטראַל־קאָמיטעט פון „בונד" האָט פאַרלאָזט וואַרשע, כדי צו העלפן אָרגאַניזירן אין די מזרח־טיילן פון פּוילן אַ ווידערשטאַנד קעגן די מאָטאָריזירטע אַרמייען פון היטלער־דייטשלאַנד, איז הענריק פּיזשיץ אויך אַוועק פון וואַרשע. מיט טרערן אין די אויגן האָט ער זיך געזעגנט מיט זיין פרוי און קליין קינד. ער האָט ווי פאַרגעפילט, אַז זיי געזעגענען זיך אויף אייביק. זיין פרוי ח׳טע רעניאַ יאַרעצקאַ און זיין זון וויקטאָר — זיינען ביידע אומגעקומען בעת דעם העלדישן אויפשטאַנד פון וואַרשעווער געטאָ. זיי האָבן געטיילט דעם ביטערן גורל פון דעם רוב בונדיסטן אין פּוילן.

הענריק פּיזשיץ האָט זיך באַזעצט אין ווילנע, וואו דער צענטראַל־קאָמיטעט פון „בונד" האָט אַמטירט בעת די ערשטע מאָנאַטן פון דער צווייטער וועלט־מלחמה. אין 1940 איז ער אַרעסטירט געוואָרן אין ריגע דורך די אַגענטן פון סטאַלין־רעזשים און דורך זיי אומגעבראַכט געוואָרן.

ד״ר יהודה ראָזענטאַל

# מאיר שלמה ראָזענטאַל

(1915 — 1870)

אַ פראָמינענטן אָרט צווישן די לומדים פון מלאָווע פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט פאַרנומען מיין פאָטער מאיר שלמה ראָזענטאַל ע״ה.

מיין טאַטע איז אויפגעוואַקסן אין אַ שטרענג מתנגדישער שטוב, וואָס האָט געהאַט הינטער זיך אַ לאַנגע קייט פון מחלוקות קעגן חסידות, ווייל דער זיידע איז געווען אַן אוראייניקל פון דעם באַקאַנטן מגיד, ר׳ דוד ממאקוב, וואָס איז געווען איינער פון די שאַרפסטע קעגנער און באַקעמפער פון חסידות*). די מחלוקות האָבן זיך דאָך געענדיקט מיט אַ נצחון פאַר חסידות. דער טאַטע איז שוין געווען אַ גערער חסיד.

איך האָב דעם איינדרוק אַז דער טאַטע האָט פאַרן פריזיוו געפלאַנעוועט אויס־צעוואַנדערן נאָך ארץ־ישראל. איך האָב אַמאָל געפונען צווישן זיינע פאַפירן אַ רעקאָמענדאַציע פאַר אים פון ועד למען ישוב ארץ ישראל פון טאָרן (פאָמערן)

*) די גענעאַלאָגיע פון מיין פאָטער, די אַנטוויקלונג פון יידישן לעבן פון ר׳ דוד ממאקוב ביז מיין פאָטער, האָט אַן אַלגעמיינעם קולטור־היסטאָרישן אינטערעס און זי פאַרדינט באַהאַנדלט ווערן באריכות. דער טאַטע האָט זיין שלשלת היוחסין אָנגעקנופט אין רש״ל, דורכן רש״ל אין רש״י און דורך רש״ין ביז דוד המלך. די ליניע צום רש״ל איז מסתמא געגאַנגען דורך יחיאל היילפערן, דעם מחבר פון „סדר הדורות״. די אָפּשטאַ־מונג פון מגיד, אַ תלמיד פון ווילנער גאון, און אַ צענטראַלע פיגור אין קאַמף קעגן חסידות האָט איבערגעלאָזט אַן השפּעה נאָך אויף שפּעטערדיקע דורות. די קעמפערישע אַנטי־חסידישע טראַדיציע אין דער משפּחה פון מגיד האָט אָנגעהאַלטן דורות נאָכן טויט פון מגיד אין יאָר 1815. קינדער און קינדסקינדער פון מגיד האָבן געהאַט אויסצושטיין געבערענטע צרות פון די חסידים. עטלעכע מאָל האָבן די מאַקאָווער חסידים פאַרברענט דעם אהל אויפן קבר פון מגיד. דעם מגידס טאָכטער וואָס האָט גערודפט די חסידים האָבן זיי אַמאָל אין אַן ערב שבת אָפּגעטאָן אַ שפּיצל. זיי האָבן איינגעשמירט די פריזבע פון איר הויז מיט סמאָלע און זי האָט פאַרשמירט אירע בעסטע קליידער. איין צווייג פון מגידס

אונטערגעשריבן פון יהודה לייב קאַלישער, אַ זון פון באַקאַנטן חובב ציון און טאָרנער רב, צבי הירש קאַלישער. פון טאַטנס פּלאַן איז גאָרנישט געוואָרן, ווייל גראָד דעמאָלט, אָנהייב די ניינציקער יאָרן האָט די טערקישע רעגירונג פאַרבאָטן יעדע עמיגראַציע נאָך א"י.

מיין מאַמע איז אַלט געווען צו דער חתונה זיבעצן יאָר. נאָך דער חתונה האָט דאָס יונגע פּאָרפאָלק אויפגעמאַכט אין מאַקאָווע אַ שניט־קראָם. די מאַמע האָט געפירט די קראָם און דער טאַטע איז געזעסן און געלערנט. מיט דער צייט איז דער טאַטע געוואָרן אַ גערער חסיד און האָט אָנגעהויבן פאָרן קיין גער. הגם ער איז געוואָרן אַ גערער חסיד בלב ונפש, איז ער דאָך צוליב כבוד־אָב געבליבן טריי אין געוויסע פּרטים דער מתנגדישער טראַדיציע. אַזוי, למשל, איז ער געזעסן אין סוכה שמיני עצרת ביינאַכט, ווי די מתנגדים פירן זיך נאָכן שולחן ערוך. ווי דערמאָנט האָט די מאַמע געזאָרגט פאַר פּרנסה. דער טאַטע האָט זיך צו דעם נישט אויסגעטויגט. ס'האָט אָפט פּאַסירט אַז ווען דער טאַטע איז געפאָרן אויף אַ יריד איז אים אין וועג איינגעפאַלן אַ שווער שטיקל תוספות אָדער אַ רמב"ם, איז ער אָנשטאָט זיך צו זאָרגן וועגן מסחר אַוועק אין בית־מדרש נאָכקוקן דעם תוספות אָדער דעם רמב"ם און געלאָזט די מאַמע אַליין אויפן יריד. עס האָט לאַנג נישט געדויערט און דאָס פּאָרפאָלק האָט אויפגעגעסן דעם נדן. בקיצור זיי זיינען געבליבן אָן פּרנסה. עס איז אַנטשטאַנען די פראַגע: „מה נאכל"? און אַזוי ווי מען האָט איינגעזען אַז דער טאַטע טויג זיך נישט אויס צו מסחר האָט מען באַשלאָסן ער זאָל ווערן ראש ישיבה אין דער מאַקאָווער ישיבה. דער טאַטע האָט געקראָגן סמיכה נאָך איידער ער האָט חתונה געהאַט, פון פּראַשניצער רב, ר' יששכר בעריש גראהבארד, דעם שפּעטערדיקן בענדינער רב און מחבר פון ספר „דברי יששכר", האָט מען אים פאַרגעשלאָגן עטלעכע שטעלעס פון כסא הרבנות

---

קינדער האָט ממשיך געווען דעם קאַמף קעגן חסידות ביז צום סוף פון פאָריקן י'ה. דער טשעכאַנאָווער צדיק ר' אברהמלע לאַנדע האָט געהאַט אויסצושטיין מחלוקות פון דעם פּרנס און רייכן צוקער פאַבריקאַנט שלום סאָלאַרזש, וואָס איז געווען אַן איידעם פון מיין זיידן, ברוך איצל ראָזענטאַל. שלום סאָלאַרזש איז אויף דער עלטער פאַראָרימט געוואָרן און זיינע קינדער האָבן אויסגעוואַנדערט נאָך אַמעריקע. אין דער משפּחה האָט מען דאָס צוגעשריבן צו אַ קללה פון צדיק. עס איז אַמאָל געקומען צו אַן אָפענעם סכסוך צווישן שלום סאָלאַרזש און דעם צדיק, וואָס איז געווען חוץ חסידישער רבי אויך כמעט פופציק יאָר רב פון טשעכאַנאָווע (ער איז נפטר געוואָרן 1876). מען דערציילט אַז אַמאָל ביים דאַוונען האָט שלום סאָלאַרזש נישט געלאָזט וואַרטן אויפן רב, וואָס האָט זיך פאַרשפּעטיקט, און האָט באַפוילן דעם בעל תפילה זיך שטעלן דאַוונען. ווען דער רב איז געקומען און געהערט, אַז דער פּרנס, שלום סאָלאַרזש, האָט געהייסן זיך שטעלן דאַוונען און נישט וואַרטן אויף אים, האָט ער פאַרשאָלטן דעם פּרנס. די דאָזיקע דערציילונג איז אַן אָפּשפּיגלונג פון דעם זייער אַלטן קאַמף אין אַ סך קהילות צווישן רב און די תקיפי הקהל, די פּרנסים. אַזוי האָבן אויך די ווילנער תקיפי הקהל, למשל, אין 18-טן י'ה אויסגעאַרבעט פּונקטן מיטן שטאָט רב און איינער פון די דאָזיקע פּונקטן איז געווען אַז דער בעל תפילה טאָר נישט וואַרטן אויפן רב מיטן דאַוונען. (היסטאָרישע שריפטן פון ייוואָ, באַנד 2, ז' 294.)

אָבער ער האָט זיי נישט אָנגענומען. ער האָט פיינט געהאַט מחלוקות און חניפה, וואָס אָן דעם קאָן מען אַלס רב נישט אויסקומען. דער טאַטע האָט צוליב דעם אָנגענומען דעם פאָרשלאַג צו לערנען אין דער ישיבה. ער האָט געלערנט אין דער ישיבה עטלעכע יאָר, על פי רוב מיט די העכערע כתות. דעם טאַטנס גרויסער ידיד איז דעמאָלט געווען דער מאַקאָווער רב יהודה לייב גראַהבארד, דער מחבר פון „חבלים בנעימים". אַזוי לאַנג ווי גראַהבארד איז געווען מאַקאָווער רב האָט דער טאַטע געלערנט אין דער ישיבה. אָבער נאָך דעם ווי גראַהבארד איז אין יאָר 1901 אַוועק און געוואָרן סטאַשאָווער רב, האָבן זיך אָנגעהויבן מחלוקות אין דער ישיבה. און דער טאַטע האָט באַשלאָסן צו פאַרלאָזן מאַקאָווע.

ער איז געקומען קיין מלאַווע און געעפנט אַ חדר פאַר גמרא ייִנגלעך. דער טאַטע איז געווען פאַנאַטיש פרום און אַ געוואַלטיקער מחמיר. אָבער דאָך האָט ער איינגעזען אַז בכדי מצליח צו זיין ווי אַ מלמד, מוז ער דעם חדר מאָדערניזירן. די „מאָדערנישקייט" האָט זיך אויסגעדריקט ראשית אין אַ פאַסיקער דירה, אין אויסערלעכקייטן, אין זויבערקייט. און שנית, און דער עיקר, אין אַריינפירן לימודי חול.

חוץ די אַלגעמיינע לימודי חול, וואָס די רעגירונג האָט אויף זיי אַכטונג געגעבן, ווי לערנען רוסיש האָט מען אין טאַטנס חדר געלערנט אַ סך העבּרעאישע לימודים. די לערער פאַר אַלגעמיינע לימודי חול זיינען געווען צזערשט יאַנטשע ווישינסקי און דערנאָך משה לאַסקי. פון די העבּרעאישע לערער וואָס האָבן איבערגעלאָזט אַן איינדרוק אויף אַלע תלמידים פון יענער צייט (1911-1914) דערמאָן איך מיך אין צוויי:

לאַסקי און דערנאָך דער באַקאַנטער העבּרעאישער און יידישער שריפטשטעלער יקיר וואַרשאַווסקי. אין גערער שטיבל האָט מען געקוקט קרום אויפן טאַטנס רעפאָרמעס. עס האָט אָבער קיינער נישט געוואָגט עס אים צו זאָגן. אַפילו די גרעסטע „שטיבל שקצים" האָבן געמוזט דרך ארץ האָבן פאַרן טאַטן.

די אַטמאָספערע אין חדר איז געווען אַ נאַציאָנאַלע. איך דערמאָן מיך די אויספלוגן מיט משה לאַסקין, ווען מען האָט צום ערשטן מאָל געזונגען די "התקוה". דער העבּרעאישער לערער לאַסקי האָט ביים אַוועקפאָרן פון מלאַווע, ווען ער איז אַ חתן געוואָרן, פאַרטיילט די תלמידים פאָטאָגראַפיעס פון מאָדערנע העבּרעאישע שרייבערס. איך האָב אַ לאַנגע צייט געטראָגן מיט זיך די פאָטאָגראַפיע פון דוד פרישמאַן, וואָס איך האָב פון אים געקראָגן. אַ גרויסן רושם האָט געמאַכט אויף די תלמידים יקיר וואַרשאַווסקיס רייזע קיין ארץ ישראל. ער איז געפאָרן מיט אַ גרופּע זשורנאַליסטן אויף אַ טור, וואָס דער וואַרשעווער ציוניסטישער „היינט" האָט איינגעאָרדנט. ווען יקיר וואַרשאַווסקי איז צוריקגעקומען פון א"י האָט ער געהאַלטן עטלעכע לעקציעס וואָס האָבן אַלעמען באַגייסטערט. איך דערמאָן מיך אויך ווען דאָס גאַנצע חדר איז געגאַנגען זען דעם ערשטן פילם פון א"י.

אין גערער שטיבל האָט מען אויף אַזעלכע זאַכן געקוקט ווי אויף אַפּיקורסות. דער וואָס געדענקט וואָס עס פלעגט זיך אָפּטאָן אין שטיבל ערב יום כפור אָדער פורים ביי די קערות, וואו מען פלעגט נישט דערלאָזן אַ קערה פאַרן קרן קיימת און ס׳איז טיילמאָל געקומען כמעט צו שפיכות דמים — וועט קענען אָפּשאַצן דעם טאַטנס רעפאַרמעס.

למען האמת מוז איך צוגעבן אַז דער טאַטע האָט געמאַכט אַ סך פּשרות אומגערן און נאָר ווייל די עלטערן פון די קינדער האָבן דאָס פאַרלאַנגט. דער טאַטע אַליין איז נישט געווען צופרידן פון די „פּאָסטעמפּאָווע" דרכים. ער האָט אַ סך קריטיקירט די מאָדערנע העבראַעישע לערנביכלעך, וואָס זיינען אים נישט געווען צום האַרצן. ספּעציעל האָט ער געקוקט קרום אויף לובאָשיצקיס באַארבע־טונג פון דובנאָווס „קורות ישראל". דובנאָוון האָט ער געהאַלטן פאַר אַן אַפּיקורס, ווייל ער איז געווען אַן אַנהענגער פון ביבל־קריטיק, וואָס אין טאַטנס אויגן איז דאָס געווען כפירה און אַפּיקורסות.

דער טאַטע איז געווען אַ שטרענגער מלמד. ער האָט פיינט געהאַט פאַר־שטאָפּטע קעפּ. ער איז געווען זייער קורצזיכטיק און האָט געמוזט דעריבער לערנען אויסנווייניק. ער האָט זיך אַ סך געגריבלט אין די מפרשים. ער האָט געהאַט אַ גוטע זאַמלונג פון ספרים, אַ סך ראשונים. זיין שיטה אין לערנען קאָן מען באַצייכענען ווי די שיטה פון הרחבה און נישט פון הפסקה (לויט דער איינ־טיילונג פון רב צעיר אין זיין „ספר תולדות הפוסקים"). דער טאַטע האָט מער ליב געהאַט די גמרא און מפרשים ווי די פוסקים. דאָס איז אויך איינע פון די סיבות וואָס ער האָט קיין מאָל נישט געוואָלט אָננעמען אַ כסא רבנות. דער טאַטע האָט אויך געהאַט אַ גרויסע זאַמלונג פון קליינע מוסר ספרים. ער איז געווען אַ טיף רעליגיעזע נאַטור. ער איז געווען פאַרליבט אין יידישקייט און האָט אייביק געשטרעבט מקיים צו זיין די מצווה פון „זה אלי ואנוהו". ער אזי געווען אַן עובד ד׳ מאהבה. ער פלעגט זאָגן אין דער היים יעדן אין דער פרי תהילים נאָכן דאַווענען, ער האָט אייגנטלעך נישט געזאָגט תהילים, נאָר געזונגען. דער ניגון איז מיר נאָך געבליבן אין זכרון ביזן היינטיקן טאָג.

דער טאַטע, כאָטש ער האָט געדאַוונט אין גערער שטיבל, האָט געצאָלט כוללות און איז געפאָרן צום רבין איין מאָל, און טיילמאָל צוויי מאָל אַ יאָר, האָט ער זיך אָבער געפילט פרעמד אין שטיבל. ער האָט זיך אייביק געחברט מיט יחידים לומדים און בני תורה. אין מלאַווע האָט ער זיך באַפריינדעט מיט די לעצטע מאָהיקאַנער פון עכטער מתנגדישער לומדות אין אונדזער געגנט. דאָס זיינען געווען: ירוחם פישל פּערלאָ, איינער פון די גרעסטע תלמידי חכמים פון אַלטן טיפּ אין פּוילן. דער מחבר פון דריי בענדיקן פירוש אויף די צאָל מצוות לויט סעדיה גאון און אויך פון פירוש אויפן ספר „כפתור ופרח" פון אשתורי הפרחי.

דער בעסטער ידיד פון טאַטן איז געווען דער מלאַוועער רב. מיט אים האָבן

מיר געוואוינט כמעט אין שכנות אין די לעצטע יאָרן פאַר דער מלחמה. דער מלאַווער רב, יחיאל משה סאגאלאָוויטש הי״ד איז געווען אַ ליטווישער רב, אַ זון פון אַ ווילנער דיין. ער איז געוואָרן רב אין מלאַווע צוליב דעם וואָס די חסידים האָבן זיך נישט געקאָנט אייניקן אויף אַ חסידישן רב. אַ מתנגדישער רב האָט צופרידנגעשטעלט דעם „המון״ וואָס האָט געדאַוונט אין די בתי מדרשים און די פאַר מתנגדישע גבירים.

ווען די ערשטע וועלט־מלחמה איז אויסגעבראָכן זיינען די לאָיאַליטעט־געפילן פון דער יידישער באַפעלקערונג אין פוילן געווען געטיילט. אַ מינאָריטעט האָט געהאַלטן מיט די רוסן. דאָס זיינען געווען די עקסטרעמע אָרטאָדאָקסן. זיי האָבן מורא געהאַט אַז די דייטשן וועלן איינפירן שולצוואַנג און אַנדערע רעפאָרמעס, וואָס וועלן זיין שעדלעך פאַר יידישקייט. דאָס איז געווען אַן אַלטע טראַדיציאָנעלע איינשטעלונג פון דער אָרטאָדאָקסיע במשך פון גאַנצן ניינצנטן יאָרהונדערט. צוליב דעם זעלבן טעם זיינען אַ סך צדיקים געווען קעגן נאַפּאָלעאָנען. דער רוב אָבער איז געווען גערמאַנאָפיליש, נישט אַזוי צוליב אהבת דייטש ווי צוליב שנאת „פאָניע״. צוליב דעם האָס צום צאַריסטישן רוסלאַנד איז דער טאַטע געווען אַ פאַרקאָכטער גערמאַנאָפיל.

דער טאַטע איז פּלוצים געשטאָרבן, כ״א אב תרע״ה (זומער 1915). אין יענעם זומער האָט אין מלאַווע געבושעוועט די כאָלערע און מענטשן זיינען געפאַלן ווי די פליגן. אין דער פרי האָט נאָך דער טאַטע געלערנט מיט די תלמידים. ערשט מיטאָגצייט האָט ער זיך באַקלאָגט אַז ער פילט נישט גוט און אין אָוונט איז ער געשטאָרבן.

דער טאַטע איז געשטאָרבן גאָר יונג. ער איז אין גאַנצן אַלט געווען אַ 45 יאָר. תורה שבכתב האָט ער נישט איבערגעלאָזט, כאָטש ווי חיים אליהו פערלא הי״ד האָט מיר אַמאָל דערציילט, האָט דער טאַטע יאָ געשריבן חידושי תורה. איך האָב זיי נישט געפונען. ער ווערט דערמאָנט אין די שו״ת זאַמלונגען פון אַנהייב יאָרהונדערט. עס ברענגען אים דער „דברי יששכר״ און דער „חבלים בנעימים״. ער האָט אָבער איבערגעלאָזן אַן אויסערגעוויינלעכן שם טוב, וואָס איז, ווי באַקאַנט, די העכסטע קרוין.

ברוך יצחק פערלמוטער

# בעריש פערלמוטער

בעריש איז געווען דער בעסטער שווימער אין שטאָט. ווען ער האָט געלייגט קלאַפּטער, איז געווען וואָס צו זען. ער האָט געשניטן ס׳וואַסער ווי מיט חלפים, אַ טראָפּן וואַסער האָט נישט קיין שפּריץ געטאָן.

די נאַקעטקייט זיינע האָט געאָטעמט מיט כוח. יעדער אבר ווי אויסגעשמידט — אויסגעוויקטע ייִדן האָבן געקוקט מיט קנאה, געקוקט, געקוקט אויף זיין געזונטער נאַקעטקייט.



מלאָווע האָט געלעבט מיטן שבת, יום־טוב און ראש־חודש, און אַז ס׳איז געוואָרן ביטער האָט מען געריסן דעם אָרון קודש. אַלעקסאַנדער שטיבל איז געווען אַ מלוכה, ס׳גערער שטיבל אויך אַ מלוכה, ס׳קאָצקער שטיבל אַ מלוכהלע, אַן אָרעם מלוכהלע. די אַלעקסאַנדער און די גערער האָבן זיך נישט ליב געהאַט, און בײדע האָבן פיינט געהאַט די קאָצקער. מיטן בית המדרש, וואו די מתנגדים האָבן געדאַוונט, האָט קיינער פון זיי נישט געהאַט קיין עסקים.

טאַטעס האָבן געגעבן פּעטש, ווען מ׳איז געוואויר געוואָרן, אַז אַ זונדל זייערס האָט זיך אַריינגעכאַפּט אין נייעם בית המדרש הערן חזן כייקלס אַ קדושה, אָדער אַ ראש חודש בענטשן.



אָבער פאַרשפּאַר דעם ים — די „ציוויליזאַציע" האָט מלאָווע אויך נישט אויסגעמיטן.



בעריש האָט אָנגעטאָן אַ געפּרעסטן קאָלנער. אַ גרויס געשעעניש בימים ההם.

שטאָט האָט זיך גענומען שושקען... געמורמלט...
מ׳מוסרט דעם טאַטן זיינעם... מ׳וואָרנט... מ׳סטראַשעט...
ס׳האָט נישט געהאָלפן.

שבת — מ׳איז מעכב הקריאה. אַ שעה, צוויי... מ׳לייענט נישט... צוויי מחנות: בעריש, דער טאַטע, די ברידער — אַנטקעגן — ס׳גאַנצע שטיבל.
ביידע צדדים פאַרעקשנט.

בעריש, רויִק, קאַלט... נאָר אין אים ציטערט יעדעס גליד... ציטערט צוליבן טאַטנס עגמת נפש... ס׳ווילט זיך אים עפּעס אָפּטאָן אַ געוואַגטע זאַך... דערשטיקטע כוחות רייסן זיך... אָט וועט עפּעס אַ שפּאַר טאָן און אַלץ וועט צע־בראָכן ווערן אויף פּיצלעך...

דער טאַטע ווי אַ בלאַסע לבנה. די באָרד אַרום, ווי אַ שוואַרצע נאַכט, ס׳האַרץ ענג פון פּיין.

קוקט אָן בעריש, זיין בערישן... קוקט אים אָן שטרענג און אַ טרער קייקלט זיך אַרויס, קייקלט זיך און בלייבט הענגען אויף דער באָרד.

דער טאַטע האָט ליב געהאַט בערישן, שטאַרק ליב געהאַט. בעריש האָט טאַקע אָנגעהויבן בלאָנדזשען, פאַרקירעוועט זיך אויף אַן אַנדער דרך, אָבער ער, ר׳ יאָסל, איז פאָרט ר׳ יאָסל, נאָך אַלץ דער גביר, נאָך אַלץ דער אָנגעזעענער אַלעקסאַנדער חסיד, נאָך אַלץ דער שיינער נדבן, מיוחס — און רודפט מען בערישן, רודפט מען ר׳ יאָסלען, איז מען מבייש בערישן איז מען מבייש אויך אים.

די טרער האָט געפינקלט און געשפּיזלט... און די טרער האָט אויס־געשאָסן אין שטיבל אַריין. עפּעס האָט זיך גענומען רודערן, באַוועגן, צאַפּלען...
עמעצער האָט אויסגערופן:
— בטלנים!... ווער איז מעכב הקריאה?...
ס׳האָט זיך געהערט אַ קלאַפּ אין שטענדער:
— וואו איז דער בעל קורא?... לייענט!...

⁂

ר׳ יאָסל האָט זיך דערנענטערט צום זון, אַריינגעקוקט אים טיף אין די אויגן און אַ קוואַל פון ליבשאַפט האָט געשטראָמט פון טאַטן צום זון און פון זון צום טאַטן.

דער טאַטע האָט גענומען דעם זון אונטערן אָרעם, זיך אויסגעדרייט צום שטיבל, און זיכער און העל אויסגערופן:
— אַ גוטן שבת, יידן! מער וועל איך דאָ נישט דאַוונען! מירן דאַוונען אין נייעם אַלעקסאַנדער שטיבל!...
און טאַטע און זון זיינען אַרויס.

***

אין דעם נייעם אַלעקסאַנדער שטיבל האָבן שוין געדאַוונט אויסגעפּרעסטע קעלנער, אונטערגעהאַקטע קאַפּאָטעס, צוגעשוירענע בערדלעך; דאָרטן האָט מען שוין געלייענט די „הצפירה", „המליץ" און „דער פריינד."

***

פאַר בערישן האָבן זיך געעפנט אַלע פענצטער, די וועלט איז געשטאַנען אָן אָפענע.

***

בעריש ווערט אַ וואַלד־סוחר. פאָרט אין ווייטע מקומות, וואו ערד און הימל קומען זיך צוזאַמען. עס שפּרייט זיך אויס אַ ברייטע וועלט.

בעריש קומט צוריק. אַ יונגער בוים. רעדט מיט אַ ניי לשון. פול מיט אומרו, חלום און פרייד.

בעריש ווערט אַ ציוניסט.

שפּייזצונאַכט, ביים טאַטנס טיש, קומען זיך צוזאַמען משפּחה, מקורבים, חסידים, משכילים און אויפגעקלערטע.

בעריש פּלאַמט וועגן ארץ ישראל, וועגן ד"ר הערצל, בילוצעס, וועגן מנוחה ונחלה און גאולת הארץ.

ויכוחים. בעריש בליצט. יידן צאָרנען:

— און משיח? ווילסט ברענגען די גאולה פאַר משיחן?

***

בעריש קעמפט אויף רעכטס און לינקס, פייערט און זייט פונקען — דער ציוניזם וואָרצלט זיך איין אין מלאַווע.

בעריש פאָרט אַלס דעלעגאַט צו אַלע ציוניסטישע קאָנגרעסן. ווערט טעטיק אין אַלע שטאָטישע געזעלשאַפטלעכע, קולטורעלע און דערציונגס־אינסטיטוציעס; גרינדעט אַ יידישע גימנאַזיע, חדרים מתוקנים, קורסן פאַר דערוואַקסענע און די באַרימטע „הזמיר"־אינסטיטוציע, וועלכע שמט ווייט, ווייט אויסער מלאַווע.

***

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה באַזעצט זיך בעריש אין ישראל. צוויי ברידער זיינען געבליבן פון דער גרויסער משפּחה. איינער אין אַמעריקע און בעריש אין ישראל. וואו דער געביין פון די ברידער אברהם, נחמן, די שוועסטער

צביה און דער שוואָגער לייבוש היינסדאָרף און זייערע פאַמיליעס, זיינען אַהינגע־קומען, ווייס קיינער ניט — מסתמא מיטן רויך, צוזאַמען מיט די אַנדערע זעקס מיליאָן קדושים...

בעריש איז שוין אַ זיבעציקער. אַט ערשט האָט מען געפּראַוועט זיין יובל אין רעננה.

און ער שרייבט צו זיין ברודער אין אַמעריקע:

„איך בין שוין אַ זיבעציקער... כ׳וויל דיך זען... טראַכט נישט... רעכן נישט... קום, איך וויל דיך זען... די צייט לויפט, לויפט סכנות נפשות... חשבון נישט... כ׳וויל דיך זען... זע מיך און זע ס׳לאַנד...

„קום, טייל זיך מיט מיין נחת... אַ גאַנצן ישוב האָב איך פאַרפלאַנצט אין אונדזער לאַנד: זין און טעכטער, איידעמס און שנורס, אייניקלעך און אור־אייניקלעך — און ס׳איז גוט!... כאַפּ זיך אַריבער מיין איינציקער ברודער... לאָמיך האָבן די זכיה דערלעבן צו זען מיין איין־און־איינציקן ברודער...

„וויפל קינדער האָסטו? צוויי זין?... ווייניק!... ווייניק!... זע צו האָבן אַ סך אייניקלעך... מיר דאַרפן פאַרפלאַנצן, וואָס איז אויסגעריסן גע־וואָרן!..."

חיים דרעזנער

# מענדל ווישינסקי הי״ד

דער פּאָפּולערסטער מענטש אין שטאָט איז געווען מענדל ווישינסקי, אָדער מענדל באַשקעס. נישט געווען קיין איין ייד אין שטאָט, וואָס זאָל אים נישט קאָנען. יאָרן־לאַנג איז ער געווען דער צייטונג־פאַרקויפער. ביי דעם מסחר איז געווען באַשעפטיקט די גאַנצע פאַמיליע זיינע. אין דער גאָרן־וואוינונג זיינער, איז געווען איין צימער, וואָס האָט אויסגעקוקט ווי אַ קליינע ביבליאָטעק. אַלטע צייטונגען, וואָס זיינען געבליבן נישט פאַרקויפטע, זיינען געווען איינגעפּאַקט צו שיקן חזרה. נייע, פרישע צייטונגען זיינען געלעגן גאַנצע שטויסן. לייענערס וואָס האָבן נישט געהאַט קיין מעגלעכקייט צו קויפן די גאַנצע יידישע פּרעסע, זיינען געזעסן שעהנלאַנג אין דעם לייען־צימער און געבלעטערט די יידישע צייטונגען. אַמאָל אויך אַ ניי בוך, וואָס איז אַרויס פון אַ יידישן שרייבער.

אין די צאַרישע צייטן איז אין דעם זעלביקן צימער געגרינדעט געוואָרן די ערשטע אַרבעטער־ביבליאָטעק, וואָס איז געווען ווי אַ דאָרן אין אויג דער צאַרישער פּאָליציי. אין דער ביבליאָטעק זיינען דורכגעפירט געוואָרן גרויסע פאַרזאַמלונגען, וואָס האָבן אויסגעקוקט אומשולדיק אויסערלעך, אָבער ביי די פאַרזאַמלונגען האָט מען פאַרגעלייענט אומלעגאַלע ליטעראַטור. מענדל ווישינסקי האָט געוואוסט פון דעם. צוליב די פּאָר רובל, וואָס ער האָט זיך נעבעך שטאַרק גע־נויטיקט און טאַקע אויך צוליב זיין רעבעלישער נשמה, האָט ער די אַרבעטער באַשיצט און געהיט די ביבליאָטעק פון אַ „שלעכט אויג״. יעדעס מאָל וואָס זשאַנ־דאַרן האָבן געוואָלט מאַכן אַן אונטערזוכונג אין דער ביבליאָטעק, האָט מענדל ווישינסקי זיך שטענדיק דערוואוסט און באַצייטנס אָפּגעראַמט די „קראַמאָלאַ״. האָט מען טאַקע אָפט ביי אים אין בעט געקענט געפינען קאָרל מאַרקס „קאַפּיטאַל״ פאַרשטעקט. און מיט זיין שמייכל און אַ ווינק מיט די אויגן שטענדיק באַרואיקט, „אַז מ׳האָט זיי אין דר׳ערד״. פלעגט זיך אַ פאַרזאַמלונג אָדער קולטורעלער אָוונט איינגעבן און ס׳איז דורך מיט דערפאָלג, איז מענדל ווישינסקי געווען אין זיבעטן הימל פאַר פרייד.

שפּעטער־צו ווען ס'זיינען אויפגעשטאַנען קאָנקורענטן, פּאַרטייען האָבן אָנגע־הויבן אַרויסצוגעבן זייערע פּאַרטיי־אָרגאַנען און אָנגעשטעלט זייערע פּאַרטיי־מענטשן אין שטאָט צו פאַרקויפן זייערע אויסגאַבן, די פּוילישע בוכהאַנדלונגען האָבן אַריינגענומען אין זייערע הענט די טעגלעכע פּוילישע פּרעסע, האָט ווישינסקי געמוזט ווערן אַ קוריער אין דער ידישער באַנק. דאָך האָט ער זיך נישט געקאָנט שיידן מיט זיין אַלטן מסחר. ער פלעגט שטענדיק טענהן:

— גלייבט מיר, ס'לוינט זיך נישט מיט די ציטונגען זיך צו באַשעפטיקן, נאָר צענדליקער יאָרן געווען דער פאַרשפּרייטער פון געדרוקטן וואָרט, קען איך זיך נישט מיט דעם שיידן.

ס'איז נישט געווען קיין איין פאַרזאַמלונג וואו מענדל ווישינסקי זאָל נישט אָנטייל נעמען און בעטן אַ וואָרט. כאָטש נישט זייענדיק קיין רעדנער, נישט זייענדיק באַהאַוונט אין דעם ענין, וואָס איז געוואָרן באַרירט אויף דער פאַר־זאַמלונג, האָט זיך אים שטענדיק געדאַכט, אַז ער מוז עפּעס קאָרעגירן, אַז נישט קומט דאָס נישט אַרויס ווי ס'באַדאַרף צו זיין.

אַ מענטש מיט אַ וואַרעם ידיש האַרץ. „עמך" האָט אים געהאַלטן פאַר זיין פאַרשטייער. האָט אַן אָרעמאַן נישט געקאָנט פועלן אין דער גמינע, אָדער אין „בקור־חולים" זיינס אַ זאַך, האָט ער געוואוסט, אַז ער איז נאָך נישט קיין פאַר־שפּילטער... ס'איז נאָך דאָ אַ העכערע אינסטאַנץ אין שטאָט, און דאָס איז מענדל ווישינסקי. בייטאָג, ביינאַכט האָט מען געקענט זען ווי מענדל ווישינסקי לויפט מיט אַן אָרעמאַן אָדער מיט אַן אָרעמע ידישע פרוי צום פּרעזעס פון דער גמינע אָדער „בקור־חולים" כדי צו דערליידיקן זייער ענין. ס'האָט נישט געהאָלפן קיין טענות. ער איז נישט אָפּגעטראָטן ביז דער ענין איז נישט געוואָרן דערליידיקט.

ער איז געווען לאַנגע יאָרן אַ מיטגליד אין דער שטאָטישער פריוויליקער פייערלעשער־קאָמאַנדע. צוליב די אַנטיסעמיטישע שטימונגען, וואָס האָבן גע־הערשט אין פּוילן, האָבן כמעט אַלע ידן פאַרלאָזן די פייערלעשער־קאָמאַנדע. איין מענדל ווישינסקי איז געבליבן. מ'האָט געקענט זען יעדן זונטיק, ווען ס'זיינען פאָרגעקומען די איבונגען, אָדער אַנדערע זייערע פּאַראַדן, ווי מענדל ווישינסקי גייט אָנגעטאָן אין דעם פייערלעשער אוניפאָרם מיטן מעשענעם הוט, אָנגעשפּילעט אויף דער ברוסט פאַרשיידענע מעדאַלן. אַפילו אין אַ ידישן יומא־דפגרא האָט ער זיך אויך אָנגעטאָן דעם אוניפאָרם, שפּאַצירט אין גאַס מיט גדלות, ווי עס וואָלט געגאַנגען אָנגעטאָן בגדי־מלכות. און כאָטש ער האָט אָנטייל גענומען אין אַלע כמעט פּאַרטיי־פאַרזאַמלונגען, האָט מען געוואוסט אין שטאָט אַז ער איז אַ הייסער ציוניסט.

אַ סך צייט און ענערגיע האָט ער אַוועקגעגעבן דעם „בקור־חולים", וואָס איז געווען איינס פון די שענסטע הילף־אינסטיטוציעס אין שטאָט.

איז ווער קראַנק געוואָרן און מ'האָט געברויכט צי נעכטיקן ביים חולה.

איז מענדל ווישינסקי נישט געגאַנגען פריער שלאָפן, ביז ער האָט נישט געוואוסט, אַז ס׳איז שוין ווער דאָ ביים קראַנקן, אַז נישט איז ער אַליין געבליבן נעכטיקן.

ווען ס׳איז געקומען פאַר פסח, מ׳האָט אָנגעהויבן צו רעדן אין בית־המדרש וועגן באַקן מצות, איז מענדל ווישינסקי געווען פון די ראש־המדברים. שרייענדיק אַז מ׳מוז זען, אַז אָרעמעלייט זאָלן האָבן ביליקע מצות.

נישט געקוקט פאַר זיך און דער פאַמיליע, נאָר טאָג־און־נאַכט איז ער געווען אַריינגעטאָן אין קהלשע זאַכן.

ער האָט נישט אויסגעמיטן די פוילישע „אוזשענדן״, איז אויך פון צייט־צו־צייט אַריינגעפאַלן אין מאַגיסטראַט נישט זייענדיק קיין ראַטמאַן, אָדער אין סטאַראָסטע, אינטערווענירט פאַר אַ ייד. זיי האָבן אים אַלע געקענט, נאָכגעגעבן זיינע פאַרלאַנגען, וועלנדיק פון אים פטור ווערן. ער פלעגט סטראַשען, אַז טאָמער גיט מען אים נישט נאָך, וועט ער גיין ביזן פרעזידענט... אַליין.

שטענדיק געווען פריילעך און לוסטיק, כאָטש אַליין — אַן אָרעמאַן.

מ׳איז אַרויסגעקומען אין מאַרק האָט מען געקענט זען, ווי מענדל ווישינסקי שטייט אַרומגערינגלט מיט אַ גאַנצער כאָפּטע מענטשן, האַלט אַ רעדע וועגן אַ כלל־טוער, דערציילט אַז דער כלל־טוער האָט נישט גוט געהאַנדלט אויף אַ זיצונג אין שטאָט־ראָט, אָדער אין דער יידישער גמינע.

ווי איז געווען צו יענעמס יאָרן, ווען איינער האָט געפּרואווט אַנטקעגנצושטעלן זיך ווישינסקיס אַ מיינונג.

יאָרן זיינען געלאָפן. מענדל איז עלטער געוואָרן. אָבער קיין מידקייט האָט מען אויף אים נישט געזען. מיט דעם זעלבן אימפּעט, מיט דער זעלבער ענערגיע, האָט ער געפירט זיין טאַקטיק אין שטאָט. ביז די מלחמה האָט אין 1939 אויסגעבראָכן און ער איז צוזאַמען כמעט מיט דער גאַנצער יידישער באַפעלקערונג דורך די היטלעריסטן, ימח־שמם־וזכרם, אומגעקומען.

טוביה וואַנדי

# דער מלאַווער חזן חיים חייקל

ווען איך בין פאַרטיק געוואָרן מיטן חדר, האָט מיין פאָטער באַשלאָסן מיך אָפּצוגעבן צו מאָטל מאַליאַרזש צו לערנען מאַלעריי. ס'איז געווען פונקט דעמאָלט ווען „שטאָט" האָט באַשלאָסן צו רעמאָנטירן די גרויסע שול און מאָטל מאָליאַרזש האָט געקראָגן דעם קאָנטראַקט צו מאָלן דעם סופיט און די ווענט. אַ גרויסע „רושטאָוואַניע" איז געווען אויפגעשטעלט, וואָס האָט געגרייכט העט, העט צום סופיט און איך האָב הנאה געהאַט אַרויפצוקלעטערן אויבן און דאָרט אויסצוזינגען אויפן קול אַלץ וואָס איך האָב געקענט פון חזנישע שטיקלעך און סתם לידער.

איינמאָל אין דער פרי שרייט צו מיר אַרויף מיין באַלעבאָס איך זאָל מוחל זיין און אַראָפּקריכן פון דער רושטעוואַניע. עמעצער וויל מיך זען. פאַר מיר איז געשטאַנען דער חזן חיים חייקל, מיט זיין בלאָנד שיטער בערדל, גרויסע קינבאַקן, וואָס האָבן אַרויסגעשטאַרטשעט, ווי ביי אַ כינעזער און מיט אַ ברייטן שמייכל, וואָס האָט געוויזן זיינע גרויסע ציין. ער האָט קודם־כל באַגריסט מיט אַ קניפּ אין בעקל: „זייער גוט געזונגען! זייער גוט!" און גלייך האָט ער ווי באַפוילן: „זאָלסט קומען צו מיר היינט נאָך מעריב, וועסטו זיין מיין משורר."

צו זיין אַ משורר ביים חזן איז געווען דער חלום פון אַ סך ייִנגלעך אין מלאַווע. דער חזן מיט זיין כאָר האָט געהאַט אַ שם אין דער גאַנצער געגנט. דער חזן פלעגט געווינלעך קריגן זיינע משוררים פון צווישן די אָרעמערע שיכטן און דורכאויס פון מתנגדישע עלטערן, די חסידים אין שטאָט האָבן קנאַפּ וואָס געהאַלטן פון חזנות. דער כאָר איז באַשטאַנען פון אַ 10 ביז 14 משוררים. אַ פּאָר חדשים פאַר ימים־נוראים פלעגט צום חזן אָנקומען אַ געשולטער זינגער. אַמאָל אַ טענאָר, אַמאָל אַ באַס. אַזאַ איינעם וואָס איז געקומען פון אַ גרויסער שטאָט, האָט ער געהאַלטן אויף קעסט און באַצאָלט אַ פּאָר רובל. די כוונה איז געווען צו האָבן אַ גוטן זינגער, וואָס זאָל אונדז העלפן אַרויסקריכן פון די קאָמפּליצירטערע טיילן געזאַנג, אונדז אָבער, די היימישע ייִנגלעך, האָט קיינעם קיין מאָל נישט געצאָלט פאַרן זינגען.

דער חזן, חיים חייקל זעלעוויאַנסקי, האָט געשטאַמט פון סלאָנים, פון אַן אָנגעזעענער משפחה חזנים, וואָס האָבן פאַרנומען אָנגעזעענע שטעלעס אין יידיש־פוילישע קהילות.

דער מלאַווער חזן איז געווען געשולט אין ליטורגישע און כאָראַלע מוזיק. ער איז געווען אַן אָנהענגער פון דעם גרויסן יידישן קאָמפּאָזיטאָר, דעם חזן לע־וואַנדאָווסקי. אין לעאַוואַנדאָווסקיס מוזיק איז ער ממש געווען פאַרליבט. האָט מען געדאַרפט איינשטודירן אַ תפילה מיט לעוואַנדאָווסקיס מוזיק, האָט עס גע־מוזט ביי אונדז אַרויסקומען אמת מייסטערהאַפט.

ביים חזן אין הויז האָט זיך געפונען אַ גרויסע ביבליאָטעק פון חזנישע מוזיק. צו דער שאַנק מיט די גרויסע ביכער האָט קיינער זיך נישט געטאָרט צורירן אָן זיין דערלויבעניש. אין גרויסע פאָליאַנטן זיינען געווען אויסגעשטעלט די ווערק פון די גאונים פון ליטורגישער מוזיק, ווי לעוואַנדאָווסקי, זיידל ראָוונער, קיפּניס, יאָסעלע ראָזענבלאַט. און טאַקע זיינע אייגענע, חיים חייקלס אויך.

פּראָבע ביים חזן האָט זיך אָנגעהויבן אַ פּאָר וואָכן פאַר ראש־השנה, אָדער פסח, די צוויי הויפּט יום־טובים אין יאָר, ווען דער חזן פלעגט דאַוונען אין שול מיטן כאָר. פלעגט ווער פון אונדז נעמען אַ פאַלשן טאָן, איז ער אויפגעשפּרונגען, ווי אַ טיגער, געוואָלט צערייסן יענעם אויף שטיקער. אָבער אַ מינוט שפּעטער האָט ער זיך צעשמייכלט, ווי קיינמאָל גאָרניט. זיין ליבשאַפט צו אונדז יינגלעך האָט ער אַרויסגעוויזן אויף זיין שטייגער. ער פלעגט געבן יענעם אַ קניפּ אין בעקל צוזאַמען מיט אַ פלינקן דריי מיט די פינגער אַז מ'האָט דערזען די באָבע פון יענער וועלט, אָבער מיר האָבן עס אָנגענומען גוטמוטיק און מיר האָבן שוין געוואוסט, אַז וואָס שטאַרקער דער קניפּ און גרעסער דער ווייטיק פון קניפּ אַז אַלץ שטאַרקער האָט ער געוואָלט אויסדריקן זיין אָנערקענונג. פון דער נאַטור איז ער געווען זייער אַ שטילער און אידעלער מענטש, אַ גוטהאַרציקער. ער האָט זיך שטענדיק פאַר־אינטערעסירט מיט די אָרעמע און ספּעציעל מיט יעדן פון די משוררים און זיין פאַמיליע, ער איז געווען גליקלעך ווען ער האָט עפּעס געקענט טאָן פאַר וועמען. ווען ס'איז געקומען יום־טוב האָבן מיר, משוררים, געוואוסט אַז איידער מיר גייען אין שול דאַרפן מיר צוערשט זיך אַריינכאַפּן צו אים אין הויז און די חזנטע האָט שוין געהאַט צוגעגרייט אַ הייסן טשייניק מיט וואַסער, יעדער האָט אויסגעטרונקען אַ גלאָז טיי. דאָס האָט געדאַרפט פאַרזיכערן, אַז אונדזערע העלדזער זיינען ריין און גרייט צום זינגען, שלעכט איז נאָר געווען ווען ווער פון אונדז האָט פלוצלונג געקראָגן אַ הייזעריקן האַלדז, דעמאָלט האָט די חזנטע געאַרבעט זייער שווער מיט אַ גאָגל־מאָגל אָדער אַנדערע רפואות אויף שנעל צו פאַרלייכטערן דעם האַלדז עס זאָל נישט פעלן אַ זינגער ביים שטענדער.

דעם גרעסטן אינטערעס האָט דער חזן מיטן כאָר אַרויסגערופן — פסח צו ספירה, ווען דער כאָר האָט געזונגען די תפילה „רבונו של עולם". די דאָזיקע

תפילה איז אויך פאַר אונז משוררים געווען אַ גרויסע געשעעניש און צוגרייטונג. אין דעם „רבונו של עולם“ האָט חיים חייקל שטענדיק אַריינגעלייגט אַ סך אַרבעט פון באמת קלאַסישער מוזיק. דער כאָר האָט דאָס געמוזט זינגען ביז פערפעקציע. צום דאָזיקן אָוונט פלעגן די מבינים פון אַ גוט שטיקעלע חזנות אויף שנעל אָפּכאַפּן זייער דאַוונען אין די בתי־מדרשים און די חסידים־שטיבלעך און אויף שנעל קומען צולויפן אין שול אַריין הערן דעם „רבונו של עולם“.

יום־כיפור נאַכט, צו כל־נדרי“, האָבן מיר שטענדיק געהאַט געסט פון אַן אַנדער כאַראַקטער. זיינען געקומען אַ גרויסע צאָל רוסישע רעגירונגס־באַאַמטע, אָפיצירן אין זייערע אויסגעפוצטע מונדירן — פון די צוויי פאָלקן סאָלדאַטן, וואָס האָבן געהאַט זייער גאַרניזאָן אין מלאַווע. די נישט־יידישע געסט האָבן זיך אויס־געזעצט אויפן באַלעמער און מיט גרויס אינטערעס זיך צוגעהערט צו אונדזער זינגען.

ביי אַזעלכע געלעגנהייטן האָבן מיר משוררים געפילט אַ שטייגער ווי אַקטיאָרן צו דער פרעמיערע, דער חזן איז צו אַזעלכע אָוונטן געווען מיט אונדז זייער שטרענג, אָן אויסצוריידן אַפילו איין וואָרט, האָט ער אונדז ייִנגלעך געהאַלטן אין צאָם מיט אַ שפּראַך פון זשעסטיקולאַציע און מיט די אויגן. נאָכן פאַרטיק ווערן מיטן דאַוו־נען איז געווען דער מנהג, אַז חיים חייקל זאָל צוגיין צום רבס שטענדער און קריגן אַ דאַנק פאַר זיך און די משוררים.

דער חזן מיטן כאָר האָט אויך געדאַוונט אין אַנדערע יום־טובים. זעלטן אָבער צו אַ ספּעציעלער געלעגנהייט. עס געדענקט זיך אַזאַ ספּעציעלע געלעגנ־הייט. אַ קאָנצערט אין מלאַווער שול, אַ חנוכה נאַכט, ווען צוזאַמען מיט דער קאַ־פּעליע מוזיקאַנטן האָבן מיר געזונגען לכבוד דער פייערונג פון 300 יאָר ראָמאַנאָוו דינאַסטיע. אַזאַ קאָנצערט איז נאַטירלעך געווען אַ געצוואונגענער פון דער צאַ־רישער אַדמיניסטראַציע. דער חזן איז אויך געווען געצוואונגען צו זינגען צו יעדער רוסישער חגא. האָט עס געמעגט אויספאַלן אין אַ מיטן מיטוואָך, האָט ער געמוזט צונויפברענגען עטלעכע פון אונדז, משוררים, אין דער פרי אין שול אַריין און אַלע מאָל אין אַזאַ „יום־טוב“ איז די שול געווען פוסט פון דאַוונער, אין שול אַריין איז שטענדיק געקומען דאָס קליינע זשאַנדאַרל און זיך אַוועקגעשטעלט ביים באַלעמער ביז דער חזן איז פאַרטיק געוואָרן מיט דער „באָזשע צאַריאַ כראַני.“ נישט איין מאָל האָב איך באַמערקט נאָך אַזאַ זינגען, ווי דער חזן איז אַוועק צו זיך אין זיין ווינקל און געגעבן זיין באַרימטן שפּיי.

דערפאַר אָבער אַז ס'איז געקומען שמחת־תורה איז פאַר אונדז משוררים געווען דער אמתער יום־טוב. שוין באַלד נאָך מיטיק שמיני־עצרת האָבן מיר זיך איבערגעקליבן צום רב אין הויז אַריין, דאָרט זיינען געווען פאַרזאַמלט די פּני פון שטאָט, די גבאים און אָנגעזעענע געסט, אויפן טיש איז געווען אויסגעשטעלט פון כל־טוב — ווייַנען און בראַנפן. דער חזן מיט די משוררים האָבן געדאַרפט

געבן יום־טובדיקע שטימונג, פלעגן מיר זינגען אַלץ וואָס מ׳האָט געדענקט. אַזאַ נאָך מיטיק האָט זיך געצויגן ביז מ׳האָט זיך געלאָזט אין שול אַריין פּראַווען הקפות. דאָרט האָבן מיר זיך ערשט צעזונגען אויפסניי. די מער דרייסטערע פון אונדז משוררים וואָס זיינען שוין אין יענער צייט געווען „געכאַפּט" אויף ציוניזם האָבן זיך אַרויסגעשאַרט און זיינען אַוועק אין דעם נייעם בית־המדרש, וואָס איז געווען פאַררעכנט פאַר אַ ציוניסטישן. און דאָ האָבן מיר געזונגען, נישט בלויז תפילות נאָר אויך ציוניסטישע העבראַישע לידער. חיים חייקל איז געווען אַ קעגנער פון ציוניזם און מיר האָבן נאָך דעם דערפאַר אַריינגעכאַפּט אַ גוטן פּסק דערפאַר, ביז ס׳איז געקומען צום צווייטן יום־טוב און מיר האָבן ווידעראַמאָל דאָס זעלבע געטאָן.

בכלל האָט דער חזן זיך באַמיט אָפּצוהיטן די סטאַטעשנעקייט פון אונדז משוררים. ער איז געווען קאָנסערוואַטיוו און צוריקגעהאַלטן, זיך נישט געמישט אין פּאָליטיק. ער איז פאַרבייגעגאַנגען די נייע שטרעמונגען אין שטאָט און האָט געוואָלט אַז מיר זאָלן זיך אויך האַלטן אין דער מעלה. ער האָט נישט געוואָלט פאַרליידן ווען מיר די משוררים האָבן אָנגעהויבן אָנטייל נעמען אין דער קולטורעלער טעטיקייט אין מלאַווע, ווי אין „הזמיר", אין דער ביבליאָטעק אָדער דראַמאַטישער גרופּע אין מלאַווע. צוביסלעך האָט זיך אָבער חיים חייקל געמוזט צוגעוואוינען צו די „צרות" און זיין זון איז אין מלאַווע געווען איינער פון די וויכטיקסטע טוער אין „הזמיר" און אין מלאַווע בכלל.

חיים חייקל מיטן כאָר איז געווען אַן אינסטיטוציע אין מלאַווע, וואָס האָט זייער אַ סך בייגעטראָגן צו דער שיינקייט און חשיבות פון דער יידישער קהילה אין מלאַווע.

# אַלאַ גאָלאָמב־גרינבערג הי״ד

**(1943—1904)**

די קדושה אַלאַ גאָלאָמב-גרינבערג, די טאָכטער פון מלאָווער לערער משה גאָלאָמב, געהערט צו דער קליינער גרופּע פון די אויסדערווײלטע, וואָס זייער העלדנטום אין די מאַקאַברישע טעג פון וואַרשעווער געטאָ זיינען פאַרשריבן לדורות. אָט וואָס עס שרייבט וועגן דער דאָזיקער ל״ו־ניצע יאָנאַס טורקאָוו אין זיין בוך „אַזוי איז עס געווען״ (זז׳ 300־302):

„— — — אַלאַ גאָלאָמב־גרינבערג האָט מסירת־נפשדיק געראַטעוועט יידישע קינדער פון אומשלאַגפּלאַץ אין אַ צייט, ווען יידישע קינדער זיינען געשטאַנען אויסערן געזעץ און זיי האָבן נישט געהאַט קיין לעבנסרעכט. אָנגעטאָן אַלס באַרמ־האַרציקע שוועסטער האָט זי אונטער דער ברייטער קראַנקנשוועסטער־פּעלערינע אַרויסגעטראָגן קינדער פון אומשלאַגפּלאַץ, וויסנדיק אַז אויב מען וועט זי רעווידירן וועלן פאַלן צוויי יידישע קעפּ. זי פלעגט די קינדער געבן שלאָפמעטראַנק, כדי זיי זאָלן זיך נישט פאַרראַטן מיט געוויין.

אַלאַ גאָלאָמב־גרינבערג האָט געהאַט אַ מעגלעכקייט זיך צו ראַטעווען אויף דער אַרישער זייט, וואו זי האָט געהאַט גרויסע קאָנטאַקטן. אירע פּוילישע פריינד פון דער סאָציאַלער הילף ביים וואַרשעווער מאַגיסטראַט האָבן זי אַפילו געוואָלט איינאָרדענען אויף אַ גוטן פּאָסטן אויף דער אַרישער זייט. אַלאַ האָט אָבער די אַלע מעגלעכקייטן אָפּגעוואָרפן, האַלטנדיק אַז איר אָרט איז איצט ביי יידן. דעם ערשטן קאָנטאַקט מיט די קריסטלעכע קרייזן וועגן ראַטעווען יידישע קינדער און איינאָרדענען זיי צייטווייליק אין די פּוילישע יתומים־הייזער און קלויסטערס האָט אָנגעבונדן אַלאַ גאָלאָמב־גרינבערג, אָדער ווי מען האָט זי גערופן — „גאָלאָמביאַנקאַ.״ זי איז בעת איין „אַקציע״ און דער צווייטער געווען אויף דער אַרישער זייט און געפירט אין דעם פּרט געשפּרעכן, וואָס האָבן אָנגעהויבן צו געבן ממשותדיקע רעזולטאַטן. בעתן אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ איז אַלאַ גרינבערג אַוועק־געשיקט געוואָרן קיין פּאָניאַטאָוו הינטער לובלין. דאָרט האָט זי זיך מיט לייב און לעבן געווידמעט דער קינדער־פאַרזאָרגונג און דעם שפּיטאָל־וועזן...

ווען די יידישע אונטערערדישע אָרגאַניזאַציע פון יידישע נאַציאָנאַלן קאָמיטעט וואָס האָט זיך נאָכן געטאָ־אויפשטאַנד געפונען אויף דער אַרישער זייט האָט זיך באַמיט צו ראַטעווען די פאַרדינסטפולע מענטשן פון די לאַגערס, האָט מען אויך אָן אַלאַ גאַלאָמב־גרינבערג נישט פאַרגעסן. איינציקע מאָל האָט מען נאָך איר געשיקט ספּעציעלע שליחים כדי זי אַרויסצוראַטעווען פון לאַגער, — זי האָט זיך אָבער קאַטעגאָריש דערפון אָפּגעזאָגט. — זי וועט זיך מיט אירע קינדערלעך — האָט זי געענטפערט — נישט שיידן. זי קאָן נישט פאַרלאָזן די אָרעמע, הילפלאָזע שעפעלעך. און זי איז געבליבן ווי אַ געטרייער סאָלדאַט ביזן סוף אויפן פּאָסטן. ביזן סוף פון איר לעבן האָט זי די לעצטע יידישע קינדערלעך געגעבן פרייד און האָפענונג. און צוזאַמען מיט די קינדער און מיט די איבעריקע קנאַפּע 15 טויזנט יידן פון פּאָניאַטאָווער לאַגער איז זי אומגעבראַכט געוואָרן אין די ערשטע נאָוועמבער־טעג 1943.

אַלאַ גאַלאָמב־גרינבערג וועט אַריין אין פּאַנטעאָן פון אונדזערע אומפאַרגעסלעכע העלדן מאַרטירער".

י. ט.

# רבנים אין מלאַווע*)

## אַריה לייב ב״ר משה כ״ץ — אַ מלאַווער רב פון סוף 18־טן י״ה

### א

מיר ווייסן זייער ווייניק וועגן דעם גייסטיקן מצב פון דער מלאַווער יידישער קהילה אין אַלטע צייטן און מיר האָבן קיין שום ידיעות נישט וועגן מלאַווער רבנים אין די דאָזיקע צייטן.

עס איז מיר דאָך געלונגען צו אַנטדעקן אַ מלאַווער רב פון סוף 18־טן י״ה. יוסף אָפּאָטאָשו האָט מיך אויפמערקזאָם געמאַכט אויף אַ שטעלע אין ביבליאָגראַפישן ספר „יכבד אב״ (ז׳ 22) וואו עס ווערט דערמאָנט אַ רב אַ מחבר אַריה לייב הכהן אבד״ק מלאווא בעהעמח׳ס „פני אריה״.

דאָס ספר פני אריה, אַ ספר פון חידושים אויפן ש״ס, איז געוואָרן גע־דרוקט אין נאָווידוואָר אין יאָר 1787.

די הקדמה צום ספר ענדיקט זיך מיט די ווייטערדיקע ווערטער:

הק׳ אריה לייב בהרב הגאון משה כ״ץ זללה׳ה מטיקטין, ומנוחתו כבוד בק׳ק מאקאווי אשר שם אור תורתו היה זורח, בסוף ימיו וחתן הגאון מוה׳ר אשר קמץ זללה׳ה שמנוחתו כבוד בק׳ק ווישגראד אשר שם היה דור תורתו זורח בסוף ימיו. חונה בק׳ק מולאווא יצ׳ו. הסכמות אויפן ספר האָבן געגעבן: דער בריסקער רב יוסף קאַצענעלנבאָגן, אַ זון פון באַקאַנטן בריסקער רב אברהם קאַצענעלנבאָגן; דער גראָדנער רב אליעזר בן צבי הירש; דער טשעכאַנאָווער רב יצחק כהנא; דער רב פון ווּרעשנע, (אין פּויזנער געגנט) אפרים קמץ, אַ שוואָגער פון מחבר און דער ביאַליסטאָקער רב קלונימוס קלמן ליכטנשטיין. די הסכמות פון בריסקער און גראָדנער רבנים זיינען געגעבן געוואָרן אויפן יריד אין זעלווע אין חודש אב תקמ״ו (1786).

אויך אין די הסכמות ווערט מלאַווע געשריבן מולאווא אַזוי ווי אין דער הקדמה פון מחבר, וואָס שטימט איבעריין מיטן דייטשן נאָמען פון דער שטאָט:

דער מלאַווער רב אריה לייב כ״ץ איז צום סוף פון זיין לעבן אַוועק פון מלאַווע. ער איז אַוועק אין די פּויזנער געגנט וואו ער איז געוואָרן רב אין דעם שטעטל פאַרדאָן, וואו ער איז נפטר געוואָרן אין תשרי תקפ״א (1820). זע וועגן אים:

*A. Heppner-J. Herzberg*: Aus Vergangenheit und Gegenwart der jüdischen Gemeinden in den Posener Landen, 393.

*) זע: 259.

י. ר.

## ב

מלאַווע האָט געהאַט דריי רבנים מיט די זעלביקע נעמען:

הרב ר׳ זאב וואָלף ליפשיץ, בר׳ יעקב שלום, אַ שוואָגער דעם טשעכאַנאָווער רביס, ר׳ אברהם לאַנדעס, איז געבוירן געוואָרן אין פלאָצק, תקנ״ד — 1794. זיין מוטער מרת מרים איז געווען די טאָכטער פונעם פלאָצקער בעל־הבית, ר׳ יצחק הכהן, בן הרב ר׳ שמואל הכהן פון לאָסק.

ר׳ זאב וואָלף איז געווען ר׳ דן לאַנדעס אַ שטיף־זון און אַן אידעם. ר׳ וואָלף האָט חתונה געהאַט מיט ר׳ דנס טאָכטער, מיט זעלדע חיהן, פון דעם ערשטן ווייב.

באַלד נאָך דער חתונה האָט מען אים אויפגענומען פאַר רב אין ראַדזינאָ־ווע, פלאָצקער גובערניע. אין תקע״ד (1814) איז ער געוואָרן רב אין מלאַווע. זעכצן יאָר האָט ער אָנגעהאַלטן ס׳מלאַווער רבנות. אין תקצ״ו — 1836 איז ער געוואָרן רב אין אָזערקאָוו, וואו ער איז נפטר געוואָרן זעקס טעג איר אב, תרכ״ד — 1864, אין עלטער פון זיבעציק יאָר.

## ג

ווען ר׳ וואָלף ליפשיץ איז געוואָרן רב אין אָזערקאָוו, האָט מלאַווע אויפ־גענומען פאַר רב זיין פעטערס, ר׳ יהודה לייב קעמפנערס, אידעם, וואָס האָט אויך געהייסן ר׳ זאב וואָלף, אַ זון פון דעם וואַרשעווער ר׳ יואל ליפשיץ.

ר׳ יואל ליפשיץ איז געווען אַ זון פונעם גאון ר׳ שלמה זלמן ליפשיץ, דעם „חמדת שלמה״, וואַרשעווער רב.

מיט די יונגע רבנים, שאַרפע קעפּ, ר׳ וואָלף בר׳ יעקב שלום און ר׳ וואָלף בר׳ יואל, האָט פוילן געשמט. מען האָט זיי גערופן: „די וועלף״.

ר׳ וואָלף בר׳ יואל איז געווען לאַנגע יאָרן רב אין מלאַווע, וואו ער איז נפטר געוואָרן אין תרכ״ה — 1865. די שטאָט האָט אָוועקגעשטעלט אַן אוהל אויף זיין קבר.

## ד

דער מלאַווער רב, ר׳ וואָלף ליפשיץ, איז געווען ר׳ חיים ליפשיצעס פון פלאָצק אַ זון. ר׳ חיים איז געווען אַן אייניקל פונעם רשכב״ה, דעם „בעל מאיר״ ר׳ מאיר פויזנער אבד״ק שאטלאנד בדאַנציק״.

ער איז נפטר און נקבר געוואָרן אין מלאַווע. אויפן אַלטן בית־עולם שטייט אַן אוהל אויף זיין קבר.

ה

הרב ר׳ יחיאל משה סאַגאַלאָוויטש האָט געשטאַמט פון ווילנע. זיין פאָטער, ר׳ חיים, מחבר פון ספר „מקור חיים", „שות", איז געווען אײשישאָקער מורה־הוראה. און תרנ״ב איז ר׳ יחיאל משה געוואָרן מלאַוועער רב. ביים מלאַוועער גירוש, אין 1941, האָט מען אים פאַרשיקט קיין לובלין, אין דער שטאָט פון זיין עלטער־עלטער זיידע, דעם מהר״ם מלובלין, וואו דער רב איז נפטר געוואָרן אין חודש כסלו תש״א.

י. א.

---

זע: 389, 187, 52.

ש. לעווענטאַל (בוענאָס איירעס)

# דער ערשטער מלאַווער קרבן פון נאַציזם

געפאַלן אַ יידישער מיליציאַנער. וואָפקע ביילאָוויטש איז זיין נאָמען. איינער פון גאָר אַ סך וואָס האָבן זייערע לעבנס פאַרענדיקט אויף די שלאַכט־פעלדער, וואו ס'ווערט געקעמפט פאַר שפאַניעס פרייהייט און אומאָפּהענגיקייט. אַ נאָמען אַן אומבאַקאַנטער, כמעט אַן אַנאָנים, אָבער דאָך איז אינטערעסאַנט צו דערמאָנען אייניקע עפּיזאָדן פון זיין לעבן.

געבוירן אין מלאַווע, פּוילן, די געבורטשטאָט פון יוסף אָפּאַטאָשו, אין יאָר 1904. פון זיין פריעסטער יוגנט אָן אַרבעטער, פון קיין קינדערשער פרייד ווייס ער נישט, ווייל נאָך אַלס קינד איז אים זיין פאָטער אָפּגעשטאָרבן און זייענדיק דער עלטסטער ברודער פאַלט אויף אים די לאַסט צוזאַמען מיט זיין מוטער אויסצוהאַלטן די משפחה. באַלד ווערט ער אַ שניידער און מאַכט דורך אַלע גרוילן אויף דער לער. אָבער די נויט פון שטוב צווינגט אים אַלץ איבערצוטראָגן ווייל ער מוז גיך זיך אויסלערנען דאָס פאַך און פאַרדינען געלט. צוזאַמען מיטן אָנהויבן אַרבעטן קומט דער אינטערעס צו געזעלשאַפטלעכער אַרבעט און סאָציאַלע פראַגן. פונקט אין יענער צייט — אין די יאָרן 1916־1917 — גרינדעט זיך אין מלאַווע דער „גראָסער קלוב", וואָס האָט מיט אַ קאָלאָסאַלן פאַרנעם און וואונדערבאַרער קולטורעלער אַרבעט אַרומגענומען כמעט דאָס גאַנצע געזעלשאַפטלעכע, פּראָגרעסיווע לעבן פון שטאָט. וואָפקע הויבט אָן דאָרט אַרויפקומען און ווערט באַלד אַריינגעצויגן אין דער יוגנט־סעקציע, וואו ער פאַרנעמט שטענדיק אַ פאַראַנטוואָרטלעכן פּאָסטן. אַדאַנק זיין אַמביציע, אַדאַנק זיין פרי דערגרייכטע זעלבשטענדיקייט רוקט ער זיך גלייך אַרויס אומעטום וואו עס קומט אים אויס צו אַרבעטן.

מ'קען זאָגן אַז פון ערשטן מאָמענט אַן ווען וואָפקע טרעט אַריין אין דער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט קומט נישט פאַר קיין שום וויכטיקע געשעעניש אויפן געזעלשאַפטלעכן געביט — גרינדן פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, שאַפן ביבליאָטעקן, קולטור־אינסטיטוציעס אאַז"וו — אָן זיין אַקטיווער מיטבאַטייליקונג. אין יאָר

1929 פאָרט ער אָפּ קיין בראַזיל. אויך דאָרט זעצט ער פאָר אומדערמידלעך זיין טעטיקייט צוזאַמען מיט זיין ברודער — איסאַק — וועמען ער האָט גלייך אַריבער־גענומען נאָך בראַזיל, איז ער אַקטיוו אין דעם יידיש־געזעלשאַפטלעכן לעבן פון ריאָ־דע־זשאַניירא. ער ווערט פאַרפאָלגט, עטלעכע מאָל אַרעסטירט, פאַרשיקט אויפן אינדזל און צום סוף ווערןביידע ברידער דעפּאָרטירט. זיי געפינען זיך אין פאַריז. אויך דאָ לאָזט מען נישט צורו. כסדרדיקע אויסווייזונגען צו פאַרלאָזן פראַנקרייך. אין נאָוועמבער 1936 פאָרן זיי קיין שפּאַניע. זיין ברודער אויפן פראָנט פון מאַדריד, וואו ער ווערט פאַרוואונדעט אין בא קאסא דעל קאמפא, פון וואָס ער איז אַרויס אַ הינקעדיקער אויף אַ פוס; און ער אַליין אין אַ פראַנצויזיש־שפּאַנישער גרופּע אין אלבעסעטע. אַדאַנק זיינע מיליטערישע קענטענישן וואָס ער האָט באַקומען אין פּוילישן מיליטער ווערט ער זייער סערזשאַנט, און ער שטודירט כסדר צו קענען דערגרייכן אַ העכערן ראַנג. פון זיינע בריוו פון שפּאַניע שפּראַצט מיט ענטוזיאַזם מסירותדיקער איבערגעגעבנקייט און גלויבן אין דער זאַך פאַר וועלכער ער איז געפאַלן מקריב זיין זיין לעבן. קיין מינוט צווייפלט ער נישט אינעם זיג פון דער שפּאַנישער רעפּובליק, ווייל דאָס איז דער זיג פון דער גערעכטיקייט און קולטור קעגן דער אומרעכט און באַרבאַריזם.

געפינענדיק זיך אין די טראַנשייען פון פראָנט פאַרגעסט ער נישט אין דער ליטעראַטור פאַר וועלכער ער האָט אַ ספּעציעלן אינטערעס. ער שרייבט אָן זיין באַרימטן בריוו צו זיין לאַנדסמאַן און באַליבטן שרייבער יוסף אָפּאַטאָשו, מאָנענדיק דעם געהעריקן פּלאַץ אין דער יידישער ליטעראַטור פאַר די יידישע קעמפער פאַר דער פרייהייט פון שפּאַניע. די קעמפער האָבן מיט זייער בלוט און יונגע לעבנס אָפּגעליייקנט דעם עקלהאַפטן בילבול וואָס די שונאים האָבן אויסגעטראַכט וועגן דער יידישער פּחדנות.

אין יולי ד. י. ווערט ער געשיקט אויפן עברא פראָנט וואו ער קעמפט העלדיש קעגן דעם אָנגרייפנדיקן שונא. דעם 25טן דעם זעלבן חודש פאַלט ער טויט אויפן זעלבן פראָנט, פאַרענדיקנדיק זיין לעבן פון נויט, אַקטיוויטעט, פאַרפאָלגונגען, דעפּאָרטאַציעס און קאַמף פאַר אַ בעסערן מאָרגן וואָס ער אַליין וועט שוין נישט זען.

# צבור־לעבן:

לייבוש אַלטער
רבקה לידזבאַרסקי־קאַרנישין
אַריה בערמאַן
זיגמונט קלענעץ
יעקב ראַדאַק
עובד שערפסקי
הערש וועלוועל מין
ד״ר יעקב שאַצקי

לייביש אַלטער (אילת-השחר)

# די ערשטע יאָרן אין דער יידישער גימנאַזיע (1923—1917)

ביז צו דער ערשטער וועלט-מלחמה האָט דער גרעסטער טייל פון דער יידישער יוגנט געלערנט אין חדרים און ישיבות און באַקומען אַ טראַדיציאָנעלע יידישע דערציאונג. ווייניקע אויסנאַמען, ווי משה לאַסקי, בולניק און אַנדערע, האָבן געלערנט אין דער פוילישער האַנדלס-שולע, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן נאָכן אויפשטאַנד פון 1905, וואָס האָט געגעבן די פּאָליאַקן קולטורעלע אויטאָנאָמיע. די האַנדלס-שולע איז געווען אויסגעהאַלטן דורך אַ שול-פאַראיין און עס איז אינ־טערעסאַנט, אַז מערערע יידישע באַלעבאַטים, אַפילו חסידישע יידן, זיינען געווען מיטגלידער אין דעם פאַראיין און געצאָלט אַ מאָנאַטלעכן אָפּצאָל.

די „סטודענטלעך״ אין שוואַרצע אוניפאָרמען און היטלעך מיט אַ גרינעם פּאַס און אַ מעשענעם האַנדלס-צייכן האָבן אַרויסגערופן שטאַרקע קעגנערשאַפט אין די חסידישע קרייזן און פאַר אַ „חטא״ פון שיקן קינדער אין „שקאָלע״ האָט מען אַרויסגעוואָרפן פון „שטיבל״.

די וועלט-מלחמה האָט געשטויסן דאָס לעבן פאָראויס. די צאָל יידישע שילער אין דער פּוילישער שולע איז געוואַקסן. מען האָט אָנגעהויבן קוקן אויף די שילער מיט די גרינע לאַמפּאַסן מיט ווייניקער חשד.

מיט דער באַפרייאונג פון פּוילן איז געוואַקסן דער אַנטיסעמיטיזם און עס האָט זיך אַנטוויקלט דאָס נאַציאָנאַלע יידישע באַוואוסטזיין.

אין יאָר 1917 איז אין אונדזער שטאָט, ווי אין אַ סך גרעסערע שטעט אין פּוילן, געגרינדעט געוואָרן אַ יידישע פּראָגימנאַזיע, אַ שולע מיט פּוילישער אונטער־ריכטס-שפּראַך און אַ ברייטן פּראָגראַם פון יודאַאיסטישע לימודים. כמעט אַלע יידישע שילער פון דער פּוילישער שולע זיינען אַריבער אין די יידישער שולע, וואָס האָט דאָך אין ערשטן יאָר געהאַט ווייניק שילער. די גימנאַזיע איז פון אָנהויב

געווען אין דער געביידע אויף סמאָליאַרנאַ, וואו עס איז שפּעטער געווען די תלמוד־תורה. אַ טייל שילער איז געקומען אין דער שולע מיט לאַנגע קאַפּאָטעס.

ערשטער דירעקטאָר איז געווען מילבאַנד, שפּעטער באַקאַנט אין ארץ־ישראל אונטערן נאָמען צביאלי. ער איז געווען אַ באַקאַנטער ציוניסטישער טוער אין וואַרשע. צווישן די לערער זיינען געווען האַלב־אַסימילירטע יידן און מיר, וואָס זיינען כמעט אַלע געקומען פון חדרים און באַקומען אַ נאַציאָנאַל־יידישע דערציאונג, האָבן נישט ווייניק אויסגעטיילט די לערער און געוואָלט זיי אַרויפפירן אויפן ריכטיקן וועג.

איין יאָר איז מילבאַנד געווען אין מלאַווע. נאָך אים איז געקומען אינזשיניער קונאַווסקי, אַ מענטש מיט אַ לענגערער לערער־פּראַקטיק. ער האָט געהאַט אַ שטאַרקע האַנט און האָט אָנגעהויבן איינפירן אָרדענונגען.

דער גרעסטער טייל פון די שילער איז געווען אָרגאַניזירט אין „השומר הצעיר". דער דירעקטאָר האָט פאַרבאָטן די שילער צו געהערן אין איין אָרגאַניזאַציע מיט נישט־שילער. דער פאַרבאָט האָט אַרויסגערופן אַ גרויסע קעגנערשאַפט. די שילער האָבן אָנגעהויבן פירן אַ קאַמף קעגן דער גזירה. אַזוי, ווי עס איז דעמאָלט פאָרגעקומען אין קינאָ־זאַל אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, האָבן די שילער זיך אַריינגעקריגן אין זאַל און נאָך אַ פּאָר מאָל פאָדערן, האָב איך באַקומען דאָס וואָרט. איך בין שטאַרק אַרויסגעטרעטן קעגן דער פאַראָרדענונג און געפאָדערט, אַז די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג זאָל אָננעמען אַ באַשלוס קעגן דירעקטאָר, אַז די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע, וואָס איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער גימנאַזיע, זאָל מבטל מאַכן די גזירה. מיין אויפטריט האָט אַרויסגערופן אַ גרויסן שטורעם ביי די ציוניסטישע טוער. מען האָט נישט געוואָלט פאַרליידן, אַז אַ יינגל זאָל זאָגן אַ דעה דערוואַקסענע. דערפאַר בין איך שפּעטער אויסגעשלאָסן געוואָרן פון דער שולע און עס איז אויסגעבראָכן אַ שילערסטרייק. נאָר נאָך לאַנגע באַמיאונגען און אַדאַנק משה מערקער איז דער אינצידענט ליקווידירט געוואָרן.

די פּראָגימנאַזיע איז נאָך צוויי יאָר פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ גימנאַזיע, שפּעטער זיך פאַראייניקט מיט דער מיידלעך־שולע פון פרל' צעגלא און געוואָרן אַ קאָעדוקאַציע־שולע.

די צאָל שילער איז געוואַקסן, עס זיינען צוגעקומען תלמידים פון דער נאָענטער און וייטער סביבה. עס האָבן זיך אָנגעהויבן אָרגאַניזירן אין דער גימנאַזיע פאַרשיידענע אידעאישע גרופּן. אַמבולטסטן איז געווען דער קאַמף צווישן די חברים פון „השומר הצעיר" און דער סאָציאַליסטישער גרופּע, וואָס איז באַשטאַנען פון פּועלי־ציון, רעכטע און לינקע, „בונד" און קאָמוניסטן. פאַרשטייט זיך, אַז די סאָציאַליסטישע פאַראייניקונג איז געווען אומלעגאַל. דאָך האָט זי אונטערן מאַנטל פון זעלבסטבילדונג־קרייזן געפירט אַן אינטענסיווע טעטיקייט. אַ סך מי האָט זיך

די גרופּע געגעבן צו אָרגאַניזירן אַלגעמיינע גימנאַזיע־ענינים. עס איז דאָן גע־גרינדעט געוואָרן אין דער גימנאַזיע אַ קרייז פאַר זעלבסט־הילף, וואָס האָט געהאַט אַ קאָאָפּעראַטיוו פון שרייב־מכשירים און ביכער, האָט געהאָלפן אָרעמע שילער, אאַז״וו. די סאָציאַליסטישע גרופּע האָט גענומען די גאַנצע זאַך אין איר האַנט. מיט די ערשטע פּאַר מאַרק, וואָס מיר האָבן צוזאַמענגענומען זיינען מיר אַריינגע־פאָרן קיין זאַלדא און איינגעהאַנדלט פאַרן קאָאָפּעראַטיוו ביליקע מציאות. אין דער שאַנק פון קאָאָפּעראַטיוו האָבן מיר איינגעאָרדנט אַ סאָציאַליסטישע ביבליאָטעק, וואָס האָט אומלעגאַל פאַרשפּרייט סאָציאַליסטישע ליטעראַטור און געפירט פּראָפּאַ־גאַנדע. אין דער אַרבעט זיינען געווען טעטיק אברהמל וואַרשאַווסקי, איטקע פּיזשיץ, איך און אַנדערע. מיר האָבן אונטער פאַרשידענע נעמען געפּייערט סאָציאַליסטישע ימים־טובים, אָרגאַניזירט קרייזן פאַר עקזאַמיע און געזעלשאַפט־לעכע פּראַגן. מיר האָבן זיך באַזונדערס באַמיט, אַז די שילער זאָלן לייענען יידיש, וואָס איז נישט געלערנט געוואָרן אין דער גימנאַזיע. פון צייט צו צייט האָבן מיר איינגעאָרדנט פאַרלעזונגען איבער אַלגעמיינער און יידישער ליטעראַטור.

די חברים פון „השומר הצעיר״, וואָס זיינען געווען דער הויפּט־כוח אין דער גימנאַזיע, האָבן זיך באַמיט נישט צו דערלאָזן צו אונדזער העגעמאָניע. דער קאַמף האָט זיך אָפּגעשפּילט אויף די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונגען פון זעלבסטהילף־קרייז, וואָס זיינען פאָרגעקומען יעדעס האַלבע יאָר. מיר האָבן די פאַרזאַמלונגען אויסגענוצט אויף פּראָפּאַגאַנדע, און דווקא אין יידיש.

נאָך אַ געוויסע צוגרייטונג האָבן מיר פאַרפליכטעט די חברים פון סאָציאַ־ליסטישן קרייז אַריינצוטרעטן אין די נאָענט־שטייענדיקע סאָציאַליסטישע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס. אַזוי אַרום האָבן מיר פאַרשטאַרקט די אָרגאַניזאַציעס מיט קול־טורעלע כוחות. מיר האָבן זיך אויך אינטערעסירט מיט דער פּראָפעסיאָנעלער אַרבעט, געהאָלפן אָרגאַניזירן סטרייקן אאַז״וו.

אין אַלגעמיין געזאָגט, איז אין די ערשטע יאָרן פון דער גימנאַזיע געפירט געוואָרן צווישן אירע ווענט און אונטער איר מאַרקע אַ לעבהאַפטע געזעלשאַפט־לעכע טעטיקייט. די גימנאַזיע האָט אויסער איר אויפגאַבע צו געבן בילדונג אויך דערנענטערט אַ גרויסע צאָל פון יידישע קליינבירגערלעכע יוגנטלעכע צום אַרבע־טער־קלאַס און זיינע פּראַגן.

רבקה לידזבאַרסקי־קאַרנישין (תל־אביב)

# דער יידישער „קינדער־גאָרטן" פון מלאַווער שטאָט־ראַט

נאָך די וואַלן צום שטאָט־ראַט אין מלאַווע אין יאָר 1927, וואָס האָבן גע־בראַכט צום זיג פון די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, און צווישן זיי — די יידישע סאָ־ציאַליסטישע אַרבעטער פּאַרטיי „פּועלי־ציון" מיט איר פאַרשטייער מאיר קאַנאַרעק, זיינען געשאַפן געוואָרן אייניקע יידישע סאָציאַלע אינסטיטוציעס אויסגעהאַלטן דורכן מאַגיסטראַט. דאָס ערשטע מאָל אין דער געשיכטע פון מלאַווער יידן איז געגרינדעט געוואָרן אַ יידישער שטאָטישער „מושב־זקנים", אַלטע לייט זאָלן דאָרט פאַרברענגען זייערע לעצטע יאָרן אונטער אַ פאַסיקער אויפזיכט און אין מענטש־לעכע, היגיענישע באַדינגונגען.

עס איז אויך געגרינדעט געוואָרן, אונטער דער לייטונג פון רבקה לידזבאַרסקי, אַ יידישער „קינדער־גאָרטן" פאַר קינדער פון דער יידישער אָרעמקייט אין עלטער פון 4 ביז 7 יאָר. דאָס איז געווען דער צווייטער יידישער קינדער־גאָרטן אין דער יידישער שפּראַך אין גאַנץ פּוילן. די אינסטיטוציע איז געוואָרן גענצלעך אויס־געהאַלטן דורך דער שטאָט־פאַרוואַלטונג און געשטאַנען אונטער דער אויפזיכט פון איר „סאָציאַלער־שוץ". עס פלעגן אָפט פאַרקומען באַזוכן פון פאַרשטייער פון דער מאַכט.

די אַרבעט איז געווען באַשווערט דורך דער גרויסער צאָל קינדער אין אַ קליי־נעם לאָקאַל. אין די שפּעטערדיקע יאָרן זיינען פאָרגעקומען פאַרשיידענע אויס־בעסערונגען. ווינטער האָבן די קינדער באַקומען פון די געהעריקע אינסטאַנצן אַ וואַרעמען פרישטיק. די מלאַווער יידישע פרויען־אָרגאַניזאַציע האָט באַזאָרגט די נויט באַדערפטיקע קינדער מיט קליידער און שיך.

אין יאָר 1932 איז די אינסטיטוציע איבערגעגאַנגען אין אַ גרעסערער וואוי־נונג מיט אַ גרויסן הויף, וואו די קינדער האָבן זיך געקענט פריי שפּילן.

פאַר דער יידישער אָרעמער באַפעלקערונג איז די קינדער־היים געווען אַ זייער וויכטיקע אינסטיטוציע. גליקלעך זיינען געווען די עלטערן, אַז זייערע קינדער וואַלגערן זיך נישט אַרום אין די שמוציקע גאַסן, וואו זיי ווערן אָפט געשלאָגן פון די קריסטלעכע קינדער, נאָר פאַרברענגען אַ האַלבן טאָג אין אַ מאָדערנעם דער־ציאונגס־אַנשטאַלט.

דער צוזאַמענשטעל פון די עלטערן איז געווען: האַנדווערקער — 18, קליינ־הענדלער — 7, לערער — 1, טרעגער — 11, דינערשאַפט — 3.

די קינדער־היים פלעגט פייערן אַלע יידישע נאַציאָנאַלע און אַרבעטער ימים־טובים. יעדן פורים איז פאַרגעקומען אַ טראַדיציאָנעלע פאַרשטעלונג מיט דער באַטייליקונג פון פיל געסט און עלטערן. דער מאַגיסטראַט פלעגט אַסיגנירן געלט אויף זיסוואַרג פאַר די קינדער.

אין 1934 איז פאָרגעקומען אַן ענדערונג אין צוזאַמענשטעל פון דער מלאַווער שטאַט־פאַרוואַלטונג. אויפן אָרט פון בירגערמייסטער איז געקומען אַ רעגירונגס־קאָמיסאַר. דער מאַגיסטראַט איז געווען אין אַ גרויסן דעפיציט. האָט מען אָנגעהויבן צו רעדן וועגן ליקווידירן פאַרשיידענע אינסטיטוציעס און אויפן ערשטן אָרט, ווי עס איז געווען פאַראויסצוזען, די יידישע.

אין יאָר 1935, מיטן אָפּפאָרן פון פרל׳ לידזבארסקי קיין ארץ־ישראל, איז די אינסטיטוציע, וואָס איז געשאַפן געוואָרן מיט אַזוי פיל מי און אַרבעט, געשלאָסן געוואָרן.

אריה ברמן (חיפה)

# פראַגמענטן

## בתי־תפילה

מלאַווער שול, בתי־מדרשים און שטיבלעך האָבן זיך געפונען אין דער שול־גאַס (קאָזשיאַ) און אין די אַרומיקע געסלעך. אין דער שול האָבן געדאַוונט דער רב און די מתנגדים, שיינע ייִדן, בעלי־מלאכות און סתם ייִדן.

אין דער שול האָט אויך געדאַוונט מענדל ווישינסקי, אָדער ווי מען האָט אים גערופן מענדל באַשקעס, גבאי פון „בקור־חולים“ און „בית־לחם“. ער איז געווען דער, וואָס האָט זיך אָנגענומען דעם אָרעמאַנס קשיוודע. איך דערמאָן זיך אַ פאַקט: דער פישער זרח לענגאַלקאַ האָט אַרויסגעוואָרפן פון דער דירה מיצנמאַכערן, אַ ייִד אַן אָרעמאַן. שבת, ווען מען האָט שוין געהאַט אַרויסגענומען דאָס ספר צום לייענען, גייט מענדל מיט שנעלע טריט אַרויף אויפן באַלעמער, גיט אַ קלאַפּ אין טיש: „מען וועט נישט לייענען אַזוי לאַנג, ווי עס געפינט זיך צווישן אונדז אַ ייִד, וואָס האָט זיך געקענט דערלויבן ווינטער אַרויסצוואַרפן אַן אָרעמאַן פון דער דירה“. לענ־גאַלקאַ האָט זיך פאַרשעמט און פאַרלאָזט די שול. צומאָרגנס האָט ער גערופן מיצנמאַכערן צום רב. דער רב האָט צוגעפּסקנט מיצנמאַכערן 500 זלאָטעס אויף אַ נייער דירה. לענגאַלקאַ האָט דעם פּסק אויסגעפירט.

נישט איינמאָל האָט מענדל געמאַכט געוואַלדן אין דער שול, ווען דער אָדער יענער האָט נישט געוואָלט געבן פאַר „בקור־חולים“ אָדער „בית־לחם“. ער איז געווען דער „סטראַשאַק“ פאַר דער קהילה. פאַר זיינע רייד האָט מען מורא געהאַט. וועלטן פלעגט ער איבערקערן, ווען עס האָט זיך אים אויסגעדאַכט, אַז די קהילה האָט געשטעלט אַ צו הויכן פּרייז פאַר דער שחיטה אָדער מצות.

די שול איז געווען איינגעטיילט אין דריי קאַטעגאָריעס דאַוונער. ביי דער מזרח־וואַנט זיינען געזעסן די שיינע ייִדן, בעסער געזאָגט — די רייכערע. נאָך זיי

די בעסערע בעלי־מלאכות, שניידערס, ווי בעריש ביילאַוויטש, מיין טאַטע יחזקאל בערמאַן, זלמן ניבאַרסקי, משה קורטא און אַנדערע. זיי האָבן שוין געהאַט אַ בליק אויפן לעבן, געלעזן אַ צייטונג, זיך אינטערעסירט מיט פּאַרטייען. נענטער צו דער טיר צו זיינען געזעסן די שוסטערס, דער לאָמער סענדער פון דער פּלאַצקער גאַס, דער לאָמער לייבטשע פון דער וואַרשעווער, דער לאָמער שמחה מיט זיינע זין.

יעדן פרייטיק־צו־נאַכטס פלעגט דער רב קומען דאַווענען אין שול. נאָך אים פלעגט נאָכגיין דער שמש זיינוול לאַנגלעבן, אַ ייד מיט אַ גראָבן בויך און מיט אַ שטענדיקן שמייכל אויפן פּנים.

אין נייעם בית־המדרש, אָדער ווי מען האָט עס גערופן דאָס ציוניסטישע בית־המדרש, האָבן געדאַווענט די ציוניסטן. גבאי איז געווען בנימין סאָלדאַנסקי, גערופן דער רויטער בנימין. ער איז געווען דער „סטראַשאַק" פאַר די קליינע יינגלעך. מיר האָבן מורא געהאַט פאַר זיין בליק. עס איז געווען אַ פּחד אַרויסצולאָזן די פּאָרע פון מויל בעתן לייענען אָדער דאַווענען. מיר האָבן אויפגעלעבט, ווען ער פלעגט אַרויסגיין אויף עטלעכע מינוט פון בית־המדרש. איז ער צוריקגעקומען, איז אַלץ מיטאַמאָל שטיל געוואָרן.

ביי דער מזרח־וואַנט האָבן געדאַווענט: הענעך טאַץ, סאָלאָמאָן, אברהם אייזיק ביעזשונסקי, אברהם ראָזנבערג. אָפט פלעגט דאָ דאַווענען אברהם ראָזנבערגס ברודער משה פון טשעכאַנאָוו, אַ ייד אַן אַפּיקורס. ער האָט פון אַלעם געלאַכט און געטריבן שפּאַס. בעתן דאַווענען פלעגט ער דערציילן וויצן.

די נדרים אין נייעם בית־המדרש פלעגן גיין אויף ציוניסטישע צוועקן. שמחת־תורה, אָדער ביי הלל פלעגט מען צוזינגען ארץ־ישראלדיקע לידער.

פון דער צווייטער זייט שול איז געווען דאָס אַלטע בית־המדרש. עס איז געווען אַן אַלטע געביידע, אינעווייניק שמוציק און פאַרלאָזט. ווען די שנייען פלעגן לאָזן, האָט דאָרט די בלאָטע דערגרייכט ביז איבער די קנעכלען. דאָרט האָט געדאַווענט בעיקר די אָרעמע באַפעלקערונג, סתם בטלנים, דורכרייזנדע שנאָ־רערס, אָדער אַ ייד, וואָס מען האָט אַרויסגעוואָרפן פון שטיבל, ווייל זיין קינד האָט געלערנט אין דער גימנאַזיע.

שמש איז געווען מאַשקע שמש (משה ביילאַוויטש), אַ ייד מיט אַ שמוציקע קאַפּאָטע. ער האָט געפּאַנפּעט אונטער דער נאָז. שטענדיק פלעגט ער פאַרשפּע־טיקן צו עפענען דאָס בית־המדרש. ווען ער איז אָנגעקומען, האָבן שוין אין דרויסן געוואַרט עטלעכע מנינים. צום סוף פלעגט זיך אַרויסווייזן, אַז ער האָט פאַרגעסן מיטצונעמען די שליסלען. ער זוכט לאַנג אין די צעריסענע קעשענעס פון זיין לאַנגער קאַפּאָטע און צום סוף מוז ער אַהיימגיין ברענגען די שליסלען. ער איז אויך געווען דער שמש פון זישע מוהל און מיט אים מיטגעגאַנגען אויף אַלע בריתן. מען האָט אים צוליב דעם גערופן „מאַשקע מיט די שטיקלעך".

אין שכנות זיינען געווען די שטיבלעך. לעבן דער מקווה איז געווען דאָס גערער שטיבל. די דאַוונער — גערער חסידים, אַלע פון דער אגודה. אָפט פלעגן דאָרט פאָרקומען סקאַנדאַלן צוליב דעם, וואָס אַ חסידישע טאָכטער האָט אָנגעהויבן לערנען אין דער ידישער גימנאַזיע, שפּאַצירן מיט יינגלעך, אָדער שפּילן פּיאַנאָ.

נישט ווייט פון דאָרט איז געווען דאָס שטילע אַלעקסאַנדער שטיבל, דאָס סטריקאָווער, אַטוואַצקער, ניישטעטער און אַנדערע.

## לייבל פּראַל

קיין וואַסער-לייטונג האָט מלאַווע ביז די לעצטע יאָרן נישט געהאַט. וואַסער האָט די שטאָט גענומען פון ברונעמס, פון וועלכע מען האָט געפּלימפּט דאָס וואַסער מיט אַ האַנט-פּאָמפּע. איינע איז געווען אין מאַרק לעבן דער תיפלה, איינע אין דער פּלאָצקער גאַס, איינע אין דער וואַרשעווער, איינע אין דער זאַלדאַווער און איינע לעבן דער טורמע. דאָס פונאַנדערטראָגן וואַסער האָט געשאַפן פרנסה פאַר פיל מענטשן. אַ גאַנצן טאָג פלעגט מען זען וואַסערטרעגער מיט פידעס און פוןביידע זייטן פולע עמערס מיט וואַסער.

אַ באַקאַנטער וואַסערטרעגער, וואָס איז אויך געווען דער שטאָט-אידיאָט, איז געווען לייבל פּראַל. ער פלעגט איינמאָל אין יאָר באַקומען אַן עליה, ווען מען האָט געלייענט די תוכחה און קיין לייטישער ייד האָט אַזאַ עליה נישט געוואָלט אָננעמען. עס איז שווער צו באַשרייבן, ווי גליקלעך לייבל איז געווען מיט דער עליה.

פאַר די ימים נוראים פלעגט אויף אים פאַלן אַ פחד. ער פלעגט „דאַוונען" מיט גרויס כוונה. ביי כל־נדרי פלעגט ער פאַרלייגן די לינקע האַנט אויפן אויער, די רעכטע האַנט אויסשטרעקן צום הימל און מיט אַ וויינענדיקע שטימע שרייען מיט התפעלות „כל נדרי, כל נדרי". מער האָט ער נישט געקענט.

ווען לייבל איז שוין געווען אַ בחור אין די יאָרן, האָבן זיך מענטשן אַריינ־געמישט און לשם מצווה געזען פאַר לייבלען אַ שידוך. אַ געוויסן טאָג האָט די שטאָט געקאָכט. לייבל פּראַל האָט חתונה געהאַט. שבת איז לייבל געקומען מיט אַ טלית אין ציוניסטישן בית־המדרש (ער האָט זיך געהאַלטן פאַר אַ ציוניסט און געטראָגן אַ „מענדל־דוד" (מגן־דוד). ער האָט געבעטן ביים גבאי מפטיר. ער האָט אויסגעפּירט. ער איז אַרויף אויפן באַלעמער און מיט פאַרגלאָצטע אויגן און פאַריסענעם קאָפּ געמאַכט די ברכה איבערן ספר. צומאָרגנס האָט לייבל ווייטער געטראָגן וואַסער און זיין אידיאָטיש פּנים האָט געשיינט.

# שיכורים

אין מלאַווע האָבן זיך געפונען צוויי ידישע שיכורים. דאָס זיינען געווען די צוויי ברידער אלנשטיין, זין פון זילקע, איטשעלע זילקעס און זיין ברודער לוזער.

איטשעלע איז געווען פון מיטעלן וואוקס, מיט ברייטע פּלייצעס און אַ גראָבן בויך. ער האָט געטראָגן אַ קאַשקעט. איבערן בויך האָט אים נאָכגעהאַנגען אַ גאָל־דענע קייט, אין האַנט האָט ער שטענדיק געהאַלטן אַ שטעקן. ער איז געווען אַ תבואה־מעקלער, אָבער דער עיקר איז ביי אים געווען דער טרונק בראַנפן. אַז מען האָט געדאַרפט איטשעלען, האָט מען אים געקענט טרעפן נאָר ביי מילעווסקין אין דער שענק לעבן בופעט. וואו ער פלעגט טרינקען אָן אַ „שהכל". נישט געווען קיין פריץ, תבואה־סוחר, מעקלער וואָס זאָל נישט קענען איטשעלען. זעלטן פלעגט מען מאַכן אַ גרעסערע תבואה־טראַנזאַקציע איטשעלע זאָל נישט זיין דערביי. דרך־ארץ פלעגט ער האָבן נאָר פאַרן פריץ. ער פלעגט אים זען, פלעגט ער נאָך פון דערווייטנס זיך בייגן ביז דער ערד, אַראָפּכאַפּן דעם הוט און אויסשרייען: „גוט מאָרגן, הער פריץ!"

פאַרן מאַכן אַ געשעפט פלעגט ער שוין אָנהויבן טרינקען, און נאָכן שליסן די טראַנזאַקציע, איז דאָך שוין אָפּגערעדט. ווען מען האָט געזען איטשעלען גיין מיט שווערע טריט, אַ פאַררויסענעם קאָפּ און שעלטן אויף פּויליש, האָט מען שוין געוואוסט, אַז ער האָט היינט פאַרדינט געלט. ביטער איז געווען, ווען עס איז נישט געווען קיין געלט צו קויפן דעם ביטערן טראָפּן, אָבער שטענדיק האָט זיך שוין ווער געפונען, וואָס האָט אים מכבד געווען מיט אַ כוסה. ווען זיין איינ־איריקער זון איז קראַנק געוואָרן האָט ער אים געגעבן אַ לייטישע כוסה 96־קער מיט פעפער. איטשעלען איז שווער געווען צו פאַרשטיין, אַז אַ גוטער טרונק בראַנפן זאָל נישט העלפן.

אימת־מות פלעגט אויף אים פאַלן, ווען ער האָט געדאַרפט אַהיימגיין ביי־נאַכט, אָדער אין אַ רעגן מיט בליצן און דונערן. איינער פון די זין פלעגט אים דעמאָלט באַגלייטן. איינמאָל האָט דער זון ביי אַזאַ געלעגנהייט געפאָדערט פון אים טאַשן־געלט. האָט זיך איטשעלע פאַרעקשנט און נישט געוואָלט געבן. האָט דער זון געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז ער זעט שדים און נישט געוואָלט גיין ווייטער. אי־טשעלע האָט אַרויסגענומען עטלעכע זלאָטעס, געגעבן דעם פאַרעקשנטן זון און צו־געלייגט אַ פּאָר כאָליערעס.

אַז עס האָט זיך פאַרנומען אויף אַ שטורעם, האָט איטשעלע שנעל פאַרלאָזט די שענק. ווען עס האָט אָנגעהויבן דאָס געקלאַפּער, איז ער פשוט פאַרריקט גע־וואָרן פאַר מורא. נאָך יעדן זעץ איז ער מיט אַ געוואַלד „שמע ישראל" אַריין צום שכן, דוד אַלטער: „געוואַלד, ר' דוד וואָס טוט מען?", „וואָס איז?", „וואָס פאַרשטייט

איר נישט? עס דונערט דאָך, עס איז דאָך מן השמים״. אַ האַלב טויטער איז ער געווען נאָכן דונערן.

איטשעלע קריגט זיך אַמאָל מיט מאַטעס כץ. ווערט ער אויפגערעגט, כאַפּט אַרויס 5 זלאָטעס, וואַרפט אַריין די מטבע אין הוט פון אַ גויישן בעטלער און הייסט אָפּזאָגן אַ תפילה פאַר דער נשמה פון הייליקן מאַטעאוש.

דער ברודער לוזער איז געווען נאָך אַ גרעסערער טרינקער. אַן אַלטער בחור, אַ דאַרער. זומער צי ווינטער האָט ער געהאַט אַ רויטע נאָז. ער איז אויך געווען אַ תבואה־מעקלער. אַזוי ווי ער האָט אַ סך געטרונקען, איז ער געווען אַ גרויסער קבצן.

איינמאָל איז ער געווען זייער פאַרזאָרגט. די שטיוול זיינען צעריסן, דאָס רעקל אויסגעריבן. גייט ער אין גאַס און טרעפט אַ פור מיט תבואה פון דאָרף באַגוזשין פאַר יעקב שלמה מאַנדזשאַק. גייט ער צו און זאָגט, אַז די תבואה גייט אויף אַן אַנדער אָרט. אַזוי ווי די גויים האָבן אים געקענט, זיינען זיי פאַרפאָרן, וואו ער האָט געהייסן. ער האָט די תבואה פאַרקויפט. אין אַ פאָר שעה אַרום איז שוין לוזער געגאַנגען אין גאַס מיט אַ פּאָר נייע שטיוול, אַ ניי היטל און אַנצוג, שיכור ווי לוט. ווען ער האָט דערזען דעם פּריץ, האָט ער אויסגעשריגן: „זאָל לעבן באַגו־זשין, זעט, וואָס איך האָב איינגעהאַנדלט פאַר באַגוזשינער געלט״.

## שניידער

**שניידער האָט מלאַווע** געהאַט נישט קיין שלעכטע. פיל פון זיי זיינען געווען מער אויפגעקלערטע. צווישן זיי איז געווען זלמן ניבאַרסקי, אַ באַלעזענער מענטש, איינער פון די גרינדער פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. בעריש ביי־לאָוויטש, וואָס איז געווען ראַטמאַן, דאָזאָר און פאָרזיצער אין דער פאָלקס־באַנק. יהודה לייב לעווענטאַל און איטשע שולמירסקי.

מיין טאַטע, יחזקאל בערמאַן, האָט אַ לאַנגע צייט געפירט אַ גרויסן ווערקשטעל און באַשעפטיקט 12 אַרבעטער. ער האָט געשטאַמט פון טשעכאַנאָוו און פון 1903 האָט ער געלעבט אין מלאַווע ביז זיין טויט אין יאָר 1938. ער איז געווען אַ פּשוטער ייד, נישט געהאַט קיין בילדונג, אָבער געהאַט אַ געזונטן צוגאַנג צום לעבן. ער איז געווען פון די בעלי־מלאכות, וואָס האָבן ליב זייער פאַך. עס האָט אים פאַרדראָסן, וואָס אונדזער יוגנט שעמט זיך מיט אַ פאַך. ער האָט געשעצט אַ בחור, וואָס איז אַ גוטער פאַכמאַן און איז אויך געבילדעט. אַדאַנק זיין פאַך האָט ער געהאַט באַ־ציאונגען מיט אַלע מלאַווער רעגירונגס־באַאַמטע, אָנהויבנדיק פון פאָרזיצער פון קרייז־געריכט און ענדיקנדיק ביים טורמע־וועכטער אָדער פּאָליציאַנט. ער פלעגט די קענטשאַפטן אויסנוצן צו טאָן טובות מלאַווער יידן. עס מאַכט זיך אַמאָל, מען

כאַפּט דעם אַלטן צעגלא ביים אויסאַרבעטן בראַנפן אַן אַ דערלויבעניש פון דער אַקציז. עס דראָען אים יאָרן טורמע. אַדאַנק מיין פאָטער ווערט ער פאַרמשפּט נאָר אויף 3 חדשים און אָנשטאָט צו זיצן אין דער תפיסה, זיצט ער אינדערהיים און אין די טורמע־ביכער איז פאַרשריבן, אַז ער געפינט זיך דאָרט.

מיין פאָטער פלעגט נישט גיין עסן, ביז ער האָט נישט פאַרזאָרגט די יידישע אַרעסטאַנטן מיט עסן. יעדן שבת און יום־טוב האָט ער צוזאַמענגענומען אַ מנין יידן צו דאַווענען אין דער טורמע. עס איז ביי אים שטענדיק געווען אַ געגיי פון יידן פון מלאַווע און אומגעגנד. ער האָט קיינעם נישט אָפּגעזאָגט קיין הילף.

די „טאַנדעטניקעס" האָבן געהאַט „שטעלן" אין מאַרק, וואו זיי האָבן אין טאָרג־טעג פאַרקויפט ביליגע אויסאַרבעטונגען. די הויפּט־טאַנדייטער זיינען גע־ווען די ברידער צייטאַק (לאַקש), אהרן פאַדיאַזד מיט די זין און אַנדערע. דער פויער האָט זיך גוט געפילט ביים איינקויפן אין גאַס, ווייל עס האָט זיך אים תמיד געדאַכט, אַז ער גענאַרט דעם סוחר. אַ פּאַלטן אָדער אַן אַנצוג, פאַר וועלכן מען האָט אָנגעבאָטן 200 זלאָטעס, האָט ער געקויפט פאַר 50 זלאָטעס. ווען דער פּאַלטן איז געווען צו גרויס, האָט אַזאַ סוחר אויך געפונען אַן עצה. דער פויער שפּיגלט זיך פון פאָרנט, נעמט דער סוחר איין פון הינטן. שפּיגלט זיך דער פויער פון הינטן, נעמט דער סוחר איין פון פאָרנט. איז אַ היטל צוגרויס, רוקט מען אַריין אַ פינגער.

ווען פּאָמערן האָט זיך פאַראייניקט מיט פוילן, האָבן די דאָרטיקע איינוואוינער, וואָס זיינען געקומען אויף די טערגער, נישט געוואוסט אַז מען דאַרף זיך דינגען און געצאָלט, וויפל מען האָט פון זיי פאַרלאַנגט. די טאַנדייטער זיינען דעמאָלט רייך געוואָרן. ווען די גויים האָבן זיך אַרומגעזען, אַז מען גענאַרט זיי אָפּ, האָבן זיי אויפ־געהערט צו קומען קיין מלאַווע. די טאַנדייטער האָבן אָנגעהויבן צו פאָרן אויף יאַרידים נאָך פּאָמערן. מען פלעגט דינגען אַ פור און אַפילו ווינטער, אין די גרעסטע פרעסט, פלעגן זיי זיך שלעפּן אויף די יאַרידים. אָפט פלעגן זיי גויים באַפאַלן און ראַבירן, אָבער דאָך זיינען זיי ווייטער געפאָרן. מען דאַרף פרנסה. די לעצטע יאָרן איז געווען אַ שטאַרקער באָיקאָט קעגן זיי, אונטערגעשטיצט דורך דער רע־גירונג, אָבער מען האָט דעם פויער נישט געקענט צוגעוואוינען צו קויפן אין קריסטלעכע געשעפטן.

## דראָזשקאָזשעס

די דראָזשקעס זיינען געווען אויסגעשטעלט לעבן דעם שטאָט־גאָרטן. צווישן די באַקאַנטע דראָזשקאָזשעס איז געווען „קויטשע", אַ ייד פון מיטעלן וואוקס מיט אַ ווילדע, געלע באָרד. זעט ער איינעם גיין מיט אַ וואַליזקע אין דער האַנט, שלעפּט ער אים מיט כוח אַריין אין זיין דראָזשקע. פון צייט צו צייט ווערט ער

אויס דראָזשקאָזש און פאָרט נאָך דאַנציג שנאָרען. די „ר״ האָט ער נישט אַרויס־געריידט דייטלעך. אַנשטאָט „פרייסן״ האָט ער געזאָגט „פיאָאַסן״, אַנשטאָט „אַרויס־טרייבן״ — „איאָסטיאָאַבן״. האָט מען אים מכבד געווען מיט אַ ציגאַרעט, האָט ער צוגענומען דאָס גאַנצע שאַכטל.

דוד־יאַנע איז געווען אַ דאַר יידל, ליב געהאַט פון צייט צו צייט צו נעמען אַ גלעזל בראָנפן. נאָך אַ גוטן טרונק, פלעגט ער זאָגן אַ פשטל. זיין פערדל האָט קוים געשלעפט די פיס און מען האָט געקענט ציילן זיינע אַלע ביינער. ער האָט כמעט תמיד פאַרשפעטיקט דעם צוג. דוד־יאַנע פאָרט פון דער באַן. „וואָס עפעס אַזוי פרי פון צוג, ר׳ דוד־יאַנע ?״ „איך פאָר נאָך פון ערשטן צוג״.

אַמאָל פאָר איך מיט דוד־יאַנען צום צוג. „ר׳ דוד־יאַנע, איר האָט דאָך נישט אויף די פאָדערשטע רעדער קיין גומע״. „טאָ וואָס גייט עס דיך אָן, אויף די פאָ־דערשטע רעדער זיץ איך דאָך און דו זיצסט דאָך אויף גומע און דיר איז ווייך״.

אין שטאָט האָט מען געזאָגט, אַז דוד־יאַנע קען לערנען.

אַנדערע דראָזשקאָזשעס זיינען געווען: שיע שקאָפ, אברם קאָפ, אלישע, משה מרדכי און אַנדערע.

שפעטער האָט דניאל לינדנבערג אָוועקגעשטעלט אַן אויטאָבוס, וואָס האָט פאַר עטלעכע גראָשן געפירט פאַסאַזשירן צום צוג. פאַר די דראָזשקאָזשעס איז עס געווען אַ שווערע קאָנקורענץ.

זיגמונט קלענעץ

# מיינע חדרים און רביס

ביז בר־מצווה האָב איך שוין געהאַט געענדיקט אַלע מלאָווער „בילדונגס־אַנשטאַלטן". אָנגעהויבן האָב איך ביים „פּולטוסקער". דאָס איז געווען אַזאַ מין „קינדערגאַרטן". דערנאָך איז געקומען דאָס חדר פון איטשע קאַטער און נאָכדעם— די העכסטע שטופע — דער „טשאַיקער."

אַז מען האָט מיך דאָס ערשטע מאָל געבראַכט אין חדר אַריין צום „פּולטוס־קער", האָט מיך דער רבי גענומען אויף דער שויס, האָט מיר מיטן טייטל געוויזן דעם אלף־בית און ווען איך האָב אָנגעהויבן ריכטיק נאָכצוזאָגן, האָט מען מיר „פון הימל" אַראָפּגעוואָרפן אַ צוקערל. דאָס איז מיר זייער געפעלן און אַזוי, ווי איך האָב געהאַט אַ גוט קעפּל, האָב איך מיר שוין פאַרגעשטעלט, אַז איך וועל אַוודאי באַלד קריגן אַ פולן זאַק מיט צוקערלעך.

„אין דער בייקע האָב איך געגלויבט
און צו די צוקערלעך האָב איך געהאָפט,
אָבער מיינע שונאים זאָלן אַזוי לעבן,
צי מען האָט מיר אַ זאַק מיט צוקערלעך געגעבן."

מיט אָדער אָן די צוקערלעך איז מיר דאָס חדר פון „פּולטוסקער" זייער געפעלן. געלערנט האָבן דאָרטן אַ צוואַנציק יינגלעך און מיידלעך. אַ פיר־פינף זיינען געזעסן אויף די בענק, זיינען די אַנדערע אַרומגעלאָפן אויפן הויף און זיך גע־שפּילט.

„נו, יענקל, ביק דו דיך,
ניין, איך נישט, העניך מוז זיך יעצט ביקן.
ניין, יענקל, דו, דו, דו."

האָבן די יינגלעך געשריגן, אַזוי לאַנג, ביז יענקל האָט זיך געביקט, פאַנאַנדערגע־שפּרייט די פּאָלע פון זיין קאַפּאָטע. אַ פּאָר יינגלעך האָבן אַרויפגעלייגט זייערע הענט אויף יענקלס רוקן. איינער פון די יינגלעך האָט געגעבן מיט זיין הענטל אַ פּאַטש אין יענקלס הינטן און געפרעגט, מיט וועלכער האַנט. יענקל האָט אַ ביסל

געקלערט און געענטפערט: „מיט דער רעכטער האַנט". קוים האָט ער עס אַרויס־געזאָגט, האָבן אַלע יינגלעך צוזאַמען אָנגעהויבן זינגען:

„וואָלסטו געזאָגט מיט די לינקע האַנט,
וואָלסטו געווען אין ענגעללאַנד.
און אַזוי ביסטו אונטער די באַנק."

איך און אַלע יינגלעך האָבן אַזוי געוואָלט זיין אין „ענגעללאַנד", אָבער קיינער האָט קיינמאָל נישט ריכטיק געטראָפן און מיר זיינען שטענדיק געווען אונטער דער באַנק.

אָממייסטן האָבן די יינגלעך חוזק געמאַכט פון אַ יינגל, וואָס האָט געהייסן משה. די יינגלעך האָבן געמאַכט אַ רעדל, גענומען משהן אין די מיט אַריין און האָבן געזונגען:

„משה, קוישע, לאבויה,
איז געשלאָפן מיט די אַלטע גויה.
משה האָט זיך באַפּישט,
די גויה האָט אים אונטערגעווישט."

אַלע האָבן געלאַכט און געשריגן: „אַ בע, אַ בע", ביז משהלע האָט אָנגעהויבן צו וויינען.

גאַנץ אַנדערש האָט מען זיך געשפּילט אין חדר פון דער העכערער מדרגה, ביי איטשע „קאַטער". פון וואַנען עס קומט צו דעם רבי דער נאָמען קאַטער, ווייס איך נישט. ער איז געווען אַ דיקער מיט אַ פּעט, טונקל פּנים און געטראָגן אַ זייער לאַנגע קאַפּאָטע. ביים גיין האָט ער זיך געשאָקלט פון איין זייט אויף דער אַנדערער, ווי אַ קאַטשקע, אַז אייגנטלעך האָט ער געדאַרפט הייסן „איטשע קאַטשקע". ער איז געווען אַ שטרענגער מלמד און ליב געהאַט צו געבן פּעטש אָדער שלאָגן מיטן קאַנטשיק, אַז עס האָט געקנאַלט. געלערנט האָט מען ביי אים חומש מיט רש״י און אַ ביסל גמרא. געשפּילט האָט מען אין פּאַלאַנט און אין טשאַיעס.

דער יידישער פּאַלאַנט איז געווען אַ פּשוטער. מען האָט געקלאַפּט אַ פּילקע מיט אַ שטיק האָלץ און אַז די פּילקע איז געפלויגן, זיינען די יינגלעך געלאָפן. ווער עס איז לענגער געלאָפן, האָט געוואונען.

מען האָט אויך געמאַכט וויצן, צום ביישפּיל: זאָגט אַ יינגל צו אַ נייעם בחורל: „אברהמל, איך וועל זאָגן אַ וואָרט און דו וועסט פרעגן: „וואו?" — „ויהי", נו זאָג, אברהמל, וואו". „וואו". „בימי — וואו, אַחשורוש — וואו, המולך — וואו, מהודו — וואו, ועד — וואו, כוש — וואו", אין ת... אַריין.

דאָס חדר פון דער העכסטער מדרגה איז געווען ביים טשייקער. ער איז

געווען אַ שיינער ייד, מיט אַ לאַנגער זיידענער באָרד און אַ בלייך דורכזיכטיק פּנים, ווי מען זעט אויף די בילדער פון הירשנבערג אָדער פּיליכאָווסקי.

ער האָט געהאַט צוויי טעכטער, וואָס האָבן געקענט גוט עברית און תנ״ך. די תלמידים פון טשייקער זיינען אַלע געווען פון די בעסערע מלאַווער משפּחות און אין די בר־מצוה־יאָרן. געלערנט האָבן מיר תנך, אַממייסטן ישעיהו, ירמיהו און אַנדערע נביאים. דער טשייקער האָט זיך אויסגעצייכנט מיט פאַרפאַסן אויפשריפטן אויף מצבות פון נגידים מיט דעם נאָמען צוזאַמענגעשטעלט פון די ערשטע אותיות פון דעם שיר. כ׳וויס נישט צו די שירים האָבן געהאַט אַ ליטעראַרישן ווערט, אָבער מיר ייִנגלעך זיינען געווען מיט זיי אַנטציקט.

די חסידים האָבן געהאַלטן דעם טשייקער פאַר אַ שטיקל אַפּיקורס, כאָטש ער האָט געדאַוונט אין אַ שטיבל, אָבער די גאַנצע שטאָט האָט געוואוסט, אַז ער איז אַ פייערדיקער ציוניסט. זיינע תלמידים זיינען טאַקע געווען זין פון מתנגדים.

יעקב ראַדאַק

# די מלאַווער אַרבעטער־ביבליאָטעק

מלאַווע איז געווען אַ פרומע שטאָט, אָבער, ווייט נישט קיין פאַנאַ־טישע. שוין אין יאָר 1910 האָט מלאַווע פאַרמאָגט אַן אָנגעזעענע אַרבעטער־ביבליאָטעק, אַרום וועלכער ס׳האָט זיך גייסטיק אויסגעלעבט פּאַקטיש די גאַנצע יידישע יוגנט.

געווען איז די ביבליאָטעק אין אַ דאַך־שטיבל ביי מענדל ווישינסקי אין הויז. זי איז נישט געווען רחבותדיק און מהודרדיק און אַוודאי נישט פאַרמאָגט קיין רייך־באַצירטע מעבל, אָבער דערפאַר האָט זי שוין ביים סאַמע אָנהויב פאַרגעשטעלט מיט זיך אַ וויכטיקע קולטורעלע אינסטיטוציע. די ביבליאָטעק איז פון תחילת אָן געוואָרן פאַר מיר און מיינע חברים די היים און שול.

ס׳געדענקען זיך נאָך יענע פּרייטיק אָוונטן אין דעם קליינעם געפּאַקטן זאַל מיט די צעוואָרעמטע געמיטער פון דעם יונגן עולם בחורים און מיידלעך, וועלכע זיינען געקומען הערן אַ ניי וואָרט פון די גרויס־שטאָטישע רעפערענטן און לעק־טאָרן. ס׳געדענקען זיך אויך די חסידישע התלהבות מיט וועלכער מ׳האָט נאָכ־געזאָגט די אָזוי־גערופענע דברי תורה פון די רעדנער, איינגעחזרט יעדן רוף און לאָזונג און דיסקוטירט יעדע פּאַרטיי־אידעאָלאָגיע און פּראָגראַם.

איך געדענק דעם שלאַנקן אברהם פּערלמוטער, דער זון פון ר׳ יוסף דעם אַלעקסאַנדער חסיד מיט דעם גרויסן גאַלאַנטעריי געשעפט אין מיטן מאַרק. אברהם איז תמיד געווען אַ צוריקגעצויגענער און ווינציק זיך געעוסקט מיט שטאָטישע ענינים, אָבער אין ביבליאָטעק איז ער געווען איינער פון די סאַמע טעטיקסטע און פּאָפּולערסטע רעדנער. ער האָט געהאַט אַ סך אינטעליגענץ, און געווען נישקשה־דיק באַהאַוונט אין פּאָליטישע עקאָנאָמיע, נאַטור־געשיכטע און אין די יידישע קלאַסיקער. זיין שפּראַך איז געווען אַ געשליפענע, די דיקציע אַ קלאָרע און די געדאַנקען — רייכע.

איך געדענק אויך דעם באַלעבאָס, דער שפּרודלדיקער מענדל ווישינסקי, מיט זיין פאַרדאַרט פּנים און צוויי קליינע אומרואיקע אויגן. תמיד האָט ער געזוכט פּגימות און חסרונות, און דער עיקר האָט ער געשטורעמט קעגן די רייכע בנים וואָס פירן פאַרבאָטענע ליבעס הינטער דער צערקווע. ער איז בכלל געווען דער ידוע הכל, און חוזק געמאַכט פון די וואויל־געלערנטע וואָס גרויסן זיך מיט זייער קענטשאַפט. ער האָט אויך געוואוסט וואָס ס׳קומט פאָר ביים רב אין שטוב, געוואוסט אַלע איינצלהייטן אַרום דער מחלוקה צווישן די גערער און אַלעקסאַנדער חסידים, געוואוסט גענוי די פּאָליטיק אין דאָזאָר־שטיבל און אַפילו ווען מ׳וועט פאַריכטן דעם שטאָטישן זייגער דערפאַר וואָס ער האָט זיך פּלוצעם אָפּגעשטעלט און אויפגעהערט אויסצוקלינגען זיינע מעטאַלישע טענער.

בשעת ער האָט פונאַנדערגעטראָגן די גאַזעטן, האָט ער אויך געהאַט עפּעס וואָס צו דערציילן. מיט זיינע קליינע אויגעלעך האָט ער אַלץ דערזען, און מיט זיין שאַרף צינגל האָט ער תמיד געהאַט עפּעס צו זאָגן און אַריינצוזאָגן. ער האָט פאַר קיינעם קיין מורא נישט געהאַט, נישט פאַרן גביר און נישט פאַרן יחסן און נישט פאַרן רעדנער און אַגיטאַטאָר. ער איז אויף זיין אופן געווען דער אמת־זוכער און סאָציאַל־מאַנער, און אים האָט נישט געאַרט אויב דער אמת זיינער האָט עמעצן געשטאָכן אין זיבעטן ריפּ.

שבת בייטאָג פלעגן אין ביבליאָטעק פאָרקומען פאָרלעזונגען און דיסקוסיעס, און אָט ביי די דאָזיקע דיסקוסיעס פלעגט מענדל ווישינסקי אַרומלויפן איבערן זאַל אַ צעטראָגענער מיט פונאַנדערגעשפּרייטע הענט ווי ער וואָלט זיך געיאָגט עפּעס צו כאַפּן. זיין קליין שיטער בערדל האָט זיך טומלדיק געטרייסלט, און זיין קוויטשיק קולכל איז געוואָרן העכער, שאַרפער און בייסיקער.

— מעשים! — האָט ער גאַליק אַרויסגעשיפּעט — טוט עפּעס פאַרן אָרעמען מענטשן, טוט! וואָס טויגן איך אַלע אייערע רייד, אַז איר טוט נישט עפּעס ממשות־דיקס?! אַ שפּאָר־ און ליי־קאַסע דאַרף מען האָבן צו געבן אַ יידן אַ גמילות חסד, אַ שפּאָר און ליי קאַסע, איר הערט צי ניין?!

אַוודאי האָט מען אים אויסגעהערט, וואָרעם אָט דער אומרואיקער, שאַרף־צינגלדיקער מענדל ווישינסקי איז באמת גאָר געווען אַ ליבהאַרציקער מענטש וואָס האָט אויף זיינע שמאָלע פּלייצעס געטראָגן נאָר דעם עול הגלות.

די ביבליאָטעק האָט אויך געהאַט אַ דראַמאַטישע סעקציע, וועמענס מיטגלידער איך געדענק בלויז טיילווייז. די ערשטע פּיעסע וואָס זי האָט אויפגעפירט, איז דוכט זיך געווען: „דאָס יידישע קינד“, אַ מאַכערייקע אימפּאָרטירט אַזש פון אַמעריקע. די אויפפירונג איז געווען אַ געלונגענע, און דער עולם האָט גרויס הנאה געהאַט. ווי ווייט איך געדענק, האָבן די הויפּט־ראָלן געשפּילט ווינדיציקי, וויטמאַן, און די ברידער שמידט.

בשעתם האָט מען די דאָזיקע אויפפירונג פאַררעכנט פאַר אַ קולטורעלן אויפטו,

און מ׳האָט זיך שוין געגרייט אויפצופירן אַנדערע פּיעסן פון דעם מין. אָבער דאָ האָבן די פרומע לייט מיטן דאָזאַר ישעיהו מאַנדרע בראש גענומען מאַכן געוואַלדן: סטייטשע, יידישע בחורים און בתולות זאָלן גאָר אין אַ מיטן מיטוואָך ווערן פּורים־שפּילער, רחמנא לצלן!

דער גרעסטער געווינס איז אָודאי געווען, וואָס דורך דער ביבליאָטעק האָבן מיר זיך באַקענט מיט די שאַפער פון דער יידישער ליטעראַטור און אַזוי אַרום בעסער פאַרשטאַנען דאָס יידישע לעבן.

שרעפי דוד (עובד שערפסקי) — תל־אביב

# זכרונות פון „בחור הזעצער"

## די יידישע דרוקעריי

לייביש היינסדאָרפס דרוקעריי איז געעפנט געוואָרן אין מלאַווע נאָך פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה, און האָט אַרויסגעגעבן אַ סך דרוקער, וואָס האָבן אָנגעהויבן ווי לערן־ייִנגלעך, און שפּעטער האָבן אייניקע פון זיי געאַרבעט אין פאַר־שיידענע שטעט און לענדער.

די אַרבעט פון אַ זעצער איז אין היינסדאָרפס דרוקעריי נישט געווען קיין לייכטע, צוליב דער פּרימיטיווער איינריכטונג און דעם אָרעמען קאָמפּלעט זאַץ — בפרט אין יידיש.

„אַזאַ שטאָט, ווי מלאַווע, דאַרף האָבן איר אייגענע יידישע צייטונג", האָט געטענהט א. מ. פּערלמוטער. ער איז געווען אַן ענערגישער יונגערמאַן, נישט געפרעגט ביי קיינעם, אַוועק קיין וואַרשע, איינגעהאַנדלט אַ קאָמפּלעט יידישע שריפט, געבראַכט, אויסגעפּאַקט און געמאַכט אַ „זעצעריי" ביי זיך אין שטוב. ער האָט גענומען צונויפשטעלן אַ צייטונג. צווישן מנחה און מעריב האָט ער אַריינגענומען צו הילף עטלעכע בחורים און געשטעלט זיך צו דער אַרבעט. האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז עס זיינען נישטאָ קיין ספּאַצן. ווידער אַוועק קיין וואַרשע, באַקומען אַ פּעקל ספּאַצן, אַריינגעלייגט עס אין די קעשענע פון פוטער און אַריין אין באַן. אויסגעטאָן דאָס פוטער און געכאַפּט אַ דרימל, חלומענדיק וועגן דער קאַריערע פון אַ רעדאַקטאָר. ביים אָנקומען קיין מלאַווע האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז צוזאַמען מיטן פוטער זיינען פאַרשוואונדן די ספּאַצן.

פּערלמוטער רעזיגנירט נישט. מען ברעכט איבער די איבעריקע אותיות און מען האָט ספּאַצן. מיטן דרוקן זיינען געווען שוועריקייטן. פּערלמוטער האָט אָנ־געהויבן צו דרוקן אין דער שאַכטל־און־גילזן־פאַבריק פון קליינערן, וואָס האָט געהאַט אַ קליינע דרוק־מאַשין, וואָס האָט געקאָנט דרוקן יעדע זייט אין צוויי מאָל.

די ציימונג איז געווען געזעצט מיט פאַרשיידענע פאַרמען שריפט, אַפילו רש״י־כתב. געהייסן האָט זי „אונדזער טריבונע״, קיין קדוש־לבנה אותיות האָט ער נישט געהאַט און דעריבער האָט ער געמוזט אַנקומען אין אונדזער דרוקעריי. זיין שריפט איז געווען נידעריקער פון אונדזערן, האָט ער שוין געמוזט די גאַנצע ערשטע זייט ביי אונדז דרוקן.

לאַנג איז די ציימונג נישט אַרויסגעגאַנגען. בסך־הכל זיינען אַרויס צוויי נומערן. די זעצער האָבן יאָרנלאַנג געמאָנט זייער לוין. מען זאָגט, אַז פערל־מוטער האָט ביי דעם „עסק״ געפּטרט זיין נדן.

מיט יאָרן שפּעטער האָבן ווידער „זיידענע״ ייִנגעלייט פון דער „אגודה״ אַרויס־געגעבן אַ געוויסע צייט אויך אַ „אונדזער טריבונע״, שוין ביי בעסערע תנאים און געדרוקט אין דער צווייטער יידישער דרוקעריי פון י. פרידמאַן.

## „דאָס מלאַווער לעבן״

חשובע יידן פון פאַרשידענע פּאַרטייען האָבן באַשלאָסן אַרויסצוגעבן אַ צייטשריפט, וואָס זאָל אָפּשפּיגלען דאָס לעבן פון אַלע אינסטיטוציעס פון מלאַווע.

לייביש הייסדאָרף האָט אויף זייער בקשה געבראַכט נייע שריפט פאַר דער ציימונג.

מיר האָבן פאַרפאַקט אַלע רוסישע שריפטן פון דער דרוקעריי, אַוועקגעשיקט קיין וואַרשע און באַקומען איינציקע קאָמפּלעטן יידישע שריפט דערפאַר.

דאָס מאַטעריאַל פאַרן ערשטן נומער „דאָס מלאַווער לעבן״ איז שוין געווען צוגעגרייט.

מען האָט זיך גענומען אינטענסיוו צו דער אַרבעט. איך געדענק נאָך גוט דעם דאָנערשטיק פאַר חצות, ווען דער ערשטער נומער איז אַרויס פון אונטער דער פּרעס. די גאַנצע רעדאַקציע האָט זיך געפונען אין דער דרוקעריי. מען האָט זיך געלאָזט „וואוילגיין״ מיט ביר און אַ צובייסן.

שרייבערס האָבן נישט געפעלט, מאַטעריאַל איז געווען לרוב. אָבער די מאַטעריעלע שוועריקייטן זיינען געווען גרויס. מען האָט אָנגעהויבן מיט אַקציעס. דער מלאַווער ברענטש פון אַרבעטער־רינג אין אַמעריקע האָט אַ סך בייגעשטייערט. מען האָט דורכגעפירט פּרעסע־רינגען. דאָך איז די ציימונג פון צייט צו צייט אָפּגעשטעלט געוואָרן. און נאָר אַדאַנק דער איבערגעגעבנקייט פון די רעדאַקציע־מיטגלידער איז זי ווידער דערשינען.

אין דער ציימונג זיינען באַהאַנדלט געוואָרן פאַרשיידנאַרטיקע פּראָבלעמען. עס האָבן זיך געדרוקט: אַ געשיכטע פון מלאַווע, נאָוועלן פון מלאַווער שרייבער,

איבערזעצונגען, לידער, „מלאַווער טיפּן", „מלאַווער גאַסן", אַלטערטימלעכקייטן פון שטאָט. אויף יעדן יום־טוב איז דערשינען אַ ביילאַגע „מלאַווער גאַפּע", פול מיט הומאָר איבער אונדזערע כל־טוער און אינסטיטוציעס.

פון דער גאַנצער וועלט האָבן מלאַווער צוגעשיקט מאַטעריאַל פאַר דער צייטונג. די „בריוו פון גאָלדענעם לאַנד" פון סעקרעטאַר ישראל קליין האָבן זיך געדרוקט אין 15 נומערן.

אַ ספּעציעלער נומער איז געווען אָפּגעגעבן דער 20־יעריקער ליטעראַרישער טעטיקייט פון יוסף אָפּאַטאָשו, אַ ספּעציעלער דאָפּל־נומער דעם יובל פון דער 500־יאָריקער עקזיסטענץ פון מלאַווע. איין נומער איז געווען געווידמעט דעם 10־יאָריקן יובל פון מלאַווער ברענטש.

די רעדאַקציע־מיטגלידער האָבן זיך נישט געפוילט. זאב יאניש איז אַרויפגעקראָכן אויפן ראַטהויז־טורעם און דאָרט אין בוידעם־שטיבל גענישטערט אין די אַרכיוון און פון לאַטייניש דאָקומענטן אַנטדעקט פּרטים וועגן דער פאַרגאַנגענהייט פון אונדזער שטאָט.

משה לאסקא פלעגט שרייבן זיינע אַרטיקלען אין דער לעצטער רגע און די זעצער האָבן זיך געמוטשעט צו לייענען זיין שווערן כתב. מאיר קאַנאַרעק, ראַטמאַן פון שטאָט, אין זיינע אַרטיקלען און די „צייט־מאָטיוון" פון פּיוול אָפּאַטאָווסקי האָבן באַרירט אַקטועלע פּראָבלעמען.

אויך די אַרומיקע שטעט האָבן געפונען אַן אָרט אין דער צייטונג. עס זיינען געווען קאָרעספּאָנדענטן, וואָס האָבן צוגעשיקט מאַטעריאַלן.

עס האָבן נישט געהאָלפן די אַרטיקלען פון עמזעט (ה' זישע מייזליץ) און עס איז שווער געווען איבערצוצייגן אונדזערע מלאַווער, אַז פאַרן סוחר אָדער האַנדווערקער איז רעקלאַמע אַ וויכטיק מיטל. אויסער גראַטולאַציעס און נעקראָלאָגן האָט מען זעלטן ווען באַקומען אַן אַנאָנס.

אינעם ערשטן יאָר זיינען דערשינען 9 נומערן, דעם צווייטן — נאָר 5, אין דריטן — 2, דעם פערטן יאָר איז די צייטונג אַרויס אין אַ פאַרגרעסערטן פאָרמאַט, שיין געדרוקט און דערגרייכט דעם רעקאָרד פון 22 נומערן. אין פינפטן יאָר ווידער אַ ירידה, נאָר 7 נומערן און דערמיט האָט „דאָס מלאַווער לעבן" פאַרענדיקט זיין עקזיסטענץ. דער טיראַזש איז געווען 500 עקזעמפּלאַרן. ביי די רעדאַקציע־מיטגלידער איז געבליבן אַלס אַנדענק די זשורנאַליסטן־קאַרטע אין 3 שפּראַכן — ידיש, פויליש און פראַנצויזיש.

הערש וועוועל מינץ

# די מלאַווער תלמוד־תורה

**אין מיינע צייטן**, דאָס הייסט ביז 1909, זיינען אין דער תלמוד־תורה געווען פינף מלמדים — ר׳ אברהם־יעקל לאַפּאַטקע, ר׳ יעקב־פישל, ר׳ אליעזר ר׳ פּייוועל (מען האָט אים גערופן: „דער דלוגאַשאַדלער״ און מיין פאָטער, ר׳ פנחס מינץ.

מיין פאָטער ז״ל איז געווען מלמד אַ פערטל יאָרהונדערט. און ווען מיין פאָטער איז נפטר געוואָרן, האָב איך ממלא־מקום געווען, אַן ערך אַנדערהאַלבן יאָר, ביז איך בין אַוועקגעפאָרן קיין אַמעריקע.

געלערנט אין דער ת״ת האָבן מערסטנס קינדער פון אָרעמע עלטערן. ס׳זיינען אויך געווען מיטל־קלאַס קינדער. מען האָט געלערנט פון אַכט אין דער פרי ביז אַכט אין אָוונט. אַנבייסן — פון צען ביז צוועלף, מיטאָג — פון פיר ביז זעקס.

יעדעס אינגל האָט געמוזט האָבן מיט זיך „אַשר־יצר״־פּאַפּיר. מיר פלעגן אַרויסגיין אין מאַרק, דינסטיק אָדער פרייטיק און נאָך דעם „טאַרעק״־טאָג צד־נויפקלייבן פּאַפּיר ס׳זאָל זיין אויף אַ גאַנצער וואָך.

יעדעס יינגל האָט געמוזט דאַוונען אין דער תלמוד־תורה. די קלענערע האָבן בלויז געזאָגט: „מודה־אַני״ און „קריאת־שמע״. יעדעס יינגל האָט געקראָגן צייט אויפצועסן די זעמל, אָדער „ס׳גריסקעלע״ מיט פּוטער, צי אָן פּוטער, וואָס די קינדער האָבן מיטגעבראַכט מיט זיך. אָבער נישט יעדעס האָט מיטגעבראַכט אַ זעמל, אַפילו אָן פּוטער. ס׳זיינען געווען גוטע קינדער, וואָס האָבן זיך געטיילט מיטן עסן, געגעבן אַ חבר אַ „ביס״ צוטאָג. טייל חברה האָבן אָפּגעביסן מיט יושר, אַנדערע, וואָס האָבן אָפּגעביסן אַ האַלבע זעמל, האָבן אַרויסגערופן געשלעגן צווישן די קינדער.

זומער פלעגן מיר, די אָרעמע קינדער, קומען אין חדר אַריין באָרוועס. ווינטער איז געווען שלעכט. מען האָט געמוזט האָבן גאַנצע שיך, מען האָט

געמוזט האָבן אַ פּאַלטן. פלעגן טאַקע אָרעמע מאַמעס ברענגען זייערע קינדער אויף דער האַנט, איינגעוויקלט און אַרומגעוויקלט מיט שמאַטעס, אַבי די קינדער זאָלן לערנען תורה.

אויף דער נאַכט זיינען די קינדער אַהיימגעגאַנגען מיט לאַמטערנעס. די רייכערע קינדער האָבן געהאַט בלעכענע לאַמטערנעס מיט שייבלעך. די אָרעמע קינדער — פּאַפּירענע לאַמטערנעס, וואָס זיי האָבן זיך אַליין געמאַכט. די גרעסטע זאָרג איז געווען — וואו נעמט מען אַ ליכטל, כאָטש אַ חלבנס? נישט איין מאָל האָט זיך געמאַכט, אַז דאָס ליכטל איז אומגעפאַלן, האָט זיך די פּאַפּירענע לאַמטערנע אָנגעצונדן און דאָס יינגל איז אַריינגעקומען מיט אַ געוויין.

איז אַ רייכער מאַן קראַנק געוואָרן, איז מען געקומען אין דער תלמוד־תורה אַריין, די קינדער זאָלן זאָגן תהילים. מען האָט געטיילט געלט. ס׳קליינוואַרג — צו צוויי גראָשן, די גרעסערע — צו פיר גראָשן. זיינען מיר מיטאַמאָל געוואָרן גבירים. מען האָט זיך שוין דערלויבט צו קויפן צוקערלעך אויך. און דאָס איז נישט געווען די איינציקע פּרנסה. האָט אַ פרוי געבוירן אַ יינגל האָט מען אונדז גערופן „קריאת־שמע" לייענען. דערפאַר האָט מען געקראָגן ניס, ראָזשינקעס און באַניעקערן. איז געשטאָרבן אַ נגיד האָט מען אונדז גערופן גיין נאָכן אָרון און זאָגן: „צדקה תציל ממות". געוויינלעך האָבן מיר געקראָגן צו צוויי קאָפּיקעס אַ קינד. אָבער אָפט האָט מען אונדז געטיילט נייע כאַלאַטלעך, שטיוועלעך און העמדער. דער מלמד האָט געדאַרפט זאָגן וואָס פאַרע קינדער נויטיקן זיך צומייסטנס.

ווען די ווייבער זיינען געגאַנגען פון דער מקווה האָבן זיי געזוכט אַ יינגל אַ גלעט צו טאָן איבער דער באַק, צי אויפן קאָפּל און דערביי האָבן זיי געטיילט צוקערלעך. אַזוי ווי מיר האָבן געוואוינט אין דער תלמוד־תורה און די מקווה איז געווען הינטער דער תלמוד־תורה, האָב איך געקראָגן צומייסטן צוקערלעך. איך האָב געפרעגט מיין מאַמע פאַרוואָס די ווייבער זיינען אַזוי גוט צו מיר, גלעטן מיך און גיבן מיר צוקערלעך, האָט מיין מוטער מיר געענטפערט: „זיי ווילן האָבן אַזוינע גוטע יינגלעך, ווי דו ביזט."

דעם אָנבייסן און דעם מיטאָג האָבן מיר אַריינגעכאַפּט איינס, צוויי, אַבי מיר זאָלן האָבן צייט צו שפּילן זיך. ווינטער האָבן מיר זיך געגליטשט. הינטער דער מקווה איז געלאָפן אַ וואַסערל. מען האָט עס גערופן: „די זשיקע". ס׳איז אין גאַנצן געווען אַ צען פיס ברייט און נישט טיף. ווי דער ווינטער האָט זיך אַוועקגעשטעלט, איז די „זשיקע" געווען פאַרפרוירן און ס׳איז געווען אַ מחיה צו גליטשן זיך. די „ליזשוועס" (גליטשערס) האָבן מיר אַליין געמאַכט פון האָלץ און דראָט.

זומער האָבן מיר געשפּילט אין פילקע, אין „פּאַלאַנט", אין „טשאַיעס". דאָס זיינען געווען פיר־עקיקע שטיקלעך ציגל, געשליפן ווי ווערפל. מיר האָבן

אויך געשפּילט אין קנעפּ, וואָס מען פלעגט אין דער היים „אַפּליקן" (אַפּרייסן) פון אַלטע מלבושים. חול־המועד האָבן מיר געשפּילט אין ניס.

שפּילן זיך האָט מען נישט געטאָרט. און אַז דער רבי האָט זיך דערוואוסט, אַז מען האָט זיך געגליטשט, צי געשפּילט אין פילקע, האָט ער אַראָפּגעלאָזט דעם יינגל די הויזן און געשמיסן אויפן בלויזן לייב.

די גבאים זיינען געווען: ר' פּאַוועל קאַנקוס, ר' מנשה שרענסקי, ר' יצחק זענדעלס. דערנאָך זיינען צוגעקומען: ר' שעיה מאַנדרי, ר' דוד פּיזשיץ און דער „בעל־תשובה" ר' בנימין מאַקאָווסקי.

ר' בנימין איז יעדן טאָג געגאַנגען אין מקווה אַריין. און פון דער מקווה איז ער שוין אַריין אין דער תלמוד־תורה אַ קוק צו טאָן, ווי די קינדער לערנען.

איין מאָל האָט ער געזען, ווי קינדער, הונגעריקע, רייסן זיך איבער אַ שטיקל זעמל, איז ער אַרויס צו חנהן, מען האָט זי גערופן די „שטינקיעטשינע", וואָס איז געשטאַנען לעבן דער תלמוד־תורה מיט זעמל, גריסקעלעך און נאַשערייען און אָפּגעמאַכט מיט איר זי זאָל יעדן פרימאָרגן געבן די אָרעמע קינדער צו זעמל און זי זאָל אַכטונג געבן די קינדער זאָלן מאַכן די „המוציא".

די לימודים זיינען געווען פון אַלף־בית ביז גמרא און תוספות. די מערסטע קינדער אָבער האָבן צוליב אָרעמקייט געמוזט איבעררייסן זייער לימוד. זיי האָבן זיך ווייניק־וואָס אויסגעלערנט און זייערע עלטערן האָבן די עלף־צוועלף יעריקע קינדער אָוועקגעגעבן צו בעלי־מלאכות אויף דער לער.

די מלמדים זיינען געווען פון אַנדערע שטעט, מערסטנס פון לאָמזשער גובערניע. מען האָט זיי גערופן: „ליטוואַקעס". די מלמדים האָבן געגעסן „טעג", ווייל זייערע ווייבער און קינדער זיינען געבליבן אין דער היים. זיי זיינען בלויז אַהיימגעפאָרן אויף יום־טוב. די פרייעלעכסטע חדשים זיינען פאַר אונדז געווען — אלול און ניסן, ווען די מלמדים זיינען זיך צעפאָרן.

נישט צופרידן זיינען געווען די קינדער, וואָס האָבן געלערנט ביי מיין פאָטער. מיר האָבן געוואוינט אין דער תלמוד־תורה אויף דעם בוידעם־שטיבל, האָט מיין פאָטער געלערנט מיט זיינע תלמידים ביז ערב יום־טוב. מיין פאָטער האָט געטענהט, אַז מען טאָר נישט „מבטל־תורה" זיין, ווי עס שטייט: „והגית בו יומם ולילה". מיין פאָטער פלעגט מיך אויפוועקן פינף פאַרטאָג כ'זאָל מיט אים גיין אין בית־המדרש אַריין לערנען משניות און זאָגן יעדן טאָג אַ יום תהילים.

אין די זומער־שבתים, נאָכן עסן, זיינען מיר געקומען אין חדר אַריין לערנען „פּרק". שבת פלעגן אויך קומען די גבאים, אַמאָל דער רב, צי די דיינים, פאַרהערן די קינדער. כ'געדענק ווי דער גאון ר' יהושעלע קוטנער מיט זיין

זון ר' משה, וואָס האָט געזאָלט ווערן מלאַוועער רב, זיינען געקומען אונדז פאַרהערן. יעדער מלמד האָט צוגעגרייט די קינדער, די „גוטע קעפּ", זיי געזעצט אין די ערשטע רייען.

איין שעה אין טאָג האָט מען געדאַרפט לערנען רוסיש. דער רוסישער לערער פלעגט אָבער קומען איין מאָל אַ וואָך. די מלמדים האָט עס נישט געאַרט. די עלטערן וואָס האָבן געוואָלט, אַז זייערע קינדער זאָלן קענען שרייבן יידיש, האָבן געצאָלט די מלמדים צו זעקס גראָשן אַ וואָך.

די מלמדים האָבן געקראָגן צו צוויי הונדערט רובל יערלעך, דאָס הייסט — פיר רובל אַ וואָך. פון וואַנען האָט מען גענומען פאַר די פינף מלמדים די טויזנט רובל יערלעך? די תלמוד־תורה האָט געהאַט אין מלאַווע מיטגלידער, וואָס האָבן געצאָלט ווער אַ זעקסער, ווער אַ צענער אַ וואָך. נאָך דעם ווי מען האָט צעלאָזט די קינדער, זיינען די מלמדים, פון אַכט ביז צען אויפדערנאַכט, געגאַנגען אויפמאָנען ס'געלט. ס'זיינען אויך געווען פאַרמעגלעכע באַלעבאַטים, וואָס האָבן געגעבן גרעסערע סומעס. ס'איז אויך געווען הכנסה פון חתונות. טייל האָלץ־סוחרים האָבן געשאָנקען האָלץ.

אין דער תלמוד־תורה איז געווען זעלנעריש־אָנגעטועכץ — גענעראַלסקע, אָפיצערסקע און סתם סאָלדאַטסקע. טייל גבאים און מלמדים פלעגן זיך פאַר־שטעלן — איינער פאַר אַ גענעראַל, איינער פאַר אַ פּאָלקאָווניק, עטלעכע פאַר סאָלדאַטן. אַזוי זיינען זיי געקומען אויף אַ שטאָטישער חתונה, האָבן אוועקגע־שטעלט אַ טעלער מיט אַן אויפשריפט: „תלמוד־תורה". מחותנים האָבן גע־וואָרפן מטבעות, חתונה־געסט האָבן געוואָרפן מטבעות. און די פאַרשטעלטע „יונים" האָט מען מכבד געווען מיט לעקעך־בראָנפן, מיט פיש. דאָס האָט אריינ־געבראַכט דורכן יאָר אַ שיינע סומע געלט.

די מלמדים האָבן געהאַט נאָך אַ הכנסה. אַלע קינדער האָבן געבראַכט ראש־חודש־געלט. ווער אַ קאָפּיקע, ווער פינף קאָפּיקעס. רייכערע קינדער — צו פופצן קאָפּיקעס. מען האָט אויך געבראַכט חתונה־געלט. פורים האָט מען געבראַכט שלח־מנות. דער שלח־מנות איז באַשטאַנען פון אַ פּאָמעראַנץ, אָדער פון אַ ציטרין, פון אַ שטיק באָבקע, אָדער אַ מטבע.

ראש השנה האָט מען געמאַכט אַ מנין און פאַרקויפט „שטעט". ס'זיינען אויך געווען „שטעט" פאַר פרויען. דאָס אָהט אויך אריינגעברענגט אַ ביסל געלט.

בעל־תפילות האָבן מיר געהאַט אומזיסטע. מיין פאָטער איז געווען דער בעל־מתחיל, איצעק זענדעל — דער בעל־שחרית און אברהם זשימאַק — דער בעל־מוסף.

די מלמדים האָבן געגעסן „טעג". און אַז ס'האָט איינעם אויסגעפעלט אַ „טאָג", האָט ער געגעבן מיין מוטער צוואַנציק קאָפּיקעס פאַר דריי מאָלצייטן.

מיין פאָטער איז געווען שטאַרק צופרידן — ער האָט געהאַט א „מזומן״ צום בענטשן.

שבת צו־נאַכט איז גאָר געווען ביי אונדז פריילעך. מיין מוטער האָט אָנגעגרייט פאַר די מלמדים די אמתע מלוה־מלכה — אַ גריטץ, געשמאַלצן מיט די שיריים פון שבת. מען האָט געזונגען זמירות און זיך דערציילט מעשיות פון גוטע־יידן. די מערסטע מעשיות זיינען געווען פון קאָצק־גער־וואורקע. איך געדענק נאָך היינט אַ סך פון די מעשיות, וואָס האָבן מיר אַריינגעגעבן געהויבנקייט און נשמה ביז דעם היינטיקן טאָג.

ד״ר יעקב שאַצקי

# מלאַווע מיט צען יאָר צוריק

(אין ליכט פון דער מלאַווער פּרעסע)

סך־הכל איז דאָס געווען מיט צען יאָר צוריק, ד״ה אין 1939. מלאַווע איז געווען אַ שטאָט מיט ידען, וואָס האָבן אויף כלערליי פאָרמען פון ציבור־טעטיקייט מאַניפעסטירט זייער דינאַמישע ידישקייט. חברות, פּאַרטייען, קלובן, צייטונגען, שולן, שטיבלעך, רעכטס און לינקס — אַלץ וואָס איז געווען אין אַ גרויסן ידישן כרך, ווי וואַרשע, למשל, האָט געבליט און געאַרבעט ווייט, ווייט איבער דער פּראָפּאָרציע צו דער צאָל ידן, אין מלאַווע.

אין צענטער פון ידישן לעבן איז געשטאַנען די קהילה. זי איז געווען מער דעמאָקראַטיש, ווי אין גרויסע שטעט אין פּוילן, און אויך מער פאָלקסטימלעך. אין איר בודזשעט אויפן יאָר 1939 פיגורירן סובסידיעס פאַר ת״ת, פאַר „יבנה״, פאַר דער ידישער גימנאַזיע, פאַר דער געזעלשאַפט „אָרט״ און אַנדערע אינסטיטוציעס פאַר לערנען. דער קהילה־בודזשעט פאַרן יאָר 1939 איז געווען זייער אַן אימפּאָזאַנטער. ער האָט באַטראָפן 67,042,55 זלאָטעס. אַ גרויסער טייל פון דער הכנסה האָט געזאָלט קומען פון שטייערן לטובת דער קהילה. דאָס איז נישט געווען אַזוי לייכט איינצומאַנען. אין דעם בודזשעט פאַר 1939 פיגורירן אין דער הכנסה צוויי פּאָזיציעס, וואָס וואַרפן אַ ליכט אויף די שווערע צייטן ביי ידן אין מלאַווע. עס ווערן אַריינגערעכנט אין דער הכנסה די „פאַרלייגטע שטייערן״ פון די יאָרן 1931־37 און פון דעם יאָר 1938. סך־הכל אין אַ סומע פון 17,792, ד״ה כמעט 25 פּראָצענט פון דעם גאַנצן קהילה־בודזשעט. משמעות, אַז עס איז נישט אַזוי לייכט אָנגעקומען דער מלאַווער קהילה איינמאַנען אירע שטייערן און עס זיינען געווען אַ סך ידן אין שטאָט, וואָס זיינען פשוט נישט געווען בכח צו באַצאָלן זייער חלק.

אָבער אויף דער פּעריפעריע פון געזעלשאַפטלעכן לעבן אין מלאַווע, האָט דער

בודזשעט פון דער קהילה נישט געשפּילט אַזאַ גרויסע ראָלע. דאָס איז געווען דערפאַר, וואָס די מלאַווער קהילה האָט נישט קאָנצענטרירט אין אירע הענט אַלע חינוך אָדער צדקה־מוסדות פון דער שטאָט. זי האָט געגעבן סובסידיעס, על־פּי־רוב נישט קיין גרויסע לגבי דעם גאַנצן בודזשעט פון די געשטיצטע אינסטיטוציעס.

אויפן געביט פון צדקה זיינען יענעם יאָר געווען אין מלאַווע טעטיק חוץ די אַלטע חברות, ווי „בית לחם", די „גמילת חסדים קאַסע", די „בקור חולים ולינת הצדק", — קודם־כל די פרישע חברה, וואָס די גרויזאַמע היטלער־מגפה האָט גורם געווען צו גרינדן. דאָס איז געווען די „הילפס־אַקציע פאַר די פּליטים פון דייטש־לאַנד", וואָס איז גראָד אין די יאָרן 1938 און די ערשטע העלפט פון 1939 געווען דער צענטער פון גוזעלשאַפטלעכע סימפּאַטיעס פון מלאַווער יידן. דאָס איז פאַר־שטענדלעך, שוין מחמת דעם פאַקט, וואָס מלאַווע איז געווען נענטער צו דער דייטשישער טעריטאָריע און פונקט ווי די דאָזיקע שטאָט איז געווען פון די ערשטע צו פאַלן אַ קרבן פון היטלעריזם, אַזוי האָט מלאַווע אפשר אָם פריסטן דערזען אין אירע מויערן פּליטים פון דייטשלאַנד.

דאָס ווירטשאַפטלעכע לעבן פון דער יידישער באַפעלקערונג אין מלאַווע שפּיגלט זיך אָפּ זייער בולט אויף די שפּאַלטן פון דער מלאַווער יידישער פּרעסע. צוויי אינסטיטוציעס די פאָלקס־באַנק און די „קאַסע פון סוחרים און אינדוסטריע־לע" זיינען געווען דער יסוד פון קרעדיט פאַר דעם קליינעם יידישן הענדלער, וואָס האָט על־פּי־רוב געפירט אַ ביטערן קאַמף פאַר עקזיסטענץ. בידע אינסטיטוציעס האָבן געליטן פון דעם, וואָס זיי האָבן געוואָלט זיין סאָלידע באַנקען און אין די תנאים פון יידישן ווירטשאַפטלעכן לעבן אין פּוילן, איז דאָס געווען כמעט ווי נישט מעגלעך. קרעדיט איז געווען זייער טייער. אַ ייד וואָס האָט געהאַט געלט אויף צו לייען אַנדערע, האָט אין מלאַווע געקענט קריגן זייער גרינג צווישן 18 און 24 פּראָצענט, בעת די קאַסע האָט געצאָלט פאַר די דעפּאָנירטע געלט נאָר 5 פּראָצענט. דאָס איז געווען די סיבה פאַרוואָס די בידע באַנק־אינסטיטוציעס האָבן זיך נישט געקענט אַזוי אַנטוויקלען.

אין אַ קליינער שטאָט שפּילט אַ גרויסע ראָלע דער סוד פון די דעפּאָזיטן, כדי אַנדערע סוחרים זאָלן נישט וויסן, וויפל געלט עס האָט זייערער אַ קאָנקורענט. די „קאַסע פון סוחרים און אינדוסטריעלער" באַטאָנט אין אירע אָפטע מודעות אין דער יידישער פּרעסע אַז זי „נעמט אָן פּקדנות" און זיכערט „גוזעצלעך דאָס געהיימניס פון וקלאַדן" (דעפּאָזיטן).

אין 1939 האָט די דאָזיקע קאַסע געהאַט 78 מיטגלידער מיט 11,000 זלאָטעס „שערס". דער אומזאַץ פון דעם דאָזיקן קליינעם קאַפּיטאַל איז אָבער געווען גרויס, אַ סימן, ווי געלט־הונגעריק איז געווען דער קליינער יידישער סוחר אין מלאַווע.

דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן אין מלאַווע מיט צען יאָר צוריק, שפּיגלט זיך אָפּ אין דער לאָקאַלער פּרעסע זייער פּילפּאַרביק.

אין קאַמף צווישן די פאַרשיידענע אידעאָלאָגיעס אויף דער יידישער גאַס ערב דער היטלער קאַטאַסטראָפע — זיינען די גרופּירונגען, וואָס אידענטיפיצירן זיך מיט ארץ־ישראל — די סאַמע וויכטיקסטע. מען קען זאָגן אַז אין ליכט פון די דאָזיקע קאַמפן און וויכוחים — איז דער ציוניזם אין אַלע זיינע ניואַנסן און שאַטירונגען דער שטאַרקסטער געזעלשאַפטלעכער כוח אין מלאַווע.

אין 1939 איז פאָרגעקומען אין מלאַווע זייער אַן אינטערעסאַנטער וויכוח מכח דער פראַגע, אויב מען „מעג" אויפהענגען אַ פּושקע לטובת ארץ־ישראל אין אַ געזעלשאַפטלעכן קלוב, צו וועלכן עס געהערן יידן פון כלערליי ריכטונגען. דער דאָזיקער „געזעלשאַפטלעכער קלוב" האָט געהאַט זייער אַ שיינעם לאָקאַל, וואָס „אַלע האָבן באַוואונדערט", ווי עס שרייבט די צייטונג „אונזער עכאָ", די וואָלן אין דער פאַרוואַלטונג איז געווען אַ גרויסע געשעעניש, האָט געדויערט אַ סך לענגער, ווי די וואָלן אין דער קהילה, און האָט גורם געווען אַ סך בייז בלוט. און אַט אויף אַזאַ פאַרזאַמלונג האָט איינער געמאַכט אַ פאַרשלאַג, אַז אין קלוב דאַרף הענגען אַ פּושקע פון קרן־קימת לישראל „וועלכער איז דער וויכטיקסטער פאָלקס־אינסטרומענט פאַרן אויפבוי פון אונדזער פאָטערלאַנד" („אונזער עכאָ" 1 (33), פון 6־טן יאַנואַר 1939).

אַ טייל פון די מיטגלידער האָט אָבער געהאַלטן, אַז דאָס איז נישט „לויטן סטאַטוט", סך־הכל האָט דער קלוב געהאַט 130 מיטגלידער, פון זיי אַן ערך 15, וואָס זיינען נישט געווען ציוניסטיש געשטימט.

אַרום דעם דאָזיקן ענין איז געגאַנגען אַ הייסע דיסקוסיע, וואָס איז ענדלעך „יורידיש" געלייזט געוואָרן. דער אַדוואָקאַט סאָלאָמאָן האָט דערקלערט אַז „לויטן סטאַטוט" „מעג מען אויפהענגען אַ פּושקע פון נאַציאָנאַל פאָנד" אין דעם דאָזיקן קלוב.

די תמימות פון די אַרגומענטן און די ליידנשאַפטן פון די אָפּאָנענטן זיינען זייער כאַראַקטעריסטיש פאַר דער קולטור און שטימונג פון מלאַוועו יידישער געזעלשאַפטלעכקייט.

אין מלאַווע זיינען געווען טעטיק חוץ דער אַלגעמיינער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אויך די נייע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע (רעוויזיאָניסטן), וואָס איז געקומען צו „די מאַסן אין מינוט פון פאַרצווייפלונג מיטן רוף: „צוריק צו הערצלען!" די דאָזיקע אָרגאַניזאַציע האָט זיך אין מלאַווע דערוואָרבן אַ טייל פון דער יוגנט.

פאַרשטייט זיך אַז דער „בונד" און די „פּועלי ציון" האָבן געהאַט זייערע אָרגאַניזאַציעס, אָבער קיין אויסערגעוויינלעכע טעטיקייט איז אין יאָר 1939 נישט פאַררעגיסטרירט געוואָרן, חוץ דעם יום־טוב פון 40 יאָר „בונד", וואָס איז געפייערט געוואָרן אין 1938. דער „אָרט" איז גראָד יענעם יאָר געווען זייער טעטיק אין

מלאַווע. עס איז געעפנט געוואָרן אַן אויסשטעלונג פון דער טעטיקייט פון דער דאָזיקער אָרגאַניזאַציע און וואָס האָט געפונען אַ וואַרעמען אָפּקלאַנג אין דער שטאָט.

חוץ דעם זיינען געווען טעטיק דער „פאַראיין פון האַנדלס און ביוראָ אָנגע־שטעלטע", דער „השומר הדתי", די פרויען ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע (וויזאָ) און אַ סך אַנדערע.

יולי (כ"ב תמוז) 1939 האָט די „השומר הדתי" געעפנט פייערלעך אין רודע דעם „מושבת קיץ" פון זיין אָרגאַניזאַציע פון מלאַווער גליל. דער „השומר הדתי" האָט געציילט 60 „אחים ואחיות". די שטימונג ביי דער דערעפענונג איז לויטן באַריכט פון דער צייטונג געווען זייער „אַ געהויבענע".

ח. א. פערלאַ האָט געהאַלטן אַ דרשה וועגן דער „סינטעזע פון נאַטור און תורה", וואָס ווערט פאַרווירקלעכט דורך דער „השומר הדתי" אין גלות און דעם „הפועל המזרחי" אין ארץ־ישראל.

עס רעדן אַנדערע, אויף יידיש און העבעראיש און אַלע רופן „צושפּינען די גאָלדענע פעדעם פון די שעפער פון ציוניזם".

און אין דער זעלבער צייט עפנט זיך די „צענטאָס האַלב־קאָלאָניע" אין שטאַ־טישן וואַלד, זעקס קילאָמעטער פון מלאַווע. דאָרטן האָבן 180 קינדער באַקומען אַ חודש צייט עסן און פאַרבראַכט אַ גאַנצן טאָג אויף פרישער לופט.

ביידע קאָלאָניעס, די פולע פון „השומר הדתי", און די האַלבע פון צענטאָס — זיינען געווען אויסגעהאַלטן פון פרייע נדבות פון מלאַווער יידן, מיט גאָר אַ קליי־נעם צושטייער, וואָס איז געקומען פון די מלאַווער לאַנדסלייט אין אַמעריקע.

די „אָרט־אויסשטעלונג", וואָס האָט זיך געעפנט אין מלאַווע דעם 5־טן פעברואַר 1939, און געדויערט דריי טעג. זי איז געווען באַזוכט פון 900 מענטשן און האָט אַרויסגערופן אַן אינטערעס נישט נאָר אין יידישע קרייזן. יענעם יאָר איז די אויסשטעלונג געווען אַ וויכטיקע געשעעניש אין יידישן לעבן פון מלאַווע.

עס איז נישט אַנגעקומען אַזוי גרינג צו פירן אַ יידישע געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט אין פוילן. אין די יאָרן פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה איז די מלוכהשע קאָנטראָל געוואָרן אַלץ שטאַרקער, און ממילא אומדערטרעגלעך. אין יאַנואַר 1939 האָט מען אין מלאַווע פאַרמאַכט די „פועלי ציון־אָרגאַניזאַציע." דער פאַרזיצער, יוסף קאָרן, איז אַרויסגערופן געוואָרן צום פאָליטישן רעפערענט פון סטאַראָסטווע און יענער האָט אים מודיע געווען, אַז „צוליב געוויסע אומ־פּיקטלעכקייטן ווערט די פאַרטיי אויפגעלייזט".

ביז די פאַרטיי האָט געהאַט אַ מעגלעכקייט צו אַפּעלירן וועגן דעם ענין צו דעם וואָיעוואָדע, איז שוין די מלוכה גופא געווען אויפגעלייזט.

זייער אינטערעסאַנט זיינען די וואַלן צום 21־טן ציוניסטישן קאָנגרעס, וואָס איז, כידוע, נישט פאָרגעקומען, ווייל די מלחמה איז אויסגעבראָכן.

אין אַ באַריכט פון 11־טן אויגוסט 1939, ד״ה קאַרגע דריי וואָכן פאַר דער קאַטאַסטראָפע געפינט מען אַן אויספירלעכן באַריכט וועגן די דאָזיקע וואַלן.

עס זיינען פאַרקויפט געוואָרן 1099 שקלים, און געשטימט האָבן 949 מענטשן, ד״ה 86.5 פּראָצענט פון אַלע שקלים־קויפער. דאָס איז זייער אַ גרויסער פּראָצענט, בעת מען ווייסט, אַז אין וואַרשע, למשל, האָבן דורכשניטלעך געשטימט אַפילו נישט קיין 50 פּראָצענט פון אַלע שקלים־קויפער. אין באַריכט ווערט אַפילו אָנ־געגעבן אַ תירוץ, פאַרוואָס עס האָבן געפעלט די 14 פּראָצענט שטימען, דאָס איז געווען זומערצייט, דער לעצטער ייִדישער זומער אין פּוילן, און נישט אַלע זיינען געקומען שטימען.

די וואַלן זיינען פאָרגעקומען אין ציוניסטישע בית־המדרש. עס זיינען געווען זיבן ליסטעס: אַלגעמיינע ציוניסטן, מזרחי, יידנשטאַט פּאַרטיי, בלאָק פאַרן אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל, לינקע פּועלי ציון און דער הנוער החלוץ. די גרעסטע צאָל שטימען האָט באַקומען דער בלאָק פאַר ארץ־ישראל (461), און דער „מזרחי״ (275). עס איז אויך כאַראַקטעריסטיש אַז די יידנשטאַט פּאַרטיי האָט באַקומען סך־הכל... איין שטימע.

אַ טאָג פאַרן אויסברוך פון דער מלחמה ווערט פאַרעפנטלעכט דער באַריכט פון דער לעצטער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג פון דער גמילת־חסד־קאַסע אין מלאַווע. די דאָזיקע פאַרזאַמלונג איז פאָרגעקומען אין לאָקאַל פון „אָרט״. דער פאָרזיצער פון דער קאַסע איז געווען משה אָפּאַטאָווסקי (1941 — 1880), פון באַריכט דערוויסט מען זיך, אַז די קאַסע האָט געהאַט אַ קאַפּיטאַל פון 17,544.78 זלאָטעס. מיט די געלטער וואָס דער „דזשאָינט״ האָט צוגעשטעלט האָט דער מזומן פאַרמעגן באַטראָפן 36,881.93, דאָס מיינט אַז אַדאַנק דער הילף פון „דזשאָינט״ האָט זיך דער קאַפּיטאַל פאַרטאָפּלט. די צאָל פון הלוואות אין באַריכט־יאָר איז געווען 31,853.20 זלאָטעס און איז כמעט אין גאַנצן צוריקגעצאָלט געוואָרן. די קאַסע האָט געהאַט 433 מיטגלידער, אָבער הלוואות האָבן גענומען נאָר 260 פון זיי, אַ געוויסע צאָל מיט־גלידער האָט געהערט צום פאַרמעגלעכן קלאַס, וואָס האָט זיך אָנגעשלאָסן אין דער קאַסע כדי צו העלפן איר, אָבער זיי אַליין האָבן זיך נישט גענוציקט אין קיין הלוואות.

די גרויסע פּאָפּולערקייט פון דער דאָזיקער קאַסע און איר וויכטיקייט אין ייִדישן לעבן פון מלאַווע, איז אַם בעסטן אילוסטרירט געוואָרן אין דעם אָפּטי־מיסטישן טאָן פון דער לעצטער פאַרוואַלטונג־מיטינג פון דער דאָזיקער אינסטי־טוציע. דאָס יאָר האָט בכלל געהאַט אַ שפע פון קאָנקרעטע פּלענער פון געזעל־שאַפטלעכן כאַראַקטער.

דער „אָרט״, למשל, האָט געשאַפן אַ קאָמפּלעט פון 25 מאַן פאַרן קורס פון מענער־צושניידער, וואָס האָט געזאָלט זיך עפענען אין סעפּטעמבער. עס איז אויך אויפגעקלערט געוואָרן פאַר די מלאַווער בעל־מלאכות די נייע יורידישע באַזע

פון דער מלאכה אין פוילן, אַלץ געטאָן מיט מאָס און טאַקט, דורך קלאָרע פּלאַקאַטן פונאַנדערגעקלעפּט איבער דער שטאָט.

מען האָט געזען, בפועל ממש, ווי דאָס יידישע געזעלשאַפטלעכע לעבן גייט באַרג אַרויף, בעסער קאָנסאָלידירט, רייכער אין ווילן און אין ציל.

זייער בולט איז די ראָלע פון ציבור־טעטיקייט אין מלאַווע אין דעם לעצטן באַריכט פון „ביקור חולים". די זיצונג איז פאָרגעקומען דעם 15־טן מאַי, 1939. פון דעם דאָזיקן באַריכט דערוויסט מען זיך, אַז די דאָקטוירים האָבן געהאַט זייער אַ גוטע מיינונג וועגן דער אַרבעט פון דער דאָזיקער יידישער פאָלקס־מעדיצינישער פּראַפּעסיע.

די פּוילישע מאַכט האָט אָבער געהאַט איר אייגענע מיינונג, אַ סך אַ געמיינערע, און געוואָלט ליקווידירן דעם „ביקור חולים". די חברה האָט אָנגעהויבן זיך משתדל זיין כדי אָפּצושרייען די גזירה. די שטאָטישע אינסטאַנצן און דער קרייז־דאָקטער האָבן באַשטעטיקט אַז דאָס איז אַ וויכטיקע און נויטיקע אינסטיטוציע. די דאָזיקע שתדלנות האָבן געהאַט אַ פּעולה. פינף וואָכן שפּעטער האָט דער „ביקור חולים" באַקומען אַ דערלויבעניש ווייטער טאָן איר אַרבעט. לאַנג האָט זי שוין אָבער די אַרבעט נישט געקענט טאָן. עס זיינען שוין קיין חולים נישט געווען, נאָר מתים. פון די נייע תקנות אָבער, וואָס די רעגירונג האָט אַרויפגעצוואונגען אויף דער דאָזיקער יידישער אינסטיטוציע איז כדאַי אַ פּאָר צו פאַררעגיסטרירן.

די ביכער פון דער חברה דאַרפן געפירט ווערן אויף פּויליש. עס ווערט נישט דערלויבט אויסצובאָרגן מעדיצינישע כלים און צושטעלן רפואות. די חברה טאָר נישט האָבן קיין אויפנעם־צימער פאַר די קראַנקע, נאָר דאַרף אַלע קראַנקע תיכף אָפּשיקן צום דאָקטער און די רעצעפּטן נעמען נאָר אין דער אַפּטייק.

אַוועקגעשטעלט פאַר אַזאַ תנאי, האָט דער „ביקור חולים" נישט געהאַט קיין אַנדער ברירה, ווי זיך אונטערוואַרפן דעם גזר־דין, וואָס האָט געצילט פשוט ברענגען צו אַ מינימום די נוצלעכקייט פון דער דאָזיקער חברה.

די העכסטע דערגרייכונג פון אַנטוויקלונג האָט אין יאָר 1939 דערגרייכט די יידישע גימנאַזיע אין מלאַווע. הגם דאָס לשון פון די לימודים איז געווען פּויליש, איז די דאָזיקע גימנאַזיע געווען אַ דורכאויס יידישע נאַציאָנאַלע אינסטיטוציע.

אין דעם שול־יאָר 1938־39 האָט די גימנאַזיע געציילט 175 תלמידים און די פאָלקס־שול האָט געהאַט — 115. אַזוי אַרום האָבן 290 קינדער באַקומען אַן אַלגעמיינע און יידישע דערציאונג אין דער דאָזיקער שול. עס איז אינטערעסאַנט אַז 112 תלמידים זיינען געקומען פון דער פּרעמד, על־פּי־רוב פון די אַרומיקע שטעט און שטעטלעך. זיי האָבן געוואוינט ביי חשובע יידישע משפּחות, וואָס האָבן געהאַט די הסכמה פון דעם פּעדאַגאָגישן ראַט פון דער גימנאַזיע האַלטן ביי זיך קינדער. אַזוי אַרום איז די גימנאַזיע געווען אַן עקאָנאָמישע באַזע פאַר 60

ידישע משפחות אין מלאַווע, וואָס האָבן אין זכות פון איר עקזיסטענץ אַליין געקענט עקזיסטירן.

ווי אַזוי די מלאַוועד ידישע גימנאַזיע איז געוואַקסן קען מען זען פון די ווייטערדיקע ציפערן.

אין שול־יאָר 1935־36 זיינען סך־הכל געווען 167 תלמידים, פון זיי 72 — אין גימנאַזיע און 95 אין דער פּאָלקס־שול. פון דער פרעמד זיינען געווען נאָר אַכט קינדער.

אַ יאָר שפּעטער האָט שוין די גימנאַזיע געציילט 209 תלמידים, פון זיי 117 — אין דער גימנאַזיע גופא, 92 — אין דער פאָלקס־שול, און פון דער פרעמד זיינען שוין געווען 36 קינדער.

אין דעם שול־יאָר 1937־38 האָט די גימנאַזיע געציילט 255 תלמידים, פון זיי זיינען 140 געווען אין גימנאַזיע, 115 — אין דער פאָלקס־שול און שוין 73 אָנגעקומענע פון מחוץ מלאַווע.

אַזוי אַרום האָט די צאָל פרעמדע קינדער אין דער גימנאַזיע פאַרגרעסערט אין משך פון פיר יאָר אויף גאַנצע 140, דאָס איז דער בעסטער סימן, ווי די מלאַוועד גימנאַזיע איז געוואָרן פּאָפּולער און אַרויס פון איר לאָקאַלן גדר און איז געוואָרן אַן אַלגעמיינע ידישע אינסטיטוציע.

אָנהויב 1939 איז די מלאַוועד ידישע געזעלשאַפטלעכקייט צוגעטרעטן אויס־אַרבעטן פּלענער אויף צו בויען אַן אייגענעם בנין פאַר דער ידישער גימנאַזיע.

בראש פון דעם בוי־קאָמיטעט איז געשטאַנען ה. א. פּערלא, אַ גרופּע מלאַוועד כלל־טוער; ווי אַדוואָקאַט א. סאָלאָמאָן, מ. בלום, ה. שפּירא, נ. מאָרדאָוויטש, נ. בלום, י. הירשהאָרן (דער דירעקטאָר פון דער גימנאַזיע), ד״ר ה. ראָזענמאַן, מ. הירשהאָרן, ה. מ. טשאַרקאַ, א. צעגלאַ, י. ראָזענבערג און קראַניק, וואָס האָבן פאַרטראָטן דעם שול־פאַראיין, דעם עלטערן־קאָמיטעט, די פאַראיינען פון געווע־זענע תלמידים — האָבן אַרויסגעגעבן אַ קול־קורא וועגן דעם ענין. און דעם אויפרוף ווענדן זיי זיך צו די מלאַוועד לאַנדסלייט אין אַמעריקע מכח הילף.

„די שולע — ווערט דאָרטן געזאָגט — לעבט איבער זייער שווערע צייטן צוליב פאַרשיידענע סיבות, אָבער בעיקר צוליב דעם, וואָס די שול־מאַכט פאַר־לאַנגט דורכאויס אַן אייגענעם שול־בנין“.

די עסקנים פון דער שול קלערן אויף אַז די ידישע גימנאַזיע אין מלאַווע איז נישט קיין שול „פאַר רייכע, יחידי סגולה, וועלכע האָבן גרויסע געלט־מיטלען“.

עס איז אַ שולע, וואָס גרייט די ידישע יוגנט צו אַ זעלבשטענדיקן לעבן. דערפאַר זיינען אין דער גימנאַזיע פאַראַן פאַך־אָפּטיילונגען. דאָס איז גורם אַז די שולע איז אַ „לעבנס־זאַך“ און נישט קיין „לוקסוס“.

אַ געוויסע צאָל פון תלמידים באַקומט גרויסע הנחות אין שכר־לימוד און אַנדערע ווערן אַפילו אינגאַנצן באַפרייט פון דעם אָפּצאָל.

די דאָזיקע גימנאַזיע, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן אין 1918 האָט אַזוי אַרום — ווערט געזאָגט אין דעם דאָזיקן אויפרוף — געמאַכט פון אַ סך „לײדיקגײערס", „ווערטפולע מענטשן און ייִדן".

„מיר קענען מיט שטאָלץ אויסרעכענען פיל פון די אַבסאָלווענטן פון דער מלאַווער גימנאַזיע, וועלכע פאַרנעמען וויכטיקע פּאָסטנס אַלס אַדוואָקאַטן, דאָק־טוירים, אינזשעניערן, לערער, באַאַמטע און גוטע בעלי־מלאכות אין פּוילן און אין אַנדערע לענדער. גלייכצייטיק זעען מיר, אַז די גרעסטע טייל אַבסאָלווענטן זיינען אויך טעטיק אויף אַלע געביטן פון געזעלשאַפטלעכן לעבן".

דער בוי־קאָמיטעט ווענדט זיך דעריבער צו די מלאַווער לאַנדסלייט אין אַמעריקע צו העלפן אין דער אַרבעט, וואָס וועט זיין אַן „אייביקער מאָנומענט".

פון דעם לעצטן באַריכט וועגן דער טעטיקייט פון דער גימנאַזיע דערוויסט מען זיך אַז די תלמידים זיינען געקומען פון 40 פאַרשיידענע פּונקטן פון לאַנד. חוץ אַלגעמיינע לימודים האָט מען געלערנט העברעאיש, תנ"ך, ייִדישע געשיכטע און די ייִדישע און העברעאישע ליטעראַטור.

פון די פאַכן וואָס מען האָט געלערנט זיינען די וויכטיקסטע געווען, סטאָלעריי, גלעזעריי, שניידעריי, העפטעריי און שטריקעריי (פאַר מיידלעך).

יוני 1939 ווערט געמאָלדן אין דער מלאַווער „אונזער עכאָ", אַז דער בוי־קאָמיטעט האָט שוין באַטראַכט די מעגלעכקייט פון קויפן אין דער נאָענטסטער צייט אַ פּלאַץ פאַר דעם בנין פון דער גימנאַזיע.

צוויי חדשים שפּעטער איז דאָס גאַנצע פּוילישע ייִדנטום געווען איין גרויסער חורבן און צוזאַמען מיט אַלע האָפענונגען איז אויך צערונען די האָפענונג אַז די מלאַווער לאַנדסלייט אין אַמעריקע וועלן העלפן בויען אַ בנין. זייער הילף האָט די געשיכטע אָוועקגעשטופּט אויף גאָר אַנדערע וועגן.

אָבער מלאַווער חינוך האָט זיך נישט אויסגעדריקט נאָר אין דער עקזיסטענץ פון דער גימנאַזיע. עס זיינען געווען חדרים און באַזונדער גוט איז געווען באַזוכט די תלמוד־תורה.

אין מלאַווע איז אויך געווען אַ מלוכהשע פאָלקס־שול פאַר ייִדישע קינדער. דער לעצטער באַריכט פון איר טעטיקייט שטאַמט פון 14־טן יוני, 1939. עס איז פאָרגעקומען אַ פייערלעכער סיום פון די תלמידים און תלמידות, וואָס האָבן פאַר־ענדיקט די שול. עס האָבן גערעדט: דער שול־לייטער מ. לאַסקאַ, די דערציערין פון דער זיבעטער (לעצטער) אָפּטיילונג, פּרוי לייבערג און דער בירגערמייסטער יאַראָשינסקי.

אין דעם דאָזיקן לעצטן באַריכט ווערט געזאָגט אַז „די שילער האָבן זיך קולטורעל און עסטעטיש שטאַרק אויפגעהויבן איבער דער סביבה פון וועלכער זיי קומען אין דער שול".

אַ פּאָר וואָכן שפּעטער האָט זיך די „סביבה" אויסגעגליכן מיט די קינדער וואָס האָבן כלומרשט זיי איבערגעיאָגט.

נאָך אַנדערע לעצטע באַריכטן, אַלע פול מיט האָפענונגען און מונטערקייט געפינט מען אויף די שפּאַלטן פון דעם לעצטן יאָרגאַנג פון דער מלאַווער צייטונג „אונזער עכאָ", אין די חדשים יאַנואַר־יולי 1939, זיי גיבן אַ פּלאַסטיש בילד פון דער דינאַמישקייט און פיל פאַרביקייט פון דעם ייִדישן לעבן אין אַ סביבה, וואו דער „באַלעבאָס" פון לאַנד איז געווען נידעריקער פון דער ייִדישער סביבה. די רדיפות און העצעס קעגן די ייִדן אין גאַנץ פּוילן, שפּיגלט זיך אָפּ אין מלאַווע אין דעם זעלביקן מאַסשטאַם און אין די זעלבע פאָרמען.

אָבער ווען מען באַגעגנט זיך מיט די קאָלעקטיווע פאָרמען פון ייִדישער אַרבעט, פון דעם גרויסן פּאַטאָס און אידעאַליזם, אויסגעדריקט טיילמאָל אין נאַאיווע פאָרמען פון ליטעראַטור, אַנטנומען פון דער גרויסער שטאָט — ווערט מען געריררט פון דעם דאָזיקן מסירת־נפש און הויכע מאָראַלישע קוואַליטעטן פון דעם ייִדישן ייִדן אין דעם כרך, ק"ק מלאַווע, וואָס איז היינט, צען יאָר נאָך די ערשטע סימפּטאָמען פון אַ וועלט־קאַטאַסטראָפע — נישט מער ווי אַן אָביעקט פאַר אַ היסטאָרישן אַרטיקל.

דאָס וואָס ווערט דאָ באַשריבן איז געשען מיט צען יאָר צוריק, דעם לעצטן יאָר פון דער מלאַווער ייִדישער קהילה.

י. אָפּאַטאָשו

# פון מיין לעקסיקאָן

(מלאָווער ווערטער)

אין 1910 האָב איך געשריבן מיין „פערד־גנב". כ'האָב דעם ראָמאַן געשריבן אין דעם מלאָווער יידיש, וואָס איך האָב מיטגעבראַכט מיט זיך פון פוילן. דאָס מלאָווער יידיש איז רייך געווען אין מולכער־לשון, אין שמייסער־לשון, אין גנבים־לשון. ס'איז רייך געווען אין יידיש־פוילישן „סלענג".

איז דאָך מלאָווע דורות־לאַנג געווען אַ גרענעץ־שטאָט. די יידן — מולכער, שוואַרצער — זיינען געווען ריזיקאַנטן. און אַז אַזאַ איינער איז אַרויס מיט לשון, איז נישט בלויז אין איטלעכן וואָרט געווען דער קנאַל פון אַ בייטש, נאָר די ווערטער האָבן אויך געשוימט מיט גוטסקייט און יושר, מיט כעס און שנאה, און דער עיקר — מיט פרייד און גבורה. און אַז לאַכן, האָט אַ יונג זיך צעלאַכט מיט אַ גאַרגל אַקעוויט און אַ מויד — מיט אַ גאַרגל שמאַנט. דערצו, וואו אַ פּענטע האָט ס'מלאָווער לשון שוין געהאַט אָפּגעוואָרפן פון זיך. דער באַשטימיקער אַרטיקל „די" האָט זיך מער נישט געבייגט. אין מלאָווע האָט מען געזאָגט: „וואו גייסטו? גייסט מיטן טאַטע איבער די גרענעץ?" און מען איז געגאַנגען אַ קיילעכדיק יאָר איבער די גרענעץ. מען האָט געמולכט פון פּרייסן זיידנס, ציגאַרן, בראַנפן. מען האָט געשוואַרצט קיין פּרייסן פאַרשוינען און פערד. דאָס זיינען געווען חברה ריזיקאַנטן, חברה שלעגער, וואָס האָבן פיינט געהאַט מלכות, פיינט געהאַט חסידים, פיינט געהאַט לומדים און אין תוך זיינען זיי געווען הייסע יידן.

און אַז די פאַרנאַכטן זיינען צוגעפאַלן, פון מערב־זייט האָבן די מולכער געדאַרפט אָנקומען פון פּרייסן מיט קאָנטראַבאַנדע, האָט זיך אַ שווערער אומעט אַראָפּגעלאָזט אויפן שטעטל. ס'וויבערפאָלק מיטן קליינוואַרג זיינען נישט איינגעזעסן אין די שטובן. טרויער אין די אויגן, טרויער אין האַרץ — וועלן די מאַנס־בילן יאָ קומען, צי וועלן זיי נישט קומען? די ווייבער האָבן געהאַט צו דערציילן

פון זיידעס, פון טאַטעס, פון זין, וואָס זיינען נישט קריקגעקומען. און די צוועלף־דרייצן־יעריקע יינגלעך, אוי, האָבן זיי געוואָלט זיין עלטער מיט צווי יאָר, געוואָלט זיך אָוועקלאָזן מיטן זונאויפגאַנג, געוואָלט מיטגיין מיט די טאַטעס קיין פּרייסן.

דאָס בענקעניש איז איבערגעגאַנגען פון זיידע צום טאַטן, צום זון.

אַזאַ פאַרשווין האָט זיך נישט באַגנוגנט מיט אַן עוקץ בראַנפן, מיט אַ נעפּ אַקשוויט. אַזאַ איינער האָט געטרונקען בראַנפן פון אַ פלאַטשיקער מאַמע, וואָס ער האָט געהאַלטן אין אַ הינטערשטער קעשענע, צי אין אַ כאַליאַווע. און פאַרביסן דעם בראַנפן האָט ער מיט פאַנצן־טאַבעכעס, מיט אַ קרייזלפּוס, מיט אַ מיקערל. און אונטער וועגנס — מיט אַ גאַנץ זייטל אויסגעזאָטן קעלבערן פלייש.

בענקעניש, טרויער, דאָס נעמען אַ קלאַפּ, דאָס קענען געבן אַ קלאַפּ, מיידן, שיקסעס, דאָס אַריינעסן און אַריינטרינקען, די שטענדיקע געפאַר, — דאָס אַלץ האָט געהאָלפן שאַפן ווערטער, וואָס זיינען געווען עובר־לסוחר, נישט אָפּגעריבענע מטבעות.

און דריי מייל הינטער מלאַווע, אין קוצבאַרג, האָבן יידן גערעדט כמעט אַן אַנדער לשון, וואָס האָט ארויסגערופן ביי די מלאַווער אַ געלעכטער. מען האָט געזאָגט: „שיסלכיע, טעפּלכיע". מען האָט געזאָגט: „איך העט, איך מעכט". שלאַקריריק האָט ביי זיי געהייסן: „ביינעזאַמען". זי ליגט ביינעזאַמען — זי ליגט אַ באַנומענע, זי ליגט אַ שלאַקריריקע.

כ'האָב שוין דעמאָלט געוואוסט, אַז ס'ליטעראַרישע יידיש, ווי מען האָט געשריבן אין די וואַרשעווער צייטונגען, איז אַ בית־עולם אין פאַרגלייך מיטן מלאַווער יידיש, מיטן יידיש פון אַלע שטעט און שטעטלעך, וואו די יישובים האָבן געציילט פינף, זעקס, און אַכט הונדערט יאָר.

און אַז איך בין געקומען אין 1907 קיין ניו־יאָרק, וואו כ'האָב זיך באַגעגנט מיט יידן פון דער גאַנצער וועלט, איז מיר איינגעפאַלן, אַז אונדזער ליטעראַריש יידיש וועט געפורעמט ווערן הי, אין ניו־יאָרק, נישט אין וואַרשע, נישט אין אַדעס. נישט געווען די וואָך, שיפן זאָלן נישט ברענגען הונדערטער און טויזנטער יידן. די יידן זיינען געקומען מיט זייערע דיאַלעקטן פון פוילן, פון גאַליציע, פון ליטע, פון אוקראַינע, פון רומעניע, פון אונגאַרן, און די הונדערטער יעריקע דיאַלעקטן זיינען געווען אַזוי פאַרוואָרצלט, אַז אַ מלאַווער יידענע וואָלט גרינגער געווען זיך צונויפצורעדן מיט גליקל פון האַמעל ווי מיט אַ ליטוואַטשקע.

כ'דערמאָן זיך ווי אין 1910 האָבן פּיטקינער יידן געפּירט מיט קלעזמאָרים אַ ספר־תורה אין שול אַריין. אויף אַפּריער איז געריטן אַ קלעזמער אויף אַ ווייסער קאָבילע. גאַנץ פּיטקין עוועניו איז נאָכגעגאַנגען.

אַ שכנה, אַ ליטוואַטשקע, איז אַריינגעלאָפן צו מיין מוטער מיט אַ שמחה:

„מיסעס לעבן, מע פירט אַ רייניקייט אין קלויז אַריין".

מיין מוטער, וואָס איז נישט לאַנג געווען אין לאַנד, האָט צוגעשמייכלט און

גאָרנישט געענטפערט. און אַז די שכנה איז אַרויס האָט די מאַמע מיינע אַ הויב געטאָן צו מיר מיט די אַקסלען: „הערסט, יוסף, כ׳פאַרשטיי נישט קיין וואָרט, וואָס די ליטוואַטשקע רעדט צו מיר. זי רעדט מיין (מער) ענגליש ווי יידיש״.

„רייניקייט״ און „קלויז״ האָבן ביי מיין מוטער געקלונגען ווי ענגלישע ווערטער. און כ׳בין זיכער, אַז די ליטוואַטשקע האָט אויך נישט פאַרשטאַנען מיין מוטערס גרויספּויליש יידיש.

עס דערמאָנט קענסטאַנס אַנעקדאָט פון פופצנטן יאָרהונדערט. אַ פאַרמער פון יאָרקשייר איז געקומען קיין קענט און האָט געוואָלט קויפן ביי אַ פאַרמערקע אייער. דער פאַרמער האָט געבעטן „עגס״ (אייער) און די פאַרמערקע האָט געענטפערט, אַז זי פאַרשטייט נישט קיין פראַנצויזיש. די פאַרמערקע פון קענט האָט קיין מאָל נישט געהאָט געהערט פונעם וואָרט „עג״. אַן איי האָט ביי איר געהייסן — ey-eyren.

כ׳בין געוועזן זיכער אַז די יידישע דיאַלעקטן וועלן זיך דורכזיפּן און דורכקאָכן אינעם ניו־יאָרקער שמעלצטיגל און מיר וועלן האָבן דאָס אידעאַלסטע ליטעראַרישע יידיש.

און אין דער אמתן?

במשך פון די דרייסיק יאָר זיינען די צייטונגען געלעגן אין די הענט פון מענטשן, וואָס האָבן זיך נישט געזאָרגט וועגן שפּראַך. נאָך ערגער — רעדאַקטאָרן האָבן אָפּט געקוקט אויף יידיש ווי אויף אַ מיטל, וואָס מען וועט היינט־מאָרגן פון אים פּטור ווערן. וואו אַ זאַפטיק יידיש וואָרט — האָט מען עס באַזייטיקט. האָט אַ וואָרט געקלונגען אין זייערע אויערן אַלט־פרענקיש — טאַבו. וואו הייס בלוט — האָט מען אָפּגעצאַפּט און פאַרגליווערט. און געבליבן איז די צייטונגסשפּראַך — אַן אויסגעצערט לשון, אַ שייער שטרוי נאָכן דרעשן. זיי האָבן נישט געוואוסט, אַז אָן דיאַלעקטן איז קיין שפּראַך נישט בנמצא. דיאַלעקטן דאָס זיינען די בלוטאָדערן, וואָס נערן און האַלטן אויף ס׳לשון. אָן דיאַלעקטן מוז אַ שפּראַך איינדאַרן און אונטערגיין. אָנשטאָט ווערטער, וואָס גיבן דעם זאַץ קריפּטן און לעבן, באַנוצט זיך די צייטונג מיט שטרויענע אויסגעדראָשענע פאַרזעענישן, ווי: „צוגונסטן״, „פאַרלעסליך״, „דיזע״, „אָנוועזנדע״ און „פאָלגענדע״.

שוין צענדליקער יאָרן ווי די שיפן האָבן אויפגעהערט צו ברענגען יידן קיין ניו־יאָרק. די יידישע ישובים אין פּוילן, ליטע, רומעניע, אונגאַרן ליגן אין חורבות. די דיאַלעקטן זיינען נישט פאַרשריבן געוואָרן. אין 1928, ווען כ׳בין געווען אין מינסק, האָט דער לינגוויסט מרדכי וויינגער מיר געוויזן עטלעכע צענדליק טויזנט קאַרטלעך — מאַטעריאַלן פאַר אַ יידישן ווערטער־בוך וואָס איז נישט אַרויס. דר. מ. ווײַנרייך האָט מיר געוויזן אין ווילנע צענדליקער טויזנט קאַרטלעך — מאַטעריאַלן פאַר אַ יידישן ווערטערבוך. וואו זיינען די קאַרטלעך?

דער יידישער שרייבער איז געצוואונגען צו אַרבעטן לויטן זכרון. ווערטער, אידיאָמען, וואָס זיינען נישט פאַרצייכנט געוואָרן, האָבן אָבער אַ טבע זיך אַרויס־צוגליטשן פונעם זכרון, האָבן אַ טבע פאַרגעסן צו ווערן. דער יידישער שרייבער דאַרף אַליין קנעטן ליים, באַקן ציגל און ערשט דערנאָך זיך שטעלן מויערן. דער יידישער שרייבער האָט ביזן היינטיקן טאָג נישט קיין ווערטערבוך. הארקאַווים ווערטערבוך האָט נישט געקענט באַפרידיקן. האַרקאַווי האָט אַריינגענומען אַלץ פון ליפשיצן, צוגעגעבן ווערטער פון מענדעלען, פון שלום־עליכמען, אַ ביסל פון דיקן. דאָס וואָס פרץ האָט צוגעטראָגן צו יידיש וועט איר שוין ביי האַרקאַווין נישט גע־פינען. דאָס וואָס די שרייבערס נאָך פרצן האָבן צוגעטראָגן וועט איר ביי אים אַוודאי און אַוודאי נישט געפינען.

איך וועל דאָ פאַרצייכענען בלויז די ווערטער, בלויז די אידיאָמען פון מיינע ווערק, וואָס באַגעגענען זיך נישט ביי ליפשיצן, נישט ביי האַרקאַווין, אויך די ווערטער וואָס געפינען זיך ביי האַרקאַווין אין אַן אַנדער נוסח, מיט אַן אַנדער באַטייט. איך וויל דערמיט מאַכן אַ התחלה, כ׳האָף אָבער אַז מיינע קאָלעגן וועלן מיר נאָכטאָן. אפשר וועט דאָס פאַרלייכטערן דעם שווערן וועג און מיר וועלן זיך סוף־כל־סוף דערשלאָגן צו אַ ידישן ווערטערבוך, וואָס וועט אַריינגעמען נישט בלויז די שפּראַך פון אונדזערע קלאַסיקער, נאָר אויך אַלע ידישע דיאַלעקטן, אויך דעם ידישן „סלענג״.

## איך ברענג די ווערטער „פון יענער זייט בריק״

### און אַנדערע דערציילונגען (1910־12)

אויסגיסן זיך — משתין זיין (וועגן אַ בהמה). „ס׳פערד האָט זיך אויסגעגאָסן און דער בעל־עגלה אויסגעזייכט.״

אויסקאַשפערן — אויסנאַרן. דיק שרייבט: אַפּקאַספּערן. „ער האָט ביי מיר אויסגעקאַשפערט די פּאָר גראָשן.״

אויסשטייגן — ליציטירן. ביי גליקל האַמיל הייסט עס: „מאַכן אַן אויסרוף״. „מען האָט אויסגעשטייגט מפטיר.״

אַנגעברענטס, דאָס — אַן עסן וואָס איז צוגעפאַלן צום באָדעם פון טעפּל און ס׳האָט זיך צוגעברענט. „שמעקט אַנגעברענטס.״

אַנשמערגלען — אָפּקאָכן אַן עסן אָן אַ טעם. „דאָס איז אַנגעשמערגלט, נישט געקאָכט.״

אָפּזעננגען — אָפּסמאַליען. „זענג אָפּ די גאָנדז.״

אָפּשיסן — אָפּבליאַקעווען. „די סחורה האָט אָפּגעשאָסן.״

אָרעם, דער — אין אויסדרוק: „אַן אָרעם האַלץ", ד"ה אַזוי פיל האָלץ וויפיל ס'לייגט זיך אײַן צווישן דער אויסגעבויגענער האַנט און דעם אַקסל.

באַוואַרקע, די — הייסע, געצוקערטע מילך מיט וואַסער, געמישט העלפט אויף העלפט. „גיס מיר אַן אַ גלאָז באַוואַרקע."

באַנדע, די — לאַנגער שווערער איבערמאַנטל פאַר מענער.

בורקע, די — אַ באַנדע מיט אַ קאַפטער.

באַרכאַנקע, די — אַן אונטערקלייד געמאַכט פון באַרכן.

בלאַן־און־בלוי — דורכגענומען פון קעלט, דורכגעפרוירן. „וואָס זאַגסטו אויף דער קריעה? ער איז דאָך בלאַן־און־בלוי." פון ברזין־און־בלוי.

בענקאַץ, דער — אַ ממזר. אין אַנדערע דיאַלעקטן בענקאַרט.

בריטאַן — אַ צעוואַקסענער, אַן אומגעלומפּערטער מענטש.

גיל, די — אַ בלעזל ראַץ.

דרוואַל, דער — אַן איבערגעוואַקסענער יונג, אַ יונג אַ גראָבער פליגל.

דרים, דער — אַן איבערגעריסענער פאָדעם. „אַט איז די גאַלקע, גיב מיר אַ דרים פאָדעם."

האַלקע, די — אַן אונטערקלייד.

הייט, די — לאַגע. „האָב איך זי געטראָפן אין אַ הייט, אויף שונאי־ישראל געזאָגט."

העקלען — פאַרשפּיליען. „העקל מיר צו ס'קלייד."

השכמה, די — פרי דאַווענען. דאַווענען ביי דער השכמה, „בהשכמת בית־המדרש", „משה בהשכמה עלה". „אַז ס'איז וואָלוול פיש, איז אַ געפאַקטע השכמה."

וואַרשטע, די — אַ שיכט, אַ שטויס, „אַ וואַרשטע ביכער", „אַ וואַרשטע האָלץ."

זייכן — משתין זיין (ווענן אַ מענטשן). אליהו בחור אין „תשבי" צ"ג שרייבט „שתן בל"א זאייכן."

טאָבעקבלום, די — ענגליש: Sunflower, אין אַנדערע געגנטן זונרויז, סאָנישניק.

טאָבעקקער, די — קערל פון אַ טאָבעקבלום (זע).

טאַלירן — טאַשן, טאַלירן קאָרטן.

טאָמבאַנק, די — אַ צאָלבאַנק, ענגליש: Counter.

יאַברעך, די — פרעסער, צעלאָזענער יונג.

יאָפּע, די — ברייט צעעפנט מויל.

יאָק, דער — נאַר.

כאַדאַק, ־עס, דער — צעפאַרענער שוך.

כאָמערן — שלאָפן (ווענן אַ קראַנקן געזאָגט). „ער ליגט און כאָמערט."

כמאָרעם — אַ סך. „ער איז פאַרוואַרלאָזט, כ'האָב אויסגעקעמט כמאָרעם לייז."

לעצגעלט, דאָס — געזעגן־געלט, אָפּפּאַרגעלט, וואָס מען לאָזט איבער קינדער און דינסטן. (זע: לעצט).

לעצט, די — „אויף אַ גוטער לעצט האָט זי באַגנבעט" (וועגן אַ דינסט), וואָס אַ גאַנצן זמן האָט זי זיך גוט אויפגעפירט, און דעם לעצטן טאָג האָט זי באַגנבעט. „אויף די גוטע לעצט".

מאַנג — צווישן. „מאַנג אונדזער סגאַל", צווישן אונדזער גלייכן.

מצה־פּנים — אַ געשטופּלטער.

מיש, דער — צעמישטקייט, גייסטיקע נישט־נאָרמאַלקייט. „ער האָט אַ מיש אין קאָפּ".

מישער, דער — אַ מענטש אַ גרעגער (גראַגער), אַ פּלוידערזאַק.

מישערין, די

מישערקע, די

מעגעלע, דאָס — העלדזל. „אַן אָנגעפּילט מעגעלע".

מערזשל, דאָס — אַ כלי געמאַכט פון גאַסאייזן, פון מעש, וואו מען שטויסט צוקער, פעפער, אינגבער, מצות. (זע: שטויסל).

מערב, דאָס — מערביק געבעקס, קרוכע געבעקס. „כ'גיי מאַכן מערב."

סעקן — שלאָפן. „ער ליגט און סעקט ביז אין גרויסן טאָג אַריין."

פּאַנץ, דער — גאָר אַ דיקער בויך. „כ'וועל אים כאַפּן אין אַ ווינקל, וועל איך אים איינקוועטשן דעם פּאַנץ." „גיט מיר פאַר אַ גילדן פּאַנצן און טאַבעכעס" (קישקעס). מעגלעך פון „טבחות". אין שו"ת הייסט „טבחות" פלייש און קישקעס פון געשאָכטענע בהמות. פון פּאַנצן מאַכט מען וועמפּלעך. אַ פּאַנצל פון אַ שעפּס הייסט מיקערל, פון אַ קעלבל גריישל. אין אַ מיקערל פּילט מען אָן די קישקעלעך מיט מעל. אין אַ גריישל שנײַדט מען אויף די קישקעלעך און מען קאָכט זיי מיט „סידור" (מיטן שטיק מאָגן וואָס בלעטערט זיך ווי אַ סידור).

פלאָמבירן — גרויסע שוואַרצע יאַגדעס.

פּליטש, ־ן, דער — אַ רונד שטיק ברויט, אַ לחמא, אַ פּעצענע, אַ סקיבע, אַ סנעכע, אַ לוסטע, אַ חתיכה ברויט.

פּעצענע, די — אַ שטיק ברויט, אַ לחמא; אַ צעוואַקסענע מויד.

פּאַרצע־דראַנע — זייער פרי. „וואָס האָסטו זיך עפּעס אויפגעכאַפּט פּאַרצע־דראַנע?" אַ שפּעטפּאַרעם.

פּלישלאַנג, דער — אַ שלאַנג פון פּאַפּיר וואָס פליט.

צוועל, די — טישטעך. צוועלכיע, דאָס: טישטעכל. „נעם אַראָפּ די צוועל פון טיש." די חלות זײַנען צוגעדעקט מיט אַ צוועלכיע."

צלאָפּ, דער — אַן אָפּגעלאָזענער, אַ בטלן. „אַ חסיד אַ צלאָפּ"; דער אָפּהילך פון צעפּאַרענע שיך.

קאַזוואַניעץ, דער — ליגנער פון העברעאיש כזבן מיט אַ פּוילישן סופיקס.

קאַלערל, דאָס — גאַלקע. אַ קאַלערל גאַרן, אַ קאַלערל פאַדעם, אַ קלעצל פאַדעם.

קאַשאַרבן, דער — קוגלטאָפּ. דער ערשטער טייל קאַ=קאַל=קויל (קוגל).

קונדעיטע, די — אינפאָרמאַציע, מיינונג. „ער האָט וועגן מיר געגעבן אַ גוטע קונדעיטע."

קיענקע, די — אַ פּלאַטשיק ברעטל אויסצוקלאַפּן דעם שמוץ פון נאַסער וועש ביים וואַשן.

קיקעלע, דאָס — אַ קיכל אָנגעפּילט מיט שוואַרצע יאַגדעס, אַ סטאַניק.

קלעצל, דאָס — קאַלערל. „אַ קלעצל פאַדעם".

קנייפּער, דער — מעסערל מיט איין קלינגל וואָס לייגט זיך איין און מיט אַ הילצערן שטילכל. פאַרגלייך ענגליש: Knife.

קראַגן, דער — ושט, ביי אַ הון.

קרוכע — מערביק. קרוכע קאַרטאָפל, קרוכע קיכלעך.

קרייזלפוס, דער — גריישלפוס, אַ קעלבערן פיסל געקאָכט אויף קאַלטן (פּע־טשאַ) אין איינעם מיט קישקעלעך.

ראַפּע, די — ווייסע אויגן־מאַטעריע. „ראַפּע אין די אויגן". „ער האָט פאַר־ראַפּעטע אויגן."

ריץ, דער — מיש, אַ מיש אין קאָפּ. „ער האָט אַ ריץ אין קאָפּ."

רענטלעך — ציכטיק. „אַ רענטלעכער מענטש."

שקרות (שאַקרעס) — שווינדל ביי קאָרטן. „דער קאַזוואַניעץ מאַכט שקרות".

שוידערגעלט, דאָס — דאָס געלט, וואָס מען נעמט אַראָפּ ביים קאָרטנשפּיל נאָך יעדער קאָן פון דער באַלעבאָסטעס וועגן, ווען מען שפּילט אין אַ שענק.

שטויס, דער — וואָרשטע. „אַ שטויס ביכער."

שטויסל, דער — אַ וואַלצל פון גאַסאייזן, פון מעש, וואָס מען שטויסט דערמיט אין מערזשל (זע: מערזשל).

שטאָקעדיק — פינצטער, שטאָקפינצטער. „אַ שטאָקעדיקע נאַכט."

שיבערן זיך — זיך קראַצן.

שיפּן — אויפציטערן. „ער האָט זיך איבערגעשראָקן און געטאָן אַ שיפּ"; „ער האָט אַ שיפּ געטאָן פון שלאָף."

שפּאַל, ־ן, דער — שטיפטן. די הילצערנע שטיפטן וואָס מען קלאַפּט אַריין אין די זוילן. „געשפּאַלטע פאַדעשוועס."

געזאַמלט דורך צבי פּרלה און זאב יוניס (תל־אביב)

# ווערטער און ווערטלעך

**אויפשטעכן דעם בלאָטער** = מאַכן אַ סוף.
**אויפשטעכן דעם בלאָטער מיט עמיצן** = אויסשטעלן פּאַר אַ שייגעץ.
**אָן איי אויף מאָרגן** = עס וועט גאָרנישט אַרויסקומען
**איינמאַכן אין אַ קליין טעפּל** = באַגאַטעליזירן.
**אויף שאָקענע נײַנציק כּפּרות** = מען דאַרף עס נישט.
**אויף שאָקענע נײַנצקי כּפּרות** = מען דאַרף עס נישט.
**אויף הונדערט טויזנט אָרליי** = אויף נישט צו באַדאַרפֿן.
**אַרויסצובלעקן די צונג** = אַרויסשטעקן די צונג.
**אַרײַנטאָן די באָבע מיטן זיידן** = נישט שפּאָרן.
**אַרזמברויען** = שטיפֿן.
**אויף מיין יאנדעס (יהדות)** = אויף מיין נאמנות.
**אַז מען האָט אַ טאַטע אַ הונט, זאָגט מען אים אויך נישט אפּודזשעס**
**איינרוימען אַ סוד די מייז** = רעדן שטיל.
**אויסגעפּוצט ווי רעכעלע צום גט** = שיין אָנגעטאָן.
**אויסזען ווי אַ רוח אין באָרשט** = שלעכט אויסזען.
**איינשלינגען אַן אָקס מיט קאָפּיטעס** = עסן אַ סך.
**אַן אויסגעשטופּטע קישקע** = אַ פרעסער.
**אַרײַנפאָרן** = אַריבערפאָרן די גרענעץ.
**אָסור אַ בראַק** = עס הויבט זיך נישט אָן.
**אינוויינִיק** = אויף יענער זייט גרענעץ.
**אַן אמבע** = 2 נומערן אין דער זעלבער שורה אין טערנעשקע.
**איטשע פּיטשע, מייזלדרעק, נעם אַ שפּענדל שאַר אָוועק.**
**איינגענומען פלוידערוואַסער** = רעדט אַ סך.
**אָנ׳סליחה׳נען** = אָפּנאַרן.

**אַשפּער** = אָפּנאַרן.

**אַנגעזיקעוועט** = פול מיט גוטס.

**אַנדערש נישט ווי דרייצן** = אַנדערש ווילסטו נישט ?

**אויסגעצויגן זאָלסטו מיר ווערן** = אַ „וואונטש״ בײַם ניסן.

**אָביערקע** = שאָל פון קאַרטאָפל.

**באָכניע** = אַ שטויס מיט דער פויסט.

**בעטשן** = וויינען.

**בלעקעצן** = דער גלח בלעקעצט.

**בייז מזל** = האָט אַ גוט מזל.

**אַ בראַק** = אַ שטיקל.

**די באַבעליאַקע וועט דיך נעמען** = אָפּצושרעקן קינדער.

**בויקער** = אַ קלאַפּ.

**באַניקערן** = קערן.

**כ׳בין נישט דיין משה מחויב** = כ׳בין דיר נישט פאַרפליכטעט.

**גוט שבת טריינע, רעטיך איז טייער** = אויך מיר אַ נייס.

**ס׳גייט אַ פּגר** = אַ גויישע לוויה.

**דאָס גייעס** = דאָס פויערן־פאָלק.

**גלויבן ווי אין טולע (תלוי)** = גלויבן ווי אין גויישן גאָט.

**גלייך ווי אַ קרומפּלהאָלץ** = קרום.

**גוליע** = נאַר.

**גראָפּע** = אַ טאָפּ.

**גיין אויפן בויך** = קריכן.

**בעשלידער** = פלייש־אָפּפאַל.

**דזשאָכניע** = אַ שטויס.

**דעק** = אַ פערינע.

**דרערדליגער** = קאַרגער.

**דערציילט פייגל אין דער לופטן** = טרייבט איבער.

**דערגיזלט** = פאַרשוויצט.

**דראָט און דרים** = גראָד און אום.

**אַ דיטיע** = אַ זעקסער.

**דאָ שטעל דיך נישט, דאָ מעק דיך נישט** = גאָרנישט איז דערלויבט.

**האַרצשטאַרק** = אַמאָניאַק צום שמעקן יום־כפור.

**הייוון** = הייבאַם.

**הונט מיט אויערן** = רשע.

**האַק און טרען** = שווער איבערצוצייגן.

**האַלט זיך גרויס, ווי ר׳ קעקלס אייניקל** = אַ „יחסן״.

**האָט געהאַט אַ גוטן יאַריד** = טראָגט דאָס היטל פאַרדרייט.

**האַנטקעסקאַף** = תקיעת־כף.

**האָסט אַ דרעק צו באַפעלן** = האָסט דאָ גאָרנישט וואָס צו זאָגן.

**העכטלעך** = אומלעגאַלע עמיגראַנטן.

**ווימפּערלעך** = געקאָכטע אייטערן.

**וויעזע, קאָזע** = תפיסה.

**ווערן אַ גביר פון אַ נאַכטקראַץ** = פון אַ גניבה.

**אַ וויש איבער דער נאָז** = שאַרף אָפּענטפערן.

**ווי אַ יוכטעווע כאָלעווע** = נישט אײדל.

**וואַרפן זיך ווי שלאַקריריק** = זיין שטאַרק אין כעס.

**זאַליען** = פּישן (ביי פערד).

**זילער** = בוידעם.

**זאָג דער באָבע יורע גוטוואָך** = מיך וועסטו נישט אָפּנאַרן.

**כמאָל** = גראָבער יונג.

**טשעפּע זיך צו צו אַ באַן, וועסטו שנעלער פאַרפאָרן** = טשעפּע זיך אָפּ פון מיר.

**טרוקן ווי אַ דראַפּעק (בעזים)** = מאָגער.

**טשאַקער** = ליגנער.

**טערנעשקע** = חנוכה־שפּיל, לאַטאָ.

**טשיפּ** = איבערמאָס.

**יחצן** = אַ „יחסן״.

**יאָק** = טיפּש.

**יוקעוו, יוקעוו־יונה** = אַ נאַר.

**יענער דעבעגט** = אַ מענטש, מיט וועלכן ס׳איז שווער דורכצוקומען.

**אַ כליאַפּ** = אַ שטאַרקער רעגן.

**לאַבערן (דאַבערן)** = רעדן אַ סך.

**לאָזן זיך אָפּשניידן אַ פּאָלע** = פאַרבייגיין, פאַרזען אַן עולה און ענדיקן.

**לייגן די גאָל** = פּלאַצן.

**לעקער** = צונג ביי אַ בהמה.

**לאַפּסערדאַק** = אַן אָפּגעלאָזטער.

**לייבסערדאַק** = אַ ווינטער מלבוש.

**לייגן הינטערן אויער** = געדענקען.

**לייגט נישט הינטערן אויער** = ער פּאַסט נישט.

**לאַחמע ברויט** = גרויס שטיק ברויט.

**ליאַפּ** = פּאַטש.

**מלאַווער גאַפּע** = מלאַווער נאַר.
**מעכל האָט אַ קרעמל** = שטענדיק פאַרנומען מיט דער זעלבער זאַך.
**מישאַדעמאַנקע** = צוזאַמענמישונג.
**אַ מעסער, ס'זאָל נישט וואַקסן גרעסער** = אַ טעמפּ מעסער.
**מלינאַרסקע סוכאַטעס** = דיק.
**מוילעכער** = שמוגלער איבער דער גרענעץ.
**ניוזשעקל** = דאָס יינגסטע קינד.
**ניאַניע** = אַ גרויסע נאָז.
**סאַרנער** = שלעכטער סוחר.
**סוואָנד** = טשאַד, שלעכטער ריח.
**סמאַלע־קאַפּ, סמאַלע־ט...** = שוסטער.
**עסט אַן אַ באַדעם** = עסט אַ סך.
**פלוישער** = רעדט אַ סך.
**אַ פייג מיט עסיק** = גאָרנישט.
**פידעס** = האַלצערנע פלייצעס פאַר אַ וואַסערטרעגער.
**פישאָטן היטל** = פוטערן היטל.
**אַ פישער, מאַכן אַ פישער** = מאַכן אַ פשרה.
**פאַמעשאַף** = אַ כלי פאַר שמוציק וואַסער.
**פונקט פערצן** = דווקא אַזוי ?
**אַ פולן ווי הייסמעס** = שטענדיק באַשעפטיקט.
**אַ פולן ת... מיט ווערטשאַפּט** = שטענדיק באַשעפטיקט.
**פון פאָרנט יאַקיש, פון הינטן פיוויש** = אַ משונהדיק אָנטון.
**פאַרשטאַנענע גריוון** = אַ פאַרעלטערטער ענין.
**פאַרמאַך ס'געוועלב** = פאַרמאַך די קנעפּלעך ביי די הויזן.
**פנים פון אַ גראַפּע** = ברייט פנים.
**פלינדזן** = לאַטקעס.
**פאַמיעס** = שמוציק וואַסער.
**פערגן** = לויפן.
**פאַרליאַפּעט** = פאַרליבט.
**ס'פאַלט פון אים דאָס פלייש** = האָט עגמת נפש.
**פראַסק אין פיסק** = אַ פאַטש.
**פעלטשיקער רעטיך** = הוילער רעטיך.
**צוועטל די פישערן** = ווען מען האָט געהאַט 12 ביי טערנעשקע.
**צערייסן דאָס ליילעך** = האָבן עגמת נפש.
**צוויקל באַרשט** = בערקעס.
**צעדריזשדזשעט** = אַרויס פון דער פאָרם.

**קהלה מישער, קהלה גראַבלער** = כלל־טוער, אַ נישט באַליבטער.
**קליינער** = דער יויזל.
**קורדופּ** = קליין און דיק אויף קרומע פיס.
**קאָפּ, מוח, געדערעם, ת...** = משוגענער פילאָזאָף.
**קוואַטש מיט זאַץ** = גאָרנישט ווערט.
**קלוג בילעט** = זייער קלוג.
**קאַלטע גריץ** = אַ פאַרעלטערטער ענין.
**אַ קונץ פון אַ בעקער, נעמט אַ טייגל, מאַכט אַ בייגל.**
**קלוג ווי אַ הייס ברויט** = אַ נאַר.
**קוקט אויף די הינער, פייגערן די געגנדז** = אַ סקאָס, אַ שיקלדיקע.
**קליסקעלעך, קלויצקעלעך, קלויצקעס** = טייג־געקעכטס.
**רייסן פון זיך פאָסן** = פאַרדריסן.
**רייסן פון זיך די שטשערווא** = פאַרדריסן.
**רעדן ווי פון אַ טין** = רעדן הייזעריק.
**רישערן (ראש העיר)** = בירגערמייסטער.
**רעבעל** = ווילד.
**רעפּטל** = עק פון אַ ברויט.
**ראַצער** = סמאַרעק.
**ראַמפּלען** = לויפן שנעל.
**שאַבעלעך** = פאַסאָליעס.
**שילגעלעך** = טייג־עסן.
**שערי־רחמים** = תפיסה.
**שאַלאַטן שאַמעס** = בחינעמדיקער שליח.
**דער שטן האָט דעם קאַטאַר** = אומדערוואַרטע שטערונג.
**שליאַך, שליאַכע מירל** = אַ שמוציקע.
**שמאַדער** = אַ שמוציקער.
**שטשאַפּעס האַלץ** = שטיקער האָלץ.
**שטעל אַרויס דעם איוון** = ווען עס קומט אַ זעלטענער גאַסט.
**שלאָגן אַ גראַשן אַ פונט** = גוט אָנשלאָגן.
**שוועבצלען** = הייליקן דאָס עסן דורכן גלח.
**ס'שטינקט פון קאָפּ** = די אָנפירונג איז שולדיק.
**ס'שמעלצט מיר דער פּאַמעשאַף** = ס'איז נישט קיין גרויסער יחוס.
**שמאַדאַלניק** = כיטרער קאָפּ.
**אַז דו שטאַמסט פון רב קעקלען** = איינגערעדטער יחוס.
**שאַוער** = שמוציקער.

**שמייסערס** = וואָס פירן מענטשן אין באָן אָן בילעטן.
**שיינט און געגעצט** = זעט שלעכט אויס.
**שיערן** = זאַמלען אַלטוואַרג.
**שאַכריי** = גנב, שווינדלער.
**תנא באַרטעק** = נישט קיין גרויסער תלמיד־חכם.
**אַ תירוץ פאַר די מייז** = ס'איז נישט קיין תירוץ.

# צונעמען

(צוזאמענגעקליבן דורך דער רעדאקציע אין תל־אביב)

אברהם טשוואק
אברהם יאק
איטשע קאטער
אברהם לאקש
איטשעלע זעלצאק
אפטייקער
איקענעס
אליהו טורעק
אתה ידעת

באבסערטשינא
ביקיע
ברוך סאביעסראל
ביאץ
בנימין האן
בורא רפואות
בידליאק
בידקאזש

געלער פיערעק
גרויסער מאש
גרינער מענדל
געלער מענדל
גרינער וואלקער
גוזשיק

גאטיע
גאפע יאיע.
גראדול
געלער פנחס
דייטשער סוואנד
דוד הערש גראבער קאפ

הערשיע קודש
הערשל טראלעלא
הערשל יעזוס
האזטשינע
העינדל

ונתנה תוקף
וועלוול קיטעק
זלמן קראדניק
זרח וואלאזש
זיידעיע

חזקאל כאם
חנא גארשקעס
חיים גראדול
חיל גאפא
חיים הארש
חנה יאש

חסיד׳ל
כאַדאַק
חאַמעלע — קוויאַט

טאַטע מלך
טל ומטר
טויטער מענדל
טאַטעיע

יעקל גלאַצער
יעקב מאיר ציצעק
יואל לעטקע
יידל קלוך
יעקעלע אונטערהויזן

כביכול

לייבל לאַפּעטשאַק
לייבל אַביערקאַ
לייבל פּראַל
לאַדנאַ
לייבל פּאַמיעס
לייפּער
לייבל מיט די מויז
לייבל מאַטשעק
לייבל פּולטאַראַק
לאַנגער מענדל
לייביש קודש
לייבל גראַפּע
לעוועק
לעטקע

מענדל מלאך
מה טובו
מאַטיע מיטן פערדעיע
מיכאַל נאַסאַל

מאַניע סראַק
משה מיט די עליות
משה שאַחריי
משה קאַפּ
מאַשקאַ שמש
מענדל קיקעלער
משה בער דער טויטער
מויטע פייטע
מאַטע לייב ראַנטשקע
מענדקע
משה קראַוויאַזש

סלאַדקע רבקה

עוד בו נשבתו

פורים קטן
פסח קאַזשיעבאַרד
פורימיע
פעפעדיע
פאַנפאַל
פאַטערלאַנד
פאַניע
פייזול פיעכאַט
פאַליאַק
פיפעק

צאַץ
ציבעלע

קאַלטן
קיווקע פאַרך
קיווקע גנב
קויטשע
קליינער משה׳לע
קויטשע פאַרך

קליינער אַדמ״ל
קוקאַווקאַ
קאַרדוניק
קאַשטאַן
קעזל
רויטער טל ומטר
רויטער בנימין
רביע
שמעון קלאַפּס
שוואַרצער משה׳לע
שיע שקאַפּ
שטינקיע
שוואַרצער אברהם
שוואַרצער יאַסקע
שטורמאַק
שמואל הקטן

י. אפּאַטאָשו

# חומש־ווערטער

אין 1932 האָט נחום שטיף ביי מיר געבעטן די טייטשן פון די: 1) חושן־שטיינער, 2) די אומריינע עופות און שרצים, 3) קליידער און צירונגען (ישעיה ג 18־23), 4) אורשה און אועד.

איך האָב אים צוגעשיקט די טייטשן וואָס איך האָב געדענקט פון ייִנגלווייז. שטיף האָט די טייטשן, דוכט זיך, אין ערגעץ ניט פאַרעפנטלעכט. דעריבער גיב איך זיי איצט איבער. די טייטשן האָב איך פון מיין מלמד, וואָס גערופן האָט מען אים פסח מלמד; געלערנט האָב איך עס אין די יאָרן 1893־1894, אין מלאָווע.

1) די שטיינער אין חושן (שמות כח 17־20)

| | |
|---|---|
| אדם — | רובין |
| פטדה — | פריזאַנט (מיין פאָטער האָט געטייטשט טאָפּאַז) |
| ברקת — | גאַרפינקל |
| נופך — | שמאַראַק |
| ספיר — | סאַפירשטיין |
| יהלום — | פערלמוטער |
| לשם — | טירקאַז |
| שבו — | טאָפּאַז |
| אחלמה — | קרישטאָל (מיין פאָטער האָט געטייטשט אַמעטיסט) |
| תרשיש — | יאָכצונג (יאָכצום) |
| שוהם — | אָניקל |
| ישפה — | יאַשפּיז |

2) אומריינע עופות און שרצים (ויקרא יא 13־19, 22, 29, 30 און דברים יד 12־18)

| | |
|---|---|
| **הנשר** — | אָדלער |
| **הפרס** — | האָפּיכט |
| **העזניה** — | גריף |
| **הדאָה** — | רויטע ווײ |
| **האַיה** — | ווײסע ווײ |
| **הערב** — | גאָפּע (קראָ) |
| **בת־היענה** — | שטרויספויגל |
| **התחמס** — | אָמסיל |
| **השחף** — | קוקוק |
| **הנץ** — | שפּאַרבער |
| **הכוס** — | אײל |
| **השלך** — | רײניר |
| **הינשוף** — | שטאָקאײל |
| **הקאת** — | קראָ |
| **הרחם** — | אָגלאָטשיר |
| **החסידה** — | שטאָרך, באָטשאָן |
| **האנפה** — | ווידהאָפּ |
| **הדוכיפת** — | אויערהאָן |
| **העטלף** — | פלעדערמויז |
| **הסלעם** — | פעלדשפּרינגער |
| **החרגל, החגב** — | הײשעריק |
| **החלד** — | וויזל |
| **העכבר** — | מויז |
| **הצב** — | שילדקראָט |
| **האנקה** — | איגל |
| **הכח** — | אײכי |
| **הלטאה** — | אילטיש |
| **החמט** — | שנעק, טשערעפּאָכע |
| **התנשמת** — | מאָלוואָרף |
| **הראה** — | ווײ |
| **הדיה** — | גײער |
| **הרחמה** — | אײאָר־גײער |

3) קליידער און צירונגען (ישעיה ג 18־23)

| | |
|---|---|
| העכסים — | שיכלעך |
| השביסים — | שטערנטיכלעך |
| השהרנים — | האַלבע לבנות |
| הנטפות — | שנירלעך פערל |
| השרות — | אָרעמבענדלעך |
| הרעלות — | הילעס (פון הילן ?) |
| הפארים — | הוטן |
| הצעדות — | בראַסלעטן |
| הקשרים — | פוסבענדער |
| בתי הנפש — | ברוסטטיכלעך |
| הלחשים — | קמיעות |
| הטבעות — | רינגעלעך, פינגערלעך |
| נזמי האף — | נאָזרינגען |
| המחלצות — | העמדער |
| המעטפות — | מאַנטלען |
| המטפחות — | טיכלעך |
| החריטים — | בייטלען |
| הגליונים — | שפיגלען |
| הסדינים — | ליילעכער |
| הצניפות — | שלייערן |
| הרדידים — | געוואַלגערטע בלעכן |

4) די ווערטער אורשה און אועד

וכי יפתה איש בתולה אשר לא אורשה (שמות כב 15) — אַנטשפּויזט.
אשר לא יעדה (שמות כא 8) — געקערט אַנברייטען.
אשר אועד לכם שמה (שמות כט 42) — אויסזעצן אַ צייט.

פון דער רעדאַקציע: מיר ברענגען די דאָזיקע חומש־ווערטער אויך איבער פּראַקטישע מאָטיוון. מיר האַלטן אַז אָט די טייטשן וואָס האָבן הינטער זיך אַ טראַדיציע פון הונדערטער יאָרן קענען נאָך אויך איצט צונוץ קומען ביים אויסגעפינען די פּאַסיקע ווערטער פאַר שטיינער, פאַר פייגל און שרצים.

(„יידישע שפּראַך“, 1941, ניו־יאָרק)

צוזאמענגעשטעלט דורך צבי פרלה און זאב יוניס (תל־אביב)

# מלאַווער אויסשפּראַך

**די מלאַווער ייִדן האָבן גערעדט ייִדיש מיט אַ ספּעציעלער אויסשפּראַך, וואָס איז, מיט אייניקע אָפּנייגונגען, כאַראַקטעריסטיש אויף פאַר דער אומגעגנט.**

1) „יִ" פאַרן סוף וואָרט האָט מען אויסגערעדט ווי „יע":

**איך — איעך**
**שיך — שיעך**
**זיך — זיעך**
**פיר — פיער**
**קאַליר — קאַליער**

2) „יי" האָט מען אויסגערעדט ווי „אָאָ"

**ווייב — וואָאָב**
**ווייזער — וואָאָזער**
**רייך — ראָאָך**
**אריין — אראָאָן**
**פויערטע — פאָאָרטע**
**ווייַן — וואָאָן**
**צייט — צאָאָט**
**שניידער — שנאָאָדער**
**אייזן — אָאָזן**
**בלייבן — בלאָאָבן**

**„יי" ווי אַי**

**פליישׁ — פלאַיש**
**גיי — גאַי**
**קלייד — קלאַיד**
**דרייען — דראַיען**

3) „אָ" פילמאָל ווי „וע"

גלאָז — גלועז
וואָס — וואועס
באָרד — בוערד
אָן — אוען
צאָן — צוען
יאָר — יוער
האָר — הוער
שטאָט — שטועט

4) „וי" האָט מען אויסגערעדט ווי „אַאָ" אָדער ווי „אויע"

רוימען — ראַאָמען
בויך — באַאָך
לויט — לאַאָט
אויס — אַאָס
שרויף — שראַאָף
הויז — האַאָז
מויער — מאַאָר
הויט — האַאָט
פויער — פאַאָר

אָדער

רויך — רויעך
הויך — הויעך

5) „ע" אין סוף פון וואָרט ווי „אָ"

מלאַווע — מלאַווּאָ
וואַרשע — וואַרשאָ
באָבע — באָבאָ
זיידע — זיידאָ
מאַמע — מאַמאָ
פראַגע — פראַאָגאָ
שיסעלע — שיסעלאָ
לאַגע — לאַאָגאָ

6) צווישן צוויי קאָנסאָנאַנטן אין סוף וואָרט האָט מען אָפט צוגעגעבן אין דער אויסשפּראַך אַן „ע״

שטאַרק — שטאַרעק
מאַרק — מאַרעק
פאַרך — פאַרעך
באַרג — באַרעג
מילך — מילעך
קאַלך — קאַלעך
הילף — הילעף
דאַרף — דאַרעף
פינף — פינעף

7) „י״ איז אָפטמאָל אויסגעשפּראָכן ווי „ע״

ליכט — לעכט
געדיכט — געדעכט
קיך — קעך

8) לויט דער אויספּראַך קען מען פילמאָל אונטערשיידן צווישן סינאָנימען
9) די „ל״ איז געוואָרן אויסגעשפּראָכן זייער האַרט

| | | |
|---|---|---|
| טויב | טויב | — נישט הערן |
| | טאָאַב | — אַ פויגל |
| לייב | לאַאַב | — קערפּער |
| | לאַיב | — אַ חיה |
| קויל | קויל | — צום ברענען |
| | קאַאַל | — צום שיסן |
| זייט | זאַיט | — אין אַ פידל |
| | זאַאַט | — רעכטס אָדער לינקס |
| גרייז | גראַיז | — אַלט |
| | גראַאַז | — פעלער |
| שיין | שאַין | — נישט מיאוס |
| | שאַאַן | — ליכט |
| לויט | לויט | — אַ טייל פון אַ פונט |
| | לאַאַט | — אַזוי ווי |
| מיידן | מאַידן | — מיידלעך |
| | מאַאַדן | — אויסמיידן |

| | | |
|---|---|---|
| **פאַרט** | פאַרט | — **דאַך** |
| | **פוערט** | — **רייזט** |
| **דראַט** | **דרוט** | — **עס דראַט אַ געפאַר** |
| | דרועט | — **פון אייזן** |
| **רעדער** | **רעדער** | — **וואָס רעדט אַ סך** |
| | רעידער | — **פון אַ וואָגן** |
| קוועלן | קוועלן | — **הנאה האָבן** |
| | קוועילן | — **צודרוקן** |
| **דריי** | דראַי | — **אַרומדרייען** |
| | **דראַאַ** | — 3 |
| **וויין** | וויין | — **ווײנען** |
| | וואַאַן | — **צום טרינקען** |
| **הויך** | הויעך | — **נישט נידריק** |
| | האַאַך | — **אַ בלאַז** |
| **הויז** | הויז | — **פון אַ פּאַר הויזן** |
| | **האַאַז** | — **צום וואוינען** |

אַריה זימנאָוויטש

# אַזוי האָט זיך עס אָנגעהויבן

## אַזוי האָט זיך עס אָנגעהויבן.

שוין אַ חודש ווי היטלעריסטישע האָרדעס האָבן באַזעצט די שטאָט מלאַווע. שרעקלעך איז געווען דער אויסזען פון דער שטאָט, ביי 60 פּראָצענט פאַרברענט און צעקלאַפּט. ווען דער שמש פון אַלטן בית־המדרש איז אַרומגעגאַנגען פון הויז צו הויז מיטן גלאָק אין האַנט און האָט גערופן די יידישע איינוואוינער אויסצוהערן דעם באַפעל פון לאַנדראַט (קאָמענדאַנט פון שטאָט) וועלכער לויטעט: היינט פּינקט־לעך אַזייגער איינס נאָך מיטיק זאַמלען זיך אַלע יידן וועלכע געפינען זיך אין מלאַווע — ביים מאַגיסטראַט, בכדי אַרויסגעשיקט צו ווערן. געווען איז דאָס שמחת־תורה 1939.

צעטומלט זיינען מיר אַלע געוואָרן פון דער ידיעה, אַלע האָבן גענומען זיך גרייטן צום גלות נישט ווינסדיק וואוהין. די ווייבער האָבן יעדעס קינד אָנגעטאָן וויפיל ס'איז נאָר אַרויף, און דערביי יאָמערלעך געוויינט: „ממעקים קראתיך ד'." שרעקלעך האָבן אַלע אויסגעזען ביים פאַרלאָזן די היימען, ירושות פון דורות. אונדזערע עלטער־זיידעס האָבן דאָס מיט זייער שוויס געבויט און די אייניקלעך מוזן דאָס אַלץ לאָזן אויף הפקר, צום רויב פאַר אונדזערע היימישע שכנים...

צו דער באַשטימטער צייט, כמעט אַלע יידן געפינען זיך אויפן באַשטימטן פּלאַץ (גאָר אַ קליינער טייל האָט זיך אויסבאַהאַלטן). ווען איך בין געקומען צום פּלאַץ זיינען שוין געווען אויסגעשטעלט רייען אין מיליטערישן אָרדענונג. בראש מיט אונדזער מלאַוועד רב הרב סעגאַלאָוויטש זצ"ל. זיין געזיכט, ווייס ווי קאַלך, אָבער דעם קאָפּ הויך, גרייט מיטצוגיין מיט זיין עדה אין גלות. מ'שטייט רואיק מיט די פּיטשינקע קינדערלעך אויף די הענט. די מאַמעס לאָזן נישט וויינען. און דערווייל פילנעוועט מען אונדז, מ'פאָטאָגראַפירט אונדז, מ'טרייבט חוזק

פון אונדז. און מיר, מיר וואַרטן אויף אַ נס, דאָך אַמאָל ביי יידן געשען ניסים.

ס׳קומען, ווי די טייוולאָנים, פּראַכט־אויטאָס. מיר ווערן אומרואיקער. אוי אַ נס זאָל געשען!?

קאַלט און אַכזריותדיק קומט דער באַפעל! אַרויף אויף די מאַשינעס! דער ערשטער זיצט אויף דער רב. די נאָנטע העלפן אים אונטער. ער איז גרייט מקדש־השם זיין. ס׳דויערט עטלעכע מינוט, אַ צענדליק מאַשינען שוין פול אָנגעפּאַקט מיט יידן. די מאָטאָרן הויבן אָן רוישן. אַלע וויינען יאָמערלעך. די מאַשינען רירן פונעם אָרט. דאָס געוויין ווערט הויך, העכער. און געשען איז אַ נס. מ׳הייסט אַלע פונאַנדערגיין זיך. די מאַשינעס פאָרן דורך די פּלאַצקער גאַס, וואַרשעווער גאַס. מ׳הייסט זיי אויך גיין אַהיים.

קורץ נאָך דעם, — אונדזער הויך געוויקסיקער שמש, פונעם אַלטן בית־המדרש, קלינגט שוין ווידער אין די יידישע הייזער: „היינט איינס בייטאָג קומען זיך אַלע יידן צוזאַמען אין שטאָטישן גאָרטן, קעגנאיבער דער פּוילישער גימנאַזיע. נעמען מיט זיך אַלע ווערט־זאַכן — גאָלד, געלט און אַלע אַנדערע ווערט־זאַכן. ווער ס׳וועט נישט קומען, דער וועט שטרענג באַשטראָפט ווערן“. פאַרזאָרגטע און פאַרצאָרנטע האָבן זיך מאַסן מענטשן געצויגן צום באַשטימטן אָרט. די רוצחים זיינען געלאָפן פון איין יידיש הויז אין צווייטן, האָבן אַרויסגעטריבן די יידן, און אין דער זעלבער צייט גענומען וואָס ס׳האָט זיך געלאָזט. איך, מיינע צוויי ברידער און דעם מצבה־קריצערס (גורפינקל) אַ זון, האָבן מיר זיך באַצייטנס פאַרשטעקט אין אַ ספּעציעל צוגעגרייט אָרט אונטערן דאַך, וואו איין מענטש האָט זיך קוים געקענט באַוועגן. מ׳האָט געזוכט, גענישטערט. ס׳איז אונדז דאָס מאָל געלונגען, אָבער 5 טעג האָבן מיר קיין טראָט נישט געקאָנט שטעלן, אַזוי צוזאַמענגעקוועטשט זיינען מיר דאָרט געווען ביז 5 שעה.

און זיי די מלאַוועער יידן האָט מען באַפוילן אַרויסצולייגן אַלץ, וואָס זיי פאַרמאָגן, נאָר צוויי הונדערט זלאָטעס איז דערלויבט זיך איבערצולאָזן, געגלויבט האָט מען קיינעם נישט, אַלע האָבן זיך געמוזט אויסטאָן אָדם נאַקעט, מענער און פרויען, מ׳האָט אַלע גוט רעווידירט. פיל האָט מען צעשלאָגן, צוגענומען פינגערלעך, זייגערלעך, אוירינגלעך און בכלל אַלץ וואָס ס׳האָט געהאַט עפּעס אַ ווערט.

און יידן האָבן געדאַנקט דעם רבונו של עולם: „גם זו לטובה“, אַבי ס׳נפש איז נאָך פאַראַן.

מ׳האָט געזען ווי די שוואַרצע כמאַרע לאָזט זיך וואָס אַמאָל נידעריקער איבער אונדזערע קעפּ, די גמינע מוז צושטעלן יעדן טאָג אַ געוויסן סכום יידן צו דער אַרבעט. מ׳שלאָגט ביי דער אַרבעט. אין לאַץ פון דער מאַרינאַרקע מוז מען טראָגן אַ בלעכענעם נומער, לויט דעם נומער, ווי מ׳איז געווען רעגיסטרירט אין מאַגיסטראַט. אַ ייד איז נישט דערלויבט צו גיין מיטן טראָטואַר. אַ ייד

מוז ציען דעם הוט פאַר יעדן היטלעריסטישן נבזה. מ'רייסט בערד ביי יעדן ייִדן, וואָס מ'טרעפט אין גאַס.

ס'דערמאָנט זיך מיר ווען כ'האָב איינמאָל דערזען מיין פאָטער מיט אַ האַלבער באָרד און אויגן גרויסע, פאַרלאָפענע מיט בלוט פון צער און צאָרן. האָט זיך ביי מיר אַרויסגעריסן אַ היסטעריש געלעכטער... ביז כ'בין געפאַלן אין חלשות, מיין פאָטער הי"ד האָט זיך פאַרבונדן דאָס פנים... פאַרשיידענע גזירות פּרוּוווט מען אָפּרופן מיטן אַלטן אויספּרובירטן מיטל — מ'גיט שוחד, פאָקענע מאַנטלען, גאָלדענע זייגערס...

ס'הערשט דער מסור שלום גוטמאַן. די שטימונג ווערט נאָך ערגער מיט די קלאַנגען: מ'וועט פאַרברענען די שול.

ס'קומען ייִדן פון די אַרויסגעטריבענע שטעטלעך, וואָס אַרום מלאַווע. די מלאַווער ייִדן נעמען זיי אויף, מ'פאַרשאַפט פאַר זיי שטובן. יעדער קוועלט זיך. מ'שאַפט פאַר זיי עסן, זיי זיינען דאָך „אַחים לצרה". בכלל האָט איינער דעם צווייטן געהאָלפן מיט וואָס ס'איז נאָר געווען מעגלעך.

און דאָס דערוואַרטעטע איז געשען.

אין אַ געוויסן פרייטיק צו נאַכט, צוועלף אַזייגער, רויטע פלאַמיקע צונגען רייסן זיך אין הימל אַריין, אַלע פאַרשטייען וואָס דאָס באַדייט. ס'ברענט די שול. די פויסטן ביילן זיך, די ברוסטן קלאַפּן האַסטיקער. אַלע אַרומיקע קוקן זיך שטום אין די אויגן. אונדזערע טאַטעס, מאַמעס הויבן די הענט צום הימל: „פאַרוואָס אַזאַ ביטערער גזר־דין? אָ, גאָט, ווי קענסטו דאָס צוזען?"

מ'קוקט דורך אַ שפּאַרע: ייִדן לויפן מיט עמערס. אפשר וועלן זיי לאָזן פאַרלעשן? מיר אַלע טוען אויך דאָס זעלבע, מענער, פרויען, אַלע מיט עמערס לויפן מיר צו דער שול. יאָ, זיי, די מנוולים, שטייען, גיבן אַכטונג. לאָזן קיינעם נישט צו. איר ייִדן האָט אונטערגעצונדן די שול בכדי צו קאָמפּראָמיטירן דאָס אידעלע דייטשישע פאָלק. ברענגט וואַסער גיסט אויף די אַרומיקע הייזער זיי זאָלן נישט פאַרברענט ווערן.

מיר איז אויסגעקומען שטיין אויפן דאַך פון אַ הייזקע לעבן דעם אַלטן בית־המדרש. די שול, דאָס נייע בית־המדרש זיינען שוין אינגאַנצן אַרומגענומען פון פלאַמען. אין שטאָט איז ליכטיק ווי בייטאָג. דאָס אַלטע בית־המדרש ברענט נאָך נישט. זיי האָבן זיך געריכט — דאָס פון דער שול וועט זיך שוין דאָס פייער איבערטראָגן צום אַלטן בית־המדרש. אונדזער הויכע שול האָט נישט געוואָלט געבן פון אירע פלאַמען צו פאַרברענען איר אַלטע שכנה. די חיות, אין מענטשן־געשטאַלט, באַראָטן זיך מיט די „פּאַטריאָטישע" פּוילישע פּאָליציי. מ'ברענגט שטרוי, מ'לייגט אַרויף בענק, טישן, וואו דורות פשוטע ייִדן האָבן אַזוי ערלעך זייער האַרץ פאַר גאָט אויסגעגאָסן און געבעטן אויף שלום פאַר דער וועלט. ס'וויל דאָך נישט ברענען. ס'דויערט אַ לענגערע צייט

ביז ס׳באַווייזן זיך פלאַמען. ס׳האָט זיך געדאַכט, ווי דאָס אַלטע בית־המדרש קעמפט מיט די שונאים, זייער שר האָט אין הימל גובר געווען...

גאָטס בייזער צאָרן האָט זיך אויסגעגאָסן אויף אַלעם וואָס ס׳איז יידיש.

שמעלצט זיך דער צינערנער דאָך פונעם אַלטן בית־המדרש, מיר גיסן וואַסער אויף די אַרומיקע הייזער, אַלץ גליט, דער שמעלצנדיקער דאָך גיט אַרויס אַזעלכע בלויע קאָלירן. טראַכסט פאַנטאַסטיש, ס׳איז דערפאַר ווייל דאָס בלוט, וואָס טריפט יעצט פון דיין האַרץ, מישט זיך צוזאַמען מיט די דורות לאַנגע טרערן, וועלכע די ווענט פון דעם מקום־קודש האָט אין זיך איינגעזאַפּט, דאָס אַלץ גייט יעצט אין הימל, דאָס וועט זיך אַריינגיסן אין דעם „טרערן־בעכער״, וואָס דאַרף פול ווערן, בכדי די הילף זאָל קאָנען קומען.

די אַלטע באַניסלאַווסקיס און קלעניצעס האָבן געהאַפּט, אַז אייביק וועלן זייערע טאָוולען אַראָפּשיינען פון די געביידעס, נישט זיי און נישט זייער דור האָבן געפילט דאָס אונטער די געביידעס טליעט אַ וואולקאַן...

אונדזערע הענט האָבן די פאַרברענטע ווענט צענומען, געקליבן שטיקלעך פון פאַרברענטע ספר־תורות, שטיקלעך צין פון דאָך אַלס אָנדענק און זכר און הויך געמוזט שרייען „מיר יידן האָבן דאָס אַליין אונטערגעצונדן״!

אַ „האַלאַטע״ עס־עס־לייט האָבן אין איינעם אַ טאָג פאַרפּלייצט די שטאָט מלאַווע. אַ טייל האָט זיך געלאָזט אויף דער וואַרשעווער גאַס אַ הוליע טאָן איבער די נידערגעשלאָגענע יידן. מיין יינגסטער ברודער הי״ד, וואָס איז פון זיי באַמערקט געוואָרן, האָבן זיי מיט אַ פינגער־רוף צוגערופן, גלייך באַקומט ער אַ פּאַטש אין פּנים. ווייל ער איז נישט שנעל געלאָפן ווען זיי האָבן אים גערופן. דער צווייטער קרבן בין איך געווען. מ׳הייסט אונדז מיטגיין, דורכן וועג האָבן זיך אָנגעזאַמלט 30 אַזעלכע אומגליקלעכע. קליינע און גרויסע שקצים ווייזן אָן וואו ס׳וואוינען יידן.

צווישן אַנדערע, געדענק איך, עטלעכע פון די, וועלכע זיינען געווען צווישן אונדז. אַ געוויסער צימערמאַן, גלאַצערס זון, אַלטער, דעם בלינדן שמש זון, סאַפּירשטיין, דעם וואולקער שוחטס אייניקל, מאַנדשטיין, כץ, ניימאַרק ישראל, אַלטער משהס זון.

געטריבן האָט מען אונדז דורך לאַמסקער גאַס, צום שרענסקער שאָסיי, מ׳מאַכט מיט אונדז מיליטערישע איבונגען: פאַלן, אויפשטיין, מ׳שלאָגט, מ׳קאָפּעט, מ׳פּאַטשט.

מיר קומען אין אַ הויף, נישט ווייט פונעם יידישן גימנאַזיום. דאָרט שטעלט מען אונדז אין צוויי רייען. די בעסטיעס ווערן פשוט משוגע פון שמחה. ס׳וועט זיין איבער וועמען אַ הוליע צו טאָן. ס׳שטייען פאַר זיי 30 יידישע בחורים מיט וועלכע מ׳קען מאַכן מיט זיי וואָס ס׳האַרץ גלוסט נאָר. ס׳הויבט זיך אָן מיט אַ שאַכטל סיגאַרעטן. צו איינעם פון אונדז דערנענטערט זיך אַן עס־עס־מאַן

און פרעגט: „יודע, ווילסטו רויכערן?" דער ענטפערט: „יאָ", שטעקט די האַנט צום נעמען, ס'קומט דער ענטפער צוזאַמען מיט אַ קלינגענדיקן פּאַטש אין פּנים: „דו פאַרשאָלטענער ייד, דו האָסט קריג געוואָלט, דו פאַרשאָלטענער האָר בעלישע, דו ווילסט דויטשע סיגאַרעטן רויכערן?"

עס פאַלט דאַן אַ באַפעל איינער זאָל אַרויסגיין אַלס דיריגענט, און ווען אַזאַ איינער מעלדעט זיך (געווען איז דאָס סאַפּירשטיין). דאַן פאַלט דער באַ־פעל זינגען אַ העברעאיש נאַציאָנאַל ליד. דער דיריגענט דיריגירט. מיר הויבן אָן זינגען „התקוה". אַלע זינגען הויך, מוטיק דאָס ליד פון האָפענונג. זיי קריכן אונטער יעדן פון אונדז, הערן זיך צו, צו ער נאַרט נישט אָפּ. אָבער גראָד יעצט האָבן געזונגען אויך די, וואָס האָבן דעם יידישן הימן קיינמאָל קיין כבוד נישט אָפּגעגעבן. רואיק און מיט פאַרוואונדערונג זיינען אָט די חיות געשטאַנען, זיך צוגעהערט. אפשר האָבן שוין דעמאָלט פיל פון זיי געפילט אַז אָט דאָס פאָלק, דאָס דערנידעריקטע, און פאַרפּייניקטע וועט איבערלעבן זיי...

ס'איז זיי געפעלן געוואָרן. „דאָס וואַר גוט". מ'הייסט אונדז זינגען נאָך אַ ליד, נאָר העברעאיש, מיר זינגען דאָס וואָס ס'האָט זיך געפּאַסט צום מאָמענט „תחזקנה".

„יאַ דאַס וואַר אַוך גוט".

20 מנוולים דרייען זיך אַרום אונדז מיט די רעוואָלווערן אין די הענט. איינער וויל איבערשפּיצן מיט אַן אויפּטו דעם צווייטן.

ס'פאַלט אַ באַפעל דריי מאַן זאָלן אַרויסגיין פרייוויליק צום דערשיסן, — — — — — אַ קורצע ווילע טראַכט איך, אפשר וועלן זיי איינעם פון אונדז דער־שיסן און די איבעריקע וועלן געראַטעוועט ווערן. דער מוח ביי מיר אַרבעט שנעל: און אפשר וועלן זיי אויסנוצן די מעטאָדן פון טויט־שרעק, וועלן זיי די פרייוויליקע פירן פון דער צווייטער זייט הויז, שיסן אין דער לופט, אַז די אי־בעריקע זאָלן האָבן טויט־שרעק? (ביים אָנהויב האָט מען זיך נאָך דערלויבט אַזוי צו טראַכטן). און ווען אַלע דערוואַרטן דעם שרעקלעכן גורל פון אומקום — טאָ זאָל איך זיין פון די ערשטע. כ'וועל נישט זען דעם מאַסן־אומקום.

כ'האָב לייכט באַרירט דעם חבר וואָס איז געשטאַנען פאַר מיר אין דער פאָדערשטער ריי. יענער מאַכט אָרט, איך בין אַרויסגעטראָטן, געבליבן שטיין, גלייך אויסגעצויגן, זעלנעריש, געקוקט פאַר זיך, אָבער גאָו'נישט געזען. כ'האָב אַפילו נישט געפילט, אַז לעבן מיר האָבן זיך צוגעשטעלט נאָך צוויי חברים, וואָס ביז היינט ווייס איך נישט ווער זיי זיינען געווען.

דאָס דויערט אַזוי עטלעכע מינוט. „יאַ, ווען איר זענט פרייוויליק אַרויס צום דערשיסן, גייט צוריק אין ריי".

דאַן פאַלט אַ באַפעל: „אַנדערע דריי מאַן אַרויס צום דערשיסן".

חברה, זעענדיק אַז מ'שיסט נישט, זיינען שוין אַרויס דריי מאָל דריי. זיינען

זיי נעבעך צעשלאָגן געוואָרן, אַ שרעק געווען צו קוקן, פאַרוואָס זיי זיינען נישט אַרויס פון די ערשטע.

מ׳האָט זיך געווײַלט, געהוליעט, איבער אונדז מיט זילזולים און קלעפּ. יעדן געשטעקט דעם רעוואָלווער צום שליף.

מ׳צעטיילט אונדז אין פיר גרופּן, אַרום אַ ברונעם. אויף מיר פאַלט אויס צו זיין דער „שואב המים״. ווען כ׳צי אַרויף דעם ערשטן עמער וואַסער, שטעלט מען מיר צו פיר חברים ביז די העלפט אויסגעטאָן. מ׳הייסט זיי אָנבויגן זיך, כ׳קריג דעם באַפעל אָפּצוגיסן, כ׳האָב דעם באַפעל גאַנץ שלעכט אויסגעפּילט, ווייל קודם־כל האָב איך נאָר געגאָסן אויף די ערשטע צוויי. די איבעריקע זיינען נאָר באַשפּריצט געוואָרן, און די גרעסטע טייל וואַסער געגאָסן דערלעבן. ווען איך האָב מיר געטאָן מיין אַרבעט, האָט מען די איבעריקע געשלאָגן מכות־רצח, זיי פרעגן איינעם: „ווען האָסטו זיך ראַזירט?״ דער ענטפער: „היינט״. ער באַקומט שרעקלעך צעשלאָגן פאַר אַזאַ „ליגנט״, דאָן ענטפערט שוין אַ צווייטער נעכטן האָט ער זיך ראַזירט, כאַפּט ער נאָך מער אַריין. אַזוי איז געווען וועגן עסן, שלאָפן, וואַשן אאַז״וו.

ביז זעקס אָוונט איז צו יענער צייט געווען דערלויבט דער ציווילער פאַר־קער. און מיר האָלטן שוין ביי זיבן אַזייגער אָוונט. אויף אַ געוויסן שטח האָבן זיך פונאַנדערגעשטעלט דריי רוצחים, יעדער פון אונדז האָט געמוזט דורך זיי אַדורכגיין, בכדי צו קריגן דעם געזעגן־פּאַטש.

דער ערשטער האָט געהאַט די אויפגאַבע צו געבן אַ פּאַטש אין פּנים, דער צווייטער אַ זעץ מיט אַ נאַהייקע, דער דריטער אַ קאַפּיע מיטן פוס.

יעצט — ווי קומט מען אַהיים? און גיין אַהיים מוז מען. די נאָענטע קאָנען חלילה פון טויט־שרעק פאַר אונדזער גורל אויסגיין, טאַקע איינשטעלנדיק דאָס געראַטעוועטע לעבן, האָבן מיר זיך ווי עס איז דערשלאָגן צום מצבה־קריצערס הויז. יצחק ראַזינס הויז, וואו מיר האָבן ביז יעצט געוואוינט, איז געווען פאַרברענט.

אַ וואָך צייט, האָט מיין יינגסטער ברודער אברהם משה הי״ד יעדן פרי־מאָרגן געמוזט מאַכן מויל־איבונגען, ווייל אַנדערש איז אים אוממעגלעך געווען אָנהויבן רעדן, אָדער עסן. פיל פון אונדז זיינען עטלעכע וואָכן געלעגן צו בעט.

צומאָרגנס, ווען מלאַווער יידן האָבן זיך דערוואוסט, ווי מ׳האָט זיך מיט אונדז „געשפּילט״, האָבן זיי זיך שטאַרק געבייזערט הלמאי, מ׳שיקט נישט אַ דעלעגאַציע צום לאַנדראַט, אַז אַזעלכעס זאָל זיך נישט איבערחזרן...

און אַלץ נידעריקער לאָזן זיך די שוואַרצע כמאַרעס איבער אונדזערע קעפּ.

פאַריתומט איז דער שמש פונע אַלטן בית־המדרש, קלינגט שוין נישט מער מיטן גלעקל. ער גיט נאָר צו וויסן איין ייד, און דאָס איז געבוג: „אין פינף מינוט

אַרום זאָלן אַלע מלאַווער וויסן, אַז דינסטיק אָנהויב דעצעמבער 1939, מוזן אַלע יידן מענער און פרויען טראָגן די געלע לאַטע פון פאָרנט, און אויף דער פלייצע. די לאַטע דאַרף זיין די גרויס פון אַ ציפערבלאַט פון אַ וועק-זייגער. ווער סוועט נישט אויספירן דאָס געזעץ וועט שטרענג באַשטראָפט ווערן". ווען דער אַלטיטשקער ריבאַק האָט אונדז געבעטן, מ'זאָל אויך זיין עלטסטע טאָכטער העלפן ביים אַדורכגיין די סאָוועטישע גרענעץ, האָט ער זיך צעיאָמערט: „איך בין, זאָגט ער, אַן אַלטער ציוניסט. די מיל צוגענומען, דאָס גאַנצע פאַרמעגן צוגענומען, דאָס אַרט מיך נישט, אָבער די שאַנדע פון דער געלער לאַטע דאָס וועל איך נישט איבערטראָגן".

2 טעג פאַר דער לאַטע-גזירה זיצן מיר, 10 מלאַווער יונגע מענטשן אין אַ פויעריש פורל, וואָס פירט אונדז קיין אָסטראָלענקאָ, צו דער רוסישער גרענעץ.

באַרי, איטאַליע, מאַי 1947.

# געטאָ און חורבן

פון דערציילונגען און בריוו באַאַרבעט דורך **צבי פרלה** (תל־אביב)

1940 — 1939

**שוין אייניקע וואָכן** פאַרן אויסברוך פון דער מלחמה האָט געהערשט אין שטאָט אַ געדריקטע שטימונג. פאַרמעגלעכע מענטשן זיינען אַוועק קיין ווארשע און אין אַנדערע שטעט. ווער עס האָט נאָר געקענט, האָט פאַרקלאַפּט טירן און פענצטער, האָט מיטגענומען מיט זיך דאָס נויטיקסטע און געלאָזט זיך אין וועג אַריין, איבערלאָזנדיק דאָס איבעריקע אויף הפקר. מען האָט שוין געזען, אַז לעבן איז קיין לעבן נישט און פאַרמעגן איז קיין פאַרמעגן נישט.

אָרעמע לייט זיינען דערווייל געבליבן זיצן אויפן אָרט, וואו מען האָט דאָס גאַנצע לעבן געהאָרעוועט. עס איז אַ שאָד געווען צו פאַרלאָזן די קרומע ווענט פון הייזל, וואו זיי און זייערע עלטערן האָבן געוואוינט און דאָס ביסל פאַרמעגן, וואָס מען האָט מיט אַזוי פיל מי זיך פאַרשאַפט.

מלאָווע האָט אין די ערשטע טעג פון דער מלחמה געליטן מער פון אַנדערע שטעט. באַלד פרייטיק, דעם ערשטן סעפּטעמבער, 5 אַזייגער פאַרטאָג, איז די שטאָט באָמבאַרדירט געוואָרן און עס זיינען געווען קרבנות (צווישן זיי — הענעך זילבער־בערגס זון). די שטאָט האָט געברענט. דער מאַרק איז געוואָרן צעשטערט — פערלאָס זייט מיט די אָרומיקע גאַסן, ליפּקערס זייט, די פלאָצקער גאַס ביז קאָ־זשיקן, כמעט די גאַנצע ניבארגער, גאַנץ כראָברעגאָ.

פון פרייטיק ביז מאָנטיק האָט געדויערט די גרויזאַמע קאַנאָנאַדע. מענטשן זיינען אַנטלאָפן פון די קליינע הייזלעך אין די גרויסע געמויערטע הייזער און דאָ דווקא זיינען פיל מענטשן אומגעקומען. זונטיק ביינאַכט איז נאָך די שטאָט גע־שטאַנען אין פלאַמען. קיין לעבעדיקן מענטשן האָט מען נישט געזען. מאָנטיק אין דער פרי האָבן זיך אַלע געלאָזט לויפן פון דער שטאָט. כמעט אַלע יידן זיי־נען געלאָפן קיין סטשעגאָווא. מען איז געלאָפן מיטן פלאָצקער שאָסיי. פון ביידע

זייטן שאָסיי האָבן געדונערט האַרמאַטן, פון אויבן זיינען געפלויגן עראָפּלאַנען, וואָס האָבן באַשיט דעם שאָסיי מיט קוילן און באָמבעס.

מיט סכנות־נפשות איז מען אָנגעקומען קיין סטשעגאָווע. די דאָרטיקע יידן האָבן זיי אויפגענומען מיט וואָס זיי האָבן נאָר געקענט, אַזוי ווי אין דער ערשטער וועלט־מלחמה.

באַלד איז אויך סטשעגאָווע שווער באַמבאַרדירט געוואָרן און אַ סך מלאַווער זיינען דאָרט געפאַלן — קאַטלאַרטשיק, אַזשאַראָווס פרוי מיט קינדער און אַנדערע. יידן זיינען אַנטלאָפן קיין וואַרשע. אויפן וועג איז דערהרגעט געוואָרן יעקב־יוסף וויטמאַן, אליעזר צעגלא. אויך ביי דער באַמבאַרדירונג פון וואַרשע זיינען אומגעקומען מלאַווער — הענע וויעלגאַלאַסקי מיטן מאַן.

ווען די מלחמה האָט זיך אין פוילן געענדיקט, זיינען פיל יידן צוריקגעקומען קיין מלאַווע. מען האָט געזען, אַז אין וואַרשע איז די לאַגע נישט בעסער און דאָ האָט מען כאָטש וואו דעם קאָפּ אָוועקצולייגן.

דאָס צוריקקומען איז געווען פאַרבונדן מיט גרויסע שוועריקייטן, ווייל וואַרשע איז געווען אין „גענעראַל־גאָווערנמענט" און מלאַווע („מילאַו") אין דייטשן רייך (זיד־אָסט פּרויסן, קעניגסבערגער גאַו). מען האָט געדאַרפט זיך שמוגלען דורך דער גרענעץ.

דאָס לעבן איז געוואָרן שווער. די „פאָלקסדויטשן" האָבן אָנגעטאָן צרות, צווישן זיי באַראַנאָווסקיס זון און דער „דייטש" פון בית־הקברות. מען האָט יידן איינגעזעצט, געהאַלטן טעג אָן עסן. מען האָט געכאַפּט מענטשן אויף דער גאַס און געשיקט אויף אַרבעט, דערביי געשלאָגן מכות־רצח.

כדי עס זאָל זיין אַ קאָנטראָל איבער די יידן, האָבן זיי געמוזט טראָגן אַ לאַטע. צום ערשטן אַ ווייסע, שפּעטער — אַ געלע, אַ קיילעכדיקע לויט „פאָרשריפטן". איינע אויף דער ברוסט, די צווייטע אויפן רוקן. יידן האָבן נישט געטאָרט וואוינען אין געמויערטע הייזער.

די פּאַליאַקן, מיט קליינע אויסנאַמען, האָבן מיטגעהאָלפן דערנידעריקן די יידן און אָנגעטאָן צרות. די פּאַליאַקן אין מלאַווער געגנט האָבן זיך שטענדיק אויסגעצייכנט מיט יידן־האַס.

די מלאַווער אין וואַרשע האָבן געהאָלפן מיט וואָס זיי האָבן געקענט. עס איז דאָרט געגרינדעט געוואָרן אַ הילפס־קאָמיטעט, צו וועלכן עס האָבן געהערט: חיים־אליהו פּערלאַ, בעריש ביילאָוויטש, חיים ביעזשונסקי, פּיווול בערמאַן, משה צוקערקאָרן. דער קאָמיטעט האָט באַקומען אַ גרויסע שטיצע פון „דזשאָינט" אַ דאַנק דוד פּיזשיץ, וואָס איז געווען מיטגליד פון דער צענטראַלע. בעריש ביילאָוויטש איז אַוועק קיין מלאַווע מיט אַ וואָגן מלבושים און מיט אַ סומע געלט. עס איז איבערגעגעבן געוואָרן דעם רב און פּנחס לובלינער. אַזוי אַרום האָט מלאַווע אייניקע

מאָל באַקומען הילף פון וואַרשע. דאָס איז געווען פאַרבונדן מיט אַ גרויסע סכנה צוליב דער גרענעץ צווישן ביידע שטעט.

אָנהויב נאָוועמבער, אַ פרייטיק־צו־נאַכטס, האָבן די דייטשן פאַרברענט אַלע שולן אין קרייז און אויך די מלאַווער שול און בתי־מדרשים. יידן האָבן געמוזט אונטערשרייבן, אַז זיי אַליין האָבן די שול פאַרברענט.

די געשעפטן זיינען געוואָרן „רעקוויזירט" און עס איז אויף זיי אויפגעהאַנגען געוואָרן אַ שילד „בעשלאַגנאַמט". אויפזעער אויף די רעקוויזיציעס איז געווען אַ באַקאַנטער מלאַווער סאָציאַליסט און באַאַמטער אין דער קראַנקן־קאַסע — שעלע.

פון דער יוגנט זיינען פיל אַנטלאָפן קיין ראַטן־פאַרבאַנד, כדי נישט צו ווערן אַוועקגעשיקט קיין דייטשלאַנד. די גרענעץ איז געווען אָפן קיין אַסטראָלענקאַ. אייניקע פון זיי זיינען שפּעטער צוריקגעקומען קיין מלאַווע.

די יידן זיינען געשטאַנען אונטער דער געפאַר פון גירוש. אין שעפּסער קרייז איז שוין דער גירוש געהאַט פאַרגעקומען. מען האָט אָנגעהויבן מיט שתדלנות. מען האָט געוואָלט אויפווייזן די דייטשן, אַז די יידן וועלן זיי ברענגען נוצן. עס זיינען געווען אין מלאַווע 2 „לאַנדראַטן", צום ערשטן גראַף פאָן גראַבען און שפּע־טער פונק, דעם מיניסטערס אַ ברודער. דריי וואָכן זיינען די יידן געשלאָפן אין די מלבושים, ווייל מען האָט מורא געהאַט דער גירוש זאָל נישט פאַרקומען פּלוצ־לונג ביינאַכט. סוכות האָט מען שוין געהאַט פאַרזאַמלט אַלע יידן, כדי זיי אַוועק־צושיקן. עס האָט געקאָסט אַ סך געלט און דער גירוש איז געוואָרן אָפּגעלייגט.

מען האָט זיך אָנגעהויבן ווי עס איז איינצואָרדענען. קיין קהילה איז נישט געווען. איז געשאַפן געוואָרן אַ „יודנראַט". זיינע מיטגלידער זיינען באַשטימט גע־וואָרן דורכן רב: זישע מייזליץ, אייזשע ראָטשילד, איציק אַלטער, פּלטיאל צעגלאַ, אליעזר ווינאָגראַד און דער שמש, נתן מרדכי קאָלניעזש, וואָס איז געווען אין „יודנ־ראַט" דעם רבס פאַרטרעטער.

דער „יודנראַט" איז געווען אין גוטמאַן ניימאַרקס הויז אויף דער כאָרזשעלער גאַס. סעקרעטאַר איז געווען בוטשע כץ. די באַאַמטע — ישעיה קשעסלאַ, שלמה טיק.

איציק אַלטער איז געווען דער איינציקער ייד — אויסער רב — וואָס האָט געהאַט דאָס רעכט צו טראָגן אַ באָרד. ער האָט געאַרבעט איבערגעגעבן און מיט סכנת־נפשות. ער איז שפּעטער באַשטראָפט געוואָרן מיט 10 חדשים תפיסה פאַר אַריינשמוגלען אַ וואָגן מיט קאַרטאָפל אין געטאָ אַריין. ער איז געזעסן אין קע־ניגסבערג. פון דאָרט האָט מען אים געשיקט קיין אָשוויענטשים, וואו עס זיינען געווען זיינע 3 זין. ער האָט דאָרט מער נישט געלעבט ווי 3 טעג.

די לאַגע פון „יודנראַט" איז געווען אַ שווערע. עס איז שווער געווען צו קו־מען אין קאָנטאַקט מיט די דייטשן, כדי זיי אויפצואווייזן, אַז די יידן קענען זיי

ברענגען נוצן, איבערהויפּט אין דער ערשטער צייט. אַלע, וואָס זיינען מיט זיי געקומען אין קאָנטאַקט, זיינען פריער אָדער שפּעטער אומגעקומען. די פּאַר־שטייער האָבן נישט געקוקט אויף דער סכנה און באַמיט זיך צו לינדערן, מיט וואָס עס איז מעגלעך די לאַגע פון די יידן אין דער שטאָט. עס איז אויך שווער געווען צו דערקלערן די יידן, ווי שווער עס איז די לאַגע פון זייערע פאַרשטייער.

די דייטשן פלעגן כאַפּן יידן אויף אַרבעט, וואָס איז געווען פאַרבונדן מיט קלעפּ און דערנידעריקונג. עסן איז געווען זייער בצמצום, כאָטש די דייטשן האָבן דערלויבט צו עפענען אייניקע געשעפטן פאַר מלבושים און עסנוואַרג אונטער דער אויפזיכט פון „יודנראַט" און אַהין האָבן זיי געשיקט דאָס ביסל עסן, וואָס איז געווען באַשטימט פאַר יידן. מען האָט באַקומען 320 גראַם ברויט אַ טאָג, אַ פּאָר גראַם צוקער און אַ פּאָר גראַם פלייש אַ וואָך. עס איז, פאַרשטייט זיך, געווען ווייניק און מען האָט געמוזט אַריינשמוגלען מער עסן. די מיטגלידער פון „יודנראַט" זיינען געווען פאַראַנטוואָרטלעך, אַז מען וועט נישט שמוגלען און עס האָט זיי גע־דראָט טויט־שטראָף.

עס זיינען געווען אין „יודנראַט" מיינונגספאַרשידנהייטן וועגן פאַרזאָרגן מיט עסן און וועגן דער צוואַנגס־אַרבעט. דאָס איז דערגאַנגען צו דער מאַכט און זי באַשטימט אַלס „קאָמיסאַר" אליעזר פּערלמוטער. ער האָט צוקאָאָפּטירט צום „יודנראַט": אורן יאַבלאָנאָווסקי, משה ראַמאַנער, חיים בורשטין, חיים זשעלאָסקאַ, הערמאַן מאַרדאָוויטש. אליעזר פּערלמוטער האָט זיך איבערגעגעבן מיט לייב און לעבן צו אָרגאַניזירן די קהילה. אַדאַנק אים האָט דאָס לעבן פון די יידן אין דער שטאָט אָנגענומען געוויסע פאָרמען. מען האָט אויך צו אים געהאַט טענות, אַז ער טרייבט איבער אין זיינע באַציאונגען מיט די דייטשן, אָבער אין די גרויזאַמע באַדינגונגען, וואָס האָבן דעמאָלט געהערשט און וואָס האָבן זיך נאָך שפּעטער פיל פאַרערגערט, איז שווער צו אורטיילן, אויף וויפל איז די אָדער יענע האַנדלונג פון די פאַרשטייער געווען אַ ריכטיקע אָדער נישט.

ווען ער איז געווען אין שטאָט האָבן זיך יידן געפילט רואיק. איז ער אַוועק אויף אַ צייט פון שטאָט, זיינען יידן נישט געווען זיכער מיטן לעבן. ער האָט געוואוסט ווי אַזוי אָפּצוהיטן פון סכנות דורך פאַרשיידענע וועגן און האָט אַ סך אויפגעטאָן צו פאַרלייכטערן דאָס לעבן פון די יידן. דאָס פאַרזאָרגן מיט עסן האָט זיך פאַרבעסערט. דאָס עסן איז אויך געווען כשר. עס איז געגרינדעט געוואָרן דער „אַרבייטסאַמט". מען האָט נישט מער געכאַפּט קיין יידן צו דער אַרבעט. יעדער האָט געוואוסט, ווען עס פאַלט אויס זיין אַרבעטס־טאָג. יעדער האָט אויך געקענט דינגען אַן „ערזאַטסמענטש", וואָס איז אַנשטאָט אים געגאַנגען צו דער אַרבעט. דערפאַר האָט מען געצאָלט אַ מאַרק ביז אַנדערהאַלבן אַ טאָג און דאָס איז געוואָרן אַ קוואַל פון פּרנסה פאַר דער אָרעמער באַפעלקערונג.

אַזוי איז אָנגעגאַנגען דאָס לעבן פון יידן אין מלאַווע ביז סוף 1940.

## דער ערשטער גירוש

**דער ערשטער גירוש** איז פאַרגעקומען דעם 6־טן דעצעמבער 1940 — ו׳ כסלו תש״א. אַ וואָך פריער האָט זיך קיינער אויף דעם נישט געריכט. אין טשעכאַנאָווע זיינען 2 וואָכן פריער פאַרשיקט געוואָרן דווקא די פּאַליאַקן. דאָס זעלבע האָט געזאָלט פּאַרקומען אויך אין מלאַווע, אָבער די פּאַליאַקן איז געלונגען איבערצורעדן דעם אָבערלויטענאַנט פון דער פּאָליציי (פּעגעליין) און דורך זיין השפעה איז אַרויס דער באַפעל צו פאַרטרייבן די יידן. נאָך לאַנגע באַמיאונגען און איבערקויפן איז געלונגען צו פאַרקלענערן די צאָל פון די, וואָס דאַרפן אַרויס־געשיקט ווערן, אויף 3000. אין דער שטאָט זיינען דעמאָלט געווען 6000 יידן, צווישן זיי פיל פון שעפּס, ריפּין, זשוראמין.

פּערלמוטער האָט געוואָלט ראַטעווען דעם רב און ער האָט אים פאָרגעשלאָגן, ער זאָל צוזאַמען מיט דער פאַמיליע אַראָפּגיין אין אידל לאַקריצעס בעקעריי און זיך איבערטאָן פאַר אַ בעקער. דער רב האָט געענטפערט, אַז אויב עס איז אַ גזירה, אַז די קהילה זאָל גיין אין גלות, וועט ער מיט איר מיטגיין.

ביינאַכט האָבן די דייטשן פונאַנדערגעטיילט 100 וויסע קאַרטן פאַר האַנד־ווערקער, וואָס זיי זיינען געווען פאַראינטערעסירט זיי איבערצולאָזן אין שטאָט.

פאַרטאָג זיינען אָנגעקומען הונדערטער דייטשע פּאָליציסטן מיט הינט און האָבן אַרויסגעשלעפּט די יידן פון די הייזער פון אַלע גאַסן, אויסער דער ווי־טוסטאווא און ניבארגער. מען האָט אַלע געבראַכט אויפן הויף פון דער פּוילישער גימנאַזיע. אויפן וועג האָט מען זיי אַכזריותדיק געשלאָגן און אַזוי אַרום גע־צוואונגען אָוועקצוואַרפן אַלץ, וואָס זיי האָבן מיט זיך מיטגענומען. ביים טויער האָבן די דייטשן געציילט די אָנגעקומענע און ווען עס איז פאַרפולט געוואָרן די צאָל פון 3000, האָבן זיי די איבעריקע אַהיימגעשיקט. אַזוי אַרום זיינען פאַמיליעס צע־ריסן געוואָרן. עס זיינען פאַרשיקט געוואָרן עלטערן אָן קינדער און קינדער אָן עלטערן.

אין שטאָט זיינען געבליבן 2450 יידן. אַזוי ווי צופעליק זיינען די פאַרשיקטע געווען בלויז מלאַווער, זיינען צווישן די איבערגעבליבענע געווען זייער פיל פון די אַרומיקע שטעטלעך.

צווישן אַנדערע זיינען פאַרשיקט געוואָרן: דער רב, זישע מייזליץ, מענדל ווישינסקי, פּנחס לובלינער, אליעזר ווישינסקי, משה אַפּאַטאָווסקי.

די דייטשן האָבן אַלע אָוועקגעפירט צום ערשטן קיין זאַלדאַ. דאָרט האָבן די יידן געלעבט 11 טעג אין שרעקלעכע באַדינגונגען. מען האָט זיי געפּייניקט, באַזונדערס די פרויען. שפּעטער האָט מען זיי אָוועקגעשיקט קיין מעזריטש, לו־

באַרטאָוו, לובלין און די אומגעגנט. עס איז געווען אין מיטן ווינטער. אין די שטעט איז געווען אַ גרויס ענגשאַפט. די מלאָווער האָבן זיך געוואַלגערט אין די בתי־מדרשים און אין אַנדערע עפנטלעכע ערטער. ווייניקע פאַרמעגלעכע האָבן זיך איינגעאָרדנט אין קליינע צימערלעך. פיל זיינען געשטאָרבן פון הונגער, נויט און קעלט. דער רב יחיאל משה סאַגאַלאָוויטש ז״ל איז געשטאָרבן אין לובלין 4 וואָכן נאָכן גירוש.

## אין געטאָ

אין טאָג פון גירוש האָט דער לאַנדראַט איינגעלאַדן דעם „יודנראַט״ און געמאָלדן, אַז דער גירוש האָט געמוזט פאַרקומען. די, וואָס זיינען געבליבן, קענען זיין רואיק, אַז עס וועט זיי גאָרנישט געשען, אָבער זיי מוזן זיך קאָנצענטרירן אין געטאָ און דאָס מוז דורכגעפירט ווערן אין משך פון 24 שעה. מען דאַרף אים צו־שטעלן אַ גענויע רשימה פון אַלע יידן. דער „יודנראַט״ איז פאַראַנטוואָרטלעך, אַז קיין איין נייער מענטש וועט נישט אַריינקומען אין געטאָ. ער האָט נאָך ציניש צוגעגעבן, אַז ער גלויבט, אַז דער גירוש איז געוואָרן אַדורכגעפירט אין בעסטן אָרדענונג און עס זיינען נישט געווען קיין קרבנות. דאָך האָט פּערלמוטער געזאָגט: „וואָס וואָלט איר געזאָגט, ווען מען וואָלט זיך אַזוי באַגאַנגען מיט די דייטשן?״ אויף דעם האָט דער לאַנדראַט געענטפערט: „פאַרגעס נישט מיט וועמען דו רעדסט!״

אַזוי אַרום איז אַנטשטאַנען אַ געטאָ. פון די יידישע הייזער אויסערן געטאָ האָט מען אַרויסגענומען אַלעס און אַוועקגעטראָגן אין די תפלה אַריין. אין די הייזער האָבן זיך באַזעצט דייטשן.

די געטאָ האָט אַרומגענומען די גאַסן הינטערן מאַרק (הינטער פּערלאַס זייט) ביז די סמאָלאַרניע. אַ טייל פון דעם מויער איז געבויט געוואָרן פון ציגל פון דער צעשטערטער שול. די צוים האָט זיך געצויגן לענגאויס די פּלאָצקער און וואַרשעווער גאַס. איין זייט גאַס האָט געהערט צו די געטאָ, די אַנדערע זייט — נישט. די פענצטער, וואָס גייען אַרויס אויף דער גאַס אַרויס, האָבן געמוזט זיין פאַרקלאַפּט. דער אַריינגאַנג איז געווען דורך אַ טויער פון מאַרק אין דער שול־גאַס אַריין.

עס איז געווען אין געטאָ אַ גרויס ענגשאַפט. יעדער שטאָל איז געוואָרן אַ דירה. מען האָט אויסגענוצט יעדעס ווינקעלע. די מענטשן האָבן זיך ווידער ווי עס איז איינגעאָרדנט. דער „יודנראַט״ האָט אָנגעהויבן אָרגאַניזירן דאָס לעבן אין געטאָ. ער האָט באַקומען פון די דייטשן די מאַכט אין געטאָ מיטן באַדינג, אַז קיין איין מענטש זאָל נישט אַריין און נישט אַרויס.

אין אַ צייט אַרום איז אָנגעקומען פון בערלין דער „סטאַטוט" פון געטאָ. עס איז געוואָרן אַ „יידישע אָרדנונגס דינסט". די יידישע פּאָליציי האָט געטראָגן בלויע מונדירן מיט ספּעציעלע אָפּצייכענונגען. זיי האָבן שטענדיק געהאַלטן אַ וואַך ביים טויער. עס זיינען געווען 10־12 פּאָליציאַנטן, צווישן זיי: חיים סאָל־דאַנסקי, ליבערבערג, שמואל לייב פרענקל, חיים שמחה לאַסקאַ, בוימגאָלד, צוייג־האָפט, לייבל ראַמאַנער, גאָזשעני, בוטשע שפּירא, קליין, פּערלמוטער, ח. סאָלאַרסקי, יחזקאל אַלטער, שעיה ליכטער, גדליה ליכטנשטיין. זיי האָבן געדינט אין דער פּאָליציי אין פאַרשיידענע צייטן. קאָמענדאַנט פון דער פּאָליציי איז געווען מנשה דאַווידזאָן — פאַר דער מלחמה סעקרעטאַר פון דער קהילה.

דער „יודנראַט" איז געווען אין הויז פון גערשטאַווסקי אין דער טעפּער גאַס. עס האָט אויך עקזיסטירט אַ געריכט, וואָס האָט געמשפּט פאַר חטאים פון יידן צווישן זיך. פאָרזיצער פון געריכט איז געווען הערמאַן מאַרדאַוויטש, בייזיצער — מיט־גלידער פון „יודנראַט". עס איז אויך געווען אַ צימער פאַר אַרעסטירטע.

עס איז געגרינדעט געוואָרן אַ שפּיטאָל, צום ערשטן אויף סמאָלאַרנע, שפּעטער אין ניצקינס הויז אין דער וואַרשעווער גאַס. עס האָט געדינט פאַר אָנשטעקנדיקע קראַנקהייטן, בעיקר פאַר פלעק־טיפוס קראַנקהייט, וואָס האָט דעמאָלט געהערשט אין שטאָט. אויך פּאָליאַקן זיינען דאָרט אָנגענומען געוואָרן. זייערע אָפּצאָלונגען האָבן פאַרלייכטערט דאָס אויסהאַלטן דעם שפּיטאָל, וואָס האָט געהאַט 40 בעטן. דאָס שפּיטאָל האָט באַקומען פון די דייטשן עסן און קליידער אויסער דער נאָרמע, וואָס איז געווען באַשטימט פאַרן געטאָ. די איינציקע שוועסטער איז געווען פעלאַ צייטאַק. דאָס שפּיטאָל איז געווען איינגעאָרדנט פּרימיטיוו, אָבער ריין און מיט אָרדענונג. דאָס האָבן אויך באַצייכנט דייטשע דאָקטוירים פון קעניגסבערג, וואָס זיינען געקומען פאָרשן די מיטלען קעגן דער עפּידעמיע פון טיפוס. בלוט פון קראַנקע פלעגט מען שיקן אויף אַנאַליז קיין קעניגסבערג. די שטערבלעכקייט איז געווען קליין. דאָס שפּיטאָל האָט פאַרמאָגט אַ גאָרטן פאַר גרינוואַרג (באַאַרבעט דורך פייגע גלוזמאַן) אויך אַ קו מיט אַ ציג אויף מילך (געפלעגט דורך מיכאל בענדער).

אין אָנהויב האָט געאַרבעט אין שפּיטאָל בענאָ טיפענברון, אַ דאָקטאָר פון ווין. ער איז קראַנק געוואָרן אויף טיפוס — אַזוי ווי אַלע מיטאַרבעטער — און געשטאָרבן. שפּעטער פלעגט אַריינקומען אין געטאָ אַריין איינמאָל אַ טאָג אַ פּוילישער דאָקטאָר.

ביים „יודנראַט" האָט אויך עקזיסטירט אַן אַמבולאַטאָריע. יעדן פאַרנאַכט פלעגט מען דאָרט אויפנעמען אַ 50 קראַנקע, בעיקר די, וואָס פלעגן צוריקקומען פון דער צוואַנגס־אַרבעט. דאָרט האָט מען אויך געגעבן איינשפּריצונגען קעגן טיפוס אַלע געטאָ־איינוואוינער.

אַ סאַניטאַר־קאָמיסיע האָט אַכטונג געגעבן אויף ריינקייט אין געטאָ און גע־מאַכט דיזינפעקציע נאָך אַן אָנשטעקנדיקער קרענק.

מיט דער צייט איז אויך געעפנט געוואָרן אַ ביליקע קיך פאַר נויטבאַדערפטיקע. אַנפירערין איז געווען קאַזשיבראָדסקיס טאָכטער. אין דער דערעפענונג האָבן אָנטיילגענומען פאַרשטייער פון די אָרומיקע שטעטלעך און עס זיינען איינגעפלאָסן גרויסע באַשטייערונגען.

עס איז אויך געווען אַן אינערלעכע פּאָסט, וואָס איז געווען פאַרבונדן מיט דער שטאָטישער פּאָסט. אין דער פּאָסט האָבן געאַרבעט: חנה לעווקאָוויטש, רחל מאַרדאָוויטש.

עס איז געווען אַ געהיימע ראַדיאָ אין אַ קעלער. לערנען מיט קינדער האָט מען נישט געטאָרט. דאָך האָט מען געלערנט אין גרופּן מיט דער אונטערשטיצונג פון „יודנראַט". עס זיינען פאָרגעקומען חתונות און עס זיינען געבוירן געוואָרן קינדער.

פּסח 1940 און 1941 איז דערהאַלטן געוואָרן אַ דערלויבעניש צו באַקן מצות. ימים נוראים 1941 האָט מען געדאַוונט בציבור. קיין עסן האָט אויך נישט געפעלט.

כאָטש יעדן טאָג זיינען געקומען פרישע גזירות, איז מען געווען זיכער, אַז זיי וועלן בטל ווערן. אין געטאָ איז אַרומגעגאַנגען אַ ווערטל: „מען האָט זיי אין דער ערד". פיל מאָל האָבן זיך אויך די דייטשן געוואונדערט, מיט וואָס פאַר אַ כוח לעבן די מענטשן, טראָץ די אַלע צרות און גזירות, וואָס שיטן זיך אויף זייערע קעפּ יעדן טאָג.

מענטשן האָבן אָנגעהויבן פאַרגעסן אין וועלכע באַדינגונגען זיי געפינען זיך און וועגן דער דראָענדער געפאַר. צווישן דער מערהייט פון דער באַפעלקערונג, וואָס האָט געלעבט אין גרויס נויט, האָט אַרויסגערופן אויפרעגונג דאָס אויפפירן זיך פון די פאַרמעגלעכע, וואָס האָבן צו פריי דעמאָנסטרירט זייער רייכטום, אַפילו אין די אויגן פון די דייטשן. אויך פערלמוטער האָט געבראַכט פון וואַרשע אַ כלה און געפּראַוועט אַ גרויסע חתונה, צו וועלכער אויך דייטשן זיינען איינגעלאַדן געווען.

די ידיעה וועגן לעבן אין געטאָ איז דערגאַנגען קיין מעזריטש און פיל מלאַווער האָבן אָנגעהויבן צוריקקומען, טראָץ די שוועריקייטן ביי דער גרענעץ. עס זיינען צוריקגעקומען און אַריין אין געטאָ 200 יידן. אַ סך זיינען נישט דערגאַנגען, ווייל זיי זיינען געכאַפּט געוואָרן ביי דער גרענעץ און פאַרשיקט געוואָרן אויף צוואַנגס־אַרבעט אָדער געהרגעט געוואָרן.

אויך אויסערן געטאָ האָט זיך געלאָזט באַמערקן, אַז עס זיינען צוגעקומען יידן, ווייל די פאָדערונג אויף עסן איז געוואָרן גרעסער. אויך די פּאָליאַקן האָבן געהעצט און געמסרט. עס האָט געדראָט אַ סכנה פון אַ נייעם גירוש. אַדאַנק די באַמיאונגען פון „יודנראַט" איז דער גירוש אָפּגעלייגט געוואָרן פון חודש צו חודש און אַזוי ביז פּסח 1941.

דער „יודנראַט" האָט זיך דערוואוסט, אַז די מאַכט האָט באַשלאָסן צו פאַר־זאַמלען אַלע איינוואוינער פון געטאָ אַ זונטיק, ווען מען גייט נישט צו דער אַרבעט,

און קאָנטראָלירן די דאָקומענטן. אַ נאַכט פאַר זונטיק האָט דער „יודנראַט" געדונגען אויטאָמאָבילן און אָוועקגעשיקט די „איבעריקע" יידן אויסער דער שטאָט.

פאַרטאָג איז געקומען דער באַפעל: „יודן אַנטרעטן". מען האָט אָנגעהויבן קאָנטראָלירן די דאָקומענטן. אַזוי ווי עס זיינען פאָרט געבליבן אייניקע הונדערט נישט־איינגעשריבענע, האָט פּערלמוטער איינגעשטעלט דאָס לעבן און פיל מאָל איבערגעטראָגן די דאָקומענטן פון איינעם צום צווייטן, אַזוי אַז צום סוף זיינען געבליבן נאָר אַ הונדערט „איבעריקע". די דייטשן האָבן געבראַכט הינט און מיט זייער הילף האָבן זיי געפונען נאָך אייניקע צענדליק. מען האָט זיי אַלע אַרעסטירט, אָבער אַזוי ווי די מאַכט האָט געמיינט, אַז עס זיינען פאַראַן טויזנט, האָט מען זיי באַפרייט און געגעבן דאָקומענטן. דורך שוחד האָט מען פון די באַאַמטע אַרויסבאַקומען 800 צייגנישן און אַלע יידן האָבן געקענט צוריקקומען. דאָס לעבן איז ווייטער געגאַנגען „נאָרמאַל".

עס זיינען צוגעקומען נאָך יידן. צו עסן איז געווען גענוג. מען האָט אַריינגעשמוגלט בהמות דורכן פּלויט. פּרנסה האָט מען געהאַט פון אומלעגאַלן האַנדל מיט וואַרשע און לאָדז, וואָס זיינען געלעגן אויף דער אַנדערער זייט גרענעץ, בעיקר וואַלוטע און גאָלד. פון לאָדז האָט מען אויך געבראַכט מאַנופאַקטור. דער „יודנראַט" האָט אַרויפגעלייגט גרויסע שטייערן, וואָס האָבן אים געגעבן די מעגלעכקייט צו פירן זיין פאַרצווייגטע אַרבעט.

דער גירוש האָט אָבער ווייטער געדראָט. נאָך פיל באַמיאונגען איז געלונגען צו פאַרבייטן דעם גירוש אויף קאָנצענטרירן די יידן פון גאַנצן קרייז אין מלאַווער געטאָ. מען האָט באַקומען אַ דערלויבעניש צו פאַרברייטערן די גרענעצן פון געטאָ, ווייל עס זיינען צוגעקומען אַ פאָר טויזנט יידן. עס איז צוגעקומען צום געטאָ אַ טייל פון דער וואַרשעווער גאַס, נאָך דער פּלומפּ, און די סמאָלאַרניע מיט דער תלמוד־תורה.

פּערלמוטער איז דורך דער מאַכט באַשטימט געוואָרן אַלס „איבערזידלונגס־קאָמיסאַר", דאָס הייסט, אַז ער איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַר ברענגען די יידן פון די אַרומיקע שטעטלעך קיין מלאַווע. עס איז געווען אַ גרויסע דערגרייכונג, ווייל אָן דעם איז יעדע „איבערזידלונג" געווען פאַרבונדן מיט קרבנות און פאַרלוסט פון פאַרמעגן.

די „איבערזידלונג" האָט געדאַרפט פאַרענדיקט ווערן דעם 30־טן אָקטאָבער 1941. די ערשטע זיינען אָנגעקומען די 100 יידן פון זשעלין. זיי האָבן מיט זיך מיטגענומען זייער פאַרמעגן. שפּעטער זיינען אָנגעקומען 600 יידן פון שרענסק. דער רב פון שרענסק איז געוואָרן מלאַווער רב.

עס איז פון טאָג צו טאָג געוואָרן שווערער איינצואָרדענען די מענטשן. די יידן פון ראַדזאָנאָווע האָט מען איינגעאָרדנט אין פּערלמוטערס מיל אין דער שול־גאַס. עס זיינען נאָך געבליבן די 700 סטשעגאָווער יידן, פאַר וועלכע מען האָט מער

קיין פלאַץ נישט געפונען. עס האָט געדראָט אַ געפאַר מען זאָל זיי שיקן קיין נאָווידוואָר, וואו עס האָט געהערשט גרויס הונגער. און ווידער, נאָך גרויס שתדלנות, האָט די מאַכט מסכים געווען איבערצולאָזן די סטשעגאָווער יידן אין סטשעגאָווא און אַהין געבראַכט די יידן פון שעפּס, ראַטשוינז, בעזוין.

מלאַווער און סטשעגאָווער געטאָס האָבן זיך גערעכנט פאַר איין איינהייט.

אין יאַנואַר 1942 האָבן זיך די באַציאונגען מיט דער מאַכט פאַרערגערט. דעם 23־טן יאַנואַר זיינען אין סטשעגאָווא אַרעסטירט געוואָרן 3 יידן און אין מלאַווע 25 יידן אָן וויסן פון „יודנראַט“. מען האָט זיך דערוואוסט, אַז עס איז אַ שטראָף פאַר שמוגלען עסנוואַרג. אין געטאָ אין אַנטשטאַנען אַ פּאַניק. דער „יודנראַט“ האָט זיך באַראָטן ביז שפּעט אין דער נאַכט. צום טויער איז צוגעקומען אַ דייטשער פּאָליציסט, זיך געפרעגט ביי דער יידישער פּאָליציי, צי פּערלמוטער איז דאָ אין געטאָ און צוגענומען די שליסלען פון טויער. פאַרטאָג זיינען געקומען פּאָליציסטן אין נאָמען פון אָבערלויטנאַנט און מיטגענומען פּערלמוטערן אין מאַגיסטראַט אַריין. ער איז נישט מער צוריקגעקומען. עס איז ביז היינט נישט קלאָר די סיבה פון זיין טויט. אפשר איז מען אין די העכערע אינסטאַנצן געוואויר געוואָרן וועגן זיינע באַציאונגען מיט דער אָרטיקער מאַכט, אפשר האָט ער „צו פיל געוואוסט“, אָבער אַזוי האָבן זיך די דייטשן געפירט אין אַלע געטאָס.

אין דער פרי האָט די מאַכט צו וויסן געגעבן דעם קאָמענדאַנט פון דער יידישער פּאָליציי, אַז פּערלמוטער איז דערשאָסן געוואָרן. צוליב זיינע פאַרדינסטן לטובת דעם געטאָ וועט מען אויסנאַמספאַל דערלויבן אים ברענגען צו קבר ישראל, אָבער אין דער לוויה מעגן זיך באַטייליקן בלויז די נאָענטסטע קרובים. די לוויה טאָר נישט גיין דורכן געטאָ.

די ידיעה האָט זיך בליצשנעל פאַרשפּרייט איבערן געטאָ און אים באַדעקט מיט טרויער. מען האָט זיך דערפילט מאַכטלאָז. מען האָט געזען, אַז עס קומען אָן די שווערסטע טעג.

טראָץ דעם פאַרבאָט האָבן זיך אַ סך מענטשן אַרויסגעקריגן צו דער לוויה אויפן בית־עולם. זיי אַלע זיינען אַרעסטירט געוואָרן, ווי אויך דער קאָמענדאַנט פון דער יידישער פּאָליציי — דאַווידזאָן. אין אַ צייט אַרום זיינען זיי באַפרייט געוואָרן, אויסער 25, וואָס זיינען געבליבן אין תפיסה.

עס איז אָנגעקומען אַ באַפעל צו שאַפן אַ נייעם „יודנראַט“. אַלס קאָמיסאַר איז באַשטימט געוואָרן פלטיאל צעגלא. אַלס קאָמענדאַנט פון דער יידישער פּאָליציי האָט די מאַכט נאָמינירט שלום גוטמאַנען, וואָס איז געוואָרן דער שרעק פון געטאָ. ער האָט מיט לייב און לעבן מיטגעאַרבעט מיט די דייטשן און אָנגעטאָן יידן גרויסע צרות. ער האָט געמסרט אַלץ, וואָס עס טוט זיך אין געטאָ. ער האָט געהרגעט און געשלאָגן. ער האָט מיט פאַרגעניגן אויסגעפירט די דייטשע גזירות. ער האָט געהעצט קעגן די יידישע פאַרשטייער. ער מיט נאָך אייניקע אויסוואורפן

האָבן געמסרט, ווער עס קומט אַריין אין געטאָ אומלעגאַל און פאַרלאַנגט גרויסע סומען פאַר לעגאַליזירן. ווען ער איז שפּעטער אַנגעקומען קיין אָשוויענטשים, האָבן די מלאַווער יידן זיך מיט אים אָפּגערעכנט און געהרגעט.

דאָס לעבן אין געטאָ איז געוואָרן אומדערטרעגלעך. מען האָט נישט געקענט אַריינקומען און אַרויסגיין. ערב פסח האָט מען געשיקט 13 פון די אַרעסטירטע קיין אָשוויענטשים. דער „יודנראַט" האָט זיי פאַרזאָרגט אויפן וועג מיט עסן און מלבושים. נאָך פסח האָט די מאַכט פאַרשיקט אויף די אַנדערע 12 אַרעסטירטע. דער רוב איז דאָרט געשטאָרבן באַלד אין די ערשטע טעג. די קרובים האָבן באַקומען אַ ידיעה, פאַר 150 מאַרק קענען זיי באַקומען דאָס אַש פון טויטן. אויך דאַווידזאָן איז געוואָרן פאַרשיקט קיין אָשוויענטשים און דאָרט געשטאָרבן.

באַלד נאָך פסח זיינען אַרעסטירט געוואָרן 3 בחורים, וואָס זיינען אַרויס פון געטאָ קויפן אַ ביסל קאַרטאָפל, צווישן זיי — דוד צימערמאַן, מאַמעליאַק. מען האָט זיי געפּייניקט און זיי האָבן דערציילט, אַז די יידישע פאָליציי האָט זיי אַרויסגעלאָזט. דאָס איז געווען אמת, ווייל די יידישע פאָליציי האָט אַוועקגעקוקט, כדי צו פאַרלייכטערן דאָס לעבן אין געטאָ. די בחורים האָט מען אַריינגענומען אין אַרבעטס־לאַגער הינטער דער תפיסה. דאָרט זיינען זיי געזעסן 2 חדשים. עס איז געווען אַ שלעכטער סימן, ווייל אין פערלמוטערס צייטן איז קיין ייד דאָרט מער נישט געזעסן ווי 3 טעג. נאָך 2 חדשים האָט די מאַכט די בחורים באַפרייט, אָבער אייניקע טעג שפּעטער האָט מען זיי ווידער אַרעסטירט און אָן שום אויספאָרשונג אויפגעהאַנגען אין געטאָ צוזאַמען מיט לעמפּעקן (איצקאָוויטש). דער פאָליאַק, וואָס האָט זיי פאַרקויפט די קאַרטאָפל, איז געוואָרן באַשטראָפט מיט 10 זלאָטעס. אַלע יידן האָבן געמוזט זיין אַנוועזנד ביי דער תליה. עס איז געוואָרן פאָרגעלייענט אַן אורטייל פון בערלינער געריכט. צעגלאַ האָט געמוזט דעם אורטייל איבערזעצן און וואָרנען אַלע, אַז אַזאַ פאַרברעכן זאָל זיך נישט איבערחזרן. די קערפּער זיינען געהאַנגען 48 שעה.

די שטימונג אין געטאָ איז געוואָרן נאָך מער געדריקט. נייע גזירות האָבן זיך געשיט אויף די יידישע קעפּ, באַזונדערס יעדן פרייטיק.

אין מיטן אַפּריל 1942 איז געקומען אַ באַפעל צו אַרעסטירן די יידישע פאָליציי און דעם „יודנראַט". די, וואָס מען האָט געפונען, זיינען איינגעזעצט געוואָרן אין מלאַווער תפיסה און געשיקט געוואָרן אויף אַרבעט. די מאַכט האָט צוגעזאָגט זיי צו באַפרייען, אָבער איין טאָג האָט מען אין געטאָ אויפגעשטעלט אַ תליה און פאַרזאַמלט אַלע יידן. די אַרעסטירטע, אויך די קראַנקע, האָט מען געבראַכט, אַוועקגעשטעלט אויף קאַסטנס, געבונדן די הענט אויף הינטן און פאַרצויגן ביז בלוט. מען האָט זיי פאַרלייגט שטריק אויפן האַלדז. אַזוי ווי די קאָמענדאַנטן האָבן זיך פאַרשפּעטיקט, האָבן די „פאַרמשפּעטע" צוזאַמען מיט אַלע יידן געוואָרט איבער אַ שעה. די „פאַרמשפּעטע" זיינען געשטאַנען מיט די שטריק אויפן האַלדז און

קעגנאיבער זיי זייערע פאַמיליעס. די דייטשע פּאָליציאַנטן האָבן געמאַכט חוזק, געלאַכט און געגעסן. לייבל ראַמאַנער איז דערווייל געשטאָרבן פון אַ האַרצשלאַג. משה ראַמאַנער האָט גערעדט צו זיין פרוי, זי זאָל דערציען די קינדער אין יידישן גייסט. וואָלאַרסקי האָט געזאָגט: „הלוואי זאָלן מיר שוין זיין די לעצטע קרבנות".

ווען די קאָמענדאַנטן זיינען ענדלעך געקומען, האָבן זיי פאָרגעלייענט אַן אורטייל: אַזוי ווי די יידישע פּאָליציי און דער „יודנראַט" האָבן נישט אויסגעפירט פּינקטלעך די באַפעלן, וועלן זיי געהאַנגען ווערן. דער אורטייל איז געוואָרן איבערגעזעצט אויף יידיש. פון צווישן די יידן האָבן די דייטשן אַרויסגעשלעפּט מענטשן אומצו־וואַרפן די קאַסטנס פון אונטער די פיס פון די געהאַנגענע.

דעם זעלבן טאָג זיינען דערשאָסן געוואָרן 2 פרויען, וואָס מען האָט ביי זיי געפונען געבעקס, איינע פון זיי — פּולטוסקער.

קעגנאיבער אַזאַ אַכזריות האָבן זיך די יידן מער נישט געקענט איינהאַלטן. זיי האָבן געוויינט און געשריגן. ווען זיי זיינען זיך פונאַנדערגעגאַנגען נישט געענוי לויטן באַפעל, האָבן די דייטשן געשאָסן און פיל יידן זיינען געהרגעט געוואָרן.

די אָרטיקע מאַכט האָט געגעבן צו וויסן, אַז דערמיט האָט זיך די שטראָף געענדיקט און אַז מער וועט קיין שלעכטס נישט געשען.

אָבער אייניקע טעג שפּעטער איז ווידער געקומען דער באַפעל: „יודן אַנטרעטן". מען האָט קאָנטראָלירט די אַרבעטס־דאָקומענטן. ווער עס האָט גע־האַט אַ דאָקומענט איז געשיקט געוואָרן צו זיין געוויינלעכער אַרבעט. פון די איבעריקע האָבן די דייטשן אויסגעקליבן 100 יונגע מענטשן און איינגעזעצט אין קודזבאַרסקיס פאַבריק, וואָס איז געוואָרן אַרומגערינגלט מיט פּאָליציי. נאָך 11טעג איז געקומען די געסטאַפּאָ פון טשעכאַנאָווע, האָט געמאַכט פון די אַרעסטירטע 2 רשימות און איז אַוועקגעפאָרן. צומאָרגנס איז געקומען אַ באַפעל די יידן זאָלן אויסגראָבן אין גערשטאַווסקיס הויף ביי דער גאַרבעריי אַ גרוב לויט פאַרשריבענע מאָסן. נאָכדעם האָט מען אַלע יידן פאַרזאַמלט אויפן הויף. מען האָט אַרויסגעפירט די 100 אַרעסטירטע און אַוועקגעשטעלט צו 50 פון יעדער זייט גרוב. מען האָט ווידער פאָרגעלייענט אַן אורטייל פון העכסטן געריכט אין בערלין: אַזוי ווי פאַר 2 וואָכן זיינען געהאַנגען געוואָרן אין געטאָ יידן אַלס שטראָף און אַזוי ווי די אַנ־וועזנדע האָבן זיך נישט אויפגעפירט אַזוי ווי עס דאַרף צו זיין, זיי האָבן געוויינט און געשריגן, וועט יעצט ווערן אויסגעפירט אַ צווייטער אורטייל. מען האָט אַפילו גערדאַרפט שיסן אַלע הונדערט, אָבער די געסטאַפּאָ האָט זיך „באַמיט" צו פאַר־קלענערן די צאָל ביז 50, אָבער אויב עס וועט ווער וויינען, אָדער אויב עס וועט זיך דערהערן עפּעס אַ שטימע, וועט מען שיסן אַלע יידן און צום ערשטן די 50 „באַגנאַדיקטע". אַרום זיינען געשטאַנען פּאָליציסטן מיט מאַשינענגעווער.

דער גאַנצער קהל איז געשטאַנען ביי דער הריגה אַזוי ווי דאָס בלוט וואָלט אים פאַרפרוירן געוואָרן אין די אָדערן, מען האָט נישט געהערט קיין קרעכץ, אַפילו

נישט פון קיין קינד. עס האָט זיך געדאַכט אַז אַלץ אַרום האָט אויפגעהערט צו לעבן.

10 פון דער געסטאַפּאָ זיינען צוגעגאַנגען. דער קאָמענדאַנט האָט פאַר זיי געהאַלטן אַ רעדע: „אויף אייך איז געפאַלן דער גורל און אויך דער גרויסער כבוד צו פאַרניכטן אַזוי פיל ייִדן. זייט שטאַלץ און דערפילט אייער אויפגאַבע ענערגיש. שיסט גלייך אין קאָפּ“.

מען האָט צוגעפירט די ערשטע 5. דעמאָלט איז יעצט קלאָר געוואָרן, וועלכע 50 וועלן דערשאָסן ווערן. די „פאַרמשפּעטע“ האָט מען אָוועקגעשטעלט קעגנאיבער די שיסער און נישט פאַרבונדן די אויגן. איינער פון די ערשטע 5 האָט אָוועקגעבויגן דעם קאָפּ און די קויל האָט אים נישט געטראָפן, האָט ער געמוזט אָפּוואַרטן ביז מען האָט געשאָסן אַלע 50 און דעמאָלט האָט מען אויך אים דערשאָסן.

נאָך יעדע 5 דערשאָסענע האָט דער קאָמענדאַנט געדריקט די הענט פון די שיסער. די ייִדן זיינען געשטאַנען ווי פאַרשטיינערט און אַפילו קיין זיפץ נישט אַרויסגעלאָזט. אַ פּאַליאַק, וואָס איז געשטאַנען פון יענער זייט צוים, האָט עס נישט אויסגעהאַלטן און אָנגעהויבן שרייען: „נידער מיט היטלערן, אומשולדיק בלוט ווערט פאַרגאָסן“. ער איז געוואָרן אַרעסטירט און געהרגעט. די 50, וואָס זיינען נישט דערשאָסן געוואָרן האָבן געמוזט אַראָפּגיין אין גרוב, אַראָפּציען די שיך פון די דערשאָסענע און פאַרשיטן דעם גרוב.

אין געטאָ איז געוואָרן אַ כאַאָס און עס האָט אים באַהערשט אַ גלייכגילטיקייט. עס איז געווען קלאָר, אַז מען האַלט פאַרן ליקווידאַציע פון געטאָ. מען האָט אויך געהערט וועגן דער ליקווידאַציע פון וואַרשעווער געטאָ און וועגן זיינע קאַמפן. עס איז מער נישט געווען קיין ווילן צו פירן אַן אָרגאַניזירט לעבן.

די מאַכט האָט אָפּגעזאָגט צעגלאַן און באַשטימט אַלס קאָמיסאַר הערש מיכל טשאַרקאַ.

## סוף פון געטאָ און חורבן פון דער קהילה

סוף 1942 איז אַרויס אַ געזעץ צו רייניקן דאָס רייך פון ייִדן. מען האָט אָנגעהויבן צו קאָנצענטרירן אין מלאַווער געטאָ די ייִדן פון די אַרומיקע שטעט — טשעכאַנאָוו, מאַקאָוו. טראָץ די שווערע באַדינגונגען, האָט מען געשאַפן אין געטאָ אַ הילפס־קיך פאַר די אָנגעקומענע.

די דייטשן האָבן אויפגעהערט צו שיקן אויף אַרבעט די 500 ייִדן, וואָס האָבן געאַרבעט ביי בויען פעסטונגען אין נאָסאָזשעוואָ. דאָס טויער פון געטאָ איז געוואָרן שטאַרק באַוואַכט.

די יידן האָבן געוואוסט, אַז זיי שטייען פאַר אַ גירוש אין די לאַגערן. ווען ראַטעווען זיך דורך אַנטלויפן פון געטאָ איז קיין רייד נישט געווען צוליב דער פיינטלעכער שטימונג פון דער אַרומיקער באַפעלקערונג. מען איז געוואָרן גלייכ־גילטיק צו אַלעם. מענטשן האָבן געזאָגט: „זאָל עס זיך ענדיקן וואָס שנעלער". מען האָט פונאַנדערגעטיילט, וואָס עס האָט זיך נאָך געפונען אין די געשעפטן.

זלמן פריידנבערג האָט זיך דאָס לעבן גענומען.

די ערשטע גרופּע איז אָוועקגעשיקט געוואָרן ראש חודש כסלו תש"ג — דעם 10־טן נאָוועמבער 1942. די גרופּע איז באַשטאַנען פון 2000 „נישט פּעאיקע צו אַרבעט", ווייזט אויס קיין טרעבלינקע. דער קאָנצענטראַציע־פּונקט איז געווען אין פּוקס און פּערלמוטערס מיל. אויך די קראַנקע האָט מען געשיקט. מען האָט זיי נישט געלאָזט גאָרנישט מיטנעמען. אַלע איבעריקע יידן זיינען געווען פאַר־שלאָסן אין זייערע וואוינונגען.

דעם 13־טן נאָוועמבער — ד' כסלו איז אָוועק די צווייטע גרופּע מיט יינגע מענטשן. מען האָט זיי אַלע פאַרזאַמלט, געהייסן אָפּגעבן דאָס גאָלד, געלט און צירונג. כדי אָפּצושרעקן, האָט מען אייניקע באַזוכט און דעם ביי וועמען מען האָט עפּעס געפונען, אַפילו די קלענסטע סומע, האָט מען אויפן אָרט געשאָסן. מען האָט זיי אָוועקגעפירט צו דער באַן. דאָרט האָט אויף זיי געוואַרט דער „לאַנדראַט": „קאמט, קאמט, מיינע ליבע יודן".

מען האָט אַלע אַריינגעפירט אין וואַגאָנען, פאַרמאַכט און אָוועקגעפירט קיין אַשוויענטשים. במשך פון דער גאַנצער רייזע פון 36 שעה האָט מען זיי נישט געגעבן צו טרינקען.

נאָך נישט אַלע האָבן זיך פאַרגעשטעלט, וואָס עס דערוואַרט זיי. פון דער באַן האָט הערש מיכאל טשאַרקאַ אַרויסגעוואָרפן אַ בריוול צו זיין שוועסטער, אין וועלכן ער שרייבט, אַז ער פאָרט אויף אַרבעט. דאָס בריוול האָט אַ גוי געפונען לעבן טשעכאַנאָוו און אָוועקגעשיקט קיין וואַרשע.

דעם 17־טן נאָוועמבער — ח' כסלו איז אָוועק די דריטע גרופּע.

דעם 10־טן דעצעמבער 1942 — ב' טבת תש"ג איז אָוועקגעשיקט געוואָרן די פערטע און לעצטע גרופּע. אין שטאָט זיינען געבליבן נאָר 2 יידן — יואל און הינדע ראָזענבערג מיטן קינד — אויסבאַהאַלטן ביי פּאָליאַקן מיט דער הילף פון אַ פּוילישן דאָקטער.

אין דעם טאָג איז דאָס געטאָ ליקווידירט געוואָרן און די מלאַווער יידישע קהילה האָט אויפגעהערט צו עקזיסטירן.

שמעון קאַזשיק

# דער לעצטער ייד אין שטאָט

דעם 22טן אויגוסט 1939 האָב איך פאַרלאָזט מלאַווע מיט דער האָפענונג זיך באַלד אומצוקערן. דער גורל האָט אָבער אַנדערש באַשערט. איך האָב זיך אומגעקערט ערשט זעקס יאָר שפּעטער.

נאָך מיין דעמאָביליזאַציע פון רוסישן מיליטער אין מינסק־ליטעווסק, בין איך דעם 15־טן נאָוועמבער 1945, געקומען קיין וואַרשע. אין וואַרשעווער קאָמי־טעט האָב איך זיך דערוואוסט, אַז אין מלאַווע זיינען דאָ יידן. עס האָט געמאַכט אויף מיר אַ גרויסן איינדרוק, כ׳האָב לאַנג נישט געקלערט און גענומען זיך קלויבן אין מיין געבורטס־שטאָט. דער באַן־פּאַרקער איז געווען זייער אַ שלעכטער. נאָך 8 שעה רייזע האָב איך זיך געפונען אויפן מלאַווער וואָקזאַל. כ׳האָב זיך לאַנג צוגעקוקט, ביז כ׳האָב דערקענט דאָס אָרט. געבליבן איז נאָר אַ גאָרטן מיט אַ היל־צערנעם באַראַק. כ׳האָב זיך געלאָזט דורך דער צווייטער זייט אין שטאָט אַריין. דאָ האָבן מיר זיך גלייך געוואָרפן אין די אויגן די ערשטע סימנים פון חורבן. נישטאָ די לאַנגע שורה פון די דראָזשקעס מיט די אויסגעשרייען פון די דראָזשקאָזשעס, דוד־יאַנע, קויטשע, דער מיט דער „מויז״. נאָר צוויי גוישע צעבראָכענע דרינדעס מיט אויסגעדאַרטע פערד.

איך לאָז זיך אין שטאָט אַריין. יעדער בוים, יעדעס הויז און יעדער מענטש רופן אַרויס זכרונות. אָט איז דער וואולקער וועג; דער וועג נאָך רודא, וואו מען פלעגט גיין ל״ג בעומר אין וואַלד אַריין און שפּעטער שפּאַצירן. אויפן גאַנצן וועג האָב איך קיין איין יידן נישט געטראָפן.

די דראָזשקע האָט זיך אָפּגעשטעלטביים אַמאָליקן „האָטעל פּאָלסקי״. אויפן צווייטן שטאָק, זאָגט דער דראָזשקאָזש, וואוינען יידן. מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם שפּריין איך מיט גרויסע שריט ארויף. איך קום אַריין אין אַ שמאָלן, לאַנגן קאָ־רידאָר מיט אַ סך טירן. איך וואַרט אַ סעקונדע און הער רעדן יידיש. איך עפן די

טיר און קום אַריין אין אַ גרויס צימער, וואו עס זיצן אַ סך מענטשן. נאָר אַ טייל פון זיי האָב איך דערקענט. ווען איך האָב פאַרלאָזט מלאַווע זיינען זיי נאָך געווען קינדער. דער לאַגער האָט זיי דערצויגן. דער גרעסטער טייל פון זיי איז צוריקגעקומען פון אָשוויענטשים. אויף די הענט באַמערק איך נומערן געצייכנט מיט טוש. דאָס צימער איז איינגעאָרדנט פּראָוויזאָריש; ס׳שטייען אַ סך טישן, בענק און בעטלעך.

מיין ערשטע פראַגע איז, ווער איז פאַרבליבן פון מיין פאַמיליע. דער ענטפער איז קלאָר. דאָס אומגליק האָט נישט אויסגעמיטן קיינעם פון דער מלאַווער יידישער באַפעלקערונג. ביז דער מינוט האָב איך נאָך געהאַט אַ שטיקל האָפענונג. מיר מוזן זיך צו דעם צוגעוואוינען. מיר וועלן זיך נאָך צו אַ סך זאַכן מוזן צוגעוואוינען.

איך האָב זיך אַוועקגעזעצט שמועסן מיט אלישע מאָנדשטיין. ער האָט מיר דערציילט, אַז אין דעם מאָמענט געפינען זיך אין מלאַווע קנאַפּע 40 יידן. מיט צוויי וואָכן צוריק האָבן 40 יידן פאַרלאָזט די שטאָט און די איבערגעבליבענע קלויבן זיך אויך אין די נאָענטסטע טעג אַוועקפאָרן קיין בערלין.

אַלע צימערן אויף דעם צווייטן שטאָק פאַרנעמען יידן. דאָרטן געפינען זיך יידישע שוסטער־און קאַמאַשן־מאַכער־וואַרשטאַטן, און אַ פאַבריקל פון צוקערלעך. די אַנדערע זיינען סוחרים. אין אָוונט נאָך דער אַרבעט קומען זיך אַלע צוזאַמען אין גרעסטן צימער, אַ טייל שפּילן אין קאָרטן, מען פאַרברענגט אין זינגען, דערציילן וויצן. דאָס איז דער סך־הכל פון דער זיבנטויזנטיקער מלאַווער יידישער באַפעלקערונג.

אַזוי בין איך אָפּגעזעסן מיט מיין פריינד ביז אין דער שפּעטער נאַכט. ער האָט מיר דערציילט וועגן זיינע איבערלעבונגען אין געטאָ און אין לאַגער. ער איז געווען פון די ערשטע, וואָס האָבן זיך צוריקגעקערט קיין מלאַווע. נאָך אים האָבן אָנגעהויבן קומען יידן פון די לאַגערן און פון גאַנץ רוסלאַנד. די יידן, וואָס זיינען געקומען אין יענער צייט האָבן געוואָלט צייטווייליק אַוועקלייגן דעם וואַנדערשטעקן און אַ ביסל זיך אָפּרוען. גאַנץ מעגלעך, אַז אַ טייל האָט זיך געוואָלט איינאָרדענען אויף אַ לענגערע צייט. עס האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן אַנדערש. אונדזערע שונאים האָבן זיך שטאַרק איבערגעשראָקן. „מען זאָגט, אַז יידן זיינען שוין נישטאָ, און דאָ באַווייזן זיי זיך אין מלאַווע אין אַזאַ גרויסער צאָל“. מען האָט אָנגעהויבן קרום צו קוקן אויף זיי, אָנווענדן די אַלטע סיסטעמען. מיט דעם הייפל וואָלטן זיי זיך אַן עצה געגעבן. דאָס ביסל יידן האָט זיך שוין געזאָלט לאָזן אין וועג אַריין.

דאָ איז זיי געקומען הילף פון אַן אומדערוואַרטעטער זייט. אין יענער צייט האָבן זיך די שטעט געפונען אונטער רוסישע קאָמאַנדירן. זיי זיינען געווען דער דעצידירנדער פאַקטאָר אין אַלע פּוילישע שטעט. אין מלאַווע איז קאָמענדאַנט פון

שטאָט געווען איינער גינזבורג, אַ ייד, אַ פּאָלקאָווניק. יידיש האָט ער נישט פאַרשטאַנען. ער האָט אָנגעהויבן אַריינדרינגען אין דער יידן־פראַגע. עס האָבן זיך אין אים דערוועקט וואַרעמע געפילן צו די עטלעכע איבערגעבליבענע יידן. זיין גאַנצן חוש, זיין גאַנץ האַרץ האָט ער אַוועקגעגעבן פאַר די געציילטע אויסגעמוטשעטע מענטשן, וואָס האָבן זיך אומגעקערט פון די טויט־לאַגערן.

די יידן זיינען געווען צעזייט איבער דער שטאָט אין די ערגסטע וואוינונגען. די רעאַקציאָנערן האָבן אין יענער צייט געוואָלט פאַרכאַפּן די מאַכט און האָבן אויסגעפירט פאַרשיידענע סאַבאָטאַזש־אַקטן. אין שטאָט איז געווען אומרואיק. אויף וועמען דאָס שלאָגט זיך אָפּ, ווייסן מיר שוין. דער פּאָלקאָווניק האָט פאַרשטאַנען די געפערלעכע לאַגע פון די עטלעכע יידן, האָט ער אַרויסגעגעבן אַ באַפעל צו קאָנצענטרירן אַלע יידן אין דער בעסטער געביידע אין שטאָט. די יידן האָבן באַקומען דאָס שענסטע הויז אויף דלוגאַ גאַס. לויט זיין באַפעל האָבן זיי אויך באַקומען שענק, בענק, טישן, כלים און אַלעס, וואָס איז נויטיק פאַרן טאָג־טעגלעכן לעבן. פאַר פּאַכלייט, שוסטער, קאָמאַשנמאַכער, שניידער האָט ער געשאַפן ווערקשטעלן. פאַר נישט־פּאַכלייט האָט ער פאַרשאַפט פערד, קי, וועגענער אאַז״וו. ער האָט געגרינדעט אַן אַלגעמיינע קיך און פאַרזאָרגט מיט פּראָדוקטן. ער האָט די יידן אָפּגעגעבן אַ גאַרבעריי, אַ בעקעריי און טשאַרקעס מיל. אַלע מלאַווער יידן זיינען געוואָרן פּראָדוקטיוויזירט בעסער ווי פאַר דער מלחמה. ער האָט אַלעס געשאַפן אין זין פון קאָלעקטיוויזאַציע און אויף דעם אויסגענוצט אַלע זיינע פעאיקייטן. ער האָט אויך געזאָרגט צו הויבן דעם קולטורעלן ניוואָ פון די מענטשן, געשאַפן ראַדיאָ־אַפּאַראַטן, איינגעאָרדנט פאַרזאַמלונגען, אין וועלכע ער האָט זיך אַליין באַטייליקט, געגעבן אָנווייזונגען. די מענטשן זיינען אַריין אין אַ נאָרמאַלן לעבנס־גאַנג, געאַרבעט און אַ ביסל צוגעהאַנדלט, אָנגעטאָן זיך ווי מענטשן. דער פּאָלקאָווניק פלעגט זיי באַזוכן עטלעכע מאָל אַ טאָג. זיינע מיטאַרבעטער האָט ער אָנגעזאָגט אַריינצולאָזן די יידן, ווען זיי האָבן נאָר עפּעס אַן ענין צו אים.

מען האָט אָנגעהויבן פּראַווען חתונות מיט אַלע צערעמאָניעס, פון טשעכאַנאָוו זיינען געקומען יידן מאַכן שמחות. דער פּאָלקאָווניק האָט אַלץ מטיגעמאַכט. ער האָט אויך געזאָרגט פאַר יידן פון אַנדערע שטעט. האָט זיך געמאַכט אומרואיק, האָט ער געשיקט זעלנער מיט מאַשין־געווער באַוואַכן דאָס הויז. כדי דערליידיקן שווערערע פראַגן פלעגט ער אַליין פאָרן קיין וואַרשע. קיין זאַך איז נישט געווען שווער פאַר דעם דאָזיקן גוטהאַרציקן מענטש.

די יידן האָבן זיך אַ ביסל אויסגעגלייכט די ביינער און אָנגעהויבן פאַרגעסן די שלעכטע צייט. און ווען מען האָט זיך אַ ביסל איינגעאָרדנט, האָט מען אָנגעהויבן פאַרגעסן וועגן די פליכטן לגבי אַנדערע. מען האָט געזאָרגט נאָר פאַר זיך. צוגערייזטע מענטשן פון די לאַגערן, קראַנקע, פלעגן זיי שלעכט אויפנעמען, נישט אינטערעסירט זיך מיט קיין געזעלשאַפטלעכע אַרבעט.

ביסלעכווייז האָט זיך די לאַגע אין פוילן נאָרמאַליזירט, די פוילישע אַדמי־ניסטראַציע האָט סיסטעמאַטיש איבערגענומען די מאַכט. די רוסן האָבן אָנגעהויבן פאַרלאָזן די שטאָט. דער פּאָלקאָווניק האָט קיין רו נישט געהאַט. וואָס וועט זיין מיט די יידן? ער האָט זיי פאָרגעלייגט פאַרלאָזן די שטאָט. ער האָט זיי געגעבן אַן אויטאָמאָביל, געמאַכט דאָקומענטן, אַז אַלע זיינען פּאַכלייט און זיי אָפּגעשיקט קיין בערלין.

מיט דער צייט האָבן זיך צונויפגעקליבן נייע 40 יידן. זייער לאַגע איז געווען אַ שלעכטע. ערשטנס האָט מען ביי זיי צוגענומען די גוטע וואוינונג און אַ טייל פון דעם מעבל. נאָך גרויסע באַמיאונגען האָט מען זיי איבערגעגבן דעם צווייטן שטאָק אין דער געביידע פון „האָטעל פּאָלסקי״, קעגנאיבער דעם גאָרטן. דאָרט האָט מען געדאַרפט מאַכן אַ רעמאָנט, אַריינזעצן שויבן אאַז״וו.

איך האָב זיי געטראָפן שוין אַ ביסל איינגעאָרדנט, אָבער מיט געפּאַקטע וואַ־ליזקעס. שוסטער האָבן צו ביסלעך געאַרבעט, אַ טייל פון דער פאַבריקאַציע האָט מען שוין געהאַט צוגענומען. מען האָט געקלערט, ווי אַזוי ווייטער צו פאָרן. דער פּאָלקאָווניק איז אָבער שוין נישט געווען, נישטאָ קיין „מאַשין״ צום פאָרן, נישטאָ קיין דאָקומענטן. מוז מען אַליין קלערן, וואָס ווייטער צו טאָן.

אין מיין ערשטן אָוונט אין מלאַווע נאָך 6 יאָר האָב איך בייגעוואוינט די פאַר־זאַמלונג פונעם הייפל מלאַווער יידן מכח דער עמיגראַציע. אייניקע ווילן דינגען אַ „מאַשין״, אַנדערע ווילן פאָרן מיט דער באַן. דערווייל ווערט אין דער גאַס אַ געשיסעריי. אַלע וואַרפן זיך אויף דער ערד. מען שיסט אין גאַס מיט מאַשין־געווער און באַלויכט מיט ראַקעטן. רופט זיך אָן איינער: כ׳האָב געזאָגט מען זאָל פאָרן וואָס שנעלער. ענטפערט דער צווייטער: געלט גיסטו, פאַר איינעם און ווילן ווילסטו, איר זאָלט פאָרן אין דרייען, מען האָט זיך אַזוי אָפּגעשפּאַרט אַ גאַנצן אָוונט און גאָרנישט באַשלאָסן. די צייט איז שוין געווען שפּעט, האָב איך שוין די שטאָט דעם אָוונט נישט באַזוכט.

מען האָט מיך פאַרבעטן בלייבן שלאָפן. איך קען אָבער בשום אופן נישט איינשלאָפן.

גאַנץ פרי בין איך אַוועק מיט מיין פריינד אין שטאָט אַריין. די ערשטע איינדרוקן זיינען געווען שרעקלעכע. די שטאָט איז חרוב. איך האָב געהאַט דעם איינדרוק אַז איך שטיי נישט אין מאַרק, נאָר אויפן פּלאַץ לעבן שעכטהויז. עס איז זיך שווער צו אָריענטירן, כאָטש איך בין דאָך דאָ געבוירן און אויסגעוואַקסן. פון מאַרק זעט מען אַלע עקן שטאָט ביז די פעלדער. ביים אַריינגאַנג אין דער וואַר־שעווער גאַס שטייט אַ שטיק געמויערטע וואַנט, הויך ביז דריי מעטער און מיט שטיקער גלאָז פון צעבראָכענע פלעשער פון אויבן, מען זאָל נישט קענען אַרי־בערקלעטערן. דאָס איז איבערגעבליבן פון געטאָ־מויער. די ציגל זיינען פון דער שול און די בתי־מדרשים. דאָס טויער איז געווען עק שול־גאַס. דאָ פלעגן

אַריינפאָרן די ס. ס. און ג. ס. מיט שוואַרצע טאַקסואווקעס. דער מאַגיסטראַט איז העכער געוואָרן מיט אַ שטאָק. דעם העכערן שטאָק האָט פאַרנומען די זשאַנדאַר־מעריע און פון דאַנען געזען געזען אַלץ, וואָס עס טוט זיך אין געטאָ.

צוריקגייענדיק טרעף איך אַ סך באַקאַנטע קריסטן, אַלטע, יונגע, אַלץ לעבט. מען דערקענט מיך און מען פרייט זיך מיט מיר. אַלע דערציילן מיט אַ זויערע מינע, וואָס די דייטשן האָבן אָפּגעטאָן. זיי, די פּאָליאַקן, האָבן געשטיצט און גע־האָלפן. בלויז „מעשים טובים!" פּאָר אַ שטיקל ברויט מיט עטלעכע קאַרטאָפל האָבן זיי באַקומען צירונג און פוטערס. נישט ווייניק יידן האָבן זיי אויף זייער געוויסן.

איך קום צוריק אין „האָטעל פּאָלסקי". איך באַמערק איינעם, וואָס איז אין די דייטשע ציַיטן געווען קאָמיסאַר און געשטאַנען אַ צייט אין שפּיץ פון די יידן אין געטאָ. אין דער צייט פון זיין „קעניגן" האָט ער געטראָגן שטייפע שטיוול מיט אַ גראַנאַטענעם מונדיר. אַ גומענער רימען איז געווען אָנגעהאָנגען אויפן רוקן. ער פלעגט געבן אַ גוטן קלאַפּ אויך. פון די יידן, וואָס זיינען אַרויסגעשיקט געוואָרן אין „פּראָטעקטאָראַט" און צוריקגעקומען, האָט ער פאַרלאַנגט טויזנטער מאַרקן. אַנדערש האָט ער נישט געוואָלט איינמעלדן. עס וועט אים אונדזער האַנט נישט מיידן. מלאַווע איז נישט דאָס אָרט דערצו.

בייטאָג באַזוך איך אַלע וואוינונגען. מען אַרבעט און מען קלערט וועגן אָוועקפאָרן. אין הויז איז אַ גערודער. טירן עפענען זיך. ס'קומען קונים, מ'קויפט שטיוול און אַנדערע סחורות. מען האָט שוין באַקאַנטע סוחרים, מיט וועלכע מען שטייט אין קאָנטאַקט.

אַזוי איז מיר אַדורך אין מלאַווע אַ חודש צייט. די 40 מאָן האָבן געדונגען אַ וואַגאָן, אָנגעלאָדנט זייערע זאַכן און אַוועק קיין שטשעטשין. דאָרט איז געווען דער דורכפאָר־פּונקט און עס האָט זיך דאָרט קאָנצענטרירט אַ גרויסע אונטער־וועלט, וואָס האָט אויסגענוצט די עמיגראַנטן. אויך אונדזערע האָבן געליטן פון די גנבים. מען האָט זיי צוגענומען אַ גרויסע סומע געלט. די גרופּע איז אַוועק פון דאָרט קיין בערלין און פון דאַנען זיך צופאָרן אין פאַרשיידענע ערטער.

סוף דעצעמבער 1945 זיינען אין מלאַווע געבליבן 8 יידן. עס זיינען אָנגע־קומען 2 פון רוסלאַנד. די 10 זיינען געווען: לייבל ניעכלאַנסקי, שלמה מלאַווער, הערשל פּילוט, שמואל פעלדהיים, מלכה און הענע ברעסלער, אהרן פּערלמוטער, יוסף גראַדאָוויטש, שלמה לאס און איך.

דער לאַנגער קאָרידאָר האָט זיך אָפּגערוט פון דער גרויסער באַוועגונג. מען האָט זיך מער נישט געקריגט. סוחרים פלעגן נאָך קומען, אָבער עס איז נישט געווען ביי וועמען צו קויפן. „אַ שאָד, וואָס די זשידקעס זיינען אַוועקגעפאָרן". אַ טייל צימערן האָבן מיר אָפּגעגעבן קריסטן, עס זאָל אונדז זיין היימלעכער. אויפן האָרצן איז געוואָרן קאַלעמוטנע און בענקלעך. עס האָט אונדז אַרומגעכאַפּט אַ שרעק.

מיר האָבן זיך געריכט אויף אָנפאַלן. האָבן מיר געמאַכט אייזערנע שטאַבעס ביי די טירן. געוועזער האָבן מיר אויך געהאַט. יעדע נאַכט האָבן מיר זיך פאַרהעמערט, קיינעם נישט אַריינגעלאָזט. עס איז טאַקע געשען. עס האָבן זיך צו אונדז אַריינגעריסן עטלעכע מיליטערלייט און אויפגעריסן די טירן. צום גליק זיינען קיין קרבנות נישט געווען. די רעגירונג האָט פאַרפירט אַן אויספאָרשונג, מען האָט מיך אַרויסגעפאָדערט קיין וואַרשע אויף אַ קאָנפראָנטאַציע. איך האָב דערקענט איין אָפיציר. ער איז פאַרמשפט געוואָרן אויף אייניקע יאָר תפיסה.

די קליינע צאָל יידן, וואָס האָט זיך געפונען דעמאָלט אין מלאַווע, האָט אויסגעקליבן אַ קאָמיטעט און געשטעלט פאַר זיך די אויפגאַבע אַדורכצופירן די עקסהומאַציע פון די יידן, וואָס זיינען דורך די דייטשן דערמאָרדעט געוואָרן. מיר האָבן זיך פאַרבונדן מיט אַמעריקע און אַנדערע לענדער. עטלעכע חדשים שפּעטער האָבן מיר באַקומען אַ בריוו פון יעקב פּאַט פון וואַרשע מען זאָל קומען צו אים. יעקב פּאַט האָט זיך זייער אינטערעסירט מיטן גורל פון דעם הייפל יידן, וואָס וואוינט אין אַזאַ פאַרוואָרפן ווינקל. ער האָט איבערגעגעבן אַ באַריכט דעם קאָמיטעט אין אַמעריקע.

דער ווינטער איז געקומען. אונדזער מאַטעריעלע און מאָראַלע לאַגע איז געווען נישט קיין געהויבענע. מיר האָבן דאַן באַקומען פון קאָמיטעט אין אַמעריקע פעקלעך און אַ צוזאַג פון הילף פאַר דער עקסהומאַציע.

אָנהויב מערץ 1946 האָבן מיר באַקומען געלט אויף דעם צוועק. פּלענער האָבן מיר געהאַט צוגעגרייט. מיר זיינען צוגעטרעטן זיי צו רעאַליזירן.

דער פרילינג האָט זיך דערנענטערט. די זון האָט אויפגעוואַרעמט די גע־פרוירענע ערד. ס׳איז געווען די העכסטע צייט. זומער דערלויבט מען נישט קיין עקסהומאַציע.

די דערלויבעניש פון דער אַדמאַניסטראַציע האָבן מיר שוין געהאַט. צווישן אונדז האָבן זיך געפונען אייניקע, וואָס האָבן בייגעוואוינט די עקזעקוציע: הערשל פילוט, שלמה מלאַווער, שמואל פעלדהיים, לייבל ניעכלאַנסקי. מיר זיינען צוגע־טרעטן צו עקסהומירן די 14־15 מענטשן, וואָס זיינען דערשאָסן געוואָרן אין דער טעפּער־גאַס, קעגנאיבער סורגאלס הויז. מיר האָבן געוואָלט צולייגן די געשאָסענע צו די 51, וואָס זיינען שפּעטער דערשאָסן געוואָרן און מאַכן איין ברודער־קבר מיט איין מצבה.

די, וואָס האָבן בייגעוואוינט די עקזעקוציע, האָבן זיך אַוועקגעשטעלט דאָרט, וואו זיי זיינען דאַן געשטאַנען. עס איז אָבער שווער געווען זיך צו אָריענטירן, ווייל עס זיינען פאָרגעקומען ענדערונגען אין אויסזען פון די גאַסן. נאָך לאַנג מעסטן און באַטראַכטן האָבן מיר באַשלאָסן אויף וועלכן אָרט צו גראָבן. אויך קריסטן, וואָס האָבן ביי דער עקזעקוציע זיך צוגעקוקט פון באַהאַלטענע ערטער, האָבן געזאָגט, אַז דאָס איז דאָס ריכטיקע אָרט. מיר האָבן אָנגעהויבן גראָבן, געזוכט

אַ גאַנצן טאָג און גאָרנישט געפונען. געזוכט אייניקע טעג, צעאַקערט דאָס גאַנצע פעלד און גאָרנישט געפונען. מיר האָבן געזוכט אַ גאַנצע וואָך אָבער אָן רעזולטאַטן. געוואוסט האָב איך, אַז ווען די דייטשן האָבן זיך אָנגעהויבן צוריקצוציען, האָבן זיי פאַרברענט די קערפּערס, עס זאָלן נישט בלייבן קיין סימנים פון זייערע מערדע־רישע מעשים. האָבן מיר באַשלאָסן זיך איבערצוצייגן ביי די 51 קרבנות. מיר האָבן דאָרט געגראָבן און די קערפּערס געפונען אויפן אָרט. הייסט עס אַז די 15 מוזן אויך זיין. מיר האָבן זיך געפרעגט ביי פאַרשיידענע מענטשן. מען האָט מיר אָנגעוויזן אויף איינעם, וואָס האָט זיך פאַרנומען מיט אויסגלייכן פלעצער פאַרן ליקווידירן דאָס געטאָ. דער מענטש האָט געגעבן אָן אויסמיידנדיקן ענטפער. סוף־כל־סוף האָט ער מיך אָוועקגעפירט אויף אַ באַשטימטן אָרט און געזאָגט: „דאָ גראָבט".

מיר האָבן אָנגעהויבן גראָבן און אָנגעטראָפן אויף 6 קברים מיט 24 קערפּער. עקסהומאַציע קען ווערן דורכגעפירט נאָר ביינאַכט. אונדזערע כוחות זיינען געווען צו שוואַך. האָבן מיר געדונגען אייניקע קריסטן. 12 ביינאַכט זיינען מיר געווען אויפן אָרט. עס האָט אַסיסטירט אַ פאָרשטייער פון „רויטן קרייץ" צו זען אַז אַלץ זאָל פאָרקומען לויטן געזעץ.

מיר זיצן ביי די אָפענע קברים און וואַרטן עס זאָל אַ ביסל ליכטיקער ווערן. די נאַכט איז אַ פינצטערע, אַ קילע אָבער אַ טרוקענע. מיר קוקן זיך צו צו די קדושים. זיי ליגן איינער לעבן צווייטן, יעדער אין זיינע מלבושים.

ווען עס איז געוואָרן אַ ביסל ליכטיק, זיינען מיר צוגעטרעטן צום ערשטן קבר. דאָ האָבן זיך געפונען צוויי מענער, אין צווייטן — דריי מענער, אין דריטן — זעקס פרויען און איין קינד, דערקענט לויט די הויכע קלעצלעך ביי די שיך. ביי איינע פון די פרויען האָבן מיר געפונען אַ דאָקומענט איינגעוויקלט אין צעלולאָיד: צביה פעלדמאַן, פון ראַטשאָנזש, געבוירן 1909. אין פערטן קבר זיינען פינף מענער און איין קינד, אין פינפטן קבר — פיר מענער, אין זעקסטן — צוויי מענער. מיר האָבן שווער געאַרבעט. קיין חברה־קדישא זיינען מיר נישט געווען. ביסלעכווייז האָבן מיר זיך צוגעוואוינט צו אַזאַ מין אַרבעט. עס איז דאָך אונדזער הייליקער חוב.

7 אין דער פרי זיינען אַלע קדושים געווען אין פינף קאַסטנס. מיר האָבן זיי צוגעטראָגן צום פרישן קבר, וואָס מיר האָבן אויסגעגראָבן לעבן די 51. מיר האָבן די שווערע קאַסטנס אַראָפּגעלאָזט און פאַרשיט. צייטווייליק איז אונדזער אַרבעט געווען פאַרענדיקט. די איינדרוקן פון דער לאַנגער נאַכט וועלן פאַרבלייבן אויף אייביק. מיר האָבן אַלץ גענומען פאַר ליב, כדי אונדזערע קדושים זאָלן זיך נישט וואַלגערן און די ערד איבער זיי זאָל נישט פאַראַקערט ווערן.

די אַרבעט האָבן מיר פאַרענדיקט אַפּריל 1946. דער סוד ווען די קערפּערס זיינען איבערגעטראָגן געוואָרן און דורך וועמען בין איך ביז היינט נישט דער־גאַנגען.

מיר האָבן אָנגעהויבן אַרומצומויערן דעם קבר. אַ מצבה האָבן מיר געפונען אין אַ שאַפּע. דאָס איז געווען די שענסטע מצבה פון מלאַווער גוטן אָרט. עס האָט זי געהאַט געשטעלט לאַס פון ענגלאַנד אויפן קבר פון זיין מוטער. אַ קריסט־לעכער קריצער האָט אויסגעקריצט די אויפשריפט אין העברעאיש לויט אונדזערע אָנווייזונגען. מיר האָבן אַרומגעבויט די מצבה מיט אַן אייזערנעם פּאַרקאַן. עס האָט לאַנג אָבער נישט גענומען און די גויים האָבן צעשטערט די מצבה.

עס האָבן אָנגעהויבן צוריקקומען יידן פון רוסלאַנד. ווען זיי האָבן זיך דער־וואוסט, אַז אין מלאַווע איז דאָ אַ קאָמיטעט, האָבן זיי זיך געווענדט וועגן שטיצע. די ערשטע, וואָס זיינען געקומען, האָבן מיר געשטיצט מיט אַלע מעגלעכקייטן. שפּעטער האָבן זיך פיל פון זיי גוט איינגעאָרדנט אין אַנדערע ערטער, אָבער דאָך פאַרלאַנגט פון אונדז שטיצע. דערווייל איז די צאָל צוריקגעקומענע כסדר געוואַקסן און מיר האָבן נישט געקענט אויפנעמען אַזויפיל מענטשן. אַלץ האָט זיך קאָנ־צענטרירט ביי אונדז אין די וואוינונגען. קיין געדולד האָט קיינער נישט געהאַט צו זיצן אין מלאַווע. עס האָבן זיך אָנגעהויבן פּראָטעסטן און קריגערייען, דער קאָמיטעט האָט ווייטער נישט געקענט עקזיסטירן און האָט זיך אויפגעלייזט. צו־זאַמען מיט דעם האָבן אַלע יידן פאַרלאָזט די שטאָט.

זינט אויגוסט 1946 זיינען קיין יידן אין מלאַווע מער נישטאָ. איך פאַרבלייב דער איינציקער.

זיין דער איינציקער ייד אין אַ שטאָט איז נישט קיין הימלעכע זאַך. די ערשטע טעג פלעג איך זיצן ביים ראַדיאָ, אָבער ביסלעכווייז האָב איך מיך צוגעוואוינט צו דער איינזאַמקייט. כ׳האָב גענומען דערליידיקן מיינע פּריוואַטע ענינים, וואָס כ׳האָב דורך דער צייט געהאַט פאַרנאַכלעסיקט. כ׳האָב געוואוסט, אַז עס געפינען זיך מלאַווער יידן אין וואַרשע, לאָדז, נידער־שלעזיע, אָבער פון זייער טעטיקייט האָב איך נישט געהערט. פון צייט צו צייט פלעגן קומען יידן קיין מלאַווע דערלעדיקן זייערע פּריוואַטע ענינים. כ׳האָב נישט געהאַט קיין ווערטער פון פרייד און צופרידנקייט, ווען כ׳פלעג טרעפן אַ מלאַווער ייד. אַ סך צייט און מי האָב איך אָוועקגעגעבן ביים דערליידיקן פאַר זיי פאַרשיידענע פאָרמאַליטעטן. זיי האָבן מיר דערציילט וועגן דעם לעבן פון מלאַווער אין פאַרשיידענע שטעט. אַ וויכטיק נייס איז פאַר מיר געווען דאָס אויסוויילן פון קאָמיטעט פון מלאַווער יידן אין לאָדז, וואָס באַשטייט פון באַקאַנטע און אָנערקענטע פערזענלעכקייטן פון אונדזער שטאָט.

אַ צייט שפּעטער האָב איך טאַקע באַקומען אַן איינלאַדונג פון סעקרעטאַר פון קאָמיטעט יעקב אַלטער צו קומען קיין וואַרשע. מיר האָבן זיך געטראָפן אין דער וואוינונג פון פאָרזיצער, דירעקטאָר הירשהאָרן. די באַגעגעניש איז געווען אַ האַרציקע. דער קאָמיטעט האָט אַרויסגעוויזן פאַרשטענדעניש פאַר דעם, וואָס מיר האָבן געטאָן פאַר אונדזערע קדושים און באַשטימט אַז מען דאַרף ווייטער פאַר דעם זאָרגן.

נאָך מיין צוריקקומען קיין מלאַווע איז געוואָרן געשטעלט אַ נייע מצבה. עס זיינען צונויפגענומען געוואָרן די ביינער, וואָס זיינען נאָך געווען אויפן גוטן אָרט. עס איז געמאַכט געוואָרן איין קבר און עס איז דאָרט געשטעלט געוואָרן אַ מצבה.

זומער 1947 איז געמאַכט געוואָרן אַרום דעם דענקמאָל אַן אייזערנע צוים מען זאָל נישט טרעטן.

יאַנואַר 1948 האָבן מיר געמאַכט אַן אָפּמאַך מיט אַ שכנותדיקע קריסטין, לעבן גוטן אָרט, זי זאָל מאַכן אַ צוים און היטן מען זאָל נישט אַקערן. זי וועט דערפאַר געניסן פון דעם, וואָס עס וואַקסט דאָרט.



עס איז שוין איינס ביינאַכט. איינער אין שטוב און איינער אין שטאָט. קיינער שטערט מיר נישט. צי וועט נאָך אין מלאַווע אַ ייד שרייבן נאָך מיר, איז אַ גרויסער ספק.

היינט בין איך געווען אין מאַרק. אַן ידישע שניידער, אַן שוסטער. דער „דעפּטאַק" אויפן דריטן מאַי בויגט זיך נישט אונטער טריט פון דער ידישער יוגנט. ביי יחיאל גאַלאַנט שטייט מען נישט. אין פּאַרק איז דאָ גענוג פּלאַץ צו זיצן. די בענק רוען זיך אָפּ. קריגסט נישט קיין שטויס פון קיין ידיש קינדער־וועגעלע. קיין ידישע פּלאַקאַטן אויף די ווענט זעט מען נישט. גויים וואוינען אין ידישע הייזער, טראָגן ידישע מלבושים, האָבן ידישע געשעפטן.

די שווערסטע אויפגאַבע איז פאַר מיר צו טרייסטן מלאַווער, וואָס קומען דאָס ערשטע מאָל ווידער אין זייער געבורטס־שטאָט און פאָרן באַלד אַוועק מיט געשוואָלענע אויגן און צעבראָכענע הערצער.

עס איז שווער צו זיין אין מלאַווע אַן ידן.

# יזכור

גערענק וואָס עס האָט געטאָן צו דיין פֿאָלק דער
דייטשישער נאַצי עמלק.

# געדענק

די זעקס מיליאָן פֿון אונדזער פֿאָלק וואָס זיינען
אומגעקומען על קידוש השם און על קידוש העם
דורך די הענט פֿון די נאַצי תּליונים.

געדענק מאַידאַנעק
געדענק טרעבלינקע
געדענק אוישוויטץ
געדענק דאַכאַו
געדענק בוכענוואַלד
געדענק די גאַז אויוונס
געדענק די קרעמאַטאָריעס
געדענק דיין מלאוּוע

# יזכור

# 6.000.000

# אַ גירוש אין מלאַווע

## פלאָצקער גובערניע

(איבערזעצונג)

דער בירגערמייסטער פון דער שטאָט מלאַווע גיט צו וויסן צום דריטן מאָל, לויט די אויבנדערמאָנטע אינסטרוקציעס, צו אַלע בירגער און איינוואוינער פון דער שטאָט מלאַווע, סיי צו די קריסטן, סיי צו די יידן, צו די אייגנטימער פון די הייזער, וואָס געפינען זיך אין די קריסטלעכע געגנטן (דאָ ווערן אָנגעגעבן די גאַסן), אַז אונטער קיין שום אויסרייד, איז זיי נישט דערלויבט אָפּצוגעבן וואוינונגען אין די הייזער צו יידן פון ערשטן יולי 1858.

די אייגנטימער פון די הייזער מוזן צו וויסן געבן די יידן, וואָס וואוינען איצט דאָרט, אַז פון דער דאַטע אָן וועלן זיי זיך מוזן איבערציען ערגעץ אַנדערש.

די פּאָליציי פון יענער זייט מאַכט באַקאַנט דורך דעם דאָקומענט יעדן ייד, וואָס וואוינט יעצט אומלעגאַל אין די קריסטלעכע געגנטן, אַז אין דעם אָנגעגעבענעם טאָג וועט זי, די פּאָליציי, מיט גוואַלד אַרויסטרייבן די יידן פון די דאָזיקע וואוינונגען, אויב זיי וועלן די דירות נישט האָבן פריער אַליין פאַרלאָזט.

דאָס איז די סיבה צוליב וועלכער די דאָזיקע יידן, וואָס באַזיצן הייזער אין די אויבנדערמאָנטע געגנטן, מוזן זיי איבערגעבן צו קריסטן און פאַר זייער אייגענעם געברויך מוזן זיי זיך פאַרזאָרגן מיט דירות אין די יידישע געגנטן.

אויב זיי וועלן דאָס נישט טאָן, וועלן זיי האָבן טענות בלויז צו זיך אַליין, ווען זיי וועלן פאַרטריבן ווערן פון די קריסטלעכע געגנטן, סיידן זיי וועלן האָבן פון דער מאַכט ספּעציעלע דערלויבענישן צו וואוינען אין די קריסטלעכע גאַסן.

און כדי קיינער זאָל נישט איגנאָרירן די דאָזיקע אינסטרוקציעס, וועלן זיי, נאָך דעם ווי מען וועט זיי פאַרלייענען אין דער סינאַגאָגע ביים דאַווענען, אין

קעגנוואַרט פון דער יידישער באַפעלקערונג, וועלן זיי אויפגעהאַנגען ווערן אויף דער טיר פון דער שול.

אַ קאָפּיע פון די אינסטרוקציעס מיט די אונטערשריפטן פון די קריסטלעכע הויז־אייגנטימער וועט געהאַלטן ווערן אין מאַגיסטראַט־אַרכיוו.

געשריבן אין מלאַווע דעם 1/13 יאַנואַר, 1858.

דער בירגערמייסטער נ.

Mémoire sur la Situation Des Israélites en Pologne,
Paris, 1858
Annexe au Mémoire Qui Précède.

GOUVERNEMENT DE PLOTZK.

Le bourgmestre de la ville de Mlawa,

Fait savoir, en vertu des dispositions supérieures, pour la troisième fois, à tous bourgeois et habitants de la ville de Mlawa, tant chrétiens que croyants de l'Ancien-Testament (Starozakonni, juifs), propriétaires de maisons situées dans les quartiers chrétiens (ici sont désignées les rues) que, sous aucun prétexte, il ne leur est permis de céder des logements dans ces maisons à des juifs à dater du 1-er juillet a, c, 1858, et qu;ils sont obligés d'annoncer aux juifs qui y sont logés maintenant que, dès cette date, ils auront à se transporter ailleurs.

La police, de son côté, fait connaître, par la présente, à tout juif illégalement domicilié à présent dans les quartiers chrétiens qu'au jour indiqué elle (la police) les fera déloger par force de ces habitations, s'ils ne les ont auparavant quittées d'eux-mêmes. C'est pour cela que ceux des juifs qui possèdent des maisons dans les quartiers susdits doivent les abandonner à des chrétiens et se procurer pour leur propre besoin des logements dans les quartiers juifs, faute de quoi ils n'nauront à faire reproche qu'à eux-mêmes d'être expulsés du quartier chrétien, à moins de produire par-devant le magistrat un permis de domicile spécial dans lesdits quartiers.

Et afin que personne n'en ignore, la présente, après avoir été lue à l'heure du service, dans la synagogue, en présence de la population juive, sera affichée à la porte de la synagogue. Un exemplaire de cette ordonnance, revêtue des signatures des propriétaires chrétiens, sera conservé dans les archives du magistrat.

Fait à Mlawa, le 1/13 janvier 1858.

Le bourgmestre,
N.........

Mémoir surla Situation des Israélites en Pologne. (Extrait des articles aux Journaux en 1856 et 1858)

## די ערשטע מלאַווער אימיגראַנטן אין ניו-יאָרק*)

צו די ערשטע מלאַווער אימיגראַנטן אין ניו־יאָרק געהערט אַן צווייפל ר׳ חיים מיכל גרינבערג, דער מחבר פון ספר אור החיים עם לקוטי רח״ס, וואָס איז דערשינען אין ניו־יאָרק אין 1917. דער מחבר דערציילט אין זיין הקדמה צום ספר אַז ער איז אָנגעקומען אין ניו־יאָרק אין יאָר 1872. פון דער הקדמה קאָן מען זען אַז גרינבערג איז אין אַמעריקע זייער רייך געוואָרן. צוויי מאָל איז ער געפאָרן נאָך ארץ־ישראל, אין יאָר 1900 און אין יאָר 1911.ביידע מאָל האָט ער אין ארץ־ישראל געגעבן אַ סך צדקה און געבויט ישיבות וואָס ער האָט אויסגעהאַלטן אויף זיין חשבון און מ׳האָט זיי גערופן אויף זיין נאָמען. אין ניו־יאָרק האָט ער אויפגעבויט אַ בית־מדרש וואו ער פלעגט יעדן שבת און יום־טוב האַלטן דרשות. דאָס ספר „אור חיים" אַנטהאַלט די דרשות וואָס ער פלעגט האַלטן אין זיין בית מדרש. חיים מיכל איז אין דער היים געווען אַ גערער חסיד און ער איז נאָך געפאָרן צום אַלטן גערער רבין, צום חדושי הרי״ם, וואָס איז נפטר געוואָרן אין יאָר 1866.

חיים מיכלס פאָטער האָט געהייסן יצחק צבי און זיין מוטער האָט געהייסן יוטא פריידא. זיין פרוי טאבע בת ר׳ חיים מאיר איז געשטאָרבן חול המועד סוכות 1917. זיי האָבן געהאַט 4 זין און 6 טעכטער.

דר. י. ר.

## אַ מלאַווער מגיד פון 19-טן י״ה

ווי עס שיינט איז אין מלאַווע געווען סוף 60־קער יאָרן פון פאָרגאַנגענעם יאָרהונדערט, אַ קורצע צייט, מגיד דער באַקאַנטער מגיד און מחבר פון פאַרשיידענע ספרים, ר׳ יצחק דאַנציג, וועלכער איז שפּעטער געוואָרן מגיד אין מאָהילעוו ב. דניעפּער. און זייט 1880 רב אין אַ שול אין פּעטערבורג. אין יאָר תר״ל (1870) איז אין וואַרשע דערשינען אַ הגדה של פסח מיט פאַרשיידענע פּירושים און צווישן זיי מיט אַ פּירוש באר יצחק פון יצחק דאַנציג, וואו ער ווערט אָנגערופן מ״מ (מגיד מישרים) דק״ק מלאַווע. זע דעם קאַטאַלאָג, קהלת משה פון שמואל ווינער, ז׳ 340, נומער, 2795.

---

*) אין 1842 איז דער מלאַווער שניידער-געזעלן, הלל טשעכאַנאָווסקי, אברהם דאָמב-קעוויטשעס אַ שוואָגער, געקומען קיין ניו-יאָרק. פון אַן אָרעמען געזעלן איז דער הלל טשעכאַנאָווסקי געוואָרן אַ גאָר רייכער קליידער פאַבריקאַנט. ווען אברהם דאָבקעוויטש האָט אין 1878 חתונה געמאַכט אַ טאָכטער, איז דער שוואָגער אַראָפּגעקומען קיין אילאָווא, אַ פּרייסיש שטעטל, וואָס האָט זיך געגרענעצט מיט מלאַווע. קיין פּוילן האָט ער נישט געטאָרט אַריינקומען. פאַר זיין געלט האָט די שטאָט אויפגעשטעלט דעם גדר אַרום דעם אַלטן בית-עולם. ער האָט דער ערשטער אַראָפּגעבראַכט קיין מלאַווע (און אפשר קיין פּוילן ?) זינגער׳ס ניי-מאַשינען. די מאַשינען האָט ער געשאָנקען זיינע אַמאָליקע חברים-געזעלן, וואָס זיינען מיט אים צוזאַמען געקומען אויף דער לער. (רעד.)

# ד״ר משה מערקער

(1929 — 1886)

(איבערזעצונג)

**דעם 28טן יוני, 1929, איז אין פּאַריז געשטאָרבן** ד״ר מ. מערקער.

די רעדאַקציע פון „עלעקטריקעל קאָמיוניקיישאָן״ פאַרצייכנט מיט טיפן טרויער דעם דאָזיקן פאַרלוסט. ער איז געווען אַ פּוילישער בירגער, געבוירן אין מלאַווע, אין יאָר 1886. נאָך דעם, ווי ער האָט געענדיקט די מלאַווער גימנאַזיע (?), האָט ער אין די יאָרן 1908־1910 שטודירט אין אוניווערזיטעט פון ליעזש. אין די יאָרן 1911־1912 איז ער געוואָרן אַ לערער פון עלעקטראָטעכניק אין דעם מאָנטע־פיאָרע אינסטיטוט, וואָס איז געווען פאַרבונדן מיטן ליעזשער אוניווערזיטעט. שפּעטער האָט ער געהאַלטן אין דעם זעלביקן אוניווערזיטעט לעקציעס וועגן מאַטעמאַטיק און פיזיק. די מלחמה האָט אים אָבער געשטערט צו פאַרענדיקן זיינע לימודים. ערשט אין 1920 האָט מערקער באַקומען אַ דאָקטאָראַט אין פיזיקאַלישע און מאַטעמאַטישע וויסנשאַפטן. נאָוועמבער 1921 האָט ער אָנגעהויבן אַרבעטן מיט דער „בעל טעלעפאָן מאַנופעקטשורינג קאָמפּאַני״, אין אַנטווערפּען. דעם ערשטן דעצעמבער 1928 איז ער אַריבער אַרבעטן קיין פּאַריז, אין די לאַ־באָראַטאָריעס פון דער זעלביקער פירמע.

אין דער וועלט פון דער וויסנשאַפט מכח טעלעפאָנען איז ד״ר מערקער קודם־כל באַוואוסט מיט זיין אָנווענדן פון מאַטעמאַטיק צו די טעאָריעס פון רעלאַ־טיוויטעט אין שייכות מיט אויטאָמאַטישע פאַרבינדונגען. די וואָס זיינען געווען שטאַרק פאַראינטערעסירט אין די דאָזיקע קאָמפּליצירטע ענינים און האָבן מיט־געאַרבעט מיט אים, די זיינען געווען גליקלעך פון דעם מיטאַרבעטן, ווייל ער האָט תמיד יעדן געהאָלפן מיט דער גרעסטער הנאה. דער דאָזיקער חריף איז שטענדיק געווען גרייט אויסצוהערן יענעמס עצות, און אַ דאַנק זיין סימפּאַטישער נאַטור, איז ער תמיד געווען גרייט די דאָזיקע עצות דורכצוטראַכטן און אָנאַליזירן.

**גאָר פרי האָט ער פאַרשטאַנען, אַז בכדי צו קענען אַרויסבאַקומען די דער־וואַרטעטע רעזולטאַטן, דאַרף די פּראַקטיק פון טעלעפאָן־טעכניק גיין האַנט אין האַנט מיט דער טעאָריע פון מאַטעמאַטיק, דערפאַר האָט ער באַלד אין אָנהויב פון**

זיין פּראָפעסיאָנעלער קאַריערע, בעת די באַדינגונגען פאַר פּרט־אַרבעטן זיינען געווען שווערע, זיך קיין מאָל ניט געשעמט צו זאָגן אַז געוויסע זאַכן קען ער נאָך נישט און איז אַלע מאָל געווען גרייט זוכן הילף און אָנווייזונגען ביי זיינע קאָלעגן.

ווי אַ מחבר פון פאָרשונגען אין שייכות מיט אָנווענדן די רעלאַטיוויטעט טעאָריע אין טעלעפאָן־דינסט, וועט זיין נאָמען תמיד זיין דערמאָנט מיט לויב פון אַלע די, וואָס האָבן פון קאָמפּליצירטע ענינים אַרויסגעבראַכט אויף אַ לפי־ערך פּשוטן אופן יענע פּראַקטישע רעזולטאַטן, מיט וועלכע די קונסט פון אינזשינעריי באַנוצט זיך. אין גאַר אַ קורצער צייט האָט ער באַקומען גרינדלעכע ידיעות אין שייכות מיטן פונקציאָנירן פון דעם אויטאָמאַטישן טעלעפאָן־באַדינען. זיינע פאָרשונגען וואָס שייך „מדרגות" (גרעידינג), „אויסגליטשונגען" (סליפּפּינג) און „שפּאַלטונגען" (ספּליטטינג) — האָבן געפונען אַ ברייטע, פּראַקטישע אָנווענדונג ביים פאַרבעסערן דעם סיסטעם פון טעלעפאָן צירקולאַציע. ער האָט צווישן אַנ־דערע זאַכן אויך אַנטוויקלט די קרומע ליניעס פאַר „מדרגות", וואָס אינזשיניערן, באַהאַווזנט מיט די אויסרעכענונגען ביים פאַרקער און פאַרבינדונג, ווענדן דאָס אָן מיט גרויס נוצן.

פון זיין אומה האָט ער געירשנט די פעאיקייטן פאַר שפּראַכן. חוץ פּויליש האָט ער געקענט רוסיש, פראַנצויזיש, דייטש און ענגליש. ער האָט אָנגעהויבן אַ סך אינטערעסאַנטע פאָרשונגען, וואָס אָן אים — וועט קיינער נישט קענען זיי ברענגען צו אַ פּראַקטישן גמר.

פון דעם דאָזיקן קורצן באַריכט וועגן אים, איז צו זען אַז ערשט נישט לאַנג צוריק איז מערקער טראַנספערירט געוואָרן אין דער פּאַריזער לאַבאָראַטאָריע. לאַנג האָט ער געוואָרט אויף דעם און ער האָט געפילט, אַז ער וועט זיין מער נוצלעך פאַר דער פירמע אויב ער וועט קענען זיינע ידיעות און זיין צייט אָפּגעבן פאַר מער אַלגעמיינע פּראָבלעמען, וואָס דאַרפן געלייזט ווערן.

עס איז שווער צו געפינען אַ מענטשן, וואָס זיינע אויסערגעוויינלעכע פעאיקייטן און ליבע פאַר דער זאַך גופא — אַט די צוויי שטריכן זאָלן זיך אַזוי האַרמאָניש און שטאַרק צונויפגיסן, ווי דאָס איז געווען דער פאַל מיט אים.

ד"ר מערקערס רעקאָרד פון זיינע פאַרעפנטלעכטע אַרבעטן איז אַ ווירדיקער צושטייער צו זיין אָנגעדענק. עס איז דעריבער דאָ דער פּלאַץ אויסצורעכענען זיינע חיבורים:

which can usefully be applied by engineers familiar with traffic and switch calculations.

Dr. Merker possessed the heritage of his race as a linguist, for in addition to Polish, he had a good working knowledge of Russian, French, German, and English. He started many interesting studies which—without his guidance—will not easily be brought to a successful conclusion. From this brief account of him it will be seen that he was only recently transferred to the Paris Laboratories. For some time he had looked forward to that transfer as he felt that he could be more useful to the Company by devoting his knowledge and time there to the more general problems submitted for solution. Special ability, and love for the work, are two characteristics rarely to be found so closely allied or so strongly developed as they were in him.

To one so devoted to telephony as was Dr. Merker, the records of his published results constitute a tribute to his memory. It is therefore appropriate here to direct attention to the following:

1) Berechnungen der Sprechfrequenzverluste in Schnur stromkreisen mit in Brücke liegenden Scheinwiderständen; Elektrische Nachrichtentechnik. Vol. 3, No. 5, May, 1926.

2) Some notes on the use of the probability theory to determine the number of switches in an Automatic Telephone Exchange. The Post Office Electrical Engineers' Journal, Vol. 17, Part I, April, 1924.

3) Quelgues remarques sur l'emploi du calcul, des probabilitiés dans la détermination du nombre des sélecteurs d'un bureau téléphonique automatique. Annales des Postes, Télégraphes et Téléphones No. 3, 1924.

4) Application du calcul des probabilités à la détermination du nombre d'organes et leur mode de connexion dans un bureau de téléphonie automatique. Revue Générale de l'Electricité, April 20 and 30, May 7 and 14, 1927.

5) Notes sur l'application du calcul des probabilités à l'exploitation téléphonique. Revue Générale de l'Electricité, February 21, 1925.

6) Die Berechnung der Wahlerzahl in Selbstauschlussämtern. Elektrotechnische Zeitschrift, October 9, 1924.

7) Application du calcul des probabilités à la détermination du nombre d'organes dans un bureau de téléphonie automatique. Technische Mitteilungen, February, 1928.

*"Electrical Communication"*
Volume VIII — January, 1930 — Number 3.

Dr. M. Merker's death in Paris on June 28th last is a loss which ELECTRICAL COMMUNICATION records with deep regret. He was of Polish nationality, for he was born in Warsaw [1] in 1886. After completing the Mlawa High School, in Warsaw, (?) he applied himself from 1908 to 1910 to more advanced studies at the University of Liége. During 1911 and 1912 he was instructed in electrotechnique at the Institute Montefiore associated with the University of Liége. Thereafter he read mathematics and physics at that university, but owing to the war he did not terminate his studies until 1920, when he received the degree of Doctor of Physics and Mathematical Sciences. In November, 1921, he joined the Bell Telephone Manufacturing Company. He continued in Antwerp until he was transferred to the Paris Laboratories, on December 1, 1928.

Dr. Merker is best known in the world of telephony for his applications of mathematics to theories of probability related to automatic exchanges. His associates interested in those profound problems delighted to work with him, for his assistance was always cheerfully given. His penetrative mind was ever open to suggestions, and his genial nature led him to give them careful and sympathetic consideration.

He early realized that, to obtain the desired results, practical telephony and the theory of mathematics must go hand in hand. In the beginning of his professional career, therefore, when he lacked details of working conditions, he never hesitated to confess that he did not know, and to turn to his associates for information and guidance.

As the author of contributions to the application of the theory of probability to telephony, his name will always be remembered with distinction amongst those who from intricacies derived results of service, in a comparatively simple form, to the engineering art. He soon acquired thorough knowledge of the working of authomatic exchanges. His studies in connection with "grading," "slipping," and "splitting" found great practical application in calculations appertaining to the rotary system. Amongst other results, he developel curves for "grading"

---

[1] In Mlawa.

## פון שפּאַנישן שלאַכטפעלד — מאָנט מען ביי דער יידישער ליטעראַטור

### אַ בריוו פון אַ יידישן מיליציאַנער צו יוסף אַפּאַטאָשו

יוסף אַפּאַטאָשו האָט באַקומען אין ניו־יאָרק פאָלגנדיקן בריוו פון זיינעם אַן אַמאָליקן בן־עיר, אַ מלאַוער, וואָס איז שוין זינט 18 חדשים אויפן שפּאַנישן שלאַכטפעלד. עס איז אַ טיף־מענטשלעכער דאָקומענט און אַ באַווייז, ווי אַזוי דאָס ייד. וואָרט ווייסט נישט פון קיין גרענעצן און אויף וויפל די יידישע ליטעראַטור איז איינגעבאַקן אין דעם האַרצן פונעם יידישן אַר־בעטס־מענטש, וואו ער זאָל נישט זיין. אַ יידישער מענטש פון מלאַווע, אויף דער ערשטער פייער־ליניע אין שפּאַניע האָט געלייענט אַן אַרטיקל אין אַ פּאַריזער יידישער צייטונג און שרייבט אַ בריוו צו אַ באַוואוסטן שרייבער קיין ניו־יאָרק, און דער באַרצעלאָנער בריוו־דאָקומענט ווערט געשיקט אין די וואַרשעווער „ליטעראַרישע בלעטער" און וועט געלייענט ווערן דורך יידיש־לייענער און אַ שטיק וועלט.

רעד.

**פראָנט דע ל'עסטע (שפּאַניע)**
**17.6.38**

**טייערער אַפּאַטאָשו.**

**וואונדערט זיך נישט, וואָס איר דערהאַלט אַ בריוו פון שפּאַנישן שלאַכטפעלד. דאָס שרייבט אייך אייער לאַנדסמאַן פון מלאַווע, וואָפּקע ביילאַוויטש (מאָשקע שמשס אַן איניקל). אַן אַרבעטער, אַ שניידער, וואָס קעמפט אין דער ערשטער ליניע פון קאַמף קעגן פאַשיזם און אַנטיסעמיטיזם שוין אַכצן חדשים. אויך זיין ברודער, איזאַק, וואָס איז שוין געוועזן שווער פאַרוואונדעט, איז איצט שוין צוריק אין דער ערשטער ליניע פון קאַמף.**

**וואָס צווינגט מיך אייך צו שרייבן?**

**זינט אייער ערשטן מאָל זיין אין מלאַווע, וואו מען האָט אייך אַזוי גלענצנד אויפגענומען, פאָלג איך נאָך אייער אַנטוויקלונגס־וועג. איך בין שטאָלץ מיט**

איך, ווי אַ מלאַווער, און דאָס וויכטיקסטע: ווי אַן אונדזעריקער. איך גלויב, אַז איר וועט מיך גוט פאַרשטיין.

היינט איז מיר אַריינגעפאַלן צוויי נומערן „נייע פּרעסע" (פון פּאַריז), וואו נחמן מייזיל שרייבט וועגן איך. ער רעדט וועגן אייערס אַ היסטאָריש ווערק, וואָס איר שרייבט איצט. אַן צווייפל איז וויכטיק צו דערקענען ס'אַלטע אונזער אַמאָליק לעבן. אָבער, טייערער אַפּאַטאָשו, צי גיט נישט שפּאַניע די מעגלעכקייט צו שרייבן דעם היסטאָריש־ריכטיקן ראָמאַן ספּעציעל פאַר אונדז ייִדן? איך מיין, אַז יאָ! דער אַמאָליקער ייִדישער ישוב, די אינקוויזיציע, דער גירוש און איצט דער אויפשטאַנד פון דער „שוואַרצער מאה" קעגן אַלעם, וואָס איז יונג און ניי! און די צוויי טויזנט ייִדישע מיליציאָנערן, וואָס אַ טייל זיינען שוין טויט אָדער פאַרוואונדעט, און וואָס האָבן אַזוי פיל העלדישקייטן באַוויזן און וואָס נעמען זיך אַן פאַר יענער צייט פון שאַנד און שפּאָט.

צי וואָלט נישט בעסער געווען, ווען איר שרייבט אַן דאָס בוך פון דער פאַרגאַנגענהייט און צוקונפט פון אַזאַ העלדיש פאָלק, ווי דאָס שפּאַנישע, אין פאַרבינדונג מיטן קאַמף פון די ייִדישע מאַסן קעגן פאַשיזם און ראַסן־האָס? איך בעט איך זיך צו פאַרטראַכטן וועגן דעם! ס'איז נויטיק צו פאַרפיקסירן דאָס אַלץ, וואָס קומט איצט פאָר אין שפּאַניע. אַנדערע שרייבער טוען עס, ווי אייפּטאָן סינקלער, אַנדרע מאַלראָ א. אַנד. איך מיין, אַז איר זענט דער אַממערסטן באַרופענער פון די ייִדישע שרייבער דאָס צו טאָן.

זייט מיר מוחל פאַר מיין דרייסטקייט איך צו געבן עצות. איך ווייס, אַז איר זענט דער שרייבער פון די מאַסן, פאַר די מאַסן. וועט איר זיך רעכענען מיט אַ מיינונג פון אַ ייִדישן אַרבעטער, וואָס שטייט אין די ערשטע רייען פון קאַמף קעגן דער בעסטיע, וואָס הייסט פאַשיזם.

מיט דער זיכערקייט, אַז איר וועט ערנסט באַטראַכטן מיין בריוו, שיק איך איך איבער מיינע פלאַמיקסטע גרוסן. אויך פון מיין ברודער און מיטקעמפער.

אייער, וואָפקע ביילאָוויטש

(„ליטעראַרישע בלעטער" וואַרשע, אויגוסט 19, 1938).

# פּראָגראַם

פון אַמאַטאָרן־פאַרשטעלונג צום וואַלטעטיקן צוועק.

## 1־טער טייל

1) דער דייטשער נאַציאָנאַלהימן — — — — — — — — כאָר
2) די האַרפּע — — — — — — — — — — — — — סאָלאָ כאָר
3) אויף קדוש השם — — — — — — — — — — — ד. דונייסקי
4) דאָס שעפּעלע — — — — — — — — — — — — ה. ח. שמיט
5) דער בעקער, ש. פרוג — — — — — — — — ה. י. שמיט
6) די ברכה — — — — — — — — — — — — — ה. ח. שמיט

## 2־טער טייל

7) דעקלאַמאַציע — — — — — — — — — — — — — X
8) הירשעלע שייגעץ — — — — — — — — — — ה. ח. בעקער
9) אויפן בוזעם פון ים — — — — — — — — — מ. בעקער
10) עס איז אַ ליגן, דיאַלאָג פון שלום עליכם. אויסגעפירט דורך ה׳ ב. מישנע און י. קאַוואַל.

## 3־טער טייל

### „דער אייביקער ייד״

דראַמע אין איין אַקט פון הייערמאַנס

פּערזאָנען

מ. קאַראַליק — — — — — — — — — — — — ה. שמיט
די מוטער — — — — — — — — — — — — פ. י. פראַוודאַ
פּעטרושאַ — — — — — — — — — — — — ה. ח. שמיט
די גראָסמוטער — — — — — — — — — — פ. ח. טאַכנאַ
קאַשאַ — — — — — — — — — — — — — — פ. ז. קאַץ
פּעטראָוו — — — — — — — — — — — ה. לעווענטהאַל
באַטיושקאַ — — — — — — — — — — — — ה. ח. בעקער
אַטאַמאַן — — — — — — — — — — — — — ה. ג. אַקס

4־טער טייל:

## צוויי מתים עסן פרישטיק

א קאמעדיע אין איין אקט פון בלייכמאן

פערזאנען

מנשה — — — — — — — — — — — — — — ה. X
דארא — — — — — — — — — — — — — — פרל. X
פרעזידענט — — — — — — — — — — — — ה. העפטער

צום שלוס

## פאסט קאנקורס

מלאווע, דעם 25־טן דעצעמבער, 1915.

---

## פ ר א ג ר א ם

מאנטיק, דעם 30טן יולי 1917

קינסטלעריש־דראמאטישער אוונט פונעם היגן
„דראמאטישן קרייז" אונטער דער רעזשי פון ה'

יעקב ווייסליץ

## א) מיטן שטראם

דראמע אין 1 אקט פון שלום אש

פערזאנען:

ר' זרח, א רב — — — — — — — — — — ה' יעקב ווייסליץ
הינדל, זיין ווייב — — — — — — — — — — — פרל. ס. ליפשיץ
רחלע, זייער טאכטער — — — — — — — — פרל. א. מארדאוויטש
דוד, איר מאן — — — — — — — — — — — ה' י. גרינבערג

די זאך קומט פאר אין א קליין פויליש שטעטל אין
די פארגאנגענע צייטן.

---

## ב) זשאַן און מאַדלענאַ

אַן אַרבעטער־בילד אין 1 אַקט פון אָקטאַוו מירבא.

פערזאָנען:

לאַוי טיער, אַן אַלטער אַרבעטער — — — — — — — ה׳ ד. ליפשיץ
מאַדלענאַ, זיין טאָכטער — — — — — — — פר׳ א. מארדאוויטש
ראבערט ארגאנד, פאַבריקאַנטס זון — — — — — ה׳ י. גרינבערג
זשענעוויעווע, זיין טאָכטער — — — — — — — פרל. ב. קלעניץ
קאטיאר — — — — — — — — — — — — — — פרל. ס. ליפשיץ
זשאן רול, אַ יונגער אַרבעטער — — — — — — — — יעקב ווייסליץ

## פּעטראַ קאַרוזאַ

אַ דראַמע אין 1 אַקט פון ראבערט בראקקא
איבערזעצט דורך J. W.

פערזאָנען:

פּעטרא קארוזאַ — — — — — — — — — — — — — ה׳ י. ווייסליץ
מאַרגאַריעטאַ, זיין טאָכטער — — — — — — — פרל. מארדאוויטש
גראַף פאַבריציא — — — — — — — — — — — — ה׳ גרינבערג
אַ שטימע פון דער שכנטע — — — — — — — — — — — — — —
אַ שטימע פון הויז־אויפזעער — — — — — — — — — — — — —

די זאַך געשעט אין אונדזער צייט אין נעאַפּאַל.

*W Sobotę, dnia 3-go czerwca r. b. o g. ½ do 2-iej popoł.*

W sali "Lutnia"

**Odbędzie sie**

UROCZYSTA AKADEMJA

ku czci współrodaka miasta naszego, słynnego literata

J. OPATOSZU

*Czysty dochód został przeznaczony na cel dobroczynny.*

Bilety po Mk. 400.— do nabycia w składzie aptecznym p. Klenca

שבת, דעם 3־טן יוני, 1922, האַלב 2 אַזייגער נאָך מיטאָג קומט פאָר
אין זאַל פון דער
„לוטניאַ"

## אַ פייערלעכע אַקאַדעמיע

לכבוד דעם חשובן גאַסט און באַרימטן ליטעראַט

## י. אָפּאַטאָשו

די הכנסה איז באַשטימט פאַר אַ וואוילטעטיקן צוועק
בילעטן צו 400 מאַרק שוין צו באַקומען אין אַפּטייק־סקלאַד פון ה' קליעניעץ
באַמערקונג: פאַרזאָרגט אייך מיט בילעטן פאַר יום־טוב.
דרוקעריי — ל. היינסדאָרף אין מלאַווע.

---

## פּראָגראַם פון פאַמיליען־אָוונט

אונטער דער לייטונג פון ח. שמידט

---

ערשטער טייל

די האַרפּע — — — — — — — — — — — — (סאָלאָ) כאָר
די העקסע — — — — — — — — — — — — — כאָר
דאָס וועלטל (דעקלאַמאַציע) — — — — — — — — פ' קאָהן
.......... אַ פאַרלעזונג פון מאַקסים גאָרקי — — ה' י. שמידט
פעטש (מאָנאָלאָג) — — — — — — — — —ה' וואַטמאַכער

---

צווייטער טייל

### די גוטע ברידער

אַ קאָמעדיע אין 1 אַקט פון רייזין

פערזאָנען:

גליקסמאַן — — — — — — — — — — ה' ח. שמידט
באָס — — — — — — — — — — — — ה' י. שמידט
האָרוויטש — — — — — — — — — — — ה' ווינדיצקי
בערמאַן — — — — — — — — — — — ה' קאָוואל
הענדלער — — — — — — — — — — — ה' קאָהן

**דריטער טייל**

## די רעפּעטיציע

**פון רייזין**

פּערזאָנען:

| | |
|---|---|
| באָריס — — — — — — — — — — — — | ה׳ ח. שמידט |
| בערטאָ — — — — — — — — — — — | פּ׳ י. פּראַוודאַ |
| שרה — — — — — — — — — — — — — — | × |
| זעלצער — — — — — — — — — — | קאָוואַל |

---

**פערטער טייל**

| | |
|---|---|
| איך בענק אַהיים — — — — — — — — — — | ה׳ ח. שמידט |
| אויף דעם בוזעם פון ים — — — — — — — — | ה׳ ווינדיצקי |
| מאַרגאַריטקעס — — — — — — — — — — — | ה׳ דונייסקי |
| גיטל פּרישקעוויטש (מאָנאָלאָג פון שלום־עליכם) — | פּ׳ קאָהן |
| שבת־קודש (סאָלאָ) — — — — — — — — | ה׳ ח. שמידט |

**מלאַווע, דעם 16טן פעברואַר, 1913**

דערלויבט פון דער צענזור.

דרוקעריי ל. היינסדאָרף — מלאַווע.

---

## אויפרוף:

### מלאַוער יידן!

**האַנטווערקער, סוחרים און קליינהענדלער.**

**ברידער יידן! זונטיק פּ׳ במדבר קומט פאָר ביי אונדז אין שטאָט וואַלן צו דער יידישער גמינע, עס זיינען פאַראַן צוויי ליסטעס, איינע נומ. 1 אַ, אומפּאַרטייאישע וואו עס זיינען פאַראייניקט אַלע רעליגיעזע יידן פון שטאָט. און די אַנדערע, אַ פּאַרטייאישע פון ציוניסטן מיט מזרחיסטן, און איר מוזט אייך דערפאַר אָפּגעבן אַ דין וחשבון פאַר וועלכער ליסטע צו שטימען.**

**אָבער קודם־כל מוזט איר וויסן, אַז לויטן געזעץ האָט נאָר די גמינע צו זאָגן הויפּטזעכלעך איבער די רעליגיעזע זאַכן ווי: תלמוד תורה, מקווה, שולן און**

בתי־מדרשים, רבנים, מורה הוראות, שוחטים, כשר פלייש און נאָך אַזעלכע ספּע־ציעל רעליגיעזע ענינים. עס איז דעריבער זעלבסט־פאַרשטענדלעך דאָס דערצו מוז מען קלייבן נאָר אַזעלכע דאָזאָרעס, וואָס פירן זיך אַליין רעליגיעז, נישט קיין פרייע יידן מחללי שבתות וכדומה.

און עס האָבן טאַקע דעריבער אַלע גרעסטע צדיקים און רביים פון פּוילן און גאַליציע אַרויסגעגעבן אויפרופן און צעשיקט בריוו, דאָס מען טאָר נישט אויסקלייבן פאַר דאָזאָרעס פרייע נישט־רעליגיעזע יידן. נאָר בלויז יידן וואָס היטן דעם יידישן דת, וועלכע ווערן אַרויסגעשטעלט דורך די פאַראייניקטע קאָמיטעטן פון די רע־ליגיעזע יידן.

אַזעלכע אויפרופן האָבן אַרויסגעגעבן די גרעסטע צדיקים פון אונדזער היינטיקן דור, ווי הגאון הצדיק דער „חפץ חיים ומשנה ברורה", דער בעלזער רבי, גערער רבי, אָסטראָווצער רבי, ראַדזימינער רבי און נאָך 50 רביים און צדיקים שליט"א.

זעט דעריבער אַליין, באַרעכנט אייך מיט אַ קלאָרן ישוב הדעת, וועמען צו פאָלגן, די גרעסטע צדיקים און גאונים פון היינטיקן דור, אָדער להבדיל דעם כופר בעיקר גרינבוים, וואָס הייסט מאַכן פרייע יידן פאַר דאָזאָרעס? קלייבט אייך אַליין אויס: די ליסטע נומער 1 פון פאַראייניקטע רעליגיעזע יידן, וואָס איז לויטן באַפעל פון „חפץ חיים" מיט די איבעריקע 50 גרעסטע צדיקים שליט"א. אָדער דעם נומער 2 וועלכער שטאַמט פון באַפעל פון רעליגיע־קעמפער און מחלל שבת בפרהסיא, אַדוואָקאַט גרינבוים.

ובחרת בחיים! — קלויב דיר אויס דעם וועג פון צדיקים, דאָס איז די ליסטע נומער 1!

וואָס האָט געטאָן די אַלטע גמינע?

און זעט אַליין, אין דער ביז איצטיקער גמינע האָבן געבאַלעבאַטעוועט די 2 דאָזאָרעס, וואָס זיינען מכלומרשטע האַנדווערקער און מזרחיסטן, וואָס האָבן זיי אויפגעטאָן?

ווען די תלמוד־תורה גבאים האָבן דורך שוויס און אַרבעט אויפגעשטעלט אַ תלומד־תורה פאַר אָרעמע קינדער מיט 8 מלמדים, האָבן די 2דאָזאָרעס אויס־געהונגערט די מלמדים און פלייסיק נישט געוואָלט געבן קיין געלט. די תלמוד־תורה גבאים זיינען מיד געוואָרן זיך בעטנדיק ביי זיי געלט און דער דיקטאַטאָרישער דאָזאָר האָט דערקלערט, אַז עס זיינען גענוג 4 מלמדים. דאָס הייסט די איבעריקע 100 אָרעמע קינדער זאָלן אַרומלויפן אין דער גאַס. און ווען נישט ר' שמשון ראָזענבערג מיט ר' אברהם בעריש ניימאַן וואָלטן מיר שוין לאַנג קיין תלמוד־תורה נישט געהאַט.

ווען דער בעדער האָט נישט געוואָלט הייצן די מקווה האָט עס דעם דאָזאָר ווייניק געאַרט, און מענטשן האָבן זיך פאַרקילט און באַקומען לונגען־פעלערן, און

ווען ר׳ הערש מאַנדרי האָט געשאַפט געלט און אויך אויסגעלייגט אייגן געלט האָט מען איצט אָנגעהויבן צוריק הייצן די מקווה, אָבער דער דאַזאָר האָט אים נאָך עד־היום דאָס געלט נישט אָפּגעצאָלט.

וואו איז דאָס געלט וואָס ליגט נאָך פון מיטן ווינטער אויף אַ פּאַרקאַן אַרום בית החיים ? וואו זיינען די רערן, קראַנען און אַנדערע מאַיאָנטקעס פון דער מקווה וואָס וואָלטן היינט ווערט געווען די שווערע מיליאַרדן ? וואו איז דאָס בלעך פון דער שולעכל אויפן שטעטל ? אַלץ איז צוגעגאַנבעט געוואָרן, אָדער וואָס איז מיט דעם געשען ?

און אָט אַזוי האָט געווירטשאַפט דער מזרחיסטישער און מכלומרשטער האַנד־ווערקער דאָזאָר.

וועמען ווילן זיי מאַכן פאַר דאַזאָרעס ?

און אָט האָבן זיך ווידער גענומען די ציוניסטן, מזרחיסטן מיט עטלעכע מכלומרשטע האַנדווערקער, וואָס באמת זיינען זיי גאָר ציוניסטישע סוחרים, און ווידער אַריינגעגעבן אַ ליסטע מיט בלויז פּאַרטיי־לייט פאַר קאַנדידאַטן אויף דאָ־זאָרעס, אָבער ווער זיינען זיי ?

— דאָס זיינען די, וועלכע האָבן צוגערויבט אַ תלמוד־תורה־הויז פאַר זייערס אַ גימנאַזיע. אונדזער תלמוד־תורה האָט דעריבער נישט געקראָגן קיין קאָנצעסיע און 100 קינדער האָבן צוליבן שול־צוואַנג געמוזט אָנהויבן גיין אין שקאָלע אַריין, וואו מ׳לערנט זיי נישט צומאָל קיין צורה פון קיין „אלף״ און זיי וועלן צומאָל נישט קענען דאַוונען.

איר געדענקט אַוודאי ווי די ידישע טרעגערס האָבן געהאַט אַריינגעשטעלט די לאַווקעס פון תלמוד־תורה אין הויז נאָך ר׳ עזריאל יצחק מאַקאָווסקי ע״ה און דער „מזרחי״־פּרעזעס האָט אַנגעשטעלט זעלנער, וואָס האָבן די טרעגערס געשלאָגן און די תלמוד־תורה־לאַווקעס צוריק אַרויסגעוואָרפן.

און ערשט נאָך דער מסירת־נפשדיקער אַרבעט פון די אָרטאָדאָקסישע ייִדן, וועלכע האָבן געגעבן ריזיקע געלט־סומען, און וועלכע איר האָט אָפט געזען, קומען שבת אין שול שרייען, און נישט לאָזן לייענען, האָבן מיר געדונגען פאַר דער גימנאַזיע אַנדערע דירות, כדי דאָס תלמוד תורה־הויז צוריק צו באַקומען.

אָבער די גימנאַזיע־אָנפירער רוימען נאָך אַלץ נישט אָפּ אונדזער תלמוד־תורה־הויז און דער סטאַראָסטאַ האָט שוין ווידער אָפּגעזאָגט אונדזער ביטע אויף אַ קאָנצעסיע צוליב דער דירה, אַזוי אַז יעדער מינוט איז מעגלעך אַז די תלמוד־תורה זאָל מען חלילה פאַרמאַכן צוליב דער שולד פון די גימנאַזיע־לייט, 200 קינדער וועלן מוזן חלילה זיך וואַלגערן אויף דער גאַס, און די עלטערן וועלן מוזן באַצאָלן 150 זלאָטעס שטראָף פאַר נישט שיקן די קינדער אין שקאָלע.

זייערע קאַנדידאַטן אויף דאַזאָרעס פירן עס אָן מיט דער היגער גימנאַזיע,

וואו די קינדער ווערן אָפּגעסמט אַלס כופרים אַפּיקורסים און מחללי שבתות. מען לערנט נישט קיין קינדער דאַוונען. זיי ווייסן נישט פון קיין תפילין. דערפאַר ווייסן זיי צו מאַכן שבת אויספלוגן, זכרים מיט נקבות צוזאַמען און מ׳איז מחלל שבת בפרהסיא אויפן שענדלעכסטן אַרט.

די לערערס זייערע פון גימנאַזיע עסן טרפות ביי נישט יידן וואָס איז דער גרעסטער חילול השם:

און אָט זיי זאָל מען עס אַנטרויען אונדזער תלמוד־תורה? ווילט איר די אָרעמע תלמוד־תורה־קינדער אויך פאַר אַזעלכע מחללי שבתניקעס דערציען?

זיי האָבן אַרויסגעשטעלט אַלס דאַזאָרעס, פיל אַזעלכע מענטשן, וואָס זיינען מחללי שבתות חייבי כריתות רחמנא ליצלן. דאַוונען נישט און לייגן נישט קיין תפילין.

מלאַווער יידן! ווילט איר טאַקע אַזעלכע דאַזאָרעס האָבן?

איינער פון זייערע מכלומרשטע האַנדווערקער־קאַנדידאַטן האָט דערקלערט ווען מ׳איז געקומען צו אים נאָך אַ נדבה אויף דער ישיבה, דאָס ער וועט בעסער געבן אויף אַ קאָשציאָל (להבדיל) איידער אויף אַ ישיבה.

יידישער האַנטווערקער! וועסטו טאַקע אַזעלכן פאַר אַ דאָזאָר מאַכן?

גלויב נישט ווען מען רעדט דיר איין, אַז ער וועט דיינע אינטערעסן פאַר־טיידיקן, אָט איז אַ פאַקט דאָס דער ביזאיצטיקער מזרחיסטישער און האַנטווערקער־דאָזאָר וואָס איז אויך ראַטמאַן האָט גאָר פאַרגעלייגט אין שטאָט־ראַט דאָס דער מאַגיסטראַט זאָל פון די יידישע קצבים נעמען צו 2 קילאָ פלייש, איז עס נישט אַ שאַנדע ווען אַזאַ „האַנטווערקער־פאַרשטייער״ טרעט אַרויס קעגן די אינטערעסן פון יידישע קצבים!

יידישע קצבים! וועט איר פאַר זעלכע לייט שטימען?

און ווען דער מאַגיסטראַט העכערט מיט איין מאָל פאַר די מאַרק־שטייער מיט 150 פּראָצענט „פלאַצאָווע״, און אַ דעלעגאַציע פון קליינהענדלער גייט צום ציוניס־טישן מאַגיסטראַט־לאַווניק, דער זעלבער וועמען זיי שטעלן אַרויס אין שפּיץ פון זייער ליסטע, ענטפערט ער זיי: „„דער מאַרק געהערט צום מאַגיסטראַט, האָט איר אַ ברירה נישט צו שטיין אין מאַרק״.

איז עס נישט אַ פאַרברעכן אַזוי לייכטזיניק זיך צו באַציען צו אָרעמע יידישע מאַרק־שטייערס?

יידישע קליינהענדלער! וועט איר פאַר אַזעלכע מענטשן אייער שטים אָפּ־געבן?

די זעלבע לייט דריקן שטענדיק און זיינען מבזה די אָרעמע יידישע באַ־פעלקערונג. אָט האָבן זיי פאַרברעכעריש קעגן געזעץ, געפּסלט פון וואַל־רעכט די אָרעמע יידן וואָס האָבן געמוזט נעמען שטיצע אויף פּסח, זיי ווילן נישט דאָס אָרעמע־לייט זאָלן האָבן וואַל־רעכט, און אויך קענען שטימען אויף דאָזאָרעס,

זייערע קאַנדידאַטן אויף דאָזאַרעס זיינען סאַמע רייכע מענטשן וועלכע פילן נישט דעם גורל פון אָרעמאַן.

ווען דער שטאָט־ראַט האָט באַהאַנדלט די פראַגע פון מאַכן דעם טאַרג אום שבת, וואָס רירט אָן אַלע יידישע קלאַסן אָן אויסנאַם, איז צו דער זיצונג נישט געקומען דער ציוניסטישער ראַטמאַן, וועלכער וויל איצט ווערן דאָזאַר. אַט אַזוי פאַרברעכעריש האַנדלען עס דיזע לייט קעגנאיבער די יידישע בלוטיקסטע אינ־טערעסן.

יידישע האַנטווערקער, סוחרים און קליינהענדלער! איר האָט איצט אַ גע־לעגנהייט צו געבן אייער ענטפער די דאָזיקע פאָלקס־פאַררעטער, קיין איינציקע שטימע טאָרט איר זיי נישט געבן.

זיי זיינען שטענדיק פאַרנומען מיט גימנאַזיעס, טעאַטערס און בעלער, זיי האָבן נישט קיין צייט פאַר יידישע אינטערעסן.

זיי אַרבעטן נישט אויף קיין „בקור חולים״, „בית לחם״, תלמוד תורה, ישיבה און „בית יעקב״, יעדע יידישע זאַך איז זיי פרעמד, אַפילו דער מזרחיסטישער קאַנדידאַט אויף דאָזאַר גייט אויף מאַסקאַראַדן־בעלער און זיצט דאָרט אין בלויזן קאָפּ (אַחוץ די איבעריקע שיינע מעשים זיינע פון אַ פּאָר יאָר צוריק, אין די צייטן פון דער דייטשישער אָקופּאַציע, וואָס יעדער מלאַוועו ייד געדענקט גאַנץ גוט) און וועט איר זיי מאַכן פאַר דאָזאַרעס, וועט איר מוזן צאָלן עטאַט פאַר דער גימ־נאַזיע, איר וועט שרייען און קיינער וועט אייך נישט ענטפערן, עס וועט שוין זיין פאַרפאַלן.

פון די אַלע אומווירדיקע מעשים זיינען פריי אונדזערע קאַנדידאַטן, אונדזער ליסטע איז אָן אומפּאַרטייאישע רעליגיעזע ליסטע, וואו עס זיינען פאַרטרעטן אַלע שיכטן פון דער יידישער באַפעלקערונג, דערונטער אמתע האַנדווערקער און קליינ־הענדלער, סוחרים און אָנגעשטעלטע יידן פון בית מדרש און די שטיבלעך, וואָס אַ יידישע זאַך באַרירט זיי, זיי זיינען באַקאַנט מיט זייער אַרבעט לטובת די רעליגיעזע און עקאָנאָמישע אינטערעסן פון די מלאַוועו יידן.

אונדזערע קאַנדידאַטן זיינען יידן, וואָס אַרבעטן אין שטאָט־ראַט און להבדיל אין תלמוד תורה, ביקור חולים, ישיבה, בית יעקב, פאַר סוחרים, האַנטווערקער און קליינהענדלער. יידן וואָס לאָזן זיך קאָסטן געלט אויף יידישע זאַכן און וואָס די אַלע ענינים, וואָס די גמינע האָט איבער דעם צו זאָגן, באַרירט זיי.

דעריבער מלאַוועו יידן! באַרעכנט אייך אין דער לעצטער מינוט, גייט נישט מיט גרינבוימס משרתים קעגן די גרעסטע צדיקים פון פוילן, דערוועקט אין אייך דעם יידישן פונק, זאָלן אונדזערע זיידעס אין קבר נישט האָבן מיט אונדז זיך צו שעמען, גיט נישט איבער 200 תלמוד תורה קינדער אין די הענט פון מחללי שבתות, וואָס וועלן זיי אויסשטעלן דאָס זיי זאָלן קיין קדיש נישט קאָנען זאָגן. געדענקט!

**איר וועט דערנאָך חרטה האָבן, אָבער עס וועט שוין זיין צו שפּעט! טוט דעריבער באַצייטנס דאָס זעלבע וואָס אַלע יידן טוען און גייט פאַראייניקט צו די וואַלן מיט אַלע יידן פון גאַנץ פוילן אונטער דער אָנפירונג פון אונדזערע צדיקים און גאונים, וועלכע שטימען אַלע היינטיקן זונטאָג פאַר די ליסטע פון די פאַראייניקטע רעליגיעזע יידן, און דאָס איז נאָר די ליסטע נומער 1.**

**אַלע מלאַוועור יידן אָן אויסנאַם שטימען פאַר דער ליסטע נומער 1!**

**פאַראייניקטער וואַל־קאָמיטעט פון די רעליגיעזע יידן אין מלאַווע.**

**מלאַווע, דעם 1927.VII.20**

מלאַוועער קאָמיטעט
פון „בונד"

**ח"ח**

**שבת, דעם 13.VIII וועלן מיר פייערן דעם 10־יאָריקן יובילעאום פון אונדזער מלאַוועער אָרגאַניזאַציע, דעריבער האָבן מיר באַשלאָסן איינצואָרדענען אַן עפנטלעכע אַקאַדעמיע און איינצולאַדן די חברים ב. וואַרשאַווסקי, ח. פּיזשיץ, ש. דאַווידאָוויטש און אַ פאַרשטייער פון צ"ק אויף אונדזער יום־טוב.**

**אויסער דעם וועלן מיר אַרויסגעבן דעם נומער 2 פון מלאַוועער וועקער, וועלכער וועט זיין געווידמעט דעם יובילעאום.**

**איר ווערט געבעטן זיך באַטייליקן אין אים. שרייבט אונדז צי איר וועט אָנטייל־נעמען אין אונדזער פייערונג און אין דער צייטונג.**

**מיר וואַרטן אויף אַ תיכפדיקן ענטפער.**

**מיט ח'־גרוס**

**מלאַוועער קאָמיטעט פון „בונד".**

**פּ.ס. איר ווערט געבעטן זיך צו פאַרשטענדיקן מיט די אויבנדערמאָנטע חברים און אויך מיטן חבר וויסבליץ, וועלכער האָט געגרינדעט אונדזער אָר־גאַניזאַציע.**

## הילפסטעטיקייט פאַר נויטליידנדע ברידער — דער סימבאָל פון דער יידישער פאָלקס-אַחדות.

**אַ דרשה פון מלאַווער רב שליט״א, שבת פ׳ במדבר, תרפט, אין דער מלאַווער שול, געווידמעט די הילפס־אַרבעט פון די מלאַווער לאַנדסלייט אין אַמעריקע, פאַר זייערע ברידער אין פוילן.**

מלאַווע, תרפ״ט

מים רבים לא יכלו לכבות את האהבה, ונהרות לא ישטפוה
(שיר השירים ח׳)

געדרוקט ביי ל. היינסדאָרפן

להועד המאושר מטעם הממשלה בקישינוב לתמיכת נגועי הפרעות נשלח: ———

מלאַווע. ע״י הציונים: מאַקס וואַזניינסקי 10 רוב׳; מ. ליפסקי, י. א. שעער, ב. וויינבערגער כ״א 5 רוב׳; צ. קלענעץ 4 רוב׳; ש. ליפסקער, ע. י. מאַקאָווסקי, ד. פיזשיץ, נ. הערצבערג, מ. אַללאַנד, י. פערל עם גלאָווינסקי, נ. באַניסלאַווסקי, מ. באָרינשטיין, א. מאַרקיס, ת. אַלטער כ״א 3 רוב׳; א. מ. פיעטראָקאָווסקי, יוסף נתן אַלטער, י. מ. לידזבאָרסקי, ר. ל. גאָלדשטיין, קלינקערשטיין, מ. גראָסמאַן, י. ד. זילבערשטיין, פייגע קלענעץ, יודל וויינבערגער, יוסף פערלמוטער, ש. קאָנעצקי כ״א 2 רוב׳; מ. אַלטער, ז. לידזבאָרסקי, מ. ד. אָלאָרט, צבי דוד ווישינסקי, ש. רו־בינשטיין, ב. פערלמוטער, א. ריבאַק, י. י. אַלטער כ״א 1.50 ר׳ הרב דפה ר׳ יחיאל משה סעגאַלאָוויטץ, י. ריבאַק, מ. קופעלד, צבי וויאַר, חיים ברוך פאַלוש, י. מאַ־קאָווסקי, ש. באַניסלאַווסקי, א. י. פשימעראָוויטץ, ש. קרעשצענאָווסקי, ל. טיטין, מ. ביעזונסקי, גרינהויז, י. אייכלער, רבקה מאַקאָווסקי, י. ז. ריבאַק, וו. בראַכפעלד, ש. מאַנדרי, ח. מאַקאָווסקי, א. ניבאָרסקי, ש. בערנשטיין, מ. וואַרשטאַצקי, א. שיף, גאָלדבערג, י. ה. דאַנציגער, מ. ראָזען, ד. ה. פרענקעל, ז. אַלטער, ז. זילבערבערג, מ. ל. ראַק, ה. ניימאַרק, מ. גרינבערג, מ. י. קלעניץ, ב. אייזענבערג, ש. וויאַר, ד. גאָרדאָן, מ. מ. מערקער, א. מ. טורקעלטויב, ש. ליפשיטץ, ח. ד. צוקקער, א. וואַר־שאַווסקי, ד. ה. מאַקאָווסקי, א. שאלדיינסקי, מ. גרינבערג, ט. געזונדהייט, א. כהן,

וו. מינץ, ה. זילבערבערג, ב. שטאַרקשטיין, מ. ליפשיטץ, י. מ. כהן, מ. ביאַליק, א. א. ביעזונסקי, ב. אולריק, ג. סטופסקי, דוד טעמקין, נאַטעלבערג כ״א 1 רוב׳; ב. הירשזאָהן 75 קאָפּ׳; י. אַלראַט, ל. צייטאַג, מ. מאַקאָווסקי, מ. סעגאַל, י. קאַר־זשענאַק, מ. אָפּאַטאָווסקי, י. גרזעביענאַרזש, א. ד. זילבערמאַן, י. דאַמקעוויטש, ד. צאַסנעק, ח. ד. מייזליש, א. ב. וויאַר, י. ש. מאַנדרזאַק, פּ. אָפּאַטאָווסקי, אַלפּער שלום, ש. בענדער, י. לאַקרעץ, ר. באַניסלאַווסקי, רבקה ליפשיץ, וו. שמידט, מ. לאַסקע, א. ח. ראַטמאַן, אלעזר פראַנק, פּ. אברענץ, ש. ניצקין, ר. וויאַר, י. ל. לעדערבערג, י. ב. אַש, ה. רינג, פּ. שפּיראַ, י. י. ווינער, י. כהן, א. אַלעוניקי, י. ש. ראָזענבערג, ט. פּאַטער, מ. זאַיאַנץ, ל. פריד, ל. זאַגאַן, ה. טאַץ, מ. לאַנדאַ, ח. ז. לעדער, י. כאַ־ביינסקי, גאַלאַמב, א. י. טיקולסקער, ש. י. גאָטהילף, פּ. לידזבאַרסקי, א. ראָזענשטיין, ח. פשיסוסקער, מ. כאַרזעלסקי, מ. ראַטענבערג, מ. אַלטער, ש. דראַטווע, י. ראָזען, ח. ל. מייזליץ, ב. עסטרייך, ש. א. גאַלדשטיין, יעקב מאַלעוויאַק, י. ה. בראהן, ב. זיל־בערשטיין, י. פשעטיצקי, מ. אַלטער, ל. אנקעל, א. י. גרזיבאָווסקי, י. ציטרין, נ. פיגוט, י. יעראַזילימסקי, חנה צאשניק, מ. א טורש, י. לישינסקי, ביילא ראָזענבערג, א. גרינבערג, מ. לאמסקי, י. א. בלאסס, ש. קירזבאַרסקי, א. ש. באַרינשטיין, ברוך גאַלדשטיין, מ. סאַלדיינסקי, ה. מאיר, ח. ליפשיץ, י. מ. פילהער, י. י. וויטמאַן, כ״א 50 קאָפּ׳; ח. ל. אָפּפעלד, א. ל. פּאַטאַלאָווסקי, דן פּרוסאַק, י. מאַרדאָוויטש כ״א כ״א 40 קאָפּ׳; י. דזשעדזיץ, י. גרינבערג, י. י. טאכנע, י. ברענער, ש. י. אײדליץ, ט. טיבערג, א. דזאַלדאָווסקי, מ. ענאך, ל. זבאַר, מ. כהן, ח. קלאַפּמאַן, מ. ווילנער, מ. מארימונד, ד. אַלטער, מ. סעגאַל, ה. פּ. ניימאַרק, י. מאַקאָוו, מ. פּ. כהן, ל. לעדער, ז. מ. נאַזשאַק, ש. ראָזענבערג, מ. גורנע, ש. מ. גאָלדבלאַט, ה. מ. לאַנדאַ, מ. פּערעל־מוטער, ליפּצע ראָזענבערג, א. א. ציטרין, ש. מ. פשיסכע, נ. ניימאַרק כ״א 30 קאָפּ׳; לאה, י. סלאַבאָגורסקי, ש. מיצענמאַכער, ה. דזעזיטץ, ר. גוטמאַן, ח. ברעסלער ה. ליסקאָווסקי, א. מ. גאַלאַנט, א. גרוא, ז. טוראָווער, עקיבא כאַרזעלסקי, א. י. ליכ־טענשטיין, א. ראָזענבערג, מ. צעכאַנאָווער, מ. גראַסמאַן, מ. גלאָבוס, ע. ליפשיץ, ז. ליכטענשטיין, י. י. בעלדט, ד. אָפּאַטאָווסקי, ח. גאַלדבערג, נח באַניסלאַווסקי, כ״א 25 קאָפּ׳; ש. מ. לאסקע, ל. דזיקאָווסקי וו. ליפּינסקי, נ. שצעפּקאָווסקי, י. בלום, ש. קליין, רבקה פריד, ז. באַראַנאָווער, ה. גוטמאַן, אהרן דזשאלדאָווסקי, מ. יאַשינסקי, מ. ריימאַן, ק. קאלמאַן, יחזקאל בלום, י. טאַכנע, ז. נאַגלין, א. ש. וואלארסקי, ד. שירכעל, ח. ל. ראָזען, י. פייגענבוים, מ. מיקדאל, י. וואַרשאָווסקי, מ. מאַקאָווער, מ. ליכטענשטיין, שרה ליכטענשטיין, ישעיה לאַנדאַ, מ. ראַטענבערג, א. י. ראָזען, ח. גרזעביענארש, ש. גרזעביענארש, ש. ראמאנא כ״א 20 קאָפּ׳; י. ח. וויינשטאַק, י. ראַדאַק, י. גאַלדאַנסקי, דבורה צעכאַנאָווער, ח. ש״ץ, פּ. אינדיצקי, א. צוקערקאַפּף, ש. ב. ליכטענשטיין, א. וואַליארסקי, א. ליבערמאַן, גוטמאַן, ל. וואַליארסקי, א. בערג, מ. פּינקוס, ג. סטאַדא, א. רימארש, י. לאַנדאַ, ש. ב. שפּיראַ, י. מ. גרשעביענארש, ב. סאַלדויסקי כ״א 15 קאָפּ׳; א. מ. מאנדעזאך, א. בילאָוויטש, שיינה דזאַלדאָווסקי,

י. קאזאק, ז. גרזעביענאַרזש, נתן קליין, ב. סאָקאָלאָווער, ה. נאַשעלסקער, ק. פּיזשיץ, י. גרינבערג, מ. פלישאַרש, א. אזאנא, א. קאזארש, אלמנה חיה, ש. י. גאָלדבערג, לאה ליכטענשטיין, מ. י. מיגדאַל, ק. ביילאָוויטש כ״א 10 קאָפּ׳; חיה שרה פאַדיאַן, ה. לענצנער, מ. יאַקאָבאָוויטש, ג. ליכטענשטיין, העניך סערקאַל, א. ד. איידליץ, בערנבוים, ש. וואָלפאָוויץ, ח. פּערלע, משה ש. ברענער, כ״א 5 קאָפּ׳; יצחק ניס 3 קאָפּ׳.

---

„הצפירה״, וואַרשע, 1903, נומ׳ 131. ס״ה 217,63 רוב׳

# אַ גרוס פון די לעבן־געבליבענע ייִדן אין מלאַווע

**פריינד חיים:**

אייער בריוו געשריבן צו וואָלף אַלטאַיס דערהאַלטן. ליידער מוזן מיר אייך מודיע זיין, אַז אייער שוועסטער און שוואָגער וואָלף און קינדער, אויך אייער שוועסטער שיינע מיט די קינדער, זיינען אומגעקומען, בעסטיאַליש אומגעקומען, דורך די ברודיקע הענט פון היטלערס באַנדעס אין די אַרבעט־און־פאַרניכטונגס־לאַגערן.

איך גיב איבער ווייטער צו שרייבן דעם בריוו צו אייך אייערן אַ פריינד, וואָס איז ניצול געוואָרן און לעבט צווישן דער גרופּע אָפּגעראַטעוועטע יידן אין מלאַווע. דאָס איז אליהו סעלאַרסקי.

ליבער פריינד חיים, דיין בריוו האָט מיך שטאַרק דערפריייט. כ׳האָב זיך אָבער באַוויינט, אַרויסשרייבנדיק דער גורל פון דיין פאַמיליע. ס׳איז אָבער פאַרפאַלן. יעדער איבערגעבליבענער ייד אין פּוילן איז מיט אַזאַ שטראָף באַשטראָפט געוואָרן. איך אַליין בין געוועזן אַ פאָטער פון אַ פאַמיליע, אַ פרוי מיט זעקס קינדער, אַן איידעם מיט אַ שנור, צוזאַמען צען מאַן. און איצט בין איך, אויף מיינע עלטערע יאָרן, געבליבן פון די טויט־לאַגערן בלויז מיט איין זון. שטעל דיך פאָר — מיר האָבן געמוזט קוקן, ווי זיי פאַרגאַזעווען און פאַרברענען אונדזערע פאַמיליעס. נאָר ס׳איז פאַרפאַלן. מיר מוזן ווייטער לעבן.

מיר האָבן געמוזט וואוינען אין אַ געטאָ, אין דער טעפּער גאַס, אין דער פּלאַצקער גאַס, וואו זיי האָבן יעדן טאָג געשאָסן און געהאַנגען יידן. אַזוי האָבן

מיר געלעבט די ערשטע צוויי יאָר ביים היטלער־רעזשים. נאָך די צוויי יאָר האָט זיך אָנגעהויבן אַן אַלגעמיינע פאַרניכטונג: מענער און קינדער, מאַמעס און קליינע קינדער זיינען טראַנספּאָרטנווייז אַוועקגעשיקט געוואָרן פון אַלע שטעט אין פּוילן, צום פאַרברענען. אַזוי האָט דאָס לעבן אויסגעזען. פּוילן איז דאָס בית־הקברות פון 6 מיליאָן יידן.

איך פּערזענלעך האָב גאַנץ גוט געהאַט אין געטאָ. איך האָב פאַרדינט. אָבער דאָס איז מיר נישט איינגעגאַנגען. איך האָב געאַרבעט מיט דיין וואָלפן שותפות שניידעריי. די תליה פאַר די יידן איז אָבער שטענדיק געשטאַנען גרייט. הינטער יעדן יידנס פענצטער אַ תליה. די תליות זיינען געשטאַנען קעגנאיבער דעם שול־הויף. איין מאָל האָבן זיי געהאַנגען פיר מאַן. צוויי וואָכן שפּעטער האָבן זיי געהאַנגען אַלע קהילה־פאַרשטייער, פופצן מאַן. צווישן זיי מיין יינגסטן ברודער חיים. און מיר אַלע האָבן געמוזט שטיין און קוקן ווי די חיות הענגען יידן. מיר האָבן, פאַרשטענדלעך געוויינט. און ווייל מיר האָבן געוויינט, האָבן זיי געשאָסן פופציק יידן און זיי אַריינגעוואָרפן אין אַ מאַסן־גרוב ביי נחמה פיגאַט אויפן הויף.
די גאַנצע יידישע געטאָ איז געוואָרן איין בית־הקברות.

בלויז אַ קליינע גרופּע יידן האָבן דערלעבט אַ נקמה אַן שונא, האָבן דער־לעבט די פרייהייט. מיר ווילן אַרויסנעמען פון דעם מאַסן־גרוב אויף פיגאַטס הויף, די קדושים און זיי מקבר זיין אויף אַ הייליקן אָרט. אויף דעם אַלטן גוטן־אָרט איז נישטאָ קיין רייד, ווייל די דייטשן האָבן דאָס גאַנצע גוטע־אָרט פאַר־וואַנדלט אין מאַסן־קברים. מיר געפינען דאָרט מאַסן ביינער, קעפּ און פיס פון אונדזערע פאָטערס און מוטערס, שוועסטער און קינדער. מיר וועלן פאָטאָגראַ־פירן דעם בית־עולם און אייך צושיקן ס׳בילד, ווי דאָס בית־הקברות זעט אויס.

מיר, די קליינע גרופּע איבערגעבליבענע יידן, זיינען נישט אימשטאַנד דאָס אַלץ צו מאַכן. דאָס איז פאַרבונדן מיט אַ סך געלט. מיר ווילן פון אייך, אַז איר זאָלט נישט שטיין פון דערווייטנס און אונדז באַהילפיק זיין.

חיים, איך בעט דיך, גיב דעם בריוו צו לייענען אַלע מלאַווער לאַנדסלייט. אונדזערע בעסטע גרוסן, בענקענדיקע, דעם דיכטער און אונדזער לאַנדסמאַן יוסף אָפּאַטאָשון. מיר גריסן אים און ווילן נאָר הערן זיינע געדרוקטע זאַכן אין דער צייטונג און אין דעם בוך, מיר דורשטיקע, איבערגעבליבענע יידישע לעזער פון זיינע ווערק.

מלאַווער לאַנדסלייט, מיר זיינען מאָראַליש צעבראָכן, קענען מיר נישט שרייבן, קענען נישט קאָנצענטרירן אונדזערע געדאַנקען. אינעם נאָענטסטן בריוו וועלן מיר מער שרייבן.

בלייב געגריסט פון מיר דיין חבר און פריינד אליהו סאלארסקי מיטן זון.

די פארשטייער פון מלאווער קאמיטעט: אליהו סאלארסקי, אברהם שאפט, משה דוד פרענקעל, שלום דרעזנער, ראובן שריט (סעקרעטאר), שרה שפיגעל (קאנדידאט), לייבל ניכליינסקי.

יידישער קאמיטעט אין מלאווע

נאוועמבער 25, 1945. דלוגע 7

## אויסצוגן פון בוך „להבות באפר"

(איבערן אויפשטאנד אין ווילנער געטא)

פון רוזשקא

זייט ש״ב: מענדל בארנשטיין, געבוירן אין מלאווע אין יאר 1917, א מיט־גליד פון „פרייהייט", קעמפער אין דער פאראייניקטער פארטיזאנען ארגאניזאציע, געפאלן אין קאמף.

זייט ק״א: צווישן די 40 ארבעטער פון ייוו״א געפינען זיך 6 חברים פון דער פאראייניקטער פארטיזאנען ארגאניזאציע. די אלע 40 ווייסן נישט, אז צווישן דעם פאעט סוצקעווער, דעם סטאלער מענדל בארנשטיין, דעם חבר פון „השומר הצעיר" קאוונער, דעם שריפטשטעלער שמערקע קאטשערגינסקי און רייזל איז פאראן א נישט אנזעבארע פארבינדונג...

... עס דאכט זיך, אז מענדל בארנשטיין לייגט אריין זיינע גאנצע חושים אין שמוגלען פאפיר צום פארקויפן...

.... דער סטאלער מענדל בארנשטיין, וואס זעט אויס, ווי ער וואלט גארנישט געהאט קיין געמיינזאמעס מיט דער „אינטעליגענץ", האט אויפגעבויט אין זיין קעסטל פון סטאלער־כלים א טאפלטן באדעם, און אין דעם קעסטל, וואס די פא־ליציי רעווידירט עס יעדן טאג, איז באהאלטן דאס געווער, וואס מענדל נעמט אין ייוו״א און ברענגט אריין אין געטא.

---

זייער ווינציק יידן האבן זיך געשמדט אין מלאווע. איין שמד האט אבער א קולטור־היסטארישן אינטערעס און דעריבער איז כדאי אים צו דערמאנען.

א ווארשעווער אדוואקאט מאריאן לאנדאווסקי (געבוירן 1847) איז געווען דער זון פון די מלאווער יידן יואל לאנדאווסקי און מיכלע קעניגסבערגער. דער דאזיקער אדוואקאט האט זיך געשמדט אין יאר 1892. מאריאנס ווייב און טאכטער, די בארימטע פיאניסטין און קאמפאזיטארקע וואנדא לאנדאווסקא, וואס איז גע־בוירן געווארן אין 1878 און וואס וואוינט אין ניו־יארק, האבן זיך געשמדט אין יאר 1893.

**„Neofici Polscy", str. 145.**

---

Млава (1900), одноклассное общее еврейское начальное училище, в коем обучается 21 мальчик и 66 девочек. «Новый Восход», 1900, 21.

# מלאָווער לאַנדסמאַנשאַפטן:

חיים יאַניש

בערל קאָהן

טוביהווינדיצקי

. ר.

נחמן אַקס

חיים יאַניש

# מלאַווער־בענדינער־אָפּאַטאָשו־ברענטש 639 אַרבעטער־רינג

פּונקט ווי אַלע יידישע אַריבערגעקומענע אין די פאַראייניקטע שטאַטן, אַזוי האָבן אויך די מלאַווער יידישע לאַנדסלייט געגרינדעט דאָ זייערע אייגענע אָרגאַניזאַציעס. אין ניו־יאָרק עקזיסטירן היינט־צו־טאָג צוויי אַנגעזעענע אָרגאַניזאַציעס פון מלאַווער לאַנדסלייט: די מלאַווער „סאָסייעטי" און דער מלאַווער אַרבעטער־רינג צווייג. די מלאַווער „סאָסייעטי" ציילט היינט־צו־טאָג אַ מיט־גלידערשאַפט פון 200. אין גיכן גייט זי שוין פּראַווען איר 50־יאָריקן יובל. דער הויפּט־צוועק פון דער „סאָסייעטי" ביים גרינדן איז געווען: צו געבן קראַנקן־בענעפיט צו זייערע „ברידער", צו העלפן אויף אַ געמיינזאַמען אופן אַלע נויט־ליידנדיקע מיטגלידער, און צו פאַרזאָרגן יעדן איינציקן, נאָך הונדערט און צוואַנציק יאָר, מיט קרקע. מיט דער צייט האָט די מלאַווער „סאָסייעטי" אָנגעהויבן אויך צו שיקן מיט אַ ברייטער האַנט הילף די נויטליידנדיקע לאַנדסלייט אין דער אַלטער היים גופא.

די מלאַווער „סאָסייעטי", אָדער ווי מ'רופט זי אַנדערש, די אָרגאַניזאַציע פון אַלטע מלאַווער, באַשטייט פון מלאַווער אימיגראַנטן, וואָס זיינען אַהער געקומען צוליב פאַרשיידענע עקאָנאָמישע סיבות: טייל זיינען אַנטלאָפן פון פּאַניען, האָבן געוואָלט אויסמיידן צו דינען דעם צאַר, טייל זיינען געקומען זוכן ברויט. דאָס זיינען געווען, ווי געזאָגט, די ערשטע שוואַלבן. נאָך זיי הויבן אָן אַ הער צו קומען אימיגראַנטן צוליב פּאָליטישע טעמים: די וואָס האָבן געהאַט אַ חלק אין שטירצן די צאַרישע זעלבסט־הערשאַפט, און בכלל אינטעליגענטן, וואָס האָבן געזוכט אַ פרייען צוטריט צו די העכערע בילדונג־אַנשטאַלטן. אַט די יוגנטלעכע מלאַווער

פון דער שפּעטערדיקער אימיגראַציע האָבן שוין געזוכט זיך צו פאַראייניקן מער צוליב קולטורעלע און פּאָליטישע ענינים. צווערשט האָט אַ גרופּע פון זיי זיך אָרגאַניזירט אין אַ יוגנט־קרייז, וואָס פלעגט זיך פון צייט־צו־צייט צונויפקומען און דיסקוטירן אַקטועלע און פּאָליטישע געשעענישן, אָדער אָרומרעדן אַ וויכטיק נייַ בוך פון דער מאָדערנער ייִדישער ליטעראַטור. דער־אַ יוגנט־קרייז האָט אָבער געטראָגן אַ ריין פּריוואַטן כאַראַקטער. צו לאַנג, פאַרשטייט זיך, האָט אַזאַ פאַראייניקונג נישט געקענט זיך האַלטן. דער אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט טאַקע גורם געווען די גרופּע זאָל זיך צעפאַלן. אָבער בלויז אויף אַ קורצער צייט. גלייך נאָך דער מלחמה, ווען דאָס לעבן בכלל האָט אָנגעהויבן אַנצונעמען צוריק זיין נאָרמאַלן גאַנג, קומען זיך אויפסניי צונויף עטלעכע מלאַווער יוגנטלעכע, כדי זיך צו אָרגאַניזירן אין אַ שטאַרקער פּראָגרעסיווער, מער צעמענטירטער, אָרגאַניזאַציע. צו יענער צייט האָט שוין דאָ געהאַט עקזיסטירט דער ייִדישער אַרבעטער־רינג — דער גרעסטער אַרבעטער־אָרדן פון דער גאַנצער וועלט. מאַטעריעלע קעגנזייטיקע הילף, פריינטשאַפט און קלאַסנבאַוואוסטזיין זיינען די פּרינציפּן, אויף וועלכע דער אַרבעטער־רינג באַזירט זיך. אַט די פּרינציפּן פּלוס סאָציאַליסטישע אויפקלערונג און קולטור האָבן שטאַרק אַפּעלירט צו די יונגע מלאַווער. אַ גרופּע פון 25 מלאַווער, צווישן וועלכע אַ סך האָבן שוין דאָן געהערט צום אַרבעטער־רינג, האָט זיך אין דעצעמבער 1920 אָפיציעל אָרגאַניזירט און איז אָנערקענט געוואָרן אַלס דער „מלאַווער ברענטש 656 אַרבעטער־רינג". ס'האָט לאַנג נישט גענומען און דער ברענטש איז זיך צעוואַקסן דריי מאָל אַזוי פיל אין צאָל. דער ערשטער סעקרעטאַר פון ברענטש איז געווען וואָווע ווישינסקי. דער לעצטער האָט אַ סך בייגעטראָגן צום דערפאָלג פון דער אָרגאַניזאַציע. נאָך אַ פּאָר חדשים, ווען דער ברענטש איז שוין געווען פעסט איינגעפונדעוועט, רעזיגנירט ער פון זיין אַמט. זיין פּלאַץ פאַרנעמט דאַן איינער פון די גרינדער **פון ברענטש**, מרדכי קליבאַרד, וואָס האַלט אָן מיט גרויס דערפאָלג דעם אַמט עד־היום. פאַר דער גאַנצער צייט וואָס קליבאַרד איז סעקרעטאַר, האָט דער ברענטש שוין דורכגעמאַכט פאַרשיידענע פאַזן פון ירידה און אויפשטייג. אַדאַנק אָבער די אָרגאַניזאַציאָנעלע פעאיקייטן פון סעקרעטאַר, איז דער ברענטש אַלעמאָל אַרויסגעקומען פון זיינע קריזיסן אַ געזונטער און געשטאַרקטער.

אין יאָר 1929 האָט דער אַרבעטער־רינג דורכגעמאַכט איינעם פון זיינע קריטישסטע קריזיסן. גאַנצע ברענטשעס און אויך יחידים האָבן זיך דעמאָלט אָפּגעשפּאָלטן פון אַרבעטער־רינג. אויך דער מלאַווער ברענטש האָט נישט אויסגעמיטן די קאָנסעקווענצן פון דער שפּאַלטונג. דער ברענטש הייבט אָן צו ווערן אַלץ קלענער און שוואַכער. ווי באַוואוסט, האָט דער אַרבעטער־רינג רעקרוטירט זיינע מיטגלידער כמעט אויסשליסלעך פון די ניי אָריבערגעקומענע. מיטן אָפּשטעלן

די אימיגראַציע אין די פאַראייניקטע שטאַטן, איז אויך געוואָרן דער רעזערוואואַר פון נייע צוגעקומענע מיטגלידער כמעט ווי אין גאַנצן אויסגעטריקנט. פאַרן ברענטש איז אין יענער צייט געשטאַנען די פראַגע ממש פון זיין אָדער נישט זיין. גראָד האָט דער צופאַל געמאַכט, אַז אויך אַן אַנדער אַרבעטער־רינג ברענטש, דער בענדינער אַרבעטער־רינג ברענטש 639 זאָל דורכמאַכן דעם זעלביקן קריזיס. פאַרשטייער פון בײדע ברענטשעס זיינען זיך צוזאַמענגעקומען און פאַרהאַנדלט די פראַגע פון פאַראייניקן זיך. דער רעזולטאַט איז געווען אַ גוטער. ביידע ברענטשעס האָבן באַשלאָסן זיך משדך צו זיין. עס איז געשאַפן געוואָרן אַ פאַראייניקטער ברענטש מיטן נאָמען מלאַווער־בענדינער בר. 639 אַ. ר. געשען איז דאָס אין יאָר 1932. פון דער צייט אָן, הויבט דער ברענטש אָן צו ווערן אַלץ לעבעדיקער און אַקטיווער. היינט־צו־טאָג פאַרמאָגט דער ברענטש 130 מיטגלידער פון כמעט אַלע ריכטונגען און אַנשויאונגען אויף דער יידישער גאַס. דער ברענטש איז טאַקע אַ מיניאַטור פונעם יידישן וועלטל. זיינע פאַרזאַמלונגען ווערן תמיד פאַרוואַנדלט אין אַן אַרענע וואו עס ווערן דיסקוטירט אַלע וויכטיקע פראָבלעמען, וואָס האָבן אַ שייכות צום יידישן געזעלשאַפטלעכן און קולטורעלן לעבן. פאַרזאַמלונגען קומען פאָר צוויי מאָל אין חודש; איין אַלגעמיינע און איין עקזעקוטיוו־פאַרזאַמלונג.

דער ברענטש האָט אויסגעשטרעקט ברייט זיין האַנט צו די, וואָס האָבן זיך גענויטיקט אין הילף. פאַר די לעצטע צען יאָר האָט דער ברענטש נאָך מער פאַרפילפאַכט זיינע הילפס־אַקטיוויטעטן. פאַר דער דערמאָנטער צייט האָט דער ברענטש געזאַמלט צווישן זיינע מיטגלידער אין דורכשניט יערלעך די סומע פון 1500 דאָלער. דאָס געלט איז פאַרטיילט געוואָרן צווישן די יידישע נאַציאָנאַלע הילפס־אָרגאַניזאַציעס גאַנצע הונדערט פראָצענט.

אויך אויפן קולטורעלן געביט האָט דער ברענטש צו פאַרצייכענען היפשע פאָזיטיווע דערגרייכונגען: אין יאָר 1937 האָט דער ברענטש געפראַוועט דעם 50־יאָריקן געבורטסטאָג פון איינעם פון זיינע חשובסטע מיטגלידער — דעם באַרימטן שרייבער און בן־עיר יוסף אָפּאַטאָשו. ביי דער דאָזיקער שמחה האָט דער ברענטש צוגעטיילט דעם בעל־שמחה אַ מתנה אַ ביבליאָגראַפיע פון זיינע ווערק, וואָס נעמט אַריין אַלע זיינע ליטעראַרישע שאַפונגען ביז יענער צייט. אַ המשך פון דער ביבליאָגראַפיע האָט דער ברענטש אַרויסגעגעבן אין יאָר 1948, ווען עס איז געפייערט געוואָרן דער 60־יאָריקער געבורטסטאָג פון אָפּאַטאָשון. צום 50־יאָריקן געבורטסטאָג האָט דער ברענטש אויך אָנגענומען דעם נאָמען פון בעל־יובל אַלס אויסדרוק פון אָנערקענונג צו און פאַר זיינע ווערטפולע ווערק. דער ברענטש הייסט פון דאַן אָן: מלאַווער־בענדינער־אָפּאַטאָשו ברענטש 639 אַ. ר.

היינט־צו־טאָג שפילט דער ברענטש אַ וויכטיקע ראָלע אינעם לעבן פון גאַנצן

**אַרבעטער־רינג. דער ברענטש ווערט אָנערקענט אַלס איינער פון די פּראָגרעסיווסטע און קולטורעלסטע צווישן די פילע הונדערטער, וואָס דער גאַנצער אָרדן פאַר־מאָגט.**

**די באַאַמטע און די עקזעקוטיוו היינט־צו־טאָג:**

**מרדכי קליבאַרד** — סעקרעטאַר
**דוד קאַפּלאָוו** — האָספּיטאַלער
**אהרן ביאַלין** — פּראָטאָקאָל סעקר.
**מאַקס ספּרינגער** — קאַסירער.

**ס. אַלטער**
**מ. ברייער**
**ל. בעקער**
**ס. גאָלדשטיין**
**ה. מאַניש**
**ה. לאָסקי**
**ס. ראָזען.**

בערל קאַהן (מישנער)

# די מלאַווער סאָסייטי אין ניו־יאָרק

די מלאַווער סאָסייטי גרייט זיך בקרוב צו פייערן דעם גאָלדענעם יובל — איר פאַרגאַנגענעם האַלבן יאָרהונדערט. דאָס איז, אָן ספק, אַ גאָר פּאַסיקע דאַטע צו פאַרצייכענען איר אַנטשטייאונג און אַנטוויקלונג.

די אַרבעט פון דער מלאַווער סאָסייטי קען איינגעטיילט ווערן אין עטלעכע טיילן און אין פאַרשיידענע פּעריאָדן. ערשטנס, די אָרגאַניזאַציאָנעלע אַרבעט, ווי דאָס צונויפנעמען די אַריבערגעקומענע מלאַווער און זיי מאַכן פאַר סאָסייטי מיטגלידער. דאָס האָט אָנגעהאַלטן ביז צום אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, ביז 1914. צווייטנס, אַלגעמיינע וויכטיקע און נוצלעכע איינפירונגען לטובת אונדזערע סאָסייטי מיטגלידער. דריטנס, הילפס־אַרבעט אין משך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה ביז צו דער צווייטער וועלט־מלחמה, 1939, לטובת אונדזערע נויטליידנדיקע ברידער אין דער אַלטער היים מלאַווע. פערטנס, די ווידער באַנייטע, גרויסע הילפס־אַרבעט נאָך דער צווייטער בלוטיקער וועלט־מלחמה. לטובת די רעשטלעך לעבן־געבליבענע, צעוואָרפענע און פאַרוואָגלטע מלאַווער יידן איבער גאָר דער וועלט.

צוליב פּאָליטישע און עקאָנאָמישע סיבות האָבן די מלאַווער יידן פאַרלאָזט זייער היים־שטאָט און האָבן איינגעוואַנדערט אין דער נייער פרייער וועלט — אַמעריקע.

אָרעמע, נידערגעשלאָגענע, האָפענונגסלאָזע, האָט זיי דער ניו־יאָרקער האָפן אַלעמען אַריינגעוואָרפן אין אַ ווילד־פרעמדער שטאָט, צווישן פרעמדע מענטשן מיט אַ פרעמדער שפּראַך, אָן אַ זיכערקייט פאַר דעם מאָרגן און אָן קרובים, אָן נאָענטע. פאַר וועמען דאָס האַרץ אויסצורעדן, אָן עצה האַלטן אין אָן עת־צרה איז נישט געווען. אין בעסטן פאַל — זייער ווינציק. פאַרשטייט זיך, אַז מען האָט זיך דערפילט פאַראייניזאַמט, דערפילט זיך נאָך עלנטער און אין האַרצן איז געווען אַ בענקשאַפט נאָך אַ וואַרעמער היימישער סביבה, נאָך אַ חבריש ווינקל, אַזוי צו זאָגן, וואו מ'זאָל

זיך געפינען נישט בלויז פריי און היימיש, נאָר עס זאָלן אין אַ געוויסער מאָס אויך באַפרידיקט ווערן די טאָג־טעגלעכע נויטן, וואָס דאָס נייע לאַנד האָט פאַר זיי געשאַפן. דאָס ווערט דער אמתער הינטערגרונט אין יענער צייט, פון וואַנען די אידעע פון לאַנדסמאַנשאַפט־חברות, סאָסייטיס און אַנדערע אָרגאַניזאַציעס וואַקסן אַרויס. און מענטשן וואָס זיינען געקומען פון איין שטאָט זאָלן זיך באַלד פון דער ערשטער באַגעגעניש, דאָ, דערנענטערן און זיך אָרגאַניזירן אין אַ לאַנדסמאַנשאַפט פאַראיין.

צו יענער צייט, אין 1902, ווערט געבוירן אין די מוחות פון דער קליינער גרופע 17־16 מלאַווער, דער געדאַנק צו גרינדן אַ מלאַווער פאַראיין אין ניו־יאָרק. בראש פון דער דאָזיקער מלאַווער גרופּע איז דאַן געשטאַנען דער דעמאָלט גוט באַקאַנטער, אַקטיווער מלאַווער טוער ר׳ יעקב לייב שמולעוויטש פון פיט סטריט (געווען אַ קצב) און ביי אים אין שטוב איז געווען דאָס זאַמל־פּונקט פון אַלע מלאַווער אין ניו־יאָרק. פון די 17 גרינדער זיינען בלויז 2 נאָך דאָ מיט אונדז לעבעדיקע און זיינען נאָך אין אַ געוויסער מאָס אַקטיוו. זיי זיינען די ברידער מאַרקס. אָט די 17 מלאַווער מיט יעקב לייב שמולעוויטש בראש זיינען זיך צוזאַמענגעקומען אין אַ צימער ביי ד״ר דזשייקאָב גלעס אויף דער צווייטער עוועניו. און דאָרט געלייגט דעם פונדאַמענט פון דער מלאַווער סאָסייטי, באַגרידעט אירע צילן און שטרעבונגען צו באַפרידיקן די מאַטעריעלע נויטן פון אירע מיטגלידער אין אַ צייט פון קראַנקהייט, אויך קרקע־אויסטיילונג איבער הונדערט און צוואַנציק יאָר, און בכלל העלפן אַ „ברודער" אין אַ צייט פון נויט — זאַכן וואָס שפּילן אין מענטשנס לעבן און בפרט אין לעבן פון אַן אַרבעטער פאַמיליע אַ וויכטיקע ראָלע.

שווער זיינען געווען די ערשטע טריט פון דער סאָסייטי. נאָר די פון אונדז, וואָס זיינען מער אָדער ווייניקער באַקאַנט מיט יענעם צייט־אָפּשניט, זיינען ביכולת אָפּצושאַצן די אַרבעט פון אונדזערע פּיאָנערן.

טראַכט מען זיך אַריין אין די שוין אַ ביסל שפּעטערדיקע יאָרן קומט אויפן געדאַנק דער צווייטער עטאַזש פון מאַקס זאַלצשטיינס, 80 נאָרפאָלק סטריט, די דעמאָלטיקע שול פון די מלאַווער אויף דער איסט־סייד. וואו די חשובע מלאַווער לאַנדסלייט ר׳ לייבוש פלאַסטער ע״ה איז געווען יאָרן לאַנג גבאי פון שול און ר׳ אברהם נח הכהן ע״ה (מישנער, בערל מישנערס פאָטער) איז געווען אַ צייט לאַנג בעל־קורא אין דער שול.

איז 80 נאָרפאָלק סטריט דעמאָלט געווען דער צענטער, דער זאַמלפּונקט, פון דער מלאַווער סאָסייטי וואָס האָט געדינט נישט נאָר פאַר אַ „מקום לתפילה", אַ שול צום דאַווענען שבתים און יום־טובים, נאָר עס איז אויך געווען אין אַ געוויסן פּרט אַ נייס־ביוראָ, אַזוי צו זאָגן. אַן אָרט, וואו צו דערוויסן זיך נייס פון מלאַווע, באַגעגענען נייע פּנימער, אַראָפּרעדן זיך פאַרן צווייטן די צרות פון האַרצן, כאַפּן אַמאָל אַ גמילת־חסדל און געוואָר ווערן וואו מ׳קען באַקומען אַרבעט, וכדומה. אַריינ־

קומענדיק אין די צענטראַלע, 80 נאָרפאָלק סטריט, האָט מען אָפּטמאָל באַקומען דעם איינדרוק, ווי מען וואָלט אַריינגעקומען אין אַלטן בית־המדרש אין מלאַווע. מער פון אַלעם איז דער עולם נייגעריק געווען צו דערוויסן זיך פריש־צאַפּלדיקע נייס פון ערשטן קוואַל, דאָס מיינט פון די נאָר־וואָס אָנגעקומענע גרוסן פון זייערע נאָענטסטע, וואָס זיי האָבן איבערגעלאָזט אין דער אַלטער היים מלאַווע.

דאָס זעלבע קאָן אויך געזאָגט ווערן וועגן דער צווייטער מלאַווער שול אויף דער איסט־סייד, אויף 207 הענרי סטריט, וואו עס האָבן זיך קאָנצענטרירט די שפּעטערדיקע אַריבערגעקומענע מלאַווער לאַנדסלייט, ווי ר' משה מאיר מאַקאָוו ע״ה ר' אברהם גרינבערג ע״ה, ר' חיים יוסף ראַטאָווסקי ע״ה, חיים וואָלף לאַפּאַטקי, הענעך אַש, הערי מינץ, מרדכי זעלינאָווסקי און אַן אַ צאָל אַנדערע מלאַווער. אַזוי אַרום איז סיי די מלאַווער שול אויף הענרי סטריט און נאָך מער דער מלאַווער צענטער אויף 80 נאָרפאָלק סטריט, האָבן געשפּילט אַ גאַנץ באַדייטנדיקע ראָלע אין דער אַנטוויקלונג פון דער מלאַווער סאָסייטי.

וועגן דער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג פון דער סאָסייטי קען מען זאָגן, אַז מיט דעם כסדרדיקן שטייגן פון אימיגראַנטן־שטראָם אין אַמעריקע, ווערט די סאָסייטי פיל־פּאַכיק פאַרגרעסערט און פאַרפעסטיקט. סיי מיט איר מיטגלידער־שאַפט און סיי מיט אירע פינאַנסן. די סאָסייטי פאַרברייטערט איר אַרבעט אויף אויפן געביט פון גמילת־חסדים, וואו אַ מיטגליד קען באַקומען 1) אַ הלוואה ביז 100 דאָלאַר גאָר אָן פּראָצענט; 2) אַ הלוואה ביז 500 דאָלאַר אויף לייכטע אויס־צאָלונגען און אויף אַ מעסיקן פּראָצענט; 3) אַ הילפס־פאָנד אויף אַרויסצוהעלפן אַ מיטגליד אין דער צייט פון נויט און אַנדערע נוצלעכע אויפטואונגען, וועלכע ברענגען פאַר די מיטגלידער גרויסע נוצן. אַזוי אַרום, ביסלעכווייז, שטייגט די סאָסייטיס אַקטיוויטעט אויך אויף אַנדערע געביטן, וואָס דערמעגלעכן איר צו פאַרנעמען אַן אָנגעזעענעם אָרט אין דעם אַלגעמיין יידיש־געזעלשאַפטלעכן לעבן אויף דער יידישער גאַס אין ניו־יאָרק.

יאָרן זיינען געגאַנגען, עס האָט זיך אָנגערוקט די ערשטע וועלט־מלחמה. אין דעם מלחמה־פּעריאָד איז די סאָסייטי געשטעלט געוואָרן פאַר אַ נייער פּראָבלעם: מאַטעריעלע הילף פאַר די מלחמה־געליטענע ברידער אין מלאַווע וואו די אַרמייען האָבן מיט זיך געבראַכט טויט און חורבן.

אין יענער צייט האָט די מלאַווער סאָסייטי דערהערט די פאַרצווייפלטע הילפס־רופן פון אירע אומגליקלעכע שוועסטער און ברידער. אין דער ברייטער עפנט־לעכקייט ווערט אָנגעפירט אַ פאַרצווייגטע הילפס־אַרבעט, וואָס דערמעגלעכט אַ צאָלרייכע געלט־שטיצע מיט וועלכער עס ווערט אָפּגעראַטעוועט אַ גרויסער טייל פון דער יידישער באַפעלקערונג אין מלאַווע.

מיט דעם קאַפּיטל ברידערלעכע הילף האָט די סאָסייטי נאָך ווייט־ווייט נישט אין גאַנצן פאַרענדיקט איר פליכט.

די סאָסייטי האָט געטראָגן דעם עול און כסדר געשטיצט אַלע וויכטיקע אינ־סטיטוציעס אין מלאָווע. ווי די לייַ־קאַסע, דאָס גימנאַזיום, די תלמוד־תורה, בקור חולים און אַנדערע אינסטיטוציעס און אָרגאַניזאַציעס. אַזוי איז די דאָזיקע הילפס־אַרבעט אָנגעגאַנגען רעגלמעסיק, האַרט ביז צום אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה אין סעפּטעמבער 1939.

מיטן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה ווערט נאַטירלעך די גאַנצע הילפס־אַרבעט ציטווייליק אָפּגעשטעלט. אין דער זעלביקער צייט איז מען אָבער ווייט נישט געבליבן זיצן מיט פאַרלייגטע הענט, נאָר כסדר פּלאַנירט, פּראָיעקטירט, כסדר אָרגאַניזירט אונטערנעמונגען, כסדר געזאַמלט געלט פאַר אַ גרויסן הילפס־פאָנד און זיך געגרייט או געהאָפט אויף דעם גליקלעכן מאָמענט ווען דער נאָרמאַלער קאָנטאַקט מיט אונדזערע ליבע און טייערע יידן אין מלאָווע וועט ווידער באַנייט ווערן. זאָלן מיר גרייט זיין מיט שנעלע הילף פאַר זיי. אַזוי אינסטינקטיוו איז אונדזער הילפס־אַרבעט דאָ בעת דער מלחמה ווידער באַנייט געוואָרן. און אַזוי האָט די אַרבעט אָנגעהאַלטן ביזן סוף פון דער מלחמה אין יאָר 1945.

ווען די מלחמה האָט זיך ענדלעך געענדיקט און פאַר אונדז האָט זיך אַנט־פּלעקט אונדזער גרויסער פאָלקס־אומגליק, וואָס די בעסטיאַלישע חיה־רעהדיקע דייטשן האָבן געטאָן מיט אונדזערע טייערסטע אין מלאָווע, מיט וואָס פאַרא אַכזריותן, מיט וואָס פאַר אַ מיתות־משונות זיי האָבן זיי אומגעבראַכט, זיינען מיר געוואָר גע־וואָרן, אויף וואָס פאַר אַן אופן זיי, די דייטשע קאַניבאַלן, האָבן מיטן וואָרצל אויס־געריסן דאָס יידישע לעבן אין מלאָווע.

אָבער נישט געקוקט אויף דעם אַלעם, נישט געקוקט אויף דעם פּאַרמעסט מצד דעם דייטשן מערדער־פאָלק צו פאַרטיליקן אַלע יידן פון מלאָווע, זיינען דאָך געשען ניסים: און עטלעכע הונדערט מלאָווער יידן האָבן זיך דאָך געראַטעוועט פון אומקום.

דאָס איז דעמאָלט, אין יאָר 1945, געווען דער הויפּט־שטויס־כוח פאַר די אָנפירערס פון דער „מלאָווער סאָסייטי", מיט בעני בלום און הערי מינץ בראש צו נעמען די איניציאַטיוו און העלפן רעאָרגאַניזירן דעם גאַנצן הילפס־אַפּאַראַט, וואָס זאָל זיין דורכאויס צוגעפּאַסט צו די באַדערפענישן פון דער צייט. אַזוי איז דאָן געקומען צום לעבן דער פאַראייניקטער מלאָווער הילפס־קאָמיטעט, וואָס האָט איבערגענומען פון דער מלאָווער סאָסייטי די גאַנצע וואוילטעטיקע הילף־אַרבעט. דערצו, אַלס צוגאָב, האָט די סאָסייטי גאָר ברייטהאַרציק אונטערגעטראָגן דעם נייעם אָרגאַניזירטן פאַראייניקטן מלאָווער הילפס־קאָמיטעט, די סומע פון העכער 4 טויזנט דאָלאַר, כדי די קאָמיטע זאָל באַלד קענען שיקן הילף צו די ברידער מעבר לים.

מיט דעם אַלגעמיינעם איבערבליק, איז די טעמע, די מלאָווער סאָסייטי פון ניו־יאָרק, נאָך ווייט־ווייט נישט אויסגעשעפּט און אָוודאי־אָוודאי נאָך נישט קיין

פאַרענדיקטע אַרבעט. ווער קען דען אין די ראַמען פון אַ באַשרענקטן אַרטיקל אויסרעכענען אַלע אַקטיוויטעטן פון דער מלאַווער סאָסייטי במשך פון די אָפּגע־לאָפענע קנאַפּע 50 יאָר פון איר עקזיסטענץ?

וויל מען האָבן אַ באַגריף וועגן דעם, איז גענוג דורכצולייענען די פּראָטאָ־קאָלן בלויז פון די לעצטע 25 יאָר „מלאַווער סאָסייטי". און פאַר איך וועט זיך פונאַנדערוויקלען אַ פּאַנאָראַמע פון געזעלשאַפטלעכן אינטערעס צו דעם פאַרבנרייכן לעבן פון די גרויסע יידישע פאָלקסמאַסן אין אַמעריקע און איבער דער גאַרער וועלט. בתוכם מדינת ישראל.

די פאַרוואַלטונג פון דער „מלאַווער סאָסייטי" היי־יאָר באַשטייט פון: בעני בלום, פּרעזידענט; מרדכי זעלינאָווסקי, וויצע־פּרעזידענט; מאָריס ראַטאָווסקי, סעקרעטאַר; מעקס ראַטאָווסקי, פּראָטאָקאָל־סעקרעטאַר; סעם קאַלינער, סעקרע־טאַר פון ליי־פאָנד; עקזעקוטיוו־מיטגלידער: — עליע וואָלאַרסקי, אברהם וויט־מאַן, ישראל קליין, בערל קאָהן (מישנער), משה פינקעלשטיין, דזשאָו לעווענטאַל, חיים אַלטער, סעם קומער, אייב וויטשינסקי, עליע לעווענטאַל, אברהם גראָס, מאַקס דאַן און הערי מינץ, אַלס פּאַרזיצערס פון דער עקזעקוטיוו.

טוביה ווינדיצקי (װענדי)

# דער מלאַווער הילפס־קאָמיטעט אין ניו־יאָרק

נאָך דעם אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, אין 1914, זיינען די לאַנדסמאַנשאַפטן אין אַמעריקע פּלוצלונג געשטעלט געוואָרן פאַר אַ סיטואַציע, וואָס זיי האָבן נאָך קיינמאָל פריער נישט געהאַט. גאַנץ אייראָפּע, ספּעציעל די לענדער מיט יידישע ישובים, זיינען פאַרוויקלט געוואָרן אין אַ מלחמה און די ידיעות פון דאָרט האָבן אויפגעטרייסלט די קרובים און נאָענטע, וואָס זיינען אַליין נאָר־וואָס געהאַט אַריבערגעקומען קיין אַמעריקע.

די מלאַווער לאַנדסלייט זיינען געווען פון די גאָר ערשטע אָנצוהויבן ריידן וועגן שאַפן אַ הילפס־קאָמיטעט פאַר מלאַווע. ס׳איז אָבער ניט אָנגעקומען לייכט צו שאַפן דעם מלאַווער הילפס־קאָמיטעט. דער אומצוטרוי צווישן אייגענע לאַנדסלייט דאָ, דאָס אויסטיילן פון כיבודים און די גרינגשעצונג פון איינגעזעסענע עלטערע צו די נאָר־וואָס אַריבערגעקומענע יונגע, האָט געשטערט זייער אַ סך.

די ערשטע, וואָס האָבן אויפגעהויבן די פראַגע, זיינען געווען די מיטגלידער אין דעם דעמאָלט, נאָר־וואָס געגרינדעטן, מלאַווער־צווייג פון נאַציאָנאַלן אַרבעטער־פאַרבאַנד. ביי אַ פאַרזאַמלונג איז דערוויילט געוואָרן אַ קאָמיטעט פון דריי, שיע אַלטער, סאָלאָמאָן ראָזען און טוביה ווינדיצקי. זיי האָבן זיך געדאַרפט ווענדן צו דער מלאַווער בענעוואָלענט סאָסייעטי און מיט זיי פאַרהאַנדלען וועגן שאַפן אַ געמיינשאַפטלעכן קאָמיטעט. אין דער זעלביקער צייט האָט אויך אַ לאַנדסמאַן ש. בעקערמאַן אָנגעהויבן אַליין עפּעס טאָן צו שאַפן געלט פאַר מלאַווע.

די מלאַווער סאָסייעטי האָט איינגעשטימט מיטצואַרבעטן און האָט פון זיך דערוויילט אַ קאָמיטעט פון אירע מיטגלידער צווישן וועלכע ס׳האָבן זיך געפונען שיע פלאַסטער, יודל דזשייקאָבס, משה מאיר מאַקאָוו, הערשל מינץ, עליע וואַלאַרסקי און נאָך אַנדערע. נאָך אַ זיצונג פון דעם געמיינשאַפטלעכן קאָמיטעט, וואו עס זיינען אויך צוגעצויגן געוואָרן די לאַנדסלייט בעקערמאַן, ד״ר גלעס און הרב גוזשיק, איז אָפיציעל געשאַפן געוואָרן דער „מלאַווער רעליף קאָמיטעט“.

דער קאָמיטעט האָט זיך מיט דער צייט פאַרגרעסערט. אַ גרויסע פאַר־זאַמלונג איז פאָרגעקומען אין דער מלאַוווער שול, וואו ס'איז געשאַפן געוואָרן די ערשטע גרויסע סומע געלט אויף איבערצושיקן קיין מלאַווע.

דער קאָמיטעט האָט גלייך אַנטוויקלט אַ ברייטע אַקציע צו שאַפן פאָנדן פאַר מלאַווע. אין די ערשטע שלאַכטן זיינען געווען ידישע קרבנות פון מלאַווע. די ידישע באַפעלקערונג, וואָס איז געהאַט אַנטלאָפן פון שטאָט, האָט זיך ביס־לעכווייז גענומען אומקערן צוריק. אַ קיך וואָס האָט אויסגעטיילט מאָלצייטן, איז געשאַפן געוואָרן. און די ערשטע געלטער פון אַמעריקע זיינען פאַרברויכט געוואָרן אויף „ברויט פאַר די לעבעדיקע", אויף באַקליידן די תלמוד־תורה קינדער.

נאָך דעם, ווי די מלחמה האָט זיך געענדיקט, האָט דער מלאַוווער רעליף קאָמיטעט זיך נישט אויפגעלייזט. פאַרקערט, ער האָט נאָך פאַרשטאַרקט זיין טעטיקייט, האָט געשאַפן „קאָנסטרוקטיווע הילף". אַ ליי־קאַסע איז געשאַפן גע־וואָרן אין מלאַווע, אַ צאָל אינסטיטוציעס זיינען פאַרשטאַרקט געוואָרן, האָבן געקראָגן גרעסערע סומעס געלט פון דעם קאָמיטעט. ווען ס'איז אויפגעשטעלט געוואָרן די ידישע גימנאַזיע אין מלאַווע, האָט דער מלאַוווער רעליף־קאָמיטעט געשיקט פאַר דער גימנאַזיע גרעסערע סומעס יערלעך. אַ גרויסע צאָל יחידים האָבן אין מלאַווע געקראָגן, פון צייט צו צייט, צוגעשיקט געלט פון דעם קאָמיטעט, נאָך דעם ווי ס'איז גוט דורכגעפאָרשט געוואָרן אַז די שטיצע איז נויטיק. יאָר־איין יאָר־אויס האָט דער קאָמיטעט געשיקט געלט פאַר מעות־חיטים. ס'איז פאַקטיש נישט געווען קיין וויכטיקע אינסטיטוציע אין מלאַווע, וואָס האָט זיך נישט געוואָנדן צום מלאַוווער רעליף־קאָמיטעט און אין מערסטע פאַלן האָבן זיי באַקומען שטיצע.

אין די דרייסיקער יאָרן ווען דער מלאַוווער פאַטראָנאַט איז געגרינדעט גע־וואָרן און האָט געשיקט הילף פּאָליטישע אַרעסטירטע, האָט אויך דער מלאַוווער רעליף־קאָמיטעט אַנטייל גענומען און אָפּטמאָל דורכגעפירט בשותפות מיטן פאַ־טראָנאַט גרעסערע אונטערנעמונגען צו שטיצן דעם „פאַטראָנאַט".

פאַר די מלאַוווער לאַנדסלייט אין אַמעריקע איז די עקזיסטענץ פון דעם „רעליף־קאָמיטעט" געווען פון גרויס באַדייטונג. דאָס האָט געהאָלפן אַריינ־ברענגען פריינדשאַפט, צעמענטירן אייניקייט צווישן לאַנדסלייט. דורך די אַלע יאָרן האָבן זיך לאַנדסלייט דערנענטערט, געטראָפן זיך ביי פאַרזאַמלונגען, צו־זאַמענקונפטן, קאָנצערטן און אין דער זעלביקער צייט דורכגעפירט אַ וויכטיקע הילפס־אַקציע לטובת דעם ישוב אין מלאַווע. עס זיינען געווען אונטערנעמונגען, וואָס האָבן צוזאַמענגעבראַכט איבער 3000 מענטשן. צי ס'איז געווען אַ טעאַטער, אַ באַל, צי אַ באַנקעט.

ערשטער סעקרעטאַר פון דעם „רעליף־קאָמיטעט" איז געווען טוביה וועגדי.

דער צווייטער סעקרעטאַר איז געווען ישראל יצחק לינדענבערג. נאָך אים איז געוואָרן סעקרעטאַר — משה מאיר מאַקאָוו, וואָס האָט געהאַלטן דעם אַמט לאַנגע יאָרן. משה מאיר מאַקאָוו איז געווען איבערגעגעבן דער שטאָט מלאַווע מיט לייב און לעבן און זיין אַרבעט פאַרן מלאַווער רעליף איז גאָרנישט געווען אָפּצושאַצן. אַ סך בייגעטראָגן האָט די מלאַווער סאָסייעטי, וואו ס׳רוב מלאַווער לאַנדסלייט געהערן.

אין די אַלע יאָרן האָט הערשל מינץ פאַרנומען דעם וויכטיקן אַמט פון פאָרזיצער און געפירט דעם מלאַווער רעליף־קאָמיטעט צו באמת דערפאָלגרייכע אַקציעס, וואָס האָבן געשאַפן פרעסטיזש און אָנזען צווישן אַנדערע „לאַנדסמאַנשאַפט רעליף־קאָמיטעטן" אין אַמעריקע. דער חשובער הערשל מינץ פאַרדינט די אָנערקענונג פון אַלע מלאַווער פאַר זיין אומדערמידלעכער און איבערגעגעבענער אַרבעט לטובת מלאַווע. זייענדיק דער פירער פון דער מלאַווער סאָסייטי און אַ וויכטיקער טוער אין אַ ריי אַנדערע אָרגאַניזאַציעס, האָט דער דאָזיקער פאָלקס־מענטש אָפּגעגעבן זיין לעבן פאַר מלאַווער לאַנדסלייט.

נייע וואָלקנס האָבן זיך אָנגעהויבן רוקן איבער דער וועלט. מיטן אָנקומען פון דעם נאַציזם און פאַשיזם, פּאָגראָמען און רעכטלאָזיקייט אין פּוילן אונטער דעם פּילסודסקי־רעזשים, האָט קיין רייד נישט געקענט זיין וועגן אויפגעבן די הילפס־אַרבעט פון די רעליף־קאָמיטעס, ביז די וועלט איז אין 1939 אַריינגעוואָרפן געוואָרן אין אַ צווייטער וועלט־שחיטה. עס האָט זיך געדאַכט, אַז דאָס מאָל ווי פריער וועט נויטיק זיין צו שאַפן און שיקן הילף נאָך מלאַווע. קיינער האָט זיך נישט געריכט אויף דעם שרעקלעכן אויסגאַנג, אויף דעם טויט פון זעקס מיליאָן יידן, אויף דעם אומקום פון גאַנצע יידישע ישובים, אַריינגערעכנט מלאַווע.

דער מלאַווער רעליף־קאָמיטעט איז געווען גרייט צו שיקן הילף נאָך מלאַווע. אָבער שיקן האָט מען געדאַרפט צו מלאַווער נישט קיין מלאַווע, נאָר אַהין, וואו זיי זיינען געווען פאַרוואָרפן. דאָס האָט אין אָנהויב אַריינגעבראַכט אַ טיילוויזע צעמישעניש. געווען אַזעלכע צווישן מלאַווער טוער וואָס האָבן זיך נישט געקענט אָריענטירן. ווען מלאַווער וואָס האָבן זיך על־פּי־נס געראַטעוועט פון די נאַצישע הענט, זיינען געלאָפן ווי פאַרסמטע פון לאַגער צו לאַגער און גע־זוכט הילף און רעטונג.

דער מלאַווער רעליף־קאָמיטעט האָט זיך רעאָרגאַניזירט, ווען די ערשטע הילפס־רופן זיינען אָנגעקומען פון געראַטעוועטע. דער קאָמיטעט האָט געקראָגן דעם ענערגישן טוער און לאַנדסמאַן סיימאָן ניצקין אַלס פאָרזיצער און ישראל קליין אַלס סעקרעטאַר. הירשל מינץ איז געבליבן ווי פריער דער ערן־פאָרזיצער פון מלאַווער רעליף־קאָמיטעט.

געבליבן זיינען עטלעכע הונדערט מלאַווער יונגעלייט פון אַ ישוב פון אַכט

טויזנט. און די עטלעכע הונדערט געראַטעוועטע פון גאַז־קאַמערן און שחיטה־לאַגערן האָבן זיך אָנגעהויבן צוזאַמענקומען אין „די־פּי" לאַגערן. דער קאָמיטעט האָט גלייך זיך אַריינגעוואָרפן אין דער אַרבעט, וואָס האָט זיך אויסגעדריקט נישט נאָר אין קריגן די פאַנדן פון די לאַנדסלייט אין אַמעריקע, נאָר אויך אין אָרגאַניזירן די הילף. ס'איז געשאַפן געוואָרן פאַרבינדונגען מיט מלאַווער אין אַלע לאַגערן. קאָמיטעטן זיינען איינגעשטעלט געוואָרן אין פּוילן, אין די דייטשע לאַגערן, אין איטאַליענישע, עסטרייכישע לאַגערן, אין פראַנקרייך. אַ פאַר־בינדונג איז געמאַכט געוואָרן מיטן מלאַווער קאָמיטעט אין ישראל וואו ס'האָבן אָנגעהויבן אָנקומען מלאַווער. אין דער זעלביקער צייט איז דער מלאַווער רעליף־קאָמיטעט געווען אינסטרומענטאַל אין אָרגאַניזירן די מלאַווער אין שטעט איבערן לאַנד, ווי שיקאַגאָ, דעטראָיט, לאָס־אַנדזשעלעס, מעקסיקאָ. און די הילף איז גע־שיקט געוואָרן דירעקט צו די קאָמיטעטן אין אייראָפּע. קליידער, פעקלעך עסן און מעדיצינען זיינען געשיקט געוואָרן אין אַ גרויסער מאָס. ווען די זאַמערשטיין־קאָמיסיע פון פּוילן איז געקומען אין 1946 האָט זיך אין דער קאָמיסיע געפונען אַ מלאַווער, אַנאַטאָל ווערטהיים, מיט וועמען ס'איז געשיקט געוואָרן אַ גרויסע סומע געלט פאַר מלאַווע אין פּוילן. דער קאָמיטעט האָט געפירט אַ ברייטע פאַרצווייגטע טעטיקייט און ס'איז צו פאַרדאַנקען דעם אומדערמידלעכן סעקרע־טאַר ישראל קליין, וואָס האָט פרייוויליק אָפּגעגעבן זיין צייט און מי. יעדער בריוו, יעדע ווענדונג האָט געקראָגן אַ געהעריקן ענטפער. ס'וועט קיינמאָל נישט זיין מעגלעך אָפּצושאַצן די אומגעהויערע שווערע אַרבעט פון דעם סע־קרעטאַר ישראל קליין און דעם פאָרזיצער סיימאָן ניצקין מיט דער מיטהילף פון די איבערגעגעבענע טוער בערל מישנער, טוביה ווענדי, וואָלף ווישינסקי, שיע אַלטער, בעני בלום, אַב. אַלטער, אברהם וואַטעמאַכער אין דער אַרבעט פון מלאַווער רעליף.

דער קאָמיטעט האָט פון צייט צו צייט אַרויסגעגעבן צייטשריפטן מיט נייס פון מלאַווער. האָט דורכגעפירט ביז איצט אימפּאָזאַנטע הזכרה־פאַרזאַמלונגען נאָך די אומגעקומענע מלאַווער קדושים. און כל־זמן ס'וועט זיך ערגעץ־וואו גע־פינען איין מלאַווער לאַנדסמאַן, וואָס וועט זיך נויטיקן אין הילף, וועט דער מלאַווער רעליף־קאָמיטעט בלייבן אויף דער וואַך צו שאַפן הילף. ס'וועט נישט זיין איבער־געטריבן צו זאָגן אַז דער רעליף־קאָמיטעט האָט אין די 35 יאָר געשאַפן און אי־בערגעשיקט אַ סומע פון 100 טויזנט דאָלאַר, וואָס האָט געבראַכט פאַרלייכטערונג און געלינדערט די נויט פון הונדערטער און הונדערטער מלאַווער און צוגעגעבן חשיבות די אָרגאַניזירטע מלאַווער, דער מלאַווער סאָסייטי, דעם מלאַווער־בענדינער־אָפּאָטאָשו־ברענטש, דעם פאַטראָנאַט און אַ צאָל יחידים, אַ חשיבות וואָס וועט קיין מאָל נישט ווערן אָפּגעמעקט.

טוביה ווענדי

# מלאַווע־טשעכאַנאָווער פּאַטראָנאַט

עס איז געווען אין די דרייסיקער יאָרן, ווען פון פּוילן האָבן אָנגעהויבן אָנקומען אַלץ שרעקלעכערע ידיעות, וועגן טעראָר, וואָס האָט אַרומגעכאַפּט דאָס גאַנצע לאַנד. דער פאַשיזם האָט באַרויבט די מאַסן פון יעדן שטיקל רעכט און פון פרייהייט. פריי איז נאָר געווען דער פאַשיזם און דער אַנטיסעמיטיזם, וואָס האָבן אָנגעזאָגט דעם אָנקומענדיקן שטורעם פון מיידאַנעק, פון די גאַז־אויוונס. אַ כוואַליע פון אַרעסטן האָבן אָנגעפילט די פּוילישע טורמעס מיט פּאָליטישע אַרעסטירטע, קרבנות פון טעראָר און אַנטיסעמיטיזם.

די פּוילישע „אָכראַנע" האָט געאַרבעט טאָג און נאַכט, האָט זיך נישט באַנוגנט מיט אַרעסטירן אויפן מינדסטן פאַרדאַכט. די אָכראַנע האָט געמאָרדעוועט און געשאָסן. פּאָליטישע אַרעסטירטע זיינען פלוצלונג פאַרשוואונדן. די צאָל פון פאַרפייניקטע אין די טורמעס האָט דערגרייכט אין די טויזנטער. מלאַווע איז נישט געווען קיין אויסנאַם אין צושטעלן קרבנות דעם פאַשיסטישן הענקער, אַזוי איז רעדיקאַ מיצנמאַכער, דעם פעדער־הענדלערס זון פון מלאַווע, דערמאָרדעט געוואָרן פון דער „אָכראַנע" בעת זי האָט אים געפירט פון מלאַווע נאָך וואַרשע. צענדליקער מלאַווער זיינען געזעסן אין די טורמעס און אַנדערע צענדליקער האָבן געוואַרט אויף זייער משפּט. אין פלאָצקער טורמע זיינען געזעסן 240 פּאָליטישע אַרעסטירטע. אַלע שטעטלעך אַרום מלאַווע האָבן געהאַט זייערע קרבנות וואָס זיינען אַריינגעפאַלן אין די הענט פון דער אָכראַנע. פּוילן איז געוואָרן אַ שעכטהויז פאַר יעדן פּראָגרעסיוון און דעמאָקראַטישן בירגער. נייע טורמעס זיינען אויפגעקומען איבער נאַכט. קאָנצענטראַציע־לאַגערן זיינען אָנגעפילט געוואָרן מיט די בעסטע און שענסטע פון פּוילן, וואָס זיינען געפייניקט געוואָרן אונטער די שרעקלעכסטע באַדינגונגען. דער פּילסודסקי רעזשים האָט געזוכט אונטערצודריקן די וואַקסנדיקע נויט און פויערים רעוואָלטן מיט טעראָר, מיט פּאָגראָמען אויף יידן, מיט געטאָ בענק. אין יענער צייט האָבן זיך אָנגעהויבן

אָרגאַניזירן פּאַטראָנאַטן, העלפן די פּאָליטישע אַרעסטירטע אין פּוילן. צווערשט — אין פראַנקרייך, בעלגיע, אַרגענטינע, און אין אַנדערע לענדער און צום סוף — דאָ אין אַמעריקע.

די ערשטע דריי פּאַטראָנאַטן: ביאַליסטאָקער, טשענסטאָכאָווער און נאָוואָראַדאָמסקער זיינען געשאַפן געוואָרן אין 1931, אין צוויי יאָר שפּעטער זיינען זיך צוזאַמענגעקומען אַ גרופּע מלאַווער און טשעכאַנאָווער און האָבן אָרגאַניזירט דעם מלאַווער־טשעכאַנאָווער פּאַטראָנאַט. נישט גרינג איז אָנגעקומען דאָס שאַפן דעם פּאַטראָנאַט און אָנהייבן די אַרבעט. ס'איז נייטיק געווען דורכצוברעכן די וואַנט פון גלייכגילטיקייט צווישן די לאַנדסלייט, וואָס האָבן נישט באַנומען די ערנסטע לאַגע אין פּוילן און די אַנדערשקייט פון דעם פּאַטראָנאַט. אויב די לאַנדסלייט האָבן געהאַט אַן אינטערעס פאַר דער אַלטער היים, האָט זיך דאָס אויסגעדריקט בלויז אין פילאַנטראָפּישע הילף (רעליף). דערצו נאָך איז די ברייטע עפנטלעכקייט נישט געווען מיטגעכאַפּט מיט די פאַסירונגען אין פּוילן. עס האָט זיך געפאָדערט אַן עקשנותדיקע אויפקלערונג. אַ סך מי, ענערגיע און געדולד כדי צו באַזייטיקן אַלע פאַראורטיילן און געווינען דעם צוטרוי פון די לאַנדסלייט.

פון דער אַנדערער זייט איז נייטיק געווען איינצושטעלן אַ פאַרבינדונג מיט די אַרעסטירטע אין די טורמעס. מ'האָט אַלע מאָל געדאַרפט שטאַרק היטן זיך עס זאָלן צוליב דער הילף נישט פאַלן נייע קרבנות. אַלץ האָט געדאַרפט געטאָן ווערן שטרענג אין געהיים, דער „אָכראַניק" זאָל זיך נישט דערוויסן.

אָבער די אַרבעט איז געקרוינט געוואָרן מיט דערפאָלג און אַ ברייטע הילפס־אַקציע איז אָנגעגאַנגען די גאַנצע צייט וואָס דער פּאַטראָנאַט האָט עקזיסטירט. דער מלאַווער־טשעכאַנאָווער פּאַטראָנאַט האָט גענומען שעפטום איבער פּאָליטישע אַרעסטירטע פון אַלע שטעטלעך אין דעם ראַיאָן. האָט אויך כסדר געשטיצט די פאַמיליעס וואָס זיינען געבליבן אָן ברויט־געבער.

דער מלאַווער־טשענסטאָכאָווער פּאַטראָנאַט מיט זיין פעאיקער און איבער־געגעבענער פירערשאַפט האָט באַוויזן באַלד אַריינצוציען אַלע לאַנדסלייט אין דער אַרבעט. דער פּאַטראָנאַט האָט אָנגעווענדט די גאַנצע ענערגיע צו באַקענען די לאַנדסלייט מיט דעם שרעקלעכן טעראָר און מיט די קאַמפן וואָס די מאַסן אין פּוילן האָבן געפירט, דער פּאַטראָנאַט האָט פאַרשפּרייט די נייס פון דער אַלטער היים, געזאַמלט געלט פאַר די פּאָליטישע אַרעסטירטע און האָט צעמענטירט די אייניקייט צווישן די היגע מלאַווער לאַנדסלייט פון פאַרשיידענע ריכטונגען, מיר קענען מיט שטאָלץ אָנווייזן, אַז אַלע לאַנדסלייט האָבן זיך גוט אָפּגערופן אויף דעם אַפּיל פון פּאַטראָנאַט. אַלע לאַנדסמאַנשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס זיינען געווען אָנגעשלאָסן אין דעם פּאַטראָנאַט, ווי דער מלאַווער־בענדינער אַפּאַטאָשו־ברענטש 639, די מלאַווער בענעוואָלענט סאָסייטי, די מלאַווער לידיס אָקזילערי, דער ברענטש

42 פון נאַציאָנאַלן אַרבעטער־פאַרבאַנד. אָפּטיילונגען פון דעם פּאַטראָנאַט זיינען געשאַפן געוואָרן אין פילאַדעלפיע, וויניפּעג, קאַנאַדע, אין מעקסיקאָ סיטי, אין לאָס אַנדזשעלעס, דער פּאַטראָנאַט האָט זיך אויך פאַרבונדן מיט אַ מלאָווער פּאַטראָנאַט אין פּאַריז. אַ ברייטע טעטיקייט איז געפירט געוואָרן וואָס האָט דעם מלאָווער־טשעכאַנאָווער פּאַטראָנאַט אַוועקגעשטעלט אין דער ערשטער ריי.

פּונקט ווי דער רעליף, איז דער פּאַטראָנאַט געווען אומפּאַרטייאיש אין זיין שטיצע צו פּאָליטישע אַרעסטירטע. דער פּאַטראָנאַט איז געוואָרן דער צענטער פון אַלע פּראָגרעסיווע מלאָווער־טשעכאַנאָווער, וואָס זיינען געווען פאַראינטערעסירט אין באַקעמפן דעם פּוילישן פאַשיזם. יעדער אקציע לטובת די יידן אין פּוילן איז געוואָרן אָנערקענט ווי אַ חוב פאַר דעם מלאָווער־טשעכאַנאָווער פּאַטראָנאַט.

די אַנטשטייאונג פון דער צענטראַלע פון די פּאַטראָנאַטן איז געווען פון אַ גאָר גרויסער באַדייטונג, דער קאַמף קעגן פּוילישן פאַשיזם האָט אָנגענומען אַ ברייטן נאַציאָנאַלן כאַראַקטער. ספּעציעל איז דאָס אַרויסגעבראַכט געוואָרן ביי דעם היסטאָרישן פּראָטעסט־מאַרש קיין וואַשינגטאָן אין 1936, ווען עטלעכע טויזנט דעלעגאַטן פון יידישע אָרגאַניזאַציעס זיינען געקומען אין וואַשינגטאָן פאָדערן עס זאָל געמאַכט ווערן אַ סוף צו דעם פּוילישן אַנטיסעמיטיזם און פּוילישע פּאָגראָמען. די צענטראַלע איז געווען בכוח צו אונטערנעמען פאַרשיידענע אַקציעס לטובת די פּאָליטישע אַרעסטירטע אין פּוילן, פאַרטיפן די אַרבעט און צוגרייטן דעם באָדן פאַר געמיינזאַמע אַרויסטרעטונגען.

אין אַ קורצער צייט האָט די צענטראַלע באַוויזן אַרומצונעמען אַלע וויכטיקסטע לאַנדסמאַנשאַפטן. דער זשורנאַל „צו הילף“ וואָס די צענטראַלע האָט אַרויסגעגעבן איז פאַרשפּרייט געוואָרן אין איבער 6000 קאָפּיעס, דער מלאָווער פּאַטראָנאַט האָט געהאַט זיינע בעסטע טוער אין דער צענטראַלע.

דער מלאָווער־טשעכאַנאָווער פּאַטראָנאַט האָט אָנטייל גענומען אין יעדע אַלגעמיינע אַקציע, וואָס די צענטראַלע האָט דורכגעפירט. האָט דורכגעפירט גרויסע אונטערנעמונגען און הויז־פּאַרטיס, וואָס האָבן שטענדיק צוגעצויגן די לאַנדסלייט צו קומען און זיך אָפּרופן מיט דער ברייטער האַנט אויף די געלט־זאַמלונגען. דער פּאַטראָנאַט האָט אויך פון צייט צו צייט אַרויסגעגעבן אַ צייטשריפט פאַר אייגענע לאַנדסלייט מיט נייס פון דער היים־שטאָט און מיט געדרוקטע בריוו פון טורמעס.

זינט דער מלחמה, עקזיסטירט נישט מער דער פּאַטראָנאַט. דער רעליף־קאָמיטעט איז געבליבן. און אַלע טוער פון פּאַטראָנאַט זיינען אַריבער צום רעליף און זיינען טעטיק ווי פריער לטובת זייערע קרובים פון מלאָווע וואָס נייטיקן זיך נאָך אַלץ אין הילף.

דער מלאָווער־טשעכאַנאָווער פּאַטראָנאַט האָט צוזאַמען מיט אַנדערע פּוילישע לאַנדסמאַנשאַפטן אָנגעשריבן אַן אימפּאָזאַנט קאַפּיטל אין דעם קאַמף קעגן פּוי־

לישן פּאַשיזם. אַ סך פון די געוועזענע פּאָליטישע אַרעסטירטע ווערען דער פּאַטראָנאַט האָט געשטיצט זיינען געפאַלן, ווי העלדן, אין דעם קאַמף אין די געטאָס און פּאַרטיזאַנען־קאַמפן.

די עקזעקוטיווע פון פּאַטראָנאַט:

טוביה ווענדי, סעקרעטאַר; וואָלף ווישינסקי, קאַסירער; דוד ראָזענבלום, אויסלענדישער סעקרעטאַר.

פּאָול סטיווענס, בלענטש גודמאַן, ראָוז ווישינסקי, פייגל ווענדי, יוסף מאַנטליאַק, דאָרע שוואַרץ, פייגל ביזבערג, יוסף ווייעלגאַלאַסקי, חנה ליפשיץ און שרה גאָטליב זיינען אין דער עקזעקוטיוו־קאָמיטע.

# די מלאַווער לאַנדסמאַנשאַפט אין שיקאַגאָ

**איינצלנע מלאַווער** באַוויזן זיך אין שיקאַגאָ שוין צום אָנהייב פון יעצטיקן י״ה. מלאַווער וואָס זיינען שוין דאָ אין שיקאַגאָ מער ווי 40 יאָר דער־מאָנען זיך אַז ווען זיי זיינען דאָ אַהערגעקומען האָבן זיי שוין אָנגעטראָפן מלאַווער. זיי זיינען אָבער נישט געווען אָרגאַניזירט. דער ערשטער פאַרזוך זיך צו אָרגאַ־ניזירן איז געמאַכט געוואָרן אין די יאָרן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. ווען עס זיינען אָנגעקומען די ערשטע ידיעות וועגן דער גרויסער נויט וואָס עס הערשט אין מלאַווע.

די ערשטע מלאַווער סאָסייטי אין שיקאַגאָ איז געגרינדעט געוואָרן אין די יאָרן 1916־1917. דער ערשטער פּרעזידענט איז געווען אַ מר. גאָלדבערג, אַליין נישט קיין מלאַווער, אָבער די פרוי גאָלדבערג איז געווען אַ מלאַווערין. דער ערשטער סעקרעטאַר פון דער סאָסייטי איז געווען שלמה זלמן גרינבערג. די טע־טיקסטע מעמבערס זיינען געווען: מר. און מרס. מאַקס פאַזנער, נתן יאַנג (יאַבלאָן), יהושע ראָזען, הערש קשיווקאָווסקי, מאָטל קאָהען און דוד גאָרדאָן (יוחנן סלאַבאָ־גורסקיס זון). דער ערשטער מיטינג פון דער סאָסייטי איז פאָרגעקומען אין הערש קשיווקאָווסקיס הויז.

דער פאַראיין האָט עקזיסטירט נאָר עטלעכע יאָר. זיין גאַנצע טעטיקייט איז באַשטאַנען אין זאַמלען געלטער פאַר מלאַווע.

אין יאָר 1922 איז געגרינדעט געוואָרן דער נייער מלאַווער פאַראיין וואָס באַשטייט ביז היינט. דער ערשטער פּרעזידענט איז געווען יוסף גאָלדבערג, אָבער נאָר אַ פאָר וואָכן. דערנאָך איז אויסגעוויילט געוואָרן פאַר פּרעזידענט משולם זלמן קשיווקאָווסקי, הערש קשיווקאָווסקיס זון, באַקאַנט אין שיקאַגאָ אונ־טער דעם נאָמען, סעם בערסאָן. ער איז געווען כמעט 15 יאָר ביז 1939 פּרע־זידענט. מרס. מאַקס (חנה) פאַזנער איז געווען די גאַנצע צייט וויצע־פּרעזידענטין פון פאַראיין. זי האָט אָוועקגעגעבן אַ סך צייט און ענערגיע דעם פאַראיין. אין דער צווישן־צייט איז אויך לואי קאָהען, מאָטל קאָהענס אַ זון געווען אין יאָר פּרע־

זידענט. סעקרעטאַר פון פאַראיין איז אין יענע יאָרן געווען חיים באלניק ע״ה און קאַסירער אברהם יצחק פשעמיראַוויטש (אין שיקאַגאָ באַקאַנט אַלס מענדעל־סאָן) ע״ה.

טעטיקע מעמבערס זיינען געווען: איזידאָר קלאַפּמאַן, מרס. פּאָזנער, די קינדער פון מאָטל קאַהען, די קינדער פון אברהם יצחק פשעמיראַוויטש (מענדעלסאָן), מאַרי גראָסמאַן, אַבע טאכנע, אשר האָראַוויץ, יוסף קורצמאַן, סאָל בינענפעלד, לואיס, מענדל באַרנשטיין און זייך פּרוי.

אין די יאָרן פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה איז געשטאַנען אין מיטל־פּונקט פון אַלע הילף־אַקציעס פאַר דער מלאַווער גימנאַזיע. מרס. רחל קופּעלד איז ספּעציעל געשיקט געוואָרן פון דער מלאַווער גימנאַזיע נאָך אַמעריקע צו זאַמלען געלט פאַר אַ נייע געביידע. האַרי גראָסמאַן האָט אויף זיין רייזע נאָך א״י באַזוכט מלאַווע און צוריקגעבראַכט אַ גענויעם באַריכט וועגן דער סאָציאַלער, פּאָליטישער און קולטורעלער לאַגע פון די מלאַווער יידן.

אין שיקאַגאָ האָט זיך דעמאָלט אָרגאַניזירט אַ ספּעציעלער קאָמיטעט פאַר דער גימנאַזיע. אין קאָמיטעט זיינען אַריין פּראָמינענטע יידישע פירער פון אַלע ריכטונגען פון שיקאַגער יידנטום.

דער קאָמיטעט האָט זיך געשטעלט פאַר אַן אויפגאַבע צו זאַמלען אין שיקאַגאָ 15.000 דאָלער. אַ טייל פון דער סומע איז שוין געווען געזאַמלט, אָבער אין צווישן איז אויסגעבראָכן די צווייטע וועלט־מלחמה, וואָס האָט אַ סוף געמאַכט צום גאַנצן פּוילישן יידנטום. די מלאַווער אין שיקאַגאָ האָבן זיך בכלל אין יענע יאָרן זייער וואַרעם אָפּגערופן אויף אַלע ווענדונגען פון דער מלאַווער יידישער קהילה נאָך הילף. אַ סך געלטער זיינען געשיקט געוואָרן צו דער קהילה און צום רב פאַר נויטבאַדערפטיקע. עס זיינען אויך געשיקט געוואָרן אַ סך פּעקלעך שפּייז און קליידער פאַר דער תלמוד־תורה און אַנדערע אינסטיטוציעס.

עס מוז אויך דערמאָנט ווערן אַז אין דער צייט פון דער דעפּרעסיע איז אויסגעקומען צו שטיצן נויטבאַדערפטיקע מעמבערס אויפן פּלאַץ וואָס איז געטאָן געוואָרן דורך מתן בסתר.

במשך פון דער צווייטער מלחמה האָט דער פאַראיין פאַרשטאַרקט זיינע אַקטי־וויטעטן און געזאַמלט געלטער פאַר דער צייט ווען מען וועט קענען אָנהייבן העלפן. אין יאָר 1945 באַלד נאָכן שלום, ווען עס זיינען אָנגעקומען די ערשטע ידיעות וועגן דעם גרויסן אומגליק אין פּוילן האָט זיך אָנגעהויבן די אַקטיווע הילפס־אַרבעט פון פאַראיין. דער פאַראיין האָט אין די יאָרן 1945־1949 אויסגעגעבן כמעט 5.000 דאָלער אַ יאָר אויף הילפסאַרבעט. אַ גרויסער טייל דערפון איז געשיקט געוואָרן נאָך ארץ־ישראל צו דעם מלאַווער פאַראיין אין תל־אביב. אַ סך איז אויך געשיקט געוואָרן נאָך פּוילן און נאָך די פאַרשיידענע קעמפּס. דער פאַראיין האָט אויך דורכגעפירט ספּעציעלע אַקציעס פאַר שפּייזפּעקלעך, קליידערפּעקלעך

און מעדיקאַמענטן וואָס זיינען געשיקט געוואָרן נאָך פּוילן און די קעמפּס. דער פאַראיין האָט אויך געהאָלפן אַ סך יחידים. קיין שום בקשה נאָך הילף איז נישט אָפּגעזאָגט געוואָרן.

די הילפס־אַרבעט פון פאַראיין באַשרענקט זיך נישט בלויז אויף הילף פאַר מלאָווער אין דער וועלט. דער פאַראיין גיט יעדעס יאָר גרעסערע סומעס צו אַל־געמיינע קאַמפּיינס. אין ווינטער 1947־1948 האָט דער פאַראיין דורכגעפירט אַ ספּעציעלן קאַמפּיין פאַרן מלאָווער פּנקס.

די הכנסות פון פאַראיין זיינען: מיטגלידס־בייטראָג, קאַרד־פּאַרטיס און דער עיקר דער יערלעכער באַל.

זייט 1939 איז פּרעזידענט פון פאַראיין דער באַקאַנטער יידישער עסקן וויליאַם ראבינסאָן, נישט קיין מלאָווער, וואָס איז אָבער איבערגעגעבן בלב ונפש מלאָווער ענינים. אַ צווייטע נישט מלאָווער משפּחה וואָס איז זייער טעטיק איז ד״ר מאָריס פּאַקס און זיין פרוי. וויצע־פּרעזידענטן זיינען: מרס. סאַל בינענפעלד, מר. יוסף בינענפעלד, מרס. מ. א. פּאַקס, סעקרעטאַר איז מרס. לואי קאָהען. דער קאָמיטעט פון פאַראיין באַשטייט פון די פאָלגנדיקע מעמבערס: מרס. ס. בערסאָן, מרס. ס. בינענפעלד, מר. ה. באָקנער, מרס. א. קאָהען, מר. א. קאָהען, מר. ל. קאָהען, מרס. א. מענדעלסאָן, ד״ר מ. א. פּאַקס, מרס. ה. גראָסמאַן, מר. י. גראָסמאַן, מר. א. טאכנא און מרס. א. טאכנא.

די צאָל פון די איבערגעגעבענע געטרייע מעמבערס איז זייער גרויס און עס איז אוממעגלעך אַלע אויפצוציילן. עס מוזן אָבער עטלעכע יחידים דערמאָנט ווערן, יחידים וואָס זיינען דער רוח החיים פון פאַראיין. און דאָס זיינען חוץ די שוין דערמאָנטע: די קינדער פון אברהם יצחק פּשעמיראָוויטש (מענדעלסאָן), ספּעציעל מרס. לואי קאָהען (שרה פּשעמיראָוויטש פון דער היים), די קינדער פון מאָטל קאָהען, די גראָסמאַנס, די טאכנעס און אחרון אחרון חביב, דער געוועזענער לאַנג־יעריקער פּרעזידענט פון פאַראיין, סעם בערסאָן.

דער פאַראיין ליידט, ווי אַלע אַנדערע לאַנדסמאַנשאַפטן אין אַמעריקע, פון דער קראַנקהייט פון פאַרעלטערונג. אַחוץ אַ פּאָר, ניי געקומענע פון די לעצטע יאָרן, ווי ד״ר יהודה ראָזענטאַל, סאַלאָמאָן, טאצא, די פאַמיליע ה. וויס (ווישינסקי פון דאַנציג), מרס. לעווין (וויאור) קומען קיין יונגע מענטשן נישט צו. דאָס איז אָבער אַן אַלגעמיינע פראַגע און נישט קיין ספּעציפיש מלאָווער.

דער מלאָווער פאַראיין איז פון די אַקטיווסטע לאַנדסמאַנשאַפטן אין שיקאַגע. ער באַשטייט פון אַ גרופּע פון מענטשן וואָס זיינען אָנגעפילט מיט אַ גרויסן אידעאַ־ליזם. עס הערשט אַ גייסט פון קאָאָפּעראַציע, וואָס דערמעגלעכט די דערפאָלגן פון די פאַרשיידענע אַקציעס. עס הערשט אין פאַראיין אַ ברידערלעכער גייסט, וואָס קומט צום אויסדרוק אין די אָפטע מלווה מלכות און די פאַרשיידענע פּאַרטיס וואָס קומען פאָר ווינטער־צייט.

י. ר.

נחמן אקס (מעקסיקע)

# מלאַוועֶר אין מעקסיקע

דער יידישער ישוב אין מעקסיקע בכלל איז נישט קיין גרויסער און איז אַ יונגער; במילא איז אויך די צאָל מלאַוועֶר צווישן זיי אַ פאַרהעלטניסמעסיק קליינע — בסך־הכל אַ 60־70 נפשות. צוליב דער אַקטיווקייט אָבער פון די מלאַוועֶר אין געזעלשאַפטלעכער אַרבעט מאַכט עס דעם איינדרוק, אַז אין מעקסיקע זיינען מלאַוועֶר פאַראַן אין די טויזנטער.

די געזעלשאַפטלעכע אַקטיווקייט פון די מלאַוועֶר איז נישט קיין צופעליקייט; דאָס האָבן זיי מיטגעבראַכט פון דער אַלטער היים זייער געזעלשאַפטלעכע דערפאַ־רונג, די דערפאַרונג פון זייער וואַרעמער, געזעלשאַפטלעך־צאַפּלדיקער היימשטאָט — מלאַווע. זיי האָבן אויך מיטגעבראַכט מיט זיך, טיף איינגעבאַקן אין זייער האַרץ און נשמה די מסירת־נפשדיקייט בנוגע מלאַוועֶר.

דער גורל האָט געוואָלט אַזוי, ווייזט אויס, אַז מיט די ערשטע יידישע עמיגראַנטן, וואָס האָבן באַלד נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה גענומען באַטרעטן די מעקסי־קאַנער ערד אין די יאָרן 1920־21, זאָלן זיך געפינען עטלעכע מלאַוועֶר, ווי צ. ב.: יעקב העפטער מעקסיקע), אברהם טאַכנאַ (היינט שיקאַגאָ), הענע קרישטאַל (היינט אין פערו) א. אַנד. ס׳איז כדאַי צו באַמערקן, אַז ביז דאַן זיינען נאָך אין מעקסיקע בכלל קיין מזרח־איראָפּעאישע יידן נישט געווען, אַזוי, אַז פאַקטיש זיינען די עטלעכע מלאַוועֶר געווען די פּיאָנערן און בויער פון יידישן ישוב אין מעקסיקע און אפשר אויך די, וואָס האָבן אומדירעקט גורם געווען, אַז די צאָל מלאַוועֶר זאָל זיך מיט דער צייט פאַרגרעסערן וואָס אַמאָל מער און מער.

כאָטש קיין ספּעציעלע מלאַוועֶר לאַנדסמאַנשאַפט־אָרגאַניזאַציע האָט דאָ פאַר דער גאַנצער צייט נישט עקזיסטירט, פלעגן אָבער די מלאַוועֶר זיך האַלטן צוזאַמען, אַזוי צו זאָגן, פאַמיליאַר, היימיש, און פון צייט צו צייט אויך אָנטקעגנ־קומען מיט הילף פאַר דער היימשטאָט מלאַווע, ווען זי האָט זיך גענויטיקט. אַזוי, צום ביישפּיל, פלעגט שוין זיין אַ טראַדיציע, אַז יעדעס יאָר, פאַר פסח, פלעגט

ר׳ ברוך בערקאָוויטש ע״ה אַרומגיין צווישן די מלאַווער און צונויפקלייבן מעות־חטים, וואָס ער פלעגט איבערשיקן צו מענדל ווישינסקי קיין מלאַווע און דאָרט זיינען פאַרטיילט געוואָרן מצות און אַנדערע פּסחדיקע פּראָדוקטן צווישן אָרעמע און נויטבאַדערפטיקע יידן אין נאָמען פון די מלאַווער אין מעקסיקע. די מלאַווער אין מעקסיקע פלעגן אויך, פון צייט צו צייט, שיקן שטיצע פאַר דער מלאַווער צייט־שריפט „דאָס מלאַווער לעבן״, וואָס מיר פלעגן דאָ דערהאַלטן און פאַרשפּרייטן צווישן די מלאַווער. האַרט פאַרן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, אָדער פאַרן חורבן מלאַווע, האָבן מיר זיך געגרייט דורכצופירן אַ זאַמלונג פאַר דער מלאַווער גימנאַזיע. ליידער האָט די מלחמה צונישט געמאַכט די דאָזיקע איני־ציאַטיוו.

אַן אָרגאַניזירטע מלאַווער לאַנדסמאַנשאַפט אונטערן נאָמען „מלאַווער לאַנדס־לייט אין אַמעריקע״ איז ערשט געשאַפן געוואָרן אין דעצעמבער 1945, ווען ס׳איז דערגאַנגען צו אונדז די טרויעריקע בשורה, אַז פון אונדזער יידישער מלאַווע איז פאַרבליבן בלויז אַש און חורבות, אַפּגעווישט און פאַרשוואונדן פון דער יידישער מאַפּע און פון דער רשימה פון יידישע שטעט און שטעטלעך אין פּוילן איז אויך געוואָרן אונדזער באַליבטע היימשטאָט מלאַווע, אומגעקומען צוזאַמען מיט אונדזערע זעקס מיליאָן יידן, וואָס זיינען אומגעקומען על קידוש־השם ועל קידוש־האומה.

האָבן זיך צוזאַמענגענומען אַלע מלאַווער דעם 12־טן דעצעמבער 1945, אין יאָר־צייט־טאָג נאָך אונדזערע קדושים, ביי אַ טרויער־פאַרזאַמלונג, וואָס מיר האָבן אָרגאַניזירט אין אַן עפנטלעכן זאַל, האָבן באַוויינט אונדזערע קדושים, וואָס זיינען אויף אַזאַ אַכזריותדיקן אופן אומגעבראַכט געוואָרן דורך די היטלעריסטישע רוצחים. די דאָזיקע יאָרצייט־דאַטע היטן מיר געטריי אָפּ יעדעס יאָר און האַלטן דעם טאָג אָפּ אַ טרויער־פאַרזאַמלונג.

דעם זעלבן אָוונט איז אויך געוואָרן באַשלאָסן צו שאַפן אונדזער לאַנדסמאַנ־שאַפט־אָרגאַניזאַציע; ס׳איז אויסגעקליבן געוואָרן אַ פאַרוואַלטונג און עס איז אַדורכגעפירט געוואָרן אַ פרייוויליקע באַשטייערונג אויף הילף פאַר דער מלאַווער שארית־הפליטה.

די הילפס־אַרבעט פון מלאַווער קאָמיטעט האָט זיך גענומען אַנטוויקלען וואָס אַמאָל אַלץ שטאַרקער און ברייטער; אַזוי, אַז מיט דער צייט האָט אונדזער הילף דערגרייכט צו אַלע לעבנגעבליבענע מלאַווער אין פּוילן, דייטשלאַנד, עסטרייך, איטאַליע און פראַנקרייך.

צוליב דער פאַרשטאַרקטער אַרבעט האָבן מיר, מיט דער צייט, געשאַפן אַ מלאַווער פּרויען־הילף־קאָמיטעט, וואָס האָט זיך פאַרנומען מיט שיקן פּעקלעך שפּייז, מלבושים, סיגאַרעטן און מעדיקאַמענטן אומעטום, וואו מלאַווער האָבן זיך נאָר געפונען. די צאָל פּעקלעך זיינען דערגאַנגען אין די הונדערטער. מיר האָבן

באַקומען אַן אַ שיר בריוו מיט באַגייסטערונג פאַר אונדזער אַרבעט (די אַלע בריוו געפינען זיך אין אונדזער אַרכיוו).

דער מענער־קאָמיטעט האָט געשיקט באַדייטנדיקע מאַטעריעלע שטיצע אונדזער ברידער־אָרגאַניזאַציע אין ניו־יאָרק און אין תל־אביב. מיט די דאָזיקע אָרגאַניזאַציעס זיינען מיר געשטאַנען אין שטענדיקער שריפטלעכער פאַרבינדונג. מיר האָבן באַקומען און פאַרשפּרייט דעם „מלאַוועֿר ביולעטין", וואָס דערשיינט אין תל־אביב. מיר פלעגן אויך שיקן מאַטעריעלע שטיצע מלאַווער יחידים אין פאַרשיידענע אייראָפּעאישע לענדער.

***

מיט דער צייט זיינען צוגעקומען קיין מעקסיקע פינף מלאַווער, שוין פון דער שארית־הפליטה, וועמענס נעמען ס'איז כדאַי צו פאַרצייכענען.

די ערשטע איז אָנגעקומען לאָדזשאַ ליפשיץ, אַ טאָכטער פון ר' ישעיה ליפּשיץ, אַן אייניקל פון ר' נתאל באַניסלאַווסקי, וואָס האָט אויסגעבויט דאָס נייע בית־מדרש אין מלאַווע, אַ שוועסטער פון זיגמונד ליפשיץ דעם פאָטאָגראַפיסט. לאָדזשאַ ליפשיץ האָט דורכגעמאַכט דעם גאַנצן מאַרטירער־וועג פון מלאַווער געטאָ, טויט־לאַגערן פון בערגען־בעלזען, אָשוויענטשים און אַז. וו. ביז צו דער באַפרייאונג. זי איז אַהערגעקומען צו איר איינציק לעבנגעבליבענעם ברודער — ניסעק ליפשיץ.

די צווייטע איז אָנגעקומען הינדע הערמאַן, אַ טאָכטער פון אברהם־יעקב און מינדל די בעקערין פון דער וואַרשעווער גאַס. זי האָט אויך דורכגעמאַכט דעם זעלבן מאַרטירער־וועג, וואָס לאָדזשאַ ליפשיץ. זי איז אַהערגעקומען צו איר שוועסטער שבע, די פרוי פון פסח פּראַשניצקי.

דער דריטער איז געקומען דוד קרישטאַל, אַ זון פון תלמיד־חכם ר' משה־בער קרישטאַל ע"ה,וועלכער איז אומגעקומען צוזאַמען מיט זיין פרוי און די גאַנצע משפחה אין טויטן־לאַגער פון טרעבלינקע, וואו עס זיינען אויך אומגעקומען דער גרעסטער טייל מלאַווער יידן, הי"ד. אויך דוד האָט נישט אויסגעמיטן דעם זעלבן וועג, וואָס די פריער דערמאָנטע צוויי. קיין מעקסיקע איז ער געקומען צו זיין ברודער יחזקאל קרישטאַל און צו זיין שוועסטער רודע.

דער פערטער איז געקומען לייב לעווענטאַל. ער האָט נאָר טיילווייז דורכגעמאַכט די מלאַווער געטאָ, די רעשט צייט איז ער געווען אין סאָוועטן־פאַרבאַנד, געקומען אַהער איז ער צו זיין שוועסטער פערל גרין.

דער לעצטער איז אָנגעקומען גאָדל ליסטאָפאַד. אויך גאָדל איז דורכגעגאַנגען דעם זעלבן וועג, וואָס לייב לעווענטאַל, אָבער גאָדל האָט זיך נאָך אַ לאַנגע צייט געוואָלגערט אין די לאַגערן פון דייטשלאַנד און איטאַליע.

טאָקע פון גאָדל ליסטאָפּאַד האָבן מיר אָפּגענומען אַ לעבעדיקן גרוס פון די מלאַווער אין איטאַליע. ער האָט אונדז באַריכטעט וועגן דער שטיצע, וואָס די מלאַ־ווער האָבן באַקומען פון זייערע לאַנדסלייט אין מעקסיקע און ווי דאַנקבאַר עס זיינען געווען אַלע, וואָס האָבן די שטיצע באַקומען.

נעמענדיק אין אַכט, אַז די לאַגערן ווערן שוין צו ביסלעך ליקווידירט און אַז אַ גרויסער טייל פון די מלאַווער האָבן אויסגעוואַנדערט קיין ישראל, ווערן שוין באַצייטנס צוגעגרייט פּלענער, אַז אויך אַהין זאָל אונדזער שטיצע דערגרייכן, ביז די מענטשן וועלן זיך מאַטעריעל איינאָרדענען.

*
**

עס דאַרף אויך דערמאָנט ווערן, אַז די מלאַווער האָבן זיך אַקטיוו באַטייליקט אין דער אויפנאַמע פון אונדזער לאַנדסמאַן און באַרימטן יידישן שרייבער יוסף אָפּאַטאָשו, וואָס האָט באַזוכט מעקסיקע אין 1946. די מלאַווער האָבן עס אַ סך מיטגעהאָלפן צום גרויסן מאָראַלישן דערפאָלג, וואָס אָפּאַטאָשו האָט דאָ געהאַט. אויסנוצנדיק אָפּאַטאָשוס באַזוך, בעת וועלכן ער האָט אויפגעקלערט די פּלענער און צוגרייטונגען צום אַרויסגעבן דעם מלאַווער פּנקס, האָבן זיך די מלאַווער פאַר־פּליכטעט צושטייער געבן אויף אַרויסגעבן דעם פּנקס מיט 1000 דאָלער. די דאָ־זיקע סומע איז שוין איבערגעשיקט געוואָרן צו די אַרויסגעבער פון פּנקס אין ניו־יאָרק.

*
**

דאָס איז אַ סך־הכל פון דעם לעבן און טעטיקייט פון די מלאַווער אין מעקסי־קע. הלוואי וואָלטן מיר נאָך היינט געהאַט דאָס ברויזנדיקע און שעפערישע יידי־שע לעבן אין אונדזער באַליבטער היימשטאָט מלאַווע און מיר וואָלטן נאָך געטאָן אַ סך מער און מער.

ליידער איז עס מער נישטאָ! חבל על דאבדין ולא משתכחין!

רעדאַקטירט:

**ד״ר יעקב שאַצקי**

שער־בלאַט געצייכנט:

**פראָפ׳ יודא אַ. יאָפע**

יזכור־אותיות געצייכנט:

**חוה יהואש־דוואָרקין**

אַ דאַנק די חברים:

**חיים יאָניש, שיעה אַלטער,**
**מרדכי קליבאָרד, אברהם אַלטער**

# זוכצעטל:

## א



## ב

## ק



## ר

## ש

# אינהאַלט:

# מלאווע

# אין

# בילדער



ניו־יאָרק, 1950


מלאווע
1:5000
1 מאגיסטראט
2 יבנה-שולע (פישער)
3 בית-דין שטוב
4 ניי בית-המדרש
5 די שול
6 אלט בית-המדרש
7 אלעקסאנדער שטיבל
8 גערער שטיבל
9 הזמיר, השומר הצעיר, בונד
10 גארדאנס חדר
11 פאסט און פאליציי
12 פאלקס באנק
13 תפיסה
14 ציוניסטישע ארגאניזאציע
15 חובבי שפת עבר, אוונט-קורסן
16 סוחרים באנק
17 יאחעטס וואסער
18 בית-יעקב שולע
19 תלמוד תורה
20 יידישע גימנאזיע
21 פייערלעשער
22 קינא
23 הכשרה-קבוצים, פועלי-ציון
24 האלע
25 שפיטאל
26 מקוה
27 בקור-חולים, בית-לחם
28 מזרחי
29 גאלאמבס שולע
30 קצבים שול
צ
גארטן
מארק
3 מאי
שפייכלער
דלדגא
זשווירקי
פראצקער
טעפער
סעריאטע
ניבארגער
גארטן
צום וואלד
ווימישלין
צו דער באן
צום בית-עולם
צבי פרלה תל אביב




דער מאַרק




די פּלאָצקער גאַס




די ניבאָרקער גאַס



די געוועלבער ביים מאַגיסטראַט „תשע־חנויות״



די באַן סטאַציע


די גרענעץ



געביידע פון דער גימנאַזיע



געביידע פון „בית־יעקב" שולע



די „תלמוד־תורה"



די מקווה



די שול און ס׳נייע בית־המדרש



לייבל פּראַל (לעבן „הכנסת אורחים")



ארון־קודש פון דער שול



**די קהילה־פאַרוואַלטונג נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה:**

רעכטס, זיצן: **א. א. ביעזשונסקי, י. י. וויטמאַן, י. ציטרין, הרב יחיאל משה סאַגאַלאָוויטש**

**הערמאַן קלענעץ, לעדערבערג, הערשל גרזשעביענאַזש**



דער רב יחיאל משה סאַגאַלאָוויטש זצ"ל



**די דאָזאָרעס פון דער קהילה אין 1938**

זיצן (רעכטס): **זישע מוהל, גוטמאַן ניימאַרק, משה יוסף טשאַרקאָ** (דיין), **אברהם ראָזענבערג, משה אָפּאַטאָווסקי**

שטייען: **משה ציטרין, ראַטשאָנזעק, יעקל כהנא, אלתר זעלוויאַנסקי, דאַווידזאָן, בעריש ביילאָוויטש**



**ר׳ דוד אָפּאַטאָווסקי**

געצייכנט: ב. רעדער



**די משפחה ווישינסקי**

שטייענדיק צווייטער לינקס: **ר׳ ישעיהו מאיר**, דריטער זיין פאָטער: **ר׳ מתתיהו**



ר׳ גרשון (זון)　　　ר׳ יוסף ליכטנשטיין (שוחט)



דער רב שווערט איין יידישע זעלנער



דוד גאָרדאָן הי״ד



אנשל גאָרדאָן הי״ד



רעכטס : **יוסף אָפּאַטאָשו**
לינקס : **זיין ברודער פּייוועל (1905)**



בעריש פערלמוטער



וויקטאָר אַלטער



אַלאַ גאָלאָמב



חיים פּיזשיק



יאַכעט (סעגאַלס)



צדוק פעלטשער



**יידישע פייערלעשער**



די יידישע פייערלעשער: **מענדל ווישינסקי, אהרן פערלמאַן, מילבערגער**



סוכות־מאָלצייטן פאַר די זעלנער לעבן דער סוכה ביי מענדל ווישינסקין אויפן הויף. די אויסטיילער: מענדל און נחמן אַקס



**י. מ. ווייסנבערג אין מלאַווע**

רעכטס (ערשטע ריי) : **חיים פּיזשיץ, קובע קלענעץ, צעגלע**

(צווייטע ריי) : **משה מערקער, יצחק גרינבערג**

(דריטע ריי) : **בונם וואַרשאַווסקי, ד״ר צפור, י. מ. ווייסנבערג,**
**פּייוול אָפּאַטאָווסקי, דוד ליפשיץ**



**פאַרוואַלטונג פון דער יידישער פאָלקס-באַנק אין 1927**

זיצן, רעכטס: **יוסף פילאַרס איידעם, הענעך סערקאָ, משה מאַגנושעווסקי, אליעזר הענדל, משה אָפּאַטאָווסקי (פאַרזיצער), יעקב כהנא, יוסל פּשישווע**




צייטונג־פאַרקויפערס (1916)




דראַמאַטישע גרופּע ביי דער אַרבעטער ביבליאָטעק — 1912



אַ בלימל לטובת בקור־חולים
פסח, 1925



קאָמיטעט פון יוגנט־בונד „צוקונפט"



באַגריסונג פון בערל לאָקער אין מלאַווע. — 23טן יוני, 1935



קבוץ־הכשרה „ברית“ אין ציבולסקיס הויז, 1934



מלאַווער ישיבה־בחורים



צעירי „אַגודת ישראל", 1934




אָוונט־קורסן, 1925־26



אַ קלאַס אין גאָלאָמבס שולע




די פוטבאָל־דרוזשינע פון „הפועל", מלאַווע, 25טן אויגוסט, 1935



פוטבאָל־גרופע „הגבור", 1923



זיצן פון לינקס צו רעכטס: **משה לאַסקי, פייוול אָפּאַטאָווסקי, יצחק וואָלף יאַניש**
שטייען: **מרדכי קליינבאָרד, חנא אַקס**



**„חובבי שפת־עבר"**
זיצן, רעכטס: **נחמן פערלמוטער, זלמן מערקער, אברהם פערלמוטער,**
**פּאַסמאַניק, בונם שטרומפמאַן**



פראָנט פון צענטער שפּאַניע

אין דער מיט: וואָפקע ביילאָוויטש



**רעדאַקציע פון „מלאַווער לעבן"**

זיצן, רעכטס: **אַרעק גרינבערג, פייוועל אַפּאַטאָווסקי, משה לאַסקי, ד"ר בערנשטיין**

שטייען: **אליעזר ווישינסקי, משה ליכטנשטיין**



**אַ מלאַווער דראָזשקע**



ביים שטעלן די מצבה פון דוד גאָרדאָן און זיין זון אַנשל — תרע״ו




די שילד פון טוראָווסקין



ר׳ הערש טוביה יאָניש



רפואל גלוזמאַן זיים



דעלעגאַטן צו אַ בונדיסטישער ראַיאָן־קאָנפערענץ אין מלאַווע — 1918




ארגאַניזאַציעס און אַנשטאַלטן




סטעמפלען פון מלאַווער פאַראיינען און אינסטיטוציעס




מלאַווער געטאָ



דאָס האַרץ פון „געטאָ" — די טעפּער גאַס



דאָס יידישע שפּיטאָל אין „געטאָ"
סעקרעטאַר פון יודנראַט — בוטשע כץ



די מויער פון „געטאָ״



דאָס צעהאַקטע דענקמאָל



דאָ זיינען זעכצן יידן געהאָנגען געוואָרן



דאָס אָרט וואו מען האָט געהאָנגען זיבעצן יידן



דאָס הויז פון יודנראַט



די עקסהומאַציע



די עקסהומאַציע

**אויפן מלאַווער בית־עולם**



נאנטשע אָפּאַטאָווסקי



מרים ניצקין





שמחה בונם אַלטער

מלאווער לאנדסלייט אין מעקסיקע
CIRCULO MLAWENSE EN MEXICO
TEL. ERIC. 10-18-93
REPUBLICA DE CUBA 73
MEXICO, D. F.

ארגון יוצאי מלבה
בארץ-ישראל

Mlawa Relief Society
HOTEL SHERMAN
CHICAGO, ILL.

מלאווער
לאנדסמאנשאפט פאריין
אין האוואנא.
Compostela No. 923, - altos.

UNITED MLAWER RELIEF
מלאווער-בענדינער אפאטאשו ברענטש בר. 639 א. ר.

Mlawer Umgegend Verein
MEETS EVERY OTHER SUNDAY
WORKMEN'S CIRCLE EDUCATIONAL CENTER
11523 Linwood Ave.
DETROIT, MICHIGAN

MELBOURNE.

Unión Residentes de Mlawa, Nov
Y ALREDEDORES
SECRETARIA
BOULOGNE SUR MER

לאנדס - לייט פאריין
פון מלאווא, נאווי - דוואר
און אומגעגנט
Buenos Aires, de 194

מלאַווער לאַנדסלייט איבער גאָר דער וועלט



**מלאָוועך־בענדינער־אָפּאַטאָשו אָ. ר. ברענטש 639.**

זיצן: **חיים יאָניש, מרדכי קליבאַרד, יוסף אָפּאַטאָשו, אהרן ביאַלאָן.**

שטייען: **מ. ספּרינקער, ה. לאַסקי, ל. בעקער, ס. ראָזען, מ. ברייער, מ. אַלטער, פּ. גאָלדשטיין, ד. קאַפּלאָוו**



**עקזעקוטיוו פון אַלטער מלאַווער סאָסייטי**

**בען בלום** — פרעזידענט; **הערי מינץ** — עקס־פרעזידענט



**מלאַווער הילף־קאָמיטעט**

רעכטס שטייענדיק: **יאנוש, קאלינא, שיע אַלטער, מרדכי קליבאַרד, אברהם אַלטער**

זיצנדיק: **וואָווע ווישינסקי, בעני בלום, הערי מינץ, סיימאָן ניצקין, ישראל קליין, בערל מישנער, ט. ווענדי**



ס. בערסאָן און זון
פאָרזיצער פון שיקאַגער מלאַווער פאַראיין

---

№ 3

ה׳ [illegible]

**איינטריט׳ס־קארטע**

אויפ׳ן קבלת פנים.

**י. אפאטאשו**

בעקר: [illegible]

מלאַווע, 1922




**פאַרוואַלטונג — מלאַווער לאַנדסלייט אין מעקסיקע:**

רעכטס: **חזקאל קרישטאַל, ליאדזשע ליפשיץ, נחמן אַקס** (פאַרזיצער), **רבקה־רחל טאפעלד־קאַרנברויט, לייבל בערקאָוויטש**

שטייענדיק: **בערל בערקאָוויטש, י. ל. לעווענטאל, מאָטל פשישווע, ברוך טאפעלד, יעקב העפטער**




רעכטס : **ליאדזשע ליפשיץ, חיהלע טאַכנאָ־אַקס, בראָנטשע מענדעלסבערג־סטאָליאַר, רבקה רחל טאפעלד־קאָרנברוּיט**

שטייענדיק : **מלכה טאכנאָ־ליכטנשטיין, רחטשע ניסן־לעװענטאַל, גיטל טאַכנאָ־קרישטאָל, אסתר סורגאל־בערקאָװיטש**



מלאַווער אין בוענאָס־איירעס.

שטייען, רעכטס: **נחום פריידנבערג, בערל אַבלוזינער, לייבל לידזבאַרסקי, יהושע בולאַק**

זיצן: **אברהם לאַנדאַו, יוסף איוואַן, שמעון לעווענטאַל, אברהם בלום, שמואל בורשטיין**

# אינהאַלט:

